ווען די צווייטע וועלט מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, און די רעשטלעך איבערגעבליבענע יידן פון אונדזער שטעטל זענען כמעט אַלע געקומען קיין ארץ ישראל, האָבן מיר זיך שוין ארומגעזען אַז דאָס איז דער סוף פון דער יידישער קהילה אין קאַמין־קאַשירסקי.

אין יאָר 1951 האָבן מיר געשאַפן דעם ארגון יוצאי קאַמין־קאַשירסקי און אומגעגענט, מיט דער אויפגאַבע אויפצושטעלן די געהעריקע מצבות און דענקמעלער צו פאַראייביקן אונדזערע קדושים, ווי אויך די חרוב געוואָרענע יידישע קהילה אין קאַמין קאַשירסקי, וועלכע האָט אַרומ־גענומען אויך די שטעטלעך ליובעשאָוו, גרויס גלושע, פני־אָווגע און קליין גלושע, און אַלע אנדערע ישובים. צווישן אנדערע, האָט מען אויך באַשלאָסן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך, וועלכער זאָל איבערגעבן די היסטאָרישע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַספּעקטן פון אונדזער שטעטל אין סביבה און איבערגעבן דעם יינגערן דור, אונדזערע יורשים אַ ביסל זכרונות פון די עלטערן און אור־עלטערן במשך פון פיל דורות, וואָס האָבן געלעבט, געווירקט, געצויגן דעם רינג פון פרוכטבאַרער אַרבעט לטובת דער געזעלשאַפט.

צוליב פאַרשידענע סיבות, איז דער באַשלוס אָפּגעלייגט געוואָרן, ביז עטלעכע חברים פון קאָמיטעט, האָבן, נישט קוקנדיק אויף די גרויסע שוועריקייטן, גענומען אויף זיך צו פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק פון אַרויסגעבן אַזאַ ספר. זיי האָבן אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַל, ביי אונדזערע בני עיר (לאַנדסלייט) אין ישראל און אין חוץ לארץ.

אונדזער שטעטל האָט אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט מלחמות, געשפּרודלט מיט ברויזנדן געזעלשאַפטלעכן לעבן; די שטאָט איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט. עס האָט זיך צוזאַמענגעוועבט תורה און השכלה. חסידות און וועלטלעכ־קייט האָבן זיך צוזאמענגעמישט. באַזונדערס האָט זיך קאַמין אויסגעצייכנט מיט איר פּראַקטישער אַרבעט לטובת דעם ציוניזם און מיט איר חלוצישער יוגנט, וועלכע איז פון קינדווייז אָן דערצויגן געוואָרן אין העברעאישן בית־הספר, מיט ליבע צו ארץ ישראל.

אונדזער שטעטל איז געווען דער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער צענטער פאַר דער יידישער באַפעלקע־רונג פון דער גאַנצער סביבה. און דערפאַר האָט אונדזער קאָמיטעט נישט געקאַרגט קיין מי, און מיט גרויס אָפּפער־וויליקייט און מיט אַלע מיטלען געזאָרגט אויפצוזאַמלען און באַאַרבעטן דעם מאַטעריאַל, וואָס עס ווייזט דעם פּראַכטפולן גלאַנץ און שיינקייט מיט וואָס אונדזער שטעטל האָט זיך אויסגעצייכנט ביזן אָנקומען פון דער סאָוויעטן־אַרמיי אין 1939.

דער חורבן און אומקום דורך די דייטשן, פון 1941, דאָס לעבן פון די יידן אין געטאָ און אין די מאָרד־אַקציעס, די יסורים און ליידן פון די געראַטעוועטע אין פאַרשידענע ערטער און אין די וועלדער, איבערגעגעבן אין די שוי־דערלעכע עדות־דערקלערונגען פון פיל געראַטעוועטע, אַנט־לאָפענע אין די וועלדער אַלס פּאַרטיזאַנער, רירט אונז ביז טרערן.

דער יזכור־בוך איז אַ קאָלעקטיווע שאַפונג. ער איז געשריבן דורך מענטשן, וועלכע זענען נישט קיין שרייבער, נאָר גיבן איבער אַלץ, וואָס זיי האָבן אַליין דורכגעלעבט. זיי זענען פאַראינטערעסירט צו שילדערן וואָס זיי האָבן געפילט, מיטגעמאַכט, פאַרשטאַנען און געזען. עס איז קלאָר, אַז אין בוך, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך אַ גרעסערע צאָל מענטשן, מיט זכרונות, און איבערלעבונגען פון צענדליקער יאָרן, דראָעט די סכנה פון איבערחזרונגען און אפילו סתי־רות; עס איז אוממעגלעך געווען די אַלע שילדערונגען צו פאַרגלייכן און גענוי קאָנטראָלירן.

אָבער טראָץ די אַלע אומפּינקטלעכקייטן, וועלכע זענען מעגלעך ערגעץ־ווו אריינגעפאַלן אין יזכור־בוך, האָפן מיר, אַז מיט דעם ספר פון אונדזער חרוב־געוואָרענער יידישער קהילה, גיבן מיר אונדזער באַשיידענעם צושטייער צו דער היסטאָריע פון דער אַלגעמיינער חורבן־תקופה.

אונטערגעגאַנגען איז דאָס יידישע קאַמין־קאַשירסקי און צוזאַמען מיט אַלע הייליקע קהילות פון גלות פוילן פאַרניכטעט געוואָרן דורך די נאַצישע מערדער.

לאָמיר אין אונדזערע הערצער טראָגן איר אָנדענק אויף אייביק.

אונדזער טיפסטע אָנערקענונג אַלע אונדזערע לאַנדסלייט פון ישראל, אמעריקע און ארגענטינע, וועלכע האָבן אונדז צוגעשיקט מאַטעריאַלן, ווי אויך די וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן מיט פינאַנסיעלע מיטלען ארויסצוגעבן דעם יזכור־בוך.

אַלעמען אונדזער האַרציקסטן דאַנק!

ועד המערכת — דער רעדאַקציע־קאָמיטעט פון ספר
אייר תשכ״ב — ביים ארגון יוצאי קאַמין־קאַשירסקי
מאַי 1962.

# דאָס שטעטל אין אויפבוי

## פאַרשידענע מקורות וועגן קאַמין־קאַשירסקי

דאָס שטעטל קאַמין־קאַשירסקי ציט איר געשיכטע פון 14־טן יאָרהונדערט. אַ ריי היסטאָריקער פון „סטאַראָזשיטניא פּאָלסקאַ" און „סלאָווניק געאָגראַפיטשני" גיבן אַן וועגן דער שטאָט אין וואָלינער געגנט מיט די ווערטער:

„קאַמין קאַשירסקי

אין די אַמאָליקע יאָרהונדערטער איז דאָס וואַרשיינלעך געווען אַ באַפעסטיקטער שלאָס, אָדער אַ וויכטיקער יישוב, צוליב אַנדערע טעמים, ווייל דער פּוילישער קעניג, קאַזימיר דער גרויסער האָט זיך פאַרזיכערט דעם דאָזיקן פּלאַץ, ווען ער האָט געשלאָסן שלום אין יאָר 1366 מיט די ליטווישע פירשטן, מיט זיינע שטחים — זאָגט דלוגאָש קאַשער א'א'ור'

דאָס דאָזיקע פאַרמעגן איז געוואָרן דאָס אייגנטום פון די ליבאַרטאָוויטשעס, סאַנגושקאָס, פון וועלכע מיכאַל, וועלכער האָט געלעבט אין אָנהויב פון 12־טן יאָרהונערט, האָט זיך אָנגעהויבן אונטערצושרייבן פירשט פון קאַשירסקי. דער לעצטער פון דער פירשטן ליניע אַדאַם אַלעקסאַנדער, וואָלינער וואָיעוואָדע, איז געשטאָרבן אין יאָר 1656.

אַ מאַן — זאָגט ניעשעצקי — באַקאַנט מיט זיין פרומ־קייט און ברייטער האַנט פאַר גאָטס הייזער, האָט געגרינדעט דעם קאַמינער קלויסטער פון די דאָמיניקאַנער. זיין שוועס־טער, וועלכע האָט געהייראַט מיט יעשזי קראַשיצקי, האָט אַריינגעבראַכט אין מאַנס הויז די קאַמין קאַשירסקער גיטער, וועמענס זון אַרום 1776 איז געווען אַנטאָני מ. קראַשיצקי, כאָראַנזשי.

אַ קליין אָרעם שטעטל, באַזיצט שפּורן פון אַ שלאָס, אַ טיפער גרובן טיילט אָפּ דעם הילצערנעם פּאַלאַץ פון גאָרטן".

מיכאַל באַלינסקי, „סטאַראָזשיטניא פּאָלסקאַ" („אַלט פּוילן")
וואַרשע 1845.

קאַמין קאַשירסקי, אַמאָל קאַשער אַ שטעטל, פּאָוויאַט קאָוועל, געמינע און פּאָליציי־קרייז פון קאַמין קאַשירסקי 54 וויאָרסט פון קאָוועל ביים טייך ציר.

דער פּאָליציי קרייז קאַמין קאַשירסקי נעמט אַרום די גמינעס: קאַמין קאַשירסקי, וויעלקאַ גלושאַ, באַראָוונאַ, סאַסיטשנאַ.

יידישע הייזער — 80, פּויערים ווירטשאַפטן 140, ערד פון פּריצים אַרום 2000 דיעסיאַטין. דער זעלבער שטח ביי פּויערים. דער באָדן זאַמד מיט ליים אויף אַן אונטערלאַגע פון ליים.

קאַמין אַן אַמאָליקער יישוב פון די צייטן פון קאַזימיר דעם גרויסן, איז געווען אַ גרענעץ שטאָט מצד ליטע. פּריוואַט אייגנטום פון די קאַשירסקער סאַנגושקאַ. דער לעצטער פון דער דאָזיקער ליניע אַדאַם, וואָלינער וואָיעוואָדע, האָט גע־גרינדעט אין יאָר 1628 דעם דאָמיניקאַנער קלויסטער. דער דאָזיקער קלויסטער עקזיסטירט איצט נישט. דורך דער הייראַט פון דער שוועסטער פון לעצטן סאַנגושקאַ פון דעם דאָזיקן שטאַם מיט יעשזי קראַשיצקי, איז דער דאָזיקער פאַרמעגן איבערגעגאַנגען צו די קראַשיצקיס. איצט איז דאָס דער פאַרמעגן פון קלויסטער. די שפּורן פון אַמאָליקן שלאָס און פאָסע עקזיסטירן ביז איצט.

דער אַלטער שלאָס איז חרוב געוואָרן דורך די היידא־מאַקעס אין די צייטן פון יאַן קאַזימיר.

אין יאָר 1870 האָט קאַמין פאַרמאָגט 493 איינוווינער, פון דעם 57 פּראָצענט יידן, 96 הייזער, 3 צערקוועס, אַ קירכע, אַ סינאַגאָגע, אַ וואַסער מיל, אַן אַפּטייק, 18 געוועל־בער, 4 מערק.

אַ קאַטוילישע פּאַראַפיע (פון יאָר 1637) פון קאָוולער דעקאַנאַט: 528 נפשות. אַן אָפּטיילונג אין וואָראַקאַמליע, אַ קליינע קירכע אין קרימנאַ.

„סלאָווניק געאָגראַפיטשני"
געאָגראַפישער ווערטער־בוך, וואַרשע 1882

קאַמין קאַשירסקי, אַ שטאָטל אין פוילן, פּאָליעסיער קרייז. אין יאָר 1847 האָבן דאָ געוווינט 862 יידן. אין יאָר 1897 האָבן אין קאַמין קאַשירסקי געוווינט 1189 יידן (פון 1220 איינוווינער) אין יאָר 1921 — 617 יידן. (באַמערקונג פון דער רעדאַקציע קאַמיסיע: לויט אונדזער וויסן האָבן אין יאָר 1921 געלעבט אין קאַמין קאַשירסקי 1800 יידן).

די באַנדעס פון אטאמאַן בולאַק באַלאַכאָוויטש האָבן דורכגעפירט אַ פּאָגראָם אין יאָר 1920 און האָבן פאַרברענט ספרי תורות, וועלכע זענען געווען. (באַמערקונג פון דער רעדאַקציע: אין דעם פּאָגראָם זענען געהרגעט געוואָרן ביז 120 יידן אין קאַמין, לויט ענציקלאָפּעדיאַ יודאיקא).

קאַמין קאַשירסקי געפינט זיך אין וואָלינער גובערניע ביים טייך ציר. זי איז אַ סטאַנציע פון דער קאָוולער באַן. דאָרטן איז דאָ אַ פאָלקס שולע און מיטל־שולע. זי איז באַוווּסט פון 12־טן יאָרהונדערט. עס געפינט זיך דאָרטן אַ טאַרטאַק און אָליעיאַרניע ווו מען קוועטשט אויל.

די גרויסע רוסישע ענציקלאָפּעדיע, מאָסקווע 1953

## יידן אין קאַמין קאַשירסקי

לויט ווי מיר ווייסן ביז איצט, איז שוין איבער דריי הונדערט יאָר, ווי יידן האָבן זיך באַזעצט אין קאַמין קאַשירס־קי אין די צייטן פון באָגדאַן כמיעלניצקי (ת"ח—ת"ט) האָבן אין קאַמין געלעבט ביז 100 יידישע משפחות. זיי זענען אַלע אומגעקומען. שפּעטער האָבן יידן ווידער זיך גענומען באַזעצן אין וואָלינער געגנט און דאָס שטעטל קאַמין קאַשירסקי ווערט ביסלעכווייז באַזעצט פון יידן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט קרעטשמעס, פּאַלוואַרקן, וויין־אויסאַרבעטונגען.

מיט קנאַפּע הונדערט יאָר צוריק ווערט קאַמין קאַשירסקי באַזעצט מיט מער יידן. זיי ציילן שוין גאַנצע 57 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז באַשטאַנען פון רוסן, אוק־ראַינער און פּאָליאַקן. עס איז פאַראַן אַ סינאַגאָגע און יידן פאַרנעמען זיך מיט האַנדל. עס זענען דאָ באַשרענקונגען קעגן יידן אָבער מען לאָזט יידן לעבן. יידן זענען געווען באַשעפטיקט מיט תבואה־מסחר און מיט צושטעלן פאַר פויע־רים. די מערק אין שטעטל האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין איינהאַלטן און פאַרשטאַרקן דעם יידישן האַנדל. צוגלייך מיט געשעפטן פון גאַלאַנטעריע, אייזן און לעדער, מיט געשעפטן פון שפּייז, מאַנופאַקטור, שפּילצייג און שיך — איז געוואַקסן די צאָל בעלי מלאכה'ס אין שטעטל: שניי־דערס, שוסטערס, בלעכערס, בעקערס, סטאָלאַרעס, סטעל־מאַכערס, פעלצנמאַכערס, היטלמאַכערס און ספרים־איינבינ־דערס. עס קומען אויך צו בעלי עגלות פון פּאַסאַזשירן און משא און עס אנטוויקלען זיך קלענערע און גרעסערע פאַ־בריקן פון ציגל, אייל, ספּירט, וויין, ליכט א.א.וו. (לויט ציפערן געזאמלט פון יעקב פלאַט).

אויך דאָרפס־גייערס, שטובן־מאָלערס, שמידן, שערערס, קצבים און גלעזערס. די אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, ווי לערערס, דאָקטוירים און אדוואָקאַטן און טאַקע כלי קודש, רבנים, שוחטים און שמשים.

קאַמין קאַשירסקי האָט נאָך אַלע פּאָגראָמען און אומגלי־קן, וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט דאָרט געהאַט אויס־צושטיין, שוין געציילט איבער צוויי טויזנט יידישע נפשות, ווען די דייטשן האָבן אריינמאַרשירט אין קאַמין בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיט פיל יאָרן צוריק איז קאַמין קאַשירסקי געווען אונ־טערגעוואָרפן דער גרויסער שטאָט קאָוועל. די קליינע שטעט ארום קאָוועל פלעגן דאַרפן צאָלן שטייערן צו קאָוועל. דער ספר קאָוועל גיט אָן אויף זייט 24 אַז אין יאָר 1700 פלעגט קאָוועל איינמאָנען שטייערן אויך פון קאַמין קאַשירסקי. אָבער אין יאָר 1764 — ווערט אין זעלבן יזכור בוך דערמאָנט (זייט 26) פיל שטעטלעך וועלכע פלעגן צאָלן שטייערן צו קאָוועל, אָבער קאַמין קאַשירסקי איז אויסגעלאָזט. דאָס באַווייזט אַז קאַמין קאַשירסקי איז שוין געווען אומאָפּהענגיק פון קאָוועל — געוואָרן זעלבסטשטענדיק.

אויך מיט רבנים איז אמאָל קאַמין קאַשירסקי געווען פאַרבונדן מיט קאָוועל. ר' יעקב אריה דער רב פון קאָוועל, אַן ערך 150 יאָר צוריק, האָט געהאַט צוויי זין און צוויי טעכטער. איין זון איז געווען רב אין סטיביכוואָ און דער צווייטער, הרב לוי יצחק איז געווען רב אין קאַמין קאַשירסקי.

עס זענען געווען נאָך אנדערע גרויסע רבנים אין קאַמין קאַשירסקי — וועגן זיי ווערט באַזונדער געשריבן אין דעם ספר קאַמין קאַשירסקי.

קאַמין קאַשירסקי ווערט אנגעזען אין גאַנצן געגנט. עס טוליען זיך צו קאַמין איבער פיר צענדליק קליינע יידישע יישובים פון ארום. קאַמין ווערט א זייער וויכטיקע שטאָט. רבנים, דיינים, שוחטים און זייערע פאַמיליעס, אנגע־זעענע מענטשן אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן. עס איז כאַראַקטעריסטיש: כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, מיט דער אינטעליגענץ אין שפּיץ, איז ציוניסטיש געשטימט.

פּאָגראָמען, זעלבסטשוץ און געראַנגעל. אין 1915 האָבן קאָזאַקן מיט דער מיטהילף פון די פויערים געמאַכט אַ פּאָגראָם אין קאַמין. אין 1919—1920 אַ פּאָגראָם פון בולאַק באַלאַכאָוויטש מיט זיין באַנדע און יידן פון קאַמין שטעלן זיך קעגן. אין 1937 אַ פּאָגראָם נוסח פשיטיק קומט קיין קאַמין, פּאָליאַקן און אוקראַינער ראַבירן, רויבן און טוען פאַרוווּנדן יידן.

1939 — קאַמין קאַשירסקי פאַלט אַרונטער די סאָוויעטן. עס קומען אָן הונדערטער פליטים (צווישן זיי דער מאַדזשי־צער רבי) און די קאַמינער נעמען זיי אויף מיט אָפענע אָרעמס.

1941 — דער דייטש אין קאַמין קאַשירסקי. געשעעניש[ן] פון ט' באב תש״א און עס פאַלן די ערשטע אַכט קרבנות. ראש חודש אלול תש״א ביז אכציק קרבנות. ערשטער יוני 1942 ווערט געשאַפן דאָס געטאָ מען האָט אריינגעפירט יידן פון אומגעגנט מיט די קאַמינער. כ״ז אב די גרויסע שחיטה. ביז צוויי טויזנט יידן דערמאָרדעט. כ״ב חשון תש״ג די ליקווידאציע פון געטאָ און די לעצטע שחיטה אין שטעטל.

דייטשן, אוקראַינער און אַנדערע שונאים פון יידן באַוויזן וואָס זיי קענען. זיי שעכטן און מאָרדן אויס די יידן פון קאַמין קאַשירסקי.

אַן עפּאָפּייע פון פּיין, ליידן און ראַטעווען זיך, בלויז איינצעלנע אין די וועלדער, אָבער די יידישע שטאָט קאַמין קאַשירסקי, וועלכע יידן האָבן געבויט און פאַרפעסטיקט אַ ציגל אויף אַ ציגל, איז מער נישטאָ. אויסגעמעקט און אָפּגעמעקט — ווי קיינמאָל נישט געווען. די שטאָט קאַמין קאַשירסקי איז געבליבן אין די הערצער פון די רעשטלעך יידן פון קאַמין, צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט.

די יידישע געשיכטע פון קאַמין קאַשירסקי, הויפּטזעכלעך פון די לעצטע פופציק יאָר, געפינט זיך אין דעם ספר. די קאַמין קאַשירסקער יידן, מענטשן פון פאָלק — טוען דער־ציילן...

**א. מ. ארזשיצער**
**י. כרוסט**

# היסטאָרישע שטריכן פון קאַמין־קאַשירסקי

די געשיכטע פון קאַמין־קאַשירסקי, איר גרינדונג און אַנטוויקלונג אין לויף פון דורות, איז איצט ליידער נישט באַוווּסט. נאָך ווייניקער ווייסן מיר וועגן אָנפאַנג פון יידישן ישוב אין איר. אָבער צווישן די ידיעות וועגן דער געשיכטע פונעם שטעטל ראַטנע (ראַטנער יזכור־בוך) געזאַמלט פון פאַרשיידענע קוועלעס, געפינען מיר פּרטים פון וועלכע עס דרינגט, אַז אין יאָר 1366, איז שוין קאַמין געווען אַ שטעטל מיט וועלכע דאַמאָלסדיקע מלכים האָבן זיך געטיילט ביי זייערע שלום אָפּמאַכן. די ציטאַטע לויטעט: „דער שלום־אָפּמאַך צווישן דעם ליטווישן פירשט לובאַרט און דעם פוילישן קעניג קאַזשימיעזש דעם גרויסן אין יאָר 1366. קאַזשימיעזש האָט באַקומען די שטעט בעלז, כעלם און לודמיר (וולאַדימיר וואָלינסק), מיט אַ גאַנצער ריי ערטער וואָס ליגן אויף מערב פון דעם טייך טוריע: האָראָדלאָ, לובאָמעל, טריסק, ראַטנע, קאַמין־קאַשירסקי און אוולאָטשין".

דערפון לערנען מיר, אַז אין יאָר 1366 האָט שוין קאַמין־קאַשירסקי עקזיסטירט אַלס שטעטעלע. אויך איז באַוווּסט אַז אין די יאָרן ת״ח ות״ט אין די בלוטיקע יאָרן פון כמיעל־ניצקי־אויפשטאַנד (1648—9), זענען געווען אין קאַמין־קאַשירסקי הונדערט (100) בעלי־בתים (משפחות) און כמעט אַלע זענען זיי אויסגעהאַרגעט געוואָרן. אין קאָוועל זענען דאַן געווען 400 בעלי־בתים און אַלע זענען אויסגעהרגעט געוואָרן. אַזוי זאָגט דער באַריכט פון 744 צעשטערטע קהילות, אין וועלכע עס זענען אומגעקומען איבער 650.000 יידן, וואָס איז פאַראייביקט אין דעם בוך „טיט היון" פון ר' שמואל פייבוש ב״ר נתן פייטל מהעיר וינא. געבראַכט דורך ד״ר שמעון בערנפעלד אין בוך „ספר הדמעות", כרך שלישי הוצאת „אשכל", בערלין, תרפ״ד.

די גרויסע רוסיש־סאָוויעטישע ענציקלאָפּעדיע שרייבט וועגן קאַמין־קאַשירסקי „קאַמין־קאַשירסקי ליגט אויפן טייך ציר, אַ צופלוס פון דעם טייך פּריפּעט. די שטאָט איז געווען באַוווּסט שוין אין אָנהויב 12־טן יאָר־הונדערט; זי געפינט זיך אין וואָלין".

די גרויסע יידישע ענציקלאָפּעדיע געדרוקט אין פּעטערבורג (באַנד IX), שרייבט וועגן קאַמין־קאַשירסקי: „דאָס איז אַ שטעטעלע אין קאָוולער אויעזד, וואָהלינער גובערניע".

לויט דער באַפעלקערונגס־ציילונג אין יאָר 1847 האָט די יידישע קהילה אין קאַמין געציילט 862 נפשות.

לויט דער באַפעלקערונגס־ציילונג פון יאָר 1897 האָט די יידישע קהילה געציילט 1189 נפשות אויף דער אַלגעמיינער צאָל פון 1220 איינוווינער. די באַפעלקערונגס־ציילונג נעמט נישט אַריין די אַרומיקע גוישע גאַסן ווי זאַסטאַוויע, וואָליא, דאַלניקי און זאַברעזיע.

געזאַמלט דורך ב. מלמד

י. פלאַט

# דער אנהויב פון דער יידישער קהלה אין קאַמין-קאַשירסקי

דער יידישער יישוב אין קאַמין־קאַשירסקי אַזוי ווי אַלע שטעט פון אונדזער געגנט, האָבן נישט געוווסט פון קיין אָרגאַניזירטע קהלה, וואָס זאָל האָבן די אויפזיכטס־מאַכט איבער די יידישע רעליגיעזע אינסטיטוציעס. רבנים, דיינים און שוחטים האָבן געהאַט זייערע פרנסות אומאָפּהענגיק פון אַ קהלה. בתי מדרשים שולן, חסידים־שטיבלעך, זענען געבויט און אויפגעהאַלטן געוואָרן פון זייערע מתפללים. אַזוי אויך דער מרחץ, און די מקוה פון די באַזוכער. דער בית עלמין דורך דער חברה קדישא, די תלמוד־תורה און בקור־חולים דורך גבאים, וועלכע האָבן געזאַמלט מאָנאַטלעך אַ געוויסע סומע אויף אויסהאַלטן די אינסטיטוציעס. ביז די פוילישע רעגירונג האָט ארויסגעגעבן אַ געזעץ מיט געוויסע תקנות צו שאַפן אַ יידישע קהלה מיט אויטאָנאָמע רעכט, וועלכע זאָל האָבן די אויפזיכט איבער די רעליגיעזע אינסטיטוציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך שאַפן געוויסע נייע אינסטיטוציעס, כדי צו באַזאָרגן אַלע רעליגיעזע נויטווענדיקייטן. אויף צו דעקן די אַלע הוצאות דאַרף זי אויפנעמען שטייערן פון דער יידישער באַפעלקערונג, ווער עס וועט זיך אָפּזאָגן, וועט ווערן אויפגעפאָדערט דורך דער פוילישער מאַכט — צו באַצאָלן.

אין 1927 זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער ערשטער קהלה פאַרוואַלטונג אין קאַמין־קאַשירסקי, צו וועלכער עס האָבן אויך אָנגעהערט די שטעטלעך ליובעשאָוו, פּניעוונע גרויס־לישע און קליין־לישע און אַלע ארומיקע דערפער פון דער סביבה. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ וואַל־קאָמיסיע אויף דורכפירן די וואַלן, עס זענען אריינגעטראָגן געוואָרן די קאַנדידאַטן־ליסטעס: 1) רעליגיעזע, אָנגעפירט דורך טריסקער חסידים, 2) סוחרים, 3) האַנטווערקער, 4) קאָברינער חסידים, 5) ליובעשאָוו, 6) פּניעוונע, 7) גרויס און קליין לישע. עס זענען געוויילט געוואָרן פון קאַמין קאַשירסקי: רעליגיעזע טריסקער 2 פרנסים: שבתי זאפראַן און אריה דעקעלבוים. סוחרים, 1 פרנס גדליהו גרימטליך. האַנטווערקער — נחמן מירײדע. קאָברינער — פישל לינזען. ליובעשאָוו — 2 מאַנדאַטן: יעקב פאַלטשוק און שימשל שקלאַר פּניעוונע — אברהם קאַצמאַן. גלושע איין מאַנדאַט — חיים גאָלדשול.

אויף דער ערשטער זיצונג איז געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער — ש. זאפראַן. קאַסיר — א. דעקעלבוים. אַלס סעקרעטאַר, א בעאַמטן, ישראל בורשטיין. באַדינער, שמש — פייוול טאַרמע. אַ דירה פאַרן ועד־הקהילה האָט מען געדונגען ביי ראובן לינזען. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, כדי צו קענען דעקן די שוין נויטיקע קהלה הוצאות, זאָל מען גלייך איבערנעמען די שחיטה. אַז די שוחטים זאָלן ווערן קהלה־באַאַמטע און די קצבים זאָלן מוזן איינצאָלן אין קהלה די שחיטה געלט. עס וועט בלייבן פון דער שחיטה געלט, אויף צו דעקן אויך אַנדערע הוצאות.

פאַרשטייט זיך אַז עס האָט געמוזט פירן צו מחלוקתן. די שוחטים, ר׳ יצחק פלאָט און ר׳ מרדכי קאַמינסקע, איז שווער געווען מסכים צו זיין. אַלע יאָרן זעלבסטשטענדיק אין זייער פרנסה, ווערן זיי איצט אונטערגעוואָרפן, אַז פרעמדע מענטשן פון קהלה, זאָלן ווערן בעלי בתים אויף זיי. און די קצבים האָבן בכלל נישט געוואָלט מסכים זיין, ווייסנדיק, אַז מיטן שוחט זענען זיי לייכט דורכגעקומען וועגן שחיטה־געלט, אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער, אָבער זיך אויסגעגלייכט. אין קהלה איז שוין דאָ אַ געוויסער פּרייז און מען מוז באַצאָלן גלייך מזומן. אָבער די קהלה פאַרוואַלטונג האָט דאָס דורכגעפירט, זי האָט אויך געמוזט צאָלן אַ גרעסערן געהאַלט מאָנאַטלעך דעם הרב פערלין, וועלכער האָט זיך שוין גערעכנט פאַר אַ קהלה־באַאַמטן. די קהלה האָט געמוזט איינפירן דעם שטייערן־סיסטעם, און יעדער ייד האָט געמוזט יערלעך באַצאָלן וויפל דער ועד האָט אים באַשטימט. (דאַן זענען די קריגערייען נאָך גרעסער געוואָרן, ווייל יעדער האָט געטענהט אַז מען שטעלט אים צופיל...).

אין 1931 זענען פאָרגעקומען די וואַלן צו דער צווייטער קהלה־פאַרוואַלטונג. עס זענען אריינגעטראָגן געוואָרן די זעלבע קאַנדידאַטן ליסטעס, און עס זענען געוויילט געוואָרן כמעט די זעלבע מענטשן. מיט איין אונטערשייד: אויפן אָרט פון גדליהו גרומאַטליך, איז איצט געוויילט געוואָרן לייבוש לעוו. אויפן אָרט פון פישל לינזען, איז געוויילט געוואָרן אברהם לייב קאַץ. אַלס פאָרזיצער איז געוויילט געוואָרן שבתאי זאפראַן און אַלס קאַסיר — לייבוש לעוו.

אין דער קאַדענץ האָט זיך דער ועד־הקהלה איבערגעצויגן אין דעם הויז פון ש. זאפראַן ווו עס איז ביז איצט געווען די פאָלקס־באַנק.

אָבער, רואיק ארבעטן האָט די קהלה נישט געקענט. זי איז שטענדיק געווען פול מיט אינערלעכע רייסערייען, צוליב פאַרשידענע שטאָטישע ענינים, ווי אויך צוליב די שטעטלעך ליובעשאָוו און גלושע, וווּ עס זענען געווען קריגערייען צוליב רבנים און שוחטים. וואָס דער ועד־הקהלה אין קאַמין איז געווען זייער בעל הבית. וואָס מען זאָל נישט איי״סגלייכן פאַר איין צד, האָט דער צווייטער צד שטענדיק אָנגעוויזן אַז ער איז גערעכט, און דער ועד הקהלה איז איינזייטיק.

צום סוף פון זיין קאַדענץ איז נאָך געקומען צו גרויסע מחלוקת׳ן אין שטאָט, וואָס די קהלה־פאַרוואַלטונג האָט געהאַט גענוג אויסצושטיין צוליב דער אלטער „קרענק״, רבנים פראַגע. מען האָט געמיינט אַז זי איז שוין לאַנג אויסגעהיילט געוואָרן.

דער קאָברינער רבי, הרב נוח רבינאָוויטש, וועלכער האָט געוווינט אין אונדזער שטאָט, האָט גענומען אן איידעם פון א רביישן הויף אין ראַדאָם, און האָט אים געגעבן א נדן „רבנות אין קאַמין־קאַשירסקי״. אמת, ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות אויך פון דער פוילישער מאַכט, ד. ה. לויטן נייעם געזעץ וואָס זי האָט ארויסגעגעבן אַ געוויסן צענז פאַר רבנים, אָבער אונדזער שטאָט האָט גענוג געהאַט די סמיכה פון הרב הגאון פערלין ז״ל אפילו אָן דעם פוילישן צענז. די קאָברינער חסידים האָבן געפאָדערט אַז די קהלה זאָל אים אויך אָנערקענען אַלס רב און אים איבערגעבן פירן די מעטריקע־ביכער, ווייל ער האָט אויסגעהאַלטן א פוילישן עקזאַמען, אָבער די מערהייט פרנסים פון דער קהלה זענען געווען קעגן און אין שטאָט איז געווען טומלדיק. עס איז אריינגעצויגן געוואָרן כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. עס זענען אוועק אַנקלאַגעס וועגן דעם ענין צו דער העכערער מאַכט, זי זאָל באַשטימען וועגן דעם ענין רבנות.

עס האָט זיך פאַרצויגן ביז די וואַלן צו דער דריטער קהילה אין 1936. יעדער צד האָט זיך געגרייט צו די וואַלן אויף זיין שטייגער. די פאַרטיי פועלי ציון (צ.ס.) האָט באַשלאָסן צו גיין צו די קהלה־וואַלן און געוויילט אַ קאָמיסיע פון די אַקטיוויסטע חברים, מיטן פאַרטיי־פאַרזיצער י. פלאָט בראש, אַנצופירן מיט די וואַלן. איר פּראָגראַם איז געווען, שאַפן אַ וועלטלעכע קהלה נישט נאָר פאַר רעליגיעזע צוועקן: אויך אויסהאַלטן קולטור אנשטאַלטן. ווי ווייט מעגלעך שאַפן נייע אינסטיטוציעס, שטיצן די ציוניסטישע פאָנדן קק״ל און קרן היסוד ווי אויך די חלוצישע הכשרה פונקטן פאַר ארץ ישראל.

אין דעם גייסט איז געפירט געוואָרן א שטאַרקע וואַל־אַגיטאַציע אין שטאָט און אין דער גאַנצער סביבה און די פאַרטיי האָט געוואונען. די ליסטע פון פּוע״צ (צ. ס.) נומער 5, וועלכע האָט געהייסן „פאַרן ארבעטנדן ארץ ישראל״, האָט באַקומען 5 מאַנדאַטן, רעליגיעזע און סוחרים — 2 מאַנדאַטן; גרויס און קליין גלושע — 1 מאַנדאַט; פּניעוונע — 1 מאַנדאַט.

עס זענען געוויילט געוואָרן: 1) גרשון סאָקאָל, 2) לייבוש לעוו, 3) יוסף באַקאַלטשוק, 4) פאַלטשוק חיים, 5) ל. זעלצער, 6) לייבוש גאָלדשטיין, 7) אריה דעקעלבוים, 8) חיים גאָלדשול, 9) יחיאל גובער.

אויף דער ערשטער זיצונג איז געוויילט געוואָרן אַלס פאַרזיצער — לייבוש גאָלדשטיין, קאַסיר — לייבוש לעוו.

אויף די נייע פאַרוואַלטונג, וואָס מען האָט געלייגט אויף איר גרויסע האָפענונגען, אַז זי וועט קענען מער אויפטאָן, שאַפן עפּעס נייעס פּאָזיטיוועס פאַר דער שטאָט, איז אויך געבליבן ביי דעם פריערדיקן צושטאַנד. די אלטע מחלוקתן און קריגערייען צווישן די צדדים פון די רבנים און די בתי מדרשים און אינערלעך אין דער קהלה. אויך האָט זיך אין דער צייט פאַרשטאַרקט דער אנטיסעמיטיזם אין שטאָט. א דאַנק דער אפיציעלער „אוושעם״ פּאָליטיק, מ׳האָט ארויסגעריסן דעם האַנדל פון יידישע הענט. און אין אונדזער שטאָט איז נאָך געווען ווייניק וואָס זיי האָבן ארויסגעפירט דעם „יאַריד״ ד. ה. מארק פון שטאָט אין די גויישע גאַסן, האָבן זיי נאָך איינגעאָרדנט זומער־צייט 1937, אַ פּאָגראָם, און אויסגערויבט פיל יידישע געשעפטן. דאָס האָט זיך אויך פיל אָפּגערופן אויף דער ארבעט אין דער קהלה.

צום שבח פון אונדזער קהלה אין אַלע אירע קאַדענצן מוז אונטערגעשטראָכן ווערן: אַז צו אונדזער בית הספר „התחיה״ האָט זי זיך תמיד באַצויגן פּאָזיטיוו, מיט שטיצן מאָראַליש, לויט די מעגלעכקטן וואָס זי האָט געהאַט אין איר רשות, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה 1939.

יעקב פלאט

# אונדזער שטעטל און די שטעטלעך ארום

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט א ערך 60 יאר צוריק, האט אונדזער שטעטל קאמין־קאשירסקי געהערט צו ווָאלינער גובערניע, זשיטאמיר און צו קאוולער אויעזד. זי איז געווען א „מעסטעטשקע" דאס הייסט, א שטעטל, וואס צו איר האבן געהערט אדמיניסטראטיוו עטלעכע „וואלאסטן" 1) קאמין־קאשירסקי, 2) וויעלקע גלושע, 3) חאטעשאוו, 4) באראוונע, 5) סאסיטשנע. צו יעדער וואלאסט האבן געהערט עטלעכע דערפער; צו באראוונער וואלאסט האט געהערט דער דארף סטאביכווע, וואס האט פארמאגט א גרעסערן יידישן ישוב, מיט א דיין, א שוחט און בתי־מדרשים. אין די פריערדיקע יארן האט דארט געוווינט א רבי, וועלכער האט געהאט אין דער סביבה פיל חסידים, אבער ער האט זיך ארויסגעצויגן אינם נאענטן שטעטל -- ניעסכיזש. אבער ביי זיינע פיל חסידים איז ער פארבליבן אלס סטאביכווער רבי.

אויך אין וויעלקע־גלושע איז געווען א גרעסערער יידישער ישוב מיט א בית־מדרש, ווי אויך א שוחט, הר' אבא פלאט, א גרויסער למדן און ירא־שמים, וועלכער איז דארטן געווען אויך מוהל, בעל־תפילה און פלעגט פסקנען שאלות. דער יידישער ישוב פון גלושע און סביבה האט זיך באצויגן צו אים מיט ליבע און דרך־ארץ, ווי צו א רב. אויך אין די אנדערע דערפער זענען געווען יידישע משפחות מער אדער ווייניקער, אבער א דארף אן יידן איז אין אונדזער געגנט כמעט נישט געווען. אט די אלע וואלאסטן מיט זייערע דערפער האבן אדמיניסטראטיוו געהערט צו קאמין־קאשירסקי.



די קאוולער גאס

ווו עס האבן זיך געפונען די נאטשאלסטווע, ד. ה. דער פריסטאוו, וועלכער האט געהאט צו שאפן איבער אלע וואלאסטן וואס זייער אנפירער האט זיך גערופן סטארשינא און ער האט געוועלטיקט איבער זיינע דערפער, וואס זייערע אנפירער האבן געהייסן „סטאראסטע". אויך די יידישע באפעלקערונג אין שטעטל האט געוויילט איין מאל אין דריי יאר א סטאראסטע, א יידן, און דער סעקרעטאר איז געווען א גוי — קאניצקי, וועלכער איז געווען אויך ארגאניסטער אין קאשטשאל. פאר מיין צייט איז געווען סטאראסטע ר' זעליג קיחעל, און נאכדעם ר' ברוך ווערבע.

א פאר חדשים פאר די וואלן פלעגן שוין פארקומען קאמפן אין די בתי־מדרשים, צווישן אלטן סטאראסטע און זיין קאנקורענט, עס זענען געשאפן געווארן צוויי צדדים, וועלכע פלעגן ווערבירן שטימען פאר זייערע קאנדידאטן, עס זענען געפראוועט געווארן וויעטשערינקעס מיט משקאות, בראנפן און געבראטענע גענדז. די וואלן פלעגן פארקומען אין בית־המדרש, און עס זענען געקומען די נאטשאלסטווע, דער פריסטאוו, סטארשינא, אוראדניק, א.א.וו. רעכט צו שטימען האבן געהאט נאר מענער פון 25 יאר. אין בית־המדרש האבן די יידן זיך געפילט גוט, ווי שטענדיק אין בית־המדרש. ווען מען האט אנגערופן די נעמען פון די קאנדידאטן צום סטאראסטע, געהילפס־סטאראסטע, פלעגן זיך הערן געשרייען און ס'איז געווען א טומל; „זשילאיעם, ניע זשילאיעם". אבער ווען מען האט אויסגערופן די נעמען פון די ווילער זענען זיי ארויף אויפן בעלעמער, ווו עס איז געשטאנען די אורנע, און מען האט אריינגעווארפן גאלקעס.

נאכדעם האט דער דערוויילטער אפגעגעבן די שבועה צו זיין געטריי דעם „באטיושקע", צאר ניקאלאיי, און מען איז אוועק פון בית־המדרש. דער נייער סטאראסטע האט איבערגענומען דעם „פעטשאט" מיטן גוישן סעקרעטאר פונם אלטן סטאראסטע, די עיקר ארבעט איז געווען אין געבן פאספארטן, פירן די מעטריקע־ביכער, אויפמאנען סוויטשני סבאר און נאך אנדערע שטייערן, שטיין אין קאנטאקט מיט נאטשאלסטווע, זיצן ביי דער פריסודסטווע אלס יידישער פארשטייער ווען עס פלעגט קומען יעדעס יאר פונם אויעזר קאוועל, דער איספראווניק, וואויסקי נאטשאלניק, און דער מיליטערישער דאקטאר צום פריזיוו, ווי מען פלעגט אננע־

מען 21־יעריקע בחורים אין מיליטער. קיין בנים־יחידים און קאַליקעס פלעגט מען ניט מאָביליזירן אין מיליטער, אזוי אז פיל בחורים פון אונדזער שטעטל, האָבן זיך געמאַכט פאר קאַליקעס, אמערסטן „ברוכן" (קילעס) כדי צו ווערן באפרייט פון מיליטער־דינסט. עס איז שוין געווען א ייד, אַ מומחה, וועלכער פלעגט פאר געלט מאַכן דעם „ברוך". אָבער דערצו האָבן זיי באדארפט עטלעכע מאָנאַטן האַרעווען שווער, לויפן אַ סך, און אויך געבן כאבאר דעם „איספראַוו־ניק" מיטן דאָקטאָר און די אנדערע נאטשאלסטווע, כדי ענדלעך באפרייט צו ווערן. די בחורים האָבן זיך געפייניקט, ווייניק געגעסן, ביינאַכט ניט געשלאָפן, און דאן באַקומען אַ „סזראטשקע", ד.ה. אָפגעלייגט דעם דינסט אויף אַ יאָר. און זיי האָבן זיך געפייניקט א צווייט יאָר און א דריט יאָר. דער סוף איז געווען, אז זיי זענען אויך אַן אמת גע־וואָרן קאַליקעס און זענען באפרייט געוואָרן פון מיליטער.

איך געדענק ווי מען פלעגט אָפּגעבן אין ארענדע די באוווסטע טאקסע, ד.ה. דאָס רעכט צו שחט'ן אויף כשר. דער ערשטער בעל־טאקסע וואָס איך געדענק אין שטעטיל, איז געווען משה אהרן קאָניעבעלסקי. ער איז אויך געווען אַ ווינקל־אַדוואָקאַט, ד.ה. א פּראָשעניע־שרייבער. נאָכער האָט אָפּגעדונגען די טאקסע אליעזר צוקערמאַן. ער איז געווען אַ וואַלד־סוחר און זיין ווייב מירקע איז געווען די שטענדיקע אויפזייערין. זיי פלעגן זיך שטענדיק געפינען אין הויז פון די שוחטים און פאַר יעדן עוף, גענזל, בהמות און קעלבער, נעמען טאקסע געלט.

די לעצטע יאָרן האָט אָפּגעדונגען די טאקסע ר' שלום קארש, דאמאָלסט האָט מען שוין אויפגעשטעלט ווייט הינ־טער דער שטאָט אַ מאָדערנע שעכט־הויז („בוינע"), מען האָט שוין אכטונג געגעבן מען זאָל ניט שעכטן אין די שטאָלן, און דאָס טאקסע־געלט איז פארטייערט געוואָרן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרקע קריגערייען צווישן דעם בעל־טאקסע און די קצבים, זיי האָבן ניט געוואָלט צאָלן אזויפיל ווי עס האָט געפאָדערט דער בעל־טאקסע אין נאָמען פון דעם געזעץ. אויך די שוחטים האָבן צוליב דעם פיל געליטן, ווייל מען האָט נישט געטאָרט שעכטן ביז מען האָט באַצאָלט דאָס טאַקסע געלט.



יעקב פּלאַט, רמת־גן

# א בינטל זכרונות

## רבנים און שוחטים (שוב"ם)

מיין פאָטער פלעגט תמיד דערמאָנען ר' ישראל דיין, וועלכער איז געווען זיינער א רבי און אויך די עלטערע. יאָרן איז ער אויעקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. פאַר אים איז געווען דיין — ר' גימפעל. אָבער אין מיין צייט איז שוין געווען דיין אין קאמין־קאשירסקי הרב ר. משה גאָלדשמיד ער איז געווען אן איידעם פון קאָברינער רב, און א שוואָגער פון קאָוולער רב שיק. אָבער צוליב פאַרשידענע קלאַנגען אַרום זיין פערזענלעכקייט, וואָס האָבן זיך פארשפּרייט אין שטעטל, האָבן די טריסקער חסידים אַראָפּגעבראַכט א צווייטן דיין — הרב ר' פסח אהרן ווייסמאַן, א טריסקער חסיד. דאמאָלסט האָט זיך אָנגעהויבן א גרויסע מחלוקת, א שנאת חינם, אַ פייער האָט זיך צעפלאַקערט, קריגערייען און געשלעגן אין אַלע ערטער ווו עס האָבן זיך געטראָפן ביידע צדדים. מען האָט זיי גערופן בקיצור: — „אַלטער דיין" און „נייער דיין".

הרב גאָלדשמיד איז געווען א קנאי, אַ תקיף ביי זיך, ער האָט באהערשט גוט די רוסישע און פוילישע שפּראַכן, ווי אויך האָט ער געלייענט די העברעאישע צייטונגען ד. ה. געווען אַ „משכיל". אַ איש ריב ומדון — האָט ער אָבער געוווסט ווי־אזוי און מיט וואָס צו נעמען דעם עולם. משקה און צובייסן זענען שטענדיק געשטאַנען ביי אים אויפן טיש, און זיינע מענטשן זענען תמיד געווען ביי אים אין הויז. די ערשטע צייט האָט ער געהאַט אויף זיין זייט אַ גרויסע מערהייט. אָבער שפּעטער האָבן זיך אַ סך אין אים אַנטוישט און אָוועק פון אים צום נייעם דיין.

הרב ווייסמאן איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ נוח לבריות. געהאַט ביי זיך אין הויז אַ מנין פון אָנגעזעענע חשובע יונגעלייט, געווען אַ גוטער בעל־תפילה, און האָט אויך באַהערשט שפּראַכן. זיינע קינדער זענען געוואָרן דערצויגן אויסער צו תורה אויך צו וועלטלעכקייט.

די מחלוקת האָט זיך כסדר פאַרשאַרפט. צוליב דעם וואָס די שוחטים זענען געווען טריסקער חסידים, האָט מען אַראָפּגעבראַכט נאָך אַ שוחט. אָבער דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, ווייל אַלע פון יענעם צד, ווי אויך דער עיקר די קצבים, האָבן שטאַרק געשעצט און געהאַלטן פון די אַלטע שוחטים, און דער נייער שוחט האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

די מחלוקת האָט אנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט. איינמאָל איז געשען אַן ענין מיט אַ סירכה ביי אַ בהמה, — דער נייער דיין האָט געפּסקנט טריפה, און דער אלטער דיין האָט געפּסקנט כשר, און די שאלה איז אריבער צו גרויסע רבנים. ווען עס איז נפטר געוואָרן דער קאָוולער רב, הרב שיק, איז זיין שוואָגער הרב גאָלדשמיד אַוועק פון קאַמין קיין קאָוועל און געוואָרן רב אויף זיין אָרט. ווען די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען קאָוועל איז ער געוואָרן „הויפּט־רב", דאָס הייסט נאָמינירט אַלס „קאַזיאָנער ראבינער". קיין קאַמין־קאָשירסקי איז דאַן געקומען אויף זיין פּלאַץ הרב גינזבורג, אַ ליטווישער ייד, אַ גרויסער בן־תורה, אַ שטאַרק פרומער, און זער אַ סימפּאַטישער — אַ טייערער ייד, אַ איש שלום, וואָס האָט פיינט געהאַט מחלוקת. און אין שטעטל איז געוואָרן רויק, שטיל און שלום. צו אים פלעגן אָנגעקומען די העברעאישע צייטונגען „הזמן" און „הצפירה". זיינע קינדער, וועלכע האָבן געלערנט אין ישיבה, האָבן באַקומען אויך אַ וועלטלעכע בילדונג, און געעפנט אַ שולע אין שטעטל.

די פרנסה האָבן די דיינים ביי אונדז באַקומען דורכדעם, וואָס צו זיי האָט געהערט דער הייוון פאַרקויף. אַלע דאנערשטיק פלעגן שוין די ווייבער קומען צו די דיינים אין הויז, און די דיינטע פלעג זיי פאַרקויפן הייוון. אויך די גוים אויף זייער פסח פלעגן קויפן ביים „ראבין" די הייוון. אויך פלעגט מען ביי זיי קויפן בענש־ליכט אויף שבת און יו"ט; זיי האָבן אויך געהאַט אַ הכנסה פון ערב פסח'דיקן מכירת־חמץ, פון דין־תורות, פון געבן חופה וקידושין, ווי אויך חנוכה און פורים פלעגט מען זיי מהנה זיין מיט גרעסערע סומעס געלט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אָנגעקומען צו אונדז אין שטאָט אלס רב הרב פערלין, אַ שיינע פּערזענ־לעכקייט, אַ גרויסער למדן, אַ קלוגער, אַזוי אַז מען פלעגט אים רופן צו די שווערסטע דין־תורות אין אַנדערע שטעט. אַ שטאַרק פרומער, אָבער זיין טאָכטער האָט ער געלערנט אין דער קאָוולער העברעאישער גימנאַזיע. כאָטש אַליין איז ער נישט געווען קיין ציוניסט, איז ביי אים אין הויז געווען די בלויע קרן־קיימת פּושקע. און ווען מען פלעגט קומען צו אים אין הויז אויף אַ זאַמלונג פאַר די ארץ־ישראל פאָנדן, פלעגט מען באַקומען אַ שיינע שפּענדונג.

די לעצטע יאָרן האָט ער געהאַט אויסצושטיין פיל צרות, ווייל דער קאָברינער רבי האָט געבראַכט אין שטאָט אַ איידעם, וואָס די חסידים האָבן אים געמאַכט פאַר זייערן רב. אויך האָבן זיי געוואָלט, אַז די קהילה זאָל אים אַנערקענען. עס איז ווידער אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת, וואָס איז דערגאַנגען צו דער פּוילישער מאַכט, צו דער סטאַראָסטווע, וואָס האָט אויך אים צוליב פאַרשידענע סיבות אַנערקענט פאַר אַ רב. אָבער די גרויסע מערהייט אין שטאָט, ווי אויך די קהילה פאַרשטייער, האָבן אנערקענט הרב פערלין אַלס רב.

## שוחטים

אין שטעטל זענען געווען 2 שוחטים. איינער פון זיי וועגן וועלכן מיר האָבן ידיעות זינט פיר דורות, איז הרב יצחק פלאָט שו"ב, מיין עלטער־זיידע, זיין זון הרב יעקב, מיין זיידע, זיין זון הרב משה, מיין פאָטער, נפטר געוואָרן אין יאָר 1914. זיין צווייטער זון יצחק שו"ב מיין ברודער, איז דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן אין 1942.

דער צווייטער שוחט איז געווען הרב איסר שטערן שו"ב, אויך מיינער אַ עלטער־זיידע.

זיין איידעם, דוד שו"ב (קאַמינסקי) איז דערשאָסן געוואָרן דורך באַלאַכאָווצעס אין 1920. זיין זון מרדכי, איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן אין 1942.

די שוחטים ביי אונדז אין שטעטל זענען געווען לומדים, בעלי תפילה, מוהלים, בעלי־קורא, זיך אויסגעצייכנט מיט זייער הכנסת־אורחים און בכלל זיך אָפּגעגעבן מיט צדקה. ביז עס איז אַנטשטאַנען די יידישע קהילה האָבן זיי געצויגן זייער פרנסה פון שחיטה, וואָס זיי האָבן זי פאַרטיילט אויף פאָלגנדן אופן: 1 שוחט פלעגט שחטן אין שטעטל, און דער צווייטער פלעגט אַרומפאָרן אין דער סביבה אַ וואָך; די צווייטע וואָך איז געווען פאַרקערט. אויך איז געווען אַ בעל־טאַקסע, וואָס ער פלעגט אַראָפּנעמען פאַר זיך דעם גרעסטן טייל פון די בהמות, קעלבער, עופות, גענז א.א.וו..

ביי דער פּוילישער מאַכט, ווען עס האָט זיך געגרינדעט אַ קהילה, האָבן שוין די קצבים געמוזט נעמען צעטלעך, איינצאָלן אין קהילה, און די שוחטים זענען שוין געווען באַאַמטע און באַקומען מאָנאַטלעך געוויסע שכירות, — און דאָס איבעריקע געלט פלעגט שוין בלייבן אין קהילה אויף

צו דעקן די אנדערע באדערפענישן פון שטעטל, דער עיקר פאַר די רבנים, וועלכע זענען שוין אויך געווען באַאַמטע פון דער קהילה און האָבן באַקומען אַ חודש־געהאַלט, אויסער דעם וואָס זיי האָבן געהאַט צו פארקויפן הייוון און ליכט, האָבן זיי אויך געהאַט הכנסות פון דין־תורות, חופה וקידושין, מעטריקעס, מכירת חמץ און פורים און חנוכה געלט פון די בעלי־בתים.

## די געאָגראַפישע לאַגע; בלאָטעס...

געאָגראַפיש איז קאַמין־קאַשירסקי געלעגן אין דער פּאָלע־סיער זאָנע, אויף די א. ג. „פינסקער בלאָטעס", און געהערט האָט זי צו וואָלינער גובערניע און זיך געגרענעצט מיט מינסקער גובערניע. דאָס שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט מיט וועלדער, וועלכע האָבן זיך געצויגן ביז ווייט טיף אין אוקראַינע.

קיין שאָסיי איז ניט געווען. האָט מען זיך באַנוצט מיט אַלערליי ערד־וועגן, אָדער טראַקטן, וואָס האָבן געפירט אין אַלע אַרומיקע שטעט, שטעטלעך, אָדער דערפער. די וועגן זענען ניט געווען קיין זיכערע און פול מיט סכנות, באַזונ־דערס ווען עס האָט גערעגנט, אָדער געשנייט. עס פלעג אויך פּאַרקומען איבערפאַלן פון באַנדיטן. איך געדענק נאָך אַז אַ געוויסער פויער טורשקאָ האָט געהרגעט נעבן אונדזער שטעטל אין אַ וואַלד אַ ייד, און דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויפן גאַנצן שטעטל יידן.

נאָך ימים־טובים, ווינטער צייט ביז נאָך פסח, ווען עס האָט גערעגנט איז דאָס גאַנצע שטעטל געווען פול מיט בלאָטעס. דאַן האָט מען אין מאַרק ווי אויך אין די ביי־ליגנדיקע גאַסן, געלייגט הילצערנע „קלאַדקעס", כדי מען זאָל קענען דורכגיין פון איין שטוב אין דער צווייטער מיט טרוקענע שיך. איך געדענק, אַז אַלע מענער ביי אונדז האָבן געטראָגן יוכטענע לאַנגע שטיוול, און די פרויען טיפע קאַלאָשן פון גומי, אָבער מען האָט זיך נישט געקענט איינהיטן פון נישט איינשמירן די שטיוול, אַזוי טיף זענען ביי אונדז אין יענער צייט געווען די בלאָטעס...

מיטן אָנקום פון פסח פלעגן די בלאָטעס זיך אָנהויבן אויסטריקענען — און עס איז ענדלעך טרוקן געוואָרן. די קינדער האָבן שוין אָנגעהויבן צו גיין באָרוועס און זיך שפּילן אין די גאַסן. פונדעסטוועגן, הגם הינטערן שטעטל האָבן פון אַלע זייטן די בוימער שוין געבליט און „צאַצקעס", ס'הייסט פעלד־בלומען האָבן שוין געוואַקסן אין די טייכלעך און אויף די פעלדער, און די לופט איז געווען אַ מחיה־נפשות, עס האָט געשמעקט מיט פרילינג, — איז אָבער אין שטעטל די לופט געווען פאַרפעסטעט, פול מיט שטויב, ווייל די געסלעך זענען געווען ענגע, איין שטוב איז געווען כמעט אַריינגערוקט צו דער צווייטער, קיין מיסטקאַסטנס זענען ניט געווען, קיין קאַנאַליזאַציע אודאי ניט, האָט מען דאָס גאַנצע שמוץ פון די הייזער געוואָרפן אויף דער גאַס, ווי אויך די פּאַמישאַפן מיט די אומרייניקייטן און אַלערליי וואַסערן געגאָסן אויף די גאַסן.

די יידן האָבן געוווינט אויפן מאַרק און אין די זייטיקע גאַסן, וועלכע זענען געווען אַרומגענומען פון אַלע זייטן מיט גוישע גאַסן, אויף וועלכע עס האָבן געוווינט אוקראַינישע פויערן. די פויערים האָבן געהאַט זייערע פעלדער הינטערן שטעטל, אָבער אין שטעטל האָב זיי געהאַט זייערע קליינע כאַטקעס, מיט גרויסע שטאַלן פאַר פערד און בהמות און קליוניעס, שפּייכלערס אויף די תבואות. אַלץ איז געווען געבויט פון האָלץ, און די דעכער באַדעקט מיט שטרוי, און דאָס איז געווען די סיבה פון די שריפות פון וועלכע די יידן האָבן אַלע יאָר שטאַרק געליטן. צווישן די יידישע און גוישע גאַסן איז אויסגעשטעלט געוואָרן אַ ערוב, יידן זאָלן מעגן שבת טראָגן...

## בעלי עגלות אין שטעטל

קיין באַן איז נאָך אין יענע יאָרן ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען, אַזוי אַז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר זענען ביי אונדז געווען די בעלי־עגלות, זיי זענען געווען די איינציקע פאַרבינדער מיט די אַרומיקע שטעט, דער עיקר מיט קאָוועל, עס זענען געווען בעלי־עגלות וואָס האָבן געפירט פּאַסאַזשירן, קליינע סוחרים, קרעמער, וואָס פלעגן אין קאָוועל איינקויפן אַלערליי סחורות.

זיי פלעגן אַרויספאָרן פון שטעטל בייטאָג, אין אָוונט אָנקומען אין דערבייאיק שטעטל ניסכיזש (30 קילאָמעטער), נעכטיקן דאָרטן אין אַ אַכסניה, און צומאָרגנס־פרי אַרויספאָרן און אָנקומען אין קאָוועל (18 קילאָמעטער פון ניעסכיזש). דאָרטן פלעגן די סוחרים איינקויפן סחורות, צוריק אָפּפאָרן קיין ניעסכיזש, איבערנעכטיקן דאָרט און אויף מאָרגן קומען קיין קאַמין.

עס זענען אויך געווען בעלי־עגלות וועלכע האָבן אַליין געפירט משאות. זיי פלעגן נעמען אַ בריוול ביים קרעמער אין קאַמין צום סוחר אין קאָוועל, כדי צו באַקומען די סחורות און זיי געבראַכט נאָך קאַמין.

אויך איז ביי אונדז געווען אַ משא־בעל־עגלה, שמעון אייזנבערג, וועלכער פלעגט פאָרן מיט עטלעכע פורן קיין בריסק, פון וואַנען ער פלעגט ברענגען די סחורות וואָס האָט דאָרטן איינגעקויפט דער הורט־סוחר ר' משה בערגיל און נאָך אייניקע מאַנופאַקטור קרעמער.

בריסק איז א 100 קילאָמעטער פון קאמין, און די רייזע מיט א פור איז געווען א ביסל שווערלעך. איך האָב שוין מיטגעמאכט די רייזע אלס יינגל, פאַרנדיק לערנען אין בריסקער ישיבה, אויך צוריק, ווען די ערשטע וועלט מלחמה איז אויסגעבראָכן, ווען די רייזע שלעפּעניש מיט פורן האָט געדויערט א גאנצע וואָך.

## מיין היים

אונדזער הויז איז געשטאַנען אין אַ געסל, וואָס מען האָט גערופן מצרים־געסל, ווייזט אויס צוליב דעם, וואָס אייניקע אידן האָבן דארטן געמאכט ציגל. דאָס געסל האָט זיך געצויגן פון קאָוולער גאס ביז גאנץ נאָענט צו א גרויסן פעלד, וואָס איז געווען באוואקסן מיט לעפּעכע, וואָס אלע קינדער פלעגן דאַרטן קומען אפאָר טעג פאר שבועות און אָנהויבן עס צו רייסן.

פארשטייט זיך, אז עס זענען דארט געווען וואסערן, און אז מיר פלעגן ארייננשטעקן די פיסלעך איז שווער געווען זיי ארויסצוציען. ביים פעלד, אפּגעטיילט פון די הייזער, איז געווען א טרוקענער פלאץ, ווו אלע שכנים פון ארום האָבן געוואָרפן זייער מיסט, אָדער מען האָט געפירט אהינצו ביינאַכט אלערליי שמוציקע אומריינקייטן.

אונדזער הויז איז פונקט ווי אַלע אנדערע הייזער, געשטאנען נאָענט איינע צו דער צווייטער, געסעלעך געצויגן זיך פון אלע זייטן ביז צום מארק.

קיין בוים, קיין בלומען, אָדער גראָז איז אין אונדזערע געסלעך נישט געווען. אונדזער הויז איז געווען אַ צוויי זייטיקע, אינמיטן א לאנגער קארידאר מיט עטלעכע חדרים, אָבער אין דער צווייטער זייט האָט געוווינט א שכן.

מיינע זכרונות ציען זיך פון דער סאַמע קינדהייט אָן ווען מיין פאָטער, ר' משה, פלעגט מיך האלטן אויף די הענט־שוין נאָכן אָפּריכטן חצות — און מיר דערציילן שיינע מעשה'לעך פון ארץ־ישראל, צומייסטן וועגן יידישער אויסלייזונג און וועגן משיח'ן. אז משיח וועט קומען וועלן אַלע יידן גיין קיין ארץ־ישראל און דארטן וועט אלץ וואקסן אויף די בוימער, וואָס מען וועט נאָר וועלן וועט מען אלץ קענען תיכף באקומען. אזוינע און ענלעכע מעשה'לעך וועגן משיח'ן און ארץ־ישראל האָב איך געהערט פון אים אלע יאָרן.

איך געדענק, ווען איך האָב שוין געלערנט אין חדר איז עס געווען, אז ווען איך פלעג זיך אויפכאפּן ביינאַכט און דער טאַטע איז געזעסן ביים טיש און געלערנט — פלעג איך צו אים צוגיין. (אָדער ער האָט אליין מיך גענומען צום טיש), און וואָס ער זאָל נישט האָבן דאָן געלערנט, זוהר, אָדער תלמוד אָדער אנדערע ספרים, פלעגט ער פאר מיר שטענדיק אויסזוכן ארץ־ישראל מעשה'לעך, אָדער וואָס עס איז פאר־בונדן מיט משיח'ן און ארץ־ישראל, און מיר דערציילן.

און אזוי איז ביי מיר געוואקסן די ליבע צו ארץ־ישראל, צו בוימער, בלומען און בכלל צו דער נאטור. אָבער איך האָב דאָס אלץ זיך געקענט נאָר פארשטעלן אין דער פאנטאזיע. דעריבער טאקע איז געווען גרויס מיין פרייד, ווען אויף זומער בין איך געפאָרן מיט מיין מוטער אין איר געבורטס־שטעטל ראטנע, צו אירע עלטערן ר' בעריש און דבורה קליין, דארט האָב איך שוין געשעפּט די ריינע לופט מיט פולער ברוסט און זיך געפרייט מיט דער נאטור וויפיל איך האָב געוואָלט.

## ביי מיין זיידנס משפחה אין ראטנע

מיין זיידע, ר' בעריש, איז געווען פון די רייכסטע יידן אין ראטנע, האָט געוווינט אויפן שאסיי, און פארנומען 2 באזונדערע גרויסע דירות צוזאמען מיט מיין פעטערס משפחה, ר' מאָטעל קליין. ארום די דירות זענען געווען בוימער און בלומען. עס האָט זיך געצויגן א גרויסער גארטן מיט פרוכט־בוימער, אמערסטן וויינשל, אויך א גאָרטן מיט אלערליי גרינס'ן.

פארשטייט זיך, די פאָר וואָכן וואָס איך האָב דאָרט פארבראַכט, פלעג איך קריכן אויף די בוימער, רייסן פרוכטן, איינגעזאפּט די ריחות פון די בלומען און הנאה געהאַט פון דער וווּנדערשיינער נאַטור ארום. אָבער דאָס פלעגט שנעל פארביילויפן, און איך פלעג זיך מוזן אומקערן אין מיין שטעטל מיט די ענגע געסעלעך און אָן לופט, און חלומען און טראכטן וועגן די בוימער און בלומען ביי מיין מוטערס עלטערן אין ראטנע.

אין פיל יאָרן ארום איז מיין חלום א ביסל מקויים געוואָרן, אונדזער שטעטל האָט איבערגעלעבט אַ פּאָר שריפות, די גאסן און געסלעך זענען געוואָרן ברייטער, עס זענען אויפגעבויט געוואָרן שענערע דירות — און ווען די פּוילישע מאכט האָט איבערגענומען דאָס שטעטל האָט זי געפלאסטערט שאסייען אין די גאסן, פארפלאנצט בוימער ביי די הייזער, און אַ סאך בעל־הבתים האָבן שוין אַליין פארפלאַנצט ביי זייערע הייזער גערטנדלעך און מיט בוימער ביי די פענצטער און בלומען, אזוי אז די לופט איז געוואָרן ריינער און די גאסן ציכטיקער.

יעדן פרימאָרגן פלעגט דורכשפּאצירן א פּאָליציאַנט, און ווען עס איז נישט געווען אויפגעראַמט נעבן די הייזער, האָט ער געמאכט א „פּראָטאָקאָל” און באשטראָפט מיט עטלעכע זלאָטעס. אזוי אַז נעבן יעדן הויז איז געשטאַנען אַ מיסט־קאסטן און ווען ער איז פול געוואָרן — האָט מען עס

געמוזט גלייך ארויספירן, ווייל אפט פלעגט פארבייגיין א סאניטארע קאמיסיע מיט א דאקטאר בראש און זיי האבן שוין געגעבן א גרעסערע שטראף. אפטמאל האט נישט געהאלפן אפילו דאס ריינקייט, נאר ווען די סאניטארע קאמיסיע האבן באדארפט געלט, איז זי ארויס צו די יידישע הייזער געמאכט „פראטאקאלן" און געשאפן געלט... אמת אונדזערע יידן האבן פון דעם געוווסט, אבער זיי האבן אויך געוווסט, אז ווען עס וועט זיין ריין ארום די הייזער וועט מען אפשר קענען אפשרייען די גזירה — און פיל מאל איז טאקע אזוי געשען. דעריבער האט טאקע אונדזער שטעטל די לעצטע יארן געווען באוווסט אין גאנצן געגנט אלס א ריין, ציכטיק, שיין שטעטל.

## מיין פאטער

מיין פאטער, ר' משה דער שו"ב, איז געווען א צווייג פון די קאמינער שוחטים. זיין זיידע, ר' יצחק, זיין פאטער ר' יעקב ווי אויך זיין צווייטער זיידע דער מוטער'ס פאטער ר' איסר שטערן, זענען געווען שוחטים אין קאמין־קאשירסקי.

מיין פאטער איז געווען א ייד א הדרת פנים, מיט א שיינער לאנגער בארד, א בר־אורין, א למדן, א בעל־תפילה און א בעל־קורא, א טריסקער חסיד און א גרויסער עניו, א נחבא אל הכלים און א גרויסער מכניס אורחים.

אין אונדזער הויז זענען תמיד געווען אורחים — א רבי, א בעל־דרשן, א משולח פון א ישיבה, א „אייניקל" (פון א צדיק), א מוכר ספרים, א חזן און סתם אזוי א שיינער ייד. איינער האט שוין איבערגעגעבן דעם צווייטן וועגן קאמינער הכנסת אורחים. פארשטייט זיך, אז ער פלעגט נאך מוזן העלפן זאמלען און שאפן געלט פאר דעם רוב פון די אורחים.

ער פלעגט שטענדיק זאגן, אז מען מוז מקיים זיין דעם גאנצן „אשל" — אכילה, שתיה, לינה. אן לינה איז אש.

## „אורחים"

איך געדענק, אז יעדן ווינטער פלעגט קומען צו אונדז פריער ר' יעקב־לייבעניו, און נאכער זיין זון ר' שמואליק'ל. זיי האבן געוווינט אין ניעסכיזש, אבער גערופן האט מען זיי „סטאביכווער רבי". זיי זענען געווען אייניקלעך פונם ניעסכיזשער צדיק ר' יצחק און פון קאוולער רב. אין אלע שטעטלעך האבן זיי געהאט א סך חסידים און ביי אונדז ווייניק, אבער צו אונדז זענען זיי געקומען, פארפארן אין אונדזער הויז. מיר האבן שוין צוגעגרייט אלץ אויף שבת. דער רבי האט געפראוועט דעם טיש, און מיין פאטער האט שוין געזען אז אלע קאמינער פארמעגלעכע יידן, הגם חסידים פון אנדערע רביים, זאלן אים געבן פדיונות.

די סטאביכווער רביים האבן שוין אויסגערעכנט די צייט און קומען ווען מיין פאטער פלעגט ארויספארן שחטן אין דער סביבה, ווו ער איז געווען שטארק געאכטעט און געשעצט, און פלעגן מיטפארן מיט אים, און די אלע דארפס־יידן האבן זיי געגעבן גרויסע פדיונות.

פון די שטענדיקע יערלעכע אורחים געדענק איך ר' אברהמ'לע פון מירער ישיבה, א אלטער מאן, א נידריקער, א שטארק פרומער, איז ער אפגעזעסן ביי אונדז עטלעכע טעג, ווייל ס'איז געווען איינגעפירט, אז אין יעדער הויז איז געווען א פושקע פאר דער ישיבה, און ער פלעגט גיין פון שטוב צו שטוב מיט א זעקל און עפענען די פושקעס און ארויסנעמען דאס קליינגעלט, וואס די ווייבער האבן אריינגעווארפן פאר ליכט־בענטשן. נאכער איז שוין געקומען זיינער א איידעם א הויכער א דיקער, א הדרת־פנים און אויך געטאן די זעלבע ארבעט.

פון די אנדערע ישיבות זענען געקומען משולחים אדער מגידים, און נאך די דרשות אין די בתי־מדרשים זענען זיי געגאנגען מיט א שטאטישן בעל־הבית איבער די הייזער און געשעפטן, און איינגעמאנט א געוויסן אפצאל פאר דער ישיבה.

די משולחים וואס זענען געפארן פאר די ישיבות אין ארץ־ישראל, האבן זיך נישט באגנוגנט מיט די זעלבע אפצאלן ווי די אנדערע און האבן איינגעפירט גרעסערע יערלעכע צאלונגען. זיי האבן איינגעפירט די מעטאדע פון מיטגלידער־חברים, א חבר פלעגט יערלעך צאלן א גרעסערע סומע און אז ער איז געשטארבן, האט מען פאר אים געלערנט משניות, געזאגט קדיש און געהיט זיין יאר־צייט. און אזוי האבן די ישיבות „תורת־חיים" און „מאה־שערים" געהאט זייער פיל „חברים" אין אונדזער שטעטל, און געזאמלט פיל געלט יערלעך. איך געדענק, אז עס זענען געקומען יידן וואס האבן געזאגט, אז זיי קומען פון ארץ־ישראל און האבן אויך געזאמלט געלט.

צו מיין פאטער פלעגן אויך אנקומען בריוו פון ארץ־ישראל, און דאן פלעגט ער מיט נאך א אנגעזעענעם ייד זיך ארויסלאזן צו די פארמעגלעכע אידן, שאפן א געוויסע סומע און עס אפשיקן קיין ארץ־ישראל. ווען איך האב געוואלט וויסן פאר וועמען דאס איז, האבן זיי מיר דערציילט אז מיט יארן צוריק איז געקומען פון ארץ־ישראל א שיינער ייד, א למדן און א פרומער, און האט „געשאפן" ביי א גרעסערער צאל יידן א יערלעכן אפצאל, און אזוי ווי אליין קומט ער נישט, בעט ער שריפטלעך, אז מען זאל אים שיקן

דאָס געלט קיין ארץ־ישראל (צי דאָס איז פאַר אים צי פאַר אינסטיטוציעס געדענק איך ניט) — און אַזוי ט״ט מען טאַקע. מען שיקט א בריוו מיט די נעמען פון די שפּענדער, און ער שיקט אריין קבלות מיט ברכות. אזוי ארום זענען ביידע צדדים צופרידן, דער ארץ־ישראל ייד באַקומט דאָס געלט און האָט עולם־הזה, און אונדזערע יידן זענען זיכער מיט עולם־הבא...

## „רייזעלע די רביצ׳ן"

צו אונדז אין הויז פלעגט אויך אריינקומען „רייזעלע די רביצ׳ן", איר מאַן האָב איך נישט געקאָנט, אבער איך ווייס אַז זיי שטאַמען פון אלע רביישע דינאַסטיעס פון אונדזער געגנט ווי ניעסכיזש, טריסק, קאָוועל, סטאַביכווע, לוביעשאָוו און קאשיווקע, זי האָט געהאַט דריי זין. דער עלטערער איז געווען רבי אין שטעקאָטשין, ר׳ אבא׳לע, דער צווייטער איציק׳ל איז אין מיין צייט געווען גייסטיק קראַנק, אזוי אז די ווייב זיינע „שפּרינצעלע די רביצן", האָט מען איר גערופן, פלעג אליין פּראַווען „רבייסטווא", און נעמען פדיונות ווער עס האָט נאר געגעבן און פלעגט אויך פאָרן אין שטעטלעך...

דער דריטער זון לייבל שפּירא, וואָס איז געקומען פון דער ישיבה און איז געווען א היינט־וועלטיקער, האָט ביי אונדז אין שטעטל גענומען אן אקטיוון אנטייל אין די יאָרן 1904־5 אין די באַמיונגען אראָפּצוּוואַרפן די צארישער מאכט.

פאַרשטייט זיך, אז „רייזעלע די רביצ׳ן" האָט געהאט א סאך צרות פון אלע זייטן, אבער פרנסה ווייניק. זי פלעגט פון צייט צו צייט ארומפאָרן אין די שטעטלעך, ווו מען פלעגט שוין פאר איר צונויפזאַמלען געלט, אָבער ביי אונדז אין שטאָט איז שוין דער גאנצער עול געפאלן אויף מיין ליבער מוטער, פייגע־ראָסיע.

זי, די רביצין, פלעגט קומען צו אונדז אויסגיסן איר ביטער הארץ, אז זי האָט נישט פון וואנעט צום לעבן, אזוי אַז מיין מוטער פלעגט איינמאָל וואכנטלעך, אמערסטן דאָנערשטיק, נעמען די פּאטשיילע און גיין אין די געשעפטן און צו בעלי־בתים און צונויפזאַמלען עטלעכע רובל פאַר איר. איך געדענק, אז ווען איך האָב שוין געקענט שרייבן און געוואָרן איר בריוו־שרייבער, צום זון דעם רבין, און אנדערע היכע ספערן, האָט זי מיר געבראַכט אַ מתנה, אַ גרויס זילבערן שפּיצנסיגאַרעטל פונם גרויסן ניעסכיזשער צדיק ר׳ יצחק, און וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה צום קאָוולער רבין, און נאָכדעם צו איר, זי האט געפונען פאָר נויטיק עס זאָל זיין ביי מיר אלס אָנערקענונג און דאנקבאַרקייט צו אונדזער משפחה. און איך בין תמיד ארומגע־

גאַנגען מיטן געדאַנק דאָס מיטצונעמען קיין ארץ־ישראל, און איבערגעבן אין אַ מוזעאום. צום באדויערן איז דאָס אוועקגערויבט געוואָרן, צוזאמען מיט מיין גאנץ פארמעגן, דורך די דייטשע און אוקראַינישע מערדער.

## דער „בעל-מופת"

נאָך אַ פּאָר עפּיזאָדן, וועלכע איך געדענק. עס איז צו אונדז געקומען צופאָרן א רבי מיט א גבאי אויף שבת. פארשטייט זיך, מיר נעמען זיי אויף. דער רבי זיצט און לערנט כסדר, א שיינער ייד מיט א געלער באָרד, אָבער אין שטאָט איז ארויס א קלאנג, אז ער איז א בעל־מופת: ער העלפט עקרות צו האָבן קינדער, גיט אפילו רפואות.

פון שטעטל האָבן זיך א לאָז געטאָן פיל ווייבער צום רבין נאָך הילף מיט גרויסע פדיונות, אָבער פלוצלינג וואַרפט מען אים אריין א בריוו דורכן פענצטער, אז ער זאָל תיכף אויפהערן צו נעמען פדיונות און אָפּפאָרן, פארשטייט זיך, אז ער מאכט זיך ניט ווויסנדיק, אָבער אויפן צווייטן טאג שפּעט ביינאכט, קומען אריין צו אונדז עטלעכע יונגעלייט פארשטעלטע, אויף די פנים׳ער מאסקעס, מיט גרויסע שטעקנס, און פאָדערן פון אים ער זאָל צוריק אָפּגעבן דאָס געלט וואָס ער האָט אויסגענארט ביי די ווייבער. דער רבי מיטן גבאי, ווי אויך די מענטשן וואָס זענען ביי אים געווען, האָבן זיך שטארק דערשראָקן, עס איז אריינגעלאָפן מיין פאָטער. ער האָט זיי נאטירלעך נישט דערקענט, אָבער זיי האָבן אים יא געקענט, האָבן זיי געמאלדן, אז צוליבן כבוד פון מיין פאָטער, וואָס דער רבי איז זיין גאסט, טשעפּען זיי אים נישט, אָבער ער מוז אפּגעבן דאָס געלט און גאנץ פרי אָפּפאָרן. און אזוי איז טאקע געשען!

## דאס „אייניקל"

אַ צווייט מאָל איז געקומען צו אונדז א „אייניקל". ער האָט אנגעגעבן, אז ער שטאמט פון דער טריסקער דינאַסטיע פון די טווערסקיס, ער האָט טאקע געקענט די גאנצע משפחה רביים. פרייטיק האָט ער צו אונדז אין א חדר אריינגערופן אונזערן א שכן — א מלמד און געזעסן מיט אים פארמאכט אייניקע שעה.

פרייטיק צו נאכטס און שבת אין דער פרי איז ער געגאנגען דאווענען אין טריסקער שטיבל, און דאָרטן האָט ער זיך געטראָפן מיט די גרעסטע גבירים פון אונדזער שטאָט און האָט שטארק אויסגענומען ביי זיי, ווייל ער האָט אלץ געוווּסט פון זייערע משפחות: ווי זיי הייסן, וואָס זיי טוען, וויפיל קינדער זיי האָבן א.א.וו.. אין שטעטל איז ארויס א קלאנג, אז ער איז א גרויסער מענטש, ער טרעפט

אלץ, כמעט א „נביא״, און די רייכערע האָבן אים געגעבן גרעסערע נדבות.

איין מאָל זיצט ער אין שטוב און עס קומען אריין אייניקע פרויען שחט'ן עופות, מיין פאָטער איז נישט געווען, זיצן זיי און וואַרטן. דערווייל רופט ער מיך אין א זייט (איך האָב נאָך דאַן געלערנט אין חדר און אלט געווען א 8—9 יאָר), און פרעגט מיך אויף יעדער פרוי ווי אזוי זי הייסט, וואָס טוט דער מאַן, וויפל קינדער זיי האָבן, א.א.וו., איך האָב אים געזאָגט אלץ קאַפּויער!

איך געדענק, אז עס איז געווען די ערשטע, ברוך דעם היטעל־מאַכערס פרוי, און זי האָט געהייסן חוה, האָב איך געזאָגט אז זי הייסט שרה, איר מאַן איז א שוסטער, און אזוי מיט די איבעריקע... ער האָט זיי צוגערופן און האָט זיי אלץ געטראָפן פונקט פאַרקערט, זיי האָבן אנגעהויבן צו לאַכן, און אין שטעטל איז תיכף ארויס א קלאַנג, אז ער איז א פאַלש „אייניקל״. ער האָט אָפּגענאַרט, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז די אלע ידיעות איז ער געוואַר געוואָרן ביי אונדזער שכן, וואָס איז געווען זייער אַ פרומער ייד, אַ נאַר, אַ איש תמים, אַז וואָס דעם טריסקער רבינס אייניקל פרעגט דאַרף מען ענטפערן. דעם זעלבן טאָג האָט טאַקע דאָס אייניקל געמאַכט אַ ויברח, פשוט אַנטלאָפן!

אין שטאָט האָט מען נאָכדעם גערעדט, אז דער רבי (מלמד) האָט אים געמאַכט פאַר א נביא, און זיין תלמיד האָט אים געמאַכט אויס נביא...

## אינסטיטוציעס אין שטעטל

ביקור חולים — דאָס איז געווען איינע פון די נוצלעכסטע און וויכטיקע אינסטיטוציעס. די גבאים זענען געווען ר' מרדכי לערמאַן און ר' פנחס מאַליק. יעדער ייד האָט געצאָלט א געוויסן חודש אָפּצאָל, און יעדן חודש איז ארויסגעשיקט געוואָרן א פאַרל איינצומאַנען דעם אָפּצאָל. ווען אַ אָרעמער ייד איז קראַנק געוואָרן האָט ער באַקומען א צעטל צו א דאָקטאָר אַן געלט, ווי־אויך א קוויטל אין אפטייק אויף דעם רעצעפּט — אויך אַן געלט.

טאָמער האָט איינער געמוזט פאָרן זיך היילן קיין וואַרשע, זענען ארויסגעשיקט געוואָרן א פּאָר אנגעזעענע בעלי־בתים צו די רייכערע און פאַרמעגלעכע, און געזאַמלט א גרעסערע סומע אויף צו פאָרן קיין וואַרשע, אדער קיעוו, זיך היילן.

לינת הצדק —

איז א ייד קראַנק געוואָרן און געלעגן ביי זיך אין שטוב, אפילו אויף אַ אַנשטעקנדיקער קראַנקייט, זענען אַלע טאָג געשיקט געוואָרן צו אים צוויי מענטשן — זיי זאָלן דאָרט האַלטן וואַך ביי נאַכט, אז די משפחה זאָל קענען שלאָפן.

תלמוד תורה —

גבאים זענען געווען ר' שלום קאָרש און ר' יצחק פרידמאַן. אויך פאַר דער תלמוד תורה פלעגט יעדער ייד צאָלן א חודש־אָפּצאָל, און עס איז ארויסגעשיקט געוואָרן א פאַרל אויפצומאַנען דאָס געלט. מען האָט געדונגען א מלמד, וועלכער האָט געלערנט מיט די אָרעמע קינדער, אַמערסטן זענען עס געווען קינדער פון דערפער, פון וועלכע די סאַמע אָרעמע האָבן געגעסן „טעג״ ביי בעלי־בתים. איך געדענק א תקופה פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען זיי האָבן געלערנט שרייבן אומזיסט ביי ר' יצחק פלאַט שו״ב.

מעות־חטים —

נאָך פורים האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן גרייטן אויף פסח. שוין דאַמאָלסט האָט מען אָנגעהויבן אין די בתי־מדרשים, אָבער דער עיקר איבער די הייזער צו זאַמלען געלט אויף מעות־חטים. די לעצטע יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דאָס געטאָן הרב פסח אהרון ווייסמאַן, און איינער פון די גרעסטע למדנים אין שטאָט — מיין רבי, דער גרעסטער גמרא־מלמד ר' יצחק וואָלף לעסניק. זיי פלעגן טאַקע זאַמלען א גרעסערע סומע געלט און דאָס צעטיילן פאַר די נצרכים, אז עס זאָל זיי גאַרנישט פעלן אויף פסח.

חברה־קדישא האָט זיך פאַרנומען מיט איינאָרדענען די לויות פון די געשטאָרבענע. זי פלעגט שיקן א מנין אידן ביז צום בית־עלמין. געהאַט אויך א גבאי, וועלכן זיי פלעגן אלע יאָר ווילן אין בית־המדרש דורך א קלפּי.

איך געדענק, אז שמחת־תורה ביינאַכט איז מען אלע געגאַנגען צום גבאי פון יענער צייט ר' אלתר שטערן און מאַכן א קידוש רבתי. ערב שמחת־תורה פלעגן זיי צושיקן צו אלע מיטגלידער הבדלות און עפּל. אויך געדענק איך, אז אלס קינד האָב איך געזען ביי ר' יהושע קרעמנער (גורטינשטיין), וועלכער איז אויך אַמאָל געווען גבאי, א חברה קדישא פנקס, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרשריבן מיט (דרוק־אותיות אין גאָלד־פאַרב), פאַרשידענע שטעטלשע געשעענישן.

אז עס איז געשטאָרבן א פאַרמעגלעכער מענטש וועלכער איז ביים לעבן געווען קאַרג ביים געבן צדקה, — האָבן זיי שוין גענומען א גרעסערע געלט־סומע און פאַרטיילט צווישן די אָרטיקע אינסטיטוציעס — תלמוד־תורה, ביקור־חולים און אנדערע.

אויך איז געווען א חברה משניות, וועלכע האָבן פאַרטיילט צווישן די לומדים פון שטאָט דאָס לערנען משניות.

ווען עס זענען געשטארבן אנגעזעענע מיוחסדיקע בעלי־בתים פון שטעטל.

אויך איז געווען ביי אונדז א חברה תהילים, וועלכע האבן אלע שבת און יום־טוב פארטאג געזאגט אין די בתי־מדרשים גאנץ תהילים. און כדי מען זאל ניט פארשפעטיקן, פלעג שוין ר׳ מאטקע דער שניידער, מיט א שיינעם מעלאנ־כאלישן ניגון און טרויעריקן קול, גיין אין די גאסן און וועקן צום תהילים־זאגן. זיי האבן געהאט א מנהג צו מאכן שבת־בראשית א גרויסן קידוש אין בית־המדרש.

איך געדענק נאך ווי דער אלטער אדער ר׳ מאטקע דער שניידער, אדער ר׳ מאטל דער שמש, פלעגן שבת פארטאג ווינטער־צייט וועקן צום תהילים, אויסזינגענדיק דעם פסוק: עורו נא, התיצבו נא, שמעו נא לעבודת הבורא! מיין פאטער פלעגט גלייך אויפשטיין און אוועק אין שטיבל אריין, אבער איך האב שוין מער ניט געקענט איינשלאפן, טראכטנדיק פארשידענע געדאנקען ביז עס איז טאג געווארן און מיין פאטער איז צוריק געקומען דאמאלסט פלעג איך מיך בארויקן אנטאן מיינע שבת׳דיקע מלבושים׳לעך און מיטגיין מיט אים אין שטיבל אריין דאווענען, שטארק האב איך הנאה געהאט פון זיין דאווענען אלס בעל־תפילה, ווי אויך אלס בעל־קורא ביים לייענען די תורה מיט זיין אנגענעמער, זיסער און הויכער שטימע.

## רעוואלוציאנערע קרייזלעך

אין אונדזער שטעטל זענען נישט געווען קיין פא־בריקן און קיין געשעפטן, וואס זאלן זיך באנוצן מיט ארבעטער און אנגעשטעלטע. עס זענען געווען סוחרים קרעמער, וואס האבן אליין, און מיט דער הילף פון פרוי און קינדער, באדינט זייערע קליענטן. אונזערע בעלי־מלאכות האבן אליין געארבעט און מיט דער הילף פון אייגענע קינדער ביי־טאג און ביינאכט אויסצוזוכן זייערע פרנסות. נאר אייניקע בעלי־מלאכות, שניידער, האבן געהאלטן ארבעטער. פונדעסטוועגן אזוי ווי עס האט זיך אין די גרעסערע ארבעטער צענטרען, אין די גרויסע שטעט ארגאניזירט סאציאליסטישע פארטייען, מיט רעוואלציאנערע לאזונגען קעגן דער רוסישער צארישער מאכט, איז דאס אויך אין אונדזער שטעטל צו דער יוגנט, די אזוי גערופענע באלעבאטישע קינדער אנגעקומען. ווי איך געדענק האט מען זיי אין שטעטל גערופן „ברידער און שוועסטער״.

די אנפירער פון דער ארגאניזאציע זענען געווען:

לייבל דער רביצנ׳ס (שפירא) געשטאמט פון דער רביישער דינאסטיע אין וואלין. געלערנט אין א ישיבה, געקומען אהיים און מיטגעארבעט אין דער ארגאניזאציע, נאכער אוועק קיין בודאפעשט (אונגארן).

לייבל שטשערבאטע, א זון פון יוסף דעם גרעסטן מאניפאקטור געשעפט אין שטעטל, נאכער חתונה געהאט קיין קאוועל ווו ער האט געהאט א גרויס מאניפאקטור געשעפט.

יצחק פלאט, א אייניקל פון די קאמינער שוחטים, א זון פון אליעזר פלאט א משכיל, און א העברעאישער לערער אין די גרעסערע שטעט פון רוסלאנד. יצחק וועלכער האט געלערנט אין א ישיבה, און קומענדיק צוריק קיין קאמין, איז ער געווארן א לערער, און זיך שטארק איבערגעגעבן דער סאציאליסטישער באוועגונג, נאכער אוועק קיין אמעריקע.

די אלע 3 אויבנדערמאנטע חברים האבן געשאפן א שטארקע ארגאניזאציע אין שטעטל. געהאלטן רעפעראטן שמועסן, אומלעגאלע פאר אונזער יוגנט, אין די וועלדלעך נעבן שטאט, ווי אויך אין שטעטל אין פארשידענע ערטער, אומלעגאל.

איך געדענק, אז איינמאל איז געווען אויפגעהאנגען אין שטעטל מודעות, אז יצחק פלאט וועט האלטן שבת א דרשה אין א בית־מדרש, מען האט געוווסט, אז ער איז א „ישיבה־בחור״ און א גרויסער קענער, זענען אלע יידן געקומען אים הערן, אויך אסך חברים פון דער ארגאניזאציע זענען געקומען. פארשטייט זיך ער האט גערעדט מיט פסוקים פון תנ״ך, און אויפגעוויזן דורך זיי דעם סאציאליזם, ביז וואנעט עס איז געווארן א גרויס געשלעג צווישן עלטערן, ברידער און קרובים, אנהענגער פון רעליגיע, און קעמפער פארן סאציאליזם.

עפיזאד נומ. 1) איך געדענק, אז עס זענען אראפגעקומען 2 יונגעלייט פון קאוועלער ארגאניזאציע, ה׳ חארון און דאכט זיך ענטין, און איינגעארדנט א משפט אויף איינעם פון אונזערע שטעטלדיקע גבירים, יהושע קרעמנער (גורטינש־טיין), ווי מען האט געזאגט, האט ער אראפגעטריבן א ארבעטער וועלכער איז זיך געגאנגען באדן אין א טייכל, צו וועלכן דער דורכגאנג אהין איז געווען באוואקסן מיט גראז, וואס האט געהערט צו אים. דערפאר האט ער געמוזט באצאלן 50 אדער 100 רובל קנס פאר דער ארגאניזאציע.

עפיזאד נומ. 2) איך געדענק, אז מיין פאטער ז״ל, האט דערציילט, ער איז געפארן קיין קאוועל און גייענדיק צו דער קאמינער אכסניה, איז אים אנטקעגן געגאנגען אייניקע יונגעלייט מיט שטעקנס, און פלוצים האט ער געהערט פון א זייט א געשריי: „טשעפעט אים ניט״, דאס איז ניט דער וואס מיר דארפן. ווי עס האט זיך ארויסגעוויזן, האט דער קאמינער קאמיטעט פון דער ארגאניזאציע געהאט א סכסוך מיט ניסל דעם היטל־מאכער, ווייל ער האט זיך געכאפט

שלאָגן אַ אַרבעטער, האָבן זיי זיך דערוווּסט ווען ניסל דאַרף פאָרן קיין קאָוועל נאָך סחורה, און מען האָט דאָס איבערגעגעבן אין קאָוועלער קאָמיטעט מיט די סימנים און געשטאַלט פון ניסלען. זענען אַוועק אינם באַשטימטן טאָג אַ גרופּע אַרבעטער, זיך צו טרעפן מיט ניסלען. מיט זיי איז מיטגעגאַנגען אַ קאַמינער בחור פּסח, מאָטל דעם שמשׂ אַ זון, און ווען זיי האָבן געטראָפן מיין פאָטער, וועלכער איז ווייזט אויס געווען אביסל ענלעך צו ניסלען, האָבן זיי זיך געלאָזט צו אים. אָבער ווען פּסח וואָס האָט אָבסערווירט פון דערווייטנס, האָט דאָס דערזען, האָט ער אָנגעהויבן שרייען און תיכף צוגעלאָפן און זיך אַנטשולדיקט פאַר מיין פאָטער.

איך האָב אין אַ צייט אַרום געזען אַז עס איז אין די יאָרן 1905־6 אַריינגעגעבן געוואָרן דורך די אָנפירער אַ שיין ביסל אויפקלערונג און קולטור־אַרבעט צווישן דער יוגנט. עס איז צעוואָרפן געוואָרן די מחיצות צווישן די קינדער פון די מיוחסים און שיינע יידן, און פון די בעלי־מלאכות. איך געדענק אַז שבת און יו״ט ווי אויך אין די אָוונטן האָבן זיי שפּאַצירט אין דער אַזוי גערופענער „בירשזע" קאָוועלער גאַס, די קינדער, יינגלעך, און מיידלעך צוזאַמען, קעמפנדיק פאַר איין ציל. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אינם הויז פון דער פאַמיליע קימעל אַ יידישע ביבליאָטעק, ווי עטלעכע מענטשן האָבן געגעבן געלט אויף דעם צוועק, און די חברים האָבן באַקומען ביכער צום לייענען.

אויך איז אין הויז פון ה' זעליג קימעל געשאַפן געוואָרן אַ טאַנץ־זאַל ווו אַ לערער וואָס איז געקומען פון דער פרעמד, האָט געלערנט טאַנצן. דאָס איז שוין געווען אַדאַנק דער השפּעה פונם סאָציאַליסטישן געדאַנק, וואָס ער איז אַריינגעדרונגען.

די אָנפירער פון זיי, די אַקטיוויסטן, האָבן פאַרלאָזט קאַמין. זייער פיל קיין אַמעריקע, אַביסל צו די שטעט און שטעטלעך פון רוסלאַנד. אָבער דער אידעאַל איז פון קאַמינער יוגנט נישט אַוועק. אַזוי, אַז אין אַ קורצער צייט תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז צוגעקומען צום סאָציאַליזם אויך דער ציוניזם, און די קאַמינער יוגנט האָט אָנגעהויבן צו קעמפן אין פאַרווירקלעכן דעם ציוניסטישן־סאָציאַליזם, שאַפנדיק די ציוניסטישע באַוועגונג מיט אירע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, אַרבעטנדיק אַקטיוו, פאַר אַלע פינאַנציעלע פּאָליטישע און קולטורעלע אַקציעס, וואָס האָבן אָנגעהערט צו דער ציוניסטישער וועלט צענטראַלע פאַר ארץ־ישראל.

יצחק שלמה פּלאַט, מיאַמי ביטש, אַמעריקע

# די שאַפונג פון דער ס.ס.

## (סאָציאַליסטיש־ ציוניסטישע) אַרבעטער־פּאַרטיי אין קאַמין־קאַשירסקי

דאָס איז געווען בערך אין יאָר 1904. אין די גרעסערע שטעט און אין אַלע פאַבריקס־צענטערן פון רוסלאַנד האָבן זיך די אַרבעטער שוין פון לאַנג אָרגאַניזירט און געשאַפן סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן דער צאַרישער מאַכט און געוואָלט שאַפן אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג, כדי אויסצובעסערן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען פון דער אַרבעטערשאַפט און פאָלקס־מאַסן. אויף דער יידישער גאַס איז נאָך געווען גאַנץ שטיל. די יידישע באַוווסטזיניקע אַרבעטער און אינטעליגענץ האָבן געהערט צו די רוסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

אָבער ווען די צאַרישע מאַכט, וועלנדיק אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן פון די רעוואָלוציאָנערע אידעען, האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יידן — האָבן די יידישע אַרבעטער און אינטעליגענץ אָנגעהויבן שאַפן יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: 1) „בונד", וואָס זיין פּראָגראַם איז געווען צו אַרבעטן און קעמפן פאַר די רעכט פון די יידן אין די לענדער אין וועלכע זיי וווינען און קעגן ארץ־ישראל; 2) ס.ס. (סאָציאַליסטן־ציוניסטן), וועמענס פּראָגראַם איז געווען צו קעמפן פאַר די פולע רעכט פון די יידן אין די לענדער ווו מען וווינט אין גלייכצייטיק אויך אַרבעטן פאַר ארץ־ישראל; 3) „פּועלי

ציון", וועמענס פּראָגראַם איז געווען צו ווידמען די גאַנצע אַרבעט נאָר פאַר ארץ־ישראל.

אין יאָר 1904 איז קאַמין־קאָשירסקי אָפּגעברענט געוואָרן. מיין פאָטער, אליעזר, איז דאַן געווען אין קישיניעוו וועגן זאַמלען מאַטעריאַל אויף אַרויסצוגעבן דעם ספר „גבעת שאול". איך האָב דאַן געמוזט פאַרלאָזן די קאָוולער ישיבה, וווּ איך האָב געלערנט, און געקומען אַ היים כדי צוהעלפן צוריק אויפבויען אונזער הויז פאַר דער משפחה. מיין מוטער איז געוואָרן קראַנק און איך האָב געמוזט פאַרבלייבן אין שטעטל און געוואָרן אַ לערער.

אין יענער צייט זענען די אַרבעטער שטאַרק עקספּלאָטירט געוואָרן דורך זייערע אַרבעטס־געבער. זיי האָבן געאַרבעט ביז שפּעט ביינאַכט פאַר אַ קליינעם געהאַלט. אויך מיין שוועסטער ראָזע, וועלכע האָט געאַרבעט ביי יאַנקל דעם שניידער, פלעגט אפילו ערב־שבת קומען אַ היים ווען מען האָט שוין אין שוהל געדאַוונט. צוקוקנדיק זיך צו דעם אַלעמען האָב איך באַשלאָסן, אז מען מוז ביי אונדז אין שטעטל אויך זען אויסצובעסערן די לאַגע פון די אַרבעטער. צוזאַמען מיט לייבל שאַפּיראָ וועלכער האָט געשטאַמט פון רבנים) און דוד שטשערבאַטע (וועלכער האָט געשטאַמט פון סוחרים) האָבן מיר אָרגאַניזירט ביז אַ 90 אַרבעטער און געשאַפן אַ ס.ס. (סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע) אַרבעטער־פאַרטיי, וועלכע האָט זיך גוט אַנטוויקלט אויף אַלע געביטן.

ווען שאַפּיראָ האָט פאַרלאָזט אונדזער שטעטל, איז אריין אין קאָמיטעט דוד ענגיל, זייער אַ פיינער און ענערגישער בחור, ווי אויך יודל קלאָרמאַן. אונדזער אויפקלערונגס־ארבעט איז ווייטער אָנגעגאַנגען צווישן דער גאַנצער יידישער יוגנט פון שטעטל.

אין 1907, ווען מיין מוטער איז געשטאָרבן, בין איך אָפּגעפאָרן קיין אָדעס. דאָרט האָב איך זיך אויך באַשעפטיקט מיט געבן לעקציעס און גלייכצייטיק פאַרנומען זיך מיט געזעלשאַפטלעכער ארבעט, ווי אויך געהערט צו אַ גרופּע, וואָס האָט זיך געגרייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, דאָרט קויפן באָדן, באַזעצן זיך אויף אים און באַאַרבעטן.

צוליב פאַרשידענע סיבות האָב איך אין 1911 געמוזט אָפּפאָרן קיין אַמעריקע.

ברוך מלמד

# שבת און זונטיק אין שטעטל

קאַמין־קאָשירסקי, ווי כמעט אַלע יידישע שטעטלעך אין פּוילן, איז געווען אַזוי פּלאַנירט און געבויט, אַז אין צענטר פון שטעטעלע, איז געווען א פיר־קאַנטיקער פּלאַץ — דער מאַרק — וועלכער איז געווען ארומגערינגלט פון זיינע פיר זייטן מיט קראָמען, ווו ס'האָט זיך קאָנצענטרירט דער גאַנצער האנדל און האנטווערקעריי פון שטעטל, אויך די וועכענטלעכע ירידים. האנדל און האנטווערקעריי איז געווען דער איינציקער קוואַל פון באַשרענקטער יידישער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ, ווייל אַלע אַנדערע פרנסה־קוואַלן, ווי ערד־ארבעט, שווערע אינדוסטרי, מיליטער־און רעגירונג׳ס־אמטן, זענען פאַר יידן אין פּוילן געווען געשלאָסן. די געוויינלעכע וואָכעדיקע טעג האָבן זיך טרויעריק געצויגן מיט זייער גרויקייט, און מיט זייער אָנגעשטרענגטער שטימונג.

יידן פארזאָרגטע מיט דאגת־פרנסה, באַלאַסטעטע מיט אַ אויסערגעוויינלעך שווערן יאָך פון פארשידענע, אומצאָליקע רעגירונג׳ס און מוניציפּאליטעט־שטייערן, האָבן איילנדיק אָנגעפילט דעם מארק־פּלאץ, נערוועז שפּאצירט פארביי־זייערע ארעמע קרעמלעך, וועלכע זענען מערסטנס געווען ליידיק, אָן קונים, ביטער קרעכצנדיק און פרעגנדיק זיך אליין די פראגע: פון וואַנען וועט מען נעמען צו צאָלן אַ וועקסעלע, וואָס זיין צאָלונגס־דאַטע דערנעענטערט זיך שנעל; אָדער באַצאָלן די שטייערן, כדי אויסצומיידן שטראָפן און עקזעקוציעס?

און חוץ דעם אלעמען דארף מען דאָך פרנסה פאר דער פאמיליע. עמיצער האָט אויך געדאגה׳ט, ווו נעמט מען אויף נדן פאר א דערוואקסענער טאָכטער, אויף באצאָלן דירה־געלט, אָדער באזאָרגן האָלץ אויף ווינטער א.ד.ג. קיין דאגות האָבן די קאמין־קאָשירסקער יידן נישט געפעלט.

אז ס'איז צוגעפאָרן צום מארק־פּלאץ א פויערישע פור, זענען גלייך צוגעגאנגען צו איר עטלעכע פאראינטערעסירטע יידן, א שמעק טאָן, וואָס האָט מען געבראכט צו פארקויפן,

אָדער וואָס דאַרף מען קויפן. ניט איינמאָל פלעגט אויס־ברעכן אַ קליינער סכסוך צווישן די פּאַראַינטערעסירטע, אָבער שטענדיק איז דאָס דערלעדיקט געוואָרן דורך זיי אַליין.

מען האָט אויך געקענט, מער וויניקער, באַשטימען לויטן אויסערלעכן אויסזען פון מאַרק, די שעה פון דעם טאָג. למשל, ווען מען האָט געזען די שטאָטישע בעלי עגלות אין מאַרק וואַרטנדיק מיט זייערע וועגעלעך אויף פּאַסאַזשירן, צו פירן זיי צו דער באַן־סטאַנציע, וועלכע איז געווען צוויי קילאָמעטער ווייט פון שטעטל, האָט מען געוווּסט ווו דער טאָג האַלט...

די וואָכעדיקע טעג זענען געווען פּולשטענדיק גלייך, ענלעך איינער צום אַנדערן.

גאַנץ אַנדערש אָבער האָט אויסגעזען דער שבתדיקער טאָג. קאַמין־קאַשירסקער יידן האָבן אָפּגעהיט שבת. קיין איין יידישע אונטערנעמונג איז שבת ניט געווען טעטיק. דאָס שטעטעלע האָט געביטן זיין אויסזען. די גאַנצע באַווע־גונג, אַפילו די נישט־יידישע, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. ס'איז פאַר זיי — די נישט־יידן — אויך קיין צוועק נישט געווען קומען שבת אין שטעטל און טרעפן אַלץ געשלאָסן. אויף די יידישע באַפעלקערונג האָט דעם טאָג אינגאַנצן אַנדערש אויסגעזען. יידן האָבן זיך דעם טאָג ניט געאיילט, אויך יידישע קינדער, וועלכע האָבן כמעט אַלע געלערנט אין דער העברעאישער „תרבות" שולע „התחיה", האָבן זיך נישט געאיילט — — —

שבת פרי האָט מען באַגעגנט זייער פיל יידן, אַלט און יונג, אַנגעטאָן שבת'דיק און שפּאַצירנדיק לאַנגזאַם, מערסטנס מיט טליתים אונטערן אָרעם, גייענדיק אין די פיר שולן וואָס קאַמין־קאַשירסקי האָט פאַרמאָגט: דער בית־המדרש, טריסקער, סטעפּינער און קאָברינער שטיבלעך.

אין די לעצטע יאָרן האָט אויך עקזיסטירט אַ אַזוי־גערופענער ציוניסטישער מנין, וועלכער איז געווען לאָקירט אין דער תרבות שולע „התחיה", אין הויז פון מאיר רויזן.

נאָכהער, מיטאָג־צייט, ווי אויך אין די אָפּרו־שעה'ען באַלד נאָך מיטאָג, איז דאָס שטעטעלע געווען כמעט אין גאַנצן ליידיק. זייער זעלטן האָט מען אין דער צייט באַמערקט דורכגייער איבערן גאַס; אַלע האָבן גערוט.

דאַקעגן שבת פאַרנאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטאַרקע באַוועגונג פון שפּאַצירנדיקע, אַלט און יונג, וואָס האָבן אויסגענוצט די פאַרנאַכטיקע שבתדיקע שעה אויף שפּאַצירן געמיטלעך, שוין פאַר דער גאַנצער האַרעפּאַשנער וואָך, פאַרגעסנדיק זייערע אַלע וואָכעדיקע דאגות. מיט שיינענדיקע נשמה־יתירה־דיקע פּנימער, האָבן זיי אָנגעפילט די גאַסן.

אַזוי אַרום איז דער שבתדיקער טאָג, אין זיינע אַלע שעהן, געווען שטאַרק אָנזעענדיק, מען האָט געפילט אין דער לופט, און דערקענט לויט אַלע איינצלהייטן, אַז דער טאָג איז שבת, דער יידישער רו־טאָג. קיינער האָט די רו נישט געשטערט. די אַרומיקע באַפעלקערונג פון גאַנצן קרייז האָט געוווּסט, אַז שבת איז דאָס קומען אין שטעטל נוצלאָז, ווייל קיין זאַך איז נישט מעגלעך צו דערליידיקן דעם טאָג. זיי האָבן איינגעשטימט דערמיט, ווי מיט אַ פאַרשטענדלעכער זאַך.

צום באַדויערן, איז שבת אין יענע צייטן אין פּוילן געווען, פאַר יידן נישט נאָר איין טאָג, נאָר גאַנצע צוויי טעג, ווייל אויך דער זונטיק, איז געווען אַ געצוווּנגענער רו־טאָג. אַלע האַנדלס אונטערנעמונגען וואָס זענען ווי אויבן געזאָגט, געווען קאָנצענטרירט אויפן מאַרק, זענען אויך זונטיק געווען געשלאָסן. אָבער זונטיק האָט דאָס שטעטל געהאַט אַ גאַנץ אַנדער אויסזען: יידן זענען דעם טאָג געווען אָנגעטאָן וואָכעדיק, און דער גאַנצער יאָך פון גלות איז געווען אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימער...

אויפן מאַרק־פּלאַץ זענען געשטאַנען נישט ווייניק פּויערישע פורן וואָס זענען געקומען אין זייער פרייען רו טאָג, דערליידיקן כלערליי מעגלעכע אינטערעסן; און נישט קוקנדיק דערויף וואָס די געשעפטן זיינען געווען אָפיציעל געשלאָסן, האָבן זיי דאָך זיך פאַרשטענדיקט מיט וועמען זיי האָבן געהאַט נויטיק, און איינגעקויפט אין די יידישע קראָמען אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט; אָבער נאָר פון די הינטער־טירן, ווייל יידן האָבן דערביי געדאַרפט לייגן פיל אַכט, אַז זייערע האַנדלס־טראַנזאַקציעס זאָלן נישט באַמערקט ווערן פון דעם ספּעציעל־צו־דעם־צוועק־וואָכנדיקן פּאָליציאַנט, (אַממיינסטן, איז דאָס געווען דער פּיפּיקער לוצקי), און נישט קריגן דערפאַר קיין „ראַפּאָרט"...

זונטיק אין די פרייע שעהן, האָבן יידן זיך קאָנצענטרירט אין קרייזלעך אַרום זייערע קראָמען, פירנדיק דערביי פאַרשי־דענע שמועסן וועגן כלל־וועלט־פּאָליטיק, לאַנד־רעגירונגס־פּאָליטיק, יידישע כלל־ענינים און טאַקע אַביסל אָרטיקע רכילות אויך.

ציוניסטן האָבן אויסגענוצט דעם זונטיקדיקן טאָג אויף פאַרשידענע טעטיק׳יטן, אויך אויף קאַמיטעט־זיצונגען און באַגעגענישן. שטאָטישע כלל־טוער האָבן דעם טאָג באַשטימט אויף דערליידיקן קהלשע ענינים, די קינדער זענען אויך זונטיק געגאַנגען לערנען אין זייער העברעאישער שולע „התחיה" ווי אין אַ וואָכעדיקן טאָג.

אַזוי אַרום איז דער זונטיקדיקער טאָג, אַדער ווי מיר האָבן אים גערופן: „שבת שניה של גלות", אויך געווען אַ קענטיקער טאָג, דער זייטיקער באַאַבאַכטער האָט אים

געקענט דערקענען, אפילו נישט אריינקוקנדיק אין לוח, נאָר לויט דער לופט און אויסערלעכן אויסזען פון שטעטל, אז דאָס איז א זונטיק.

נאָך אַ טאָג פון וואָך האָט זיך אויסגעצייכנט פון די איבעריקע וואָכעדיקע טעג, דאָס איז געווען דינסטיק — דער וואָכנטלעכער יריד־טאָג אין קאַמין־קאַשירסקי.

דעם טאָג פלעגן זיך ביי אונדז צוזאמענקומען מענטשן פון גאַנצן קרייז. דער מארקפלאַץ איז געווען פול מיט פורן און די קראמען, כמעט אלע, געפאַקט מיט קונים. די שטימונג ביי די סוחרים און האנטווערקער איז געווען א געהויבענע. דעם טאָג האָט מען אפילו נישט געגעסן אין דער צייט, ווייל מען האָט געמוזט אניאגן די פרנסה פון כמעט דער גאנצער וואָך. דעם טאָג זיינען זיך אויך צוזאמענגעפאָרן יידישע הענדלער פון די אַרומיקע שטעטלעך כדי צו פאַרקויפן זייערע סחורות און געניסן פון דעם פאַרשטאַרקטן פדיון פון יריד־טאָג.

י. בן-משה

# יארידן און מארק-טעג

געלעבט האָט דאָס שטעטל דער עיקר פון האנדל אין האנטווערקעריי פאַר די פויערים וואָס זיי פלעגן קומען אויף די יארידן. גויים פלעגן גלייך מיטן טאָג שטראָמען אין שטעטל אריין פון אלע זייטן, פון די ארום און ארום ליגנדיקע דערפער פלעגן זיי קומען מיט פערד און וואָגן, צו וועלכע ס'פלעגט אָפט זיין צוגעבונדן אַ בהמה, און אינעווייניק אין די וועגענער איז געווען מכל טוב, פון אלע דאָרפישע פראָדוקטן. זיי פלעגן אויפשטעלן אין דער הויף די וואָגן־האָלאָבליעס, און גענומען עפּעס איבערכאַפּן דאָס הארץ, און אז דער פויער האָט פארקויפט די בהמה, און די „באַבע" אירע טרוקענע יאגאָדעס, אייער, שוואָמען און די חזיר־האָר — האָבן זיי זיך געלאָזט אין די קראָמען איינקויפן אלערליי סחורות. ווינטער־צייט האָבן זיי אויך געקויפט פעלצן און שטיוול, נאכער פלעגן זיי אוועק אין טראַקטיר עפּעס אויסטרינקען.

דער טומל און רעש אויפן יאריד איז געווען גרויס, פון די בעלי־חיים ווי אויך להבדיל פון מענטשן. אָפּטמאָל פלעגן אויסברעכן געשלעגן צווישן יידן און גוים צוליב א גניבה וואָס די פויערים פלעגן אוועקגנב'ענען, פון די קראָמען. באַזונדערס האָבן זיך אויסגעצייכנט אלס גנבים, די פויערים פון בוזאַק און פון ווידריטשע.

סוף זומער פלעגן זיך שטעלן גרויסע יארידן, ווען ס'האָט שוין אנגעהויבן בלאָזן א קיל ווינטל, און די פויערים האָבן שוין זייערע תבואות אריינגעפירט אין די שייערן דאַן האָבן זיי באַצייטנס גענומען זיך צוגרייטן אויף דעם ווינטער מיט נייע שטיוול, וואַרעמע פעלצן, און די „באַבא" מיט פאַרשידענע „בייעס" אויף וואַרעמע קליידער.

באַזאַרגערס האָבן זיי געהאַט גענוג. יידן זענען געפאָרן קיין קאָוולע און אין אנדערע שטעט און אריינגעבראַכט פון דאָרט אלערליי שניט־סחורה, פעלצן און שטיוול. אפילו די אָרעמע יידענעס וואָס זענען געשטאַנען אויפן מארק מיט בילקעלעך, בייגל, פארדאַרטע עפּל, באַרן, און עפּל־קוואַס, האָבן אויך געלייזט און געווען צופרידן.

דער בעל־מלאכה, ווידער, האָט אויך אומדירעקט געצויגן די פרנסה פון די יארידים און מארק־טעג. אז דער סוחר האָט פאַרדינט, האָט ער זיך באַשטעלט אַן אנצוג ביים שניידער, אַ פּאָר שיך ביים שוסטער, און אַ שטיקל מעבל ביים סטאָלער. אפילו די מלמדים און לערער האָבן נאָכן יאריד געקריגן באַצאָלט שכר־לימוד.

אויך האָבן ארום אונדזער שטעטל געוווינט פיל פריצים, גראַפן, וואָס האָבן געהאַט גרויסע מאַיאָנטקעס, הויפן, וועלדער און גיטער, און זייער גאַנצן פארצווייגטן האַנדל, האָבן זיי דורכגעפירט מיט אונדזערע שטעטלדיקע יידן. יעדער פריץ האָט זיך שוין געהאַט זיינע יידן, וואָס מיט זיי האָט ער געהאַנדלט. אפילו ווען ער האָט זיך גענוויטיקט אין געלט אויף פראַצענט האָט ער דאָס שוין ביי זיי באַקומען.

איך געדענק ווען זיי זענען אָפט געקומען צו פאָרן אין שטעטל מיט זייערע שיינע פאַיטאָנען (קאַרעטן) מיט 4 אָדער 6 פערד נאָשפּיץ און צוגעפאָרן אין זייערע אכסניה'ס צו ר' הערשל ווערבע, אָדער ר' יהושע קרעמנער (גורטינשטיין) און מיר קליינוואַרג האָבן אָנשטאָט צו גיין אין „חדר", בעסער זיי נאָכגעלאָפן און הנאה געהאַט פון קוקן אויף די שיינע פערד.

אויך זענען אין אונדזער סביבה געווען פיל קאָלאָניעס פון פאָליאַקן, און דייטשן, וואָס זייערע באַדערפעניש זענען געווען פיל גרעסערע, און מער ווי פון די אוקראַאינישע פויערים, זיי האָבן אַלץ איינגעקויפט. זיי האָבן אויך מער געהאַט צו פאַרקויפן צו אונדזערע שטעטלדיקע יידן אַזוי אַז אונדזער שטעטל האָט זיך עקאָנאָמיש גערעכנט פון די פאַרמעגלעכסטע שטעטלעך אין אונדזער געגנט, און די פרנסה־מעגלעכקייטן זענען נישט געווען קיין שלעכטע.



חוה ליטווינסקי — זאַפראַן

# מיין היים

ווער קען פאַרגעסן די היים מיט די מענטשן, מיט דער גאַנצער משפחה, ווו עס האָט געהערשט ליבע צו אַלץ און אַלעמען. ווער קען פאַרגעסן אונדזער גוטע שטוב ווו עס האָט געהערשט צדק און יושר.

איך געדענק אונדזער מוטער בתיה זאַפראַן, ווי זי האָט שטענדיק געטראַכט צו העלפן אַנדערע. זי האָט שטענדיק געזוכט צו העלפן חתונה צו מאַכן אַן אָרעמער יתומה, וועמען עס האָט געפעלט אויף פרנסה און וועמען עס האָט געפעלט אויף שבת. אַלע מידות טובות האָט זי פאַרמאָגט וואָס אַ אשה צנועה קען האָבן. אירע הכנות אויף יום טוב און שבת, מיט וואָס פאַראַ יראת הכבוד!

איך געדענק ווי זי פלעגט מיר זאָגן: „מיין קינד ווען עס קומט דאָנערשטיק חלומ׳ט זיך מיר אַז איך האָב פאַרשפעטיקט ליכט בענטשן". און אַזוי איז טאַקע געשען, זי האָט די ליכט פאַרשפעטיקט, עס זענען פאַרלאָשן געוואָרן אירע ליכט. די באַנדיטן האָבן אירע לייכטער צעבראָכן, אָבער אירע גייסטיקע ליכט נישט פאַרלאָשן. ווייל מיר פאַרגעסן איר נישט, זי לעבט אין אונדזערע הערצער.

עס דערמאָנט זיך מיר, ווי זי פלעגט אין אונדז פלאַנצן דעם געדאַנק, פון געבן און העלפן. מיר וועלן זיין די יורשים פון אירע גוטע מידות.

ווען ראַטנע האָט אָפּגעברענט האָט זי ביי קיינעם קיין הילף געבעטן, נאָר האָט ארויסגענומען אירע זאַכן און עסנוואַרג פון שטוב און אוועקגעשיקט אַ גאַנצע פור קיין ראַטנע.

איך געדענק די פרייטיק־צו־נאַכט־סעודה, די הייליקייט, וואָס האָט געהערשט ביי אונדז אין שטוב: דער שלום עליכם, דער קידוש, די זמירות, עס איז געווען איין שטיק קדושה. עס האָט געמאַכט פאַרגעסן אין דעם שווערן דאָנערשטיק.

איך געדענק אַ פרייטיק־צו־נאַכטס ווען מיר זענען אַלע ביים טיש געזעסן און געזונגען זמירות, קומט אריין נפתלי פאַטוקס אײדעם, און דערציילט: „איך האָב היינט חופה געשטעלט און מיר איז אָנגעקומען אַ קוויטל אַז היינט ביינאַכט דאַרף איך זיך מעלדן אין פאָלק אריין. אונדזער



פאַמיליע שעפּע זאַפראַן

עס שטייען: מרדכי זאַפראַן און פייגע (פרושאַנסקי) זיצן: שעפע זאַפראַן און זיין מוטער חיה, זיין פרוי בתיה און טאָכטער אסתר חיט

פאַטער האָט גלייך אים געענטפערט: גיי זיך פרייען מיט דער כלה. מיין פאַטער איז אוועק צו דער פאָליציי און דאָס גלייך דערליידיקט. ווען מיין פאַטער פלעגט גיין עפעס בעטן ביים סטאַראָסטע, אָדער אין דער גמינע ביי די אדונים „נאַטשאַלסטוואָ", פלעגט ער זיי שטענדיק דערציילן אַ משל מיט אַ מעשה פון דער תורה, אַזוי ארום פלעגט ער אלץ פועלן ביי די אדונים.

ווי קען איך פארגעסן מיינע שוועסטער און ברידער, פייגע און אסתר, שמעון און קאָפּל? פייגע מיט איר מאַכן שלום צווישן פרעמדע און אייגענע, מיט איר גוטע איידעלע נשמה. אסתרן קען איך נישט פארגעסן מיט איר שיינעם געלעכטער מיט אירע ווערטלעך. ווו זענען אייערע ביינער? על קידוש השם ועל קדוש העם. ווי קען איך פארגעסן מיין שטעטל מיט אירע מענטשן? מיר דאַרפן יעדן איינעם דער־מאָנען: די משפחות אייזנבערג, גרשון, יצחק און עקיבא. די משפחה פרוזשאנסקי, שיינדל פרוזשאנסקי. זי פלעגט זאָגן: „ווען נישט אין יעדער וואָך, א דאָנערשטיק וואָלט מען געקענט לעבן". אלץ איז פארשוויגן געוואָרן און דער דאָנערשטיק איז שוין אויך מער נישטאָ...

היינט, די ימים טובים, ווי מען פלעגט זאָגן די „ימים נוראים", יעדער איינער אויף זיין שטייגער פלעגט קומען און אויסגיסן דאָס האַרץ.

איך געדענק מיין פאַטער שבתי זכרונו לברכה, פלעגט אַ סאך מאָל דאַווענען שחרית און ווען ער פלעגט קומען אהיים פלעגט ער פרעגן: „וואָס זאָגסטו, חוה, ווי אַזוי האָב איך געדאַוונט" „זייער גוט!" — פלעג איך ענטפערן — אָבער איר כאַפּט צו גיך". אויף דעם צווייטן טאָג ראש השנה פלעגט ער שוין געדענקען מיין ווילן און טאַקע אַזוי טאָן. ווי גוט איז דאַן געווען. דאָס אלץ איז פארשטומט געוואָרן...

ווי קען איך פארגעסן מיינע חברטעס, פרומע קלאָר־מאַן מיט איר אמתדיקן וואָרט? ווי זי פלעגט שטענדיק קומען און אַזוי האַרציק זיך חברן. סאַסע אייזענבערג, א. א. אַלע מיינע טייערע, וועלכע איך וועל קיינמאָל נישט פאר־געסן!

צבי גורטענשטיין ז"ל איז געווען אַזאַ טייערער מענטש און אַ טייערער בן עיר מיר האָבן אים פערלאָרן דאָ, אין ארגענטינע.

ווער קען פארגעסן ציפקע ערליך דע פלאַט, מיט איר סאָציאַליסטישן געדאַנק און ציוניסטישן גלויבן? צוליב די רייטשישע מערדערישע הענט האָט זי נישט געקענט דער־גרייכן אונדזער אויסגעקעמפט לאַנד.

אַ סאַך אַזעלכע קאמין־קאשירסקער זין און טעכטער זאָלן פארשריבן ווערן אין דעם בוך, זיי טאָרן נישט פאר־געסן ווערן פון פריינט און אייגענע.

**מ. זאפראן**, ארגענטינע

# דאס יידישע קאמין־קאשירסקי

שבת, כ"ז אב, דעם 4־טן אויגוסט, פאַלט אויס דער 14־טער יאָרצייט נאָך אונדזערע ליבסטע און טייערע על־טערן, שוועסטער און ברידער, קרובים און אַלע טייערע יידן פון וועלכע ס'איז נישט געבליבן קיין זכר. זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציישע רוצחים.

קאמין קאַשירסקי האָט אמאָל געהערט צו וואָלינער געגענט, און ביי דער פוילישער ממשלה צו פאָלעסיע־געגענט. אונדזער שטאָט האָט געליטן א סך רדיפות פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 1914 דורך די קאָזאקן. אין דער מלחמה פון פוילן מיט די באָלשעוויקעס האָבן געבושעוועט די מערדערלעכע באַנדעס פון בולאק באַלאַכאָוויטש אונטער דער פוילישער הערשאַפט. אומעטום ווו זיי זיינען דורכ־געגאַנגען האָבן זיי פאַגראָמירט און אָנגעמאַכט א חורבן און שחיטות.

ביי אונדז האָבן זיי פארופן דעם פארשטייער, שעפע זאפראן ע"ה און געפאָדערט קאָנטריבוציע און אויך ערוב־ניקעס. אנגייענדיק מיטן זאמלען די קאָנטרובוציע איז מיין ברודער געפאלן, פון די ערשטע קרבנות. נאָך 3 טעג פאָגראָ־מירן און ברענען און פארברענען לעבעדיקע נפשות, איז געווען 200 קרבנות.

קאמין קאשירסקי איז געווען ווי אַלע קליינע שטעטלעך אין פוילן, אָבער א נאָמען האָט דאָס שטעטל געהאט גלייך ווי די גרויסע שטעט, מיט אירע שיינע יידן, לומדים, סוח־רים און פאָלקסטימלעכע מענטשן. אויך דער האנדל אין אונדזער שטעטל האָט געהאט א נאָמען און האָט זיך געקענט פארגלייכן מיט גרעסערע שטעט אין פוילן.

די פאָלקס מענטשן זיינען געווען טייערע און גוטע יידן און האָבן פארנומען פלעצער אין פארשידענע אנשטאַל־

טן: פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע, אין סוחרים פאַרבאַנד, אין די בענק. אונדזער קהילה מיט אירע אַנגעשלאָסענע ישובים און שטעטלעך: לישע, ליובעשאָוו, פניעוונאַ, חאָטעשאָוו, פאַליץ, מיט זייערע פאַרטרעטער, פרנסים, דאָזורעס, ווי זיי פלעגן קומען צו די מאָנאַטלעכע זיצונגען צו באַהאַנדלען אַלע רעליגיעזע הצטרכותן אונטערן פאָרזיץ פון ר' שעפּע זאַפראַן ע"ה וואָס איז געווען אויך פרעזידענט פון אַ סך אַנדערע אינסטיטוציעס פאַר זיין ליבעראַליזם אין פעיקייט אַנצוהאַלטן שלום און אחדות.

היינט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס: מזרחיסטן, אַלגע־מיינע ציוניסטן, פועלי־ציון, רעוויזיאָניסטן און שומר הצ־עירניקעס אין אויך אגודיסטן. זיי אַלע צוזאַמען האָבן גע־שמידט אַ געזונט יידיש לעבן. און וויפל חלוצים און יוגנט האָבן אונדזערע אָרגאַניזאַציעס אוועקגעשיקט קיין א"י יש־ראל! היינט די קאַמפּיינען! אונדזער שטאָט האָט זיך שטענ־דיק אויסגעצייכנט מיט די גרויסע ביישטייערונגען פאַרן קרן היסוד און קרן קימת. נישט קוקנדיק אויף די אַלע פּאַר־טייען מיט זייערע אידעאָלאָגיעס, האָט שטענדיק געהערשט אחדות און אלע האָבן געמיינזאַם געאַרבעט פאַר איין אי־דעאַל: ארץ ישראל...

אָבער די קאַמין קאַשירסקער יידן וואָס האָבן נישט דערלעבט די גאולה פון מדינת ישראל, איז מקוים געוואָרן די פראַזע פון דוד המלך אז: „ועלהו לא יבול"...

היינט די בתי מדרשים און די חסידים שטיבלעך: סטעפּנער, קאָברינער און טריסקער.

ווי קען מען פאַרגעסן דעם גייסטיקן פאַרגעניגן פון די בין מנחה־למעריב, ווען די עלטערע און די יוגנטלעכע נאָכן טאָג אַרבעט פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין טריסקער שטיבל ווער צו אַ גמרא, ווער צו משניות און הערן די אַלע נגינים ווי זיי פלעגן אין אַלע ווינקלען קלינגען. און ווי אַזוי קען מען פאַרגעסן אונדזער תלמוד תורה, חדרים און בתי ספר און די תרבות שול, ווו ס'פלעגן אָפּקלינגען אין אַלע ווינקע־לעך פון שטאָט די קינדערשע קעלעכלעך.

אין די שבתים האָט מען אַראָפּגעוואָרפן דעם עול פרנסה און די וואָכענדיקע דאגות, ווו אונדזערע עלטערן פלעגן הנאה האָבן פון דער שבתדיקער מנוחה און די יוגנטלעכע האָבן פאַרבראַכט שפּאַצירנדיק און גיין צו פאַרזאַמלונגען אין די קלובן.

היינט אונדזערע ימים נוראים, ווען עס פלעגט זיך דערנענטערן די אימה און פחד. אַלע פלעגן גיין אין די שולן און אינדזערע עלטערן מיט די קיטלען פלעגן מיט התלהבות תפילה טון. אָט די אַלע גוטע, טייערע גלויביקע יידן איז געקומען אַ היטלער ימח שמו מיט זיינע נאַצישע רוצחים און זיי אומגעבראַכט על קידוש השם.

ווי די פליטים גיבן איבער, זיינען טאָג טעגלעך גע־פאַלן קרבנות. נאָך כ"ז אב האָבן די דייטשע מערדער אַרויס־געפירט 1800 קרבנות צום בית עולם און זיי אומגעבראַכט אין איין מאַסן קבר. די קרבנות זיינען אויך גענומען געוואָרן פון די אַרומיקע ישובים: לישע, כאַטעשאָוו, פאַליץ און אנד. שוין 14 יאָר נאָכן אומקום פון אונדזערע קדושים און די האַנט ציטערט מיר פון שרייבן ווי די מערדער האָבן אומגעבראַכט אונדזערע ליבסטע און טייערע. דעריבער איז אונדזער חוב איין מאָל אין יאָר אַלע צוזאַמען צו דערמאָנען די הייליקע געשטאַלטן פון אונדזערע ליבע עלטערן, שוועס־טער, ברידער, פריינט און אַלע טייערע יידן וואָס האָבן שטענדיק געשטראַלט מיט אהבת ישראל און וואָס זיינען אימגעקומען צוזאַמען מיט מיליאָנען יידן אויף קידוש השם ועל קדוש העם.

בערטא (ברכה) פקטורוביץ

# פין קאַמין קיין ארץ ישראל

געבוירן בין איך אין פּינסק, און ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, בין איך אַלט געווען 12 יאָר. מיר זענען געווען אַ משפּחה פון פינף פּערזאָן: די עלטערן, איך די עלטסטע טאָכטער און נאָך צווי שוועס־טער. ביז 1916 האָבן מיר געלעבט אין פּינסק, אין שרעק, הונגער און צרות, אזוי ווי די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. אויף אַ מאָל האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אז ווער עס וויל פאַרלאָזן די שטאָט פּינסק זאָל זיך קומען פאַרשרייבן, זיי וועלן שוין זאָרגן און אוועק־שיקן אויף פּלעצער ווו מען וועט קענען שטילן דעם הונ־גער, און ס'וועט אויך זיין ווייט פון פראָנט. האָבן מיר און נאָך הונדערטער משפּחות זיך פאַרשריבן. מיר האָבן דאָך געהאָפט אז די מלחמה וועט זיך אַמאָל ענדיקן, און מיר וועלן זיך קענען אומקערן צוריק צו אונדזערע היימען.

13 טעג נאָך דעם פאַרשרייבן־זיך, האָט יעדע משפּחה באַקומען אַן איינלאַדונג און ס'איז געמאָלדן געוואָרן דער טאָג וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַרן אָפּפאָר. מיט דער באַן זענען מיר אָפּגעפאָרן בלויז צוויי סטאַנציעס (מיר זענען געפאָרן מיט באַגלייטונג) און דעם רעשט וועג זענען מיר געפאָרן מיט פערד און וואָגן, ביז מיר זענען געקומען צו אונדזער נייער היים.

מען האָט צעטיילט די משפּחות אין גרופּן און מען האָט צעשיקט יעדע איינע אויף אַ באַזונדערן פּלאַץ. ווען מיר האָבן דערזען אונזער נייע היים, איז אונדז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דאָס איז געווען אַ דאָרף מיט פּויערים, נאָר דריי משפּחות יידן, די וווינונג איז באַשטאַנען פון איין צימער, אין דעם אריינגאַנג זענען מיר געבליבן זיצן אין דרויסן, ווייל מיר האָבן געוואָלט אַ בעסערע דירה, אָבער עס האָט אונדז ניט געהאָלפן. מיר האָבן זיך געמוזט איבער־בעטן, און מיר זענען אריין מיט אונדזערע זאַכן אין דעם „פּאַלאַץ"...

דאָס דאָרף האָט געהייסן זאַלאַזע, 20 קילאָמעטער פאַר דעם שטעטל קאַמין־קאָשירסקי, און נישט ווייט פון קאָוועל. דאָס איינציגע פּאָזיטיווע איז באַשטאַנען דערין, וואָס מיר האָבן ניט געהערט דאָ דאָס באָמבאַרדירן. דעם הונגער האָבן מיר אביסל געשטילט, די דייטשן האָבן אונדז פאַר־טיילט פּראָוויאַנט. מיט דער צייט האָבן מיר זיך באַקענט מיט די משפּחות וואָס זענען געווען איינוווינער פון דאָרף. מען האָט זיך צוזאַמענגעלעבט מיט די פּויערים.

מיין פאָטער איז ניט געווען מיט אונדז, ווייל די מענער האָבן די דייטשן ניט ארויסגעלאָזן, מען האָט זיי געגימען אויף צוואַנגס־אַרבעט, בין איך, די עלטסטע טאָכטער גע־וואָרן די פאַרדינערן. איך בין געפאָרן אין קאַמין־קאָשירסקי, זיך באַקאָנט מיט עטלעכע משפּחות, זיי האָבן מיר געגעבן אַן עצה איך זאָל קויפן פאַרשידענע סחורות וואָס די פּויערטעס געברויכן — איך זאָל גיין פון שטוב צו שטוב און אַזוי פאַרקויפן מיין סחורה. אין וואָס איז באַשטאַנען די סחורה? — קאַרעלן, קאָפּ־טיכלעך, גויישע סטענגעס. און אַזוי האָב איך אָנגעהויבן צו האַנדלען. און מיין מוטער האָט געפירט די הויז־ווירטשאַפט.

אין א שטיקל צייט האָבן מיר באַקומען א בעסערן צימער. די משפּחות פון דאָרף פלעגן אונדז אויך העלפן. פאַר מיין סחורה פלעג איך קריגן ניט קיין געלט, נאָר פאַרשידענע תבואה. די איינוווינער פון דאָרף פלעגן מיך מיטנעמען מיט זייערע וועגענער אין קאַמין־קאָשירסקי, און איך פלעג די תבואה פאַרקויפן אין די געשעפטן.

די יידן אין קאַמין זענען געווען זייער פיינע מענטשן, אַלע ווי איין משפּחה, גרייט צו העלפן איינער דעם אַנדערן.

אַזוי איז פאַרביי דאָס לעבן ביז 1918. פאַר דער צייט האָב איך זיך געחבר'ט מיט אַ בחור פון א משפּחה פון דאָרף זאַלאַזע. איך האָב מיט אים חתונה געהאַט. אין אַ שטיקל צייט נאָך מיין חתונה זענען מיינע עלטערן מיט די שוועסטער צוריקגעפאָרן קיין פּינסק. איך בין פאַרבליבן אַ געוויסע צייט אין דאָרף, און שפּעטער זענען אויך מיר ארויסגעפאָרן קיין פּינסק.

אין פּינסק איז די לאַגע געווען שווער, עס איז נאָך געווען מלחמה־צושטאַנד. אין 1920 זענען מיר אוועק פון פּינסק און אַזוי וואַנדערנדיק פאַרבליבן אין דאָרף, ווי עס האָבן אָנגעהויבן שווערע אומרוען. די ארומיקע פּויערים פון די דערפער האָבן אנגעהויבן בושעווען, עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן באַנדעס, בראש מיט באַטקא באַלאַ־כאָוויטש.

פאָרן צוריק קיין פּינסק האָבן מיר שוין ניט געקענט, אפילו קיין קאַמין־קאָשירסקי האָבן מיר שוין נישט געקענט פאָרן, ווייל מיר האָבן געהערט, אז אויך די קאַמין־קאָ־שירסקער יידן זוכן זיך צו באַהאַלטן. אַ סך זענען געלאָפן אין די וועלדער. אויך מיר זענען אנטלאָפן אין וואַלד. מיר זענען אָבער געווען איין משפּחה אליין, האָבן מיר מורא געהאַט צו זיין אין וואלד, ניט ווייט פון פּניעוונע.

צוויי טעג פאַר יום כּפּור האָבן זיך באַוויזן די באַנדיטן זיי האָבן געזוכט יידישע משפּחות. די גויים האָבן זיי דער־ציילט ווי די יידן באַהאַלטן זיך. דאָ האָבן זיי אונדז געכאַפּט און געפּאָדערט פון אונדז געלט. וויפל מען האָט געהאַט ביי זיך האָט מען זיי אוועקגעגעבן. נאָכער האָבן זיי גע־וואָלט מיר זאָלן זיי פירן פונוואַנען מיר זענען געקומען, מיר זאָלן זיי געבן נאָך געלט, אלץ וואָס מיר האָבן אי־בערגעלאָזט. אזויארום זענען מיר צוריק געקומען צו אונ־דזער היים. גלייך זענען אָנגעקומען נאָך צוויי באַנדיטן, זיי האָבן גלייך אוועקגערופן מיין מאַן און מען האָט אים געשאָסן אין קאָפּ. ער איז געפאלן טויט, און זיי זענען אַלע אנטלאָפן.

איך בין דאַן געווען שוואַנגער, און פאַרוואָס זיי האָבן מיך געלאָזט לעבן — ווייס איך ניט. די פּויערים פון דאָרף האָבן אונדז שוין דאַן ניט געלאָזט גיין אין וואַלד, זיי האָבן אונדז אויסבאהאלטן. מיר איז דאַן שוין ניט געווען קיין אונטערשיד וואָס עס וועט זיין מיט מיר, נאָכדעם ווי איך בין געבליבן אין אזא צושטאַנד אליין. עס האָט נאָך געדוי־ערט אַ פּאָר מאָנאַט ביז עס איז געוואָרן שטיל. דאַן איז מיין פאָטער געקומען און האָט מיך גענומען אין פּינסק צו זיך אהיים. אין קורצן האָב איך געבוירן מיין זון.

ביז 1922 איז נאָך אַלץ דער מצב ניט געווען נאָרמאַל אַלע מאָל האָט זיך געביטן די רעגירונג.

איך האָב געאַרבעט אין אַ געשעפט, אָבער די לאַגע איז ניט געווען אַזוי גוט. זינט 1920 האָב איך מיינע שוויגער עלטערן ניט געזען. האָב איך מיין קינד געלאָזן ביי די עלטערן, מורא האָבנדיק עס מיטצונעמען אין דאָרף, און אַליין בין איך געקומען צו די שוויגערעלטערן. זיי האָבן זיך זייער געפרייט מיט מיר. מען האָט כסדר גערעדט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, זיך אַלע מאָל גוט אויסגעוויינט. איך בין דאָרט געווען אַ פּאָר טעג, און נאָכהער בין איך געפאָרן אין קאַמין־קאַשירסקי זיך זען מיט מיינע גוטע פריינט. אַלע האָבן זיי זיך זייער געפרייט מיט מיר.

צופעליק האָב איך מיך באַקאַנט מיט אַ מאַן, אַ וואַלד־סוחר, פון אַ פיינער משפחה. איך האָב מיט אים חתונה געהאט אפילו ניט געפרעגט די עלטערן, ווייל איך האָב געזען אַז איך האָב ניט קיין אַנדער אויסוועג.

מיר האָבן זיך באַזעצט אין קאַמין־קאַשירסקי, גענומען אַ וווינונג. איך האָב אהיים געשיקט אַ בריוו, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערשרעקן פאַרן שריט וואָס איך האָב געמאַכט.

איך האָב מיר געפירט מיין ביליקע ווירטשאַפט, געהאַט אַ היים און דאָס איבעריקע צופרידנקייט האָט מיר געגעבן מיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. עס האָט נישט געפעלט וועמען צו העלפן אין קאַמין־קאַשירסקי, די מלחמה האָט דאָך אַלע־מען פאַראומגליקלעכט, עס זענען געבליבן אַ סך אַלמנות, יתומים, די קאַמינער יידן זענען אַלע געווען גוטהאַרציקע, מען האָט זייער אַ סך געהאָלפן די נויטבאַדערפטיקע.

אין שטעטל איז געווען אַ רבי, ר' נח ראַבינאָוויטש, געקומען פון קאָברין צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע — דריי טעכטער און איין זון. די רביצין איז געווען זייער אַ פיינע און גוטהאַרציקע. נאָר דער מצב זייערער איז געווען געדריקט, זיי האָבן ניט געהאַט קיין פרנסה און געלעבט פון קצבה. דער רבי פלעגט ארומפאָרן איבער די שטעטלעך, ער האָט איבעראַל געהאַט זיינע קאָברינער חסידים און זיי פלעגן אים העלפן. אויך אין קאַמין האָט אים די באַפעלקערונג געהאָלפן. מען פלעגט אים צאָלן חודש־געלט, אַנדערע פלעגן געבן יעדע וואָך. אַ סך פלעגן אַליין ברענגען אין הויז און געבן אויף זייער אַ שיינעם אופן, זיי זאָלן ניט מערקן און ליידן דערפון.

איך האָב אָרגאַניזירט עטלעכע פרויען און פלעג זיי שיקן מיט אַ רשימה צו וועמען זיי זאָלן גיין זאַמלען — איך אַליין פלעג אויך גיין — און אַלע גוטע מענטשן האָבן מיט פרייד געגעבן די תרומה. איך האָב גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין לעבן פון דער משפחה פון דעם קאָברינער רבין.

איך פלעג אויך זיי שאַפן האָלץ און געזען מען זאָל דאָס שיקן אהיים. און אַז זיי פלעגן ניט האָבן גענוג פלעג איך אויפשטיין ווינטער אין די גרויסע פרעסט פאַרטאָג און קויפן ביי די פויערים אויפן מאַרק וואָס זיי פלעגן ברענגען מיט די וועגעלעך פאַרקויפן אין קאַמין. און האָב זיי געבראַכט אהיים אַז קיינער זאָל ניט זען.

קאַמין איז געווען אַ ציוניסטיש שטעטל. געווען ביי אונדז אַ ועד פון קרן־קימת, און זיינע מיטגלידער: מלמד, יעקב פלאַט, אייזנבערג, לייזערוק, קאַרש, אליעזר שפירא. שטאַרק איז געווען די בענקשאַפט עולה צו זיין. אליעזר, יצחק דעם שוחט'ס איידעם מיט זיין פרוי, און צוויי קליינע קינדער, האָבן שוין אין יאָר 1924 פאַרלאָזן זייער היים מיטן גרויסן געשעפט און עולה געווען קיין ארץ־ישראל. די איבעריקע ציוניסטן זענען פאַרלויפיק געווען טעטיק אין קאַמין. ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען געשאַפן געלט פאַר ארץ־ישראל.

איך און נאָך אַנדערע פרויען זענען אויך געווען אין ועד פון קרן־קימת. מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן זאַל אין קאַמין, ווו מען פלעגט איינאָרדנען פאַראוויילונגען, צוזאַמען־נעמען אין די געשעפטן געשענקטע זאַכן, מאַכן אַ בופעט, און יעדערער פלעגט קויפן אַ בילעט אויף דער פאַראוויילונג. דאָס געלט איז געווען באַשטימט אויף העלפן אָרעמע קינדער וועלכע פלעגן גיין אין שולע און ניט האָבן צו צאָלן, און אַ טייל פאַרן קרן־קימת.

וואָס שייך קאַמין־קאַשירסקי וויל איך באַמערקן, אַז איך ווייס נישט צי עס זענען געווען נאָך אַזעלכע שטעטלעך ווו די באַפעלקערונג האָט געלעבט ניט נאָר פאַר זיך. תמיד האָט מען געשאַפן מיטלען פאַר עפּעס אַ צוועק. יעדן שבת אוונט פלעגט מען איינאָרדנען אין בית־ספר אַ קעסטל אוונט — דאָס האָבן אָרגאַניזירט מלמד און יעקב פלאַט. עס איז געווען אויך אַ לעזע־זאַל מיט ביכער און צייטונגען; און בכלל האָט זיך קאַמין אויסגעצייכנט מיט אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, און פאַר קעגנזייטיקער הילף. ס'געדענקט זיך אַז ביי יצחק דעם שוחט איז שטענדיק דאָס הויז געווען אָפן פאַר פיל יידן וואָס פלעגן קומען פון די דערפער און פון די קליינע שטעטלעך — אַ גאַנצער האָטעל. זיין פרוי שיינה־חיה פלעגט שטיין און קאָכן פאַר די אַלע געסט, און מען האָט זיי באַזאָרגט מיט אַ געלעגער. קיין רייכע מענטשן זענען זיי ניט געווען, קיין געלט האָבן זיי ביי די געסט ניט גענומען.

געווען אַ פרוי חלכה גורטענשטיין, האָט זי אויך אַ סך געטאָן פאַר נויטבאַדערפטיקע — געווען אַ איבערגעגעבענע כלל־טוערין.

איך וועל דאס שטעטעלע קיינמאל ניט פארגעסן, תמיד וועט עס לעבן אין מיין זכרון. איך בין געווען אין קאמין־קאשירסקי ביזן יאר 1933. מיינע עלטערן זענען פון פינסק געפארן קיין ארץ־ישראל, און אין 1932 האב איך פון זיי באקומען א פאדערונג. די אלע חברים און חברות וואס צוזאמען זענען מיר געווען טעטיק פאר ארץ־ישראל און פאר אנדערע צוועקן, האבן מיר איינגעארדנט א אפשידס־נשף, איך האב איינגעלאדן א סך חברים און באקאנטע, ווער עס האט נאר געוואלט קומען. מען האט געזאמלט געלט אויף קרן־קימת, געלויבט מיין טעטיקייט. איך האב געדאנקט פאר די גוטע ווערטער און אויסגעדריקט מיין ווונכש, אז מיר זאלן זיך טרעפן אין ארץ־ישראל.



מרדכי זאפראן, ארגענטינע

# דאס שטעטל און מיין פאטערס הויז

אונדזער שטאט האט געהאט רבנים, לומדים, סוחרים, קליינהענדלער, בעלי מלאכות. אויך האט די שטאט געהאט א גרויסן בית המדרש און חסידישע שטיבלעך. א טריסקער, סטעפענער און א קאברינער. ס׳איז אויך געווען א מנין ביי דעם טריסקער רב (דיין) פסח אהרון ווייסמאן זכרונו לברכה.

פריער האט אונדזער שטאט געהאט איין דיין, זיין פאמיליע־נאמען איז געווען גאלדשמיד. האבן די טריסקער חסידים אראפגעבראכט נאך א דיין הרב פסח אהרון ווייסמאן. דאמאלט האבן זיך געשאפן צוויי צדדים. די ערשטע חופה וקדושין וואס דער דיין ווייסמאן האט מסדר געווען איז געווען, ווען מיין פאטער שעפע זאפראן ז״ל האט חתונה געהאט פאר בתיה אייזענבערג, די טאכטער פון שמואל צבי אייזענבערג, און מיין פאטער איז געווען פון די טריסקער חסידים.

שפעטער האט הרב גאלדשמיד פארקויפט זיין חזקה צו הרב גינזבורג, וועלכער האט געהאט 2 זין, אליעזר און אליהו.

אין קאמין קאשירסקי, זענען געווען גוטע מלמדים, ווי הרב יצחק וואלף לעסניק, יהושע פלאט, וועלכע מען האט גערופן שיע דער מלמד, שלמה וואלק און פסח הערש ארימלאנד. אויך איז געווען ביי אונדז א תלמוד תורה און א בית הספר פון לערער משה דאדיוק. די מערהייט קינדער האבן געלערנט אין בית ספר, ווייל מען האט דארט געלערנט וועלטלעכער און מאדערנער. איך האב געלערנט אין בית ספר פון משה דאדיוק. גמרא האט געלערנט אין דעם בית־ספר הרב יצחק וואלף לעסניק, רוסיש האט געלערנט די לערערין פעסין, די אנדערע למודים ווי תנ״ך, יידישע היסטאריע האט געלערנט משה דאדיוק.

די סוחרים אין שטעטל איז אנגעקומען שווער צו באקומען סחורות, ווייל דאס שטעטל האט נאך דאן נישט געהאט קיין באן־ליניע און מען האט אלץ געדארפט ברענגען מיט וועגענער.

די שטאט האט געהאט א שם פאר א גוט שטייענדע מיט פרנסה, צוליב דער סביבה און די וועכנטלעכע ירידים. עס זענען אויך געווען פיל סוחרים פון דער האלץ בראנזשע ביי אונדז אין שטאט.

די גאנצע וואך זענען אלע געווען באשעפטיקט. ווען עס פלעגט אבער קומען דער שבת, האט יעדער איינער אראפגעווארפן דעם עול פרנסה און עס איז באמת געווען א שבת מנוחה, ווייל אין יענער צייט האט מען מער נישט געדארפט, ווי געזונט און פרנסה.

ווען עס פלעגן זיך דערנענטערן די ימים נוראים פלעגט יעדן ארומנעמען אן אימה. גאנץ חודש אלול, פלעגן די חזנים און בעל תקיעות מאכן רעפעטיציעס. און פאר ימים נוראים די סליחות. מען האט געדארפט אויפשטיין א זייגער פיר־פינף פארטאג און לויפן אין שול. אלע יונג און אלט.

ראש השנה, ווען די עלטערן — טאטעס, און זיידעס,

זענען געווען אָנגעטאָן אין די ווייסע קיטלען און געוועז פאַרטיפט אין דאַווענען אַלע תפילות, האָט באמת גערוט די שכינה.

און יום כפור, יום הנורא, איז מען געווען נאָך מער פאַרטאָן אין דעם מחזור. עס געדענקט זיך מיר דער בעל תפילה פייוול פנחס ניימאַן מיט זיינע 2 זין מאָרדיש און שמעון ניימאַן, ווי דער כל נדרי האָט ביי זיי אָפּגעקלונגען מיט זייער התלהבות. און אויף מאָרגן ווי מיין פאָטער פלעגט ארויסזינגען די פסוקי דזמרא, און דערנאָך דוד דער שוחט קאמינסקי, יצחק פרידמאַן און די אַלע טייערע יידן, וועלכע זענען שפּעטער אומגעקומען אויף קדוש השם...

און יום־טוב סוכות און פסח, ווי מען פלעגט פאָרן צו געסט.

אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען ביז דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה ביז 1914. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. די צאַרישע קאָזאַקן האָבן אָנגעהויבן מיט פּאָגראָמען. זיי האָבן גערויבט אַלץ וואָס די יידן האָבן פאַר אַלע יאָרן אָפּגעשפּאָרט. דאָס יידישע גוטס און האָרעוואַניע איז געוואָרן הפקר.

כדי זיך צו ראַטעווען מיטן לעבן האָט מען אַלץ געלאָזט אויף הפקר און מען איז זיך צעלאָפן אין די נאָענטע וועלדער. אנטלויפנדיק האָבן מיר געזען ווי גוישע שכנים לויפן מאסנווייז און רויבן די יידישע פאַרמעגנס.

אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג, די רויבערס די קאָזאַקן, נישט זייענדיק צופרידן מיט זייער רויב, האָבן זיי אונדז נאָך פאַרפאָלגט אין די וועלדער. ווען זיי זענען געקומען צו אונדז אין וואַלד און זיך גענומען צו אונדזערע פרויען, זענען אונדזערע געוויינען געגאַנגען עד לב השמים.

איך געדענק נישט ווי אַזוי עס איז געשען, זיי האָבן נאָר פנחס מאליקן צעשניטן די האַנט און זענען אוועק. נאָך עטלעכע טעג זיין אין וואַלד האָבן מיר אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך צוריקקערן אין שטאָט. וועלכע איז געווען טיילווייז פאַרברענט און אינגאַנצן צערויבט.

די קאָזאַקן האָבן אָבער אויך געמוזט אַנטלויפן ווייל די דייטשן האָבן זיי פאַרפאָלגט.

ראש השנה זענען די ערשטע דייטשן אריין אין שטעטל. מיר האָבן זיך דערפרייט מיט זיי ווי מיט משיחן. אָבער, די פרייד איז געווען אן אומזיסטע. די דייטשן די נייע מושלים, ימח שמם, האָבן באַלד גענומען ארויסגעבן נייע גזירות, נגישות און רדיפות זיי האָבן פארנומען די הייזער, די געבליבענע צעשטערטע און צעבראָכענע. זיי האָבן געגעבן אַ פאַראָרדענונג אַז אַלע עלטערע זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל זיי דאַרפן האָבן די הייזער צו וווינען פאַר זייער ארמיי און אז אַלע זאָלן זיך מעלדן צו דער אַרבעט פון בויען וועגן, ביי דער באַן וואָס זיי האָבן געבויט פון קאמין קיין קאָוועל און קאמין—ליובאשעוו—יאנאָווע. זיי האָבן אויך געבראַכט אַ סך יידישע יונגעלייט פון אנדערע שטעטלעך צו דער אַרבעט.

ביי דער ענדע פון דער מלחמה און אויסגעבראָכענע רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד און אין דייטשלאנד זענען געלאָפן דייטשן פון די פראָנטן אָן אָרדענונג. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויך צוריקלויפנדע רוסישע סאָלדאטן, די ערשטע צייט האָבן זיי אונדז נישט געטשעפּעט. אָבער נאָכהער האָבן זיי אָנגעפאַנגען רויבן און פּאָגראָמירן. אויך די ארומיקע גויים האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו אונדז, צו באפאַלן און פּאָגראָמירן. מיין פאָטער האָט דאַן איינגעלאַדן אייניקע שטאָט בעלי־בתים גאָלדשטיין, אייזענבערג, ווייסמאַן און אַנדערע און זיי האָבן איינגעזען, אַז מען דאַרף צונויפרופן מער בעלי בתים. מען האָט דאַן גערופן אברהם דוד אַוורוך, דוד ענגעל, אברהם לייב בורשטיין, מאיר וואַסערמאַן, ווי איך געדענק זענען די זיצונגען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי פנחס מאליק אין שטוב. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט ווי מען האָט דאָס דאַן גערופן אַ ראַדע. דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן איינלאַדן אביש קלורמאַן און אים באַשטימט ער זאָל אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ און אויך זען פאַרשאַפן געווער. דער קאָמיטעט פון די עלטערע צוזאַמען מיטן קאָמענדאַנט אביש קלורמאַן האָבן אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען ווי צו פאַרהיטן אונדזער שטאָט פון פּאָגראָמירט צו ווערן. מען האָט באַשטימט און אלע נאַכט זענען ארומגעגאַנגען אַ 10 צענדליק יונגעלייט גוט באוואפנט. און געהיט די שטאָט און אלץ איז געווען אין אָרדענונג.

עס האָט זיך גענומען פאָרמירן די פוילישע מלוכה.

פון די פוילישע בעפרייערס האָבן אויך אונדזערע אחינו בני ישראל געהאַט גענוג אויסצושטיין. פון באַן האָבן זיי דורך די פענסטער ארויסגעוואָרפן יידן. די פוילישע זעלנער „האלערטשיקעס" האָבן געשניטן ביי די יידן די בערד. מיר האָבן זיך גענוג אָנגעליטן פון די פּאָליאַקן. זיי האָבן אויך גענוג געראַבעוועט ביז דאָס מיליטער איז אוועק און עס איז געבליבן נאָר די פוילישע זשאַנדאַרמעריע, זיי האָבן געשיקט רופן מיין פאָטער, אַלס פאָרשטייער פון שטאָט און אים געזאָגט אַז ער וועט זיי דאַרפן באַזאָרגן מיט וואָס זיי וועלן דאַרפן.

עס האָט זיך אַביסל אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן, אין דער צייט האָט אָנגעהויבן קומען הילף פון אמעריקע דורכן דזשאָינט. אויך האָט מען געשיקט לעבנס־מיטל אויף איינצואָרדנען קיכן פאַר אָרעמע קינדער און זיי געבן עסן, עס

איז באַשטימט געוואָרן אַ אָנפירענדער קאָמיטעט אונטערן פאָרזיץ פון מיין פאָטער.

די מלחמה מיט די באָלשעוויקעס איז נאָך אָנגעגאַנגען, אָבער ווייט. עס זענען אָנגעקומען סוחרים פון דער האָלץ־בראַנזשע און עס האָט זיך אָנגעהויבן אין אַלע בראַנזשעס אַ פּראָספּעריטי, נאָך אַזוי פיל יאָרן פון מלחמה. אויך האָבן דאַן אָנגעהויבן צוריקקומען פיל גויים עמיגראַנטן פון אַמעריקע, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסער אָפּגאַנג פון סחורות, און יעדער איינער האָט זיך באַשעפטיקט ביי זיין בראַנזשע, ווער ביי מסחר און ווער ביי ארבעט.

אויך דער חנוך, האָט גענומען אויפלעבן. פאַר עלטערע האָבן מיר איינגעאָרדנט אָוונט־קורסן. עס זענען אויך געווען אַ 2 חדרים, איינער פון זיי איז געווען ביי פסח הירש אָרימלאַנד.

אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן ביז דער דאַמאָלסדיקער מלחמה מיט די באָלשעוויקעס אין יאָר 1920.

איך געדענק עס איז געווען ראש השנה דאָס יאָר 1920. ביינאַכט אַזייגער 12, מען קלאַפּט, דער פאָטער איז צו צו דער טיר און האָט דערזען די באַלאַכאָוועצעס מיט די רעוואָלווערן אין די הענט. ביי זייער אריינקום צו אונדז אין שטוב האָבן זיי זיך פאַרגעשטעלט זייער העפלעך, מען זאָל קיין מורא נישט האָבן. קיין צוטרוי האָבן מיר צו זיי נישט געהאַט, נאָר וואָס האָט מען געקענט טאָן אז אלץ איז געווען הפקר און זיי האָבן זייער שיין גערעדט, אז זיי זענען געקומען אונדז באַפרייען און זיי וועלן זיין אונדזערע באַשיצער. זיי האָבן געפאָדערט ביי מיין פאָטער 4 ערובניקעס, און דער עיקר א קאָנטריבוציע, זער אַ גרויסע סומע. מיין פאָטער האָט געמוזט אַלעס אויספּאָלגן. ער האָט צו זיי געזאָגט, אז ער וועט שיקן רופן די ערובניקעס. זייער ענטפער איז געווען, אז איין באַלאַכאָוויעץ וועט מיטגיין. איז געגאַנגען מיין ברודער שמעון ע"ה און גערופן 4 יידן ערובניקעס. ווי איך געדענק גורטענשטיין, נח בינוק, די אייזענבערגס. און מיין פאָטער איז אוועק מיטן צווייטן באַלאַכאָוויעץ צו יעקב רויזען און לייביש גאָלדשטיין זאַמלען די קאָנטריבוציע. מיין ברודער איז געקומען צוריק און געזאָגט, אז דער באַלאַכאָוויעץ האָט פאַרנומען די ערובניקעס און איז געוועזן זייער העפלעך און די באַלאַכאָוועצעס האָבן צוגעזאָגט, אז זיי וועלן נישט פּאָגראָמירן און ראַבעווען.

די באַלאַכאָוועצעס האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דעם וואָס מען גייט זאַמלען פאַר זיי געלט און קרבנות זענען געפאַלן. זיי האָבן שוין באַוויזן זייער פּרצוף. די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן זוכן שוץ, באַהעלטעניש. אונדזער שטוב איז געוואָרן פול. מיינענדיג אַז ביי שעפּע זאַפּראַן וועט מען נישט טשעפּען, זיי וועלן רעספּעקטירן. אָבער מיר האָבן געלעבט אין טעות, מען האָט געדענקט אז מען האָט צו טאָן מיט מענטשן, אָבער דאָס זענען געווען מערדער און עס האָבן זיך אַלע מאָל באַוויזן באַלאַכאָוועצעס און זיי האָבן נישט געשאַנעוועט, זיי האָבן זיך אויך גענומען צו די פרויען. מען איז זיך צעלאָפן און מען האָט אָנגעהויבן זוכן באַהעלטענישן. עס זענען שוין געווען א סך הרוגים.

מיין ברודער שמעון ע"ה האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס הויז, ער איז געוועזן זיכער מיט דעם, וואָס דער באַלאַכאָוויעץ האָט אים צוגעזאָגט ביינאַכט, ווען ער איז געגאַנגען מיט אים צו די ערובניקעס, אז זיי וועלן נישט טשעפּען. אָבער, די באַלאַכאָוועצעס האָבן אים געשאָסן. מיין ברודער האָט זיך נאָך געמוטשעט 4 טעג. ווען עס וואָלט געווען אַ דאָקטאָר וואָלט מען אים אפשר געקענט אָפּראַטעווען.

מען הערט אַלע מאָל שיסערייען, די שכנישע פּויערים ראַבעווען, און מען האָט שוין אָנגעהויבן ברענען די הייזער. דערזעענדיק אַז עס ברענען שוין די הייזער און עס איז געווען נישט ווייט פון אונדזער שטוב, בין איך אַרויס פון באַהעלטעניש, און די מאַמע בתיה איז אויך געקומען צולויפן אַרויסצוראַטעווען מיין שווער־פאַרוואונדעטן ברודער, אַז ער זאָל חס וחלילה נישט פאַרברענט ווערן... פונקט איז צוגעקומען אַ פּאָליאַק, זשמינקאָווסקי, און געזאָגט, אז מיר זאָלן אריינטראָגן אונדזער קרבן צו אים אין שטוב. די אייניקע וואָס האָבן אונדז געהאָלפן אריינטראָגן דעם ברודער זענען שוין געבליבן צוזאַמען מיט אונדז. דער פּאָליאַק, האָט אריינגענומען צו זיך נאָך עטלעכע יידן, זיי צו פאַרהיטן פון פּאָגראָם און שחיטה, וואָס איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג און די נאַכט פון ערב ראש השנה ביז צום גדליה.

מיין פאָטערס שוואָגער עוזר אייזענבערג האָט מען דערשאָסן צוזאַמען מיט זיין זון ישעיהו און די טאָכטער דינצע געשענדעט. זיי האָבן אויך אונטערגעצונדן זייער הויז און די קדושים זענען פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיטן הויז. עס איז אפילו קיין זכר נישט געבליבן פון זיי.

נאָכן דריי טאָגיקן פּאָגראָם, שחיטות און ראַבעווען האָט אָנגעהויבן אריינקומען די ארמיי מיט גענעראַל באַלאַכאָוויטש. די באַלאַכאָוועצעס האָבן שוין מער נישט געקענט פירן זייערע רוצחישע שטיק, זיי האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן און גיין ווייטער. און ווו זיי זענען דורכגעגאַנגען האָבן זיי אָנגעמאַכט חורבן, פּאָגראָם און שחיטות.

נאָך זייער פאַרלאָזן די שטאָט האָט מען געזען דעם חורבן, וואָס זיי האָבן געמאַכט: געשענדעטע פרויען און אויסגעהאַרגעטע, צוזאַמען פאָטערס מיט קינדער, גאַנצע פאַ־

מיליעס אומגעבראַכט. אויסצורעכענען יעדן באַזונדער אין דער שחיטה איז אוממעגלעך, עס זענען אומגעקומען אריבער הונדערט פון די בעסטע, וואָס אונדזער שטאָט האָט פאַר־מאָגט. מען האָט צונויפגענומען די קדושים און זיי מקבר געווען אין איין מאַסן־קבר, פון יעדער פאַמיליע זענען געווען קדושים.

נאָכן אָנקומען פון דער רעגולערער פוילישער ארמיי — האָט זיך אַביסל באַרואיקט.

די קאָמיטעטן האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן און עס האָט אָנגעהויבן צו קומען הילף פון דזשאָינט און אויך פון פריינט. עס איז געעפנט געוואָרן די קיך פאַר אָרעמע קינדער און באַזונדער אַ קאָמיטעט פאַר די יתומים, וואָס זייערע עלטערן זענען אומגעקומען דורך די באַלאַכאָוצעס. די יתומים האָט מען איינגעאָרדנט אין הויז פון יצחק באַרענ־האָלץ.

מען האָט שוין געקענט אַרויספאָרן און עס האָבן אָנ־געהויבן צו קומען סוחרים. עס איז דאַן אָנגעגאַנגען דער וואַלד־מסחר. עס איז געוואָרן רואיקער. פרנסה איז אויך געווען — האָט מען אָנגעהויבן קלערן וועגן געזעלשאַפט־לעכע ענינים.

די שטאָט האָט געליטן פון דעם וואָס קיין מרחץ איז נישט געווען. ווי איך געדענק האָבן מיין פאָטער, יעקב קלאַרמאַן, לייביש גאָלדשטיין און יצחק אייזנבערג גע־זאָרגט, אַז דער מרחץ זאָל וואָס פריער אויפגעבויט ווערן. מען האָט אויסגעבויט דעם מרחץ אויפן זעלבן פּלאַץ ווי פריער.

מיט דער צייט האָבן די סטעפּענער חסידים אויפגעבויט זייער שטיבל, האָבן שוין אנדערע אויך געדאַוונט אין סטעפּענער שטיבל.

דער קאָברינער רבי איז געווען אַ 2—3 מאָל אין יאָר אין שטאָט, און איינמאָל זיך פאַרקלאָגט פאַר מיין פאָטער אַז ער האָט נישט קיין פּלאַץ, קאָברין מוז ער פאַרלאָזן, ווייל דער פּלאַץ געהערט צום עלטערן ברודער. האָט מיין פאָטער געזאָגט אַז ער זאָל אריין קיין קאַמין, ער וועט שוין זען אַז דער קאָברינער זאָל האָבן אַנהענגער. דעם קאָברינער איז געפעלן די עצה פון מיין פאָטער און ער האָט לאַנג נישט געוואַרט. מיין פאָטער האָט געהאָלפן צו באַזאָרגן אַ דירה און דער קאָברינער האָט זיך אריינגעצויגן אין קאַמין. די ערשטע צייט האָט מיין פאָטער געזען אים צו העלפן, ס'האָבן זיך שוין געשאַפן חסידים, ווי אויך אַ קאָברינער שטיבל. מען האָט טאַקע געדאַוונט ביים רבין אין שטוב און מיט דער צייט האָט זיך דער קאָברינער רבי דערוואָרבן חסידים.

די טריסקער חסידים האָבן אויסגעבויט זייער אַ שיינעם און מאָדערנעם מקום קדוש. אויך איז איינגעאָרדנט געוואָרן די תלמוד תורה ווו די קינדערלעך האָבן געהאַט פּלאַץ און אַלע באַקוועמלעכקייטן.

אין דער צייט האָט זיך דער מסחר אין אַלע בראַנזשעס פאַרבעסערט. בכלל האָט זיך אונדזער שטאָט אויסגעצייכנט מיטן מסחר, האָבנדיק אַ גרויסע סביבה אַרום און אַרום און די באַן האָט אויך מיטגעהאָלפן אַ סך צו דער האָלץ און פּי־בראַנזשע, וואָס אונדזער געגנט האָט אַ סך טראַנספּאָר־טירט און אויך די וועכנטלעכע ירידים.

אונדזער שטאָט, געהערנדיק צו פּאָלעסיע, איז דערקלערט געוואָרן אַלס קרייז־שטאָט, מיט אַ סטאַראָסטע און פיל אַנגעשטעלטע, וואָס האָט געגעבן אַ גרויסן שטויס צו אַנט־וויקלונג.

דער סטאַראָסטע האָט גערופן מיין פאָטער, און אים דערקלערט, אַז אין אַ קרייז־שטאָט פאָדערט זיך אַ קהלה מיט אַ ראַבינער, וואָס זאָל פירן ביכער פון דער יידישער באַפעלקערונג מיט זייערע געבורטן און אַלעס וואָס געהערט צו יידישע בתי מדרשים, צו שולן, בית החיים — דאַרף זיין אונטער דער אָנפירונג פון דער קהלה. אויך דאַרף די קהלה זאָרגן פאַר די הייליקייטן פון דער אַרומיקער געגנט וואָס געהערט צו אונדזער קרייז.

הרב מרדכי פערלין איז געוואָרן באַשטימט אַלס ראַ־בינער. אין דער קהלה־פאַרוואַלטונג זענען געוויילט געוואָרן 6 מיטגלידער פון שטאָט איינער פון לובעשאָוו און איינער פון לישע. צוזאַמען זענען געווען 8 פּרנסים מיט 8 פאַר־טרעטער און מיין פאָטער אַלס פאָרזיצער פון קהלה. אַלס סעקרעטאַר — ישראל בורשטיין. די זיצונגען זענען פאָרגע־קומען יעדן מאָנאַט.

אויך איז דאַן באַשטימט געוואָרן אַ ראַדע סיימיקאָווע ווו עס זענען געווען פאַרטראַטן 3 יידן, 2 פון אונדזער שטאָט לייביש גאָלדשטיין און מאיר וואַסערמאַן און פון דאַרף פאַליץ איז געווען פאַרטראַטן משה פראַך.

דאָס געזעגענען זיך מיט מיין ליבער שטאָט, פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע, וועל איך קיינמאָל נישט פאַר־געסן, דאָס וועט מיר ליגן אייביק אין זכרון. דאָס איז געווען דעם 3־טן מאַי 1932. ווען אונדזערע טייערע קינדער פון די אָרגאַניזאַציעס, השומר הצעיר און בית״ר האָבן מאַר־שירט. דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז אויסגעפאַלן צוזאַמען מיטן ל״ג בעומר. און אַזעלכע טייערע קינדער, וואָס האָבן געאָפּפערט פאַר ישראל — האָבן די גאולה נישט דערלעבט. די נאַצים ימח שמם האָבן זיי אומגעבראַכט על קדוש השם ועל קדוש העם.

י. פלאַט

# אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפט

דעם 1־טן סעפטעמבער 1939, ווען דער בלוטיקער וועלט קריג איז אויסגעבראָכן, און די דייטשן זענען אַריין אין פוילן, זענען מאַסן פליטים דורכגעפאָרן אונדזער שטעטל אויפן וועג קיין רוסלאַנד. זייער פיל זענען צוליב פאַרשידענע סיבות געבליבן צייטווייליק אין שטעטל, די קאַמין־קאָשירסקער יידן, האָבן ברידערלעך אויפגענומען די יידישע פליטים, מען האָט זיי אריינגענומען אין די הייזער געעפנט פאַר זיי אַ פאָלקס־קיך, ווו זיי האָבן באַקומען עסן. צווישן זיי זענען געווען פיל חשובע פערזענלעכקייטן פון וואַרשע און לאָדזש, מיטגלידער פון ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט און פון אנדערע פאַרטייען. עס זענען געווען די רעדאַקציע מיטגלידער פון דער פ.פ.ס. צייטונג אין לאָדזש, צווישן זיי אייניקע יידן, אויך דער וויצער־בירגערמייסטער פון לאָדזש אַ פ.פ.ס. מיט זיין משפחה, האָט געוווינט ביי דוד קלורמאַן ז״ל, (ווען די סאָוויעטן זענען געקומען, האָבן זיי אים אַרעסטירט, און צוזאַמען מיט זיין משפחה אַרויסגעשיקט).

אויך דער מאָדשיצער רבי, ר׳ שאול ידידיה אליעזר טויב, מיט זיין משפחה זענען געווען ביי אונדז אין שטעטל. ר׳ יצחק שו״ב פלאַט, האָט זיי אַריינגענומען צו זיך אין הויז, און ער מיט זיין איידעם שבח ברעגמאַן האָבן דעם רבין מיט אַלץ באַזאָרגט.

אַלס אַ גרויסער בעל־מנגן און אַ גוטער בעל תפילה, האָט דער רבי די יום־טובים געדאַוונט אין בית־המדרש, ווו זיינע משפחה מיטגלידער זענען געווען דער כאָר. ווען די סאָוויעטן זענען געקומען זענען זיי אַוועק קיין ווילנע, און פון דאָרטן קיין אַמעריקע.

וואָס ווייטער די דייטשן זענען אַריין אין פוילן זענען יידן אַרומגעגאַנגען מיט מער שרעק. די געשעפטן זענען געווען געשלאָסן, די בעלי־מלאכות האָבן נישט געאַרבעט, די מרה־שחורה איז געלעגן יעדן אויפן פּנים. עס האָבן אָנגעהויבן פליען די דייטשע עראָפּלאַנען, די יידן האָבן זיך באַהאַלטן אין די גוישע גערטנער, צווישן די בייטן, אָבער די באַנדיטן זענען געפלויגן נידריק זיי צו געפינען, דאַמאָלסט זענען פיל פליטים ווי אויך אונדזערע יונגע מענער אַוועק דורך די וועלדער קיין סאַרנע אויף רוסלאַנד. פיל פרויען און קינדער זענען אַוועק צו באַקאַנטע גוים. מיין פרוי און ביידע קינדערלעך זענען אַוועק מיט איר שוועסטער און קינד חיה רויזן די פרוי פון מאיר רויזן (היינט אין ישראל). אין זייער מאַיאָנטעק ביי ראַקאַוולעס, ווו זיי האָבן געהאַט פעלדער און שפייכלערס מיט אַ הויז.

אויך איז דאָרטן געווען אונדזער שטאָט־רב הרב פערלין ז״ל. ווען איך בין געקומען האָט ער מיר פאַרהאַלטן אויף אַ לענגערע צייט, אים איבערגעגעבן די שטאָטישע נייעס, ווי אויך כאַפּן אַ פּאָליטישן שמועס וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע, און אונדזער יידישע לאַגע בפרט. אַזוי בין איך אָפּטער געגאַנגען אין שטעטל און געקומען צוריק איבערגעבן נייעס דעם חשובן רב, ביז וואַנעט מען האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז די סאָוויעטן קומען אין אונדזער געגנט, זיי האָבן דעם געגנט גערופן מערב־אוקראַינע.

עס איז ביי דער יידישער באַפעלקערונג געווען ששון ושמחה. די וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, זענען אַריין צוריק אין די הייזער. אויך די יונגע־לייט וועלכע זענען אַוועק קיין רוסלאַנד האָבן זיך אומגעקערט צוריק.

דאָס סאָוויעטיש מיליטער איז אַריין קיין קאַמין, זיי האָבן געשאַפן יידישע פּאָליציי מיט אַ גאַר־קאָם (שטאָטישן קאָמיטעט). דעם פאָרזיצער פון שטאָטישן קאָמיטעט — דאָס הייסט די הויפּט־מאַכט אין שטאָט — האָבן זיי באַשטימט אַ יידן, גרשון כאַרפּאַק. אויך צווישן די יידישע פליטים זענען געווען קאָמוניסטן וועלכע זענען געזעסן יאָרן אין פּוילישע טורמעס און צו וועלכע די סאָוויעטן האָבן געהאַט צוטרוי — האָט מען זיי יעצט באַשטימט אויף גרויסע פּאָסטנס.

עס איז תיכף געקומען אַ באַפעל צו עפענען די געשעפטן, און מיליטער לייט זענען געווען גוטע קונים. זיי האָבן זיך נישט געדונגען, עס האָט באַדאַרפט זיין לויט די אַלטע פּרייזן, די סוחרים האָבן מורא געהאַט צו נעמען טייערער. אויך זענען די גוים פון אַלע דערפער געקומען האַנדלען, ווייל עס איז שוין אַ צייט געווען געשלאָסן די געשעפטן, אַזוי אַז עס איז שנעל אויסגעליידיקט געוואָרן אַלץ פון די קראָמען, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די צרות. מען האָט זיך באַדאַרפט צופּאַסן צו אַ נייעם לעבן, געבויט אויף אַנדערע ווירטשאַפט יסודות, און דאָס האָט געבראַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דער יידישער גאַס.

זוכנדיק נייע פּרנסה־קוועלן, האָבן די ערשטע צייטן פיל זיך איינגעאָרדנט אויף פאַרשידענע פּאָסטנס ביי דער סאָוויעטישער מאַכט, אין זייערע ביוראָס, און אין זייערע פאַרשידענע האַנדלס־געשעפטן. די וועלכע האָבן צוליב פאַרשידענע סיבות נישט באַקומען ביי זיי קיין אַרבעט, זענען געוואָרן שווערע אַרבעטער, טרעגער. זיי זענען געפאָרן אין די וועלדער אָנגעלייגט קלעצער, ברעטער און

האַלץ צום ברענען, אויף קליינע וואַגאַנעטקעס, און געברענגט אין שטאָט צום וואָקזאַל און אָפּגעשיקט קיין רוסלאַנד.

איך האָב די ערשטע צייט פון זייער קומען תיכף באַקומען ארבעט, א דאנק דעם פאָרזיצער פון גאָר־קאָם ה׳ כארפאַק. ער און זיין שוואָגער יעקב לאַפּאטין וועלכער איז געווען אַ קאָמיטעט־מיטגליד אין פּועלי ציון (צ.ס.), זענען געווען די אייגענטימער פון א דרוקעריי, וואָס די סאָוויעטן האָבן זי נאַציאָנאַליזירט און אָנגעהויבן דרוקן זייער צייטונג „לעניג־סקים שליאַכאָם״, אלס דירעקטאָר האָבן זיי באַשטימט דעם ה׳ לאַפּאטין. דער רעדאקטאָר איז געווען א מינסקער ייד. און ער האָט מיך גענומען ארבעטן ביי דער רעדאקציע־דרוקעריי אלס זעצער.

דער רעדאַקטאָר איז געווען זייער אַ סימפּאַטישער. ווען דער דירעקטאָר פון שולע ה׳ באַלאַבאַן האָט אים איבערגעגעבן אַז איך בין אַ ציוניסט, און איך האָב באַשטעטיקט און אים געגעבן גענויע אויפקלערונגען אין גייסט פון דעם ציוניסטישן־סאָציאַליזם, און וועגן די קיבוצים אין ישראל, איז כאָטש ער איז נישט מסכים געווען מיט מיר, האָב איך איינגעזען, אַז דאָס איז נאָר אָפיציעל, אז אינערלעך איז ער צופרידן פון מיינע אויפקלערונגען. און ער האָט זיך די גאַנצע צייט וואָס ער איז געווען ביי אונדז זייער העפלעך און חבריש באַצויגן צו מיר.

אין דער צייט וואָס אין רעדאקציע האָבן זיך אַלע באַצויגן צו מיר העפלעך און קאָרעקט, (אהין זענען געקומען די אַלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי־טוער מיטן סעקרעטאַר בראש) האָט מען אין אַ צווייטן אמט אין נ.ק.וו.ד. זיך באַצויגן צו מיר ברוטאל מיט זידלערייען. די צווייטע וואָך נאָך זייער קומען, האָט מען מיר גערופן. איך האָב שוין געזען, אז זיי ווייסן אלץ וועגן מיין געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אויפן ציוניסטישן געביט. איך האָב עס באַשטעטיקט.

אָבער, דאָס איז געווען פאר זיי ווייניק, זיי האָבן געפאָדערט, אז איך זאָל ארויסגעבן אַ ליסטע פון די ציוניסטישע טוער. ווען איך האָב זיי געענטפערט אז איך בין דער איינציקער וואָס האָב דאָס אַלץ געטאָן, אליין געשטאַנען אין פארבינדונג מיטן וואַרשעווער צ.ק., האָבן זיי זיך אויף מיר געבייזערט און געהייסן קומען אין א באַשטימטן טאָג.

איך האָב געמוזט אונטערשרייבן אז איך וועל אין שטוב נישט דערציילן, אז מיך רופט מען וועגן ציוניזם, נאָר וועגן מיינע געשעפטלעכע ענינים. אַזוי האָט מען מיר כסדר גערופן און געסטראַשעט מיטן אַרעסטירן, ארויסשיקן פאַמיליע, און אָפּזאָגן פון דער אַרבעט. אָבער איך האָב זיך געהאַלטן, אַז איך בין דער איינציקער ציוניסט.

עס איז נישט צום באַשרייבן וויפל מאָראַלישע יסורים איך האָב פון זיי געהאַט, זיי האָבן מיר געוואָלט צעברעכן. ווען זיי האָבן געזען, אז וועגן ציוניזם וועלן זיי מיט מיר נישט אויספירן, האָבן זיי אָנגעהויבן מיר צו שטעלן פראַגעס וועגן יידן־גבירים, סוחרים — ווו זיי האָבן באהאלטן די סחורות.

[illegible] האָבן זיי מיר געפרעגט אויף מיינע קרובים, שוואָגערס, וועלכע איך האָב געוווסט, אז זיי האָבן נישט באַהאַלטן. מיינער א שוואָגער דוד קלארמאַן וועלכער האָט געהאט גרויסע סקלאַדעס מיט סחורה, איז, ווען די סאָוויעטן־מאַכט איז געקומען, האָט ער זיי אוועקגעטראָגן די שליסלען אז זיי זאָלן איבערנעמען די סחורות, און ווען איך האָב זיי דאָס געזאָגט, זענען זיי געוואָרן שטאַרק אין כעס פאר וואָס איך פארטיידיק די בורזשוען. פארשטייט זיך, אז ווען איך בין אוועק פון דאָרטן, האָב איך געמיינט, אז די נאַכט וועט מען מיר שוין אוועקנעמען מיט דער משפחה, אָבער ווייזט אויס, זיי האָבן צייט געהאַט.

עס איז ארויס אַ באַפעל, אז אלע דאַרפן נעמען סאָוויעטישע פּאַספּאָרטן, זענען געווען א סך פליטים וועלכע האָבן דאָס נישט געוואָלט. האָבן זיי ארויסגעהאָנגען פּלאַקאַטן, אז די אַלע וועלכע ווינען אין פוילן אונטער דער דייטשער הערשאפט, קאָנען פאָרן אהיים. צוליב פאַרשידענע סיבות האָבן זיך א סך פארשריבן צו פאָרן אַ היים. איז אין אַ געוויסער נאַכט צו די אַלע פערזאָנען אין די הייזער געקומען פּאָליציי, און אָפּגעפירט זיי צום וואַקזאַל, און אָפּגעשיקט קיין רוסלאנד, אָדער אויף סיביר. אויך האָבן זיי אוועקגעשיקט אַ טראַנספּאָרט פּאָליאַקן פון קאַמין קאַשירסק און אומגעגנט, אין פארשיקונגס־לאַגערן טיף אין רוסלאנד. און ווען איך בין געקומען צו זיי האָבן זיי מיר וועגן דעם דערמאנט, אז איך זאָל רחמנות האָבן אויף מיין משפחה, און זיי געבן א ליסטע פון די ציוניסטן אין שטאָט. איך האָב זיי אַלץ אָפּגעזאָגט מיט דער טענה, אז איך אליין בין דער וואָס האָט אַלעס געטאָן פארן ציוניזם אין אונדזער שטעטל.

דער יידישער רעדאַקטאָר איז אָפּגעפאָרן, אויף זיין פּלאַץ איז געקומען אַ אוקראַינער. ער האָט זיך אויך באַצויגן מיט העפלעכקייט צו מיר, ביז איינמאָל רופט ער מיר אין אַ באַזונדער צימער און זאָגט מיר: אַזוי ווי נ.ק.ו.ד. פאָדערט ער זאָל מיר אָפּזאָגן פון דער אַרבעט איז כאָטש ער האָט צו מיר גאָרנישט, מוז ער מיר אָפּזגן, און שטעלן אַ פּאַראַגראַף אויפן פּאַספּאָרט, און דאָס איז זייער נישט גוט, קיין אַרבעט וועל איך נישט באַקומען צוליב דעם. גיט ער מיר אַ עצה, אַז איך זאָל צו אים שרייבן אַ ביטע, אז איך בין קראַנק און אַז ער זאָל מיר באַפרייען פון דער אַרבעט, און ער וועט דאָס טאָן, און

מיר געבן אַ חודש אורלויב און אַ גוטע ספּראַווקע. איך האָב אים געמוזט פאָלגן, און ער האָט מיר גלייך באַפרייט און באַצאָלט פאַר אַ חודש אורלויב. אָבער קיין ספּראַווקע האָט ער נישט געגעבן, און מיר געעצה׳ט איך זאָך נישט זוכן קיין פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, נאָר שווערע אַר־בעט אין אַ וואַלד. אויך האָט ער דערנאָך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט דעם דירעקטאָר ח׳ לאַפּאַטין.

בשעת מען האָט אונדז געגעבן אויף אויסצופילן פראַגע־בויגנס, איז געווען אַ פראַגע צו מען האָט געהערט צו אַ פּאַרטיי. איך האָב תמיד געשריבן, אַז איך האָב געהערט צו פּועלי־ציון (צ.ס.), האָב איך אויך ווייטער אַזוי געשריבן, אָבער לאַפּאַטינען האָב איך געע׳צה׳ט ער זאָל שרייבן אומפּאַרטייש, ווייל די נ.ק.וו.ד. האָט פון אים נישט געוווסט. אָבער ער האָט אויך געשריבן, אַז ער איז געווען פון פּועלי־ציון (צ.ס.), און מען האָט אים אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, און געבראַכט אויף אונדזערע פּלעצער אוקראַינער פון קיעוו.

איך בין אַוועק אַרבעטן צום וואָקזאַל אַלס שווארצער אַרבעטער, אַרויפלייגן קלעצער און האָלץ אויף די וואַגאָ־נעס ביז דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה. ח׳ לאַפּאַטין איז קראַנק געוואָרן פון האַרץ־ווייטאָק, ער איז אין אַ פּאָר וואָכן אַרום געשטאָרבן.

אויך אויפן געוועזענעם גאָרקאָם־פּאַרזיצער ג. כאַרפּאַק, האָט מען שוין אויסגעפונען עפּעס אַ חטא, און אים אַרעס־טירט און אַריינגעזעצט אין טורמע. ווי מען האָט מיר נאָכדעם דערציילט, איז ווען די סאָוויעטן האָבן פאַרלאָזט אונדזער געגנט, איז ער אַנטלאָפן פון טורמע און געקומען אַהיים, וווּ ער איז נאָכדעם אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע קדושים, דורך די דייטשע מערדער און אוקראַינישע מיטהעלפער.

דעם 22 יוני 1941 אין מיטן נאַכט, האָבן מיר זיך פלוצים אויפגעכאַפּט פון שלאָף דורך שטאַרקע באַמבע־אויפרייסן פון עראָפּלאַנען וואָס זענען געפלויגן איבערן שטעטל. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטאַמט פון דייטשלאַנד, אַזוי אַז די פּאַניק אין שטעטל איז געוואָרן זייער גרויס. מען האָט געזען, אַז זיי האָבן געוואָרפן די באַמבעס לויט אַ פּלאַן, וואָס זיי האָבן שוין געוווסט וווּ עס געפינען זיך די סאָוויעטישע פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן און מאַגאַזינען. אָבער, זיי האָבן פונקט געטראָפן מיט אַ הויז ווייטער פון זייער ציל, און עס זענען געהאַרגעט געוואָרן בערך אַ 20 אוקראַינער.

די סאָוויעטישע בעאַמטע זענען געווען שטאַרק צע־טומלט, זיי האָבן דאָ געבראַכט זייערע משפחות פון רוסלאַנד, פרויען און קינדער, און האָבן זיי שוין געוואָלט צוריק אָפּשיקן אַהיים. אויף מאָרגן זענען אויך געפלויגן די עראָפּלאַנען, און די יידישע באַפעלקערונג האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן און וווּ זיך אויסצובאַהאַלטן. מען איז געלאָפן אין די גוישע גערטנער, ווייט פון שטעטל, וווּ מען איז געווען זיכער, אַז דאָרטן וועלן די דייטשן נישט וואַרפן קיין באַמבעס.

די סאָוויעטן־מאַכט האָט תיכף באַשטימט דורכן מלחמה־קאָמיסאַריאַט אַ מאָביליזאַציע פון די מיליטער־פּפּיקע יונ־געלייט, ווי אויך אייניקע יידישע מיידלעך אַלס קראַנקען־שוועסטער, און די עלטערע יידן האָט זי גערופן און מאָ־ביליזירט אויף אָפּצופירן רייטנדיקע פערד אין שטעט נענטער צו רוסלאַנד.

די געווינען און קלאָגעריען האָבן פאַרפולט די גאַסן, און אַלע הייזער פון שטעטל. געזעגענדיק די סאַמע נאָענסטע וועלכע האָבן געמוזט אַוועק אין מיליטער און צום טראַנס־פּאָרט, נישט וויסנדיק צו מען וועט זיך שוין מיט זיי אַמאָל טרעפן.

אָבער נאָך זייער פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָט מען אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן זיך אַליין, דערמאָנענדיק זיך אַז אַ ליאַדע טאָג קאָן אָנקומען דער דייטש און אָנטאָן פאַרשידענע צרות. אמת מען האָט נישט געגלויבט אַז עס קאָן אַזוינס געשען, אַז זיי וועלן טויטן אָדער פייניקן אומ־שולדיקע מענער, ווער שמועסט וועגן פרויען און קינדער, דאָס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן. אַזוי אַרום אַז די פרויען האָבן נאָר געקלערט ווי אַזוי אויסצובאַהאַלטן די ערשטע צייטן זייערע מענער ביים אָנקום פון די דייטשן, אַנדערע פרויען האָבן דווקא געפאָדערט אַז זייערע מענער זאָלן פאָרן קיין רוסלאַנד, וווּ זיי וועלן איבערלעבן די מלחמה־יאָרן. מיט זיך און די קינדער זענען זיי געווען זיכער אַז זיי וועלן איבערלעבן אונטער דער דייטשער הערשאַפט, געדענקענדיק די ערשטע וועלט־מלחמה אין וועלכע אונדזער שטעטל איז געווען באַזעצט דורך דייט־שיש מיליטער, און עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז היינט וועט אויך נישט זיין פיל ערגער.

עס זענען געווען אין אונדזער שטעטל מענטשן וועלכע זענען אין די יאָרן פון דער מלחמה געווען „פּליטים", און זיי האָבן גוט געדענקט וואָס דאָס הייסט אַז מען פאָרט אַוועק פון דער היים אין דער פרעמד. אָבער דער אמת איז געווען, אַז אפילו ווען מען זאָל יאָ וועלן פאָרן נאָך רוסלאַנד האָט מען נישט געקאָנט פאָרן, ווייל עס איז נישט געווען קיין טראַנספּאָרט מיטלען. די באַן איז שוין נישט געגאַנ־גען, די פערד האָט מען מאָביליזירט פאַר דער אַרמיי, און

די סאָוויעטן־מאַכט האָט אַ סך פֿורן מיט די פֿויערן צוזאַמען אַוועקגענומען אויף אָפּצופירן זייערע פאַמיליעס און מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי זיי אויף פּאַראַנט־וואָרטלעכע פּאָסטנס, קיין רוסלאַנד. אַזוי זענען אין אָוונט אַוועק פון אונדזער שטעטל די סאָוויעטישע בעלי־בתּים צוריק דורך פעלדער און וועלדער אויף זייטיקע וועגן אהיים.

אמת די פאָר יאָר וואָס זיי האָבן ביי אונדז געהערשט, האָבן א סך פון אונדז געהאַט אָן אַ שיעור מאָראַלישע יסורים, פּיין און שרעק, יעדע נאַכט האָט מען זיך געשראָקן אויף ארויסגעשיקט צו ווערן נאָך סיביר. פאַר אַמאָליקן געהערן צו אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָדער פאַר זיין אַ סוחר, אָדער אזוי א פאַרמעגלעכער מענטש, אָדער וואָס עס האָט זיך געטראָפן מיט ה׳ זעליג רייטער, וועלכער האָט באַקומען אַ פאָר יאָר טורמע שטייענדיק אין אַ אַטשערעד נאָך ברויט האָט ער גערעדט אַנטגעקן אַ פּאָליציאַנט. אָדער ווי ה׳ לייבעל ווערבע, אַ היטל־מאַכער, האָט באַקומען 5 יאָר טורמע פאַר געפונען ביי אים אַביסל סחורה צו דער אַרבעט. אַדער ווי ה׳ שוחט האָט באַקומען טורמע פאָר געפינען ביי אים אַביסל סחורה און נאָך אייניקע אַזעלכע פאַלן, ווי עס איז פאָרגעקומען אין אונדזער שטעטל.

אָבער מען מוז צוגעבן דעם אמת: מיט דעם לעבן איז מען ביי זיי געווען זיכער, און ווער עס האָט זיך צוגעפּאַסט צו זייערע פאָדערונגען און פאַרלאַנגען האָט נישט געהאַט פון זיי אויסצושטיין קיין גרויסע צרות.

י. בן משה

# א קאַמוניסטישע פאַרזאַמלונג-געווײלט א ציוניסט אלס פאַרשטייער

בעת איך האָב געאַרבעט אין דער דרוקעריי פון דער רעדאַקציע „לענינסקי־שליאַכאָם”, איז קיין קאַמין געקומען אַ פאָרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין ווייס־רוסלאַנד, אַ מינסקער ייד — גורעוויטש, צו רעגיסטרירן די אַרבעטער און שאַפן א פאַראיין אין אונדזער שטעטל. ווי אַלע חשובע קאָמוניסטישע טוער, איז ער אויך אָפּט געקומען אין רעדאקציע־דרוקעריי, און האָט זיך מיט מיר באַפריינדעט. ווען די רעגיסטראַציע איז פאַרענדיקט געוואָרן, איז גערופן געוואָרן אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג צו וויילן אַ קאָמיטעט. איך האָב באַשלאָסן נישט צו גיין אויף דער פאַרזאמלונג, ווייל איך האָב מורא געהאַט אַז מען וועט ארויסשטעלן מיין קאַנדידאַטור, און דאָס וועט זיין נישט געווונטשן פאַר מיר... בין איך געוואָרן „נישט געזונט” און געבליבן אין דער היים.

אין רעדאַקציע האָט געאַרבעט אַלס קאָרעקטאָר פון דער צייטונג, אַ פוילישער ייד וועלכער איז יאָרן לאַנג געזעסן אין טורמע פאר קאָמוניזם, ער האָט איצט פאַרנומען אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין ראַיאָנעם־סאָוויעט. ווען מען האָט אים געזאָגט, אז איך קאָן נישט גיין צו דער פאַרזאמלונג ווייל איך בין קראַנק, איז ער געקומען צו מיר אַ היים, און האָט מיר דערקלערט, אַז ער, אַלס גוטער פריינט מיינער, איז געקומען מיר זאָגן, אז איך מוז גיין אויף דער פאַרזאמלונג ווייל אויב נישט וועט מען נאָך זאָגן, אז איך בין אַ שונא און קעגנער פון דער סאָוויעטן־מאַכט. נישט איבערקלערענדיק פיל, בין איך מיט אים מיטגעגאַנגען, און געקלערט וועגן א מיטל מען זאָל נישט ארויסשטעלן מיין קאנדידאטור צום קאָמיטעט.

די פאַרזאמלונג איז פאָרגעקומען אינעם גרויסן נייעם קינאָ־זאַל וואָס די פוילישע רעגירונג האָט אויסגעבויט אין מיטן מארק. דער זאַל איז געווען איבערפולט מיט ארבעטער. יידן און קריסטן. דער פאָרזיצער פון ראַיאָן־סאָוויעט, אַ רוסישער ייד, דער סעקרעטאר פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, דער פאָרזיצער פון נ.ק.וו.ד. און רעדאַקטאָר פון ־ער צייטונג, אַלע זיצן אויבן אָן. דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאמלונג, אַ יידישער קאָמוניסט פון פוילן, האָט דערעפנט די פאַרזאמלונג, און עס האָבן געהאַלטן רעפעראַטן דער פאָרשטייער פון די פּראָפ. פאַראיינען און דער ראַיאָן־סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי, זיי האָבן דערקלערט, אַז די קאַנדידאַטן דאַרפן זיין אַרבעטער, פון פּראָלעטאַרישער אָפּשטאַמונג: נישט קיין געוועזענע סוחרים, און נישט אזעלכע וועלכע האָבן אמאָל געהערט צו ציוניסטישע, אָדער בונדישע אָרגאניזאַציעס; ווייל זיי זענען שונאים פון דער ארבעטערשאפט.

איך רעד תיכף אַרום מיט מיינע רעדאַקציע־חברים, און

עס ווערט אריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז יעדע סעקציע זאָל ארויסשטעלן איין ארבעטער אַלס קאַנדידאַט צום קאָמיטעט. דער פאָרשלאָג ווערט אָנגענומען. איך מעלדע גלייך אַ קאַנדידאַט פון אונדזער סעקציע, צוגעפּאַסט צו זייערע פאָ־דערונגען.

איך בין צופרידן, וואָס עס איז געלונגען איך זאָל נישט קאַנדידירן. עס ווערן ארויסגעשטעלט קאַנדידאַטן פון די אַנדערע סעקציעס און פיל ווערן אָפּגעוואָרפן, ווייל מען ווייזט אויף, אַז זיי זענען אַמאָל געווען אין ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע האָט מען אריינגעשטעלט מיין נאָמען. איך מעלדע תיכף אַז איך קאָן נישט אננעמען צו ווערן א מיטגליד אין רעוו. קאָמיסיע, אָבער איך באקום אָן ענטפער, אַז איך בין דאָ נישט קיין בעל־הבית אויף מיין פערזאָן, נאָר די אַלגעמיינע פארזאמלונג. אָבער דאָן נעמט אַ וואָרט מיין „פריינט" פון פרעזידיום, און מעלדעט, אַז מיין נאָמען טאָר נישט ארויסגעשטעלט ווערן, ווייל „איך בין דער שונא פון דער ארבעטערשאפט". ער לייענט איבער אַ גאַנצן צעטל פון מיינע ציוניסטישע חטאים, און זאָגט: „אויב מען האָט אָפּגעוואָרפן די קאַנדידאַטן פון ארבעטער אַלס געוועזענע ציוניסטן, בין איך דער שולדיקער, ווייל איך בין געווען זייער דערציער... איך האָב שוין איינגעזען די פּראָוואָקאַציע, וואָס ער האָט פאַר מיר צוגעגרייט האָב איך געשוויגן. דערנאָך האָט גענומען אַ וואָרט דער פאָרזיצער פון דער פארזאמלונג און דערקלערט, אַז ער קאָן מיך אַלס אָרנטלעכן מענטש און ווען ער האָט מיט 12 יאָר צוריק געאַרבעט אין קאַמינער ראַיאָן, אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, בין איך געווען דער גרינדער פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין אין שטאָט, און איך האָב פארטיידיקט די ארבעטער־אינטערעסן, געקעמפט פאַר אויסבעסערן זייערע באַדינגונגען. אין נישט געמאַכט קיין שום אונטערשייד צווישן ארבעטער, צו וועלכער פארטיי זיי האָבן געהערט, און אַז איך בין געווען א חבר פון „פּועלי־ציון" ד. ה. פון די ארבעטער, נישט צו די רייכע ציוניסטן, און איך בין דער פּאַסנדער קאַנדידאַט צו דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע...

נאָך אים נעמט נאָך אַ וואָרט דער פאָרשטייער פון די פּראָפ. פאַראייניגן און זאָגט צווישן אַנדערס, אַז אויך ער האָט אין דער צייט וואָס ער געפונט זיך דאָ מיך קאָנען גע־לערענט, און ער האָט צו מיר פערזענלעך גאָרנישט. דאָך טאָר איך אַלס ציוניסט נישט קאַנדידירן. אַ פּועלי־ציוניסט איז גאָר נישט קיין מעלה, און ער גיט א משל: „יידן זאָגן אַז ביי א חזיר איז נאָר די רעכטע זייט טריף, צום עסן, אָבער די לינקע זייט איז כשר. און די אמת'ע פרומע יידן זאָגן, אַז ביידע זייטן פון חזיר איז טריפה, אזוי איז דער ציוניזם סיי די רעכטע, און סיי די לינקע ארבעטער־ציו־ניסטן „פּועלי־ציון" זענען טריפה. און ער האָפט, אַז די פאַרזאַמלטע אַרבעטער וועלן די קאַנדידאַטור אָפּוואַרפן.

אָבער דאָן האָב איך באַקומען אַ מאָראַלישע סאַטיס־פאַקציע, וועלכע איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פארגעסן. עס האָבן גענומען דאָס וואָרט ארבעטענדע יוגענטלעכע קאָמו־ניסטן, אייניקע פון זיי, וואָס זענען אַמאָל געווען אין ציו־ניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, און מיט יוגנטלעכן ברען און פּאַטאָס, פארגעסנדיק פון ווייטערדיקע קאָנסעקווענצן, אָנגעהויבן פארטיידיקן מיין קאַנדידאַטור, און מיין טעטיקייט צווישן דער ארבעטערשאַפט אין די פריערדיקע יאָרן: אַז איך בין די פּאַסיקסטע פערזאָן אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע.

עטלעכע מיטגלידער פון פּרעזידיום זענען נאָך אַרויס־געטראָטן געגן דעם ציוניזם אַלס „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע" באַוועגונג, און שונא פון דער ארבעטערשאַפט, און נאָכער בין איך גערופן געוואָרן עפנטלעך דערציילן מיין ביאָגראַפיע. איך האָב דערקלערט אַז פיל חברים האָבן שוין וועגן מיר זייער פיל איבערגעגעבן, קאָן איך מער גאָרנישט צוגעבן.

עס ווערט געשטעלט מיין קאַנדידאַטור צום אָפּשטימונג און עס קומט א גרויסע איבעראַשונג פאַרן פּרעזידיום: אַלע ארבעטער יידן, און קריסטן, קאָמוניסטן און אומפּאַר־טייאישע שטימען פאַר מיר. קעגן? קיינער.

דבורה גוז, פאַראייניקטע שטאַטן

# מיינע זכרונות פון דער היים

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1902, און מיין ברו־דער יצחק איז געווען מיט צוויי יאָר עלטער פון מיר. אונדזער פאָטער, פייוול, איז געווען אַ מלמד און געלערנט מיט קינדער. די מאַמע שיינע־שרה, עליה־השלום, האָט דערציילט, אַז זי האָט געהאַט נאָך דריי קינדער, יינגלעך, זענען זיי געשטאָרבן ווען זיי זענען אַלט געווען צוויי און דריי יאָר פון דיפטעריע.

ווען איך בין געבוירן געוואָרן האָט זיך אין זיי דערוועקט

אַ נייע האָפענונג. זיי האָבן געגלויבט, אַז דער איבערבייט אויף אַ מיידעלע איז אַ סימן פון אַ גוט מזל, אַז די קינדער וועלן זיך האָדעווען.

ווען מיין ברודער יצחק איז אַלט געוואָרן 3 יאָר און איך 6 מאָנאַטן, איז אונדזער פאָטער אַוועק קיין אַמעריקע. ער איז דאָרט געווען איין יאָר, און אומגעקומען פון אַ שריפה אין ניו־יאָרק.

די מאַמע האָט דאַן געפעדלט און געאַרבעט זייער שווער, כדי אויסצוהאַלטן אירע קינדער און געבן זיי אַ גוטע דערציונג ביי די בעסטע לערער.

מיין ברודער יצחק, האָט געלערנט אין קאָוולער ישיבה. ווען ער איז אַלט געוואָרן 17 יאָר האָט ער שוין געזאָרגט, אַז די מאַמע זאָל נישט דאַרפן אַרבעטן אַזוי שווער. ער האָט געעפנט אַ געוועלב אין פראָנט פון אונדזער הויז, און מיר זענען געווען גליקלעך וואָס די מאַמע האָט שוין נישט געדאַרפט אַזוי שווער אַרבעטן אויף אונדזער אויסהאַלט.

אין יאָר 1914, ווען די ערשטע מלחמה איז אויסגעבראָכן און די רוסן זענען אָפגעטראָטן, איז דאָס גאַנצע שטעטל זיך צעלאָפן אין די וועלדער. נאָך צוויי וואָכן פין זיין אין וואַלד זענען מיר געקומען צוריק אין שטעטל אַריין און געפונען אַלץ צעראַבעוועט און דאָס הויז געשעדיקט. דאַן זענען געקומען די דייטשן. נאָך צוויי יאָר זענען זיי אַוועק, און קאַמין האָט איבערגעלעבט אַ פּאָגראָם פון די באַלאַכאָוויצעס, אין וועלכן אַ 120 מענטשן זענען אומגעקומען, צווישן זיי אַ סך פון אונדזערע בעסטע פריינט.

נאָך דעם פּאָגראָם בין איך מיט מיין מאַן און קינד פין 9 מאָנאַטן אַוועק אין אַמעריקע.

מיין ברודער יצחק האָט חתונה געהאַט אין יאָר 1927 פאַר שרה לערמאַן. זיי האָבן געהאַט צוויי קינדער — אַ מיידעל בתיה׳לע און אַ יינגעל פייוול. עס איז נישט גרינג פאַר אַ שוועסטער צו שרייבן וואָס פאַר אַ טייערן ברודער זי האָט געהאַט. פאַראַן אין ישראל אַ פּאָר פריינט וועלכע האָבן זיך געחבר׳ט מיט אים אַלע יאָרן, און זיי געדענקן אויך.

איך קען זיך נישט צוריקהאַלטן און מוז אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין טייערער מאַמען. איך געדענק, אַז פאַר יעדן שבת פלעגט די מאַמע מיר אַרומשיקן אויף ערטער ווו מען האָט געדאַרפט העלפן מיט פּוטער, מילך, קעז, און נאָך אַנדערע זאַכן, וואָס זי האָט נאָך געקענט געפינען ביי אונדז אין דער היים. אַלע גוטע מידות אירע האָט מיין האַרציקער ברודער אָפּגעירשנט פון אונדזער טייערער מאַמען. אַ סך נויטבאַדערפטיקע האָט ער געהאָלפן.

אין קאַמין איז געווען אַ וועלדל — קלאַשטאָריע האָט מען אים גערופן. איך און מיינע ליבע פריינדינס — חיה גורטנשטיין (קלאַרמן), פייגעלע גורטענשטיין (קימעל), בריינדל וואַסערמאַן און מיין שוועגערינס שרה׳ס שוועסטער — גיטל (זי איז נאָכער געוואָרן אַ קראַנקן־שוועסטער אין וואַרשע). איינע פון מיינע פריינדינס איז געבליבן לעבן און געפינט זיך איצט אין ישראל, איר נאָמען איז רייזל־שיע׳ס (פערצ׳יק). אונדזער פרייע צייט פלעגן מיר פאַרברענגען אין קאַמין אין וועלדל, אַרומשפּאַצירנדיק און זינגענדיק. אָט אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט אונדזערע קינדער־יאָרן אין שטעטל.

מיינע טייערע חברטעס האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר מיר. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע אין שטעטל, און אויך איך בין געווען קראַנק. חיה קלאַרמאַן האָט איינגעשטעלט דאָס לעבן און געבראַכט אַ דייטשן דאָקטאָר. די לאַגע איז דאַן געווען אַזאַ, אַז מענטשן פלעגן מורא האָבן אַדורכגיין די שטוב. חיה און רייזל פלעגן שטיין הינטערן פענצטער פון אונדזער שטוב, כדי צוקוקן אויף מיר און נאָכפאָלגן מיין געזונט־צושטאַנד.

רייזל גיטל פלאַט—ווינעגראַד, דענווער קאָלאָראַדאָ

# איך געדענק

איך רייזל־גיטל, בת מאיר־חיים און ריינע־עלקע פלאַט בין די איינציקע לעבן־געבליבענע פון דער גאַנצער פאַמיליע; וויל איך אויך דערמאָנען מיינע ליבע און טייערע וועלכע איך האָב פאַרלוירן.

אין יאָר 1904, נאָך דער שריפה וואָס האָט יענעם פרייטיק נאַקעט געמאַכט דאָס שטעטל, איז געקומען מיין פעטער פסח־יעקב פון לוביעשאָוו און אַרויפגעזעצט מיין מוטער, מיין ברודער פסח־וואָלף און מיך אויף זיין וואָגן

און אונדז גענומען צו זיך, ווו ער מיט זיין פאַמיליע האָבן געוווינט. עטלעכע חדשים שפּעטער זענען מיר פון דאָרט געפאָרן קיין אמעריקע, צו מיין פאָטער.

איך געדענק די נאַכט ווען מיין טאַטע האָט זיך גע־זעגנט מיט אונדז פאַר זיין אוועקפאָרן קיין אמעריקע. ווי מיין יונגערער ברודער פסח־וואָלף און איך האָבן געוויינט — איך בין דאַן געווען אַ קינד פון 6 יאָר און מיין ברודער 4 יאָר אַלט. מיר זענען געבליבן ביי מיין מוטער׳ס פאָטער, שמואל מעדניק, ביי וועמען מיר זענען געווען אַ שטיק צייט.

איך געדענק אויך ווי דער זיידע האָט זיך געטיילט יעדן פרימאָרגן מיט זיין פרישטיק קיכל מיט מיין ברודער און מיט מיר; ווי ער האָט אונדז אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. צום סוף איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן פאַר פסח, ווען די שטוב איז שוין געווען גרייט פאַר דעם יום־טוב.

די היים איז געווען אויף דער קאָוולער גאַס, נעבן אונדז איז געווען די אַפּטייק און אַנטקעגן אונדזער היים — די וווינונג פון די קלאַרמאַנ׳ס.

איך געדענק, ווי דער „גאַבעלע" (אויך אַנטקעגן אונדז), פלעגט אויסזינגען זיין לידעלע און וועקן צו תהילים גיין; דעם טייך מיט דער בריק ביי דער קרעניצע; דעם סאָד אויף דער „גוישער גאַס" וווּ איך פלעג גיין מיט נאָך קינדער קלייבן יאַגדעס. און איין מאָל, געדענק איך, גייענ־דיק, איז מיר אַ חזיר נאָכגעלאָפן און איך בין געפאַלן און צעבראָכן אַ פוס. און מורא געהאַט צו דערציילן, ווייל אַלס קינד איז מיר געווען פאַרבאָטן דאָרט צו גיין. איך געדענק אויך דעם ברונעם נעבן אונדזער שטוב, ווו מיין טאַטנס ברודער — מענדל איז אַריינגעפאַלן שעפּנדיק וואַסער און מיט שטריק האָט מען אים אַרויסגעצויגן. ווי ער האָט נאָך דעם פאַרלאָזט קאַמין און אַוועק קיין רוביעשאָוו, און דאָרט געוואָרן אַ רייכער מאַן. און זיין חתונה — ווי ער האָט אַרויסגעשיקט דריי (3) פורן געבעטע מיט שטרוי און וואַרעמע קאָלדרעס; און ווי מיין זיידע יהושע און די באָבע, די מומע העניע־גיטל מיין פאָטערס שוועסטער, אויך מיין מוטער ריינע־עלקע, מיין ברודער פסח און איך, צוזאַמען מיט נאָך פון דער פאַמיליע — זענען מיר געפאָרן צו דעם פעטער מענדל׳ס חתונה אין דער גרויסער שטאָט רוביעשאָוו. מיין פעטער מענדל האָט אונדז אַלעמען געהאַט צוגע־גרייט פּלאַץ אין אַ האָטעל, ווו מיר זענען אַלע איינגע־שטאַנען ביז איבער דער וואָך פון דער שמחה.

איך געדענק מיין זיידנס שוועסטער ברכה מיט איר מאַן, דער פעטער דוד דער שוחט מיט אַלע זייערע קינדער, באַזונדערס זייער יינגסטע טאָכטער רייצע, אויך געדענק איך מיין מומע טויבע און איר מאַן וועלכע האָבן געהאַט אַ קראָם פון קיכעלעך און צוקערקעס און פלעגן אונדז, קינדער יעדן טאָג ברענגען פון די גוטע זאַכן, זיי אַליין האָבן קיין אייגענע קינדער נישט געהאַט, און האָבן אונדז זייער ליב געהאַט. פיל יאָרן נאָך אונדזער אוועקפאָרן פון קאַמין, פלעגן מיר זיך מיט זיי איבערשרייבן און מיין מוטער פלעגט זיי שיקן הילף פון אמעריקע.

איך געדענק דעם פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען דאָס פייער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי איין גוי הינטער דער שטאָט האָט זיך צעשפּרייט איבעראַל. איך פיל נאָך די שרעקלעכע איבערלעבונגען פון דער נאַכט, ווי מיר זענען געלאָפן, אַרומגערינגלט מיט פלאַמען, אפילו אין דעם גאָרטן. — אויך דער סאָד מיט די פרוכט־בוימער האָט געברענט. די מאַמע איז אַריינגעלאָפן צוריק אין שטוב און אַראָפּגע־שלעפּט דעם טישטוך פון טיש, אוועקגעלייגט אויף דער ערד און אַריינגעוואָרפן כלערליי געבעקס, געמאַכט אַ פּעקל וואָס זי האָט אויף די פּלייצעס געשלעפּט מיט זיך, אַז מיר זאָלן האָבן צו עסן אויב מיר וועלן זיך קענען אַרויסראַטעווען... דאָס פייער האָט אַרומגענומען די גאַנצע שטוב, אָבער די מאַמע האָט מיט פיל אימפּעט אַריינגעוואָרפן מיין טאַטנס ספרים, די לייכטער מיט נאָך זאַכן אין אַ קופערט, און מיין ברודער פסח און איך האָבן דעם קופערט געשלעפּט ביז צו דעם טייך און דאָרט פאַרבליבן ביז אויף מאָרגן שבת פרי, ווייל מיר זענען אַריין אין וואַסער און אַזוי־אַרום זיך גע־ראַטעוועט. איך געדענק ווי איך האָב געשריען, ווען איך האָב פון אַ בערגל נעבן וואַסער באַמערקט, אַז מיין זיידנס הויז האָט געברענט, קיין זאַך האָט מיר מער נישט געאַרט... איך האָב דעם זיידן שטאַרק ליב געהאַט, מיין ברודער און איך זענען ביי אים געווען די איינציקע אייניקלעך און אַזוי ווי מיין פאָטער איז געווען אַוועק אין אמעריקע האָט אונדז דער זיידע געליבט נאָך מער... איך געדענק ווי ער פלעגט אונדז לערנען — ווי ער פלעגט אַראָפּנעמען די סמעטענע פון די לאַדעשקעס און געבן פסח׳לן און מיר, אַז מיר זאָלן זיין געזונטע קינדער — ווי די באָבע פלעגט אונדז געבן קיכעלעך זיסע, וואָס זי פלעגט באַקן צו פאַר־קויפן אויף יום־טוב...

זי איז געווען מיין זיידעס צווייטע ווייב (איך בין אַ נאָמען נאָך מיין זיידע יהושע׳ס ערשטע פרוי), אָבער זי האָט אונדז זייער ליב געהאַט. זי האָט נישט געהאַט קיין אַנדערע קינדער און איז געווען זייער גוט צו אונדז, און אויך צו מיין מומע העניע־גיטל, מיין טאַטנס שוועסטער, וועלכע פלעגט מאַכן שיינע פּאַריקן צו פאַרקויפן.

איך געדענק, ווען מיר האָבן זיך געדאַרפט געזעגענען

מיט אַלעמען נאָך דער שריפה, איידער מיר זענען געפאָרן קיין לוביעשוב מיט מיין מוטערס ברודער, זענען אַלע געווען און געוויינט, ווייל מיר האָבן שוין געהאַט שיפס־קאַרטן צו פאָרן קיין אמעריקע — צום טאַטן.

ליידער איז אונדזער רייזע קיין אמעריקע נישט געווען גליקלעך, די שיף מיט וועלכער מיר זענען געפאָרן איז ארויף אויף אַ אייז־באַרג (עס איז געווען סוף ווינטער) און האָט זיך אָנגעפילט מיט וואסער. איך געדענק, ווי מיר אַלע זענען געווען אָנגעטאָן מיט רעטונגס־גארטלען. און אַלע מענער האָבן זיך אָנגעטאָן מיט טלית׳ים און געדאַוונט. אונדזער רייזע אויפן ים האָט געדאַרפט דויערן 10 טעג, און עס האָט געדויערט 23 טעג.

ווען מיר זענען שוין געווען אין אמעריקע 8 חדשים, איז מיין פאָטער געשטאָרבן. ער איז אַלט געווען 35 יאָר. געשען איז עס דעם ערשטן טאָג חנוכה, אין ניו־יאָרק, ווו מיר זענען דאַן געווען. מיין מוטער איז געבליבן אַ יונגע אלמנה מיט 2 קינדער, און א דריטער אַ ברודער איז געבוירן געוואָרן 3 חדשים שפּעטער, זיין נאָמען איז נאָך מיין יונגן טאַטן — מאיר־חיים. נאָך דעם זענען מיר אַוועקגעפאָרן פון ניו־יאָרק אין דענווער קאָלעראַדאָ — ווו מיין מוטער האָט געהאַט אַ שוועסטער, אויך אַ קאַמינער, און פיל פריינט און לאנדסלייט פון קאמין.

קיינמאָל וועל איך נישט פארגעסן מיינע נאָענטסטע:

יהושע פלאָט — מיין זיידע;

מאיר־חיים פלאָט — מיין טאַטע;

ריינע־עלקע מעדניק־פלאָט — מיין מאַמע;

מענדל פלאָט — מיין פעטער;

העניע־גיטל פלאָט — מיין מומע;

פסח־וואָלף פלאָט — מיין ברודער.

אַלע זיינען געבוירן אין קאַמין־קאָשירסקי.

י. קאַנישטשער, ראטנע — ארגענטינע

# צוויי שטעטלעך

געהייליקט דעם ליכטיקן אנדענק פון שעפע זאפראן ע״ה

ראטנע און קאַמין (קאמין־קאָשירסקי) זענען געווען צוויי שכנות׳דיקע שטעטלעך אין וואָלין אין דער זאָנע פון פאָלעסיע ביי די פינסקער בלאָטעס.

ראָטנע איז געלעגן נידעריק, אין שויס פון דעם טייך פריפּיעט, וועלכער האָט דורכגעקרייצט דאָס שטעטל פון צפון קיין דרום. פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט טייכן און קליינע טייכלעך, מיט בלאָטעס און זומפּן. ס׳זענען אפילו געווען אין שטעטל גופא אזעלכע גרויסע קאלוזשעס, וואָס האָבן געדייעט נאָר אין געוויסע צייטן פון יאָר, מערסטנטייל אין אָסיען און אָנהויב פרילינג, ווי למשל דער אַזוי גערופענער „נילוס" און דער אַזוי גערופענער „מצרים גאַס". ווי נאָר די זון האָט זומער אָנגעהויבן שטאַרקער צו שיינען און וואַרעמען, האָבן די דאָזיקע קאלוזשעס אויסגעטריקנט און זענען אינגאַנצן פארשוואונדן. ס׳זענען נאָר געבליבן די בעקנס, די געלעגערס זייערע.

דאָס צווייטע שטעטל, קאַמין, איז שוין געלעגן אין די אָרעמס פון דעם טייך, העכער אביסל, און ס׳האָט שוין נישט געהאַט אַזוי פיל טייכלעך, זומפּן און קאלוזשעס. און ממילא איז אָסיענצייט און ערב פרילינג נישט געווען דאָרט אזויפיל בלאָטעס, און ס׳האָט זיך נישט געבאָדן אין אַזויפיל שמוץ ווי ראטנע.

אָט די ביידע שטעטלעך, הגם זיי האָבן געהאַט יידישע ישובים נעענטערע צו זיך, האָבן שטענדיק צווישן זיך געלעבט אין פריינטשאפט און גוטע באַציאונגען. זיי פלעגן זיך אפילו אָפט מתחתן זיין צווישן זיך. האָבן זיך, אַזוי אַרום, צווישן זיי אויסקריסטאליזירט קרובישע פאַרבינדונגען און זייער אָפט האָט מען אין די שטעטלשע פארטאָגן געהערט דעם פריילעך־אָנזאָגנדן געקלאַנג פון די גלעקלעך, וואָס זענען געהאָנגען אויף די העלדזער פון די ווילערישע און שטאָלצע פערדלעך פון פייוועל בעל־עגלה, ווען ער האָט פון קאַמין אין שטעטל אראָפּגעבראַכט געסט אָדער קרובים.

די ביידע אויבנדערמאַנטע שטעטלעך האָט אָפּגעטיילט אַ מרחק פון אַ 30 קילאָמעטער, וועלכע זענען געווען אויסגעפילט מיט פארשיידענע גרויסע און קליינע דערפער. ס׳זענען געווען צווישן זיי, פונקט ווי די שטעטלעך,

דערפער נידעריקע, און בלאָטיקע; די פעלדער אָרעמע און מאָגערע און זייער אויסזען, טרויעריק און אָפּגעלאָזן. אָבער עס זענען אויך געווען אַזעלכע דערפער, וואָס זענען געלעגן אויף העכערן באָדן, טרוקן און פּרוכטבאַר, באַדעקט זומערצייט מיט גרינע געראָטענע פעלדער און געדיכטע פריילעכע וועלדער. קאַמין האָט אָפּגעשפּילט ביי דער נאַטור די הצלחה און אויף איר חלק איז אויסגעפאַלן די פעטערע דערפער, די זאַטע סביבה מיט די רייכע פּויערים און גרויסע פּריצים.

אין ראַטנע, ווי ס'זאָגט זיך „בתר עניא אזלא עניותא", נאָכן אָרימאַן שלעפּט זיך די טאָרבע — האָט בירושה פון דער זעלבער נאַטור אַריינגעכאַפּט דעם רוב חלק אַן אָרעמען. אין די שטעטלעך, אויף די מערק און ירידים, אין די קלייטן און אין די פאַרשידענע געשעפטן, האָט זיך דער אונטערשיד גוט געמערקט און זיך געוואָרפן אין די אויגן. אין קאַמין, למשל, זענען די רייכע פּריצים פון דער סביבה, די גרויסע ערד־באַזיצער, אָפט געקומען אין שטעטל, איינגעשטאַנען אין די ספּעציעלע האָטעלן, וואָס די אָרטיקע יידן האָבן פאַר זיי אויפגעבויט, האָבן דאָרט פאַרבראַכט און געשלאָסן געשעפטן מיט געוויסע יידישע סוחרים. האָבן אויך געקויפט א סך אַרטיקלען און איבערגעלאָזט פּדיון און פאַרדינסט. אפילו פּויערים, וואָס האָבן פון זייער פּרוכטבאַרע ערד אַרויסגעבראַכט מערערע און בעסערע פּראָדוקטן, האָבן זיי געבראַכט אין שטעטל, פאַרקויפט און גוט אָפּגעלייזט, און פאַר דעם געלט געקויפט אַלערליי סחורות: גוטע פעלצן, שטיוול און שטאָטישע מלבושים, אַזוי אַז די דאָרפישע יוגנט האָט זיך כמעט נישט אונטערגעשיידט פון די שטאָטישע.

די קאַמינער יידן האָבן אויפגעלעבט; געווען ווילשטייענדיקע און שטענדיק געגאַסן פון ווילטאָג און גוטער פּרנסה.

אַנדערש איז געווען דאָס שטעטל ראַטנע. אויף איר חלק איז אויסגעפאַלן אַן אָרעמע סביבה. די דאָרפס־גוייִם פלעגן דאָרט אַרויסברענגען אויף די ירידים מאָגערע בהמות, ווייניק תבואות און אַנדערע פּראָדוקטן, ווייל ס'האָט זיי, דאָס רוב כמעט, נישט געסטייעט פאַר זיך די נויטיקע זאַכן, און די יידישע קרעמער האָבן דערפאַר ווייניק געלייזט און ווייניק פאַרדינט. נאָך די דאָרטיקע ירידים האָט זיך בלויז פאַרגרעסערט און פאַרטיפט די בלאָטע און זומפּ.

אַזוי האָט זיך במשך פון יאָרן אויספאָרמירט דער גרויסער עקאָנאָמישער אונטערשיד צווישן די דאָזיקע שטעטלעך אין דאָס האָט אויך געווירקט און משפיע געווען אויפן געמיט און גייסט־צושטאַנד פון זייערע איינוווינער, די יידן.

די ראַטנער, זיינען געווען אין זייער רוב אָרעמע. געלעבט זעקס טעג אין דער וואָך אָרעם און שפּאָרזאַם, כמעט מיט דער בלויזער קאַרטאָפליע, אַ שטיקל הערינג, אַביסל ליון־אייל און שוואַרץ ברויט. שבת האָט מען זיך שוין פאַרגונען אויך אַ שטיקל פלייש, פיש מיט ווייסע חלה. אַ סך האָבן דאָס אויך געקריגן נאָר אויף באָרג. דער אויסזען פון אַזאַ יידן אַן אָרעמאַן מיט א קאָרענער קאַפּאָטע איז געווען, אָפּגעלאָזן און דערשלאָגן. האָט זיך דערפאַר אויסקריסטאַליזירט ביי אים ביסלעכווייס אַ הכנעה־קאָמפּלעקס, אַן אונטערטעניקייט. די עטלעכע גבירים, וואָס זענען דאָרט געווען, פון דער וואַלד־בראַנזשע, האָבן געהאַט אויף זיי אַ גרויסע השפּעה האָבן זיי בלויז סטימולירט צו דרך־ארץ און הכנעה, וואָס איז אַמאָל דערגאַנגען צו שפלות. דאָס איינציקע געפיל, וואָס האָט זיי דערהויבן און אַריינגעבראַכט אַ מאָל אין אַ חשיבות איז געווען דאָס חסידות. פלעגן טאַקע אָפט אויסברעכן אין שטעטל מחלוקות צווישן איין גרופּע חסידים און צווייטער. אַזוי ווי ס'איז אַמאָל געשען צווישן די נעסכיזשער און טריסקער, אָדער די לעצטע יאָרן, צוליב אַ דיין, וואָס איין טייל חסידים האָבן אויפגענומען אין געגנערשאַפט צו די אַנדערע. די חסידים, אָבער, צווישן זיך, זיינען אויך אַרונטערגעפאַלן אין אַ שפלות געפיל צו די מער זאַטערע און רייכע און האָבן אויסגעפאָלגט אַלץ, וואָס יענע האָבן באַפוילן.

אין קאַמין, אָבער, איז אַזעלכעס, אָדער כמעט אַזעלכעס, נישט געווען. דאָרט זענען כמעט אַלע יידישע תושבים געווען פאַרמעגלעכע, האָבן געהאַט פּרנסה בשפע, און ממילא זענען זיי ביי זיך געווען שטאָלצע און פעסטע, זיכערע און זעלבסטשטענדיקע. די עקאָנאָמישע בעסערע לאַגע, דער ווילשטאַנד, האָט ביי זיי אויסגעשטאַלט פעסטערע כאַראַקטערן און זיי זענען, נישט אונטערגעפאַלן צו מער רייכערע און כמעט נישט דערקענט קיין „איבער־הערשאַפט".

אָט דאָ ליגט דער אונטערשיד. דאָס איז דער־קען־צייכען און כאַראַקטער־שטריך, וואָס שיידט אונטער די קאַמינער יידן פון די ראַטנער און דאָס איז געווען דער גרונט־מאָטיוו, וואָס מ'האָט געהאַלטן די ראַטנער יידן פאַר גוטע, ווייכע און נח לבריות'דיקע מענטשן, און די קאַמינער פאַר האַרטע עקשנות'דיקע און העזה'דיקע. דאָס איז אַרויסגעוואַקסן פון זייער בעסער און באַקוועם לעבן, פון זייערע געאָגראַפישע און עקאָנאָמישע בעסערע באַדינגונגען.

ס'איז פּונקט ווי דאָס פלאַטערל, וואָס באַקומט די זעלבע פאַרב, וואָס די בלום, וועלכע זי נאָגט און זויגט איר זאַפט. אַזוי דאַרף מען פאַרשטיין און אויסטייטשן אַ סך פון די דערשיינונגען, וואָס זענען געשען אין דער

פאַרגאַנגענהייט. דער נעסכיזשער ז״ל, למשל, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז „אים איז ליבער דער ראַטנער קריג (אַ וואָרט שפּיל אַזאַ: ער האָט געמיינט דעם ווייַן, וואָס די ראַטנער האָבן אים געבראַכט צום שבת׳דיקן טיש אין נעסכיזש אין אַן ערדענעם קרוג) ווי דער קאַמינער שלום" (אַ נאָמען פון אַ בעל־הבית) אָט דער אויסדרוק איז געוויס, אַזוי בין איך מיר משער, אַ רעזולטאַט פון די ווייכע, אונטערטעניקע באַציאונגען און געפילן פון די ראַטנער יידן צו דעם רב ז״ל. ווייל יענע יאָרן האָט אים ראַטנע אַרויסגעגעבן אַ תעודה, אַ מין כתב־רבנות מיט דעם קראַפט פון וועלכן ער, דער רב ז״ל, איז געווען אין זייער לעבן, דער איין און איינציקער שולט און הערשער. און קיין איינציקער ייד דאָרט, האָט נישט געוואַגט צו טאָן די מינדעסטע זאַך, אפילו מאַכן פאַר אַ כלה זיין טאָכטער און אים נישט אָנפרעגן. (זע ראַטנער יזכור בוך — זייט 30).

פונקט אַזוי דאַרף מען פאַרשטיין אין דער פאַרקערטער זייט: אָט די גרויסע ראַנגלענישן און קאַמפן פון די קאַמינער יידן, ווען אַ געוויסער פריץ האָט געוואָלט אַמאָל אַראָפּוואַרפן זייערע הייזער, וועלכע זענען געשטאַנען אויף זיין באָדן. טאַקע נאָר אַזעלכע פעסטע נאַטורן און כאַראַקטערן האָבן געקענט אַזוי העלדיש קעמפן מיט אים, אפילו ווען זיי האָבן נישט געזיגט. (דאָס האָט מיר דערציילט מיין שוויגער, זאָל לעבן, דאַבע כהן, פון שטאָט קאַמין), און אַזוי דאַרף מען אויך פאַרשטיין געוויסע געשעענישן, וואָס זענען פאַרלאָפן אין די לעצטע יאָרן אין קאַמין. דעם פאַל, למשל, וואָס אַ גרופּע יידן האָבן נאָכגעשאָסן די באַלעכאָוויצעס די ערשטע צייט ווען זיי זענען אַהין אַריין און זיך איזדיעקעוועט איבער געוויסע יידישע איינוווינער. אָדער ווי מען האָט מיר דערציילט, פון יצחק און עקיבא אייזענבערג, וואָס האָבן געיאָגט און אַראָפּגעטריבן דעם באַטקאַ באַלאַכאָוויץ פונם בריקל, ווען ער האָט גערעדט צום עולם, וועגן די דאָן פאַרשטייענדע וואַלן.

אָט די און ענלעכע אַרויסטרעטונגען זענען געוויס בולט׳ע סימפּאַטאָמען פון העראיזם פון אינערלעכער גייסטיקער גבורה און שטאַרקן כאַראַקטער, וואָס די קאַמינער יידן האָבן באַזעסן.

וואָס אַן אַמת האָבן אויסגעשטראַלט מאָמענטן פון גבורה אויך אינם ראַטנער יידישן לעבן, ווי דער פאַל פון די צוויי רייטער באַלאַכאָוצעס דעם ערשטן טאָג פון זייער באַווייזן זיך אין שטעטל. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דעם אַלטן יידן ר׳ יעקב לייב קעמפּער ע״ה און געפאָדערט ביי אים געלט. ער האָט זיך געוועהרט קעגן זיי און זיי האָבן אים צולעצט דערשאָסן.

אָדער אַ צווייטער פאַל פון גבורה, שוין ביי דער לעצטער וועלט מלחמה, אַ טאָג איידער די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל, וואָס איינער אַ יונגער מאַן בנימין פריימאַן ר׳ ליבער קארש׳ס איידעם האָט זיך געשטעלט קעגן אַ באַנדע דאַרפסגויים וועלכע האָבן געראַבעוועט יידיש גיטס און האָט איינעם פון זיי דערהרגעט. (די באַנדיטן האָבן אים לסוף געלינטשט).

אָבער אין אַלגעמיין זענען די ראַטנער יידן, אונטער דער השפעה פון שלעכטער עקאָנאָמישער סיטואַציע און אָרעמקייט, אין זייער מערהייט, ממש געווען שטילער פון וואַסער און נידעריקער פון גראָז, ענווים און נכנעים. אין קעגנזאַץ צו די קאַמינער יידן, וועלכע זענען געווען מאַטעריעל גוט־שטייענדע און דערפאַר מער זיכערע און דרייסטע.

אַלס אילוסטראַציע צו דעם געזאָגטן, קאָנען אויך דינען די ווייטערדיקע צוויי טרויעריקע עפּיזאָדן, וואָס זענען געשען אין מיין אייגן לעבן אין דער ערשטער וועלט מלחמה:

עפּיזאָד נומער איינס: ס׳איז געווען אין צייט פון דער ערשטער וועלט־קריג אין יו״ט סוכות, באַלד נאָכדעם ווי די דייטשן זענען אַריין פון אַלע זייטן אין שטעטל. איבערהויפּט מיטן שאָסיי קיעוו—וואַרשע. צוליב די פילע טייכן און טייכלעך, וואָס האָבן אין אַ סך ערטער איבערגעהאַקט דעם שאָסיי און זענען געווען פאַרבויט (פאַרדעקט) מיט בריקן, וועלכע די רוסישע אָפּטרעטנדיקע אַרמיי האָט זיי פאַרניכטעט, האָבן די דייטשן געצוווּנגען די ציווילע באַפעלקערונג פון שטעטל, די יידן, ווייל די קריסטן זענען אַנטלאָפן, צו פאַרריכטן די פאַרברענטע בריקן, כדי איבערצוואַרפן זייערע קריגס־מאַטעריאַלן און נאָכיאָגן דעם שונא. זיי האָבן נישט געשוינט אפילו די אַלטע יידן, וועלכע זענען געשטאַנען און געאַרבעט אום יו״ט. איך און מיין חבר זעליק בערשטיין האָבן ווי דורך אַ נס אויסגעמיטן צו אַרבעטן און האָבן זיך געפינען אין טריסקער שטיבל, דאָס איינציקע מקום קדוש וואָס איז ניצול געוואָרן פון דער גרויסער שרפה, וואָס די רוסן האָבן אונטערגעצונדן דאָס שטעטל ביים אָפּטרעטן.

מיר זענען אַזוי געשטאַנען לעבן פענצטער און אַרויסגעקוקט אויף דער אַבלותדיקער און ליידיקער גאַס, וואָס איז געווען פול אָנגעלאָדן מיט פחד און שוידער פון חורבן און פאַרוויסטונג, פון די פאַררויכערטע שוואַרצע רעשטן פון די פאַרברענטע הייזער, באַזונדער אויף דעם שוואַרצן און אַש־פאַרפולטן פּלאַץ פון דער געוועזענער פּרעכטיקער און קונסטלעכער גרויסער שול, וואָס איז געלעגן (ליגט אויך איצט) אין רואינען, אין אַש און פּאָרעך. מיר האָבן אַמאָל אַרויסגעברומט ווערטער פון יום׳טובדיקע תפילות און אַמאָל

זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער וועגן דער אַקטועלער לאַגע. ווי פּלוצלינג אומגערעכט פאַר אונדז, רייסט זיך אַריין אין שטיבל אַ ייִנגל, וואָס פּרייכט, סאַפּעט און זוכט פאַרלוירן אַן אָרט אויף אויסבאַהאַלטן זיך. און נאָך אים, ווי אַ שפּאַרבער, נאָך אַ טויב, רייסט זיך אַריין אַן ייִדישער פּאָליציאַנט, וואָס דעריאָגט אים און כאַפּט אים אָן ביים קאָלנער פון זיין בגד און שלעפּט אים מיט ברוטאַלן כּוח נאָך זיך. מיר האָבן פאַרשטייט זיך, אים אָנגעהויבן צו בעטן, אַז ער זאָל דעם אָרעמען אָפּלאָזן, האָט ער זיך צעשריִען אויף אונדז און אַפילו זיך געזידלט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן אים אָפּגעענטפערט. דער עסטרייכישער סאָלדאַט, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן און האָט נישט געוואָגט אַריינגיין אין אַ געבעט־הויז, איז מיט אַמאָל גערופן געוואָרן דורך דעם מיליציאָנער, וועלכער האָט אונדז אויך געמסרט. אַז מיר האָבן אים געשטערט אין זיין אַרבעט און אויך באַליידיקט, ווייזנדיק אים אַ געדריטעלטן פינגער, אַ פייג זיך אין מויל (ער האָט נישט געוווּסט ווי מ׳רופט אַ פייג אין דייטש) קורץ, מען האָט אונדז אַלע פאַרנומען אין קאָמענדאַטור און דאָרטן אונדז פאַרמשפּט צו אַ מין לעבעדיקן הענגען אויף אַ בוים. אוועקשטעלנדיק אונדז אויף אַ שטול האָט מען אונדז מיט אַ שטריק צוגעבונדן צו אַ הויכן בוים ביים האַלבן קערפּער און דאָס בענקל דערנאָך אַרויסגעשלעפּט און מיר זענען געבליבן הענגען.

מיין זעליקע אָרעמע מוטער, מיינענדיק אַז מ׳וועט מיך אויף אַן אמת הענגען, איז געלאָפן מיט קולות און געוויינען איבערן שטאָט־מאַרק און געבעטן ביי די שטאָט בעלי־בתּים זיי זאָלן מיר ראַטעווען. קיינער, צום באַדויערן, האָט אָבער נישט געוואָלט איינשטעלן און גיין בעטן ביי דער דייטשער מאַכט. נישט חלילה פון שלעכטקייט, נאָר פּשוט: מען האָט מורא געהאַט. זיי האָבן נישט געהאַט דעם מוט און דרייסטקייט דערצו. איך בין מיינע פּאָר שעה געבליבן אַזוי הענגען אויפן בוים און יעדער דייטש־נאַכאַל, וואָס איז פאַרביי דעם בוים, האָט מיט זיין באַצוועקטן שטיוול מיר אַ זעץ געטאָן אין די פיס, אין בויך, כלומרשט פאַרריכטן מיין הענגען. נאָכדעם האָט מען מיך פאַרשפּאַרט אין אַ פינסטערן חדר.

און איצט עפּיזאָד נומער צוויי: אין אונדזער שטעטל איז בשעת דער מלחמה אָנגעגאַנגען אַ גרויסער שמוגל־מסחר. ס׳זענען דאַמאָלט כּמעט אַלע גאַסן און געסלעך געווען פ־ל מיט פעסער גאַזע. מ׳האָט אין די גאַסן געטריבן פערד, בהמות און שאָף. סוחרים זענען געקומען פון אַלע פּוילישע שטעט און האָבן אָפּגעקויפט די סחורות. אַפילו בעלי־מלאכות זענען געוואָרן סוחרים, ווייל מ׳האָט געקויפט און פאַרקויפט אויפן וואָרט און געגעבן צו פאַרדינען יעדן וואָס פאַר אַ פּרייז ער זאָל נישט האָבן באַצאָלט. איך אַ לערער, בין אויך געוואָרן אַ סוחר און האָב זיך איינמאָל אויסגעסטאַרעט, פאַרשטייט זיך מיט שותּפים, אַ שיין אַזאַ צו פאָרן קיין בריסק און פון דאָרט ברענגען אַ פאָר פורן זאַלץ. ס׳האָבן אונדז אַפילו באַגלייט צוויי אמת׳ע דייטשן מיט ביקסן. צוריקוועגס 10 קילאָמעטער אונטער בריסק, האָט אונדז אָפּגעשטעלט אַ דייטשישער אָפיציר און האָט אונדז אַלע נאָכן אויספאָרשן, אַרעסטירט און אָפּגעפירט אין דער נאָענטער קאָמענדאַטורע אין שטעטל — קאַמעניצע. דער סוף — מיר האָבן זיך מיט אים פאַרגלייכט און ער האָט אונדז אָפּגעלאָזט. האָט זיך אָבער דערוווּסט דערפון די ראַטנער זשאַנדאַרמעריע און זי האָט אַרעסטירט דעם ראַטנער קאָמענדאַנט פאַר געבן אונדז אַ שיין, און צוזאַמען מיט אים אויך אונדז גענומען און אָפּגעשיקט קיין קאַמין און אונדז פאַרשפּאַרט, מיר און בערטשוק רידער, אין דאָרטיקער טורמע אויפן בערגל. מיר זענען דאָרט געזעסן צוזאַמען מיט אַנדערע אַ זעלכע „פאַרברעכער" און נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ סוף עס דערוואַרט אונדז. מיר האָבן זייער מורא געהאַט פאַר אַ נאָכפאָלגנדן פּראָצעס, וואָס, ווי אייניקע האָבן געזאָגט, וועט פאַרפירט ווערן קעגן אונדז פאַר שמוגל און כאַבאַר געבן. זענען מיר געזעסן פאַרשפּאַרט און אין איין שרעק. קיין קאָנטאַקט מיט ראַטנע אין יענע קריגס־צייטן איז נישט מעגלעך געווען און אין קאַמין זענען מיר לגמרי פרעמד. קיינער קען אונדז דאָרטן נישט. און דאָ פּלוצלינג דערמאָן איך מיך, אַז איך האָב אין שטעטל אַ באַקאַנטע מיידל — פריידע־איטע קאַרש, וועלכע פלעגט אָפט קומען קיין ראַטנע צו גאַסט צו איר שוועסטער. איך האָב אויסגענוצט אַ געלעגנהייט, וואָס איינער אַ קאַמינער תּושב איז באַפרייט געוואָרן פון תּפיסה און האָב צוגעשיקט אַ בריוועלע צו דער מיידל קאַרש, צו וויסנגעבנדיק איר, אַז מיר זענען אַרעסטירט. דאָס איז געווען אַ פרייטיק נאָך אַ פּאָר וואָכן פאַרשפּאַרט זיין. אויף מאָרגן, שבת, נאָך האַלבן טאָג באַווייזט זיך, ממש ווי אַ מלאך הגואל, פאַר אונדז אַ שטאַלטנע, פּאַטריאַרכיאַלישע פיגור אין דער פּערזאָן פון שעפע זאַפּראַן, וועלכער האָט נאָך געוויסע אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן, אונדז געבראַכט די גוטע בשורה, אַז מיר זענען באַפרייט און מיר קאָנען מיטגיין מיט אים.

וואָס מיר האָבן דאַן געפילט און ווי אַזוי מיר האָבן אויף דעם טייערן מענטשן געקוקט קענען דאָס פאַרשטיין אין פילן די אַלע, וואָס געדענקען די דייטשע שטרענגקייט און אכזריות אַפילו אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר האָבן מיט אונדזערע ווײַנס געשפּירט, ווי עפּעס אַ מלאך

האָט אונדז ארויסגעפירט משעבוד לגאולה ומאפלה לאורה. עפעס ווי אַ גרויסער נס איז דאַמאָלסט געשען אין אונדזער לעבן.

די יידן פון ביידע שטעטלעך זענען געווען יראים ושלמים, יידן אמת'ע און אינטעגראַלע, צווישן זיי למדנים און משכילים. די יוגנט — טייערע, גאָלדענע און אינטעליגענטע, דורכגעדרונגענע מיט אידעאַלן און הומאניזם. איין גרויל־גורל האָט זיי געטראָפן, זיי זענען ווי טהורים וקדושים, געגאַנגען אויף קדוש השם, אַלע מיט זייערע שיינע און ריינע לעבנס. פארשניטן געוואָרן דורך די מערדער, די נאציס ימ"ש און אָפגעמעקט געוואָרן צוזאַמען מיט די טייערע שטעטעלעך פון דעם פלאַץ פון ערד.

פישל לייזערוק, רמת־גן

# דער יחוס פון לובעשאָוו

ר' יוסף שיינבערג פון פּראַסקוראָוו דערציילט אַז די שטאָט לובעשאָוו איז אַמאָל געווען שטאַרק אָנגעזען און באַרימט אין גאַנצן געגנט אַרום, צוליב אירע גרויסע רבנים און למדנים. עס ציט זיך אַ דינאַסטיע פון ר' שמערל און ר' איציקל ביז ר' יעקב לייב, דעם לעצטן רב אין שטעטל ביז דער ערשטער וועלט מלחמה, און ר' יצחק אהרון, איינער פון זיינע זין, וועלכער איז געווען רב אין לובעשאָוו פון 1922 ביז 1942.

צו ר' יצחק אהרון, דער לעצטער רב פון לובעשאָוו, פלעגן קומען חסידים פון פינסק, קאָברין און פון אַנדערע שטעט. ער האָט איבערגענומען אַ גרויסן חסידישן הויף פון זיין טאַטן און געפירט דעם הויף מיט פאַרנעם. ער איז געווען אַ גרויסער למדן און דערצו אַן אמת'ער פאָלקסמענטש. ער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט יעדן יידן אינדיווידועל, דעריבער איז ער געווען באַליבט ביים פאָלק. ער איז עטלעכע מאָל געווען אין אַמעריקע, ווו ער פלעגט זאַמלען געלט פאַר אָרעמע יידן אין לובעשאָוו.

דער רב איז צוזאַמען מיט יעקב לייב לייזערוק אומגעקומען אין דעם געטאָ פון לובעשאָוו אין א קעלער, ווו ער איז געווען פארבאַריקאַדירט.

פון די דריי זין פון דעם רב ר' יצחק אהרון, זענען צוויי געשטאָרבן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און דער דריטער איז אומגעקומען אין געטאָ פון לובעשאָוו.

## פישל בן יעקב אריה לייזערוק, דערציילט וועגן לובעשאָוו

לובעשאָוו עקזיסטירט שוין זיבן הונדערט יאָר. דער טייך סטאָכאָד האָט געשפילט אַ גרויסע ראָליע פאַר דעם וווקס און פאַנאַנדערבלי פון דער שטאָט. די גאַנצע געגנט אַרום האָט געהערט צו פאַרשיידענע פירשטן פון ליטע. עס האָט זיך געפירט אַ קריג מיט פוילן און מיט די טאַטאַרן. דערנאָך האָבן גענומען בושעווען כמיעלניצקיס באַנדעס אין דער געגנט און יידן האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס.

ביי די פּאָליאַקן איז געווען אַ יחוס וואָס טאַדעאוש קאָשטשיושקאָ האָט געלערנט אין א קלויסטער אין לובעשאָוו. דאָס באַווייזט די וויכטיקייט פון דער שטאָט. שפּעטער האָבן אַנדערע שטעט אַרום איבערגעוואַקסן לובעשאָוו.

אין יידישן לעבן איז אין לובעשאָוו אָנגעגאַנגען אַ קריגעריי צווישן רוסישע און פוילישע יידן, וואָס האָט זיך געצויגן ביז די לעצטע טעג, איידער די דייטשן האָבן פאַרניכטעט די יידן. די רוסישע יידן זענען געווען אָנהענגער פון הרב יעקב לייבעניו, די פוילישע יידן האָבן אַראָפּגעבראַכט זייערן אַ רב משה מרדכי פערלין פון פיעטריקאָוו. מען האָט אים דעמאָלט גערופן דער „פיעטריקאָווער עילוי".

די צוויי צדדים פלעגן זיך גאָר שטאַרק באַקעמפן. די חסידים און די רוסישע יידן פלעגן אָבער גיין צו אַ דין תורה צו הרב פערלין, וועלכער פלעגט פארטרעטן די פוילישע יידן, די מתנגדים.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז הרב פערלין געוואָרן רב אין קאַמין־קאַשירסקי. קאַמין־קאַשירסקי האָט שנעל גענומען איבערשטייגן לובעשאָוו, מיט מער יידן און מיט מער רייכקייט.

## דער יחוס פון לובעשאָוו

לובעשאָוו איז געווען אַ שטעטל מיט פאַרשידענע פאַרטייען און ריכטונגען, פון רעכטע ביז עקסטרעם לינקע. געווען אין לובעשאָוו אַ יידישע זעלבסט־שוץ אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך קעגנגעשטעלט די פּאָגראָמען אין יענער געגנט.

געווען אַ שיינע קולטורעלע יוגנט אין לובעשאָוו.

די דייטשן מיט דער הילף פון אוקראַינער און אַנדערע באַנדיטן האָבן מערדערלעך אומגעבראַכט די יידן פון דעם שטעטל.

# זכרונות וועגן לובעשאָוו

## שמשון שקלאַר

דערציילט:

פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה זענען געווען ביז 350 יידישע פאַמיליעס אין שטעטל.

לובעשאָוו ציט איר יחוס פון באַרימטע קלויסטערס, ווי דער קאַפּוצינער און „איצווו פּיאַראָוו". אין וועלכן עס האָט זיך געלערנט טאַדעאוש קאָשטיושקאָ. די יידן אין שטעטל האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל, אַרבעט און אַרענדאַר פּרנסות. עס פלעגן גיין סחורות קיין פּינסק. דער טייך סטאָכאָד (וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין פּריי־פּיעט און דער פּריפּיעט אין דיר און די אַלע וואַסערן אין גרויסן דניעפּר), האָט געדינט אַלס קאָמוניקאַציע־וועג. די פאַראַכאַדן פלעגן שניידן און דורכשניידן דעם טייך טאָג־טעגלעך.

די אַלטע שול איז געווען באַרימט אַלס „רוסישע שול". אין יאָר 1910 איז זי געוואָרן אָפּגעברענט. די צווייטע שול איז געווען די „פּוילישע שול". עס איז אויך געווען אַ קירזשנערישע שול, אַ שניידערישע שול און אַ מתנגדישע שול. אַ חוץ די אַלע שולן איז געווען אַ דאַוון־שטוב ביי דעם רבין יצחק לייבעלע ווייגאַרטן.

אין 1914 בשעת דער דייטש־רוסישער מלחמה, איז לובעשאָוו פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן. די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן די יידן קיין פּוילן.

אין 1920 איז דער בית־עולם געוואָרן צעשטערט. אויף דעם פּלאַץ זענען געווען די אָקאָפּעס פון דער אַרמיי. אין תשעה באב פון דעם יאָר האָט שמשון שקלאַר צונויפגע־רופן די יידן, וועלכע זענען געקומען אויפן בית־עולם און זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ צוים פון שטעכל דראָט אַדום הייליקן אָרט.

די באַלאַכאָוויצעס האָבן דעמאָלט אָרגאַניזירט אַ פּאָ־גראָם און דערהרגעט די מיטגלידער פון דער איינציק־יידישער פאַמיליע אין לובעשאָוו. די קרבנות זענען געווען: פרוי ראשע שקלאַר און שמשון׳ס אַ שוועסטער חנה שקלאַר און אַ ברודער. שמשון שקלאַר האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די אַדראַזשינער וועלדער נעבן יאַנאָווע. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט שמשון זיי געבראַכט צו קבר ישראל אין לובעשאָוו. (פון דעם פעלד ווו די גויים האָבן זיי געהאַט באַגראָבן אין פּאַזשאַיע).

## רבנים

דער לעצטער רב אין שטעטל איז געווען רבי יצחק אהרון ווייגאַרטען. ער האָט געהאַט פיר זין: אבא, שמערל, משה און סראָליק. דער לעצטער איז געווען באַקאַנט אַלס אַסטראָנאָמיע־פאָרשער, ער האָט געשאַפן אַן אייגענעם לוח. ער איז געווען צווישן די זיבעציק ערשטע קרבנות פון לובעשאָוו, וואָס די דייטשן האָבן אומגעבראַכט.

## פרוי יפה פּלאַטניק

דערציילט:

עס איז געווען פּורים 1942. די דייטשן האָבן געמאַכט אַן אַבלאַווע און געכאַפּט זיבעציק מענער. מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער, געהאַלטן זיי 24 שעה אָן עסן און דערנאָך זיי געפירט צו דער שחיטה. מען האָט זיי מיטגעגעבן אייזנס און בערעטער און געפירט זיי אונטערן שטאָט, נעבן בית־עולם און זיי דערשאָסן. צווישן די קרבנות איז געווען דער רב מיט זיינע צוויי זין. די צוהעלפערס, וועלכע האָבן געהאָלפן מאָרדן די יידן, זענען געווען די אוקראַינער ווי אַנדרעי דערמאַניענקאָ און דער געהילף פון גלח פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירכע. זיי האָבן צוגע־שטעלט די רשימה פון די יידן צו די דייטשן.

דעם רב האָט מען דערלויבט אָנצושרייבן אַ צעטעלע און אַרויסשיקן מיט אַ קריסט צו דער רביצין. אין צעטעלע איז געשטאַנען:

„צו דער עדה, בעט גאָט פאַר אונדז, מיר וועלן נאָך דערלעבן די ישועה".

אונטערגעשריבן, יצחק אהרון.

די איינציקע טאָכטער פון רב, בת שבע, צוזאַמען מיט נאָך ניין פרויען פון דערהרגעטע מענער, זענען געגאַנגען זען צי די יידן אַרבעטן „ביי דער בריק" ווי די דייטשן האָבן געזאָגט. זיי האָבן אָנגעטראָפן אַ פאַרשאָטענעם גרוב מיט טויטע קערפּערס און אַ פוס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון דער ערד. די פוס מיט דער זאָק, וואָס זיין טאָכטער האָט דערקענט, איז געווען פון דעם רב.

די רביצין מיט דער איינציקער טאָכטער און מיט אַ שנור און צוויי אייניקלעך זענען אומגעקומען אין געטאָ פון לובעשאָוו אין 1942, צווישן די טויזנט פינף הונדערט יידן פון לובעשאָוו און די שטעטלעך אַרום.

לובעשאָוו איז געווען אַ שטעטל פול מיט יידיש לעבן. ווען לובעשאָוו האָט נאָך 1920 צוריק געגומען בויען און אויפשטעלן הייזער און שולן, זענען פיל יידן צוריק געקומען. צו די פריערדיקע תושבים זענען אויך צוגע־קומען פיל יידן פון פאַרשידענע אַנדערע שטעט און שטעט־לעך.

אין 1936 זענען שוין געווען איבער 300 יידישע משפּ־

חות אין לובעשאָוו. אויף דעם פּלאַץ וווּ עס איז געבליבן אַ וואַנט פון דער פלאַנט־שול האָט מען געבויט אַ נייע שול, אָבער לויטן אַלטן סטיל.

מען האָט אויך געבויט קולטור־אַנשטאַלטן ווי אַ ביב־ליאָטעק, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס. עס זענען געווען אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי בית״ר, השומר הדתי, און אַנדערע. די פירערס פון השומר הדתי זענען געווען זלמן קארש און אייזיק ספּעקטאָר. (זלמן קאַרש איז אומגעקומען אין פּינסק).

די אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״ האָט געהאַט פירערס ווי דוד יאַשפע, חיים לייזערוק און חיה לייזערוק. בית״ר פי־רערס זענען געווען יאַנקל פעלטשוק און שמואל נח לעווין, דער זון פון שמחה לעווין. יאנקל פעלטשוק און נח לעווין זענען אומגעקומען.

עס פלעגן קומען שליחים פון דער צענטראַלע זאַמלען געלט פאַר קרן קימת. דאָס שטעטל פלעגט זיך גוט אָפּ־רופן. דער קבוץ אין לובעשאָוו, איינגעאָרדנט פון אגודה ישראל האָט געהאַט ביז 40 יוגנטלעכע. מען האָט זי־צוגעגרייט אויף הכשרה צו פאָרן קיין ארץ ישראל. די אָנפירערס זענען געווען הרב אבא וויינגאַרטן, (וועלכער איז געשטאָרבן ערב דער צווייטער וועלט מלחמה) און אבא קאַרש.

אַ גרויסער טייל פון די קיבוצניקעס האָבן באַוויזן עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. זיינוול קאַרטש, אַ טוער פון אגודה קיבוץ איז אומגעקומען.

דאָס אַלץ איז געווען לובעשאָוו...

פאַרצייכנט: א׳ מ׳ א.



יוגנט־פאַרבאַנד „גורדוניה״ אין לובעשאָוו

**חנה עליאָוויטש דע מאַנקער**, אַרגענטינע

# מיין שטעטעלע לובעשאוו

ווייט אין די פּאָליעסער בלאָטעס, ביים טייך סטאָכאָד, איז געלעגן אונדזער שטעטעלע לובעשאָוו. אַ שטעטל ווי די מערהייט יידישע שטעטלעך. די הויפּט־גאַס אַ לאַנגע און ברייטע מיט אַ מאַרק און קראָמען. אַנטקעגן דער קלויסטער — דער קאַשטשיאָל. אַ ביסעלע אין אַ זייט — אונדזער איינציקע יידישע שול.

לובעשאָוו האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט פון די אַנדערע שטעטלעך, אָבער מיר לובעשאָווער זענען געווען שטאָלץ מיט איר.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז לובעשאָוו געווען אַ גרויסע שטאָט מיט רבנים און רביים. מען האָט געקענט לובעשאָוו אין דער יידישער וועלט.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די שטאָט אינגאַנצן חרוב געוואָרן, עס זענען נאָר געבליבן די ווענט פון רבינס בית המדרש און די חורבות פון די קריסטלעכע קירכעס. די מענטשן זענען זיך צעלאָפן. ווער אין אַ צווייטער שטאָט און ווער אין דאָרף; אָבער שטענדיק מיט דער האָפענונג זיך אומצוקערן צוריק.

אין 1924 האָבן גענומען זיך אומקערן די אַמאָליקע תושבים. די ערשטע זענען געקומען די לייזערוקעס. פאָלטשוק, אייזענבערג, אונדזערע גוטע שכנים די פאַמיליע פערטשיק, וואָס זייער עלטערער ברודער חיים, געפינט זיך מיט זיין פאַמיליע אין אַרגענטינע. זייער שטוב איז שטענדיק געווען אָפן; די יוגנט פלעגט זיך דאָרטן צונויפקומען און גוט פאַרברענגען. מיין פאָטער חיים עליאָוויטש ז״ל, האָט גענומען בויען אונדזער הויז, און אַז עס איז געקומען פון דערעוואָק, ראובן בורשטיין אַ שוחט, אַ ייד אַ תלמיד חכם, האָט מען גלייך געמאַכט אַ מנין ביי אים אין שטוב, און מען האָט גענומען בויען אַ מקוה, אַ בית עולם איז געבליבן פון אַ מאָל, און ווען עס איז שוין געווען איינגעאָרדנט דאָס וויכטיקסטע וואָס אַ יידיש שטעטל דאַרף האָבן, האָבן אָנגעהויבן צו קומען אַ סאַך יידן וועלכע האָבן געלעבט אין די דערפער, וועלכע האָבן שטענדיק געשטרעבט צו זיין צווישן יידן, און אַזוי האָט זיך צו ביסלעך פאַמעלעך אָנגעהויבן צוריק קומען אונדזער לובעשאָוו. אָרעם, אָבער מענטשלעך, האַרציק און יידישלעך.

אָפט פלעגן פאָרקומען מחלוקת׳ן. איינמאָל געדענק איך: נאָך ראובן בורשטיין דעם שוחט׳ס טויט, צוליב דער חזקה, דאָס הייסט די ירושה ווער זאָל איבערנעמען די שחיטה, דער זון זלמן, אָדער דער טאָכטער איטקעס מאַן, איציק קופערמאַן פון לונינעץ, עס האָבן זיך געשאַפן צדדים, מען האָט זיך געקריגט אָבער צום געריכט איז נישט געקומען. מיר האָבן פאַרמאָגט פיינע יידן, דיינים, רבנים און מען פלעגט מאַכן פשרות.

די הויפּט־פרנסה האָט מען געצויגן פון די מערקטעג. דעם 10־טן און דעם 25־טן פון יעדן מאָנאַט פלעגן פאָרקומען גרויסע מערק. פון דער גאַנצער געגנט פלעגט מען זיך צונויפקומען, ברענגען תבואות, בהמות, פערד. עס פלעגן זיך צונויפפאָרן אַ סאַך פויערים, מען פלעגט קויפן און פאַרקויפן. די קרעמער האָבן געלייזט און געהאַט פרנסה. קיין גרויסע אַמביציעס האָט מען נישט געהאַט, מען האָט נישט געדאַרפט קיין קאָטשן, זומער־וווינונגען, געלט אין דער באַנק. ביי אונדז אין שטאָט איז קיין באַנק נישט געווען. (איך ווייס טאַקע נישט אַוו די פאָר גבירים האָבן געהאַלטן באַהאַלטן זייער געלט...). פונדעסטוועגן לויט מיין זכרון, האָט מען זיך געלעבט גאַנץ צופרידן מיט דעם וואָס מען האָט פאַרמאָגט. אַז מען האָט נאָך געהאַט די מעגלעכקייט צו מאַכן אַ שיינעם שבת, איז מען געווען גלייך צו ראָטשילדן. מען איז נישט געווען אַזוי מאַטעריאַליסטיש ווי היינט. מיר דוכט זיך, אַז אונדזערע עלטערן האָבן געהאַט די „נשמה יתרה" אַ גאַנצע וואָך — נישט נאָר שבת.

מיין טאַטנס שטוב, חיים עליאָוויטש ז״ל, איז געווען די ערשטע ביים אָנקומען פון קאַמין־קאָשירסקי. און יעדער פרעמדער פלעגט טאַקע צו אונדז אין שטוב פאַרפאָרן. ווו מען פלעגט אים אויפנעמען פריינדלעך, ווי די מידה ביי אונדזערע קליינשטעטלדיקע יידן.

מיין פאָטער איז געווען אַ ייד אַ שמח בחלקו. פרנסה האָבן מיר געהאַט פון דעם, וואָס סוחרים און פריצים פון געגנט, פלעגן צו אונדז פאַרפאָרן נעכטיקן און עסן. מיר פלעגן פראַווען אַ שיינעם שבת, מיטן גאַנצן גלאַנץ. אונדזער שטוב מיטן שינדל־דאַך און הילצערנעם גאַניק, איז געווען ביי אונדז אַ גאַנצער פּאַלאַץ.

מיין שטיף־מוטער שיינע דרוקער פון יאַנאָווע איז געווען אַ פרוי אַ צדקת. זי האָט מיך מיט מיינע שוועסטער אָפּגעהיט ווי אייגענע קינדער, אַזוי אַז מיינע קינדעריאָרן דערמאָן איך שטענדיק מיט בענקשאַפט. מיין פאָטער איז געווען אַ ייד אַ משכיל, א קעגנער פון פאַנאַטיזם. ער איז געווען גוט באַקאַנט אין דער העברעאישער און רוסישער ליטעראַטור. ביי אונדז אין שטוב האָבן מיר פאַרמאָגט פרץ סמאָלענסקיס ווערק, טשערניכאָווסקיס שירים, אַמאָליקע העברעאישע זשורנאַלן ווי „המגיד" „הצפירה". ער איז אויך געווען אַ גרויסער פאַרערער פון טאָלסטאָי. ער פלעגט רעציטירן פושקינס שירים.

יידישע טראַדיציע און מנהגים זענען ביי מיין פאָטער געווען הייליק און טייער. דער פרייטיק־צונאַכטס, די סדרים, און אפילו דער שבת־צונאכטס, איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון און אין מיין האַרצן. דער פרייטיק צו־נאַכטס מיט דעם שלום עליכם, קידוש, זמירות; די שטוב, די מענטשן, זענען געוואָרן שענער, אַלץ פלעגט קריגן אַ גלאַנץ פון קדושה. דער טאַטע פלעגט שיינען ווי אַ מלך און מיר אַלע פרינצעסינס.

דערנאָך פלעגט קומען אַ לאַנגע וואָך. ווינטער מיט די פרעסט און זאַווערוכעס, פלעגט די וואָך זיך ציען נאָך לענגער, נאָר דער שבת פלעגט געבן כוח אויף א גאַנצע וואָך.

די סדרים מיט זייער גלאַנץ. מיין זיידע ישראל באַקשטיין ז״ל, איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אין די קישנס מיטן

ווייסן קיטל. מיין פאָטער ביי זיין זייט. מען פלעגט זאָגן די הגדה און דערציילן די נסים. די שיינע כוסות פון אַלע קאָלירן האָבן געגלאַנצט. צו אונדז איז קיין גלייכן נישט געווען. אַזוי גליקלעך האָבן מיר זיך געפילט. אפילו שבת צונאַכטס, ווען מיין מומע פלעגט שוין „אָפּזאָגן „גאָט פון אברהם" און מען פלעגט אָנצינדן דעם לאָמפּ, און די וואָך מיט אירע זאָרגן פלעגט אריינקומען אין שטוב, פלעגן מיר גלייך שטעלן דעם סאַמאָוואַר. עס פלעגן זיך צונויפ־קומען חברים, און שכנים, טרינקען א גלעזל טיי, לייענען דעם „היינט" שמועסן פון פּאָליטיק, ליטעראַטור אָדער גאָר זינגען א זמרל, און אַזוי פלעגט מען דעם שבת־צו־נאַכטס באַשיינען.

לוביעשאָוו האָט פאַרמאָגט אַ שיינע יוגנט, אַ טרוי־מערישע און קעמפּעריש. איך ווייס נישט, קען זיין אַז די שיינע נאַטור האָט געווירקט אויף אונדז. פון איין זייט דער טייך, פון דער צווייטער דער קאַבצינער סאַד, דער וואַלד, און פעלדער מיט תבואות.

איצט די לבנה נעכט. זיי זענען געווען אַזוי שיין. דאָ אין ארגענטינע, באַמערקט מען דאָס נישט צוליב די עלעקטרישע לאָמפּן. אָדער, אפשר דערפאַר וויל עס זענען שוין אַוועק אַ סאַך יאָרן, און עס בענקט זיך...

מיר פלעגן פאַרברענגען אין ביבליאָטעק, וואָס מיר האָבן מיט אייגענע מיטלען צונויפגעשטעלט. מען פלעגט פאַרשטעלן טעאַטער און פאַר דעם געלט געקויפט ביכער.

זומער פלעגט קומען פון פינסק דער פּאַראַכאָד, עס פלעגן קומען פרישע מענטשן. דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט גיין וואַרטן אויף דעם פּאַראַכאָד. מען פלעגט אויך גיין אָפּוואַרטן דעם קליין־באַן וואָס פלעגט קומען אין שטאָט. שבת, יום טוב אָדער אין די זומער פאַרנאַכטן פלעגן מיר פאָרן אויף שיפלעך, זינגען לידער און בענקען צו זע, די גרויסע וועלט.

ביי אונדז אין שטאָט איז פאַר דער יוגנט נישט געווען קיין שום צוקונפט, נישט לערנען און נישט ארבעטן, האָט מען טאַקע געוואָלט אַוועק אין דער וועלט זוכן גליקן. אָבער נישט אַלע האָבן געשטרעבט צו דאָס זעלבע. די מערהייט האָט געוואָלט עולה זיין קיין ישראל, בויען אונדזער לאַנד און אַוועק פון גלות, רדיפות, פּאָגראָמען, באַליידיקונגען, וואָס די יוגנט האָט שטאַרק געפילט.

אָבער עס זענען געווען די „צייטן מיט סערטיפי־קאַטן". מיר זענען געווען ווייט פון דער הויפּט־שטאָט, קיין שטאַרקע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, מיט א סאַך מיט־גלידער האָבן מיר נישט פאַרמאָגט, האָבן מיר נישט געהאַט אויף וואָס צו וואַרטן.

נאָך אַ סאַך מי האָט ברוך מרדכי ספּעקטאָר געקריגן אַ סערטיפיקאַט און אוועק קיין ארץ ישראל, ווו ער לעבט איצט מיט זיין פאַמיליע. איך געדענק ווי אַלע חברים האָבן אים געמאַכט א באַנקעט, און אים צוגעפירט צום באַן אַ צען קילאָמעטער. ווען די באַן איז אָנגעקומען האָבן מיר אַלע געזונגען „התקוה". אַזוי האָבן מיר ארויסבאַגלייט דעם ערשטן חבר.

מיר אַלע זענען געבליבן וואַרטן אויף אַ צווייטער גע־לעגנהייט, וואָס איז אַזוי לייכט נישט געקומען, און מען האָט געמוזט זוכן אנדערע וועגן. אַזוי האָב איך, און מיין מאַן אליהו מאנקער, און נאָך יוגענטלעכע, קעגן אונדזער ווילן, זיך פאַרנומען אויף אַן אנדער וועג, דערפאַר געפי־נען מיר זיך אין ארגענטינע.

עס איז ביי אונדז אויך געווען אַ יוגנט, וואָס האָט געוואָלט לייזן די וועלט פּראָבלעמען. אַזוי וועלן די יידן אויך געהאָלפן ווערן. זיי זענען געווען שטאַרק אַקטיוו. זיי האָבן אָרגאַניזירט די פּויערים, געגאַנגען אין תפיסה, גע־קריגן קלעפּ, און אייניקע האָבן באַצאָלט מיטן לעבן פאַר דעם אידעאַל.

קיין סאַך יוגנט האָט לובעשאָוו נישט געהאַט. גאָר ווינציק האָבן זיך געראַטעוועט. איך אַליין האָב פאַרלאָרן מיינע ביידע שוועסטערלעך מערעלע און אלטיטשקע, מיין מאַנס שוועסטער בלומקע, איר מאַן זלמן בורשטיין, וואָס איז געווען שוחט אין לושע. (נאָך זיין פאָטערס טויט האָט ער איבערגענומען די שחיטה אין לובעשאָוו). ער איז געווען א יונגערמאַן א משכיל. ביי דעם לובעשאָווער רבין איז ער געווען דער ליבלינג. זיינע זמירות און נגונים פלעגן פאַרקלינגען די שטאָט. אַז דער רבי פלעגט ערגעץ פאָרן פלעגט ער אים מיטנעמען, כדי צו באַשיינען מיט זיינע נגונים דעם רבינס טיש.

ער האָט אויך געהאַט 6 קינדער, קיינער האָט זיך נישט געראַטעוועט.

קינדער, האָבן זיך ווייניק געראַטעוועט. אָבער די וואָס דער גורל האָט געוואָלט אַז זיי זאָלן זיך ראַטעווען, דער־מאָנען לובעשאָוו מיט בענקשאַפט.

ווי אַ סימבאָל פון יידישקייט, גוטסקייט און מענטש־לעכקייט באַגלייט מיר אַלע מיינע יאָרן, דער אנדענק פון מיין זיידן ישראל באַקשטיין ז"ל. אַלע מידות טובות וואָס א מענטש פאַרמאָגט, האָט ער פאַרקערפּערט אין זיך. ער פלעגט אויפשטיין גאַנץ פרי און אָנהויבן זאָגן ברכות, לערנען משניות, דאָס איז אַלץ געווען אין דער פרי פאַרן דאַווענען. דערנאָך אַ גאַנצן טאָג, האָט די שטוב געקלונ־גען פון זיינע תפילות און לערנען, דאָס איז געווען בין

אדם למקום, ער האָט אויך אָפּגעהיט דעם „ואהבת לרעך כמוך״ לויט זיינע מעגלעכקייטן. פלעגט געבן גמילות חסדים. טאָמער האָט ער נישט געהאט, פלעגט ער באָרגן און געבן אפילו אַזעלכן וואָס קיינער האָט אים נישט געוואָלט לייען, יענער פלעגט גיין אין מאַרק האַנדלען, עפּעס פאַרדינען און דערנאָך אָפּגעבן דעם זיידן דעם חוב.

אויך האָט ער געהאַלטן פון שלום צווישן מענטשן, מיט אונדז האָט ער געלערנט גוטע מידות, שטענדיק מיט אַ גוט וואָרט, נישט געשריגן, נאָר אויפגעקלערט און אונדז געלערנט. מיין זיידנס ווערטער באַגלייטן מיך שטענדיק. אמאָל העלפן זיי מיר ביי שווערע נסיונות.

מיין פעטער שלמה עליאַוויטש, ער איז געווען אַנדערש ווי אַלע. ער האָט נישט חתונה געהאַט, מען האָט פון אים נישט געהאַלטן אין שטאָט, אָבער איצט, אַז איך דערמאָן זיך ווי ער פלעגט אַרומגיין און קוקן אויפן הימל, און זאָגן אַז משיח דאַרף קומען אויסלייזן די יידן, זע איך אין דעם עפּעס נביאיש. די גאולה איז טאַקע געקומען אָבער אַ ביסעלע צו שפּעט, די מערהייט האָט דער גאולה נישט דערלעבט ; מיין פעטער שלמה צווישן זיי...

אַלע לובעשאָווער פאַמיליעס זענען געווען גוטע האַרציקע יידן. זומער פלעגט מען אַריינשיקן קיין לובעשאָוו ישיבה בהורים אויף דאַטשע, אליין פלעגט מען קוים אויסקומען מיט פרנסה, אָבער יעדער ייד האָט געוואָלט אַ מצוה טאָן, און האַלטן אַ בחור אויף זומער־דאַטשע, און אים אָפּגעבן דאָס בעסטע, מער ווי די אייגענע קינדער. מען פלעגט אַרויסהעלפן איינער דעם צווייטן און זאַמלען אויף מעות חיטים. טאָמער האָט איינער נישט געהאַט קיין האָלץ, אָדער קיין חלה אויף שבת, פלעגט מען אים באַזאָרגן.

אַזוינע זענען געווען אונדזערע לובעשאָווער. אונדזערע עלטערן זענען אומגעקומען אויף קדוש השם והאומה. ערע זייער אָנדענק.

מיר לובעשאָווער, ווו מיר געפינען זיך, דאַרפן געדענקען אונדזערע קדושים און נישט פאַרגעסן, וואָס די דייטשן האָבן געטאָן צו די יידן.

ישראל בגון

# פ נ י ע ו ו נ ע

פניעוונע ליגט אויפן שליאַך ביים האַלבן וועג צווישן קאַמין־קאַשירסקי און ליובעשאָוו, אַ 12 ק״מ פון טייך סטאָכאָד, וועלכער פאַלט אריין אין דעם פריפּעט. פניעוונע האָט געדינט אַלס צענטער פאַר אַ סאַך דערפער, וועלכע ליגן אַרום איר אין ראַדיוס פון 1—2 ק״מ. די ערד איז נישט איבעריק פּרוכטבאַר, פיל אַזוי גערופענע פּאַליעסיער בלאָטעס און וועלדער האָבן אַרומגערינגלט די דערפער און די אוקראַינישע פּויערים פון די אַלע דערפער זענען געווען שטאַרק אָרעם און געלעבט זייער פּרימיטיוו. די אָרעמקייט פון פּויערטום פון דער סביבה האָט פאַרשטענדלעך געווירקט אויף די יידישע פרנסות, וועלכע זענען געווען שטאַרק באַשרענקטע. די יידישע הייזער אין פניעוונע, זענען געווען קאָנצענטרירט אין אַ באַזונדערן טייל, שטאַרק זאַמדיקן און צוליב דעם האָט מען דאָס אויך גערופן „דער זאַמד״. ווינטער איז די פּאַנאָראַמע געווען גאַנץ ווייס. שיין איז געווען די געגנט אין פרילינג, ווען די ערד האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן איר ווייסן שלייער און האָט זיך באַדעקט מיט אַ גרינעם טעפּיך. אַלע ביימער און גערטנער האָבן אָנגעהויבן בליען און שמעקנדיקע ריחות האָבן אָנגעפילט די לופט.

ביז דער ערשטער וועלט מלחמה זענען אין פניעוונע געווען עטלעכע צענדליק יידישע פאַמיליעס מיט אַ שוחט ר׳ אבא בראש, וועלכע האָבן געלעבט פון אַרבעט, מסחר, קרעטשמעריי א.ד.ג. יידישע פרנסות. אין דער ערשטער וועלט־קריג איז דער אויבנדערמאַנטער טייך סטאָכאָד, געוואָרן אַ פראָנט־ליניע צווישן דער דייטשער און רוסישער אַרמיי. פניעוונע איז געווען אויף דער דייטשער זייט. פון די נאָענטע דערפער צום טייך — איז די ציווילע באַפעלקערונג עוואַקואירט געוואָרן און די דערפער זענען פאַרברענט געוואָרן. די יידישע פאַמיליעס פון די דערפער, וועלכע זענען מיט דער עוואַקואַציע אַריבער קיין פניעוונע, האָבן נאָכן ענדיקן פון קריג, זיך שוין נישט צוריק געקערט אין די חרובע דערפער ; זיי זענען פאַרבליבן אויפן אָרט. דאָס האָט פאַרגרעסערט דעם יידישן יישוב ביז אַ 60—70 פאַמיליעס. האַרט נאָכן ענדיקן די מלחמה, ביז עס האָט זיך סטאַביליזירט די פוילישע מאַכט, זענען די יידן געווען

אויסגעשטעלט אויף אָנפאלן פון פארשידענע באַנדעס אין זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ (סאַמאָאָבראָנע).

אין 1920 בעת דער מלחמה צווישן פוילן און דער רויטער ארמיי, האָבן פּניעוונער יידן געליטן פון די באַלאַ־כאָוויצעס, אַן אָפּטיילונג פון דער פוילישער ארמיי. זיי האָבן דערמאָרדעט 8 פערזאָן. דאַן האָט פּניעוונע באַקומען אַן אייגענעם בית־עלמין. נאָך דער סטאַביליזאַציע פון דער פוילישער מאַכט, האָט פּניעוונע באַקומען דעם אדמיניס־טראַטיווון סטאַטוס פון א גמינע.

צווישן די יידן פון פּניעוונע זענען נאָכן קריג געווען אַ סאַך אלמנות און יתומים, וועלכע האָבן געליטן הונגער און נויט. זיי האָבן באַקומען אונטערשטיצונג פון א פאָנד פון אַמעריקאַנער יידן וועלכער איז דאַן געווען טעטיק. אַ טייל פון די יתומים זענען אדאָפּטירט און צוגענומען געוואָרן קיין אמעריקע און דרום אַפריקע, דורך יידן פון די א.ד. לענדער. די יידן פון פּניעוונע, הויפּטזעכלעך ד ניי־געקומענע, האָבן זיך אנגעהויבן באַזעצן אויפן פּלאַץ: בויען הייזער, איינפירן ארבעט א.ד.ג.

פּניעוונע איז נישט געווען קיין האנדלס־צענטער פאר זיך און די מערהייט יידן האָבן געלעבט פון ארבעט. שווע געהאַרעוועט און קיינמאָל דאַנערשטיק נישט געהאַט אויף מאַכן שבת.

די יידן זענען געווען, בויער, סטאָליערס, שמידן, כּו לארעס, קירזשנער, שניידערס, שוסטערס, קצבים, קליינ־הענדלער, אויפקלייבער פון אלטע שמאַטעס, סוחרים, קרעמער א.ד.ג. אַ טייל פון די א.ד. פאכלייט ווי בויער און קירזשנער, פלעגן אוועק זונטיק אין די אַרומיקע דער־פער אויף אַרבעט, און זיך אומקערן פרייטיק פאַרנאַכט אויף שבת. זיי פלעגן — לא עלינו — זייענדיק אין דאָרף, ביי די פויערים, דאַרפן עסן נישט כשרות, און געהאַט אויסצושטיין כלערליי רכילותן. דער גרעסטער טייל פאַ־מיליעס האָבן געהאַלטן קי, מילכיקע שפייזן זענען געווען די הויפּט מאַכלים. פלייש האָבן אַ טייל פאַמיליעס געגעסן נאָר שבת.

אין די ערשטע יאָרן נאָכן קריג האָבן די אָפּקלאַנגען פון דער באלפור־דעקלאַראַציע און דער דריטער עליה דערגאַנגען אויך ביז פּניעוונע, און אַ טייל בחורים האָבן זיך אָנגעהויבן לערנען אַקערן און זייען, ד.ה. מכשיר זיין זיך צו עליה. צום גרויס באַדויערן איז קיינער פון זיי נישט עולה געווען. אין יענע יאָרן איז קיין פּניעוונע אָנגעקומען אַן עברית לערער מיטן נאָמען בערגער שמואל, וועלכער האָט פיל געטאָן פאַרן הויבן דעם ניוואָ פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג. לויט דער איניציאַטיוו

פון דעם לערער איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק אין יידיש פאר דערוואַקסענע און עברית פאר די תלמי־דים און יוגענטלעכע. עס האָט זיך אָנגעהויבן א קולטורעלער אויפשטייג. יונג און אַלט האָבן נאָך א שווערן ארבעטס־טאָג, געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט און געלייענט אַ בוך פאַרן שיין פון א נאַפט־לאָמפּ. בחורים און מיידלעך האָבן שפּאַצירנדיק שבת, זיך דערציילט די ראָמאַנען וואָס זיי האָבן געלייענט.

דער לערער האָט געהאַט אַ מאָדערנעם חדר און גע־לערנט עברית־בעברית. די יידישע קינדער פלעגן ביז מיטאָג באַזוכן די פוילישע פאָלקס־שולע מיט דער פוילישער אונטערריכטס־שפּראַך און נאָכמיטאָג לערנען אין חדר.

די יוגנט איז געווען גאַנץ גוט באַלעזן, אָבער נישט געהאַט קיין באַשעפטיקונג און זיך געשטיקט אין די ד' אמות פון דער קליינער אָרטשאַפט אָן שום אויסזיכטן. אַ טייל האָט זיך געלערנט דעם באַרוף פון פאָטער אָדער אַן אַנדער פאַך. אַ טייל זענען געוואָרן לערערס (אָן אַ סעמינאַר) אין דעם אָרט גופא, אָדער אין די דערבייאיקע דערפער.

מיטן פונאַנדערשפּרייטן זיך פון די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציעס אין פוילן, האָט זיך אַ טייל פון דער יוגנט אַנגעשלאָסן אין דער חלוץ־באַוועגונג, ארויס אויף הכשרה און עולה געווען. דער צווייטער טייל פון דער יוגנט איז אוועק אויף לינקס; געגלויבט אז פון רוסלאַנד וועט קומען די ישועה...

אין פּניעוונע איז לאַנגע יאָרן נישט געווען קיין בית כנסת. איין צייט האָט א טייל פון דער יידישער קהלה באַשלאָסן אריינצונעמען אַ רב און אַ צווייטער טייל איז געווען קעגן. דאָס האָט געבראַכט צו דעם אַז ביידע צדדים האָבן זיך אויסגעבויט בתי כנסת און דאָס שטעטל איז געבענטשט געוואָרן מיט צוויי בתי כנסת.

אַזוי האָבן די יידן פון פּניעוונע, קעמפנדיק פאר דער אָרעמער עקזיסטענץ דערצויגן קינדער, חתונה געמאַכט זיי, דורכגעלעבט ליידן און פריידן.

אין 1939, נאָך דער צעטיילונג פון פוילן צווישן דייטשלאַנד און ראַטן־פאַרבאַנד איז פּניעוונע געבליבן ביי דער מזרח טייל. די יידישע אָרעמע באַפעלקערונג האָט אַ ביסל אויפגעלעבט קלערנדיק וועגן אַ בעסערן מאָרגן.

די אנטוישונג איז אָבער גיך געקומען. אין 1939־40 זענען קיין פּניעוונע אָנגעקומען ביי אַ 10 פאַמיליעס פון מערב פוילן א.ג. בזשעניצעס. די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך באַמיט העלפן די פליטים מיטאָלעס מעגלעכן. אין

אומזיכערקייט איז אריבער די צייט ביז 1941 ד.ה. דעם אויסברוך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה און דער דייטשער אָקופּאַציע.

פון דער פניעוונער יידישער באַפעלקערונג האָבן זיך געראַטעוועט נאָר די, וועלכע זענען אנטלאָפן קיין רוסלאַנד, אָדער אוועק אין די פּארטיזאַנישע אָטריאַדן. די גרעסטע טייל איז אומגעקומען פון די הענט פון די דייטשע חיות און זייערע אוקראַינישע מיטהעלפער אין די געטאָס פון ליובעשאָוו און קאמין־קאָשירסקי.

ערע זייער אָנדענק!

ברוריה פרידמאַן—גבעוני, ניו־יאָרק

# פניייעוונע – מיין היים

מיין פאָטער יהודה פרידמאַן, האָט די לעצטע צייט געלעבט אין פניעוונע, ער איז געווען גוט איינגעאָרדנט, געפירט אַן אָנשטענדיק לעבן. אויף וויפל איך ווייס און געדענק איז ער געווען באַליבט אין אַלע קרייזן אין דער גאַנצע געגנט.

פון דער נאַטור אַ גוטער און רויקער מענטש, גערן צו טאָן אַ טובה יעדן איינעם וואָס נויטיקט זיך אין הילף.

געשטאַמט האָט ער פון רוסלאַנד. נאָך אַלס יונגער בחור געקעמפט אין דער יאַפּאַנער מלחמה, געווען מיט דער רוסישער אַרמיי אַרומגערינגלט אין פּאָרט־אַרטור. צוויי יאָר האָט ער געליטן הונגער און נויט. קומענדיק צוריק האָט ער אויסגעוואַנדערט מיט זיין גאַנצער פאַמיליע נאָך אַמעריקע, אין געקומען צוריק כדי אוועקצונעמען זיין פרוי און צוויי קינדער, ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה און ער ווערט ווידער אַריינגעצויגן אין רוסישן מיליטער אויף גאַנצע 4 יאָר. מיין מוטער חיה, פון דער היים קושפּעט, בלייבט אַליין מיט 3 קינדער און האָט דאַן געשוואַנגערט מיט מיר. איך ווער געבוירן, ווען זי מוז מיט אונדז אַרומוואַנדערן פון פּלאַץ צו פּלאַץ, אין גרויזאַמע ליידן פון קריג.

אין 1919, געפינט אונדז אונדזער פאָטער, און ער באַזעצט זיך אין דעם נייעם אָרט. נאָענט ביי דער רוסישער גרענעץ, אין ניי־אויפגעשטאַנענעם פּוילן.

די ערשטע צייט איז גענוג שלעכט, דערצו פאַרלירן מיר אויך אין דער זעלבער צייט אונדזער מוטער, בלייבנדיק אַליין מיט פיר קינדער באַמיט זיך אונדזער ליבער פאָטער בויען אַ ניי לעבן. ער הייראַט צום צווייטן מאָל מיט אַ פרוי פון קאַמין־קאָשירסקי אסתר כץ (אטי). מיר קריגן זי זייער ליב און זי איז צו אונדז ווי אַן אייגענע מוטער.

אונדזער שטעטל איז קליין, בסך־הכל ביי הונדערט פאַמיליעס יידישע, אָבער עס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך אַ פיינע יוגנט. מען לערנט עברית, מען גרינדעט אַ ביבליאָטעק און תרבות־שולע, און עס אַנטשטייען ציוניסטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע שטעט אין פּוילן. אַ גרויסע טייל פאָרן אין קיבוצים אויף הכשרה, און פאָרן קיין ארץ ישראל, אָבער די גרעסטע טייל בלייבט ליידער איבער, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען.

מיר זעלבסט שפּילט צו דער מזל אַרויסרייסן זיך. איך קום קיין ישראל אין 1937 מיט דעם געדאַנק מיטצורייסן מיין גאַנצע פאַמיליע. די צייט איז אָבער דאַן שלעכט. דער מאַנדאַט דערלאָזט נישט, דאַן איז דער „ווייסער בוך", און עס ווערט צו שפּעט... איך ווער אָפּגעריסן פון מיין גאַנצער פאַמיליע און ווייס גאָרנישט פון קיינעם די גאַנצע צייט, ביז נאָך דער גרויזאַמער קריג. שפּעטער קומט צו מיר פון סיביר מיין איינציקער יונגערער ברודער יצחק, וואָס האָט זיך געראַטעוועט דורך די פּאַרטיזאַנער, און שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן אויף סיביר. ער ווייסט צו דערציילן, אַז מער איז קיינער נישט געבליבן פון אונדזער גאַנצער פאַמיליע. מיינע עלטערן, שוועסטערס דריי קינדער מיטן שוואָגער, א עלטערער ברודער פסח מיט זיין פרוי און צוויי קינדער פעטערס און מומעס, שכנים און באַקאַנטע — אַלע זענען אומגעקומען פון די נאַצישע מערדער.

אַ קליין שטעטל איז דאָס געווען, אָבער אַ שיינע יוגנט אַ באַוווסטזיניקע, וואָס האָט געקענט שאַפן א שיינעם יישוב אין ישראל און ברענגען נוצן דער מדינה און פאָלק.

זאָל זייער נאָמען זיין הייליק פאַר אונדז און מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.



יהושע שווארץ

# לישער יידן

אויף די אומענדלעכע פאַליעסיער פעלדער, ווייט פון האַנדלס און אינדוסטרי־צענטער, 27 קילאמעטער פון קאַמין־קאַשירסקי איז געלעגן אונדזער קליין אָרעם שטעטעלע לישע (אָדער „גרויס לושע").

טראָץ אַלע נישט איבעריק־פריילעכע עטלעכע יאָרן וואָס איך האָב געלעבט אין לישע, איז ווען איך הויב אָן זוכן אין מיינע פאַרנעפּלטע זכרונות, שפּראַצט אויס פאַר מיר דאָס שטעטל מיט דעם גאַנצן אויסזען און איך בין פול מיט צאַרטע געפילן וואָס בינדט צום אָרט וו מען האָט אמאָל געלעבט געשטרעבט און געהאָפט.

לישע איז געווען אַ פאַרוואָרפן שטעטעלע, ווייט פון אַ שטאָט, אַ שאָסיי אָדער אַ באַן־סטאַציע. עס איז געווען אַ קליינע פאָסט־אגענטור וו מען פלעגט ברענגען 2—3 מאָל אַ וואָך די בריוו פון קאַמין. לישע איז געלעגן צווישן 2 לאַנגע פויערישע דערפער, יאַניוּוקע, פאָרנדיק צו קאַמין, און זאַפּיליע פאָרנדיק צו לובעשאָוו, נידעריקע פויערישע כאַטקעס כמעט אַלע באַדעקט מיט שטרויענע דעכער, און רעגנצייט פול מיט טיפע בלאָטעס.

די איינוווינער פון לישע זענען כמעט אַלע באַשטאַנען פון יידן, עטלעכע צענדליק משפּחות און עטלעכע גוייִשע פאַמיליעס. צוויי לענגלעכע גאַסן: אין מיטן דער מארק מיט א ברונעם. הייזער הילצערנע, און געמויערטע, די דעכער צו מייסטן צוגעדעקט מיט שינדל. יעדער שטוב מיט זיין הויף־גאַניקל און גערטנדל.

מיר האָבן אויך געהאַט א סאַד מיט פּרוכט־ביימער. געווען עטלעכע בעלי מלאכות ווי אברהם דער שניידער, אברהם דער בויער. ביז היינט קלינגט אין מיינע אויערן זיין „ובכן יתקדש שמך" פון ראש השנהדיקן מנחה. ער האָט געהאַט „חזקה" צו דאַווענען מנחה ראש השנה ביים עמוד.

עס איז געווען חיים דער סטאָליאַר וועלכער פלעגט ארבעטן גאַנצע חדשים אין וועטלע אָדער אין נעוויר ביי די גויים; עטלעכע קרעמער ווי פייוויש (מיין פעטער) בערל דער לעביטעווער, חיים גאָלדשאל דער „גביר".

יידן האָבן געצויגן די בידנע חיונה פון גיין אויפן דאָרף, קויפן א קעלבל אָדער א שעפּסל, פאָרן אויף ירידים קיין לובעשאָוו, און דיווין, און האַנדלען מיט בהמות, פערד. די עטלעכע יוגענטלעכע האָבן זיך פאַרנומען מיט „לערעריי" אין די ארומיקע דערפער ביי יידן. יעדן „זמן" פלעגט מען בייטן די ערטער.

אונדזער איינציקער בית־מדרש איז געשטאַנען אין מיטן שטעטל. אַלע יאָרן איז לישע געווען אָן אַ רב. האָט מען אין 1932 אויפגענומען אַ הדרת פּנימדיקן רב, אָפּגעטיילט אַ שיינע „שטאָט" פאַר אים הינטערן עמוד, און אויבן איז געווען אָנגעשריבן מיט קידוש לבנה אותיות: „מקום הרב". מען האָט אים געגעבן די „קאָנצעסיע" אויף הייוון און ליכט, און פון דעם האָט ער געצויגן זיין חיונה. די רביצין האָט געבוירן יעדעס יאָר אַ מיידל און ווי אַלע לישער יידן געלעבט אין דחקות.

ווי אין פול יידישע שטעטלעך, איז די רעליגיעזע טעטיקייט געווען באַגלייט מיט רייבונגען. כאָטש עס איז געווען אַ צייט ווען דאָס שטעטל איז געווען געטיילט אין צוויי צדדים: דעם פעטער אהרון דוד'ס צד און שמואלס צד אונדזערע צוויי שוחטים פון שטעטל, דאָך האָבן די יידן ארויסגעוויזן א סאַך האַרץ און אהבת ישראל.

פונקט ווי אין אַלע יידישע שטעטלעך אין יענער צייט, האָט די רעליגיע און טראַדיציע געלייגט איר שטעמפּל אויפן משפּחה לעבן. אפילו די עטלעכע פרייע האָבן זיך געשעמט מחלל שבת זיין. זיי האָבן גערייכערט אַ פּאַפּיראָס קיינער זאָל נישט זען. דער שבת איז געווען שבת קודש. די ימים טובים האָבן איבערגעלאָזן אַ גייסטיקע ווירקונג.

וויפל יאָרן דער בית מדרש איז אלט געווען, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר אז פון דעם פירקאַנטיקן הילצערנעם באַלעמער האָט זיך שטענדיק געשאָטן ווייסער פּראָך.

די שטעטלשע יידן האָבן דאָרט געפונען גייסטיקע באַפרידיקונג, אויסגעגאָסן זייער האַרץ מיט די געפילן אין פרייד און טרויער פאַרן בורא עולם, בפרט ימים נוראים.

דער רב משה חיים פלעגט האַלטן צוויי מאָל אין יאָר דרשות, שבת הגדול און שבת תשובה. עס געדענקט זיך די ווערטער פון פסוק „אם תשוב משבח רגליך עשות חפציך" ווי ער פלעגט אַ סאַך ארומרעדן מיט א ניגון.

מען דאַרף אויך דערמאָנען ברוך קאָטליאַר, אַ דאַרער אויסגעהאָרעוועטער ייד מיט א שפּיציק בלאָנד בערדל, גע־

טראַגן א „יידיש" היטל, די לעצטע יאָרן געווען גבאי אין בית מדרש. עס דערמאָנט זיך מיר זיין הויכע שטימע ווען ער פלעגט זאָגן תהילים אָדער אויפרופן צו דער תורה, אָדער פאַרקויפן עליות, 50 גראָשן „שלישי". דוכט זיך אז צוויי פושקעס זענען געהאַנגען אויף דער וואַנט פון בית המדרש: פון „קרן קימת" און פון „ועד הישיבות".

די יוגנט האָט געפירט אַ שווערן געראַנגל פאַר עקזיס־טענץ. זי האָט זיך געפונען אין א שווערער לאַגע. מען האָט נישט געהאַט קיין פערספעקטיוון און אויסזיכטן זיך איינצו־אָרדנען. מען האָט געשטרעבט נאָר צו באַקומען סערטיפיקאַטן און עולה זיין קיין א"י.

דער חינוך — ווי אין אלע יידישע שטעטלעך. צוערשט האָט מען געלערנט ביים זאלאכאָווער „רעבן", א בידעריק איינגעבויגן יידל מיט א סיווער באָרד. זיין קול איז געווען הייזעריק. ער פלעגט יעדן מוצאי שבת זינגען אין בית מדרש, „אַ גוט־וואָך, אַ גוט־וואָך".

שמואל איציק שער, איז שוין געווען א „לערער" און און אויך אַ בעל קורא. מיין לערער איז געווען שמואל גרינבערג. ער פלעגט אונז לערנען זייער גוט לימודי קודש און לימודי חול. ער איז געווען א גוטער חזן און אויך א בעל קורא און דערנאָך געוואָרן שוחט.

איך וויל אויך דערמאָנען די צוויי ברידער זלמן און שמואל פון לישקע, ביידע האָבן געלערנט עטלעכע „זמן" ביי אונדז.

מיינע חברים דוד לייב, סרוליק, יענק'ל פסח'ס, משה יעקב יאָסלס, און אנדערע. לישע האָט פאַרמאָגט אַ קליינע יידישע ביבליאָטעק. איך געדענק אז איינמאָל האָט מען געשפילט טעאַטער „כאַסיע די יתומה". משה מנוחה'ס אין דער ראָל פון כאַסיען.

וועגן מיין קוזין, משה אהרון דוד'ס: עס איז זייער כדאי צו דערמאָנען דעם טייערן בחור. מיין ערשטער לערער פון גמרא בבא מציאה פרק ב' אלו מציאות. ער פלעגט קומען צו אונדז כמעט יעדן טאָג לערנען מיט מיר. וויפל נחת און פרייד ער האָט פאַרשאַפט דער מאַמען. א תלמיד חכם איז געווען משה, צונויפגעמישט תורה און חכמה, באַליבט ביי אלעמען, נקי כפיים ובר לבב; געווען געהיט מצוה קלה כבחמורה. איך געדענק זיינע פלפולים און דרשות. וועלכע ער האָט געהאַלטן אין „תפארת בחורים". געווען א שוחט. געהאָלפן דער משפחה. ער האָט וויניק געוווסט פון פרייד. געהאָרעוועט, געגאַנגען צופוס יעדן וואָך שחט'ן ביי די לישקער און בורקער יידן. אויך דעם פעטער אהרון דוד, דער מומע ביילע שטענדיק מיטן קרבן מנחה אין האַנט אויפן קאָפּ דער הויכער פאַרוק (שייטל) מיט זייערע קינדער.

פייוויש מיט מנוחה זייערע טעכטער מיטן בן יחיד אבהלע.

מיין טייערן טאַטן משה יוסף, אַ דאַרער קרענקלעכער ייד, אַ ירא שמיים א געטרייער איבערגעגעבענער פאַר אונדז, וויניק יאָרן געוווסט פון פרייד און נחת. ער האָט געהאַט די זכיה צו שטאַרבן אין 1940 פאַר דער שרעקלעכער שחיטה. איך גלויב אז שפּעטער האָבן אים פיל מקנא געווען.

פיניען מיין טייערן ברודער, אויך וויניק טעג געוווסט פון פרייד, זיין שטרעבונג צו פאָרן קיין א"י איז געווען זייער שטאַרק, געבליבן אליין מיט דער מאַמען ביז די לעצטע טעג און צוזאַמען אומגעקומען.

און יעצט אחרון, אחרון, עס ווילט זיך שטאַרק באַערן דעם אָנדענק פון מיין טייערער געטרייער מאַמען חיה יהודית בת אברהם אבא ז"ל, נישט האָבן די מעגלעכקייט צו גיין אויפן גרויסן קבר אין קאַמין. (פון וועלכן עס איז זיכער קיין סימן נישט געבליבן). זאָלן מיינע קורצע זכרונות דינען אלס מצבה.

„מאַמע, דו ביסט נישט נאָר קיין מאַמע געווען, נאָר אַ יידישע מאַמע א צדקנית, וועלכע איז מיט גאַנץ לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן אונדז. קיין פיל נחת האָסטו נישט געהאַט, געזאָרגט פאַר אונדז, אויך פאַר דער נשמה. אין די פריסטע יאָרן געזאָגט מיט מיר „מודה אני", „קריאת שמע", וועלכע איך געדענק ביז היינטיקן טאָג.

נישט איינמאָל טראַכט איך: ווו האָט זיך גענומען אַזוי פיל כוחות פיזישע און דיין שוואַכן דאַרן גוף צו אַרבעטן, בפרט פאַר פסח, רייבן די שאַפעס, שייערן די ראַמען? פלעגסט אויפשטיין יעדן טאָג 5 אזייגער, ווען מיר אלע זענען נאָך געשלאָפן. געדאַוונט פון „פאַרנט" ביז סוף מיטן „אני מאמין", מיט גרויס כונה „געזאָגט" דעם יום תהלים. דערנאָך צוגעשטעלט דעם טשעגונענעם טאָפּ קאַרטאָפל מיט שאַלעכטס. דיינע שבתדיקע תפילות, דיין לייענען דעם טייטש־חומש. איך געדענק ווי דו פלעגסט ליב האָבן צו לייענען פאַר מיר די משלים פון „צאנה וראינה", וועלכער איז געווען פאַרגעלט, אנגעזאַפּט מיט טרערן פון דיין מאַמע, באָבע ע"ה. דיינע הייסע טרערן וואָס דו האָסט פאַרגאָסן ביים נעמען דיינע זון אין אַרמיי. דיינע לעצטע פּאָסט־קאַרטלעך צו מיר ווען איך בין געווען אין וואָראָניעזש. דיין שריפט שטייט נאָך פאַר מיינע אויגן, איך וועל דערמאָנען די ערשטע שורה: בעה"י יום ג' פרשת וירא שנת תש"א גלושה, טייערער זינעלע שיעלע השי"ת זאָל העלפן עס זאָל זיין שטיל אויף דער וועלט, מיר זאָלן זיך זען אין קורצן".

תשעה באב פלעגסטו, מיט דער מומען רייצען און ביילען גיין אויפן בית עולם „זאָגן" מענה לשון און „רייסן" קברים און פלעגסט קומען פאַרנאַכט שוין אן אויסגעמאַ־

טערטע, בלאסע, קוים געלעבט. ווו האָט זיך גענומען צו דיר אזוי פיל כוח פאסטן אַזאַ לאַנגן טאָג. און יום כפור, דיינע תפילות וואָס האָבן געקענט רייסן מויערן.

מיטן אויסברוך פון דער שרעקלעכער מלחמה, האָט געדראָט אַ געפאַר, דאָס שטעטל זאָל ווערן פארנימען דורך די דייטשע רוצחים. איז אָנגעקומען די רויטע ארמיי. עס זענען אָנגעקומען זייער פיל יידישע „בעזשענצעס" פון פוילן, אלץ איז געענדערט געוואָרן, שפייז ארטיקלען און סחורות זענען נעלם געוואָרן. קראָמען זענען געוואָרן פארמאַכט. עס האָט פון אָנהויב געהערשט א כאאָס אין בית המדרש האָט מען נישט געדאווענט, מען האָט געמאכט א „מנין" ביי פּיוווישן. די לישער יידן זענען פאראייניקט געוואָרן, אויס צדדים. מען האָט זיך געהאלטן צוזאמען. איך בין דאַן מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער ארמיי. איך בין מקנא געוועזן מיינע חברים וואָס זענען געבליבן אין לישע. דאָס געזעגענען זיך מיט דער היים, מיט דער מאמען, איז געווען זייער שווער. אירע ביטערע טרערן ביים געזעגענען זיך, אַ מין געזעגענען אויף אייביק...

אין 1944 נאָכן באַפרייען, האָב איך געשריבן צו דער מאַמען און באַקומען תשובה פון חנה אשר׳ס, דאָס איינציקע מיידל וואָס איז געבליבן לעבן, פארשטייט זיך אז איר תשובה איז געווען זייער א ביטערע. אויך פון נ.ק.וו.ד. האָב איך באקומען אַן ענטפער, אויף דער צווייטער זייט פון קאַרטל וואָס איך האָב געשיקט, בזה הלשון: „טאָוואַרישטש שווארץ, וואַשע ווסיע ראָדסטוויעניקי פּאָגיבלי אָט רוק ניעמיעצקיך זאַכוואַטשיקאָוו ור־1942 גאָדו". (אייערע אַלע קרובים זענעם אומגעקומען דורך די פאשיסטישע פארכאַפּערס אין 1942 יאָר). און אַזוי האָב איך זיך דערוווסט די טרויעריקע בשורה.

לישע והסביבה איז מער נישטאָ. אויסגעגאַנגען. שטום און טויב זענען געוואָרן די חרובע ווענט וואָס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך תפילות, קלאַנגען פון פרייד און טרויער. אלץ איז צושטערט געוואָרן, די הייזער, דער בית המדרש. פון דעם „הייליקן אָרט" נישט געבליבן זיכער קיין זכר און אלץ וואָס איז געווען ליב און טייער איז אומברחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן דורך די מערדערישע הענט. מיין מוטער האָט מען געטריבן קיין קאמין און צוזאַמען מיט אַלע קאמינער יידן אַזוי ברוטאל מערדעריש אומגעבראַכט כ"ז באב תש"ב.

די איידעלע געשטאלט פון מיין מאַמען חיה יהודית, פעטער, מומעס, קרובים און אלע לישער, קאמינער יידן והסביבה, וועט אייביק שטיין פאר אונדז און מיר וועלן קיינמאָל נישט פארגעסן, און נישט לאָזן פארגעסן.

תהי נפשם צרורות בצרור הקדושים והטהורים של כל קהלות ישראל שנחרבו.

וד׳ ינקום דמם.

יהושע שווארץ

# זכרונות פון לישע

די ימים נוראים׳דיקע־טעג האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערצורוקן, און אַלץ האָט מען זיך געגרייט אויפצונעמען דעם נייעם יאָר. אויסגעוויזן האָט זיך אַז אפילו די בוימער פון אונדזער סאָד האָבן זיך שטיל געשאָקלט און געוועבט שטיל דעם סוד פון ימים־נוראים. אויך די זון האָט עפּעס אנדערש געשיינט; עס האָט געשמעקט מיט הייליקייט און יראת הכבוד.

יעדער ייד פון שטעטל האָט געבעטן און געהאָפט אויף אַ בעסער יאָר. באַזונדערס מיין מאַמע ע"ה, כ׳געדענק ווען זי פלעגט אויפשטיין פאַרטאָג די ערשטע צו סליחות, גע־דאַוונט, געבעטן, געריסן ממש הימלען, געגאנגען ר"ח אלול צו קברי־אבות און געפאסט, איך פלעג זיך פשוט וווּנדערן ווו נעמט אַזאַ שוואַכע פרוי אזויפיל כח צו בעטן און דאַווענען. זי האָט שטענדיג געלעבט מיט האָפענונג אויף בעסערע צייטן.

אין יענע אלול־טעג, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באווייזן אין שטעטל די „לערערס" וועלכע פלעגן קומען אהיים פון די ארומיקע דערפער פון לישער געגנט, ווי למשל, פון נעווער, וועטלע, ווארקאמלע, ראטשיצע א.א.וו

היות זיי האָבן געענדיקט דעם „זמן" האָט זיך געשאַפן רעדלעך אויפן „פלאַץ" אין מיטן שטעטל (דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען גרויס ווי אַ געגעץ), און יעדער לערער האָט אָנגעהויבן דערציילן זיינע נסים פון לעצטן „זמן". פארשטייט זיך אַז ס׳זענען געווען אַזעלכע וועלכע זענען

שוין געווען פארדונגענע אויפן צווייטן „זמן" און ווער עס האָט מצליח געווען צו באקומען א שטעלע מיט גוטע תנאים איז געווען פון די „גליקלעכע", קיין בעסערע גליקן איז ניט געווען צו זוכן ביי אונדז אין לישע.

אין די טעג פון ערב ראש־השנה זענען אויך געקומען יידן פון די ארומיקע דערפער דינגען אַ חזן. אַ גאַנץ יאָר האָבן געדאַוונט די פשוטע און ערלעכע דאָרפישע יידן אָן אַ מנין, אויף ימים נוראים מוז מען דאַווענען מיט אַ מנין און האָבן אַ חזן. חיים שער האָט געדאַוונט אין בירקע, אהרן דוד מיין פעטער דער שוחט האָט געדאַוונט אין וועטלע דאָרט איז שוין געווען יעדן יאָר זייער „חזקה". פון נעוויר פלעגן קומען אויף ימים נוראים די 2—3 יידישע משפחות. ס'איז כדאי צו דערמאָנען דעם „ציטערדיקן" מען פלעג אים אַזוי רופן, אַ בחור מיט זיין אַלטער מוטער וועלכע פלעגן קיינמאָל ניט פארפעלן צו קומען קיין לישע דאַווענען בצבור.

ראש־השנה ביינאַכט איז געווען דער בית־המדרש פול מיט מתפללים. דעם ערשטן מעריב האָט געדאַוונט בערל דער „לעביטעווער" ער האָט פארמאָגט אַ דינע פיינע שטימע מיכל דער „האַלטער" האָט געדאַוונט כל־נדרי און נעילה. דאָס איז געווען זיין שטענדיקע חזקה ביז זיינע לעצטע יאָרן. (צום סוף האָט דער רב געדאַוונט). דער הויפט חזן איז געווען ביי אונדז יעקב־יוסף דער בעל מוסף מיט זיין שטורמישע באַריטאָן שטימע. קיין באַגריף פון נאָטן האָט ער ניט געהאַט, נאָר ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין „האלדז מלאָכה" וואָס איז ווירקלעך געווען צו באַוואונדערן ווען ער פלעגט אָנהויבן דעם „מן המצר" אין קרוב ד' לכל קוראיו מיטן גאַנצן הארצן. ביז היינט קלינגט מיר זיין שטימע אין די ימים־נוראים'דיקע טעג. שמחת־תורה דער־מאָנט זיך אין דער שטימע פון פייוויש'ן ער פלעגט זינ־גען דעם „אב הרחמים", און „אשת חיל".

ווען די ימים־טובים זענען אריבער און די לישער יידן האָבן אויסגעבעטן אַ גוט יאָר, האָט זיך אלץ צוריק אָנגע־הויבן דאָס זעלבע. יעדער איינער מיט זיינע דאגות.

דער אסיען איז געקומען, קאַלט און טרויעריק אויפן האַרצן. די טעג זענען געוואָרן כמארעדיק־רעגנדיקע און קאַלטע. די לערערס זענען זיך צעפאָרן צוריק יעדער איי־נער אויף זיין שטעלע.

די יידן האָבן ווידער אָנגעהויבן טאָפּטשן אין די יאַניוור־קער בלאָטעס. האַנדלען מיט די גויים און ברענגען אַ היים אַ זעקל קאַרטאָפל אויף די פּלייצעס, אָדער מעל, אַ שעפּסל, אַ קעלבל. די שניידערס האָבן אָנגעהויבן נייען די גראָבע פעלצן פאַר די גוים, די שוסטערס זענען געגאַנגען קיין קאַמין נאָך לעדער (דאָס האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך), קוסיע דער בעל־עגלה האָט ווידער אָנגעהויבן שטופּן זיין וואָגן אין די בלאָטעס ארויסהעלפן זיינע אויסגעדאַרטע קליאַטשעס ארויסקריכן פון בלאָטע, די פּאַסאַזשירן פלעגן אים אויך מיטהעלפן. די עטלעכע קרעמערס זענען געשטאַ־נען ביי די טירן פון זייערע קראָמען און אויסגעקוקט אויף אַ קונה, אַ גוי זאָל אריינקומען קויפן אַ פלעשל גאַזע אָדער פּאַטשערקעס אָדער קרוזשעווע א.א.וו.

די שוחטים זענען געגאַנגען אין די דערפער צופוס שחטן ביי די דאָרטיקע עטלעכע יידן. מען האָט אָנגעהויבן צו גרייטן האָלץ אויפן ווינטער, אַ ביסל טרוקענע און א ביסל נאַסע, אויסמישן ס'זאָל קאָסטן ביליקער. כ'געדענק אז ניט איינמאָל האָט אויסגעפעלט האָלץ אין בית־מדרש.

אַזוי האָבן געלעבט און געהאָפט אויף בעסערע צייטן די לישער יידן ביז ס'איז געקומען די גרויסע „ענדערונג": דער בלוטיקער שונא האָט דערגרייכט אינם פארוואָרפענעם שטעטעלע לישע, און צוזאַמען מיט אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך אומגעבראַכט ברוטאַליש אומברחמנות'דיק מיט דער הילף פון אוקראַאינישע באַנדיטן, די אַזוי אויך גענוג געליטענע יידן פון אונזער קליין אָרעם שטעטעלע לישע.

עס איז דעריבער אַ חוב פון די עטלעכע געבליבענע שארית הפליטה צו געדענקען און קיינמאָל ניט פארגעסן וואָס די נאַצישע חיות האָבן אונדז אָפּגעטאָן. זכור נזכור לעד. וד' ינקום דמם השפוך.

סאַסיע קאַנדעל, דע שאַנדער, אַרגענטינע

# מיין געבורט שטעטל קליין-לישע

קליין־לישע איז געווען אַ דאָרף מיט 50 יידישע פאַמי־ליעס. אמיינסטן קליינהענדלער, און אַ סך פון זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט לאַנד־ארבעט. קיינער איז נישט זייער רייך געווען, אָבער אַלע האָבן זיך באַמיט צו געבן זייערע קינדער אַ גוטע יידישע דערציונג.

מיר האָבן געהאט 2 ספר־תורות, עס איז געווען 2 שולן ווו מען האָט געדאַוונט אַלע שבת און יום־טוב, פאַרשטייט זיך אין פריוואַטע הייזער. אַלע דאָנערשטיק איז געקומען פון גרויס־לישע דער שוחט אבא פלאָט ע"ה, שעכטן פאַר אונדז עופות, אָדער קעלבלעך אויף שבת. אויך אַ שותפות'־דיקן הייליק־אָרט האָבן מיר געהאַט מיט גרויס־לישע. די יוגנט פון גרויס־לישע האָבן זיך געטראָפן זייער אָפט מיט לישקער יוגנט אויף קולטורעלע אָוונטן און בכלל אויף פאַרשידענע פאַרוויילונגען.

מיר זענען געווען אָפּגעטיילט איינער פון צווייטן מיט 2¼ קילאָמעטער. לערער זענען געווען ביי אונדז די בעסטע, אמיינסטן פון לובעשוב און פון פינסק. מיינע אַלע שוועס־טער ווי אויך מיין ברודער מרדכי לייב קאַנדעל האָבן ביי זיי געלערנט.

מיינע עלטערן — בן־ציון קאַנדעל, מיין מוטער אסתר־מלכה, האָבן געוווינט אויף דער יידישער קאָלאָניע, אָפּגע־טיילט מיט אַ האַלבן קילאָמעטער פון קליין־לישע. מיינע עלטערן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט לאַנד־ווירטשאַפט. אויך האָבן זיי געהאט אַ קראָם. זיי זענען געווען זייער פרומע,



בן־ציון און אסתר־מלכה קאַנדעל מיט זייערע טעכטער

ומכניסי אורחים. אַלע קינדער האָבן זיך געלערנט אין חדר.

שפּעטער ווען מיין ברודער איז אינטערגעוואַקסן און ער האָט געפאָדערט אַ בעסערן לערער, האָבן מיינע עלטערן אים אוועקגעשיקט לערנען קיין קאַמין־קאַשירסקי, 18 קילאָ־



מרדכי לייב קאַנדעל

מעטער פון אונדז צום מלמד יצחק וואָלף, וועלכער האָט געקאָנט גוט תלמוד.

דאָס איז געווען ביז דעם 14־טן יאָר, ווען די וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, האָט זיך דאָס לעבן ראַדיקאַל געענדערט. אין 1917 הערנדיק פון דער „באַלפור־דעקלאַראַ־ציע" האָט זיך פאַרשטאַרקט דער געדאַנק וועגן ציוניזם.

ביי אונדז אין קליין־לישע, האָט מיין ברודער באַלד געגרינדעט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. מיר זענען געווען צוגעשריבן קיין קאַמין־קאַשירסקי. אַלע שבת און אָוונטן פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען, און מען האָט פאַרגע־לעזן פאַרשידענע זאַכן. מיר האָבן געדונגען אַ לאָקאַל, פאַר הבר־געלט. מיר האָבן געגרינדעט אַ ביבליאָטעק אויך אַ „פינה־עברית". אַלע האָבן זיך געסטאַרעט לערנען און רעדן עברית. אזוי אַרום האָבן מיר זיך אויסגעלערנט אביסל רעדן און לייענען. אַזוי איז געווען ביז דעם 20־טן יאָר, ווען פוילן איז געוואָרן זעלבסשטענדיק.

די פּאָליאַקן זענען געווען צו שוואַך זיך אליין צו באַ־פרייען, האָבן זיי געדונגען אַ לעגיאָן קאָזאַקן, וועלכע האָבן

נישט געהאט אַוו זיך אהינצוטאָן. זייער אָנפירער האָט גע־הייסן בולאַק באַלאַכאָוויטש, און אין אַ וואָס פאַראַ שטעטלעך זיי זענען אַריין, האָבן זיי נישט געזשאַלעוועט קיין יידיש בלוט. ביי אונדז האָבן זיי געהרגעט 11 פּערזאָן, אין גרויס לישע 28, און אין קאַמין 120, אויב איך האָב נישט קיין טעות. אַזוי ארום איז פוילן אויפגעשטאַנען תחית־המתים מיט יידישע אומשולדיקע קרבנות.

מיין ברודער מרדכי־לייב קאַנדעל איז געווען אַ דינאַ־מישער מענטש. נישט קוקנדיק אויף אַלע באַשרענקונגען, האָט ער געגרינדעט אַ קיך פאַר וועלכע דער „דזשוינט" האָט געשיקט געלט און אויך מלבושים, ווייל עס זענען געבליבן א סך קיילעכדיקע יתומים. ער האָט אויך געגרינ־דעט אין 1921 אַ תרבות שולע, אין וועלכער אַלע קינדער האָבן זיך געלערנט.

די בעסטע לערער ביי אונדז זענען געווען אממיינסטן פון קאָוועל און וואָהלין. פּסח ספּעקטאָר, יוכבד, לערער פון טאָמאשאָוו־לובעלסק, יונה טוב, מענדל קאַפּטשוק, ברעסלער, מלמד, פּאַדאָלסקי, בורקי, נאָך אייניקע וואָס איך געדענק ניש מער, אויך מיכאל גרייעווער, און בערגער. די קינדער האָבן זיך אַלע גוט געלערנט. אַלע האָט מען כמעט אומגע־בראַכט. אייניקע זענען געבליבן לעבן.

די לערערס האָבן איינגעאָרדנט טעאַטער מיט די קינ־דער און פאַר דעם געלט געקויפט ביכער. עס איז אויך געווען פון דער יוגנט אַ דראַמאַטישע סעקציע וועלכע פלעגט שפּילן אין שטעטל גוטע זאַכן, און דאָס געלט וואָס איז געבליבן איז געגעבן געוואָרן אויף דער שולע. ווייל אממייסטנס איז געווען אַ דעפיציט. אַזוי איז מען אָנגע־גאַנגען מיט דער אַרבעט, ביז דעם יאָר 1928. די מאַטעריעלע לאַגע איז געוואָרן ערגער. עס איז געווען אוממעגלעך אויסצוהאַלטן אַ שולע, און עס איז אויך נישט געווען ווער ס'זאָל זיך איבערגעבן צו דער אַרבעט.

מיין ברודער האָט אין יאָר 1928 חתונה געהאַט, און זיך נישט געקענט מער אָפּגעבן מיט קהלישע זאַכן, אין



פּאַיע קאַנדעל
מיט אירע קינדער וועלוועלע און יענקעלע

אַ צייט אַרום איז ער ערנסט קראַנק געוואָרן, און געשטאָר־בן אין 1932. ער האָט איבערגעלאָזט זיין יונגע פרוי פּאַיע פרענקעל קאַנדעל מיט זיינע 2 טייערע גראַטסענע קינ־דער — וועלוועלע און יענקעלע, וועלכע דער מערדער האָט פאַרשניטן זייער יונגע לעבנס צוזאַמען מיט זייער געטרייער מוטער, אין 1942 אין פּינסק.

**מאיר אייזען**, רעננה

# יעזרא נעבן קאַמין

יעזרא איז געווען אַ דאָרף פון קריסטן, אין וועלכן ס'האָבן אויך געוווינט 15 יידישע פאַמיליעס. אַלע יידן פון דאָרף זענען געווען ערד־אַרבעטער, און זיי האָבן געפירט אַ ווירטשאַפט פון בהמות.

דאָס דאָרף יעזרא איז געווען ארומגערינגלט מיט וועלדער, און דאָן איז דאָרט געווען אַ טייך, וואָס האָט גע־הייסן יעזראַ, ווו מען האָט געכאַפּט פיש און מען פלעגט זומער פאָרן שפּאַצירן אויף שיפלעך. יעזרא איז נישט געווען ווייט פון קאַמין — אין גאַנצן 5 קילאָמעטער.

זומער פלעגט קאַמינער יוגנט אָפט באַזוכן יעזרא. פון דער גאַנצער געגנט און אויך פון קאָוועל פלעגן די דאַק־טוירים שיקן אהער אויף אָפּרו. די זומער־וווינונגען האָבן געגעבן די יעזרער יידן פרנסה. די יידן פון דאָרף זענען געווען פרומע, געהאַט אַ שול ווו זיי פלעגן דאַווענען, און אַ שולע פאַר קינדער. די עלטערע קינדער פלעגן פאָרן לערנען קיין קאַמין. יעדער ייד פון יעזרא האָט אינדערהיים געהאַט אַ פּושקע פון קרן־קימת. אנדערע פלעגן אויך צאָלן פאַר קרן־היסוד.

אין יאָר 1920, ווען די באַנדע פון בולאַק באַלאַכאָוויטש האָט באַפאַלן קאַמין, האָט זי אויך באַפאַלן די יעזורער ייִדן, נאָר אַלע ייִדן זענען אַנטלאָפן אין וואַלד. די קריסטן האָבן זיי געבראַכט עסן אין וואַלד. אין דער צייט האָבן די באַלאַכאָוויצעס געכאַפּט 4 ייִדן, צווישן זיי מיין פעטער ישראל אייזן, יעקב אייזן, סענדער אייזן און אברהם ברעזנער. די באַלאַכאָוויצעס האָבן געפאָדערט געלט, און דאַן האָבן זיי אַריינגעטריבן אין יעזורער טייך, טיף אין וואַסער, ביז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן טרינקען, און נאָכער האָבן די מערדער געשאָסן אויף זיי. זיי האָבן געמיינט, אַז די ייִדן זענען שוין טויט, און דאַן האָבן זיי פאַרלאָזט דעם פּלאַץ. אָבער די ייִדן זענען אַרויס פון וואַסער ווען זיי האָבן געזען, אַז די באַלעכאָוויצעס זענען אַוועק. נאָר איין קרבן איז געפאַלן — סענדער ברעזנער — אַ בחור 24 יאָר אַלט.

שפּעטער זענען געקומען די פּאַליאַקן, די האַלערטשי־קעס, געראויבט זאַכן און געשניטן די בערד ביי ייִדן.

אין יאָר 1937 האָב איך פאַרלאָזט דעם דאָרף און אַוועק קיין פּינסק, וווּ איך האָב חתונה געהאַט און דערנאָך אַוועק קיין ארץ ישראל צו מיינעם אַ שוואָגער.

לייבל באַקלער, בוענאָס־איירעס

# כאטעשאוו

כאָטעשאָוו איז געווען ווי אַ מיטלפּונקט צווישן קאַמין־קאַשירסקי און ראַטנע, און עס איז פּאַקטיש געווען דער צענטער פאַר אַלע אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן זיך געציילט אין די צענדליקער.

כאָטעשאָוו האָט געהאַט אַ וואָלאָסט, ווי מען פלעגט דאָס רופן ביי אונדז, און צו איר האָבן געהערט 16 דערפער. און אין יעדן דאָרף האָבן געוווינט פון לאַנגע יאָרן צענדליקער ייִדישע משפחות, און האָבן געפירט אַ טראַדיציאָנעל ייִדיש רעליגיעז לעבן. זי האָט אויך געהאַט אירע אייגענע פּאָליציי, אַ שענק, אַ פּאָסט, ווי אויך אייגענע דאָרפס־שופטים.

כאָטעשאָוו איז געווען אַרומגערינגלט מיט דעם טייך פּריפּעט, און האָט פאַרמאָגט שיינע אָזערעס און פיל וועלדער. פיל פּריצים מיט גרויסע פאַרמעגנס, זענען געווען אין כאָטעשאָוו. דאָס אַלס האָט געגעבן פיל פּרנסה די דאָרפס־ייִדן, וועלכע פיל פון זיי פלעגן האַנדלען מיט פיש און זיי שיקן אין די אַרומיקע שטעט, ווי ראַטנע, קאַמין־קאַשירסקי, קאָוועל, ווי אויך פון די וועלדער וואָס פלעגן געקויפט ווערן אויף ליציטאַציעס. דאָס האָלץ פלעגט געשיקט ווערן דורך דעם טייך אין דער גרויסער וועלט אַריין, און די פּריצים פלעגן פאַרדינגען זייערע סעדער און די פעלדער ווי אויך פאַרקויפן היימען צו די דאָרטיקע ייִדן.

עס האָט אויך ניט געפעלט פיל פי און תבואה. די פאַמיליעס צבי יהושע און אליעזר באַקלער, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דעם מסחר. און די פאַמיליע שאול הענדלער מיט פיש. די פאַמיליעס איטע ניסל, יצחק סטריער מיט תבואה. עס זענען אויך געווען שוסטער און שניידער, דאָס זענען שמואל זאַלץ און בערל ווערניק, און די דאָרפס־גייער מרדכי סטריער, און פיל אַנדערע ייִדן וואָס איך געדענק ניט זייערע נעמען.

די אַלע ייִדן האָבן אויך געזאָרגט פאַר אַ רעליגיעז לעבן. עס זענען געווען צוויי ספר־תורות און די גאַנצע יאָרן האָט מען געדאַוונט ביי איטע סטריער אין שטוב, וואָס זי האָט אָפּגעגעבן אַ צימער אומבאַצאָלט. און אויף די יום־טובים פלעגט מען ברענגען בעל־תפילות פון קאַמין־קאַשירסקי.

עס פלעגן אויך זיין צוויי לערערס, וואָס פלעגן זיין וואַכן־עסערס און לערנען ביי די בעלי־בתים אין שטוב. ווען די קינדער פלעגן ענדיקן דעם חדר, פלעגט מען זיי שיקן לערנען אין קאַמין אָדער ראַטנע.

פון צייט צו צייט פלעגן קומען מוכר־ספרים'ניקעס, בעל־דרשן'ס, זיי פלעגן תמיד אַוועקפאָרן צופרידן פון דאָרף, ווייל זיי פלעגן געשטיצט ווערן פון די כאָטאָשעווער ייִדן.

אין די לעצטע יאָרן, ווען די באַוועגונג פון דעם ציוניסטישן געדאַנק, איז געוואָרן שטאַרק, האָט עס צוגעצויגן די גאַנצע יוגנט.

עס איז צום גרויס באַדויערן אַלץ פאַרשניטן געוואָרן, אין י"ז כסלו תש"ב—1942.



ירחמיאל צינאוויטש, בוענאָס־איירעס

# זכרונות פון פאַליץ

קאַמין איז געווען אַרומגערינגלט מיט א גרויסער צאָל דערפער, צווישן זיי האָט זיך געפונען אויף אַ דיסטאַנץ פון 10 קלמ. דאָס דאָרף פּאַליץ.

פאַליץ איז געווען באַוווּסט אין דעם גאַנצן קרייז אַרום. דער פאַליצער איינוווינער און נדבן משה פראַך ע״ה, ווי מען האָט אים גערופן „משה פאַליציער”. עס איז דאָ צו דערציילן וועגן זיין גוטסקייט און וועגן זיינע מעשים־טובים פאַר זיין פאַמיליע און פאַר די יידן פון ארום פאַליץ.

פאַליץ איז אויך געווען באַוווּסט אין די ווייטע מקומות צוליב איר פּריץ פּזשעדפּעלסקי, מיט זיינע גרויסע וועלדער, און דער עיקר מיט זיינע סאַזשעווקעס. די פאַליצער קאַרפּן האָבן געריימט איבער גאַנץ פּוילן. פון גאַנץ פּוילן פלעגן קומען סוחרים צום פּריץ צו שליסן קאָנטראַקטן מיט אים צוליב דער גרויסער פיש־פּראָדוקציע, וואָס ער האָט געהאָדעוועט. אויך פלעגן קומען פיל סוחרים צו דינגען אין אָרענדע זיין גרויסן סאָד מיט די פאַרשיידענע פרוכטן, וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

פאַליץ האָט געריימט מיט אירע גרויסע וועלדער, וואָס יאָר־איין, יאָר־אויס פלעגן קומען די וואַלד־סוחרים קויפן און האַקן די גראָבע דעמבעס, סאָסנעס, אָלכעס און פאַרשיידענע געהילצן. מיין ברודער משה ע״ה, איז געווען דער פאַרמיטלער און איינער פון די באַוווּסטע בראַקאַרעס אין יענעם געגנט. אַלע ווינטער פלעגן זיך פאַרזאַמלען ביי משה פאַליצער אין שטוב אַ גרויסע צאָל וואַלד־סוחרים, אָקסן־הענדלער, קלענערע סוחרים, און סתם געסט פון קאַמין און אַרום.

צווישן די סוחרים וואָס פלעגן קומען אָפּט צו מיין פעטער משה, זענען געווען די קאַמינער: משה־הערש שטריק מיט די זין, חיים־לייב קאַשער, הערש־לייב לינזען סאַנע רעכלס, זיין מאַמע רעכל, כאַצקל שמואל איציעס די בערטשאַקעס און נאָך.

דאָס קליינע שטיבל וואָס מיין פעטער משה האָט פאַרמאָגט (בלויז פון צוויי צימערן), איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האָטעל. דער טיש איז שטענדיק געווען גרייט, ווי עס זאָגט זיך אין דער הגדה — „כל דיכפין ייתי ויאכול”.

אינטערעסאַנטער איז געווען ביינאַכט. דאָס איז געווען אַ גרויסער וואונדער, ווי פון דער קליינער כאַטקע איז אַלץ געוואָרן גרויס. אַלע טישן, בענק און טירן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בעטן. עס איז קיינמאָל ניט געווען אַ פאַל, אַז עס זאָל קומען אַ שטאָטישער ייד און ער זאָל אָפּגעשיקט ווערן צו אַ וועלכן עס איז שכן. לעצט־ברירה, איז אַריינגענומען געוואָרן אַ פּאָר סנאָפּעס שטרוי און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ געלעגער אויף דער פּאָל.

מיין באַבע שיינע־גיטל על״ה, פלעגט שטענדיק זאָגן צו אונדז, אז הכנסת־אורחים איז איינע פון די גרעסטע מצוות. אויך מיין מומע חנה־שרה, זי איז געווען זייער א גרויסע ציכטן און זייער אַ העפלעכע. ווען עס פלעגט קומען אַ גאַסט אין שטוב, פלעגט ער שוין וויסן, אז חנה־שרה וועט אים אויפנעמען מיט אַ שיינעם קבלת־פּנים. ניט איינמאָל האָט פּאַסירט ווען אַף מיטן דער נאַכט פלעגט זיך דערהערן דאָס טראַסקן פון א פערד און וואָגן ביי דער שטוב. און די יידן האָבן שוין געוווּסט אז אָפּשטעלן זיך דאַרף מען ביי משה פאַליצער...

קיין גענויע סטאַטיסטיק ווען אין פאַליץ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יידישע לעבן, איז ניט באַוווּסט. מיר ווייסן בלויז אַז אין דעם יאָר 1900 האָבן זיך געפונען אין פאַליץ די צוויי יידישע פאַמיליעס. דאָס איז געווען איסער — דער פאַליצער און מאָטיע פאַליצער. פון די צוויי פאַמיליעס האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרמערן אַלע מאָל מער. ביז אין דעם לעצטן יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן זיך שוין געפונען אַ היבש ביסל יידישע פאַמיליעס.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס דאָס דאָרף איז געווען גרויס און לאַנג, זענען די יידן געווען אויסגעזייעט לענג־אויס דעם גאַנצן דאָרף. די פאַליצער יידן האָבן געלעבט אַמיינסטן פון קליין־האַנדל. ביי יעדן יידן אין שטוב האָט זיך געפונען אַ פּאָר ליטער גאַזע, זאַלץ, הערינג, שוועבעלעך, אַ פונט צוקער, אַלץ וואָס דער פויער פלעגט מוזן האָבן צו קויפן אין אַ קרעמל, און שטענדיק מיט אַ בייט אויף אייער, קאָרן מעל א.א.וו.

ווען עס איז געקומען דער שבת־קודש האָט זיך שוין

געמערקט אויף די פאַליצער יידן אַ שבת׳דיקע שכינה. מען האָט שוין געביטן די וואָכעדיקע קליידער אויף שבת׳דיקע, מען האָט שוין אָנגעהויבן צוואָגן די קינדער, און וואַשן די פאָלן. עס האָט זיך שוין דערהערט דער ריח פון די שבת׳דיקע מאכלים. די פאַליצער יידן האָבן שוין באַקומען אַ מער פריי־לעך פנים לכבוד שבת. פרייטאָג צו נאַכט פלעגן זיך שוין די יידישע הייזער באַפרייען פון די שטענדיקע גוישע באַזוכער, ווי דאָס האָט געהייסן (נא וויעטשערקי).

די יידן פלעגן זיך שוין פאַרזאַמלען, ווי דער שטייגער איז, ביי אַ מנין מיט אַ ספר־תורה וואָס מען פלעגט נעמען אין קאַמין אויף פריקאַז. די מנינים פלעגן אַמײנסטן אײנ־שטיין ביי משה פאַליצער, צײנטוויז אויך ביי שמעונען, ביי שאיען. געוויס די איבעריקע יידישע משפחות האָבן אויך געוואָלט געניסן פון דעם פאַרגעניגן צו האָבן דעם ספר ביי זיך, אָבער צוליב זייערע אומבאַקוועמע הייזער האָבן זיי זיך געמוזט באַנוגענען פון צו האָבן די מצוה צו גיין דאַווענען בצבור ביי יענעם.

פאַליץ האָט געהאַט פונקט אַ מנין יידן. עס פלעגט זיך מאַכן אַמאָל, אַז אַ ייד האָט חלילה פאַרשלאָפן האָט מען שוין געמוזט נעמען אַ יינגל און געבן אים אַ חומש אונטערן האַנט, און אַזוי איז ער פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ גאַנצן ייד. און אַ דאַנק דעם 8 אָדער 10 יעריקן יינגל האָט מען געקאָנט שאַפן אַ מנין...

אַנדערש האָט אָבער אויסגעזען פאַליץ אין די ימים־נוראים. שוין ראש־חודש אלול פלעגן זיך פאַרזאַמלען די יידן פון פאַליץ און מען האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַ תכלית, וואָס וועט זיין ראש־השנה, יום־כפור מיט אַ חזן אַ־בעל־קורא אַ בעל תקיעה א.א.וו.. אָט די רעליגיעזע יידן האָט פאַליץ ניט פאַרמאָגט, בלויז עוזר אברמל׳ס ברודער איז געווען אַ ביסל בקיא אין תקיעה, און אָפּזינגען נאָכן דאַווענען

אַ „אדון עולם”. אָבער, עס איז ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט צו פועלן ביי אים ער זאָל צוגיין צום עמוד.

נאָך די אָפּגעהאַלטענע אסיפות איז שטענדיק געבליבן, אַז מען דאַרף דינגען אַ חזן אַז ער זאָל זיין אַ ספעץ אין די אַלע אויבן אויסגערעכנטע ספּעציאַליטעטן. דערפאַר טאַקע פלעגט מען אַמײנסטן אַראָפּברענגען פון קאַמין אהרן דעם לישקער מיט זיין שיין קול׳כל, און פייוול טופּעלעס אַ חזן מיט כוח.

שמעון יענקל ארקעס מיט זיין גלענצנדער שטימע האָט פאַרשאַפט די פאַליצער יידן אַ סך נחת־רוח. אַ סך קאַמינער יידן דאַרפן נאָך געדענקען ווי זיי זענען געשטאַנען אונטער זיינע פענסטער און צוגעהערט זיך צו די שיינע טענער וואָס פלעגן ארויסגיין פון זיין שטוב.

נאָכן דערליידיקן דעם ענין מיטן חזן, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ ניי דינגעניש: ווו וועט דער חזן איינשטיין? אָבער מען איז אַדורכגעקומען, אַז דער חזן זאָל איינשטיין ביי משה פאַליצער.

ערב יום־טוב פלעגן זיך אָנהויבן לאָזן שאַלאַנען מיט יידן, גאַנצע פאַמיליעס פון ארום די שכנישע דערפער פון האלוב, הוטע, זשערעווע, נינע, באַראַזונע א.א.וו. די יידן פלעגן מיטנעמען מיט זיך דאָס גאַנצע האָב און גוטס — טעלער, לעפל, כלים, אפילו די בעטגעוואַנט. דאַמאָלט איז שוין ניט געווען קיין אויסנאַם, ביי יעדן פאַליצער ייד האָט זיך שוין געפונען איינע אָדער צוויי פאַמיליעס אויף ראש־השנה און יום־כפור. ווי קליין עס איז געווען די שטוב פאַרן מנין דאָך איז געווען פּלאַץ פאַר אַלע מענער און פרויען, מען האָט געדאַוונט און געבעטן גאָט.

אָבער צום גרויס באַדויערן, אַלע טייערע יידן פון פאַליץ און פון די אַלע ארומיקע דערפער זענען אַוועק אויף קדוש־השם דורך דער היטלער־בעסטיע.



אביש קלארמאן

# פאגראמען, זעלבסטשוץ און געראנגל

אויף דער גרענעץ פון וואלין־פאלעסיע געפינט זיך דאס שטעטל קאמין־קאשירסקי, א קלויסטער אויף גרין געפארבט אין זייט פונעם מארק, א ווייסער „קאשטשאל" הינטערן שטאט, א טייכל מיטן נאמען ציר שלענגלט זיך פון מזרח אויף מערב...

פיר־פינף קילאמעטער ארום דעם שטעטל געפינען זיך וועלדער וואס ציען זיך גאנץ ווייט. אזוי זעט דאס אויס מסתמא אויך היינט; ווייל דעם קלויסטער און דעם קאשטשאל האט קיינער נישט אנגערירט, און אויך דאס טייכל שטראמט ווייטער און די וועלדער זענען נישט אויסגעהאקט.

און יידן? יא, געווען אמאל יידן, אויך בתי־מדרשים, א העברעאישע שול, קלובן פון יוגנט, ציוניסטישע באוועגונג, א יידיש שטעטל געווען. היינט — קיין זכר נישט פארבליבן פון דעם.

איך בין געבוירן געווארן אין קאמין־קאשירסקי און העכער 40 יאר דארט געלעבט, געקענט די סביבה, די מענטשן, דורכגעמאכט גוטע און שלעכטע צייטן. א פאר־צווייגטע משפחה האב איך דארט פארמאגט. איינצלנע זענען מיר פארבליבן. ווייל איך וועגן מיין קאמין־קאשירסקער פארגאנגענהייט דערציילן, אויפלעבן קאפיטלען פון לעבן און שאפן, וואס זענען אזוי אכזריותדיק אומגעבראכט געווארן דורך די נאצישע מערדער.

...בעסער דינען אין דער ארמיי אן א פעלער, איידער נישט דינען און פארבלייבן מיט א פעלער — אזוי האב איך מיר געטראכט, איידער מען האט מיך צוגעשטעלט צו דער מיליטער־קאמיסיע. די פאמיליע איז געווען פארזארגט וואס מען האט מיך צוגענומען צום מיליטער, אבער מיך זעלבסט האט דאס נישט געארט, פארקערט: מיך האט דאס אפילו געלאקט. איך האב זיך פאראינטערעסירט מיט דער מיליטערישער „תורה", דערפאר איז מיר טאקע געווען לייכטער ווי אנדערע בחורים פון מיין שטעטל, וואס אויך זיי האט מען גענומען אין דער רוסישער ארמיי.

נאך 30 טעג פון דינען אין מיליטער, האב איך שוין באקומען א „בענדל". דאס „בענדל" האט מיר פיל געהאלפן. איך האב שוין געלערנט אנדערע, און דערפאר האט מען מיך נישט געשיקט קעמפן אויפן ריגער פראנט.

זייענדיק א יאר אין מיליטער, האב איך מיך דערלויבט צו רעאגירן קעגן שעלטן פונעם פעלדפעבעל, וואס אן סיבות האט ער געשריגן צו א יידישן בחור „זשידאבסקאיא מארדא". אלס שטראף האט מען מיך אפגעשיקט אויפן פראנט. 14 מאנאטן האב איך זיך געפונען אין די אקאפעס. דאן האבן די דייטשן שטארק אטאקירט, און די רוסן האבן אנגעהויבן אנטלויפן — און פיל פון זיי זענען ארייגעפאלן אין געפאנגענשאפט.

איך האב זיך צוריקגעצויגן מיט דער ארמיי אין טיף רוסלאנד.

זייענדיק אין הינטערלאנד, זענען צו אונדז אנגעקומען ידיעות, אז ס'איז אויסגעבראכן א רעוואלוציע. אין יענער צייט האט דער צאר געדארפט אנקומען קיין וויטעבסק, און אויך מיר איז אויסגעקומען צו זיין איינער פון די היטערס פונעם צאר און זיין פאמיליע.

אבער נאך א קורצער צייט איז אונדזער גאנצע אפטייל־לונג אריבער אויף דער זייט פון דער רויטער ארמיי.

איך האב דאן געדענקט ווי פיל אנדערע יידן, אז די סאוויעטן־מאכט וועט לייזן די יידישע פראגע און יידן ווי אנדערע בירגער, וועלן קענען לעבן פריי און רואיק.

אנטוישט האב איך זיך דאן, ווען די זעלנער וואס האבן שוין געהערט צו דער רויטער ארמיי (און איך אליין בין דאך אויך געווען א רויטער ארמעער), האבן אויס־געשאכטן 200 יידן אין די שטעטלעך באכמאטש און קא־נאטאפ, בייזוויליג באשולדיקנדיק זיי אין גיסן הייס וואסער אויף די זעלנער, וועלכע האבן געקעמפט אין די רייען פון דער רויטער ארמיי...

נאך געוויסע באמיאונגען איז מיר געלונגען זיך צו באפרייען פון מיליטער.

פארנדיק צוריק אהיים דורך סמאלענסק, האב איך זיך אנגעשטויסן אויף די בוילעטע צייכנס פון באראבעטע יידישע שטעט און שטעטלעך, וועלכע זענען פאגראמירט געווארן

דורך פאַרשידענע באַנדעס. געווען אויך פאַלן, ווען זעלנער פון דער רויטער אַרמיי האבן אויסגעפירט רויב־אַקטן.

אין סמאָלענסק האב איך געאַרבעט א קורצע צייט אלס אנגעשטעלטער אין א יידיש געשעפט; זלמן שניאורסאָן האט געהייסן מיין באַלעבאָס.

פיל פוילישע פליטים האבן זיך געלאָזט צוריק קיין פוילן. אויך איך האב זיך געלאָזט אין וועג אריין, און נאָך א געוויסער צייט פון פאָרן און גיין, בין איך אנגעקומען אין מיין געבורטס־שטעטל קאַמין־קאַשירסקי.

אין שטעטל האבן געהערשט די דייטשן. א העלפט יידן פונעם שטעטל האָבן געליטן פון הונגער. מען האט געהונגערט און גלייכצייטיק געמוזט אַרבעטן. די דייטשן האבן פאַרטיילט א האַלב ברויט פאַר א משפּחה. יידן האבן געוואַשן זעק און געניייט פון זיי בגדים, ווייל אנדערש וואָלט מען געגאַנגען נאַקעט. באַרוועס איז מען יאָ געגאַנגען.

מיך מיט משה פלאַטן (דער טשאַרטשער) האָט מען אמאל געשטעלט רייניקן די טואַלעטן אין דער דייטשער קאָמענדאַנטור. איך האָב זיך קעגנגעשטעלט, ווייל דאָס איז געווען פאַר מיר א בזיון. האט מען מיך דערפאַר אַרעסטירט און נאָך אינטערווענצן פון די יידן וועלכע האבן געהאַט קאָנטאַקט מיט די דייטשן, האט מען מיך באַפרייט. איך האב באַשלאָסן אויסנוצן אלע געלעגנהייטן וועלכע וועלן אונטערקומען, כדי זיך מיט זיי „אפּרעכענען". אזא געלעגנהייט איז טאַקע געקומען. אונטערן דרוק פון דער רויטער אַרמיי און אויך פון די פוילישע אויפשטענדלער, האבן די דייטשן אנגעהויבן אַנטלויפן. האב איך אויסגענוצט זייער בהלה און אַנטוואָפנט אייניקע דייטשן.

מיט נאָך אייניקע יידן פון שטעטל וועלכע האבן געקענט האַלטן געווער אין האַנט, איז אונדז געלונגען צו באַקומען אויך אייניקע פולעמיאָטן (מאַשין־געווער) פון די דייטשן, וועלכע זענען אַנטלאָפן; פאַרשטייט זיך, אז זיי האבן דאָס אונדז נישט געגעבן, מיר האבן דאָס ביי זיי גענומען.

מיר האבן געוווּסט, אז די אומרוען האבן זיך נאָך נישט פאַרענדיקט און מען דאַרף זיך אָרגאַניזירן מיט געווער אין האַנט.

ווען די דייטשן האבן זיך צוריק געצויגן, איז אין שטעטל געוואָרן א תוהו־ובוהו, ווייל קיין מאַכט איז נישט געווען. די פויערים פון דער געגנט האבן גענומען אויסנוצן די געלעגנהייט אונטער פאַרשידענע תירוצים, און קודם־כל, אז די יידן האבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן; אויך דאָס צונעמען ביי זיי קי און תבואות איז געווען די שולד פון די יידן — אַזוי האָבן זיי געטענהט.

טרויעריקע ידיעות זענען אנגעקומען אויך פון דער פראָווינץ. דאָרפישע יידן זענען באַרויבט געוואָרן, מען האט גערויבט און געמאָרדעט. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר מוזן זיך אָרגאַניזירן. פון דאָרף וועלן זיי דאָך קומען אויך אין שטאָט.

א פויער האָט אָנגעזאָגט די שוואַרצע בשורה: די יידן פון דאָרף וועלעמטשע (14 ק"מ פון שטעטל). זענען באַפאַלן געוואָרן דורך פויערים, עס זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן אייניקע פאַמיליעס, צווישן זיי, אויך א קאַמינער פאַמיליע אברהם פלאָט.

האָבן מיר באַשלאָסן, אַז 12 מאַן, מיט געווער, וועלן מיר פאָרן אין דאָרף אריין, כדי לכל הפחות צו ברענגען די קדושים צו קבורת־ישראל. שוידערלעך איז געווען דאָס בילד: א לעבעדיק קינד וואָס זויגט פון דער טויטער מוטערס ברוסט, און חזירים פרעסן איר קערפער... דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַגלייט די טויטע צום לעצטן וועג. נאָכן אויסוויינען־זיך און מספּיד־זיין, האט זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס וועט זיין מיט די לעבעדיקע? אויפן בית־עולם איז אנגענומען געוואָרן דער באַשלוס: אז מען מוז זיך אָרגאַניזירן, שאַפן א זעלבסט־שוץ און מיט געווער פאַרטיידיקן אונדזערע לעבנס.

עס איז אויסגעקליבן געוואָרן א קאָמיטעט וועלכער איז באַשטאַנען פון: אביש קלוירמאַן — קאָמענדאַנט (אין מיליטערישן הינזיכט), הערשל ווייסמאַן — געהילף (אַדמיניסטראַציע לייטער), אריה דעקעלבוים — סעקרעטאַר, לייביש גאָלדשטיין, גרשון אייזנבערג, יצחק באַרענהאָלץ, אברהם־דוד אברוך, אברהם־לייב בורשטיין און שעפּע זאַפּראַן.

120 מאַן האָבן זיך אין משך פון דער צייט צוגעשטעלט צו דער זעלבסטשוץ („סאַמאָאָבראָנע").

אַרבעט איז געווען פיל: מען האט געדאַרפט שאַפן געלט אויף קויפן געווער, פּראָדוקטן פאַר די וועלכע האבן נישט געהאַט און דאָס וויכטיקסטע — אַריבערפירן וואָס שנעלער די דאָרפישע יידן פון קאַמין־קאַשירסקער געגנט אין שטעטל אריין. אויף וויפל ס'איז מעגלעך — אויך זייער אינווענטאַר, ווייל ס'האָט זיי געדראָהט פאַרניכטעט צו ווערן יעדן טאָג.

פאַר די אנגעקומענע האבן מיר געשאַפן ערטער ביי די קאַמינער בעלי־בתים, כדי זיי זאָלן האבן ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן, און אויך געגרינדעט א „קיך" פאַר די וועלכע האבן זיך גענויטיקט אין דעם.

א סך מיטגעהאָלפן האָט דער פויער זדיניוק, וועלכער איז שפּעטער, ביי דער סאָוויעטן־מאַכט, אויסגעקליבן געוואָרן אלס פאַרזיצער פונעם שטעטל און אַרומיקער געגנט. ער האָט יאָ פאַרשטאַנען די יידישע טראַגעדיע. ער האָט אונדז

צוגעזאגט זיין הילף, ער האט אויך איבערגעגעבן די פויערים, אַז די יידן האָבן זיך אָרגאַניזירט, נישט כדי צו באַפאַלן, נאָר כדי זיך פאַרטיידיקן, אין פאַל ווען זיי וועלן ווערן אָנגעגריפן.

הערשל ווייסמאַן איז געקומען אין קאָנטאקט מיט די מאכט־ארגאנען, ער איז געווען אזוי צו זאָגן דער יורידישער בעל־יועץ, זיין יידישער קאָפּ האט געוווּסט ווי אזוי איבער־צייגן ווען מען האט גדאַרפט. עס האט זיך א ריר געטאן: דער קאמיטעט האט פארעפנטלעכט פארפליכטנדיקע באשלוסן, צילנדיק צו נארמאליזירן, אויף וויפיל עס איז מעגלעך, די לאַגע. איינער פון אונדזערע באַשלוסן איז געווען: פאַרבאָטן דעם בראנפן־פארקויף, ווייל די שיכורע פויערים האבן געקענט ארויסרופן בלוטיקע אוואנטורעס און נישט קיין־געווונטשענע רעאַגירונג פון יידן וואס האבן פאַרמאָגט געווער. די פויערים האָבן ממילא געזוכט מיטלען און אויסריידן ווי אַזוי צו באַפאַלן די יידן, און מיר האָבן זיך געדארפט באמיען נישט געבן זיי אזעלכע געלעגנהייטן. מיר האָבן צוגענומען בראָנפן פון די יידן וועלכע האָבן גע־האנדלט מיט דעם, אין פיל פאַלן אפילו קעגן זייער ווילן.

אויך איז באפוילן געוואָרן, אז די אלע וועלכע באַזיצן געווער, זאָלן דאס איבערגעבן דער זעלבסטשוץ.

אין הינזיכט פון אדמיניסטראציע האבן מיר זיך באמיט פארטיילן די פראדוקטן צוויש̇ן אלע, ווייל עס זענען געווען פאלן און יידן האבן אויסבאהאלטן פראדוקטן פאר זייער פאמיליע — און אנדערע פאמיליעס האבן געליטן הונגער. דער מאנגל אין זאַלץ איז באזונדערס געווען גרויס, און מיר האָבן זיך באמיט קאָנצענטרירן דאָס זאַלץ אין אונדזערע הענט, כדי עס קענען פארטיילן צווישן די וועלכע האָבן זיך באמת גענויטיקט אין דעם.

אויך אויף מעדיקאמענטן איז חל געווען אונדזער באפעל, ברענגען פון ערגעץ איז נישט געווען מעגלעך, און מען האט געמוזט זארגן, עס זאל נישט ארייַנפאלן אין די הענט פון יחידים.

די פיש וועלכע פלעגן געבראכט ווערן יידן פרייטיק דורך די פויערים (אזוי ווי אין אלע קליינע שטעטלעך), זענען פאַרטיילט געוואָרן פראָפאָרציאָנעל לויט דער גרויס פון דער פאמיליע; דאס זעלבע אויך — פלייש.

עס זענ̇ען געווען פאַלן, ווען מען האט געמוזט אננעמען פארשידענע מיטלען קעגן די יידן, וועלכע האבן דאס נישט געוואָלט פארשטיין.

אַ צימער, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך אונדז אין אן ארעסט, איז אייניקע מאל אויסגענוצט געוואָרן (צו אונדזער באַדויערן), און מיר האָבן איינגעזעצט אין אים יידן פאַר נישט אויספילן אונדזערע פאָדערונגען. עס זענען טאָקע געווען בלויז איינצלנע, וועלכע האבן געוואלט אויסנוצן די קאָניונקטור אויף קהל׳ס חשבון. אבער א באלדיקע שארפע רעאגירונג פון דעם קאָמיטעט האט דאס צונישט געמאכט.

יידן האָבן געזען אין דעם קאָמיטעט און אין דער זעלבסט־שוץ א גואל ומציל, און די פויערים האָבן פארשטאנען מיט זייער באזונדערן אינסטינקט, אז דא לוינט נישט אָנהויבן, ווייל יידן וועלן צוריק שלאָגן.

די אַטמאָספער אין שטעטל האט זיך א ביסל בארויקט, אבער די פויערים האבן פסיכאָלאָגיש נישט געוואָלט מסכים זיין, אז יידן זאלן זיי אפהאלטן פון רויב. ווען זיי האבן דאך פארשטאנען, אז עס לוינט זיך נישט מיט אונדז אנהויבן, האבן זיי געזוכט אנדערע קרבנות.

עס זענען צו אונדז געקומען אויך נישט־יידן, אז מיר זאלן זיי נעמען אונטער אונזער שוץ. דער פוילישער גלח, אַ פאַרמעגלעכער גוי, וואָס האָט געוווינט אויסער דעם שטעטל, נעבן קאָשטשאָל, און אויך די פאמיליע זשמינ־קאָווסקי, וועלכע פלעגן האנדלען מיט יידן, האבן געבעטן אונדזער הילף, ווייל זיי האָבן זיך דערוווּסט אַז מען גרייט זיך איבערפאלן אויף זיי.

מיר האבן פארשטאנען, אז מיר דארפן זיך באמיען, אַז אַזאַ איבערפאַל זאָל נישט פאָרקומען, און זאָל דאָס זיין אפילו אויף פאָליאַקן, ווייל די צעבושעווטע פויערים וועלן נישט אנערקענען קיין גרענעצן, און דעם צווייטן טאָג וועלן זיי מאכן אן אנפאל אויף יידן. האבן מיר גענומען די צוויי פוילישע משפחות אונטער אונדזער שוץ, איבערפירנדיק דעם גלח׳ס פארמעגן (פערד און קי) אין שטעטל אריין.

אונדזער זעלבסט־שוץ האָט פאטראָלירט אויף די גאַסן, איבערהויפט ביינאכט, ווייל קיין מאכט איז דאן ביי אונדז נישט געווען. אין איין נאכט האָבן זיך באַוויזן מונדירטע באַוואָפנטע רייטערס, וועלכע האבן זיך פארגעשטעלט אלס פאָרשטייער פון דער סאוויעטישער מאכט, געציילט האבן זיי בערך 18—15 מאן.

זיי זענען געווען פויערים פון דער געגנט, און אזוי־ארום אפנארנדיק אונדז, מיט געווער אין די הענט, זיך ארייַנבאקומען אין שטעטל אריין.

זייער פאדערונג איז געווען: ארויסגעבן זיי די צוויי פוילישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער אונדזער שוץ, און אויך בערל גורטענשטיין, וואָס די פויערים האבן געהאט צו אים פערזענלעכע פרעטענזיעס.

זייער דעלעגאציע איז באשטאנען פון 3 מאן: דימעטריוק, בודניעטשוק און דער דריטער — אַ געוועזענער דייטשער

אַפּיציר, וועלכער איז פאַרבליבן ווען די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן.

לויט אונדזער פּלאַן האָבן מיר זיך באַמיט זיי אַנט־וואָפענען, אַז קיין קרבנות זאָלן דערביי נישט פאַלן. איך און ווייסמאַן פון קאָמיטעט האָבן פאָרגעשלאָגן זייער דעלע־גאַציע, אַז מיר זענען מסכים צו גיין מיט זיי צום פאַרויסגעזעצטעם פאַרזיצער פון שטאָט — זדיניוק, און ווי ער וועט באַשטימען, אַזוי וועלן מיר טאָן.

זייער דעלעגאַציע איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען, און די איבעריקע באַוואָפנטע פּויערים נאָך זיי. אונדזערע מענטשן פון דער זעלבסט־שוץ האָבן זיי, נישט באַמערקנדיק, אַרומ־גערינגלט.

ווען די דעלעגאַציע איז אַריינגעגאַנגען אין הויז, אויף וועלכן מיר האָבן אָנגעוויזן, אַז דאָרטן געפינט זיך כלומרשט זדיניוק, האָבן מיר זיי תיכף אַנטוואָפנט אונטער דער דראָאונג פון געווער, און אין דער זעלבער צייט סיגנאַליזירט צו אונדזער זעלבסט־שוץ, אַז זיי זאָלן די איבעריקע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דרויסן, אויך אַנטוואָפענען.

צוויי פון זיי האָבן פּרובירט זיך אַדורכרייסן דורכן רינג, איינער פון זיי איז תיכף דערשאָסן געוואָרן, און דער צווייטער איז געכאַפּט געוואָרן.

האָבן מיר זיי אַלע אַרעסטירט און געהאַלטן ביז די מאַכט (סאָוויעטישע) איז אָנגעקומען. איינער פון דער דעלעגאַציע — דימעטריוק, איז פאַרמשפּט געוואָרן דורך די סאָוויעטן צום טויט. ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין רויבן יידיש גוטס. ער האָט דאָס, פאַרשטענדלעך געלייקנט, אָבער נישט געקענט מער לייקענען, ווען דאָס איז באַוויזן געוואָרן מיט פאַקטן; מען האָט צוויסן געגעבן דימעטריוק׳ס פרוי, אַז מיט צירונג און געלט איז מעגלעך אויסצוקויפן איר מאַן. די פויערטע האָט לאַנג נישט געקלערט און האָט געבראַנגט די אַלע אָנגעראַבירטע זאַכן כדי אויסצוקויפן איר מאַן. מען האָט באַלד דערקענט צו וועמען די זאַכן האָבן געהערט, און דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אונטער דער שטאָט.

פיל געשעענישן זענען פאָרגעקומען ביז די סאָוויעטשע מאַכט איז געקומען. מיר האָבן די גאַנצע צייט געדאַרפט שטיין אין גרייטקייט־צושטאַנד, כדי צו פאַרמיידן איבערפאַלן און עקצידענצן.

אין אַלע אַזוי־גערופענע סטראַטעגישע פונקטן האָבן פּאַטראָלירט אונדזערע מענטשן פון דער זעלבסט־שוץ. אין פאָרלעך איז מען געשטאַנען, אין פאַרשידענע עקן פונעם שטעטל, און אַ טייל פון אונדז האָט זיך שטענדיק געפונען אין גרייטצושטאַנד. דער צענטער פון דער זעלבסט־שוץ האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון די גורטענשטיינ׳ס, און צוויי מאַן האָבן זיך שטענדיק געפונען דאָרט, כדי צו סיגנאַליזירן אין מאָמענט פון אַ פאַרדאַכט.

אין איין נאַכט, ווען צוויי פון אונדזער זעלבסט־שוץ האָבן זיך געפונען אויף שמירה לעבן בריק, זענען זיי באַפאַלן זאַסטאַוויער שקצים און ביי איינעם, וועלכער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט אַלס גבור־חיל, צוגענומען די ביקס. דער צווייטער האָט באַוויזן אַנטלויפן און איבערגעבן וואָס ס׳איז געשען.

מיר האָבן תיכף באַשלאָסן, אַז מען טאָר נישט דאָס אַדורכלאָזן שווייגנדיק. נאָך אין דערזעלבער נאַכט בין איך, יוס׳ל ווייסמאַן און עקיבא אייזנבערג אוועקגעגאַנגען אויף זאַסטאַוויע (אַ גויאישע געגנט הונטערן שטעטל), אויפ־געוועקט די מכובדים פון זיי, פאָדערנדיק, אַז זיי זאָלן זיך באַמיען אויסגעפינען די באַפאַלער און אָפּנעמען ביי זיי אונדזער ביקס, אַנדערש וועלן מיר אָננעמען אַלע מיטלען כדי דאָס אַליין דורכצופירן.

אונדזער דראָאונג האָט געווירקט. עטלעכע פויערים זענען תיכף אַרויסגעפאָרן אויף פערד זוכן די שקצים. נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיי אונדז מיטגעטיילט, אַז די שקצים געפינען זיך אויפן גויאישן בית־עלמין און זיי האָבן נישט אויף זיי קיין שליטה.

האָבן מיר באַשלאָסן גיין צו זיי צוזאַמען מיט די פויערים הגם זיי האָבן דאָרט פאַרמאַגט פיל געווער און לייכט אונדז געקענט דערמאָרדן. אַ דריק אויפן ביקס אָדער מאַשין־געווער פון זייער זייט און מיר זענען פאַרפאַלן.

אויפן רוף זייערן „ווער גייט", האָבן מיר זיך אָנגערופן ביי אונדזערע נעמען, און זיי פאָרגעשלאָגן מיט אונדז זיך דורכשמועסן.

מיר האָבן לאַנגזאַם שטיל זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז קיין גוטס וועלן פון אַזעלכע זאַכן נישט אַרויסקומען. היינט באַפאַלן זיי אונדז, און מאָרגן קען זיין פאַרקערט, און דערביי וועלן ביידע זייטן ליידן. ווייזט אויס, אַז אונדזערע רייד האָבן געווירקט. די ביקס האָבן זיי אונדז אָפּגעגעבן, און צו דער באַוואונדערונג פון די יידן, וועלכע האָבן שוין אין שפּאַנונג געוואַרט אויף אונדז, האָבן מיר זיך אומגעקערט גאַנצע מיט דער צוגערויבטער ביקס.

געציילט האָבן מיר ווייניק אין פאַרגלייך מיט אונדזערע אויפגאַבן, נעמענדיק אין אַכט די סביבה פון טויזנטער פויערים וואָס האָט זיך געפונען אַרום דעם שטעטל. אָפּגעש־טאַנענע פויערים, וואָס יעדער העצער האָט געקענט צווישן זיי צעפלאַקערן אַ פייער.

אין אַ געוויסן אָוונט איז צו אונדז געקומען אַ פאַרסאַ־

פּעטער ייד, דער איינציקער ייד וועלכער האט געוווינט אין דאָרף מעלניקעס, בן־ציון (בענצי) קאָרש האָט ער געהייסן, און אונדז דערציילט: מען גרייט אַן אָנפאַל אויף זיין פאַמיליע און אויב איר וועט מיר נישט העלפן, איז מיין פאַמיליע אַן אומגעקומענע. 12 מאַן פון דער זעלבסט־שוץ, רייטנדיק אויף פערד, באַוואָפנט מיט ביקסן און רעוואָלווערן, האָבן גערירט אין דער ריכטונג פון'ם דאָרף. אויך פערד און וועגענער האָבן מיר מיטגענומען כדי צו פאַרנעמען, אויב עס וועט נאָכנישט זיין צו שפּעט, דאָס יידישע פאַרמעגן מיט דער פאַמיליע.

מיר האָבן זיך גערעכט אויך אויף אַ צוזאַמענשטויס מיט די פּויערים. אונדזער דרייסטקייט האָט וויייזט אויס געווירקט, די פּויערים האָבן אַרויסגעקוקט פון די הייזקעס און שייערן ווי אויף אַ בייז־וווּנדער. אַן אַלטער פּויער האָט זיך איבערגעצלעמט, ווייל ווי איז דאָס מעגלעך, אַז יידן זאָלן זיין אַזוי דרייסט? די משפּחה איז אַוועקגענומען געוואָרן מיט איר האָב און גוטס אויף אַ „זיכערער טעריטאָריע".

מיר האָבן ממשיך געווען שטיין אויף דער וואַך אין שטענדיקער גרייטקייט.

## די באַלעכאָווצעס

פיל באַנדעס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין יענער צייט, און ס'איז שווער געווען פעסטצושטעלן פאַר וואָס אייגנטלעך זיי קעמפן. איינס איז געווען זיכער, אַז זיי וועלן גורם זיין ליידן און צרות אונדז, יידן.

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך אַזאַ באַנדע באַוויזן ביי אונדז אין שטעטל. דאָס זענען געווען די באַלעכאָווצעס, בערך 5,000 מאַן האָבן זיי געציילט רייטערס און פוסגייער, באַוואָפנטע מיט ביקסן און מאַשין־געווער. זייער מחנה האָט זיך צעשפּרייט אויפן מאַרק־פּלאַץ אין צענטער פון שטעטל. צעשטעלט די פערד און וועגענער און זיך געזעצט עסן און שיכורן. געשעפטן זענען באַרויבט געוואָרן און זיי האָבן אויך נישט אויסבאַהאַלטן זייערע כוונות זאָגנדיק, אַז ביינאַכט וועלן זיי אַ ביסל אַ הולע־טאָן און אויסשעכטן די יידן. דאָ איז אונדזער זעלבסט־שוץ געווען אומבאַהאָלפן, נע־מענדיק אין אַכט זייער צאָל און געווער.

מיר האָבן זיי געמעגט גלויבן אַז זיי וועלן שעכטן, ווייל מיר האָבן באַקומען „גרוסן" וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אין אַנדערע שטעטלעך.

אין שטעטל פּניעוונע, נישט ווייט פון אונדזער שטעטל, האָבן זיי אייניקע פאַמיליעס דערמאָרדעט און דעם שוחט פון שטעטל — בעקערמאַן, האָבן זיי געפּייניקט אויף אַ שוידער־לעכן אופן, בינדנדיק אים מיט שטעכעדיקן דראָט, ביז ער איז אויסגעגאַנגען. אויך אין דאָרף יעזורקע האָבן זיי דערמאָרדעט אייניקע יידישע פאַמיליעס. די לאַגע איז געווען ביטער־שלעכט.

צופעליק, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַ גרופּע פון 3 מאַן געשיקט פון דער סאָוויעטישער מאַכט (ריכטיקער — רויטער אַרמיי), געפינט זיך אין שטעטל אַלס אויסשפּירער און זיי פאָלגן נאָך די באַוועגונג פון די באַלעכאָווצעס. דאָס זענען געווען באָרוועסע אָפּגעריסענע שקצים, וואָס איינער פון זיי האָט געטראָגן אַ מאַשין־געווער אין אַ זאַק אויף די פּלייצעס, מאַסקירנדיק אַזוי־אַרום די „סחורה" וואָס ער שלעפּט אויף זיך.

„שרעקט זיך נישט, האָט איינער פון זיי געזאָגט, מיר וועלן שוין עפּעס „מאַכן". איינער פון זיי האָט זיך אַריינ־באַקומען צווישן אַבאַז פון די באַלעכאָווצעס — און געלאָזט אין גאַנג זיין פּולעמיאָט (מאַשין־געווער).

אַ שרעק איז זיי באַפאַלן, זייענדיק זיכער, אַז דאָס באַשיסט זיי די רויטע אַרמיי, און זיי האָבן אין פּחד און שרעק זיך גענומען צעלויפן. אַ ייד פון שטעטל, פייבל דער שמש האָט מען אים גערופן, האָט אַרויסגעכאַפּט ביי אַ באַלעכאָוויעץ זיין ביקס און שיסנדיק, זיי נאָכגעלאָפן.

אַפּלויפנדיק בערך 10 קילאָמעטער ביזן דאָרף בוזאַק, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרשטיין וואָס דאָ איז געשען. פאַרשעמטע האָבן זיי באַשלאָסן זיך צוריק קערן און זיך „אָפּרעכענען".

מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז זיי קומען צוריק. וואָס וועט איצט זיין? די 3 רעטער, דער סאָוויעטישער פּאַטראָל, האָט אונדז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איצט וועלן זיי אונדז שוין נישט קענען העלפן, אָבער ווען אונדזער זעלבסט־שוץ וועט מיטאַרבעטן מיט זיי — האָבן זיי געזאָגט, — וועלן מיר זיי קענען אָפּשטויסן.

עס זענען גלייך אַרויפגעשלעפּט געוואָרן אייניקע פּולעמיאָטן אויף דעכער וואָס גרענעצן זיך מיט די וועגן, פונוואַנען די באַלעכאָווצעס האָבן געזאָלט אָנקומען. מיר האָבן לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. זייערע אָפּטיילונגען האָבן זיך טאַקע גלייך באַוויזן, דערנענטערנדיק זיך צום שטעטל. איצט איז דער מרחק פון אונדז צו זיי געווען אַ גאַנץ קליינער — עטלעכע הונדערט מעטער.

אַ פייער פון ביקסן און מאַשין־געווער איז געעפנט געוואָרן אויף זיי. איצט זענען זיי געווען זיכער, אַז נישט איינער שיסט אויף זיי, נאָר געוויס אַז אַ גאַנצע אָפּטיילונג פון דער רויטער אַרמיי, לויפנדיק דאָס צווייטע מאָל פון שטעטל אין פּחד און שרעק, כדי ניצול צו ווערן פונעם

פייער וואס האט נישט אויפגעהערט. דאס שטעטל האט געליבט גאָט פאַרן לעצטן נס.

אַ רעדל מיט יידן, אין מיטן שטייט אַ ייד און דערציילט עפּעס וויכטיקעס, ווייל נאָך יעדע עטלעכע ווערטער שווערט ער זיך — „ער זאָל אַזוי זיין אַ פאָטער צו זיינע קינדער". א לץ גיט א זאג: „מעגלעך, אז ער האט גארנישט קיין קינדער". מען לאכט און מען נעמט דאס אן פאר אַ גוטן שפּאס. וואָס איז געשען? די באָלשעוויקעס געפינען זיך שוין אין לישע (נישט ווייט פון קאמין) און אין נאָך אייניקע דערפער. דער ייד, וועלכער דערציילט די נייעס, איז א לישקער יונגערמאן וואס איז נאר־וואס געקומען פון דאָרטן. ער דערציילט, אז א באָלשעוויק האט אים געקלאפּט אין פלייצע אלס ברודערשאפט, זאגנדיק: — „ניע באָיס טאָווארישטש, בודיעט כאָראָשאָ. (האב נישט מורא, חבר, „עס וועט זיין גוט"). אלע פארשטייען אַ־ן שמייכלען און ווילן אליין שוין באקומען אזעלכע „קלעפּ" פון א באָלשעוויק... אינמיטן דערציילן באוויזן זיך א פאר רייטערס און יידן וויסן נישט וואס צו טאן, צי זיך פרייען, צי חלילה אנטלויפן, נישט וויסנדיק ווער דאס זענען. דא קומט צו הילף דער באקאַנטער אונדזערער פון לישקע און באַרואיקט: — אָט זענען זיי שוין צו אייך אויך געקומען, גייט זיי אנטקעגן און באגריסט זיי אויף רוסיש מיט א ברייטן שלום עליכם...

פארשטייט זיך, די רייטערס זענען תיכּף ארומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זייטן, און יידן האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין שבחים.

זיי האבן לאנג זיך נישט פארהאלטן, און נישט פרעגנדיק, זענען זיי פאַרפאָרן צו אונדזער באַקאַנטן פויער זדיניוק.

זדיניוק איז געווען אַן ארטיקער פויער, וועלכער איז געווען באַוווּסט אַלס איבערגעגעבענער קאָמוניסט.

נאך א קורצער שעה האט די רוסישע ראַזוויעדקע זיך אפּגעטראָגן פון שטעטל, איבערלאזנדיק נאך זיך א שטויב פונעם גיכן פאָרן און זיך־אָמפּערנדיקע יידן, וואָס יעדער איינער פון זיי האט געוואלט באווייזן זיין גרויס בקיאות אין „סטראַטעגיע"; מען האָט געמאכט פּלענער מיט א שפּענדל אויפן זאָמד פונעם מארק־פּלאץ, באווייזנדיק אלע וועגן און ערטער און קאָמבינאציעס פון די באָלשעוויקעס. איינער האט שוין דערציילט ווי די באלשעוויקס גייען פון איין פויערס הויז צום צווייטן, נעמען אפ דאס צוגעראַבירטע יידישע האָב און גוטס און ברענגען דאָס אַליין צוריק, בעטנדיק בלויז, מען זאל זיי אונטערשרייבן אויף א קבלה. א צווייטער ווידער דערציילט, אז דארט ווו עס זענען דא קליינע קינדער, קומען איניקע באָלשעוויקעס און העלפן־צו און ברענגען אפילו צוקערלעך. דער דריטער האט דערציילט, אז אין שטעטל פּניעוונע איז דער קאָמיסאַר פון שטעטל, א זון פון א רב, און ווארפט אריין יעדעס מאל א ווארט פון דער גמרא...

אין אָוונט האבן זיך באוויזן איניקע רייטער פון די וואס האבן פארמיטאג באזוכט דאס שטעטל, און נאך זיי — אַ גרעסערע גרופּע באָלשעוויקעס אין א געמישטער מונדירונג, א טייל פון זיי — ציוויל געקליידעט. דאס איז געווען די סאָוויעטישע מאכט. לאנג זענען זיי ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען, אָבער אלע באַפעלן זייערע פלעגן ווערן אויסגעפּילט.

זדיניוק איז אויסגעקליבן געווארן דורך זיי אלס פּארזיצער פון „רעוו־קאָם"; עס איז געשאפן געווארן א מיליץ וועלכע איז געגאנגען באַוואָפנט מיט לאנגע נאַגאַנעס אויף א שמאָלן פּאַסיק, אדער א שטריקל, אויף דער רעכטער זייט. „גראַמאָטנע" יידן וואס האָבן באַהערשט די רוסישע שפּראַך, האבן פארנומען פּאסטנס. מען האט זיך באַמיט צוגעוווינען צום לעבנס־שטייגער וואס די צייט און מאכט האט געפאָדערט.

יידן האבן גענומען באַארבעטן ערד פון די פויערים, וועלכע זענען זיך צוליב פארשידענע סיבות צעלאָפן, און אויך ערד פון די פריצים וואָס די סאָוויעטישע מאכט האט צעטיילט.

זדיניוק פלעגט פיל מיטהעלפן. אַלס אָרטיקער פויער האט ער געקענט אלע יידן פון שטעטל, און נישט איין מאל פלעגט מען זיך ווענדן צו אים מיט א בקשה אז ער זאל זען עפּעס טאן, ווען מען האט געוואלט צונעמען איין פערד פון די צוויי וואָס עמיצער האָט פארמאָגט א.א.וו.

זדיניוק פלעגט ווירקן און מען פלעגט טאַקע, אַ דאַנק אים נישט טשעפּען. די „סאַמאָבראַנע" איז געוואָרן איבעריק. זענען יידן געגאנגען און אָפּגעגעבן דאָס געווער פרייוויליק. עס זענען אויך געווען יידן וועלכע האָבן עפּעס פון זייער געווער זיך איבערגעלאָזט ערגעץ טיף באַהאַלטן, אָבער זיי זענען געווען איינצלנע.

די לאגע האט זיך אזוי געצויגן בערך דריי מאָנאַטן. אין דער צייט זענען פארגעקומען קאמפן און שלאכטן, אבער זיי האָבן אויסגעמיטן אונדזער שטעטל.

די ימים־נוראים האָבן זיך דערנענטערט. עס האָט זיך געהערט שופר־בלאזן. יידן האבן אונטערגעברומט דעם כל־נדרי ניגון און זיך דערמאנט אין דער תפילה: מי לחיים ומי למות, מי באש ומי במים... יידן האָבן באַשטעלט „שטעט" (ערטער) אין בית־מדרש און אין „שטיבלעך". איך געדענק, ערב־ראש השנה איז דאס געווען, די שטיבלעך

און בית־מדרש זענען געווען פארפולט מיט יידן פון שטעטל און פון די ארומיקע קלענערע שטעטלעך און דערפער. א היסטעריש געוויין האָט זיך געטראָגן פון עזרת הנשים, אויך מענער האבן געלאָזן טרערן.

דאס דאווענען האט זיך געענדיקט און יעדער איינער האט זיך געלאָזט גיין צו זיך אין שטוב אריין — מיט אַ געפיל פון... ווער ווייסט וואָס דאָס נייע יאָר וועט מיט זיך ברענגען.

איך בין נאָר וואָס געקומען פון שטיבל, ווי דער פארזיצער פון רעווקאם, זדיניוק, איז אריינגעקומען.

הער זיך איין גוט, וואָס איך וועל דיר זאָגן — האָט ער אָנגעהויבן. זאָלסט וויסן מיין גוטער פריינט, אַז די סאָוויעטן דאַרפן אין גאָר אַ קורצער צייט זיך צוריקציען פונדאנען; דאס שטעטל פאלט אריין אין פוילישע הענט. אויב דו ווילסט, קאנסטו נאך מיט מיר מיטפארן אויף מזרח, צו דער סאוויעטישער זייט, כל־זמן ס׳איז נישט שפעט. קאנסט אויך איבערגעבן די איבעריקע יידן, ווער עס וויל אדער ווער עס פילט זיך אַז ער קען האָבן אומאַנגענעמלעכקייטן מיטן קומען פון דער צווייטער מאכט ווייל ער האט מיטגעארבעט מיט אונדז — בין איך גרייט צוצושטעלן פערד און וואָגן און העלפן זיך עוואַקואירן אויף דער רוסישער טעריטאָריע.

קיין צייט אויף איבערקלערן איז נישט געווען, ווייל נאך די זעלבע נאכט האָבן די סאָוויעטן זיך צוריקגעצויגן און גלייך נאָך זיי איז אריינגעפאָרן אַ באַנדע באַלעכאָווצעס, וועלכע האבן נאך די זעלבע נאכט באוויזן אויסמארדן עטלעכע יידן. אויף מארגן איז אנגעקומען א גרויסע גרופע באַלעכאָווצעס און יידן האבן גענומען לויפן. א טייל האבן זיך אויסבאַהאלטן אין שטעטל אין קעלערס און אויף בוידעמס, און א טייל זענען אנטלאפן אויסער דער שטאָט, זוכנדיק באַהעלטענישן אויפן פעלד, אין וואַלד און ביי אַ היימישן פויער. „מי לחיים ומי למות" — האט יעדן געקלונגען אין די אויערן...

די באַלעכאָווצעס האבן גערויבט, פאַרגוואלדיקט יידישע פרויען און געטויט יידן. דריי טעג האָט דער שדים־טאַנץ אָנגעהאַלטן.

120 הרוגים זענען געלעגן אין די הייזער און גאסן — ואין קובר.

אויפן 4־טן טאג האט זיך אריינגעריטן „באַטקאָ באַלעכאָוועץ" מיט זיינע באַגלייטערס. „גענוג קינדערלעך" — האט ער זיך געווענדעט צו זיינע לייט. דאס איז געווען א באפעל, אז מען דארף אויפהערן מאָרדן און מען דארף זיך באווייזן אלס מאכט וואס „היט ארדענונג" און זוכט „גערעכטיקייט".

איך האב באוויזן אנטלויפן אויסער דער שטאט און מיט נאָך פיל יידן פונעם שטעטל זיך אויסבאַהאָלטן אוף אַ סטויג היי אין פעלד, וואָס דער צוגאַנג צו אים איז געווען וואַסער און בלאָטעס ביז דער ברוסט. דער פויער וואס האָט אונדז געבראַכט אַהין, פלעגט אונדז ברענגען ברויט, מילך און אנדערע פראדוקטן, פאר וועלכע מיר האבן גאנץ גוט באצאלט. לויט די ידיעות וואס דער פויער האט אונדז געבראכט — קערן יידן זיך שוין צוריק אין שטעטל, ווייל באַטקאָ באַלעכאָוועץ האָט באַפוילן קיינעם נישט טשעפּען און ווו עמיצער פון זיינע מענטשן וועלן זען אַ יידן, דאַרפן זיי אים אָפפירן אין שטעטל אריין.

ווי באוווסט, זענען די באלעכאָווצעס געווען אויס־געשפּראָכענע קעגנער פון דער סאָוויעטישער מאכט, און זיי האבן געקעמפט אזוי־זאגנדיק פאר דער פויילישער זייט, נישט קוקנדיק דערויף, וואס לויט זייער נאַציאָנאַליטעט, זענען זיי באַשטאַנען אממיינסטן פון ווייסרוסן און אוקראַינער.

אין שטעטל האבן זיך באוויזן פּאָליאַקן, די וועלכע האבן זיך געגרייט איבערנעמען די מאַכט. אזוי ארום איז אין שטעטל ביי אונדז געווען אַ קאָמענדאנטור פון די באַלעכאָווצעס און אויך אַ קאָמענדאנטור פון די פּאָליאַקן.

די פּאָליאַקן האבן פארטיידיקט די רויב־טאָטן און מאָרדן וואס די באלעכאָווצעס האבן אויסגעפירט, טענה׳דיק, אז דאס איז דערפאר, ווייל מיט דריי מאָנאַטן צוריק האבן יידן פון דעם שטעטל געשאסן אויף זיי און דערפאר האבן זיי זיך נוקם געווען אין די יידן. מען דארף שטעלן צום געריכט די יידן וועלכע האבן באשאסן. אן אויסגעשפראכענע אנטיסעמיטישע „טענה"...

נאָך אַ וואָך פון אויסבאהאלטן זיך, בין איך אראָפּ פונעם סטויג היי, גייענדיק אויף פעלדער ווו פויערטעס האָבן אויסגעגראָבן קאַרטאָפל און מיט קוישלעך אנגעפילט די פויערישע גר׳יסע זעק. איך שטיי מיר אַזוי און קוק זיך צו גלייכגילטיק צו זייער ארבעט, פרעגנדיק איינצלהייטן פון שטעטל. פלוצים באוויזן זיך 2 רייטערס און זעענדיק אז איך בין נישט קיין פויער, האבן זיי מיך געפרעגט פון וואַנען איך בין, און וווהין איך גיי. איך האָב זיי גע־ענטפערט. איצט וועס׳טו גיין מיט אונדז, האָבן זיי געזאָגט, ווייזנדיק די ריכטונג אין שטעטל אריין. איך בין מיט־געגאנגען, אין געטראכט גלייכצייטיק ווו צו אנטלויפן, עס איז אבער נישט געווען קיין געלעגנהייט, בפרט ווען ביים דערנענטערן זיך צום שטעטל, האָבן אייניקע פויערים אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף מיר, זאָגנדיק אויף א קול: — דאס איז דאך דער ייד וואָס האט געשאסן אויף די באַלעכאָווצעס...

יידן וועלכע האבן געמיינט אז איך בין אַנטלאָפן מיט

די באַלשעוויקעס אדער, חלילה, געהרגעט געוואָרן, האבן אומשולדיק איבערגעגעבן, אז דער גאנצער ארגאניזירער בין איך געווען, ווילנדיק אזויארום פאַרלייכטערן די שטראָף אויפן שטעטל.

מיט גרויס „פּאַראַד" האט מען מיך אריינגעפירט צו דער קאָמענדאַנטור פון די באַלעכאָווצעס. קלעפּ האָבן זיי מיר געשענקט מיט א ברייטער האנט. נאך וואס דארפן מיר זיך האַלטן מיט אים לאַנג? — האָבן זיך אייניקע פון דער קאָמענדאַנטור אַרויסגעזאָגט. מען דאַרף אים שענקען אַ קויל און פּאַרטיק.

אַ פאָרשטייער פון דער פוילישער קאָמענדאנטור איז געקומען און געפאדערט אז מען זאל מיך איבערגעבן אין זייערע הענט, ווייל עס איז דאך א מאכט און מען דאָרף מאכן אן עפנטלעכן משפט, אז אלע יידן זאָלן וויסן. די באַלעכאָווצעס זענען מסכים געווען.

מען האט מיך „מקבל־פנים" געווען אין דער פוילישער קאָמענדאַנטור. פאַרן אָפפירן אין אַרעסט, האָט מען מיך באַפאַלן מיט קללות און קלעפּ, וואָס יעדער איינער פון דער אזוי־גערופענער אָנפירערשאפט האט געפונען פאר נויטיק מיר „צו שענקען". דאס איז געווען נישט מער ווי אַ „פאָרשפּייזע", קעגנאיבער דעם וואָס איך האָב אויף צומארגנס באַקומען.

דער אַרעסט איז באשטאנען פון א פריוואטן צימער אין אַ יידיש הויז, וואָס איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן אַז מען זאל פון דארט נישט אנטלויפן. אין דעם צימער האבן זיך געפונען בערך 50 ארעסטירטע. פארשידענע זענען דארטן געווען: פּאָליאַקן, רוסן, אוקראינער און איך. דאָס זענען געווען צומיינסט באשולדיקטע אלס פּאליטישע קעגנער און א טייל פון זיי — סתם פארברעכער.

דער אָוונט איז צוגעפאַלן און פון דרויסן האָט מען בלויז געהערט די טריט פון דער וואַך, וועלכע האָט געהיט די ארעסטירטע. פלוצים האָט זיך באַוויזן אין צימער איינער פון דער סאַמאָאבראָנע — א ייד וועלכער האָט צוזאמען מיט מיר געקעמפט. וויארום האָט ער זיך אריינבאקומען? דאָס איז פאר מיר פארבליבן א רעטעניש. מעגלעך, אז ער האָט איבערגעקויפט די שומרים. מעגלעך... איך האָב פשוט נישט פארשטאנען. איך האָב אים נישט געפרעגט און ער האָט אויך נישט געפונען פאר נויטיק מיר דערציילן. איך האָב בלויז אויסגעהערט די סיבה פון זיין קומען.

— הער זיך איין אביש, האָט ער אָנגעהויבן. מיר האָבן זיך פאראינטערעסירט מיט דיין לאגע און מיר זענען געקומען צום אויספיר, אז איין וועג איז דיר פאַרבליבן כדי צו בלייבן לעבן — אנטלויפן. ווי־אזוי צו אנטלויפן, האָבן מיר שוין געזאָרגט. דו דאַרפסט באַלד אריינגיין אין צווייטן צימער און פון דאָרט ארויסשפרינגען דורכן פענצטער. 400 מעטער אויפן וועג צו די „דאָלניקעס" (א געגנט) וואַרט שוין אויף דיר א פערד און וואָגן, דו וועסט זיך דורכבאַקומען דורך דער פראָנט־ליניע און אריבערגיין צו דער סאָוויעטישער זייט, און אזויארום וועסטו אויסמיידן דעם טויט־אורטייל וואָס מען וועט זיכער אויף דיר ארויסטראָגן.

איך האָב געענטפערט מיט א קאטעגאָרישן „ניין""! איך האָב יאָ געוואָלט אז א משפט זאל זיין, כדי צו באווייזן אז איך בין נישט שולדיק, אז דאָס איז בלויז א בלבול וואָס עמעץ איז אין דעם פאראינטערעסירט.

דער ייד האָט מיך פארלאזן, פרעגנדיק מיר אייניקע מאל — „און פונדעסטוועגן"? די נאכט איז פארביי און פאר מיר האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאָג פון אכזריותדיקער פייניקונג. מען האָט געפאָדערט פון מיר, אז איך זאָל אונטערשרייבן זייער באשולדיקונג, וועלכע זיי האָבן אנגע־שריבן אז איך האָב באַשאָסן דאָס פוילישע מיליטער, און אלס רעזולטאַט פון דעם זענען דערהרגעט געוואָרן (צוליב מיר) 120 קאמין־קאשירסקער איינוווינער.

איך האָב זיך קעגנגעשטעלט, טענהנדיק, אז דאָס וואָס זיי האָבן געשריבן, איז נישט ריכטיק. איך האַב געשאָסן, ווייל מיר האָבן זיך געמוזט פארטיידיקן פון די אָנפאלנדיקע באַלעכאָווצעס. איינער פון די אויספארשער האָט געפסק'נט; 25 שמיץ! מען האָט געציילט און געשלאָגן.

— „איך האָב אַ טעות געהאַט אין ציילן" — האָט זיך איינער פון זיי אָנגערופן. — „צייל און שלאָג פון דאָסניי" — איך האָב געפילט, אז מיין גאַנצער קערפער ברענט, אז יעדער אבר איז צעקלאפּט, אז איך וועל אזוי לאנג נישט אויסהאלטן, אז זיי וועלן מיט מיר ענדיקן פארן משפט.

מעגלעך, אז איך וועל קאָנען באַווייזן פאר די שופטים די סימנים: דער צעקלאפּטער קערפער. מעגלעך, אז דאָס וועט זיין א באווייז, אז נאָר אונטערן דרוק פון פייניקונג, האָב איך געמוזט זיך אונטערשרייבן... האָב איך געהערט שטימען אין מיין הארץ.

— איך שרייב אונטער — האָב איך געשעפּטשעט. אויך רעדן האָב איך שוין נישט געקאנט. איך האָב אונטער־געשריבן.

געשמידט אין קייטן האָט מען מיך אָפּגעפירט קיין קאָוועל, ווייל דאָרטן האָט מען מיך געזאָלט משפט'ן. ביז קאָוועל האָט מען מיך נאָך אלץ געשלאָגן. אין קאָוועל האָט מען מיך אָפּגעהאלטן צוויי טעג מיט נאָך פארשידענע פארברעכער, און נאכער באשלאָסן אָפּצושיקן קיין כעלם צום קריגס־געריכט... מיין פרוי חיה האָט נאכגעפאָלגט די

גאַנצע צייט אַלץ וואָס ס׳געשעט מיט מיר און זי איז געקומען צו פאָרן קיין כעלם. אין כעלם איז זי נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זי האָט זיך פאַרבונדן מיט אַלע וואָס האָבן איר געקענט, איבערגעגעבן אַ געוויסע אינפאָר־מאַציע וועגן מיין צושטאַנד. ס׳זענען געווען ייִדן, וועלכע האָבן אין יענער צייט געאַרבעט אין דער יוסטיץ־אָפּטיילונג און מיט זיי איז מיין פרוי געשטאַנען אין פאַרבינדונג.

די פּראָקראַטור האָט געטאָן אַלץ כדי צו באַווייזן אַז איך בין שולדיק אין פיל פאַרברעכנס. זי האָט געזאַמלט דאָקומענטן און עדות כדי צו ווייזן דער עפנטלעכקייט וואָס פאַרא פאַרברעכער איך בין.

לויט עצות פון גוטע פריינט האָט מיין פרוי זיך געלאָזט פאָרן קיין וואַרשע, כדי באַגעגענען דאָרטן דעם דאַמאָלדיקן באַרימטן אַדוואָקאַט ד״ר נח פּרילוצקי. דאָס פאָרן קיין וואַרשע אין יענע צייטן, ווען טראַנספּאָרטן מיט מיליטער האָבן פאַרנומען אַלע באַנען, איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, דאָך האָט מיין פרוי זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע און זיך געטראָפן מיט פּרילוצקין. נאָכן אויסהערן וואָס מיין פרוי האָט דערציילט, האָט פּרילוצקי איר געראַטן זי זאָל זיך פאַרבינדן מיטן אַדוואָקאַט שנעק פון לעמבערג (אויך אַ ייִד), ווייל אין אַזעלכע משפּטים איז ער מער באַהאַוונט און אים איז אויך בעסער באַקאַנט די לאַגע וואָס האָט געהערשט אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען פאַגראָמירט געוואָרן דורך די באַנדעס. מיין פרוי איז גלייך אָפּגעפאָרן קיין לעמבערג און זיך געטראָפן מיט דעם אַדוואָקאַט שנעק.

דער אַדוואָקאַט האָט גלייך מסכּים געווען איבערצונעמען די פאַרטיידיקונג. אייניקע טעג איידער דער משפּט האָט זיך אָנגעהויבן, איז געקומען אויך ד״ר נח פּרילוצקי.

נאָך פריער פלעגט מען מיך נעמען אויף קרייץ־פאַרהערן און אַלץ איז געוואָרן פּראָטאָקאָלירט, אָבער קיין אויספּרעס־מיטלען האָט מען שוין קעגן מיר נישט געווענדעט.

דער אַדוואָקאַט איז געקומען מיך באַזוכן מיט אַ באַגלייטונג פון טורמע־אויפזייערס. — איך וויל אייך בעטן איין זאַך, האָט זיך צו מיר געווענדעט דער אַדוואָקאַט; איר זאָלט אַלץ דערציילן ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען און וואָס עס איז געשען, קיין וואָרט נישט צוגעבן, בלויז דעם אמת דערציילן. און דאַן בין איך זיכער, אַז מען וועט אייך באַפרייען. איך האָב אויך נישט געמיינט אַנדערש, ווי צו דערציילן בלויז דעם אמת.

דער משפּט האָט זיך אָנגעהויבן.

די באַשולדיקונג איז געווען אַ שווערע: מען האָט מיך באַשולדיקט אין באַשיסן די פּוילישע אַרמיי, מען האָט מיך באַשולדיקט, אַז צוליב מיר זענען אויסגעהאַרגעט געוואָרן 120 איינוווינער. מען האָט מיר אויך באַשולדיקט אין... קאָמוניזם.

דער פּראָקוראָר האָט אויפגעוויזן, אַז איך האָב געדינט אין דער רוסישער אַרמיי און נאָכער איבערגעגאַנגען צו דער רויטער אַרמיי. מיין פאַרבלייבן נאָכער אויסער דער אַרמיי איז ספּעציעל געווען אָרגאַניזירט, כדי איך זאָל גרינדן און אָרגאַניזירן באַוואָפנטע גרופּעס, און זיך קעגנ־שטעלן און באַשיסן פּוילישע זעלנער, אַזוי ווי עס האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן...

דער אַדוואָקאַט האָט גענומען דאָס וואָרט:

— ס׳איז לעכערלעך צו באַשולדיקן אַ מענטשן אין זאַכן וואָס זענען פון אים ווייט; ערשטנס האָט ער געדינט אין דער רוסישער אַרמיי נישט אַלס פרייוויליקער, ווייל נאָך אַ סאַך ייִדן און נישט ייִדן האָבן געדינט בלויז דערפאַר ווייל מען האָט זיי געצוווּנגען. ער איז נאָכער אַריינגעפאַלן אין דער רויטער אַרמיי, ווייל די מאַכט האָט זיך דאַן געביטן, און טאַקע ביי דער ערשטער געלעגנהייט איז ער אַנטלאָפן צוריק צו זיך אַ היים. קיינמאָל האָט ה׳ קלאָרמאַן נישט באַשאָסן קיין פּוילישע זעלנער. ער האָט טאַקע אָרגאַניזירט אַ זעלבסט־שוץ, און דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון די רויבער־באַנדעס, וועלכע פלעגן באַפאַלן ייִדן אין שטעט און שטעטלעך. פאַקטן: די באַלעכאָוויצעס־באַנדעס האָבן דער־מאָרדעט אייניקע פאַמיליעס אין דער אַרומיקער געגנט איידער זיי זענען געקומען קיין קאַמין, און אין די ערטער האָט קיין זעלבסט־שוץ נישט עקזיסטירט.

די ערשטע נאַכט נאָכדעם ווי די באַלעכאָוויצעס זענען אַריינגעקומען קיין קאַמין־קאַשירסק, האָבן זיי באַוויזן דער־מאָרדן אייניקע אידן, נאָך איידער זיי האָבן געהערט אַ שאָס פון דער ייִדישער זייט. צי האָט מען זיך נישט געטאָרט שיצן, ווען מען זעט ווי די באַנדעס פאַרגוואַלטיקן פרויען? און ווי דער ה׳ קלאָרמאַן האָט איצט איבערגעגעבן — אויך פרויען קרובים זיינע.

— זאָל עמיצער פון די געערטע שופטים זיך אַרויסזאָגן, צי האָט מען געקענט האַנדלען אַנדערש ווי ס׳האָט געהאַנדלט דער ה׳ קלאָרמאַן?

דער פּראָקוראָר האָט זיך פאַרופן אויף עדות וועלכע וועלן באַווייזן, אַז זיין באַשולדיקונג איז אַ ריכטיקע. דער פאַרטיידיקער האָט זיך אויך פאַרופן אויף עדות, וועלכע וועלן באַווייזן מיין אומשולד. די עדות זענען געקומען. ס׳איז געקומען דער קשאָנדז (גלח) פון קאַמין־קאַשירסקי און די מוטער פון דער פאַמיליע זשמינקאָווסקי, וועלכע זענען אַ דאַנק אונדזער סאַמע־אָבראָנע אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן

טויט, אויך דער פּראַוואָסלאַוונער גלח פון שטעטל איז געקומען.

די מוטער פון דער פאַמיליע זמינקאָווסקי האָט טאַקע עדות געזאָגט, אַז זי האָט מיך געזען לויפן מיט געווער און אויך שיסן, אָבער נישט אויף פּאַליאַקן. זי האָט מיט טרערן אין די אויגן, וויינענדיק זיך געווענדעט צו די שופטים אין געזאָגט: — ווען נישט די סאַמע־אָבראָנע וואָלט איך מיט מיין גאַנצער משפחה שוין פון לאַנג נישט עקזיסטירט. און דאָס טאַקע זאָג איך אַלס גלויביקע פּאָליאַטשקע. דער קשאָנדז האָט אויך דערציילט דאָסזעלבע און באַוויזן, אַז ס'איז לעכערלעך צו באַשולדיקן דעם ה' קלאָרמאַן אין שיסן אויף פּאַליאַקן, אין דער צייט וואָס ער האָט געראַטעוועט פּאַליאַקן. דער גלח האָט איבערגעגעבן, אַז ער קען מיך פון קינדווייז־אָן, אָבער נישט אַלס קאָמוניסט, נאָר אַלס מענטש וואָס האָט זיך קיינמאָל מיט קיין פּאָליטיק נישט פאַרנומען.

דער פּראָקוראָר האָט פונדעסטוועגן נישט געוואָלט נאָכגעבן. נאָך אַ לענגערער בעראַטונג פון די שופטים, איז באַשלאָסן געוואָרן איבערפירן דעם משפט קיין קאָוועל, אין פעלד־געריכט (סאַנד־פּאָלאָווי).

צו דעם האָט טאַקע מיין פאַרטיידיקער געצילט, ווייל דער דאָזיקער האָט געקענט באַפרייען אין גאַנצן, אָדער פאַרמשפטן צום טויט. און אַזוי ווי אַלע פריינט זענען געווען זיכער אין מיין גערעכטיקייט — האָט זיך נישט געלוינט ריזיקירן געמשפט צו ווערן דורכן „סאָנד־דראַזשני".

דער פּראָקוראָר האָט מיר באַשולדיקט אויך אין אָרגאַניזירן אַ קאָלעקטיווע קיך, ווילנדיק מיט דעם באַווייזן, אַז מיין ציל איז געווען צוגעווינען און אַפילו נויטן מענטשן צו קאָמוניסטישע מעטאָדן.

דאָס געריכטס־הויז איז געווען איבערפולט — בעיקר דורך יידן. פאַר דעם אַדוואָקאַט'ס אויפטרעטן האָט נאָך די מוטער פון די זמינקאָווסקי זיך געשטעלט אויף די קני, אין צלמנדיק זיך געבעטן די שופטים מען זאָל מיך באַפרייען, ווייל פאַראורטיילנדיק מיך וועלן זיי טאָן דאָס גרעסטע פאַרברעכן קעגנאיבער אַ פּוילישער פאַמיליע, וואָס איז אַ דאַנק דער יידישער זעלבסט־שוץ אָפּגעראַטעוועט געוואָרן — און דאָ האָט זי אָנגעוויזן אויף מיר.

— געערטע ריכטער — האָט אָנגעהויבן דער אַדוואָקאַט. דאָ שטייט פאַר אייך אַ מענטש, וואָס איר דאַרפט אויף אים אַרויסטראָגן אייער אורטייל. דער ה' קלאָרמאַן איז אַ קרבן פון פינצטערע עלעמענטן וואָס זייער ציל איז באַשולדיקן אים בלויז דערפאַר ווייל ער איז... אַ ייד. אַלס אַ ייד האָט ער געהאַט דאָס רעכט צו פאַרטיידיקן יידן, אָבער נישט באַשולדיקט ווערן דורך איינעם פון די עדות בלויז דערפאַר, וואָס זיין פרוי האָט זיך געוועהרט ווען זי איז געקומען צו אים בעטן אַז מען זאָל איר מאַן באַפרייען.

אַ טויט שטילקייט האָט געהערשט אין זאַל.

— עס בויט זיך אַ ניי פּוילן — האָט ער פאָרגעזעצט. פּוילן פון געזעץ און גערעכטיקייט, און לאָמיר גלויבן, אַז דאָס וועלן מיר היינט אויך הערן פון אייך, געערטע ריכטער, און זאָל דאָס פאָלק וויסן אַז דער געזעץ איז פאַר אַלעמען גלייך.

— איך פאָדער, אַז דער ה' קלאָרמאַן זאָל באַפרייט ווערן אין גאַנצן, אַנדערש... וועט דער משפט זיך איבערציען קיין פראַנקרייך, און אויב עס וועט זיך פאָדערן פון דאָרטן קיין לאָנדאָן און אויך ווייטער, אויב מען וועט דאַרפן, דאָס הייסט קיין וואַשינגטאָן. איך גלויב, אַז דאָס וועט נישט געשען, איך גלויב נישט אַז אין ניי־אויפגעשטאַנענעם פּוילן וועט די גערעכטיקייט ברוטאַל געטראָטן ווערן...

דאָ האָט דער אַדוואָקאַט פּלוצלונג אויפגעהערט, ווייל ער איז געפאַלן חלשות. ס'איז געוואָרן אַ גערודער, אַ דאָקטאָר האָט תיכף געגעבן דעם געחלשטן ערשטע הילף. ווען דער אַדוואָקאַט איז אין גאַנצן געקומען צו זיך, האָט דער פאָרזיצער פונעם געריכט אים פאַרגעלייגט צו ריידן ווייטער.

איך האָב געענדיקט, האָט דער אַדוואָקאַט אַ זאָג געטאָן. איר קענט איבערגעבן דאָס וואָרט דעם פּראָקוואָר.

דער פּראָקוראָר האָט זיך געבראָכן. — ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון נעמען דאָס וואָרט.

אַ האַלבע שעה איבעררייס ביז צום אורטייל.

איך האָב געפילט און פאַרשטאַנען, אַז איך וועל אין אַ האַלבע שעה אַרום באַפרייט ווערן. דאָס איז געווען 14 וואָכן נאָך מיין אַרעסטירט־ווערן אין קאַמין־קאָשירסקי. מען האָט מיר אויך דערלויבט זיך זען מיט מיין פרוי. איך בין זיכער אין מיין באַפרייאונג האָב איך זיך צו איר אָנגערופן. איך אויך — האָט זי מיר געענטפערט.

אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט לויטן רוף פונעם אָרדנער, ווען די ריכטער זענען אַריינגעגאַנגען כדי אַרויסצוטראָגן זייער פסק־דין.

דער פאָרזיצער פון געריכט האָט אַרויסגעלייענט:

— דער ה' קלאָרמאַן איז אומשולדיק און ווערט אין גאַנצן באַפרייט. מיר שטרייכן אונטער, אַז עס קומט אים אַ פאַרגיטיקונג פאַר זיינע אומזיסטע ליידן וואָס מען האָט אים געפייניקט, שטיצנדיק זיך אויך אויפן עדות־זאָגן פונם דאָקטאָר, וועלכער האָט אים אונטערזוכט.

אַפּלאָדיסמענטן, אויסגעשרייען: זאָל לעבן פּוילן! זאָל לעבן די גערעכטיקייט! דאָס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען

אויסגעשרייען פון יידן, איז דאָך מיין באפרייונג געווען אן אלגעמיין יידישער נצחון.



בערך א יאָר צייט האָבן מיר זיך געפונען אין קאָוועל (איך און מיין פרוי), נאכער האָבן מיר באשלאָסן צוריק־צופאָרן אין אונדזער שטעטל אריין, ווו עס האָט זיך געפונען אונדזער גאַנצע פאַמיליע.

אין א געוויסן טאָג האָב איך זיך געווענדעט צום סטאַראָסטע פון שטעטל, שטיצנדיק זיך אויפן פסק־דין פון געריכט אז... עס קומט מיר א פארגיטיקונג פאר מיינע ליידן. ריכטיק, האָט דער סטאַראָסטע געענטפערט. און אין אַ קורצער צייט ארום האָב איך באקומען די קאָנצעסיע אויפן פארקויף פון זאַלץ אין קאַמין־קאשירסקער ראַיאָן.

מאטעריעל איז דאָס געווען א גרויסע דערגרייכונג. זאלץ ברויכט מען דאָך שטענדיק, בפרט אז אין יענע צייטן האָט נאָך אלץ געהערשט א מאנגל אין זאלץ.

די פוילישע מאכט האָט תיכף נאָך דער מלחמה אָרגאני־זירט אַן אדמיניסטראַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון איר בעסטער אינטעליגענץ, צווישן זיי אויך פיל יידן. כדי צו נאָרמאליזירן די לאגע און צו אנטוויקלען דאָס לאנד, האָט זי דאַן קיין אונטערשייד נישט געמאַכט צווישן קריסטן און יידן. יידן האָבן זיך טאקע דערפאר גענומען ענערגיש צו דער ארבעט. א דאנק דער טאָלעראנטער באציונג פון דער פוילישער מאכט האָט זיך באזונדערס אנטוויקלט די אינדוסטריע.

אויך אונדזער שטעטל קאַמין־קאָשירסקי איז אין דער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם, הגם אין געוויסע הינזיכטן איז עס יא געווען אן אויסנאם. אלע פאכן האבן זיך געפונען אין יידישע הענט. האָט עמיצער געוואָלט אויפשטעלן א גוט הויז, האָט ער זיך געווענדעט צו אַ יידישן טעסלער (בויער), דאָסגלייכן מולער, סטאָלער, רימער, קאָוואל (שמיד), א.א.וו.

אין עק שטעטל איז געווען אַ גאַס, וועלכע האָט זיך געגרענעצט מיט דער קריסטלעכער געגנט, גערופן האָט מען איר די קאָוואלעס גאַס. די קאָוואלעס זענען אלע געווען יידן. פויערים פלעגן מיט רעספעקט און אָפּשאצונג שטיין און קוקן ווי די יידישע קאָוואלעס קלאפן מיט שווערע האמערס אויף דער קאָוואדלע דאָס אָנגעגליטע אייזן, און פאָרמירן דאָס ווי זיי באדארפן. „דיעלא מייסטערא באיטסא" — פלעגט נישט איינער פון זיי ארויסזאָגן הויך זיין געדאנק.

די סביבה איז באשטאנען פון פיל דערפער מיט אָפּגעשטאַנענע פויערים. איין מאָל אַ וואָך — דינסטיק פלעגט פאָרקומען דער יאריד־טאָג. דאַן פלעגט מען קומען פון די דערפער דורך זאמדיקע וועגן, וועלכע האָבן זיך געשניטן צווישן פעלדער און וועלדער, וועגענער פול מיט תבואה, איינגעשפאנט אין פערד אָדער בהמות־אָקסן, וואָס פיל פון די פויערים פלעגן זיך נאָך באַנוצן מיט זיי צום פאָרן. צו אנדערע וועגנער פלעגן זיין צוגעבונדן בהמות אָדער אָקסן צום פארקויפן, א געבונדן קעלבל אויפן וואָגן, א חזיר וועלכער פלעגט קרעכצן פון פעטקייט, אָדער קליינע חזירימ'־לעך אין אַ זאַק, וועלכע פלעגן קוויטשען... עופות מיט געבונדענע פיסלעך און אַ קאָשיקל מיט אייער, יעדע שיכט איבערגעשאטן מיט שעטשקע. ווינטער פלעגן די פויערים אויף שליטנס ברענגען צום פארקויפן געהאקט האָלץ, אָדער גאנצע קלעצער א.א.וו.

דער פאָליציאַנט, וועלכער פלעגט אויפפאַסן אויף דער אָרדנונג, פלעגט פאָרלייגן די פויערים אויסצושטעלן אין גלייכע רייען די פערד און וועגן, מיט צוגעבונדענע האָלאָבלעס אין דער הויך (להבדיל ווי כהנים אין שול), כדי מען זאל קענען וואָס מער אויסשטעלן, און לאָזן אויך אביסל פלאץ אויף אדורכצוגיין פון איין רייע פערד און וועגן צו דער צווייטער.

יידענעס פלעגן ארומגיין אין מארק איינצוקויפן „מציאות". מען האָט געקענט באמערקן ווי א יידענע האלט א האָן און צעבלאזט פון הינטן די פעדערן כדי צו באטראכטן צי ער איז טאַקע געלבלעך — פעט, אָדער בלוי ווי אן אינדיק, דאס הייסט מאָגער. מען פלעגט דעם האָן וועגן מיט דער האנט, שאָקלען אראָפּ און ארויף כדי אפצושאצן זיין וואָג, געקויפט דעם האָן — און באצאָלט... די פוי־ערטע פלעגט פארבינדן דאָס געלט אין א עק פונם טיכל און דאָס פארשטופן אין בוזעם, עס זאל חלילה נישט פארלוירן גיין.

די קצבים פלעגן זיך דינגען מיט די פויערים וועגן פרייז, קלאפנדיק איינער דעם צווייטן אין האנט. איינער פלעגט צוגעבן א פאָר זלאטעס, דער צווייטער פלעגט אראָפּלאזן, ביז מען איז אויסגעקומען מיטן פרייז.

דער פאָליציאנט פלעגט ארומגיין ווי א „קיסר", און זען אז די שורות מיט די וועגענער זאָלן זיין גלייך, טאקע אזוי ווי ער האָט עס פריער „פלאנירט". ער פלעגט אויך פארזוכן אַ באר, אן עפּעל פון דער פור, און פארשטייט זיך אז קיינער פלעגט אים נישט וואַגן אויפמערקזאַם מאַכן אַז ער נעמט און צאלט נישט, א קלייניקייט, ער איז דאָך... א פאָליציאנט!

דער מארק איז געווען גרויס און ארום אים געשעפטן, כמעט אלע יידישע און ארום — א ים מיט פויערים.

יצחק אייזנבערג, א ייד מיט א לאנגער געלבלעכער באָרד, פלעגט ארויסגיין פון געשעפט און נעמען קלאַפּן מיט א קאָסע אויף א שטיין, אז פויערים זאָלן הערן אז עס זענען דא קאָסעס צו פארקויפן. די פּויערים פלעגן זיך צוהערן צום קלאַנג פון דער קאָסע, און דאַן אליין זי אויסגעפּרווט און באטראכט.

יוסף קרוין און די מחופּוציעס (א צונאָמען) פלעגן זיך צעלייגן מיט זייערע פעלצן צום פארקויפן; פעלצן פון שעפּ־סענעס פעל, אויסגעארבעט אויף ברוינע און רויטלעכע קאָלירן מיט ווייסע און שוואַרצע האָר, מיט קלענערע און גרעסערע קעלנער, וואָס דורך דעם פלעגט אָפּגעשאצט ווערן זייער קוואליטעט און פּרייז.

א אָנגעקומענער ייד פון א צווייטער שטאָט פלעגט זיך באווייזן פּלוצים אין מיטן מארק, און שטייענדיק אויף א טישל אָדער קעסטל, האָט ער געשריען „אלץ אומזיסט”, ווארפנדיק שפּילקעס, קעמעלעך, שפּיגעלעך און נאָך אזעלכע „אנטיקן” אין דער לופט, אז פויערים זאָלן כאַפּן... די שקצים פלעגן זיך קייקלען אויפן זאמד, שפּרינגען אין דער הויך, כדי צו כאפּן דעם „אוצר” וואָס דער „שרייער” פלעג ווארפן. ווען א גרויסע צאָל פויערים פלעגט אים ארומרינגלען קוקנדיק אויפן ווונדער פון צעטיילן „פארמעגן” אָן געלט, פלעג דער „שרייער” באווייזן, וואָס קאָן מען פאר איין זלאָטע ביי אים קויפן. און פויערים פלעגן קויפן.

אַלע יידישע געשעפטן זענען געווען פיל מיט פויערים, און יידן פלעגן כאַפּן א בליק אויף די וועלכע זענען געווען פארדעכטיקט אַז זיי זאָלן עפּעס נישט צולקחנען... ארעמע יידענעס פלעגן פארקויפן אויפן מארק בילקעלעך, און עס פלעגט אויך טרעפן אז א פויער פלעגט אמאָל נישט קענען באהערשן זיין יצר־הרע און „צולקחנ׳ען” א בולקעלע. עס פלעגט ווערן א געשריי ווען מען האָט באמערקט, אז מען האָט עפּעס צוגעגנבעט, און אונדזער באַקאַנטער פּאָליציאַנט פלעגט אַמאָל אַזאַ גנב אָפּפירן אין „פּאָסטערונעק” און דאָרט



דער מאַרק אין קאַמין־קאַשירסקי

אים מכבד זיין מיט קלעפּ, שטראָפנדיק אים: — וואָס? דווקא ווייסע בולקעלעך האָט זיך דיר פארגלוסט?

עס פלעגט אויך טרעפן, אז דער פּאָליציאנט פלעגט קומען נאָך אַלעמען, ווייל ביז דאַן פלעגן די יידן אַליין זיך שוין „אפּרעכענען” מיטן גנב, אָדער דעם שיכור, וואָס פלעגט אָנהויבן מאַכן אַן אַוואַנטורע. ס׳זענען געווען יינגען: גאבעלע, נאָטע און נאָך אייניקע, וועלכע האָבן געקענט געבן קלעפּ, אז דער פויער זאָל שוין פאַרזאָגן זיינע קינד׳ס־קינדער, אז אין קאַמין לוינט נישט צו גנב׳ענען.

די קאמין־קאשירסקער יידן פלעגן האנדלען און ארבעטן, און פאָרן אין דערפער דורך בלאָטיקע און זאמדיקע וועלדער־וועגן, כדי דאָרט צו קויפן. אין די ארומיקע דערפער האָבן זיך געפונען אויך געציילטע יידישע פאמיליעס, וועלכע פלעגן באַרבעטן דעם באָדן און אַ טייל פון זיי האָט געהאלטן אַ קרעמל און געהאנדלט.

עס פלעגט טרעפן, אז באַנדיטן פלעגן אונטערוועגנס בארויבן א ייד, צונעמען זיין געלט און סחורה. דאָס רויבן האָט דאַן נישט געטראָגן קיין אנטיסעמיטישן כאראקטער, דאָס איז געווען איינפאכער רויב. און יידן פלעגן ווייטער פאָרן און האנדלען.

מען האָט געבויט הייזער, פארגרעסערט אונטערנעמונגען און אויך עקספּאָרטירט קיין אויסלאנד.

## געפאר פון א פאגראם אין שטעטל

אין די יאָרן 38—1937 האָט מען זיך שוין געקענט אָנשטויסן אויף פארשידענע ידיעות אין די יידישע צייטונגען: יידן זענען געשלאָגן געוואָרן אין א שטאָטישן גאָרטן, מען האָט געריסן אַן אלטן יידן פאר דער באָרד, ענדעקעס האָבן פארשמירט מיט סמאָלע יידישע געשעפטן. שפּעטער — לאָזונגען וועלכע פלעגן ווערן אויפגעשריבן ביינאכט קאָנס־פּיראטיוו, ווי „יידן קיין פּאַלעסטינא!” „באָיקאָטירט יידישע געשעפטן” א.א.וו.

פון דער „הויך” זענען געקומען אָנווייזונגען מען זאָל באשרענקען דעם יידישן האנדל. אין די דערפער האָט מען אנגעהויבן אָרגאניזירן קאָאָפּעראַטיוון, זיי זאָלן קויפן און פארקויפן צו די פויערים. דאָס אלץ האָט זיך אָפּגערופן אויפן יידישן האנדל. די יידן אין די דערפער האָבן געליטן פון דעם, און אויך אין שטאָט. פונדעסטוועגן פלעגט נאָך די גרעסטע צאָל פויערים קויפן אלץ ביי יידן, ווייל ביי יידן האָט מען באקומען מער און ביליקער.

אויף מיר האָט מען אויסגעאיבט אַ דרוק, אז איך זאָל פרייוויליק איבערגעבן דער פוילישער קאָאָפּעראַציע די קאָנצעסיע פון זאלץ וואָס איך האָב באקומען זיינער צייט.

איך האָב געוווּסט אז ס'איז אן אומגערעכטיקייט, אָבער איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אז די מאַכט וועט אַלץ טאָן כּדי דאָס צונעמען פון מיר. האָב איך די זאַלץ־קאָנצעסיע אָפּגעגעבן „פרייוויליק״.

די יידן ביי אונדז אין שטעטל איז נישט געווען לייכט עקאָנאָמיש צו דערשטיקן, ווייל די קאָאָפּעראַטיוון „פון די דערפער פלעגן נישט איינמאָל פאַרקויפן אונדז איידער דעם „ראָלניק״ (צענטראַל־קאָאָפּעראַטיוו). אויך דער צענטראַל־קאָאָפּעראַטיוו פלעגט מיר פאַרקויפן. ווייל עס האָט זיך אויך זיי געלוינט בעסער. מען האָט אָבער געפילט, אַז עפּעס פּלאָנט זיך קעגן אונדז. אָט האָט מען גענומען מעסטן דעם מאַרק־פּלאַץ, און אין א קורצער צייט האָט מען אויך גענומען בויען אַ „דאָם־לודאָווי״ (אַ פאָלקס־הויז).

דעם מאַרק, הייסט עס, זאָל מען איבערפירן אויסער דער שטאָט. דאָרטן וועט מען קויפן און פאַרקויפן, דאָרט וועלן אויפגעשטעלט ווערן געשעפטן, כּדי די שטאָט זאָל באַקומען א מער „קולטורעלן״ אויסזען, אז די בעלי־בתּים פון די נייע געשעפטן זאָלן נישט זיין יידן.

דער נייער סטאַראָסטע פון אונזער שטעטל האָט זיך ענערגיש גענומען צו אונדז, כּדי די יידן זאָלן פילן אַז זיי זענען... יידן. זאָלן אויך די קאַמין־קאַשירסקער יידן אָנהויבן „מער קלערן״ וועגן פּאַלעסטינע...

איך האָב דאַן געוווינט אין קאָוועל, ווייל מיינע קינדער סאָניע און לעמע האָבן זיך געלערנט אין „תּרבות״־גימנאַזיע און די קליינע טאָכטער בוזיע אין דער „תּרבות״ פאָלקס־שולע.

צוויי מאָל אין וואָך פלעג איך זיך אַראָפּכאַפּן קיין קאַמין אין געשעפט אַריין, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך מיין ברודער דוד און נאָך שותּפים. ס'געדענקט זיך דאָס יאָר 1937, שבֿועות צייט. עס קומען אָן אומרויקע ידיעות פון שטעט און שטעטלעך. מען באַיקאָטירט יידישע געשעפטן, עס ווערן פאַרהאַלטן אויך קריסטן דורך ענדעקעס און אפילו געשלאָגן, פאַר דעם וואָס זיי האָבן געקויפט אין אַ יידיש געשעפט. דאָס אַלץ געשעט נישט ביי נאַכט, דאָס ווערט געטאָן אין מיטן העלן טאָג.

מיין שוויגער מלכה גורטנשטיין רופט מיך צום טעלעפאָן. זי קלינגט פון קאַמין־קאַשירסק צו מיר קיין קאָוועל.

די גויע, וועלכע איז ביי איר געווען באַשעפטיקט שוין א לענגערע צייט (אלס דינסט) האָט איר איבערגעגעבן ידיעות, וואָס מען טאָר נישט גלייכגילטיק זיי אויסהערן: זייענדיק זונטיק אין קלויסטער, האָט זי געהערט, אַז מען גרייט זיך היינטיקן דינסטיק, דאָס הייסט איבערמאָרגן אין יריד־טאָג, צו ראַבירן יידישע געשעפטן. זי האָט דאָס געהערט אין קלויסטער ווי א פויער דערציילט דעם צווייטן, צוגעבנדיק, אז די פּאָליציי וועט זיך נישט מישן און נישט שטערן. „עס איז נישט ריכטיק״ — האָב איך געפּרוּווט זאָגן. „איך גלויב יאָ אין דעם״ — האָט מיר די שוויגער געענטפערט, איך קען די גויע, זי וועט מיר נישט זאָגן ליגן. דו דאַרפסט וואָס גיכער אינטערווענירן ביי דער מאַכט, ווייל אין קאַמין איז דער טעלעפאָן צענזורירט.

— „זאָל מיין ברודער דוד און אויך הערשל ווייסמאַן רעדן מיט דער גויע און מיר איבערגעבן די איינצלהייטן, נאָכער וועל איך זען וואָס צו טאָן״ — האָב איך געענטפערט. דעם טעלעפאָן־טרייבל האָב איך אוועקגעלייגט, וויסנדיק, אז איך וועל קיין פרייליכע ידיעות נישט באַקומען פון די צוויי, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט פאַרבינדן מיט מיר. זיי וועלן זיכער אקצעפּטירן דאָס וואָס מיין שוויגער האָט מיר איבערגעגעבן — אזוי האָב איך מיר געטראַכט.

נאָך אַ שעה וואַרטן, האָב איך דערהאַלטן אַ טעלעפאָנישע ידיעה, ריכטיקער, ידיעות: אַלץ וואָס די גויע האָט איבערגעגעבן — איז ריכטיק! נאָכמער, מען האָט באַקומען ידיעות אויך פון אנדערע באַגלויבטע קוועלן, אַז דער אָרגאַניזירער פונם פּלאַנירטן פּאָגראָם איז נישט קיין אנדערער ווי דער סטאַראָסטע בכבודו ובעצמו.

— „אינטערוועניר ווו עס לאָזט זיך און וואָס שנעלער״ — האָבן זיי פאַרענדיקט דעם שמועס.

א דעלעגאַציע פון דער יידישער קהילה מיטן ראש הקהילה משה פערל בראש, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צום קאָוולער סטאַראָסטע.

ס'איז דאַן געווען דער קריסטלעכער „שבֿועות״, פונדעסטוועגן האָט דער קאָוולער סטאַראָסטע מסכּים געווען אונדז אויפצונעמען.

ער איז געווען באַקאַנט אלס ליבעראַלער מענטש און פלעגט אָפט פייערלעך צוזאָגן די קאָוולער יידן, אז אין זיין קרייז וועלן קיין געשעענישן נישט פאָרקומען, כּל זמן ער אַמטירט אין שטאָט אין זיין אמט.

פריער האָט ער נישט געוואָלט גלויבן אין דעם וואָס מען האָט אים דערציילט, אז אין קאַמין־קאַשירסקי, 50 קילאָמעטער פון קאָוועל, גרייט זיך אַ פּאָגראָם אויף יידן אין מאַרק־טאָג וואָס וועט פאָרקומען דינסטיק. דאָך איז אונדז געלונגען אים איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון די ידיעות. ער האָט אויך פאַרשטאַנען, אז פון קאַמין קאָן דאָס זיך איבערטראָגן קיין קאָוועל, און אין דעם איז ער נישט געווען פאַראינטערעסירט. צוליב דעם קריסטלעכן יום־טובֿ און דערצו זונטיק, איז אים געווען שווער זיך פאַרבינדן מיט וואַרשע, ווייל די ביוראָען זענען געווען

געשלאָסן, דאָך האָט ער זיך יאָ פאַרבונדן מיטן זיכערהייט באַאמטן, און ס'איז אים געלונגען אים איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון די ידיעות, און דער לעצטער האָט זיך גלייך פאַרבונדן מיט דער וואָיעוואָדשאַפט אין בריסק; פון דער וואָיעוואָדשאַפט האָט מען זיך פאַרבונדן מיטן קאַמינער סטאראָסטווע.

איך האָב זיך נאָכהער דערוווסט, אַז דער קאמין־קאַשירסקער סטאראָסטע האָט אָפּגעלייקנט טעלעפאָניש די אַלע כלומרשטע בלבולים, טענה'נדיק, אַז קיין פּאָגראָם וועט נישט פאָרקומען, און אַז ער קאָן אליין באהערשן די לאגע, און דאַרף נישט די צוגאָב־פּאָליצייאישע הילף וואָס מען האָט אים פאַרגעלייגט צו שיקן.

ביי דער באַפעלקערונג — הערשט א שפּאַנונג — האָט ער ממשיך געווען, דאָס איז נאַטירלעך, נאָכדעם וואָס יידן האָבן דערמאָרדעט א פּאָליציאַנט אין בריסק, און אזא שטימונג הערשט אין יעדער שטאָט, ווו יידן געפינען זיך.

מיר האָבן געבעטן דעם קאָוולער סטאראָסטע, אַז ער זאָל אליין זיך פאַרבינדן מיטן קאמינער סטאראסטע, כדי אים איבערצוגעבן וואָס פאַר אַ מצב עס קאָן זיך מאַכן ווען דאָס וועט, חלילה, געשען.

ער האָט אויף דעם נישט מסכים געווען, אויספירנדיק, ערשטנס, אַז נאָך אַזעלכע אינטערווענצן וועט גאָרנישט געשען, און צווייטנס וויל ער נישט אפילו רעדן מיט אזא פּערזאָן וואָס איז פעיק צו אָרגאַניזירן אַזאַ מין פּראָוואָקאַציע.

נישט געקוקט דערויף האָב איך זיך נאָך פאַרבונדן מיטן פאָרזיצער פונעם נאציאָנאַלן יידישן דעפּוטאַטן־קאָמיטעט אין וואַרשע, און מען האָט מיר צוגעזאָגט זיך פאַרבינדן מיטן אינערן־מיניסטעריום און איבערגעבן וועגן דער לאַגע, וועלכע הערשט אין קאַמין־קאַשירסקי.

איך האָב אויך אויסגענוצט מיינע האַנדלס־באַקאַנטשאַפטן און האָב זיך פאַרבונדן מיט דער פירמע „גאַליציאַ" וועלכע פלעגט מיר צושטעלן בענזין, נאַפט און אַנדערע ברען־שטאָפן אויף גאַנץ גרויסע סומען געלט און אין קאָמיסיאָן. איך האָב זיי איבערגעגעבן, אַז זייערע סחורות וועלכע געפינען זיך ביי מיר אין טאַנקערס און אין די מאגאזינען וועלן אַוועק אין פלאַמען, ווייל זיכער וועלן די פּאָגראָמטשיקעס זיי אויפרייסן. כדי דאָס אויסמיידן, זאָלן זיי תיכף זיך ווענדן צום האַנדלס־מיניסטעריום, און דער לעצטער זאָל אַפּעלירן וועגן דעם צום אינערן־מיניסטער. „גאַליציאַ" איז געווען א קריסטלעכע פירמע, אָבער זי האָט געהאַט א גרויסן האַנדלס־קאָנטאַקט מיט יידן. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז דאָס וואָס וועט געשען אין קאַמין קאָן זיך אָפּרופן אויך אויף אַנדערע ערטער און ברענגען פיל שאָדן זייערע פינאַנציעלע אינטערעסן.

נאָך א טאָג ארומלויפן, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך און מיין פרוי חיה פאָרן תיכף קיין קאַמין, כדי לכל הפחות באַרויקן די יידישע געמיטער, איבערגעבן וועגן די אַלע אינטערווענצן און אויך זיין א ביישפּיל פאַר אַנדערע, מען זאָל נישט לויפן. מיר האָבן דערהאַלטן א ידיעה, אַז פיל קאַמינער יידן גרייטן זיך אָפּפאָרן קיין קאָוועל עד יעבור־זעם.

זונטיק אוונט זענען מיר אָנגעקומען קיין קאַמין. אויפן וואָקזאַל האָבן מיר געטראָפן פיל יידן וועלכע האָבן געוואַרט אויף דעם צוג וואָס פאָרט קיין קאָוועל. גאַנצע משפחות מיט קינדער.

נאָכדעם ווי מיר האָבן זיי איבערגעגעבן וועגן אַלעם וואָס מיר האָבן געטאָן, האָבן זיך א טייל אביסל באַרויקט און באַשלאָסן, אַז בלויז די קינדער וועלן זיי אָפּשיקן קיין קאָוועל און אַליין וועלן זיי פאַרבלייבן אין שטעטל. אָבער אויך נאָכדעם ווי אַסך האָבן זיך אומגעקערט זענען פון־דעסטוועגן אַלע וואַגאָנען געווען איבערפולט מיט די וועלכע זענען אַליין געפאָרן, אָדער אָפּגעשיקט זייערע קינדער און פרויען.

„די ערד האָט געברענט אונטער די פיס". א דעלעגאַציע פון דער יידישער קהילה אין קאַמין, בתוכם אויך איך, האָבן מיר זיך געלאָזט מאָנטיק פרי צום סטאראָסטע אַז ער זאָל אונדז אויפנעמען. צוליבן יום־טוב האָט ער אונדז אויפ־גענומען אין זיין פּריוואַטער וווינונג. אונדזער קומען איז אים שוין געווען פאַרשטענדלעך. זיין אויפנאַמע איז באַשטאַנען אין אַ מבול קללות: אַ חוצפּה פון יידן! מיט וואָס פאַראַרעכט האָט איר זיך פאַרבונדן מיט בריסק, קאָוועל און אפילו וואַרשע, אין דער צייט ווען איך היט דאָ די אָרד־נונג! א וועלט אויפרודערן טאָמער עפּעס א ייד וועט כאַפּן אַ קלאַפּ? אָדער מען וועט אַ שויב צעברעכן? דאָס פאָלק איז ממילא בייז אויף אייך!

איך וויל אַז עמיצער פון אייך זאָל זיך אונטערשרייבן, כדי איך זאָל קענען אים באַשטראָפן פאַר אַזעלכע בלבולים.

איך בין מסכים געווען צו זיין דער פאַראַנטוואָרטלעכער לגבי די ריכטיקייט פון די קלאַנגען, אַז עס גרייט זיך א פּאָגראָם אויפן שטעטל, צוגעבנדיק, אַז אויך ער איז פאַראַנטוואָרטלעך, ווייל מיר האָבן גענוגנדיקע באַווייזן, אַז דער ה' סטאראָסטע האָט דאָס אָרגאַניזירט. ער איז אויפגעשפּרונגען; וואָס? האָט ער געשריגן. א שאָד וועט זיין אויב עס וועט נישט געשען... איך דערלויב נישט צו פאַרמאַכן די געשעפטן דינסטיק, האָט ער געדונערט.

אַלע געשעפטן מוזן זיין אָפן, כדי די באַפעלקערונג וואָס קומט אויפן מאַרק־טאָג פון ווייטע שטרעקעס זאָל האָבן וווּ איינצוקויפן. וואָס עס דאַרף זיין, זאָל זיין!

מיט האַרץ־קלאַפעניש האָבן מיר פאַרלאָזט אונדזער „ראש העיר״, וויסנדיק, אַז מיר זענען גערעכט געווען מיט אונזערע אינטערווענצן, און אַז מיר האָבן געטאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך, כדי דאָס זאָל נישט געשען.

א טאָג ווי אַלע טעג... דינסטיק. אין דרויסן שאַ־שטיל. עס זענען נאָך די פריע שעה׳ן פונעם פרימאָרגן. יידן גרייטן זיך נישט צום יריד־טאָג ווי שטענדיק. מען לאָזט נישט די קינדער גיין אין שולע. ווער עס כאַפּט אַריין א שחרית אין שול און ווער אין דער חיים, און דאָס שנעל. נאָך וואָס שנעל? אויסריידן א וואָרט מיט א שכן, דאָס מאַכט אַמאָל לייכטער אויף דער נשמה.

עס באַווייזן זיך די ערשטע פורן און פוסגייער וועלכע קומען אָן פון די דערפער, אָבער... די פורן זענען ליידיק. און אויך די פויערים טראָגן זיך אַרום מיט ליידיקע זעק. היינט איז א „יריד״ נישט צו פאַרקויפן און קויפן, נאָר צו רויבן ביי יידן. ראַבעווען? „חלילה״, דאָס איז דאָך מיט אַ „הכשר״ פון סטאַראָסטע...

די סאָלטיסן פון די דערפער האָבן נאָך פריער באַקומען געציילטע אינסטרוקציעס פון דער קאַמין־קאַשירסקער גמינע, ווי־אַזוי מען דאַרף די פויערים אינסטרוקטירן. און זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס פלייסיקע „תלמידים״. לאַנגזאַם אָבער זיכער האָבן זיך צונויפגענומען די פויערים, אונטערגעהעצטע פון די באַן־אַרבעטער, כדי דעם באַפעל אויסצופירן.

די באַן־אַרבעטער, זענען נאָך פון פריער געווען באַוווּסט אַלס אַוואַנטוריסטן, בפרט קעגן יידן, ווייל אַ טייל פון זיי האָט שוין נאָך אַמאָל געהערט צו די באַנדעס פון די באַלעכאָוויצעס. זיי האָבן עס געדאַרפט אָנהויבן די מלאכה. ווי אָנצוהויבן? „גאַנץ פשוט״. מען וועט פאַרטשעפּען א ייד און מען וועט שרייען, אַז דער ייד האָט זיי פאַרטשעפּעט, און דאַן וועט זיין גענוג אַז דער המון זאָל באַפאַלן די געשעפטן און רויבן.

יידן וועלן דאָ פאַרשטיין, ווו זיי געפינען זיך, און אַז קיין פלאַץ איז דאָ פאַר זיי נישטאָ. דאָס זענען געווען די געדאַנקען און פּלענער פונעם שטאָט־היטער.

די יידן האָבן די געשעפטן געעפנט. איך און מיינע שותפים: **יצחק** בארענהאלץ **און שמאי** מייסטעל **און די אַנגעשטעלטע און אַרבעטער: דוד** בראַט, **מאיר** דעקעלבוים, **זיסע** דעקטער, **יענק׳ל** יפה, עליע **דער טויבער און אַנדערע,** האָבן אַלץ אויסגעשטעלט אין געשעפט, ווילנדיק אַזוי אַרום פאַרבאָרגן אונדזער שוואַכקייט. אויב מיר וועלן אַנטלויפן וועט זיכער ערגער זיין — האָב איך געטענה׳ט און פאַרשפּרייט דעם געדאַנק אויך צווישן מיינע שותפים און שכנות׳דיקע קרעמער.

מיר שטייען אין די געשעפטן און ווייסן, אַז יעדע מינוט קאָן אויסברעכן אַן אומגליק, ווייל דאָס פילט זיך אַרויס פון דער שטילקייט.

אונדזער געשעפט איז פּלוצים פאַרפולט געוואָרן מיט די באַן־אַרבעטער און מיט אויפגעהעצטע פויערים פון דער געגנט.

— זאָלט איר זיך נישט דערוועגן עפּעס טאָן — האָב איך זיך אָנגערופן צו זיי.

א ענטפער איז גלייך געקומען: איינער פון זיי האָט געכאַפּט א שטיקל געוויכט און א וואָרף געטאָן מיין שותף שמאי מייסטעל אין קאָפּ אַריין, וואָס איז גלייך באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט.

מיר האָבן באַזיצט לעגאַל געווער, אָבער מיר האָבן נישט געוואָלט שיסן, ווייל דאָס האָט דאַן געקאָנט נאָך פאַרגרעסערן דעם אומגליק.

זיי האָבן גענומען אויסשיטן זעק מיט פּראָדוקטן, ברעכן שויבן און מיר זענען אָפּגעטראָטן אין קאַנטאָר אַריין. וואָס האָט זיך געפונען נעבן געשעפט און זיך דאָרטן פאַרבלאָקירט. זיי האָבן גענומען אויפרייסן די טיר פון קאַנטאָר, און מיר האָבן זיך געגרייט אינעווייניק זיך צו באַשיצן.

ווייזט אַבער אויס, אַז מיינע אינטערווענצן האָבן געהאָלפן. עס איז פון דער בריסקער וואָיעוואָדסטווע, אָנגעקומען אַ שטרענגער באַפעל צום קאַמינער סטאַראָסטע, אַז ער זאָל אַלץ טאָן כדי אויסמיידן א פּאָגראָם אין שטעטל. אויב עס וועט עפּעס געשען, וועט ער זיין פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך.

עס האָט זיך געהערט א שאָס אין דער לופטן. דער סטאַראָסטע אַליין איז געקומען צולויפן און שיסנדיק אין דער לופטן, האָט ער באַפוילן דעם המון גלייך זיך צעגיין.

ווו זענען די יידן פון געשעפט. האָט ער געשריגן. איך בין אַרויס פון קאַנטאָר און נאָך מיר די איבעריקע.

פאַרוואָס פאַרלאָזט איר א געשעפט און שאַפט פּאַניק? — האָט ער געשריגן אויפהויבנדיק צו מיר א גומענעם שטעקן. איך האָב דעם שטעקן אָנגעכאַפּט און אים געזאָגט, אַז ער זאָל זיך אָפּהאַלטן פון שלאָגן, ווייל דער שולדיקער איז ער און נישט מיר. ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון באַנוצן מיטן שטעקן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז צו ווייט „פאַרגאַנגען״.

יאָסל אײַזנבערג איז צוגעגאַנגען און געזאָגט, אַז די גאַנצע וועלט־פּרעסע וועט פון דעם וויסן. אויף דעם האָט דער סטאַראָסטע רעאַגירט מיטן גומענעם שטעקן, און יאָסל האָט פאַרזוכט „דעם טעם".

די פויערים האָבן אָנגעהויבן אָפּצופאָרן, וויסנדיק אַז דאָס אַלץ איז „פּאָליטיק" און מסתמא וועט קומען די געלעגנהייט אין אַ צווייטן מאַרק־טאָג (מעגלעך נאָך דעם זעלבן טאָג?).

צעבראָכענע שויבן און אַ ליידיקער מאַרק, — אַזוי האָט אויסגעזען דאָס שטעטל נאָכדעם ווי די פויערים זענען זיך צעגאַנגען און צעפאָרן; אויך אַ צעקלאַפּטער קאָפּ פון אַ פויער וואָס האָט געוואָלט ראַבעווען ביי שייע שוחט (פּאָליציישקע); זיין זון גימפּעל שוחט האָט געכאַפּט אַ האַק און אים מקבל־פּנים געווען.

אַ ספּעציעלע הילפס־פּאָליציי, בערך 50 מאַן, זענען אָנגעקומען מיט אַ באַזונדער צוג געשיקט פון דער וואָיעוואָדסטווע, כדי צו היטן די אָרדנונג. זיי זענען אָנגעקומען בערך 11 אַזייגער פרי, און דאַן זענען שוין ממילא די פויערים זיך צעגאַנגען.

גייען זיך ווייטער די יידן אין שטעטל, רעדן הויך און טראַכטן שטיל... וואָס וועט ברענגען די נאַכט, ווען די ספּעציעלע פּאָליציי וועט אָפּפאָרן?

עס זענען פאַרביי טעג, אייניקע וואָכן, און צוביסלעך האָט מען זיך בארויקט, און יידן זענען ממשיך געווען ווי שטענדיק. יצחק אײַזנבערג האָט ווייטער געקלונגען מיט זיינע קאָסעס, יאָסל קרוין און די „מאַכופּוצעס" האָבן זיך ווידער צעשפּרייט מיט זייערע פעלצן, און דער „שרייער" האָט אויך ווייטער געוואָרפן שפּילקעס, קעמעלעך רופנדיק „אומזיסט"... צונויפקלייבנדיק אַרום זיך די פויערים וואָס זענען געקומען אויף די דינסטיקדיקע ירידים...

נאָך אין דערזעלבער וואָך פון דעם „באַרימטן" דינסטיק בין איך גערופן געוואָרן צום אויספאָרשער. ער האָט פאַר מיר אַרויסגעלייענט אַ באַשולדיקונגס־אַקט, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורכן קאַמין־קאַשירסקער סטאַראָסטע. איך בין באַשולדיקט געוואָרן אין באַשמוצן די פּוילישע רעגירונג אין פּוילן גופא און אין אויסלאַנד; און אין באַשמוצן דעם סטאַראָסטע מיט מיינע אינטערווענצן אין קאָוועל, בריסק און וואַרשע. איך האָב דאָס אַלץ אָפּגעלייקנט פאַרופנדיק זיך אויף פּערזאָנען, וועלכע וועלן עדות זאָגן, אַז דעם סטאַראָסטעס באַשולדיקונג איז נישט קיין ריכטיקע, ווייל ער האָט די גאַנצע זאַך אוועקגעשטעלט אין אַ פאַלשער באַלויכטונג. דער משפּט האָט געזאָלט פאָרקומען אין 5—4 וואָכן אַרום. אין דער צייט בין איך געפאָרן קיין וואַרשע

כדי זיך פאַרבינדן מיט אַן אַדוואָקאַט, וועלכער זאָל מיר פאַרטיידיקן. נישט יעדער אַדוואָקאַט האָט געוואָלט אונטערנעמען די זאַך ווייל ס'האָבן שוין זיך דאַן גוט געפילט אין פּוילן די ווינטן פון ווילדן מערדערלעכן אַנטיסעמיטיזם. מסכים געווען מיך צו פאַרטיידיקן האָט דער אַדוואָקאַט יאַראָש, אַ מיטגליד פון פּ.פּ.ס. — וועלכער האָט געהאַט מוט צו פאַרטיידיקן אַ גערעכטע יידישע זאַך. איך האָב אים געזאָלט באַלוינען קויפנדיק אים אַ טאַקסי, דאָס איז געווען דער באַדינג וואָס ער האָט מיר געשטעלט, זאָגנדיק, אַז אַנדערש וועט אים זיין שווער קומען צו דער צייט; ס'איז דאָך מעגלעך, אַז דער משפּט וועט איבערגעפירט ווערן אויף אַ צווייטן פּלאַץ, נאָך דער אַפּעלאַציע, אויב דער פּסק־דין וועט נישט זיין גינסטיק.

דער ערשטער משפּט איז פאָרגעקומען אין קאַמין־קאַשירסקי, פינף וואָכן נאָך די אומרוען. די באַשולדיקונג האָט „באַוויזן", אַז איך בין כלומרשט געווען פאַראינטערעסירט צו באַשמוצן פּוילנס נאָמען, אַ פאַקט: דער סטאַראָסטע אַליין האָט נישט דערלאָזט אַז עפּעס זאָל פאָרקומען, אַז ער זעלבסט האָט צעטריבן די באַפעלקערונג, וועלכע איז ווי שטענדיק געקומען צופאָרן פון ווייטע דערפער איינצוקויפן און פאַרקויפן.

די עדות מיינע האָבן די גאַנצע צייט מורא געהאַט, אַז דער סטאַראָסטע וועט זיך אין זיי נוקם זיין, ווען זיי וועלן זאָגן דעם אמת. דעריבער איז זייער עדות־זאָגן אַרויסגעקומען „בלייך" און שוואַך. דער משפּט האָט אַרויסגעטראָגן זיין פּסק־דין: 6 מאָנאַטן טורמע און 5000 זלאָטעס קנס, אויסער די קאָסטן פונעם געריכט.

מיין אַדוואָקאַט יאַראָש האָט אַריינגעטראָגן אַן אַפּעלאַציע, מען זאָל דעם משפּט איבערפירן אין אַן העכערן געריכט.

מען האָט אָנגענומען די ביטע, און אין צוויי מאָנאַט אַרום האָט דער משפּט געזאָלט פאָרקומען אין פּינסק. (אין פּינסק זענען פאָרגעקומען די אַפּעלאַציע געריכטן). דער יידישער אַדוואָקאַט רוטפעלד פון לוצק צו וועלכן איך האָב זיך געווענדעט, איז מסכים געווען מיך צו פאַרטיידיקן, נישט־ווילנדיק נעמען ביי מיר קיין לוין. אין פּינסק האָט זיך אַלץ איבערגעחזרט ווי אין קאַמין. די עדות האָבן זיך געשראָקן און מיט קיין וואָרט נישט באַשולדיקט דעם סטאַראָסטע. די אַדוואָקאַטן יאַראָש און רוטפעלד זענען יאָ געשטאַנען אויף דער וואַך, אויפווייזנדיק, אַז ווען איך וואָלט נישט געווען אַזויפיל אינטערווענירן וואָלט די געשעעניש געקאָנט אָננעמען אַ סאַך מער ערנסטן כאַראַקטער, און דאַן וואָלט די פּוילישע מאַכט געשטאַנען

קעגנאיבער פאַקטן, וואָס מען וואָלט זיי געוויס נישט געקענט אָפּלייקענען, אַזוי ווי די באַשולדיקונג וויל איצט באַווייזן, די פּוילישע גערעכטיקייט וואָלט באַשמוצט געוואָרן אויף דור־דורות.

דאָס געריכט האָט געפּסקנט: דער זעקס־מאָנאַטלעכער אַרעסט, וואָס דער ערשטער געריכט האָט צוגעפּסקנט, ווערט אַנולירט, אין פאַרביטן אויף אַ באַדינג־אַרעסט במשך פון אַ יאָר־צייט, דאָס הייסט, אַז אויב אין משך פון יאָר וועל איך נישט זיין געמשפּט צוליב עפּעס אַנדערש־בין איך באַפרייט פון אַרעסט. די שטראָף פון 5000 זלאָטעס האָט מען באַשטעטיקט.

די אַדוואָקאַטן האָבן דאַן אַריינגעטראָגן אַ אַפּעלאַציע צום העכסטן געריכט אין וואַרשע.

דאָס געלט האָב איך איינגעצאָלט לויט דער פאָדערונג פונם געריכט, גאַראַנטירנדיק דערמיט, אַז איך וועל נישט אַנטלויפן.

דעם 11.8.1939 בין איך מיט אַ שיף אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשטעלונג, וועלכע איז דאַן פאָרגעקומען, איבערלאָזנדיק די פאַמיליע, און גלויבנדיק אַז אין קורצן וועל איך זיך מיט זיי צוריק זען. דעם 1.9.1939 האָבן די היטלעריסטן באָמבאַדירט פּוילן, די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

מיין טייערע פאַמיליע, פרוי און קינדער, אַ זייער־פאַרצווייגטע פאַמיליע, איז אומגעקומען פאַר דער צייט ווען איך האָב זיך געפונען מעבר־לים, און מיין האַרץ איז געווען צעווייטיקט נישט קענענדיק העלפן זיי, לכל הפחות אַ פאָטערלעכן גלעט טאָן אויף אַ קינד'ס קעפּל, איידער מען האָט זיי געפירט אויפן לעצטן וועג. מיט גאַרנישט געקענט העלפן!

—

איך וועל שטענדיק זיין מיט אייך, ביים אויפשטיין און ביים לייגן זיך שלאָפן. טיף־טיף אין האַרצן, ביז מיין לעצטער מינוט.

זיי זענען תמיד געווען שטאָלצע ייִדן און מענטשן.

נאָך אַלע איבערלעבונגען, מיט וועלכע מען וואָלט געקענט אַ גאַנץ בוך אָנפילן — באַשעפטיקט מיך נאָר דער געדאַנק וועגן זייער אַנדענק.

יעקב פלאַט

# די באַנדיטישע אַרמיי פון באַטקאַ באַלאַכאָוויטש

ערב ראש־השנה 1920: מיר דערוויסן זיך, אַז די באַלאַכאָוועצעס קומען ווידער קיין קאַמין. עס ווערט אין אונדזער שטעטל אַ מהומה. אַ פחד פאַלט אָן אויף די ייִדן. געדענקענדיק גוט די טעג, וואָס זיי האָבן ביי אונדז פאַרבראַכט דורכפירנדיק פיל רויבערייען, און נאָך ענלעכע שיינע מעשים, ווי פאַרגוואַלטיקן פרויען... פאַרשטייט זיך, אַז ווען זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן צוליב דעם אָנקומען פון די באָלשעוויקעס, האָבן ייִדישע יונגעלייט געהאָלפן פאַרטרייבן די באַנדע, אויפשטעלנדיק אויף אַ דאַך אַ מאַשינ־געווער.

האָבן מיר טאַקע מורא געהאַט, אַז זיי וועלן איצט האָבן אַ גוטן תירוץ אויף צו פאַגראָמירן דאָס שטעטל. אָבער אויף אַזאַ שרעקלעכע בלוט־באָד האָבן מיר זיך אין דער פאַנטאַזיע נישט געקענט פאָרשטעלן. זיי האָבן נישט געמאַכט קיין שום אונטערשייד פון אַלטע און יונגע, פרויען און מענער, קליינע קינדער און קראַנקע; וועמען זיי האָבן געוואָלט, האָבן זיי תיכף דערשאָסן...

אָנגעקומען זענען זיי אין אָוונט, זיי האָבן גלייך אַרויפגעלייגט אַ גרויסע קאָנטריבוציע פון גאָלד, און געלט, מען זאָל זיי תיכף אַריינטראָגן אין קאָמענדאַנטור. מען איז תיכף אַוועק צו די פאַרמעגלעכע און צונויפגעזאַמלט די געפאָדערטע סומע, מיינענדיק אַז מיט דעם וועט זיך דאָס ענדיקן, און עס וועט שוין זיין רויק. אָבער ווי מען האָט נאָר איבערגעגעבן דעם קאָמענדאַנט די קאָנטריבוציע און אַרויסגייענדיק אויפן גאַס איז ה' יעקב רויזן דערשאָסן געוואָרן, און אייניקע זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן, און אַזוי זענען אַרומגעגאַנגען באַלאַכאָוועצעס אין די ייִדישע הייזער און געהרגעט און פאַרוווּנדעט. אַנדערע האָבן גענומען גאָלד און צירונג און געלאָזט לעבן, און אַנדערע האָבן צוגענומען ביידע זאַכן אי דאָס געלט און אויך די נשמה.

ווער עס האָט נאָר געקאָנט איז אנטלאָפן צו באקאנטע פויערים. אנדערע האָבן זיך באהאלטן אויף בוידעמער, פערמאסקירנדיק זייערע ארויפגענג. אייניקע יידישע משפחות האָבן זיך באהאלטן ביים פּראַוואָסלאַוונעם גלח ווו זיי זענען טאקע ניצל געוואָרן פון טויט.

אונדזער משפחה איז געזעסן אין הויז. ווען מען האָט אונדז איבערגעגעבן אז מען האָט פארוואונדעט אַ באַעקנטן פריינט — ה׳ זעליק קאַמינסקי, איז מיין שוועסטער מנוחה תיכף אוועקגעלאָפן צום דאָקטאָר און אים געברענגט און ער האָט אים גלייך געגעבן הילף. אָבער, גאנץ פרי זענען אריין אנדערע באלאכאָוועצעס און חוזק געמאכט פון אונדז וואָס מיר ראטעווען אים, און דערשאָסן קאַמינסקין אויף טויט.

ווען איך בין ארויס אין גאַס, זיך צודערוויסן וואָס עס הערט זיך ביי קרובים, חברים און באקאנטע, איז מיר אנטקעגן אָנגעקומען באלאכאָוועצעס און געפאָדערט איך זאָל צוקומען צו זיי, אָבער איך בין אריינגעלאָפן אין אַ הויז, וואָס איך האָב געוווּסט, אז עס איז דאָ אַ צווייטער ארויסגאנג אין אן אנדער גאַס, זיי זענען נאָך מיר נאָכגעלאָפן און שוין נישט געטראָפן. דאמאָלסט זענען די גאסן געווען פוסט פון יידן. אויך די „בתי־מדרשים״ זענען געווען ליידיק פון יידן, אָבער דער „ונתנה תוקף״ איז שוין מקוים געוואָרן, די שטימונג פון די „ימים־נוראים׳דיקע״ תפילות און געוויינען אין די בתי־מדרשים איז דורכגעפירט געוואָרן אין די יידישע גאסן און הייזער.

איך בין אריין צו מיין ברודער אין הויז ר׳ יצחק שו״ב פלאָט, ער האָט געוווינט אין מיטן מארק. איך הער געוויינען און געשרייען, און זע עס גייען ארויס א גרופע מערדער באלאכאָוועצעס מיט פריילעכע פנים׳ער, אָבער איך ווער שטארק טרויעריק, אמת, מיין ברודער יצחק איז דורך אַ נס און געלט ניצל געוואָרן, אָבער אנדערע יידן און צווישן זיי מיין בעסטער חבר אליהו גינזבורג ז״ל, דער זון פון אונדזער חשובן רב, מיט וועלכן איך האָב מיטגעארבעט אין ציוניס טישן קאָמיטעט, זענען געשאָסן געוואָרן אויף טויט.

אין גיי ארום צווישן באקאנטע, אָבער אלע זענען אָדער באהאלטן, אָדער זענען טויט, אָדער גוססן נאָך... עס איז געוואָרן נאכט און די גאסן זענען געווען פינצטער, מערערע יידן זענען ארויס אין די גאסן. פלוצים האָבן מיר דערזען, אַז אַ גרופע באלאכאָוועצעס שטייען נעבן די קראָמען ביי: „בית־המדרש״, און ווילן זיי אונטערצינדן, עס איז תיכף געקומען דער גלח און האָט זיי אָנגעהויבן בעטן אז זיי זאָלן דאָס נישט טאָן, ווייל דער קלויסטער איז נאָענט, ווי אויך די גוישע גאַס איז מיט שטרויענע דעכער, און אזוי וועלן



די גויים אויך ליידן פון דער שריפה. דאָס האָט אויף זיי געווירקט, די יידן האָבן אויך צוגעהאָלפן מיט אַ ביסל געלט — און די באַלאַכאָוועצעס זענען אַוועק.

די יידן זענען שוין נישט געגאנגען צו זייערע הייזער, נאָר אוועק אונטער די הייזער ווו עס איז געווען אַ גרויס גויש פעלד, ווו עס האָט געוואקסן לעפיכעס. פינצטער איז געווען, איז מען דאָרטן געזעסן אָבער אויך אַהין האָבן זיי געטראָפן אין מיטן נאכט און עטלעכע יידן געשאָסן. מיר זענען אנטלאָפן ווייטער אין די פעלדער. ווען עס איז טאָג געוואָרן האָב איך איבערגעלאָזט מיין משפחה און אוועק אין שטאָט זען וואָס עס הערט זיך, איך טרעף אין מאַרק מיינע טייערע און ליבע פריינט ליגן אויף דער ערד טויטע. איך גיי דורך רייזל ניימאַן׳ס הויז, די טיר איז אָפן, און איך הער אַ געוויין פון אַ קינד, איך גיי אריין און דערזע אַ שטארק טרויעריק בילד: די מוטער ליגט אַ געהארגעטע, און דאָס קינד ליגט נעבן דער אָפענער ברוסט און שרייט מאמע, מאמע, דאָס הארץ איז מיר פארקלעמט, איך קאָן דעם קינד גארנישט העלפן, אָבער איך בין ארומגעלאָפן ביז וואנעט איך האָב געפונען דער מוטערס אַ שוועסטער און זי האָט דאָס קינד מיטגענומען מיט זיך.

איך גיי אביסל ווייטער, טרעף איך נאָך אַ שרעקלעך בילד, ווי די באַלאַכאָוועצעס האָבן געשאָסן דאָס יונגע פאָרפאָלק נאָך דער חתונה, דוד און סאניע קלורמאַן ווי אויך אַ קליין שוועסטערל, דאָס זענען געווען די קינדער פון אונדזער חשובן געזעלשאפטלעכן טוער יעקב יצחק קלורמאַן. איך זוך נאָך חברים און פריינט, אָבער איך טרעף זיי נישט. מיט אַ ביטער הארץ גיי איך צוריק צום פלאץ ווו עס געפינט זיך מיין משפחה.

איך זע, אַז בייטאָג דאָ זיצן איז אַ גרויסע סכנה, ווער שמועסט אין דעם עלטער וואָס מיין שוועסטער מנוחה... קיין באקאנטע גויים זיך צו אויסבאהאלטן איז ניטא, באשליסן מיר, אז מיין שוועסטער מוז אומבאדינגט תיכף אריינגיין אנטקעגן אונדזער פלאץ צו אַ גוי אין אַ קלינע אויף אַ בוידעם, און איבערזיצן ביז עס וועט שטילער ווערן. זי האָט אזוי געטאָן און איז ניצל געוואָרן פון אלע אומגליקן וואָס עס איז פאָרגעקומען דורך די באנדיטן. איך און מיין מוטער און קליין שוועסטערל פריידל, זענען באין ברירה צוריק געגאנגען אין שטאָט.

ביי די ערשטע הייזער זען מיר, אז אין הויז פון ר׳ חיים בער קויפמאן זענען דאָ יידן. מיר גייען אריין און ווערן געוואר, אז אין צווייטן צימער געפינען זיך באַ־לאכאָוועציס און זיי פארגוואלטיקן אַ מיידל, איך וויל ארויס צוריק פון הויז אָבער דורכן פענסטער זע איך, אז עס גייען

באַלאַכאָווצעס, האָב איך גלייך זיך אַרונטערגערוקט אונטער אַ סאָפּקע, ווו מיין מוטער און נאָך עלטערע פרויען האָבן זיך אוועקגעזעצט און מיר פאַרשטעלט. אַריינקומענדיק האָבן זיי גלייך געפרעגט אויף מענער און יונגע פרויען, און איינער פון זיי האָט אַריינגעשטעקט די פּיקע אונטער דער סאָפּקע, אָבער זי האָט געטראָפן אינם בעטגעוואַנט וואָס איז דאָרטן געלעגן. נישט טרעפנדיק וואָס זיי האָבן געוואָלט זענען זיי אוועק.

איך האָב באַשלאָסן אַנטלויפן ערגעץ ווייט פון שטאָט, ווייל דאָ האָב איך געזען אַ זיכערן טויט, און דאָס האָב איך געוואָלט פאַרמיידן. כל זמן עס לאָזט זיך דאַרף מע אויסנוצן יעדן פּרוּוו. אָבער ווי איך בין אַרויס פון הויז און גענומען לויפן, זענען אויך מיין מוטער און קליין שוועסטערל נאָכגעלאָפן אויפן וועג צו די גוישע פעלדער. און ווען מיר זענען שוין געקומען נאָענט צום אַרויסגאַנג צו די פעלדער אויף דאַלניקעס גאַס, דערזען מיר ווי עס לויפט אַרויס אַ יידישע פרוי פון איר הייזל — בצלאל טשערטאַק'ס פרוי (דעם רימערס) און שרייט איך זאָל נישט לויפן, ווייל דאָרט זענען דאָ די באַלאַכאָווצעס און שיסן. זי נעמט מיר תיכף אַריין אין הויז און זאָגט, אַז זי מוז מיר רעטן, ווייל פיל טובות האָט זי געהאַט פון מיין פאָטער ז"ל, און נעמט מיר אַריין אין אַ קאַמער, און גיט אַ קלאַפּ מיט אַ שטעקן אין דער סטעליע עפנט זיך אַ פאַרמאַסקירט טירל, מען לאָזט אַראָפּ אַ לייטערל און איך קריך אַרויף אויפן בוידעם. דאָרט טרעף איך אויך א סך אירע שכנים ווי מאָטל פּלוס מיט דער פאַמיליע, מאָטל לערמאַן מיט דער פרוי און זייער טאָכטער מירל, און נאָך יידן. מיין מוטער און שוועסטערל זענען געזעסן אין שטוב, און ווען די באַלאַכאָווצעס זענען אַריינגעקומען האָט זיי די פרוי דערציילט א מעשה, אַז דער מאַן איז אַ רימער, און באַלאַכאָווצעס האָבן אים גע־נומען און ער אַרבעט ביי זיי. דאָס שטיבל איז געווען א קליינס, קיין טירל און קיין לייטער האָבן זיי דאָרטן נישט געטראָפן, האָבן זיי געזוכט געלט אין די שאַפעס. מען האָט זיי געזאָגט, אַז זייערע חברים האָבן שוין אוועקגענומען, זענען זיי אוועקגעגאַנגען.

דאָס שטיבל איז אַרויס אויפן גוישן פלאַץ צווישן לעפּיכעס, און יידן האָבן אַלע מאָל געקומען צולויפן זיך באַהאַלטן, און דאָרטן זענען געקומען אַלע מאָל די באַנ־דיטן און געשאָסן. דורך די שפּאַלטן האָט מען ביי אונדז אַלץ געזען און געמוזט שווייגן. אַזוי זענען מיר געלעגן ביז פאַרנאַכט, ווען הערש לייב פּלוס מיט מירל לערמאַן זענען געזעסן ביי א פענסטער, וואָס איז אַרויס אין א גאַס, און זיי האָבן אַ קוק געטאָן, פונקט איז דאָרטן דורכגעגאַנ־גען אַ גרופּע באַלאַכאָווצעס און זיי באַמערקט, זענען זיי אַריין אין הויז און געוואָלט אַרויפגיין, האָבן זיי ניט גע־ווסט ווי אַזוי. האָבן זיי אַרויסגענומען האַנט־גראַנאַטן און געמאָלדן: אָדער מען קומט באַלד אַראָפּ, אָדער זיי וואַרפן אַריין די גראַנאַטן. פאַרשטייט זיך זיי אַלע זענען אַראָפּ און מען הויבט אָן מיט זיי צו האַנדלען און בעטן און מען קומט דורך, אָבער צוויי „קאָמוניסטן" קלויבן זיי אויס צום שיסן, דאָס זענען שלמה פּליוס, און דער צווייטער בין איך. זיי גרייטן שוין די רעוואָלווערן צום שיסן.

די פאַמיליע פּליוס וועלכע האָבן זיך דאָ אויסבאַהאַלטן די פּאָר טעג, האָט דאָס געלט, צירונג, זייגערס געהאַט מיט זיך און האָט זיי טאַקע פיל געגעבן און שלמה'ן אויס־געלייזט מיר האָבן ביי זיך אויסער געלט נישט געהאַט קיין ווערט־זאַכן (ווייל זייענדיק אין הויז האָבן מיר די ביזשוטעריע, פּערל אַפילו מיין זייגער באַהאַלטן אין זיכ־ערע ערטער), האָט מיין מוטער זיי געזאָגט, אַז זי האָט אַלץ באַהאַלטן און זאָלן זיי צוואַרטן וועט זי שיקן מיין שוועס־טערל וועלכע וועט זיי אַלעס ברענגען. זיי האָבן געגעבן צייט אַ האַלבע שעה, און איך בין געשטאַנען באַזונדער אָפּגע־טיילט און אַ באַלאַכאָוויץ מיטן רעוואָלווער אין דער זייט.

ווען מיין שוועסטערל פריידל איז אַרויס אין גאַס האָט זי געטראָפן באַקאַנטע, וועלכע האָבן איר געזאָגט, אַז עס איז שוין דאָ א באַפעל ניט שיסן, זי זאָל גלייך גיין צום גלח. זי איז אוועק אַהין און דערציילט די מעשה, האָט דער גלח געכאַפּט אַ אַפּיציר און איז געקומען, און די באַלאַכאָווציס זענען אוועק און מיר זענען שוין אוועק נעכטיקן צום גלח.

אויפן וועג בין איך אַריין אין הויז פון מיין חבר באַרינהאָלץ, זען וואָס הערט זיך דאָרטן, טרעף איך אים מיט מיין חבר, (שפּעטער מיין שוועסטער מנוחה'ס מאַן) — דוד קלאַרמאַן, בשעת זיי דערציילן ווי אַזוי זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, זעען מיר ווי עס דערנענטערן זיך באַלאַ־כאָווצעס. מיר זענען אַרויף אויפן בוידעם, וואָס האָט געהאַט אַרויסגאַנג אין אַ צווייטן זייט גאַס, און מיר זענען אַרויס־געלאָפן. אַנטקעגן האָט געוווינט דוד ענגיל זענען מיר אַריין אין הויז, אָבער דאָרטן האָבן מיר געזען ווי דער אַלטער אברהם יצחק און זיינע זין דוד און יאַנקל און חנא, זיצן אַלע ביים וואַרשטאַט און פאַרריכטן און נייען שטיוול פאַר די באַלאַכאָווצעס. צוויי באַנדיטן זיצן אַלס שומרים. זייערע פרויען און קינדער האָבן זיך געפונען אין שטוב.

אויף מאָרגן פרי טרעף איך אין מאַרק, און אין די גאַסן פיל טויטע. מען גיט איבער אַז אויף אַלע וועגן

אונטער דער שטאָט געפינען זיך קדושים. מען הויבט אָן צו קלערן, וואָס מען טוט, און מען ווערט געוואָר, אַז זיי לאָזן שוין אוועקנעמען די טויטע. מען באַשליסט גיין צום בית־העוֹלם און אויסגראָבן קברים, און נאָכדעם צונויפנעמען און אוועקפירן, מקבר זיין די טויטע.

מיר זוכן מענטשן צו דער אַרבעט אָבער קיין סך געפינען מיר ניט. איך גיב דאָ די נעמען וועלכע איך געדענק: יצחק פלאַט, דוד ביבער, הערשל ווייסמאַן, יוסף לאַפּאַטע, יצחק באַרינהאָלץ און דער שרייבער פון די שורות. ווי מיר זענען דורכגעגאַנגען זאַסטאַוויע, איז ארויס פון אַ גוישער שטוב, ווו ער האָט זיך באַהאַלטן, יצחק פרידמאַן און ער איז אויך מיטגעגאַנגען. אויפן וועג זענען געווען מענטשן וואָס האָבן געזאָגט אַז מיר זאָלן נישט גיין אַזוי ווייט צום בית־עולם, נאָר תיכף אויפן זאַמד אויסגראָבן ברידער־קברים, אָבער מיר האָבן ניט געפאָלגט און געגאַנגען צום בית־העולם און זיך גלייך גענומען גראָבן. דאָרט איז אויך אָנגעקומען בן־ציון קאַרש און זיין שוועסטער מינדל, אין גוישע מלבושים, פלוצים זעען מיר ווי עס פאָרן רייטער פון ראַקאַוולעסער זייט, האָב איך תיכף געהייסן מיינע חברים — בן־ציון און זיין שוועסטער, זיי זאָלן אַנטלויפן באַהאַלטן זיך, און מיר האָבן ווייטער געאַרבעט. די רייטער זענען צוגעקומען תיכף געגעבן אַ באַפעל אויסצושטעלן זיך אויפן „בית־העולם״, און זיי נעמען ארויס האַנט־גראַנאַטן. דאָ האָט זיך ארויסגערוקט דוד ביבער, אלס אַ געוועזענער רוסישער סאָלדאַט, און האָט גערעדט צו זייער געוויסן, און מיט בקשות און רחמים, האָט מען זיי אָפּגעבעטן מיט אַביסל געלט, מער האָבן מיר נישט פאַרמאָגט. איינער האָט נאָך אַראָפּגענומען ביי באַרינהאָלצ׳ן די שטיוול, און זיי זענען אוועקגעפאָרן.

מיר האָבן אויסגעגראָבן די ברודער־קברים ביים בית־העולם, און מיר זענען אוועק אין שטאָט אריין. דאַמאָלסט זענען שוין געווען אַסך יידן אין שטאָט, און אַלע האָבן גענומען גרופּעס־ווייז אויפזאַמלען אויף וועגעלעך אַלע קדושים פון די הייזער, און גאַסן און מען איז אוועק אין די אַלע ערטער, וועלכע מען האָט נאָר געהאַט אַ ידיעה, אַז דאָרט געפינט זיך אַ קדוש. מען האָט זיי תיכף געבראַכט אויפן בית־עולם, דאָרטן האָבן מיר געלייגט די מענער באַזונדער, און די פרויען באַזונדער. ביים אריינלייגן זיי אין די קברים, זענען געשטאַנען ר׳ פסח הערש דער מלמד (אַרימלנד) און דער שרייבער פון די שורות, ווי מיר האָבן יעדן דערקענט, און איך האָב פאַרשריבן לויטן סדר, ווו מען האָט זיי געלייגט כדי מען זאָל קאָנען אויף יעדן שטעלן אַ מצבה, כדי זייערע נאָענטע זאָלן קאָנען זיך מתיחד זיין מיט זיי. אַ קאָפּיע פון אַ ליסטע האָב איך געגעבן צו ר׳ פסח הערשן, און די צווייטע איז געבליבן ביי מיר.

איך געדענק, בשעת די קדושים זענען געלעגן אויפן בית־העולם צו באַגראָבן, איז דורכגעפאָרן אַ פּוילישער אָפיציר און ער האָט זיי אַלע אָפּגעפאָטאָגראַפירט. מיר האָבן געבעטן ער זאָל אונדז געבן זיין אַדרעס אויף צו באַקומען די פאָטאָגראַפיעס, אָבער זיין אַדרעס האָט ער ניט געוואָלט געבן, נאָר גענומען ביי אודנז דעם אַדרעס, ווי ער האָט צוגעזאָגט די פאָטאָגראַפיעס אונדז שיקן, אָבער ער האָט ניט געשיקט, ווייל זיי זענען געווען שותפים מיט באַלאַכאָוויטשן, און זיי האָבן ניט געוואָלט אַז מיר זאָלן האָבן פאָטאָגראַפיעס אלס דאָקומענטן.

אין שטעטל איז געוואָרן רואיקער, מיר נעמען אָפּ גרוסן, אַז אין דערפער נעבן קאַמין, ווי אויך אין לושע, לישקע, פניעוונע, שיסן זיי נאָך יידן, אָבער מיר קאָנען גאָרניט העלפן. מיר ווייסן אַז מיר האָבן צו טאָן מיט באַנדיטן און מערדער.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו קלערן ווי אַזוי כאַפּט מען זיך אַראָפּ קיין קאָוולע, איבערגעבן אַלץ וואָס עס האָט זיך געטאָן ביי אונדז אין אונדזער סביבה. מיטן באַן קאָן מען ניט פאָרן, ווייל ער איז פאַרנומען דורך די באַלאַכאָווצעס, און אַזוי מיט וועגענער צו פאָרן אָדער גיין צופוס, זענען אומוטום פיל באַלאַכאָווצעס.

דאָס שטעטל איז צערויבט. פיל האָבן נישט וואָס צו עסן. קיין קליידונג, עס איז דאָ יתומים, עס איז דאָ קראַנקע, פאַרוווּנדעטע, קיין דאָקטאָר איז ניטאָ. אויפן מאַרק איז געשטאַנען אַן אָבאָז פון גוישע פורן, וועלכע האָבן געפירט געפרעסטע פעקלעך היי צום באַן פאַר דער פּוילישער אַרמיי, אָנגעפירט האָט אַ סערזשאַנט און עטלעכע פּוילישע סאָלדאַטן. טרעפנדיק זיך מיט אים, ווייזט זיך ארויס, אַז ער איז אַ ייד. אויסהערנדיק מיין בקשה וועגן מיך מיטנעמען קיין קאָוולע, זאָגט ער זיך ארויס מען זאָל צוגרייטן פאַר די סאָלדאַטן אַ 100 אייער וועט ער מיטנעמען. איך האָב גערעדט מיט איינציקע קאָמיטעט־מיטגלידער. איך אלס סעקרעטאַר, און דער צווייטער צו מיר וועט זיין אריה דעקלבוים וועלן מיר פאָרן און אַלעס דערליידיקן. מיר קויפן די אייער און קומען צום וואָקזאַל, ביי דער ראַמפּע אויף אַ זייטיקער שינע גייען מיר אריין אין וואַגאָן און די פּאַליאַקן באַהאַלטן אונדז אונטער די פעקלעך היי און מיר פאָרן קיין קאָוולע. אין מיטן וועג נעמען זיי עסן די אייער און ווערן אין כעס, סטייטש זיי קאָנען זיי נישט עסן, זיי זענען רויע; זיי מוזן אונדז דערפאַר איבערגעבן צו די באַלאַכאָווצעס. פאַרשטייט זיך

אז דער ייד האָט זיי איינגעשטילט, אז מיר וועלן זיי אין קאָוועל קאָמפּענסירן.

אין קאָוועל, זענען מיר תיכף אוועק אין ראיאָן־קאָמיטעט פון דזשוינט, ווו מיר האָבן גלייך געגומען אלערליי פּראָדוקטן אויף צו עפענען א קינדער־קיך ווי אויך מלבושים פארטיילן פאַר דער יידישער באפעלקערונג. מיר האָבן אויך זיך פארשטענדיקט מיט דעם פעלדשער ליוכאטשעווסקי, וואָס האָט אַמאל געוווינט אין קאמין און זיין פרוי איז געווען אקושערין, און האָט געהאַט גרויסע סימפּאַטיע פאר קאמין, און ער איז באשטאנען איצט אריינציען זיך צוריק אין קאמין כדי צו העלפן אין דער שווערער לאגע, וואָס מיר געפינען זיך.

אין קאָוועל האָבן מיר שוין באקומען א באזונדער וואגאָן אויף צו פירן די פּראָדוקטן און קליידונג קיין קאמין. ווען מיר זענען געקומען האָבן מיר געדונגען א מחסן ביי משה אברהמציס (אייזן), און אין גרויסן „בית־המד־רש״ האבן מיר אין דער ווייבערשער שול איינגעאָרדנט די קינדער־קיך, ווי אויך א ביורא פארן קאָמיטעט.

דער קאָמיטעט איז רעאָרגאניזירט געוואָרן: יעקב יצחק קלורמאַן, יהושע יפה, אריה דעקלבוים, אברהם דוד אברוך, אברהם לייב בורשטיין און דער שרייבער פון די שורות. אלס פאָרזיצער איז געוויילט געוואָרן י. קלורמאַן, סעקרעטאר י. פלאט, און ווירטשאפטסלייטער א. דעקלבוים, רעוויזיאָנס קאָמיסיע — אליעזר קאמינער און דער פּראַוואָסלאווגער גלח, — פאָר מציל זיין יידן פון די באלאַכאָוועס.

עס איז תיכף געעפנט געוואָרן די קיך, אין דערפרי האָבן זיי באַקומען קאַווע מיט מילך. מיטאָג אַ גוטע געשמאקע זופּ. דאָס עסן האָבן באקומען אלע קינדער ביז 14 יאָר אַלט. עס זענען אָבער געווען א סאך קינדער יתומים, וועלכע האָבן ניט געהאט ווער עס זאָל פאר זיי זאָרגן ביים עסן. האָבן מיר איינגעאָרדנט פאר זיי אין ביורא עס־טישן, און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט חברות, וועלכע האָבן פאַר זיי סערווירט און די קינדער האָבן זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים. עס האָט לאַנג ניט גענומען און מיר האָבן געשאַפן פאַר די קינדער אַ „בית־יתומים״, אין הויז פון ה. יצחק בארינהאָלץ ז״ל. עס זענען געווען אַ 20 קיילעכיקע יתומים, וועלכע האָבן דאָרטן געשלאָפן און געגעסן. אונדזערע חבר׳טעס האָבן טעגלעך דיזשורירט, און דערפילט אַלע פארלאנגען זייערע ווי אייגענע מוטערס.

לויט מיין זכרון זענען די חבר׳טעס געווען: רייזל פלאָט — פערטשיק, פייגעל גורטינשטיין־קימעל, צירל קאַמינסקע־סטריער, מינדל קארש, די שוועסטער העני און ליבע חסיד, דבורה בארינהאָלץ — גוז און אנדערע.

אין אַ צייט אַרום זענען אָנגעקומען בריוו פון קאַנאַדער און דרום אפריקאַנער יידן, אַז זיי וועלן אַראָפּטירן קיילעכיקע יתומים, האָבן מיר ערליידיקט מיט דער הילף פון צענטראלן יתומים־קאָמיטעט אין פוילן, אַלע פאָרמאַליטעטן פאַר די קינדער, און דער שרייבער פון די שורות איז אָפּגעפאָרן מיט זיי קיין וואַרשע אין צענטראַלע פון אמעריקאנער דזשוינט, און די קינדערלעך זענען אַוועקגעפאָרן קיין קאַנאַדע און דרום אפריקע צו זייערע אומבאַקאַנטע נייע עלטערן.

# הלל צייטלין באשרייבט א פאגראם אין קאמין־קאשירסקי און אומגעגנט, אין ראש השנה תרפ״א

דאָס הארץ ווערט פארגאָסן מיט בלוט לעזנדיק וועגן די נייע שוידערלעכע פּאָגראָמען. 120 יידן אויסגעקוילעטע אין קאַמין־קאָשירסקי און קרעמנא. — פרויען און מיידלעך געשענדעט און געפייניקט פאַר די אויגן פון זייערע עלטערן און מענער. — יידן געברענט פארן טויט מיט אָנגעגליטע טשוועקעס. — אַלטע לייט לעבעדיקערהייט אריינגעוואָרפן אין פייער. — יידישע קינדער אַריינגעוואָרפן אין טייך. — 40 יידישע מיידלעך פארטריבן אין איין צימער און געשענדעט. דאָס אַלץ האָבן געטאָן גענעראַל באלאכאָוויטש און זיינע באַנדיטן.

פון אונדזער ספּעציעלן קאָפּענהאַגער קאָרעספּאָנדענט נ. שיפּ.

קאָפּענהאַגן 1920 אָקטאָבער 20. — הלל צייטלין באשרייבט אין „מאָמענט״ די גרויסיקע פּאָגראָמען, וואָס דער גענעראַל באַלאַכאָוויטש האָט אָנגעפירט. דער גענעראַל האָט זיך געפונען אונטערן פוילישן שוץ און האָט געמאַכט

פּאָגראָמען, וואָס זענען שרעקלעכער ווי פּעטלוראַ׳ס פּאָ־
גראָמען.

די פּוילישע יידישע דעפּוטאַטן האָבן צונויפגעזאַמלט
די מאַטעריאַלן פון די פּאָגראָמען, וואָס באַלאַכאָוויטשעס
ווייסע אַרמיי האָט אָרגאַניזירט אין קאַמין־קאַשירסקי. דעם
פּאָגראָם האָבן אָנגעפירט די אָפיצירן. דער שרעקלעכער
פּאָגראָם איז דאָרט פאָרגעקומען דעם צווייטן טאָג ראש
השנה. באַלד ווי די סאָלדאַטן זענען אריין אין שטאָט האָבן
זיי ארויפגעלייגט א קאָנטריבוציע אויף דער שטאָט אויף
אַ סומע פון 7 מיליאָן מאַרק. אַ גרופּע סאָלדאַטן און אָפי־
צירן איז באַלד באַפאַלן דאָס הויז פון עוזר אייזענבערג
איין אָפיציר האָט פאַרזוכט צו פאַרגוואַלטיקן אייזענבערג׳ס
טאָכטער. דאָס מיידל האָט זיך שטאַרק געשטעלט אַנטקעגן
און זיך געווערט קעגן די כוליגאַנעס. אַלס ראַכע האָבן די
מערדער איר אָפּגעשניטן די צונג און די פיס און איר
נאָכהער דערשאָסן. דערנאָך האָבן זיי געהרגעט איר פאָטער
און ברודער און האָבן פאַרברענט דאָס הויז.

אַזעלכע גרויליקע טאַטן און נאָך ערגערע, האָבן די
ווילדע בעסטיעס באַגאַנגען א גאַנצע רייע. אין דעם זעלבן
שטעטל קאַמין־קאַשירסקי האָבן אָפיצירן פאַרזאַמלט 40
מיידלעך אין איין צימער זיי געשענדעט און געפייניקט. 30
ספרי־תורות האָבן די כוליגאַנעס צעריסן אויף שטיקער
און פאַרברענט. א סאַך מענער זענען דערמאָרדעט געוואָרן
אין דער אָנוועזנהייט פון זייערע פרויען, אנדערע האָט
מען אריינגעוואָרפן אין טייך. בעת די פרויען זענען פאַר־
גוואַלטיקט געוואָרן האָבן די סאָלדאַטן פאַרניכטעט אַלע
מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס.

בערך 120 יידן זענען אין קאמין־קאַשירסקי דער־
מאָרדעט געוואָרן. צווישן זיי: אברהם גראָסמאַן, דוד
טשאַרני, יעקב דווינסקי, שיינבראָט, מרדכי בעק, משה
בערגער, מאיר זאר, יצחק זאר, גרודזיעצקי, שיינדעל קראָ־
קאָווער, שיינדעל פרישבערג, פנחס ניימאַן, יהושע פּינקוס,
אברהם טשאַרני, שלום קארש, יהושע פּאַלטשוק, יצחק זאב
לעסניק און זיין זון פנחס לעסניק, יעקב גאַלובטשיק,
שואַליקס אפרים, משה גראַבאָוו, שרה גורטנשטיין, טוביה
גראבאָוו, יהושע פלאָט, משה אייזען, יוסף כהן, פנחס מאַליק,
מענדעל מאַליק, יעקב פלאָט, זעליג קימעל, בלומע וואַטון,
פסח וואַטון, משה דעקטער, אליהו גינזבורג, יעקב קימעל,
לייב אינגבער, מרדכי פּראַך, ישראל קימעל, יעקב רויזען,
זעליג קאַמינסקי, משה באַב, דוד קלאַרמאַן, שרה קלאַרמאַן,
שרה קאַמינסקא, ליבע באַב, ישראל פעלדמאַן, מיכל וויינמאַן,
לייזער צוקערמאַן און זיין זון יעקב, דינה אייזענבערג און
איר זון ישעיה, אסתר וואַלק, יעקב דארמיטשען, חוה
וואַרבע, יצחק זאַווידאָוויטש, שמעון זאַפּראַן, יצחק מראַ־
טני, מאָטעל מראַטני, חיים בערש, אברהם כהן, חיים
קימעל, יחזקאל סיגעל, זלמן באָקאַלטשוק, עוזר אייזענבערג,
זון און טאָכטער, שמעון באַר, באָקאַלטשוקן האָבן זיי
דערטרונקען און דעם 70 יאָריקן שמעון באַר, האָבן זיי
פאַרברענט א לעבעדיקן, ארויפגיסנדיק אויף אים קע־
ראָסין.

אין קרעמנאַ, האָבן באַלאַכאָוויטשעס סאָלדאַטן געמאַכט
אַ פּאָגראָם, פאַרגוואַלטיקט 30 פרויען, געהרגעט קינדער
און אַלטע לייט. ביז איצט האָט מען דערקענט 49 געהר־
געטע, אָבער אין די פעלדער און וועלדער, וואָס רינגלען
אַרום קרעמנאַ, געפינען זיך אומצייליקע נישט דערקענטע
קערפּערס פון דערמאָרדעטע יידן.

אין קרעמנאָ זענען דערמאָרדעט געוואָרן די פאָלגנדע
פערזאָנען: יוסף אינגבערג, אהרן רובינשטיין, אברהם ראַ־
בינער און זיין פאָטער, וועלכער איז אריינגעוואָרפן געוואָרן
אין פייער און פאַרברענט געוואָרן, לאַלקין פון בריסק,
משה זעליגמאַן, לייזער קאַהאַן (די לעצטע דריי זענען
פאָרן טויט געפייניקט געוואָרן מיט אָנגעברענטע טשוועָ־
קעס) שואל לעווין, פעסיע שניידער, נתן ליבערינג, שלום
אינבערג און זיין טאָכטער מלכה, וועלכע האָט געבעטן
מען זאָל דערשיסן, אויך איר און די צוויי קליינע שוועס־
טערלעך, חנה און חוה (פון דער פאַמיליע איז קיינער
נישט איבערגעבליבן). שלמה קאַנענטאַל, הערץ פּערעל־
מוטער, נחום אינבער, שמואל בלאַנדער, זעליג זעליגבוים
און זיינע צוויי זין, יצחק גאָלדשטיין, אברהם גאָלדשטיין,
פישעל רישקאַ, יצחק פריימאַן, שלמה פערלמוטער און זיין
זון, משה שניידער, זיין ווייב און אייניקל אויפגעהאַנגען,
יצחק קרעמען און צוויי זין גרשון און דוד, נחום ווע־
ליכער.

פיל קליינע קינדער זענען דערשאָסן געוואָרן. אַ סאַך
מיידלעך זענען אוועקגעשלעפּט געוואָרן פון די סאָלדאַטן
און מ׳ווייסט נישט ווו זיי זענען.

אין דאָרף לינעווע, נעבן קאָוועל, איז געמאַכט געוואָרן
אַ פּאָגראָם, מען האָט דערמאָרדעט, געפייניקט, געשאָכטן.
עס זענען געהרגעט געוואָרן די פאַמיליעס פון זיסל באָרענ־
שטיין, הירש סאָסנאָווסקי, מנשה פלאָצקער און חיים לאָר־
בער.

פּאָגראָמען זענען אויך אויסגעפירט געוואָרן אין די
פאָלגנדע שטעט און דערפער אַרום קאָוועל:

ראַטנע, דאַטין, זאַמשין, וועלעמטשע, בורקע, כאָטישאָוו,
פאַליץ, גינאַד, מאַלאָוויצאַ, קרעמנאַקאַמיען, פניעוונאַ, קליין־

לישע, גרויס־לישע, מיליצי, סטאראוויטווא, מאסטיצע, וועדראטשי און אנדערע.

די יידישע דעפוטאטן אין פוילישן סיים האָבן אריינגעטראָגן אַן אָנפראגע וועגן די אַלע בלוטיקע געשעענישן.

רחל שעכטער־אינגבער, ניו־יאָרק

# א פּאָגראָם

איך וויל דאָ דערציילן פון דער מאַרטיראָלאָגיע פון דער יידישער באפעלקערונג פון קאַמין־קאשירסקי, אַן עפּיזאָד, וואָס עס איז איינגעקריצט אין מיין זכרון, איך וועל עס געדענקען ביזן לעצטן טאָג פון מיין לעבן.

עס איז געווען אין יאָר 1914, דאָס יאָר פון אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין שטעטל זענען אריין די קאָזאַקן און די טשערקעסן. אין איין טאָג האָט מען אונדז גערופן אין בית המדרש און דער פּריסטאַוו האָט באַפוילן אַלע יידן אַוועקלויפן פון שטאָט, אויב נישט דראָט זיי דער טויט דורך שיסן אָדער פארברענט ווערן. אַלע יידן זענען אַנטלאָפן אין די דערבייאיקע וועלדער, איבערלאָזנדיק אלץ אויף הפקר.

צוויי וואָכן האָבן מיר ארומגעבלאָנדזשעט אין די וועלדער, אָן עסן, אָן אלעמען, זוכנדיק אין די פעלדער אַ קאַרטאָפל, אָדער עפּעס אַנדערש צו דערהאַלטן די נשמה. צוריק־קומענדיק האָבן מיר געטראָפן דאָס גאַנצע שטעטל פארברענט, דאָס גאַנצע האָב און גוטס פון דורות שווערע אַרבעט, איז געוואָרן, טייל צעראבירט, און טייל איז אוועק מיטן רויך. די רוסן זענען אָפּגעטרעטן. נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען אונדזער שטעטל האָט מען אונדז אַלעמען צוזאַמענגעפירט אויפן מאַרק און מען האָט אַלעמען געשיקט קיין ראַדזין. אויפן וועג אַהין זענען די מערהייט שוואַכע און אַלטע מענטשן אויסגעשטאָרבן. דורך אַ צופאַל בין איך ניצול געוואָרן פון טויט.

מיינער אַ קוזין, וועלוול שטערן, איז אוועק זוכן זיין פרוי און האָט צופעליק פארבלאָנדזשעט אין דעם דאָרף וווּ עס האָט געוווינט מיינע א שוועסטער, ווען זי האָט זיך דערוווּסט פון דעם שרעקלעכן אומגליק האָט זי אָנגעהויבן לויפן צום קאָמענדאנט און מיט טרערן אויסגעבעטן ביי אים א דערלויבעניש צו ברענגען מיך צו איר אין דאָרף. אַזוי ווי מיר זענען אַלע געווען פארזאמלט צו לאָזן זיך אויף דעם שרעקלעכן וועג קיין ראדזין, איז אָנגעקומען א וואָגן באַוואַכט מיט צוויי סאָלדאַטן און מיין שוועסטער איז ארויסגעשפרונגען פון דעם וואָגן און מיט אַ שרעקלעכן געוויין מיך אָנגעהויבן אַרומזוכן. זי האָט מיר געפונען גרייט מיט צוויי קינדער זיך לאָזן אויף דעם שרעקלעכן וואנדער־וועג, וואָס האָט געמיינט א זיכערער טויט. זי האָט מיר גענומען צו זיך אהיים און דאָרטן האָבן מיר איבערגעלעבט די שרעקלעכע צייט. ביז היינט האַלט איך דאָס פאַר א גרויסן נס, וואָס דער קאָמענדאַנט, וועלכער איז געווען אַזאַ גרויסער אנטיסעמיט, אז אַלע יידן האָבן פאר אים געציטערט, האָט דאָך איינגעוויליקט מיר צו ברענגען צו מיין שוועסטער, און האָט נאָך געהאָלפן מיט א וואָגן און מיט אַ מיליטערישע וואַך מיך צו באַגלייטן אהיים.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון די יידן אין די קליינע שטעטלעך, ווו דער גורל פון די יידן איז געווען אָפּהענגיק פון נסים און פון א גוטן אָדער שלעכטן קאָמענדאנט.

הערש לייזער לעווינזאָן, ניו־יאָרק
(אידל'ס זון פון קאַמין)

# דער פּאָגראָם אין קאַמין־קאשירסקי

תשעה באב:

עס איז איצט 41 יאָר ווי איך האָב מיטגעמאַכט דעם ערשטן פּאָגראָם אין קאַמין־קאשירסקי. ראש השנה, דינסטיק ביינאַכט, איז אונדזער שטאָט באלאגערט געוואָרן פון דעם מיליטערישן באַטקא בולאַק־בעלאָכאָוויטש. כדי צו געבן זיינע רוצחים א ביסל שמחה האָט ער געגעבן א באַפעל אויסצוהרגענען די יידישע פאַמיליעס פון קאַמין. איך קען זאָגן אז איך דערמאָן זיך אין ירמיהו הנביא'ס

„אני הגבר אשר ראה עני בשבט עברתו”. איך האָב געדאַרפט זען ווי אַזוי יידן זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן און געלעגן אין די גאסן; איך האָב געדארפט זען ווי די קליינע נפשות, די קליינע יתומים, זענען ארויסגעגאַנגען זוכן זייערע טאטע־מאַמע. זיי האָבן גאָרנישט געוווסט וואָס דער אומגליק איז. פאַרוואָס „הלכו כאילים לא מצאו מרעה”.

און ווען עס איז געוואָרן אַ ביסל שטילער, ווען די מערדער האָבן זיך שוין אָנגעזאפט מיט יידיש בלוט, האָבן מיר, די לעבנגעבליבענע, באַלד אָנגעהויבן צו אָרגאניזירן הילף. מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ קיך צו געבן עסן די הילפלאָזע קינדער. כי בקשו אוכל למו וישיבו את נפשם.

איך האָב געדארפט זען ווי אונדזערע שכנים די גוים האָבן זיך גענומען צו ראבירן יידישע הייזער. איך האָב געזען ווי אזוי די גוים זענען אָנגעקומען מיט זייערע פערד און וועגענער אויף דעם קאמינער מארק, געהאלטן די ספר־תורות און מיט פארמעט ארומגעקלאפט די דראבינעס פון די וועגעלעך, אז זיי זאָלן קענען אָנפילן די וואָגנס מיט די יידישע זאַכן. מיר זאָגן היינט ביינאַכט בכו — תבכה, בכו — איז דער פאָגראָם פון 1920, תבכה — איז דער חורבן נישט נאָר פון קאמין, ווו איך האָב פארלאָרן מיינע ברידער שלמה און פישל לינזען מיט זייערע פרויען, קינדער, אייניקלעך, נאָר אויך פון די מיליאָנען יידן, וועלכע זענען אומגעקומען, פאר נישט קיין אנדער שולד, נאָר ווייל זיי זענען יידן.

מיר קענען נישט פארגעסן, אונדזערע יידישע פריינד, וואָס האָבן געגעבן זייער ארבעט, מקריב געווען זייער לעבן, צו בויען אַ יידיש לאַנד. מיין יוגנט פריינט יצחק בארענהאלץ, דער גרויסער ציוניסט, האָט דאָס נישט געהאָט די זכיה צו זען.

יעקב פלאט

# קאמין־קאשירסקי אין די יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה

## די איבערלעבונגען ביי די קאזאקן און טשערקעסן

ווען דער קריג צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד — עסטרייך־אונגאַרן איז אויסגעבראָכן, ערב תשעה־באב אין יאָר 1914, האָט אונדזער שטעטל אַ גאַנץ אנדער פנים באַקומען, עס איז תיכף געוואָרן פול מיט היימלאָזע, וואָס זענען געקומען פון די שטעט וואָס ליגן ביי דער עסטרייכישער גרענעץ פון וולאַדימיר־וואָלינסק, קאָוועל, ראַטנע און אנדערע שטעט. ווער עס האָט געהאַט קרובים און באַקאַנטע אין קאמין האָבן גלייך געדונגען פורן ד.ה. וועגענער מיט פערד, ווייל קיין באַן איז נאָך ביי אונדז ניט געווען, און איינגעפּאַקט זייערע סחורות, שטוב־זאַכן, און בעטגעוואנט, וואָס עס האָט זיך ביי זיי אָנגעקליבן פון דורות, און געברענגט קיין קאמין. אַזוי זענען אַלע הייזער פון שטעטל געווען פול מיט פרעמד פארמעגן, און די גאַסן פול מיט יידן פון אנדערע שטעט, אמערסטן מיט פרויען און קינדער. זייער אויסרעכענונג איז געווען, אַז קאַמין ליגט אין בלאָטעס צווישן וועלדער, קיין באַן־ליניע און קיין שאסיי־וועגן איז ניטאָ, וועט קיין פראָנט ניט זיין, און דאָס רוסישע מיליטער וועט ניט דורכגיין און עס וועט דאָרט זיין רואיק.

די ערשטע צייט איז טאַקע אַזוי געווען, די רוסן זענען געגאַנגען טיף אין גאַליציע, און אונדזער שטעטלדיקע יוגנט האָט זיך באגעגנט מיט דער צוגעקומענער פון דער פרעמד, צווישן וועלכע עס זענען געווען גימנאזיסטקעס, גימנאזיסטן — פול אינטעליגענץ. מען האָט צוזאַמען פאַרבראַכט; עס איז געווען לעבעדיק און פריילעך אין שטעטל.

ווען די רוסן האָבן גענומען אָפּטרעטן און די עסטרייכער האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו אונדז, איז אין די טעג פון חודש אלול אָנגעקומען דאָס מיליטער, וואָס מען האָט פאַר זיי אממערסטן מורא געהאַט: קאַזאַקן און טשערקעסן, רייטנדיק אויף פערד מיט ספעציעלע אוניפאָרמען, מיט רויטע און געלע לאמפאסן און מיט לאַנגע שפּיזן אין די הענד.

עס איז תיכף געוואָרן אַ בהלה, און אַ מהומה, די קאַזאַקן זענען איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין די הייזער ווו עס זענען געווען גרויסע שטאַלן פאַר די פערד. די יונגע ווייבלעך און מיידלעך האָבן זיך באַהאַלטן אויף די בוידעמער, און אויפן אָרט פון דעם קלינגעדיקן געלעכטער ביי דער יוגנט אין אונדזער שטעטל, איז איצט פול געוואָרן מיט געוויין. די געשעפטן האָבן געמוזט זיין אָפן, און די

קאַזאַקן האָבן גענומען וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט אויך אין די הייזער זענען זיי געוואָרן בעלי־בתים. אַ פּחד און אַ שרעק האָט אַלעמען באַהערשט. די אַנגעפּאַרענע „ביע־זשענצעס", וועלכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט, זענען אַנטלאָפן דורך פּינסק קיין רוסלאַנד.

אויך אונזערע קרובים פון ראַטנע, וועלכע זענען געווען ביי אונדז, זענען אַוועק אויפן הויפּט־וועג, אונטערן שטאָט, זוכן אַ פור, כדי צו קאָנען אַוועק נאָך פּינסק. איך מיט מיין שוועסטער מנוחה, האָבן זיי באַגלייט און געוואַרט ביז זיי וועלן קאָנען אָפּפאָרן.

שטייענדיק ביים וועג און קוקנדיק ווי דער שטראָם פּליטים ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער, מען לויפט וואָס שנעלער, עלטערע לייט, פרויען, קליינע קינדער, פאָרן שוין אַ פּאָר טעג, אויסגעמאַטערטע און קראַנקע, איז פּלוצים אַנגעפאָרן אַ פור פון זייער שטעטל ראַטנע אויף וועלכער עס זענען אויך אונזערע קרובים. זיי האָבן אויך אונדז געוואָלט מיטנעמען מיט זיי. נאָר איך מיט מיין שוועסטער האָבן ניט געוואָלט מיטפאָרן, און מיר זענען אַוועק צוריק אין שטאָט צו אונדזער מוטער. ווען מיר זענען געקומען פאַרנאַכט אין די יידישע גאַסן, איז געווען אַ גרויסע בהלה, אַ געוויין, אַ קלאָג. מענער, פרויען, אַלט און יונג אין די גאַסן טראָגן קליינע פּעקלעך בעטגעוואַנט, אַ לעבל ברויט און נאָך קלייניקייטן, וואָס מען מוז תיכף האָבן. טאַטעס און מאַמעס טראָגן אויף די הענט קליינע קינדערלעך, וועלכע וויינען שטאַרק. ווי מיר ווערן געוואויר, איז אַרויס אַ באַפעל אַז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן די שטאָט איידער עס ווערט נאַכט. מיר קומען אין אונדזער גאַס, די זעלבע סצענעס. מיר טרעפן שוין דאָרט איינצלנע פאַר־שפּעטיקטע משפחות. מיר קומען צו אונדז אין הויז, קיי־נער איז ניטאָ. איך ווער געוואויר, אַז די יידן גייען צו 2 וועלדלעך — איינס איז ביי אלעקסיוווקע „טעכער", עס געהערט צו ה' משה פלאָט, און דאָס צווייטע וועלדל איז אויפן וועג צו הוטע. איך זוך זיי נאָך אַרום אין שטעטל, און ווער געוואויר, אַז זיי זענען אַוועק מיט מיין ברודער יצחק'ס משפחה אויפן וועג קיין הוטע.

ווען מיר זענען ביינאַכט געקומען אין וואַלד, האָבן מיר דאָרטן געטראָפן כמעט אַ האַלב שטעטל יידן ליגן אויף דער ערד, אויסגעשפרייט אויף קאָלדרעס, ליילעכער, בעטגעוואַנט אַלע צוזאַמען מענער, פרויען, קינדער, אַלטע און יונגע, געזונטע און קראַנקע, און מען איז דערשראָקן, דער פּחד איז זייער גרויס, טאָמער קומען ביינאַכט די קאַזאַקן.

אמת, דער פּלאַץ ווו מיר געפינען זיך, ליגט אין אַ וואַלד, ווייט פון אַ וועג, אַרומגערינגלט מיט הויכע ביימער, אַז עס איז שווער אַהין צו טרעפן. אָבער, מען ווייסט דאָך אַז אונדזערע גוטע פריינט די „גוים" ווייסן דאָך יאָ ווו מיר זענען, קאָנען זיי דאָך דערציילן די קאַזאַקן. אָבער פאַרפאַלן, עס איז קיין ברירה ניטאָ, און מען מוז וואַרטן און זען וואָס עס וועט פאַרקומען. אַפּאָר טעג איז טאַקע געווען שטיל, אָבער דערנאָך זענען געקומען עטלעכע מאָל קאַזאַקן און געוואָלט שיסן, אָבער מען האָט זיי געגעבן געלט און זייגערס און מען איז מיט זיי כסדר אַדורכגעקו־מען, אויך גוים זענען אַלע מאָל געקומען אין וועלדל, אַזוי אַז מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז מיר זענען הפקר, האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן טרעפן מיט היימישע פּויערים, ביי וועלכע מיר פלעגן באַקן ברויט, אָדער קויפן ברויט און עסנוואַרג.

איינציקע יידן זענען אַוועק אין שטאָט, און פון זיי זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז גוים גייען אַרום אין די הייזער און רויבן אַלץ וואָס זיי טרעפן, זענען שוין אויך פון אונדזער וועלדל געגאַנגען אַ סך יידן, און געבראַכט פון זייערע הייזער וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט פאַרכאַפּן פון מער ווערטפולע זאַכן.

די ידיעות וואָס מיר האָבן באַקומען פון די יידן פון יענעם וואַלד „טעכער" איז נאָך געווען ערגער ווי ביי אונדז, דאָרטן האָבן די קאַזאַקן געשאָסן און גערויבט אָפטער. אַזוי האָט דאָס זיצן אין וואַלד געדויערט אַ פּאָר וואָכן ביז ראש־השנה. דאמלסט האָט מען איבערגעגעבן אַז די קאַ־זאַקן זענען אַוועק פון שטאָט, נאָר עס איז געבליבן אַ קאָמענדאַנטור.

הערשל ווייסמאַן האָט זיך געטראָפן מיטן קאָמענדאַנט, און האָט פאַר געלט און מתנות דערלויבט אַז די יידן זאָלן קומען אין שטאָט אַריין, אַזוי זענען מיר דעם צווייטן טאָג, ראש־השנה געקומען אין שטאָט. אין אונדזער הויז איז כמעט אַלץ געווען צעראַבירט, אויך אין די אַנדערע הייזער דאָס זעלבע, דאָס גאַנצע שטעטל רואינירט, און חרוב ונחרב.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זעען מיר ווי די קאַזאַקן גייען אַרום מיט בוטלעס נאַפט און שטרוי און ווילן אונטערצינדן די קראָמען ווי אויך די הייזער. זיי האָבן, זאָגן זיי, אַזאַ באַפעל, ווען זיי גייען אַוועק אַלץ פאַרברענען. אָבער דאָ האָבן מיר פאַר זייגערס און אַ סך געלט זיי איבערגעקויפט, און זיי זענען אַוועק פון שטאָט.

די עסטרייכישע אַרמיי איז אַריין אין שטאָט, און עס איז געוואָרן ששון ושמחה ביי די יידן. עס איז געווען צווישן זיי פיל יידישע אָפיצירן און סאָלדאַטן און מען

האָט זיך געפילט זיכער. זיי האָבן תיכף געשאַפן א פּאָליציי פון לויטער יידן, און אַ בירגערמייסטער — מאָשקע פּלאַט. מען האָט צוגעשטעלט א ליסטע פון די פויערים רויבער און מען האָט ביי זיי געמאַכט רעוויזיעס. אָבער זיי האָבן דעם רויב באַגראָבן, אַז עס איז שווער געווען צו געפינען. עס האָט ווייניק געהאָלפן וואָס דער עסטרייכישער קאָמענדאַנט האָט זיי באַשטראָפט מיט הענגען אויף די הענט און גע־שלאָגן מיט לעדערנע פּאַסיקעס.

אין אַ קורצע צייט האָט די דייטשישע אָקופּאַציע־מאַכט איבערגענומען קאַמין ביז פּאַדצירייע, 2 קילאָמעטער פון שטעטל, און זי האָט אויך געשאַפן א יידישן בירגערמייס־טער — יעקב קופּטשיק. סעקרעטאַר שמואל קימעל, און פּאָליציי: גרשון סאָקאָל, מאָטל קטן, משה זאַסטאַווער יעקב רופא און יעקב קטן. זי האָט געפאָדערט צושטעלן יידן צו פאַרשידענע ארבעטן, צוליב דעם וואָס דער פראָנט איז געווען נאָענט צום שטעטל — 10—15 קילאָמעטער ביים סטאָכאַד, האָבן זיי אָנגעהויבן בויען אַ קליינע באַן־ליניע פון קאמין ביז בריסק־ליטאָווסק. און ווען מען האָט זיי ניט געקאָנט צושטעלן אזויפיל ארבעטער, זענען די דייטשע פּאָליציי אַרויס אין גאַס און אליין געכאַפּט יידן, אויך מיך האָבן זיי געכאפּט און אוועקגעשיקט עטלעכע קילאָמעטער צו בויען די באַן־ליניע. אין עטלעכע טעג ארום האָבן זיי געמאָלדן, אז די אַלע וועלכע ארבעטן ניט ווערן ארויסגע־שיקט מיט זייערע משפחות קיין פוילן. עס איז געוואָרן אַ בהלה אין שטעטל. מיט געוויינען און געשרייען איז מען געלאָפן צום בירגערמייסטער און צום דייטשן קאָמענדאַנט, אַז זיי ווילן גיין ארבעטן. דורך פּראָטעקציע האָט מען פיל פארשריבן אויף ארבעט און אויסגעמעקט פון דער רשימה, אָבער דעם גרעסטן טייל משפחות מיט אונדזער חשובן רב הר׳ גינדזבורג האָט מען ארויפגעזעצט אויף פורן, באַוואַכט דורך דייטשע פּאָליציי און אוועקגעפירט אין בריסקער ראַיאָן, קיין ראַדזין, דאָמאַטשעווע און לופּלעווקע. און אזוי זענען צעריסן געוואָרן משפחות, עלטערן פון קינדער, ברידער, שוועסטער פריינט. די סצענעס ביים געזעגענען זיך אין מיטן מאַרק וואָס איז געווען פול מיט דייטשישע פּאָליציאַנטן, און ניט צוגעלאָזן נאָענט צו די ארויסגעשיק־טע איז ניט צום באַשרייבן, די געוויינען און קלאָגערייען זענען געווען ביזן הימל, אָבער העלפן האָט מען נישט געקאָנט. זיי זענען פארטריבן געוואָרן פון זייערע היימען, און מיר האָבן פון זיי קיין גוטע גרוסן די גאַנצע צייט ניט באַקומען.

אין שטעטל האָבן זיי איינגעפירט א קריגס־רעזשים.



דער גירוש פון די קאַמין־קאָשירסקער יידן דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אין יאָר 1915.
צווישן די אַרויסגעשיקטע געפינט זיך הרב גינדזבורג (4־טער פון רעכטס).

פון 7 אָוונט ביז אינדערפרי האָט מען ניט געטאָרט ארויסגיין פון שטוב. עס זענען ארומגעפאָרן דייטשע פּאָליציאַנטן אויף ראָווערן, און וועמען זיי האָבן געכאַפּט, אפילו נעבן דער שטוב, האָבן זיי אַרעסטירט און געגעבן אַ שטראָף.

אין אַ צייט אַרום, האָבן זיי ווידער געמאַכט אַ ליסטע צום אַרויסשיקן, אפילו די וועלכע האָבן שוין געאַרבעט ביי דער באַן־ליניע. דאַמאָלסט האָבן זיי געבויעט אַ גרויסע באַן־ליניע — קאַמין־קאשירסק—קאָוועל, און זיי האָבן געבראכט רוסישע געפאַנגענע, מיין גרופּע האָט מען שוין די ערשטע צייט איבערגעפירט צו שטאָטישע אַרבעטן, אַזוי זענען מיר געווען „מיוחסים", און מען האָט אונדזערע משפחות ניט אַרויסגעשיקט, אָבער כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יידן זענען פאַרטריבן געוואָרן אין בריסקער ראַיאָן.

עס געדענקט זיך אַ עפּיזאָד פון יענער צייט: מיר האָבן געהאַט אַ גרויס הויז ווי אַלע חדרים זענען געווען פארנומען דורך די דייטשן, און אין קיך האָבן מיר געוווינט. אין ווינטער האָבן זיי אין זייערע חדרים אריינגעשטעלט אייזערנע אייוועלעך, און געהייצט מיט קוילן, פלוצים אין מיטן נאַכט הערן מיר ווי אַ ייד אַ שכן, שרייט אין פענסטער: „עס ברענט", מיר כאַפּן אַ קוק, עס ברענט דער צימער נעבן קיך. מיר האָבן געכאַפּט זיך אָנצוטאָן און ארויסגעשפרונגען דורכן פענסטער, צוליב דעם, וואָס ארום און ארום האָבן געוווינט דייטשן האָט מען תיכף געבראכט זייערע פאזשארנעס — פייער־לעשער, און ניט געלאָזט ווייטער ברענען אויסער אונדזער הויז, אָבער אונדזערע שכנים פון הויז, די דייטשן זענען געשטאַנען און געלאַכט וואָס מיר זענען אָפּגעברענט געוואָרן. אויף מאָרגן האָט מען אונדז גערופן צו אַ אויספאָרשונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער פון זיי האָט איינגעהייצט און איז אַוועק צו דער אַרבעט, אַזוי אַז די שולד פאַלט אויף זיי און דער שטאָט־קאָמענדאַנט, אַ פּאָלקאָוניק, וועלכער האָט געוווינט אין ראקאָווליעסער הויף מיט אונדזערן א קרוב משה פלאט, האָט אונדז קאָמפּענסירט מיט אַ דערלויבעניש צו עפענען אַ טיי־הויז מיט שטאַרקע געטראַנקען פאַר סאָלדאַטן. (אָבער מיר האָבן באַדאַרפט צושטעלן יעדן חודש 10 רובל גאָלד, וואָס מיר האָבן באַקומען צוגעשיקט פון קאָוועל דורך אונדזער פריינט יוסף שוחט).

מיר האָבן געעפנט די טיי־הויז אין קאָוולער גאַס אין הויז פון ה' ניסן דוב. עס האָבן זיך געעפנט נאָך אַ פּאָר „טיי־הייזער" ווי אויך קליינע געשעפטן פאַר דייטשע סאָלדאַטן, מען האָט זיך באַקענט מיט די אָפיצירן, מען האָט מיט זיי געהאנדלט און באַקומען פאַרשידענע פארלייכטערונגען. מען איז געגאַנגען שבת און יום־טוב דאַווענען אין טריסקער שטיבעל, ווו עס איז געוואָרן דער טרעף־פּונקט פון אַלע שטעטלדיקע איבערגעבליבענע יידן, ווו מען פלעגט זיך איבערגעבן ידיעות פון די אנדערע שטעטלעך, ווי קאָוועל, ראַטנע און אנדערע, וועלכע מען האָט נישט ארויסגעשיקט פון דאָרטן. אויך מיר האָבן דורך פאַרשידענע וועגן באַקומען בריוו און גרוסן פון די אַרויסגעשיקטע. אַמאָל פלעגט זיך אַריבערכאַפּן עמיצער פון דאָרטן צוריק אין אונדזער שטעטל, און מיר האָבן געהאַט פערזענלעכע גרוסן, אָבער שלעכטע, זיי האָבן פשוט געהונגערט. ביי אונדז איז געווען צופיל צו עסן, עס זענען געווען בעקערייען מיט ווייסע געבעקסן, און קאָנטינעס מיט אלערליי קאָנסערוון, פליישן, אָבער שיקן צו זיי איז געווען שווער.

שבת און יום־טוב זענען געקומען דאווענען אין טריסקער שטיבל פיל עסטרייכישע יידישע אָפיצירן און סאָלדאַטן, רוסיש־יידישע געפאַנגענע. איך געדענק אַז אַמאָל איז געקומען אַ דייטשער פעלד־ראַבינער ד"ר טענצער, און האָט איינגעאָרדנט אַ גאָטעס־דינסט פאַר די יידישע סאָלדאַטן, אין פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער, אונדזערע יידן זענען געווען שטאַרק אויפגערעגט אויפן „חילול־השם", אָבער איך בין געווען פאַראינטערעסירט צו זען ווי אַזוי מען ריכטעט יידישע תפילות ביי יעזוס־בילדער, און צלמים. איך בין אריין אהין, אָבער עס איז אלץ געווען פאַרדעקט, מען האָט דאָרט ניט ארויסגעזען קיין שום קריסטלעכע בילדער, ווי עס ווייזט אויס האָבן די גוים אליין אַסך פון זיי ארויסגענומען, ווייל זינט די דייטשן האָבן פארנומען דעם מאַרק האָבן זיי אויפגעהערט אהין צוקומען, און זענען געגאנגען אין א קלויסטער אין זאסטאַוויע, אָדער אויף וואָליער גאַס.

אַזוי האָט זיך די צייט געצויגן, דער פראָנט איז די גאַנצע צייט געווען ביי אונדזער שטאָט, עס איז געווען פיל מיט סאָלדאָטן און אָפיצירן, וועלכע זענען געווען איינגעקוואַרטירט אין די הייזער ביז פלוצלינג ביי טאָג איז ווידער אויסגעבראָכן אויף דער גוישער גאַס דאלניקעס א שריפה, און דער ווינט האָט זי תיכף איבערגעטראָגן אויף ביידע זייטן שטאָט, און עס זענען אָפּגעברענט געוואָרן זייער פיל הייזער. אויך מיר זענען ווידער אָפּגעברענט געוואָרן און זיך געמוזט אריינציען אויף סוף קאָוולער גאַס אין אַ גוישן הויז.

איך געדענק אַ עפּיזאָד: וויפל שריפות עס זענען געווען אין שטעטל, נאָנט און ארום טריסקער שטיבל, האָט זיך דאָס פייער אריבערגעוואָרפן ווייטער, און דאָס שטיבל איז פארבליבן. עס איז שוין געווען אלט, איינגעבויגן. דעם דאַך האָט מען אלע מאָל געמוזט פאַריכטן. אָבער, געברענט האָט עס ניט. אויך דאָס הויז פון ה' אשר ערליך וועלכעס איז געווען נעבן שטיבל, איז שוין אין דעם זכות אויך געבליבן. אין אין שטעטל האָט מען גערעדט, אז דאָס איז אַ ברכה

פון טריסקער רבין הרב טווערסקי, אַז דאָס שטיבל זאָל ניט ברענען און עס איז געשטאַנען ביז מען האָט דאָס צעוואָרפן און אויפגעשטעלט אַ נײַ, שיין שטיבל. ביי דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די היטלעריסטן באַנדיטן זענען ביי אונדז געווען, האָבן זיי ווידער געמאַכט שריפות. דאָס שטיבל איז געבליבן. אָבער אָן יידן.

די לאַגע אין אונדזער שטאָט האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז 1917, ווען עס איז פאָרגעקומען די רוסישע רעוואָלוציע און שטאַרקע קאַמפן זענען פאָרגעקומען ביים סטאכאָד, נעבן אונדזער שטעטל, און די דייטשן האָבן פאַרנומען טויזנטער רוסישע געפאַנגענע, און זענען אוועק טיף אין אוקראַינע, און אויפגעשטעלט א רעגירונג מיט העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי אין שפּיץ. פון רוסיש־יידישע געפאַנגענע, וועלכע זענען דורכגעפירט געוואָרן דורך אונדזער שטעטל, האָבן מיר זיך דערוווּסט פון דער באַלפור דעקלאַראַציע, און די ציוניסטישע שטימונג ביי די יידן אין רוסלאַנד. און דורך די רוסישע צייטונגען האָבן מיר זיך דערוווּסט די אַלגעמיינע לאַגע, און די שטימונגען אין לאַנד. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין קיעוו, ווו איך האָב שוין געהאַט ידיעות, אַז דאָרט איז קאָנצענטרירט די ציוניסטישע אַרבעט, די גרעסטע ציוניסטישע פירנדע פערזענלעכקייטן פון מאָסקווע, פּעטערבורג, און אַנדערע שטעט זענען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד, און געפינען זיך דאָרטן.

שווער איז מיר אָנגעקומען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אוועקצופאָרן פון מיין מוטער, כאָטש איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל זיין ביי איר ברודער נחמן קליין וועלכער האָט געפירט גרויסע געשעפטן אין יעקאַטערינעסלאַוו, אָבער נאָך שווערער איז אָנגעקומען צו באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער קאָמענדאַנטור, און זייענדיק א פּאָר טעג אין קאָוועל, ביי מיין שוועסטער רייצע גיווערץ, האָב איך געטראָפן מענטשן וועלכע וואַרטן שוין אַ לענגערע צייט אויף צו באַקומען דערלויבענישן קיין אוקראַינע, האָב איך באַשלאָסן דורכגנבע'נען דעם גרענעץ, און אומר, ועושה, די „בריחה” האָט מיר אָפּגעגליקט איך בין געקומען קיין קיעוו און געטראָפן אַ גאַנץ אַנדערע וועלט אַ שטאָט פול מיט יידן, אַלע צענטראַל־קאָמיטעטן פון די יידישע פּאַרטייען האָבן זיך דאָרטן געפונען: יידישע צייטונגען, יידישע אינסטיטוציעס, יידישע לערן־אַנשטאַלטן, יידישע פאַרלאַגן, מען האָט זיך געגרייט ווילן אַ יידישע קאָנסטיטואַנטע, עס איז געווען אַ יידישער מיניסטער, הכלל עס איז געווען „ששון ושמחה” ביי דער יידישער באַפעלקערונג. אויך איך האָב זיך דאָרטן איינגעאָרדנט, און מיין פרייע צייט האָב איך פאַרבראַכט אין קלוב פון די ציוניסטן און „צעירי ציון”, אויף באַלשאַי וואַסילקאָווסקי 18, ווו איך האָב זיך אָנגעזאָפּט מיט „צעירי ציוניזם” און דערנאָך געפירט וויכוחים מיט חברים פון אַנדערע פּאַרטייען ווי „בונד”, פאַראייניקטע ס.ס. און י.ס., און דאַמאָלסטיקע „פועלי ציון”, און עס איז מיר אויך געלונגען צו שאַפן אָנהענגער און סימפּאַטיקער פון אומפּאַרטייאישע, און פאַרשידענע ריכטונגען צום ציוניזם.

איך בין אינגאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אידעע. קומענדיק צו אַלע רעפעראַטן און פאָרלעזונגען, איך געדענק נאָך דעם העברעאישן רעפעראַט אין ציוניסטישן קלוב פון נתן ביסטריצקי (אגמון), איך געדענק אַז אברהם לוינסון אַלס פאָרשטייער פון „צעירי־ציון”, אויף אַ גרויסער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אין אַ שול, האָט אַזוי באַגייסטערט דעם עולם, אַז זיי האָבן צווישן זיך גערעדט „אשרי יולדתו”, ווייל איז דער מוטער וואָס האָט געבוירן אַזאַ זון.

האָבנדיק אין קיעוו גאָר נאָענטע פריינט, ווי מיין פּאַטערס אַ ברודער — אליעזר פלאָט, אַ העברעאישער לערער, און אַ קוזינע אַ געוועזענע לערערין אין אונדזער שטעטל, און פיל קוזינען און קוזינעס און פריינט וואָס איך האָב זיי ווייניק באַזוכט, סיידן דאָרט ווו איך האָב געוווּסט, אַז מיטן באַזוך, וועל איך ברענגען אַ נוצן פאַר דער ציוניסטישער אידעע, און דאָס האָט געדויערט ביז די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן באַהערשן אוקראַינע, און די דייטשן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון קיעוו, און ווען די קאָמוניסטן האָבן באַשאָסן די שטאָט, איז מיר געלונגען אַנטלויפן צום וואָקזאַל, און מיטן לעצטן דייטשישן מיליטערישן צוג, וועלכער איז געשטאַנען און נאָך געוואַרט אויף געוויסע אָפיצירן. טויזנטער יידן האָבן באַלאַגערט די וואַגאָנען, און די דייטשן האָבן זיי ניט אַריינגעלאָזט. איך און נאָך אַ קאַמינער בחור — שמואל מילשטיין, זענען אַריינגענומען געוואָרן, ווייל די אַלע סאָלדאַטן וואָס האָבן באַהערשט אוקראַינע, זענען די גאַנצע צייט פון דער מלחמה געווען איינגעקוואַרטירט אין קאַמין־קאַשירסקער סביבה, אַז ווען איך האָב געטראָפן דעם קאָמענדאַנט און געזאָגט, אַז מיר זענען פון קאַמין און ווילן פאָרן קיין קאַמין־קאַשירסקי, האָט ער אונדז געמאַכט פּלאַץ און מיר זענען געפאָרן אַהיים.

זייענדיק שבת ביי מיין שוועסטער אין קאָוועל, איז דאָרטן געווען איר שוואָגער, אַ קאָוולער ציוניסטישער עסקן — יצחק גיטעליס, ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן אַז זיי גייען שאַפן א ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַזוי בין איך שוין געגאַנגען אויף דער פאַרזאַמלונג, און זייענדיק גוט באַהאַוונט אין די אַלע ציוניסטישע פּראָבלעמען, ווי אויך די לעצטע נייעסן, האָב איך שוין דעם געווײילטן קאָמיטעט אַלץ איבערגעגעבן.

פלאַט

# דער אנהויב פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קאַמין-קאַשירסקי

אין סוף יאָר 1918, ווען די באָלשעוויקעס זענען געקו־מען קיין קיעוו ארויסטרייבן די דייטשע ארמיי פון אוק־ראינע, איז מיר געלונגען צו אנטלויפן מיטן לעצטן דייטשן מיליטער־צוג צוריק אהיים אין קאמין־קאשירסק. איך האָב שוין געטראָפן צוריק די אַלע יידן, וועלכע זענען דורך די דייטשן ארויסגעשיקט געוואָרן פון שטעטל, אָבער אין שטעטל איז נאָך געווען א חורבן... פיל הייזער פארברענט, די קראנק־הייטס עפידעמיעס האָבן נאָך געבושעוועט, אין יעדן הויז זענען געלעגן קראנקע מענטשן, אָן דאָקטוירים, אָן רעצעפטן. נאָך די אַלע פּאָגראָמען און רויבערייען, איז פשוט ניט געווען קיין געלט און מיטלען צו באַקומען וואָס עס האָט זיך גענויטיקט צום ערשטן געברויך. אָבער אונדזערע יידן, וועלכע האָבן שוין דורכגעמאכט די פארשידנסטע שלעכטע צייטן, האָבן זיך תיכף גענומען מיט פיל ענערגיע און מוט, צו די אמאָליקע אַלטע פרנסות אין שטעטל, צום קליינהאַנדל, און האנטווערקעריי... די סוחרים האָבן געעפנט קליינע קראָמען, זיי האָבן די סחורות געבראכט אויף פארשידענע וועגן פון קאָוועל, טייל זענען אפילו געגאנגען צופוס דורך די וועלדער, וואָס עס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת־נפשות. דער קאַמין־קאַשירסקער תושב שמריהו העבעל איז געהארגעט געוואָרן אויפן וועג.

אונדזערע בעלי־מלאכות, ווי שניידערס, שוסטערס, שמי־דן, פעלצנמאַכער, סטעלמאַכעס, סטאָלאַרס, בלעכערס און פון אנדערע פאכן, האָבן זיך תיכף גענומען צו זייערע פאכן, אויפגעשטעלט זייערע וואַרשטאַטן און אָנגעהויבן צו פאר־דינען, און צוריק אויפבויען דאָס שטעטל.

קומענדיק פון קיעוו, וועלכע איז געווען די הויפט־שטאָט פון אוקראינע, ווו עס האָבן זיך געפונען די אלע צענ־טראַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווו עס האָט זיך געפירט אַ ברייט פארצווייגטע ציוניסטישע טעטיקייט אויף אַלע גע־ביטן, ווו איך בין אויך געווען אקטיוו, און געהערט צו דער „צעירי ציון" פראקציע, האָב איך באשלאָסן, אז אויך אין קאמין מוז מען שאפן א ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

טרעפנדיק זיך מיט מיינע פריערדיקע חברים, ווי אויך מיט פיל אנדערע פערזאָנען, איז מיר געלונגען, נאָך פיל שוועריקייטן, צונויפרופן א פארזאמלונג אין דער שולע פון ח' בנימין קימל, אין הויז פון שלמה לאַפּאַטע. כ'האָב מיט־געבראַכט פארשידענע ציוניסטישע בראָשורן, און וואָכן־צייט־טונגען. ס'איז נישט געווען שווער אויפצוקלערן דעם ציו־ניסטישן געדאנק, וועגן שאפן תיכף אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זיך אקטיוו באטייליקן און מיטהעלפן פארווירקלעכן די ציוניסטישע אידעע.

נאָך אַ דיסקוסיע האָבן זיך אַלע אָנוועזנדע רעגיסטרירט אַלס חברים אין דער ציוניסטישער אָרג. עס איז געוויילט געוואָרן א קאָמיטעט פון די חברים: בנימין קימעל, יצחק באַרינהולץ, גרשון צוקערמאַן, חיה ערליך (רוזין), אייזנמאַן, דוד ענגיל, אליהו גינזבורג, שמואל מילשטיין, און דער שריי־בער פון די שורות.

אויף אַ גרעסערער פאַרזאמלונג וואָס מיר האָבן איינגע־אָרדנט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, זיינען געוויילט געוואָרן נאָך אייניקע חברים און קאנדידאַטן: זרח, קימל, אליעזר גינז־בורג, העני גורטנשטין (קאַצמאַן), אהרן שוסטער, שמואל קימל, מרדכי קטן און הערש לייב פליוס. עס איז געוויילט געוואָרן אלס פאַרזיצער — יעקב פלאַט, און סעקרעטאר — בנימין קימל. דער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבן אינטענסיוו צו ארבעטן און ווערבירן חברים; האָט געשאפן א קולטור־קאָמיסיע, און אַ פינאַנץ־קאָמיסיע, ווי אויך אַ מורשה פאַרן ק.ק.ל. — י. פלאַט.

מען האָט גלייך געשאפן א ציוניסטישן לאָקאַל (אין דער שולע פון ח' קימל), ווו עס זענען זיך יעדן אָוונט און שבת צונויפגעקומען די חברים אויף פארשידענע פארלעזונ־גען.

מיר האָבן זיך פארשטענדיקט מיט אַ קאָוולער צייטונג־קיאָסק. ער האָט אונז יעדן פרי־מאָרגן צוגעשיקט אַלע טעגלעכע ציוניסטישע צייטונגען, ווי דעם „היינט" און „הצפירה".

דעם גרעסטן פארדינסט ביים אָנהאַלטן דעם קאָנטאקט מיט דער ציוניסטישער אָרג. אין קאָוועל, האָט געהאַט דער חשובער ציוניסטישער עסקן און כלל טוער, — י. בוראַק. אַזוי אַרום איז אונדזער לאָקאַל געוואָרן דער קלוב און ביב־ליאָטעק, לעזע־זאַל, פאַר דער גאַנצער יוגנט, ווי אויך פון די פּראָגרעסיווע יונגעלייט אין אונדזער שטעטל. עס זענען שוין געקומען ציוניסטישע רעדנער, וואָס פלעגן האַלטן רעפע־



„החלוץ"
אין קאַמין־קאַשירסקי

ראַטן און חברים־שמועסן אויף פארשידענע טעמעס. מיר האָבן זיך אויך געטראָפן מיט חברים פון נאָענטע שטעטלעך און ביי זיי געשאפן ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

מיר האָבן געשאפן אַ סניף אין קליין־לושע, ווו עס האָבן דאָרטן אָנגעפירט מיט דער ארבעט די חברים: מרדכי קאנ־דעל אַלס פארזיצער, און בערל סירטשוק סעקרעטאר. אויך האָט דער קאָמיטעט פיל געלייסטעט אויפן געזעלשאפטלעכן געביט: געהאָלפן גרינדן א „תומכי עניים" געזעלשאפט, ווו יעדער האָט געצאָלט אַ געוויסע סומע מאָנאַטלעך, יעדע וואָך האָבן דאָס אונדזערע חברים אויפגעמאָנט, און צוזא־מען מיט די שטאָטישע עסקנים ר' יצחק שו"ב פלאָט, און ר' יצחק פרידמאַן, דאָס געלט פארטיילט צווישן די נויט־באדערפטיקע.

עס איז נאָך דאמאָלט געווען פיל קראנקע אין שטעטל, און זיי האָבן זיך גענויטיקט אין מילך, און די אָרעמערע האָבן ניט געקאָנט קויפן, האָבן מיר אָרגאַניזירט א „טפת־חלב" — מילך־שטעלע, ווו מיר האָבן געשיקט אונדזערע חברטעס יעדן פרי־מאָרגן מיט קרוגן, צו די אַלע וועלכע האָבן געהאט בהמות, און ביי זיי באקומען די מילך און פארטיילט צווישן די וואָס האָבן זיך אין דעם גענויטיקט.

זעלבסטשיץ און הילפס־קאָמיטעטן

צו יענער צייט איז אָנגעקומען צו אונדז ידיעות פון אוקראינע אז עס קומט דאָרט פאָר דורך די פארשידענע באַנדעס פאָגראָמען אויף יידן. אונדזער קאָמיטעט האָט זיך אָנגעהויבן באשעפטיקן מיט דער פראגע, וועגן שאפן אַ זעלבסטשוץ־אָרגאניזאַציע אַ „סאַמע אָבראָנע" אין שטעטל,



אָרגאַניזאַציע „פרייהייט"
אין קאַמין־קאָשירסקי



צום באַזוך פון דעלעגאַט פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדן ארץ־ישראל", ח' י. מאָרגנשטערן אין קאַמין־קאָשירסקי, אין יאָר 1932.




אַ צוזאַמענפאָר פון די סניפים פון „החלוץ־הצעיר": קאַמין־קאַשירסקי, ראַטנע, ניעס־כיזש, פניעווגע און אומגעגנט אין קאַמין־קאַשירסקי אין יאָר 1932

און קומענדיק מיט די שטעטלדיקע „בעלי־בתים" צו אַ פאַר־שטענדיקונג, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן די „סאַמע־אַבראַנע" מיטן ח' אביש קלורמאַן אלס קאָמענדאַנט. אַלע אונדזערע חברים וואָס האָט דאַמאָלסט ארומגענומען כמעט די גאַנצע יוגנט, זענען תיכף אריין אלס מיטגלידער און זיך גענומען צו דער הייליקער אַרבעט מיט מאַכן פאַרשידענע איבונגען, לערנען שיסן, און תמיד זיין גרייט, שטיין אויף דער וואַך, אָפּצוהיטן דאָס שטעטל פון פאָגראָמען.

אין יענער תקופה איז אין אונזער שטעטל געווען אַ הילפס־קאָמיטעט פון די הערן שעפּע זאַפּראַן, יעקב יצחק קלורמאַן, יצחק פלאָט, און אַנדערע, זיי האָבן באַקומען פּראָ־דוקטן און מלבושים פון קרייז־קאָמיטעט ביים „דזשוינט" אין קאָוועל און זיי האָבן דאָס פארטיילט צווישן די נויט־באַדערפטיקע אין שטעטל. אזוי 'ווי אין אונדזער אָרגאַניזאַ־ציע זענען געווען פיל בעלי־מלאכות, און אַרבעטער זענען זיי געקומען צו אונדז מיט טענות, אז זיי גלויבן אז דער קאָמיטעט וואָס באַשטייט פון „שיינע יידן", לומדים און סוחרים, פארטיילן זיי די מערסטע טייל וואָס זיי באַקומען פון „דזשוינט", אמת צו אָרעמע מענטשן, אָבער דאָך „אנשי שלומינו", לומדים, סוחרים און פרומע יידן, חסידים, און זיי די בעלי־מלאכות, און „פּראָסטאַקעס", באַקומען ווייניקער.

אונדזער קאָמיטעט האָט זיך תיכף געטראָפן מיט די פאָרשטייער פון הילפס־קאָמיטעט און געפאָדערט צו קאָאָפּ־טירן פאָרשטייער פון ציוניסטישן קאָמיטעט צו זיי. זיי האָבן



**הפועל המזרחי אין קאַמין־קאַשירסקי**

עס שטייען פון רעכטס: 1) חיים ראַדאָוועגסקי, 2) אומבאַקאַנט, 3) יעקב יאַפע, 4) פּראַדל גאָלדשטיין.
עס זיצן: 1) בתיה ראַדאָוועגסקי, 2) איטע גאָלדשטיין.



**אַ „בית"ר"־גרופּע פון קאַמין־קאַשירסקי**

פון רעכטס: אבא קלאָרמאַן, חיים קאַשער, יעקב קאַצמאַן, בעבע גאָרטנשטיין, מאיר רובינשטיין, משה פעלדמאַן, יצחק פעלדמאַן, משה יאַפע, דאָבע אברוך, סאָניע גאָרטנשטיין.

אונדז צוגעזאָגט, אז זיי וועלן דאָס דורכפירן אויף זייערע זיצונגען, דער סוף איז געווען, אז נאָך אייניקע זיצונגען וואָס מיר האָבן געהאט מיט זיי, האָבן די מערהייט ארויס־געזאָגט זיך קעגן אריינעמען אונדזערן אַ פאָרשטייער, ווייל זיי האָבן פשוט ניט געקאָנט פארשטיין, אז דער ציוניסטישער קאָמיטעט וואָס איז באשטאַנען פון „יוגנט", זאָלן זיי זאָגן אַ דעה, וואָס זיי האָבן צו טאָן און ועמען זיי זאָלן פאר־טיילן... נאָך מער האָט זיי פארדראָסן אז די „יינגלעך" פון ציוניסטישן קאָמיטעט וואָס פאָדערן דאָס פון זיי, זענען זייערע אייגענע קינדער אָדער ברידער...

מיר האָבן באשלאָסן אָנהויבן פירן א פאָליטישע אקציע



„השומר הצעיר" אין קאַמין־קאַשירסקי

קעגן זיי, און מיר האָבן געפאָדערט שאפן א קאָמיטעט אויף דעמאָקראטישע יסודות, דורך אלגעמיינע, דירעקטע, געהיימע פראָפּאָרציאָנעלע וואַלן, פארשטייט זיך, אז אַזאַ חוצפהדיקע פאָדערונג, איז ביי אונדז אין קאמין נאָך ניט פאָרגעקומען, און אונדזער פאָדערונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. דעמאָלסט האָט דער ציוניסטישער קאָמיטעט דעלעגירט דעם שרייבער פון די שורות אין ראיאָן־קאָמיטעט פון „דזשוינט" דערליידיקן דעם ענין.

קומענדיק קיין קאָוועל האָב איך זיך געטראָפן מיטן ה' יעקב בוראק, וועלכער איז געווען א פרעזידיום מיטגליד פון ראַיאָן קאָמיטעט, און מיר זענען געגאַנגען צום פארזיצער ה' שקאָלניק, און איבערגעבנדיק אונדזער פאָדערונג וועגן וואלן צום קאָמיטעט, האָבן זיי אויף א זיצונג באשטעטיקט אונדזער פאָדערונג, און באשלאָסן מער ניט אנערקענען דעם איצטיקן קאָמיטעט, און אים גאָרנישט ארויסגעבן צום פארטיילן אין קאמין.

אַזוי האָט זיך אין שטעטל אָנגעהויבן רודערן, עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן 3 ליסטעס. מיר האָבן זיך פאר־בונדן מיט די בעלי־מלאכות, ווי זייערע אקטיוויסטן זענען געווען אונדזערע חברים, און נאָך אַ גרויסן וואַל־קאמף זענען די רעזולטאטן געווען פאלגנדע:

ליסטע נומ. 1, ציוניסטישע אָרג. זענען געוויילט געוואָרן 3 פערזאָן, 1) יעקב פלאָט, 2) בנימין קימל, 3) אליהו גינזבורג.

ליסטע נומ. 2, האַנטווערקער, געוויילט געוואָרן 4 פערזאָן, 1) אברהם דוד אברוך, 2) דוד ענגיל, 3) אב־רהם לייב בורשטיין, 4) אהרן שוסטער.

ליסטע נומ.3, דאָס טריסקער שטיבל און בתי־מדרשים, זענען געוויילט געוואָרן 4 פערזאָן, 1) יצחק פרידמאן, 2) זעליג קימל, 3) אשר ערליך, 4) יעקב יצחק קלארמאן. בס"ה 11 מיט־גלידער אין קאָמיטעט.

אויף דער ערשטער זיצונג איז דער קאָמיטעט קאָנס־טרואירט געוואָרן: פאָרזיצער יעקב פלאָט. וויצע פאָרזיצער אברהם דוד אברוך, קאסיר — יצחק פרידמאן. אָבער צוליב דעם וואָס אויך דעם סעקרעטאריאט האָט געמוזט פירן י. פלאָט, האָט ער דעם פאָרזיץ איבערגעגעבן דעם ה' אברוך. אַזוי האָט אונזער שטעטל זיך צוגעוווינט צום דעמאָקראַ־טישן געדאַנק פון אלגעמיינע וואלן, און אַז אויך ציוניסטן „יינגלעך" און בעלי־מלאכות, קאָנען אָנפירן מיט געזעל־שאפטלעכע און שטאָטישע אינסטיטוציעס. אָבער נאָך אַ קאמף איז אונדז אויסגעקומען צו פירן מיט די „פני־העיר" די שטאָט בעלי־בתים, אויך לשם־שמים.



סניף „העובד"
אין קאַמין־קאָשירסקי אין יאָר 1934.

עס איז געקומען אַ דעלעגאַנט פון אמעריקע ח׳ סענדער רופא, און האָט מיטגעבראַכט אַ גרעסערע סומע געלט פון אונדזערע לאַנדסלייט פאַר שטאָטישע צוועקן. ווי אויך אַ גרייטן נאָמינירטן קאָמיטעט, וועלכער עס איז דאָרטן צונויפגעשטעלט געוואָרן, די אייניקע מיטגלידער וועלכע איך געדענק זענען: 1) יצחק פרידמאן, 2) פייווע פרימאַק, א. ערליך און אנד. אונדזער געוויילטער קאָמיטעט האָט געפאָדערט אַז מיר זאָלן צוזאַמען מיט די פערזאָנען וועלכע אמעריקע האָט נאָמיניהט, באַהאַנדלען אויף וועלכע צוועקן דאָס געלט זאָל פארוועכדעט ווערן, אָבער זיי האָבן אונדז אָפּגעזאָגט. זיי האָבן געוואָלט דאָס געלט פאַרטיילן אַביסל צווישן דעם אָרעמען טייל פון שטעטל, און דאָס רעשט בויען אַ מקוה, דאמאָלסט האָבן מיר גענומען צו הילף דעם דעלעגאַט וועלכער איז געווען מיינער אַ חבר פון חדר, און אים אויפגעקלערט אַז ער האָט דאָס רעכט זייענדיק אויפן אָרט, אליין איינזען אין וועמענס רשות דאָס געלט איבערגעבן, און אויף וואָספאַרע צוועקן, און אזוי ווי עס געפינט זיך אין שטאָט אַ געוויילטער קאָמיטעט, דאַרף דאָס געלט אים איבערגעגעבן ווערן.

נאָך די פאָדערונגען פון דעלעגאַט, האָבן זיי מסכים געווען עס זאָלן קומען אויף דער זיצונג 3 קאָמיטעט מיטגלידער, עס זענען דעלעגירט געוואָרן די ח׳ בנימין קימל, אליהו גינזבורג און דער שרייבער פון די שורות. אויף דער זיצונג איז געקומען צו ערנסטע מחלוקת׳ן, און זיי האָבן געפאָדערט, אז מיר זאָלן פארלאָזן די זיצונג. דער דעלעגאַט האָט געהאלטן מיט אונדז און ווען מיר האָבן פארלאָזט די זיצונג, האָט ער אויך פאַרלאָזט, און עס איז גאָרניט ארויסגעקומען. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען דורכן דעלעגאַט מיט אונדז און מיט זיי, האָבן זיי מסכים געווען אז איך אַלס פאָרשטייער פון קאָמיטעט, זאָל זיך באַטייליקן אַלס סעקרעטאַר, און זיי וועלן דורכקומען מיט מיר. אָבער אויף דער זיצונג איז אויך גאָרניט געוואָרן, ווייל איך האָב געפאָדערט



אַ סדר־נאַכט אין הכשרה־קיבוץ „קלאָסאָווע" אין יאָר 1932 מיטן אַנטייל פון פאַטראָנאַט.
די צוויי קינדער אונטן אין בילד זענען: משהלע און לאהלע פלאָט הי"ד

אַז דאָס געלט זאָל פאַרווענדעט ווערן אויף א בית־ספר, און זיי האָבן געוואָלט אַ מקוה.

זיי האָבן געזען אַז מיר ווילן זיי ניט נאָכגעבן, האָבן זיי געפאָדערט אַ בוררות, ביים הרב גינזבורג, ווי זיי האָבן געמיינט, אַז דאָרטן וועלן מיר אפשר זיי נאָכגעבן. אָבער מען האָט דאָרטן אויך ניט געקאָנט קומען צו אַ הסכם. פאַרקערט, זיי האָבן זיך ארומגעזען, אַז וואָס ווייטער עס דויערט דער מחלוקת, געווינען מיר מער אָנהענגער אין שטאָט. אַזוי אַז זיי האָבן מסכים געווען אַ טייל געלט איבערגעבן אין רשות פון ציוניסטישן קאָמיטעט, אויף אַ בית־הספר.

מיר האָבן דאָס געלט באַקומען, אָבער צום באַדויערן האָבן מיר דאָס ניט פאַרנוצט אויף אַ בית־הספר. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און עס איז געוואָרן קריג צווישן פוילן און רוסלאַנד, און עס איז דורכגעגאַנגען פויליש מיליטער, און האָט געפאָדערט אַ געוויסע סומע געלט אַלס קאָנטריבוציע. מיר פון דעם ציוניסטישן קאָמיטעט האָבן געזאָגט, אז מען דאַרף צונויפזאַמלען דאָס געלט ביי די פארמעגלעכע מענטשן, אָבער די „פני־העיר" האָבן געטענהט, אַזוי ווי ביי די ציוניסטן געפינט זיך געלט דאַרף מען ביי זיי אוועקנעמען און האָבן פון אונדז געפאָדערט דאָס געלט אָבער מיר האָבן ניט געגעבן ביז דער קאָמענדאַנט האָט ארויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אויב מען וועט ביז נאַכט ניט אריינטראָגן די געפאָדערטע סומע, וועט מען די מענער אַ וועקנעמען צום טרייבן אָקסן קיין פוילן.

און אומר ועושה, די סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן כאַפּן מענער אין שטעטל, עס איז געוואָרן אַ קלאָג. מען האָט אויפגעהעצט קעגן אונדז, אז מיר זענען שולדיק, ווייל מיר ווילן ניט געבן דאָס געלט, און דערווייל כאפן די סאָלדאַטן וואָס מער מענער. באין ברירה האָבן מיר צונויפגערופן א זיצונג פון ציוניסטישן קאָמיטעט, צוזאַמען מיט די „פני־העיר" אין שטאָטישן בית־המדרש אין מיטן מארק, וועלכער איז שוין געווען פול מיט געכאַפּטע מענער, ארומגערינגלט מיט פוילישע זעלנער און מיר האָבן באַשלאָסן דאָס געלט ניט אוועקגעבן ווי זיי האָבן געוואָלט, נאָר מיר באָרגן זיי אויס אויף וועקסלען, ווען עס וועט שטיל ווערן זאָלן זיי אונדז צוריק אָפּגעבן אויפן בית־הספר. און מיט גרויס ווייטאָג האָבן מיר דאָס געלט געגעבן באַקומענדיק וועקסלען פון די ה"ה ש. זאפראַן, ש. קארש, י. פרידמאַן, י. קלירמאַן און ל. גאָלדשטיין מען האָט תיכף אָפּגעלאָזט אַלע געכאַפּטע יידן און שלום על ישראל.

## קרן־היסוד

דער קרן־היסוד וואָס איז געווען דער המשך פון „קרן־הגאולה", איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר אַראָפּגעברענגט פון וואַרשע דעם ח' בלעכמאַן, וועלכער האָט געהאַלטן אין בית־המדרש אַ רעפעראַט וועגן ארץ־ישראל. ער האָט אַזוי באַגייסטערט דעם עולם, אז אייניקע האָבן אויסגעטאָן גאָלדענע רינגען פון די פינגער, און אנדערע האָבן געגעבן גאָלדענע מטבעות פאַרן „קרן־היסוד". אַזוי איז שוין יעדעס יאָר געקומען אַ פאַרשטייער פון קרן־היסוד־צענטראַלע אין פוילן און צוזאַמען מיטן אָרטיקן קאָמיטעט געפירט די אַרבעט פאַר קרן־היסוד אַ וואָך צייט. דער סדר פון דער וואָך פלעגט זיין פאָלגנדער:

שבת נאָך מיטאָג און יעדן אָוונט אין מיטן־וואָך, האָט דער פאַרשטייער געהאַלטן רעפעראַטן וועגן ארץ־ישראל. נאָכן רעפעראַט איז גערופן געוואָרן אַ געוויסע צאָל מענטשן, וועלכע זענען געבעטן געוואָרן צו דעקלערירן זיך אַ פריי־וויליקן יערלעכן שטייער, „מעשר" פונם פאַרדינסט, אַ געוויסע סומע גלייך אין מזומן, און די רעשט אויף וועקסלען אויסצוצאָלן אין משך פון יאָר.

די וועלכע זענען ניט געקומען צו די קאָמיטעט־פאַרזאַמלונגען, איז אויף מאָרגן דער דעלעגאַט צוזאַמען מיט א פאָר חברים פון קאָמיטעט, געגאַנגען צו זיי, און זיי האָבן זיך דעקלארירט לויט זייערע מעגלעכקייטן. אין משך פון דער וואָך זענען אַלע איינוווינער באַזוכט געוואָרן. די גרעסטע מערהייט האָט מיט פאַרגעניגן זיך באַשטייערט פאַרן „קרן־היסוד".

עס איז יעדעס יאָר געוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט. ווי איך געדענק זיינען די קאָמיטעט־מיטגלידער געווען חשובע שטאָט בעלי־בתים: — ר' יצחק פרידמאַן, שבתי זאפראַן מרדכי לערמאַן ז"ל, און די ציוניסטישע עסקנים — ברוך מלמד (היינט אין ישראל) אַלס דער פּראַקטישער אָנפירער פון דער קה"ס ארבעט, און די חברים — יצחק באַרינהולץ, שלמה קלורמאַן, לייביש לעיו אברהם רויטנשטיין, גדליה גריבאַטליכט, און דער שרייבער פון די שורות.

אַזוי יאָר־יערלעך, אַ דאַנק דער איבערגעגעבנקייט פונם ח' מלמד, און די אַנדערע קרן־היסוד עסקנים, איז די אַקציע פאַרשטאַרקט געוואָרן און דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג.

## קרן קימת לישראל

דער קרן־קימת איז ביי אונדז אין קאַמין־קאַשירסק אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1918, מיט דער גרינדונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און האָט עקזיסטירט ביזן יאָר

1939, ווען אונדזער שטעטל איז חרוב געוואָרן און די יידן אויסגעהרגעט.

אלס ערשטער מורשה פון קק״ל אין יאָר 1918 איז געוויילט געוואָרן דער שרייבער פון די שורות, און כסדר יעדעס יאָר אויפסניי געוויילט געוואָרן, ביזן יאָר 1939.

דער קק״ל־קאָמיטעט אין אונדזער שטעטל איז תמיד געווען טעטיק די ארבעט פאַר ק. ק. ל. האָט פאראייניקט



**דער קאָמיטעט פון ק.ק.ל. אין קאַמין אין יאָר 1933**
עס שטייען, פון רעכטס צו לינקס: יחיאל שוסטער, יצחק ווערבע, פועה פלאָט־פאָזנאַנסקי, עלקע קאָמינסקי־אַלטוואַרג, מאיר פרידמאַן, לאה קימעל־לייזערוק.
עס זיצן: יעקב און ציפע פלאָט מיט זייערע קינדער משהלע און לאהלע

אַלע יידן פון שטעטל אָן אונטערשיד פון פאַרטיי. די פאַרטייען וואָס האָבן צוליב אידעאישע טעמים זיך אָפט געקריגט, געפירט הייסע דיסקוסיעס, האָבן ביי קרן־קימת־זיצונגען אָדער פארזאמלונגען אלץ פארגעסן, און זיך געאייניקט מיט איין ציל — וואָס מער געלט זאַמלען אויף אויסצולייזן באָדן אין ארץ־ישראל.

אַזוי האָבן זיך ביי אַלע אַקציעס און זאמלונגען פאראייניקט אַ מזרחיסט מיט אַ פועל־ציוניסט, אַ רעוויזיאָניסט מיט אַן התאחדותניק, אַ בית״ר־חבר מיט אַ פרייהייט־חבר אַן אלגעמיינער ציוניסט מיט אַ השומר־הצעירניק. יעדע ציוניסטישע פאַרטיי האָט געשיקט אירע אָנגעזעענסטע און בעסטע חברים אין קק״ל, און יעדעס יאָר איז פון זיי אויסגעוויילט געוואָרן: 1) אַ מורשה (פאָרזיצנדער) 2) אַ מזכיר, 3) אַ גזבר, און רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, ווי אויך חברים וועלכע זאָלן זיין פאראַנטוואָרטלעך פאר באַזונדערע רעסאָרטן, ווי פושקעס א. אז. וו. עס איז ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען קיין הויז אָן דער בלוי־ווייסער פושקע, ווו יעדע

יידישע פרוי האָט ערב שבת און יום־טוב, פאר ליכט בענטשן, ווי אויך ביי אַנדערע געלעגנהייטן מיט פארגעניגן אריינגעוואָרפן אַ מטבע. יעדן סוף חודש זענען אונדזערע חברים ארומגעגאַנגען און אויסגעליידיקט די פושקעס. עס איז געווען איינגעפירט, אַז יעדער צאָלט אַ געוויסע סומע, און טאָמער איז אין פושקע ניט געווען די סומע געלט, האָט מען דערלייגט פון טאַש.

עס איז אויך געווען איינגעפירט, אז אויף יעדער שמחה — אַ חתונה, אַ תנאים, אַ ברית־מילה, איז געגאנגען אַ פאָרל און געזאַמלט געלט ביי די געסט, ווי אויך ביי די מחותנים, און געפלאַנצט ביימער אויף זייער נאָמען אין „יער הרצל״. ערב ראש־השנה האָבן מיר פאַרקויפט ווונטש־קאַרטן, און ערב יום־כפור געשטעלט קערות אין די שולן. חמשה עשר בשבט געבראַכט ארץ־ישראל פירות, אויך חנוכה, פורים און ל״ג בעומר האָבן מיר דורכגעפירט זאמל־אקציעס איינגעאָרדנט בעלער, ווי אויך באזארן, וועלכע האָבן אריינגעבראַכט גרעסערע סומען געלט, און יעדן חודש איבערגעשיקט דאָס געלט מיט אַ גענויעם באַריכט, ביילייגנדיק אַלע קבלות, צו דער צענטראלע פון קק״ל אין ווארשע. אויך איז




אַ קרן־קימת־ווינקל אין „השומר־הצעיר״
אין קאַמין־קאָשירסקי אין יאָר 1932

אין דער שולע געזאַמלט געוואָרן געלט דורך די קינדער אין יעדער כתה פארן קק״ל.

שמחת תורה, ווען אַלע יידן ווערן אויפגערופן צו דער „תורה״, האָבן מיר אויך איינגעאָרדנט אַ נדרים־אַקציע. נישט גרינג איז אָנגעקומען אריינצודרינגען אין די בתי־המדרשים

און אין די חסידים־שטיבלעך, ווייל זיי האָבן שוין געמאַכט נדרים פאַר די ישיבות און אנדערע אנשטאַלטן; אָבער אַ דאַנק אונדזערע ענערגישע קק״ל עסקנים, וועלכע זענען אויף דעם טאָג מאָביליזירט געוואָרן, איז די נדרים־אַקציע פאַרן קק״ל אומעטום דורכגעפירט געוואָרן מיט גרויס דערפאָלג.

אויף די יערלעכע קרייז־קאָנפערענצן אין וואָלין, מיט דער באַטייליקונג פון ארץ־ישראל דעלעגאַטן און פאַרשטייער פון קק״ל־צענטראַלע אין פוילן, האָבן זיי תמיד געשטעלט אונדזער שטעטל פאַר אַ מוסטער פון ארבעט, און אויפגעוויזן, אַז מיר דערפילן דעם יערלעכן קאָנטיגענט, און שטייען אויפן ערשטן אָרט אין וואָלין מיט געלט־זאַמלונגען, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער באַפעלקערונג. די באַציאונגען פון דער צענטראַלע צו אונדז זענען געווען פול מיט אכטונג און אָנערקענונג.

ווען ס'איז געקומען אַ ארץ־ישראל דעלעגאַט דורכצופירן אין די גרעסערע שטעט קק״ל אקציעס, און איינאָרדנען קרייז־קאָנפערענצן, פלעגט ער געשיקט ווערן אויך אין אונדזער שטעטל אויף אַ שבת, אָנערקענענדיק אונדזער איבערגעבענע ארבעט לטובת דעם קק״ל.

**אַ עפּיזאָד:** ווען דער אדוואָקאַט באנפעלד איז צו אונדז געשיקט געוואָרן אויף אַ באַזוך, האָבן מיר אים איינגעאָרדנט אין פוילישן „דאָם ליודאָווי" אין צענטער שטאָט, אַ עפנטלעכן רעפעראַט. מיר האָבן אַלץ איינגעאָרדנט, ווי שטענדיק, און געוואַרט אויף דער דערלויבעניש פון סטאַראָסטווע. לײדער האָבן מיר די דערלויבעניש נישט באַקומען. דער סטאַראָסטווע איז דעם טאָג אָפּגעפאָרן, און עס איז נישט געווען צו וועמען זיך צו ווענדן וועגן דעם. מיר, די פאַראַנטוואָרטלעכע פון דער פאַרזאַמלונג, האָבן אָבער באַשלאָסן קיינעם וועגן דעם נישט איבערגעבן, און די פאַרזאַמלונג זאָל פאָרקומען.

שבת ביי טאָג, דער זאַל איז איבערפולט מיט מענטשן. דער פּאָליציי קומט נישט אויפן געדאַנק, אַז עס קומט פאַר אין צענטער שטאָט, אין שטאָטישן קינאָ־זאַל פון „דאָם ליודאָווי" אַ גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון יידן, אָן אַ דערלויבעניש. דער פאַרזיצענדער (מורשה) פון קק״ל עפנט די פאַרזאַמלונג, עס קומען באַגריסונגען פון די פּאַרטייען און אינסטיטוציעס. ווען דער פאַרשטייער פון השומר־הצעיר באַגריסט אין העברעאיש, ווערט אַ טומל דורך די יידישיסטן פון לינקן לאַגער. עס געלונגט מיר אלס פאַרזיצער צו באַרויקן, עס ווערט שטיל. אָבער צום סוף, ווען עס באַגריסט דער סעקרעטאַר פון „פּראָפעסיאָנעלן פאַריין" אין נאָמען פון דער ארבעטערשאַפט, ווערט די חוצפּה פון די קעגנער פון ציוניזם גרעסער, זיי שרייען און טומלען.

עס געלונגט מיר נאָכאַמאָל איינצושטילן די קעגנער, און עס ווערט שטיל. דער שליח, באַנפעלד, האַלט אַ זייער שיינעם רעפעראַט, אָבער צום סוף, ווען עס הערן זיך ווידער אייניקע צווישנרופן פון דערזעלבער גרופּע, קענען שוין די חברים פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זיך מער נישט באַהערשן, און עס ברעכט אויס אַ גרויס געשלעג. עס קומט פּאָליציי און פאַרנעמט דעם רעדנער מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער פאַרזאַמלונג אין פּאָליציי־הויז. דאָרטן דערוויסן זיי זיך, אַז עס איז נישטאָ קיין דערלויבעניש און די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אומלעגאַל; און אויך אַז דער רעדנער, אלס אויסלענדישער בירגער, איז דורכן האָטעל־אייגנטימער ביי זיי נישט געמאָלדן געוואָרן. זיי זענען שטאַרק אין כעס אויף אונדז, מאַכן אַ „פּראָטאָקאָל" פאַר דורכפירן אַ אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג. דעם ח' באַנפעלד גיבן זיי אין רשות פונעם אָנפירער פון דער געהיים־פּאָליציי, אים אָפּפירן צום וואָקזאַל און מיטן ערשטן צוג זאָל ער אָפּפאָרן פון קאַמין.

מיר האָבן נאָך געהאַט דורכצופירן מיט זיין באַטיי־



**אַ גרופּע אַקטיווע טוער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אויף אַ קרן־קימת־אָוונט אין קאַמין.**
אין דער ערשטער שורה (פון רעכטס צו לינקס): 1) אומבאַקאַנט, 2) אומבאַקאַנט, 3) זאב פרוזשאנסקי, 4) יצחק באַרנהאָלץ, 5) אברהם שטיינבערג, 6) זלמן לערמאַן.
אין דער צווייטער שורה: 1) שרה ווייסמאַן, 2) צירל פערלין, 3) סאָסע אייזנבערג־געלער, 4) דיק, 5) פרוי ד״ר שטיינבערג.
אין דער דריטער שורה: 1) פרוי סטריער, 2) ליובע ווייסמאַן־קטן, 3) אומבאַקאַנט.
אין דער פערטער שורה: 1) מאיר פרידמן, 2) יוסף אייזנבערג, 3) נחמן געלער.



אַ ל״ג־בעומר־פייערונג פון דער אָרג. „פרייהייט״ לטובת ק.ק.ל.

ליקונג אַ פּרויען־פאַרזאַמלונג און אַ יוגנט־פאַרזאַמלונג, אַזוי ווי עס איז געלונגען אונדזערן אַ חבר, א רעסטאַראַן־אייגנטימער, אוועקנעמען דעם געהיים־פּאָליציאַנט צו אים אין רעסטאַראַן אויף אַ סעודה מיט שטאַרקע געטראַנקען, איז אונדז געלונגען, אָפּצוהאַלטן די פאַרזאַמלונגען איידער ער איז אָפּגעפאָרן. אָבער מיר, די פאַראַנטוואָרטלעכע, דער שרייבער פון די שורות, חבר ברוך מלמד (היינט אין ישראל) און חבר יצחק בארנהולץ ז״ל, האָבן נאָך געהאַט אויספאַרשונגען און משפּטים. דער סוף איז געווען, אַז אין קרייזגעריכט איז געשטעלט געוואָרן דער אַדוואָקאַט ד״ר גראַספּעלד, און עס איז געלונגען, מיר זאָלן אָפּקומען מיט געלט־שטראָף.

די אַקטיווע קק״ל עסקנים, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די דייטשע באַנדיטן זענען: **יצחק** בארנהולץ, **שלמה** קלורמאַן, **לייביש** לעוו, **אברהם** רויטענשטיין, **גדליה** גריי־מאַטליכט **יוסף** אייזענבערג, **ציפע** פלאַט, **יצחק** ווערבע, **זרח** קימעל, **יעקב** יפה, **חיים** ראַדאָווענסקע, **חוה ולאה** קימל, **סאָסיע ונחמן** געלער, **זלמן** לערמאַן, **מאיר** פרידמאַן, **חיים אשר** וואַווק, **עלקע ומשה** אַלטוואַרג, **אסתר** קאַזאַק, **יוסף** באַקאַל־טשוק, **יעקב** רייכמאַן, א. אג. די פרויען וועלכע האָבן זיך באַטייליקט ביי די בעלער לטובת קק״ל: **פעסי** גורטינשטיין, **פריידע** ווייסמאַן, **חיה** רויזן, **פרוי ד״ר** שטיינבאַרג, **מנוחה** קלורמאַן, **עטקע** געלבורט, **חיה** קלורמאַן, **מאשע** אייזענבערג, **מאַניע שרה** דעקטער, **פועה** רובינשטיין **און נאָך פיל פרויען, וועלכע איך געדענק לײדער נישט זייערע נעמען.**

**זאָל זייער הייליקער אָנדענק זיין געבענטשט.**

**אין קק״ל קאָמיטעט זענען געווען די חברים: ברוך** מלמד, **אליעזר** שפּירא, **צבי** קאַמינסקי **(סלע), ברכה** לערמאַן (בן־יונתן), **בת־שבע** פרייד **(ראבינער), בנימין** ברג, **צבי זאב** וואַטון, **און יעקב** פלאַט.

**אקטיוו ביי די זאַמל־אַקציעס זענען געווען: בן ציון** קארש, **פישל וחיים** לייזערוק, **מינדל** קארש **(סאָלאָוויטשיק), זאב** פּרוזשאַנסקי, **גיטל ויחיאל** שוסטער, **פועה** פלאַט (פּאָזנאַנסקי), **דב** אַרנשטיין, **פנחס** גורטינשטיין **רייזל** פלאַט — **(פערטשוק), רבקה** פעלדמאַן **(נודל) און אנד.**

ברוך מלמד

# דער ציוניזם אין קאַמין-קאַשירסקי א פאלקס-אינסטיטוציע

קאַמין־קאַשירסקי איז געווען א גוט אנטוויקלט ייִדיש שטעטל אין אַלע הינזיכטן. זי האָט פאַרמאָגט אלערליי געשטאַלטן פון עכטע ייִדישע מענטשן, גרויסע למדנים, משכילים, געזעלשאַפטלעכע טוער, בעלי בתים נדבנים, וואָס האָבן ליב געהאַט ארויסהעלפן א נויט־באַדערפטיקן און דערמעגלעכן אים זיך איינאָרדנען, ער זאָל קענען האָבן פּרנסה פאַר זיין משפחה.

סוחרים און קליינהענדלער פון אלערליי האַנדלס־צווייגן, אויך פאָלקס־מענטשן וואָס קיין שווערע ארבעט איז פאַר זיי נישט געווען צו שווער. אין קאַמין־קאַשירסקי איז ארבעט און האַנטווערקעריי נישט געווען גערעכנט פאַר קיין נידעריקן יחוס, ווי אין טייל חסידישע קרייזן אין פּוילן.

זענען טאַקע אין קאַמין־קאַשירסקי ביי דער קליינער צאָל באַפעלקערונג, וואָס זי האָט פאַרמאָגט, געווען ייִדישע האַנטווערקער ספּעציאַליסטן, גוטע פאַכלייט, ביי אלע האַנט־ווערקער צווייגן, פאַר דער שטאָט און איר געגנט. אַזוי אַרום איז דאָס שטעטל געווען אַ גוט איינגעאָרדנטער עקאָנאָמישער צענטער פאַר איר גאַנצער סביבה.

אז די זאָרג פאַר פּרנסה האָט נישט געדריקט, האָבן יידן זיך אָפּגעגעבן מיט קהלישע ענינים. מען האָט געזאָרגט דערפאַר, אז די שטאָט זאָל האָבן אַ גוטן רב, א גרויסער


אַ גרופּע חברים פון „החלוץ" אין קאַמין־קאָשירסקי. פון רעכטס צו לינקס: וויינער אייזיק, וואַטון הערש־וואָלף, יעראָזשדיצקי שמואל, קרוין יצחק, באַקאַלטשוק, קאַמינסקי יעקב, חייט שמחה.

למדן און א גוטער מנהיג פון דער שטאָט. זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אז נישט אַלע יידן האָבן געקענט האָבן די זעלבע מיינונג פון דעם רבס מנהיגות. עס האָבן זיך טאַקע געפונען געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זענען נישט געווען צופרידן פון דעם רב. האָבן זיי איינגעלאַדן א צווייטן רב אין שטאָט, אַזוי ארום האָט זיך געשאַפן א מחלוקת צווישן די אָנהענגער פון ביידע רבנים. עס זענען געווען מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן אָנהענגער פון חסידישע רביים. אַ טייל זענען געווען חסידים פון סטעפּינער רבין און אַ טייל זענען געווען הסידים פון טריסקער רבין. שפּעטער האָט מען אראָפּגעבראַכט קיין קאַמין־קאַשירסקי דעם קאָבּרינער רבין. פאַרשטייט זיך אַז חסידים פון יעדן רבין האָבן אויסגעבויט פאַר זיך באַזונדער אַ שול צום דאַווענען.

זענען אין שטאָט געווען דריי חסידישע שולן, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן „שטיבלעך": סטעפּינער שטיבל, טריסקער שטיבל, און קאָברינער שטיבל; חוץ דעם גרויסן בית המדרש, ווו עס האָבן געדאַוונט סתם פאָלקס־מענטשן, נישט קיין אויסגעשפּראָכענע חסידים פון א געוויסן רבין, אָדער גאָר קיין חסידים נישט.

די פאַרשידענע פאָלקס־גרופּן האָבן נישט געהאַט קיין איינהייטלעכע מיינונג וועגן אלערליי קהלישע ענינים. זער אָפט פלעגן פאָרקומען אויף דעם געביט מחלוקתן ווי געוויינלעך אין עכטע יידישע טראַדיציאָנעלע שטעטלעך.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע, ווען דער ציוניזם איז אַרויף אויף זיין ברייטן נאַציאָנאַלן וועג, און אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן און אַרומנעמען אַלע שיכטן פון פאָלק, האָבן זיך אין קאַמין־קאַשירסקי געגרינדעט און פאָרמירט אַלע פראַקציעס פון ציוניזם: רעוויזיאָניסטן, מזרחי, אלגעמיינע ציוניסטן, צעירי ציון, פועלי ציון, השומר הצעיר און אנדערע.

יעדע פראַקציע האָט געפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע; וועלנדיק אַריבערציען צו זיך וואָס מער אָנהענ־


„החלוץ־הצעיר" — בר־גיורא־גרופּע

גער. ביים ייִנגערן דור האָט זיך אַנטוויקלט, די פון זייערע עלטערן געירשנטע נייגונג, צו צעטיילונג. ביי די עלטערן איז דאָס געווען אין די פראַגן פון רבנים, דיינים, רביים א.ד.ג. ביי די קינדער זענען דאָס געווען פּראָבלעמען פון וועלט־אַנשויאונג, סאָציאַלע און ווירטשאַפטלעכע פראַגן אויפן נאַציאָנאַלן באָדן. יעדע גרופּע האָט געוואָלט, אַז די ייִדישע נאַציאָנאַלע היים זאָל געבויט ווערן אויף אַזעלכע פונדאַמענטן ווי איר גערעכטע וועלט־אַנשויאונג האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט.

פאַרשטייט זיך, די מיינונגס פאַרשידנהייטן וואָלטן געשטערט דער פרוכטבאַרער צוזאַמענאַרבעט פון אַלע פאָלקס־שיכטן פאַר דעם הויפּט אידעאַל פון ציוניזם; דאָס עצם אויסבויען און שאַפן אַ נאַציאָנאַלע היים. צום גליק האָבן זיך אין קאַמין־קאַשירסקי געפונען געניג מעסיקע ציוניסטישע טוער, וועלכע האָבן דערקלערט, אַז נישט



„השומר הצעיר" אין קאַמין־קאַשירסקי

קוקנדיק דערויף, וואָס די פאַרשידענע פראַקציעס זענען נישט געאייניקט אין פאַרשידענע פּראָבלעמען, איז אָבער פאַראַן איין פּלאַטפאָרמע און זי איז די הויפּטלעכע, אויף וועלכער אַלע קענען זיך פאַראייניקן: דאָס איז די רעאַלע אַרבעט פאַרן ציוניזם, וועלכע דריקט זיך אויס אין פּראַקטישער בויאונג פון דער נאַציאָנאַלער היים, לייגנדיק אַ ציגל נאָך אַ ציגל צו דעם גרויסן בנין, ווו מיר זענען נאָך געשטאַנען ביי זיין סאַמע אָנהייב. דאָס איז די אַרבעט פאַר די דריי פונדאַמענטן פון ציוניזם: 1) נאַציאָנאַלע קולטור — העברעאישע פאָלקס־שולע און ביבליאָטעק. 2) באָדן אויס־לייזונג — קרן קימת לישראל און 3) עליה און התישבות — קרן היסוד. אויף די דריי פונקטן קענען אַלע זיין פאַראייניקט און פעסט צוזאַמענאַרבעטן. דער פאָרשלאַג איז דורך אַלעמען אָנגענומען געוואָרן. באַלד איז געשאַפן

געוואָרן אַ ועד ציוני עירוני — אַ שטאָטישער ציוניסטי־שער קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען געווען פאַרטראָטן אַלע ציוניסטישע קערפּערשאַפטן אין שטאָט און אין וועלכן אַלע האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט פאַר תרבות קק"ל און קרן היסוד, אָפּצוגעבן די בעסטע צייט און ענערגיע פאַר זייער דערפאָלג.

ביי דער אַרבעט איז נישט געווען וויכטיק צו וועלכער ציוניסטישער פראַקציע דער מיטאַרבעטער געהערט; דאָ, צו דעם, זענען אַלע געווען פאַראייניקט. דערום איז טאַקע די ציוניסטישע טעטיקייט געווען דערפאָלגרייך אין קאַמין־קאַשירסקי. די שטאָט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע דערגרייכונגען פאַרן ציוניזם אויף אַלע געביטן.

גלייכצייטיק מיט דער אויבנדערמאַנטער פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט איז אויך געשטאַרקט געוואָרן די אַלגע־מיינע פאַרשטענדעניש צווישן די פאַרשידענע ציוניסטישע



אַ יוגנט־גרופּע פון „בית״ר״

יוגנט־גרופּעס. די פּאָליטישע מיינונגס־פאַרשידנהייטן זע־נען נישט געוואָרן פאַרשאַרפט. עס האָט געהערשט שלום און פאַרשטענדיקונג צווישן די פאַרשידענע פראַקציעס. זיי האָבן מיטגעאַרבעט און זיך געהאָלפן איינער דעם צווייטן אויף אַלע געביטן. צום ביישפּיל: חברים, וועלכע זענען נישט געווען קיין חסידים פון השומר הצעיר, האָבן שטאַרק מיטגעהאָלפן צו זיין אַנטוויקלונג און לעגאַליזירונג ביי דער מאַכט און נאָך פיל אַנדערע פאַלן.

די אחדות, וואָס די עלטערן האָבן נישט פאַרשטאַנען צו שאַפן, האָבן דערגרייכט זייערע קינדער, די ציוניסטן. עס איז נאָר אַ שאָד וואָס זייער ווייניק פון זיי האָבן געקענט פאַרווירקלעכן זייער ציוניסטישן אידעאַל, ביז עס האָט זיי געטראָפן די מערדערלעכע האַנט פון צורר ימח שמו.

יעקב פלאט

# צעירי-ציון–פועלי-ציון (צ.ס.) אין קאַמין-קאַשירסקי

אין סוף 1918 איז די „אגודת הציונים" געשאַפן געוואָרן אין קאַמין. די „צעירי־ציון" איז געווען אַ פראַקציע אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע. דער גרינדער איז געווען א חבר פון „צעירי־ציון". אַלס פאַרזיצער האָט ער אקטיוו מיטגעארבעט אריינצוציען וואָס מער מענטשן אלס



פועלי־ציון (צ.ס.) אין קאַמין־קאַשירסקי

חברים, זיי זאָלן זיין איבערגעגעבענע צום ציוניסטישן געדאַנק.

אין יאָר 1920 זענען די „צעירי־ציון" אין פוילן געוואָרן א באַזונדערע פארטיי. כמעט אלע חברים פון דער ארג. אין קאַמין, זענען געוואָרן צעירי־ציון.

אין יאָר 1924 ווען די צעירי־ציון אין פוילן האָבן זיך געשפּאָלטן, אויף צעירי־ציון (צ.ס.), און „צעירי־ציון התאחדות", איז אויך אין קאַמין, נאָך פיל וויכוחים, און דיסקוסיעס, געשפּאָלטן געוואָרן די צעירי־ציון. דער גרעסטער טייל חברים זענען געבליבן „צעירי־ציון" (צ.ס.), א. שפירא, חיים אשר וואָוק, י. זאלצמאַן, רייזל פלאָט, פייגל גורטינשטיין, און דער שרייבער פון די שורות אלס פאַרזיצער, און גאָלדבערג סעקרעטאר און נאָך פיל חברים. צו „התאחדות" זענען אוועק די ח"ח יצחק בארינהאָלץ, שלמה קלורמאַן, מינדל קארש, לייבוש לעוו, און אנדערע.

די „צ. ס. צעירי־ציון" האָט אקטיוויזירט אירע חברים, ווערבירט פיל נייע חברים פון די האנטווערקער, און אַנגעהויבן אַ גרויסע ציוניסטישע טעטיקייט אויף אלע געביטן. די דעלעגאַטן צום ציוניסטישן קאָנגרעס זענען געשיקט געוואָרן דורך די פארטייען לויטן שקלים־פאַרקויף. מיר האָבן פארקויפט דעם גרעסטן טייל שקלים אין שטעטל, אויך צו געלט־זאַמלונגען פאַרן „קרן־קיימת", האָבן אונדזערע חברים זיך אויסגעצייכנט. דער פאַרזיצער פון אונדזער ארג. איז געווען מורשה פון קק"ל, ווי ער האָט זיך אקטיוו באַטייליקט אין אלע אירע ארבעטן. מיר האָבן אויך געאַרבעט ביי די „קרן־היסוד" אקציעס; ווערבירט וואָס מער צאָלער פאַרן „קרן־היסוד". גלייכצייטיק האָבן מיר געשאַפן א קופּא״י קאָמיטעט (קופת פועלי ארץ ישראל) ווי אויך איינגעאָרדנט פאַרשידענע זאַמל־אַקציעס, צוזאַמען מיט דעם פאַרשטייער פון צ.ק. ח' בערדיצבסקי (יגור), האָבן מיר פארקויפט אקציעס פאַר דער „באנק הפועלים", אין ארץ־ישראל.

מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט די יוגנט און געשאַפן דעם „החלוץ". דער קאָמיטעט איז געווען פון די חברים: יצחק זאב מייסטעל, אברוך, און מינדעל קארש. עס איז אין דער צייט פאַרגעקומען א ראַיאָן־קאָנפערענץ פון „החלוץ", ווו



פרייהייט אָרג. אין קאַמין־קאַשירסקי

דער שרייבער פון די שורות איז דעלעגירט געוואָרן, איז דאָרטן צווישן די פארשידענע רעזאָלוציעס אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז יעדער חלוץ מוז דורכמאַכן אַ הכשרה, און לערנען זיך א פאך. אזוי האָבן אייניקע חברים ביי אונדז זיך גענומען לערנען פאכן, און זיך צוגרייטן אויף עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

זייער טעטיק איז דאַמאָלסט געווען מיט קולטור־אַרבעט ביים „החלוץ" ח' לייבוש לעוו ז"ל, אויך יעדער יוגנטלעכער, וואָס איז אריין אין „החלוץ" האָט געוווסט, אַז ער מוז



אַ גרופּע חברים פון „החלוץ־הצעיר"

קאָנען אַ אַרבעט אויף צו פאָרן קיין א"י, און זיך טאַקע מכשיר געווען.

איך געדענק א פאקט: אין „החלוץ" איז געווען א יונגע חברה ציפה ערליך. ווען מען האָט באַשלאָסן אז אַלע חברים זאָלן אנטאָן בלוזעס, זענען געווען אזעלכע חברים, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין געלט אויף צו נייען, האָט זי געמאלדן, אז ביי זיי אין שטוב געפינט זיך א ניי־מאשין, זאָלן די חברים געבן איר סחורה, וועט זי זיי אויפנייען בלוזעס.

און זי האָט טאַקע מקיים געווען. אַזוי האָט זיך אנטוויקלט אין „החלוץ" דער געדאנק פון קאָלעקטיוויזם. אויך איז געווען טעטיק און אקטיוו ביים „החלוץ", א יונגער חבר הערשל קאָמינסקי (סלע) היינט אין יגור. און נאָך אייניקע חברים, וועלכע איך געדענק נישט זייערע נעמען.

די חברים פון „החלוץ", די מערהייט פון זיי, זענען



„פרייהייט" און „סקויט" אָרג. אין קאַמין, אין יאָר 1934

אויך געווען חברים פון צ. ס. צעירי־ציון. דער ח' קאמינסקי, וועלכער האָט נאָכן אוועקפאָרן פון חבר גאָלדבערג אין אַ צווייטער שטאָט, פארנומען זיין אמט אַלס סעקרעטאַר פון דער פארטיי, ווו ער האָט אנטוויקלט א שטארקע טעטיקייט.

אין יענער תקופה איז פאָרגעקומען אין פוילן די פאריייניקונג פון צ.ס. צעירי־ציון מיט די „רעכטע פועלי־ציון", איז כאָטש מיר האָבן אין קאַמין נישט געהאַט קיין רעכטע פועלי־ציון צו פאריייניקן זיך, האָבן מיר אָבער געמוזט טוישן דעם נאָמען מיטן סטעמפל, אויף „פועלי־ציון" (צ.ס.).

מיר האָבן ווערבירט חברים פון דער ארבעטערשאפט, און גלייכצייטיק גענומען אָרגאניזירן אלע ארבעטער פון שטעטל, אויף צו שאפן א פראפעסיאָנעלן פאַראיין אויף



אַ גרופּע חברים פון „החלוץ־הצעיר"

צו פארטיידיקן זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן. מיר האָבן געשאפן די יוגנט אָרגאניזאציע ביי דער פארטיי „פרייהייט", וועלכע האָט צוגעצויגן די ארבעטער יוגנט, ווי אויך אַ קינדער יוגנט „סקויטינג". מיר האָבן פאַר זיי געדונגען אַ לאָקאל ביי ה' פייוועל סעגאל, און באשטימט 3 חברים פון פאַרטיי קאָמיטעט, צוזאַמען מיט די חברים הערש־וואָלף וואטון, (היינט אין קרית־חיים) שלמה חייט, און חברה רבקה גבאי (יגור), זאָלן אָנפירן מיט דער גאַנצער דערציערישער ארבעט פון „פרייהייט".

די פארטיי האָט אין א פריערדיקער צייט געהאָלפן שאפן אַ „החלוץ־הצעיר" וועלכער האָט אריינגעצויגן פיל יוגנטלעכע פון בית־הספר „התחיה", וועלכע איז געווען באַהערשט דורך דעם „השומר הצעיר", עס איז פאַר זיי געדונגען געוואָרן א לאָקאל אין הויז פון מרדכי גבאי, און אונדזערע אַקטיווע חברים הערשל קאמינסקי (סלע, היינט

אין יגור) און בת־שבע פרייד (עין־הכרמל), האָבן דאָרט אַנגעפירט מיט דער קולטורעלער און דערציִערישער אַרבעט.

אויך האָבן מיר געשאַפן אַ „העובד". פאַר די פאַכמענער און אַרבעטער, וועלכע זענען עלטער פון 45—35 יאָר, און קאָנען נישט געהערן צום „החלוץ", זיי האָבן באַקומען ספּעציעלע סערטיפיקאַטן אויף עולה זיין. דער „העובד" האָט זיך גוט אַנטוויקעלט; זיינע חברים האָבן געהערט צו „פּועלי־ציון" (צ.ס.). און זיין גאַנצע קולטורעלע און חלוצישע אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין פּאַרטיי־לאָקאַל מיט אַ באַזונדער קאָמיטעט, וו דער סעקרעטאַר איז געוועזן אונדזער חבר מייטשיק וואַטון, און דער קולטור־לייטער, דער פאָרזיצער פון דער פּאַרטיי.

איך געדענק, אַז עס איז צו אונדז געקומען אויף אַ באַזוך




**קאָמיטעט פון סניף „העובד" אין קאַמין־קאַשירסקי**

1. [illegible] סעלעצקי יצחק, 2. סעקר. לאָפּאַטע יעקב בער, 3. קאַ[illegible] ווינער [illegible], 4. טשיזיק יצחק, 5. ווינער י. 6. באָס אברהם



חברים פון „החלוץ־הצעיר" אין קאַמין־קאַשירסקי אויף דער מושבה האָראָדיליץ נעבן קאָוועל

פון צענטראַל־קאָמיטעט אינזשינער כמעלניק. האָב איך אים איבערגעגעבן, אַז 5 קילאָמעטער אין דאָרף „יעזירע", געפינען זיך יידישע משפחות פּויערים, וועלכע באַאַרבעטן אין זומער די פעלדער. ווינטער זענען זיי שוסטערס, זאָדער זיי פירן אַרויס פון די וועלדער קלעצער, שוועלן, און אייניקע פון זיי ווילן פאָרן קיין ארץ־ישראל. זענען מיר ביידע אַוועק־געפאָרן אין דאָרף, און צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג אין הויז פון ה' יעקב אייזן, און אויסהערנדיק זייערע פאַרלאַנגען, האָבן מיר געשאַפן אַ סניף „העובד" פון חקלאים, און אַלעמען אויסגעפילט שאַלונים אויף צו באַקומען סערטיפיקאַטן.

אויך איז ביי דער פּאַרטיי געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישע סעקציע, פון מיטגלידער פון דער פּאַרטיי און „פרייהייט", אונטער דער אָנפירונג פון חבר משה בולבע (לערמאַן) ז"ל. דער ספּאָרט־קלוב „הפועל" איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אונדזער חבר שייקע סילעצקי.

אויף אַ באַראַטונג פון די לייטערס פון „החלוץ־הצעיר" פון קאָוולער קרייז אין יאָר 1931, צווישן זיי אויך פון קאַמין



ווען די „החלוץ" באַוועגונג אין פוילן האָט זיך צעוואקסן און טויזנטער יוגנטלעכע האָבן אָנגעהויבן קומען אין די אָרגאניזאציעס מיט פאָדערונגען אויף „עליה", האָט מען געמוזט עפענען אַ סך הכשרה־פונקטן, און באקומען פאַר די חלוצים ארבעט. דאמאָלסט האָט אונדזער פארטיי זיך געשטעלט אין פארבינדונג מיטן „קיבוץ קלאסאווע", און געשאפן א הכשרה־פונקט ווו עס זענען געקומען חלוצים פון אלע שטעט אין פוילן.

די ערשטע צייט זענען זיי געווען איינגעאָרדנט אין אונזער פארטיי לאָקאל. עס איז געשאפן געוואָרן א פאטראָנאט



פוטבאָל־מאַנשאַפט ביים „הפועל" אין קאַמין־קאַשירסקי



דראַמאַטישע סעקציע ביי דער אָרג. „פרייהייט"
אין קאַמין־קאַשירסקי אין יאָר 1933



הכשרה־קיבוץ „קלאָסאָווע"

פון ציוניסטישע עסקנים אויף צו העלפן געפינען ארבעט. נאכער האָבן זיי געדונגען א גרויסע וווינונג אין הויז פון זלאטע וואטון און זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט ביי פארשידענע ארבעטן. און פיל פון זיי געפינען זיך היינט אין ישראל.

זייענדיק אלע חברים פון פועלי־ציון (צ.ס.), האָבן זיי אויך אקטיוו אָנטייל גענומען אין אונדזער פארטייאישער ארבעט. זיי זענען געקומען אויף אונדזערע פארזאַמלונגען, געהאָלפן דורכפירן פאַרשידענע פאָליטישע אַקציעס. אונדזער פארטיי־קאָמיטעט האָט זיי מיטגעהאָלפן מיט אלע מעגלעכקייטן, וואָס זיי האָבן נאָר פאַרלאַנגט. צווישן די אַקטיווע איז געווען ח' יוסף באקאלטשוק ז"ל.



הכשרה־קיבוץ „קלאָסאָווע" אין קאַמין־קאַשירסקי



אַ גרופּע חברים פון דער ליגע פאַרן אַרב. ארץ־ישראל



אַ גרופּע חברים פון דער ליגע פאַרן אַרב. א"י 1938

מיר זענען געווען די אקטיוויסטע פארטיי אין שטעטל. מיר האָבן אָנגעפירט מיט אלע ציוניסטישע אקציעס. ווי פּאָליטישע און פינאנציעלע. ווען מיר זענען געגאנגען צו דער יידישער קהילה מיט א באזונדער ליסטע אויפן נאמען פון „ארבעטנדן ארץ־ישראל", האָבן מיר באקומען די מערהייט פרנסים אין קהילה.

אויך אין האנטווערקער פאַראיין זענען אונדזערע חברים געווען א מערהייט. אונזער חבר יצחק טשיזיק איז געווען פאָרזיצער ביי זיי.

ביי די וואַלן צום ציוניסטישן קאָנגרעס האָט אונדזער ליסטע שטענדיק אָנגעצויגן, נאָך אַ שטאַרקן וואַל־קאַמף, ביז 75 פּראָצענט שטימען.

פון די פארשטייער פון צ. ק. וועלכע האָבן אונדז באזוכט ביי פאַרשידענע אקציעס, פּאָליטישע און פינאנציעלע, געדענק איך: ישראל ריטוב, יצחק פונט, אינזשינער כמעלניק, ד"ר ברעגמאן, זאלעשינסקי (יערי), צבי קרוי, שיינבוים, מאַר־גענשטערן, בערדיטשעווסקי און נאָך אייניקע. די אַלע וואָס האָבן אונדז באַזוכט, האָבן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די אַקטיוויטעט און איבערגעגעבנקייט פון די פאַרטיי חברים, ביי אַלע אַקציעס פונעם ארבעטענדן ארץ־ישראל, און פאַר דעם ציוניסטישע סאָציאַליזם.

די חברים פון קאָמיטעט, וואָס האָבן דעם אקטיווסטן אנטייל גענומען אין די פאַרשידענע ארבעטן פון דער פארטיי, און זענען טראגיש אומגעקומען דורך די היטלער־באנדיטן זענען 1) ציפּה פלאט, 2) עלקע קאמינסקע (האלון), 3) יצחק ווערבע, 4) חיים אשר וואווק, 5) יצחק טשיזיק, 6) משה לערמאן, (בולבע), 7) לופּאטין יעקב און יוסף באקאלטשוק, וועלכער איז געקומען א קראנקער פון רוסלאנד און געש־טאָרבן אין ווראצלאווער שפּיטאָל.



אַ גרופּע אַקטיווע חברים פון דער ליגע פאַרן ארב. א"י 1933



אַ גרופּע ציוניסטישע יוגנט אין קאַמין־קאַשירסקי

פנחס גורטנשטיין, קרית חיים

# ציוניזם אין שטעטל

איך געדענק דיך מיין שטעטל פון מיינע קינדער יאָרן. אַ קליין יידיש שטעטל אין וועלכן עס האָט געלעבט אַ יידישע קהילה מיט א וואַרעם יידיש האַרץ גרייט צו יעדן רוף. אַ יידישע זעלבסט־שוץ וואָס אין שפּיץ איז געשטאַנען אביש קלורמן, וועלכער האָט שיער נישט באצאָלט מיט זיין לעבן; דער פּאָגראָם פון בולאק־באַלאַכאָוויטש אין וועלכן יידן זענען געפאלן אויף קדוש־השם.

דער פּאָגראָם האַט געלאָזן זיינע שפּורן, אַ סך האָבן עמיגרירט אין די אמעריקאנער לענדער און אין די לעצטע צוואנציקער יאָרן זענען די ערשטע חלוצים געפאָרן אין ארץ־ישראל.

מיר יוגענטלעכע דאן 13—15 יאָר אלט דערצויגן אין „תרבות" שולע, דורכגעזאַפּט מיט „אהבת ציון" פון מאפו, „בעיר ההריגה" פון ביאליק, און „התועה בדרכי החיים", פון פרץ סמולנסקין, פאר אונדז האָבן זיך געעפנט אַנדערע ברייטע און ווייס־בלויע האָריזאנטן. אין אונדז האָט זיך דערוועקט



אויף אַ צוזאַמענקום פון „השומר הצעיר" אין קאַמין־קאַשירסקי



אַ גרופּע חברים פון „השומר הצעיר"



אַ גרופּע חברים פון „השומר הצעיר"




אָרטיקע לייטונג פון „השומר הצעיר"



א גרופּע חברים פון „השומר הצעיר"



א גרופּע חברים פון „השומר הצעיר"



א זומער־קאָלאָניע פון „השומר הצעיר" פון קאַמין
אין קלעטנאָ אין יאָר 1930




„השומר הצעיר" פון קאַמין־קאָשירסקי
אויף אַן אויספלוג קיין פּאָדיציריע אין יאַנואַר 1932



א גרופּע חברים פון „השומר הצעיר"

דער ווילן צום בונט (מרד) קעגן אַלץ וואָס הייסט גלות, קעגן שתדלנות, גבאים און אפילו אייגענע עלטערן.

ס'האָט זיך געשאַפן די סקויטן אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר" מיט דער אינציאַטיוו פון אונדזערע חברות ברכה לרמן, פרומה קרש, לאה קימל און צירל פערלין. פון קליינע סקויטן זענען מיר געוואַקסן אין חלוצים מגשימים. געלערנט צו שאַפן די סינטעזע פון תקופת ההשכלה און חסידות, פון ציונות און סאָציאַליזם.

א דאנק אָט די אידעען זענען פיל פון אונדז געראַטעוועט געוואָרן פון רויטן שמד וועלכער האָט דאַן באַהערשט די יידישע גאַס אין פוילן.

קאַמין־קאָשירסקי איז פאַרבליבן א ריין ציוניסטיש שטעטל. אויף דעם זאָגן עדות אירע ציוניסטישע חלוצישע אָרגאַניזאַציעס ווי „השומר הצעיר", „החלוץ הצעיר" „פרייהייט" און „החלוץ".

זינט דאָס יאָר 1928 איז פאַר אונדז חלוצים דער גלות געווען געשטאָרבן. מיר האָבן געלעבט נאָר מיטן מאָרגן: פון עליה אין הגשמה. פון טאָג צו טאָג האָט זיך פאַרשאַרפט און פאַרברייטערט דער תהום צווישן קינדער און עלטערן מיר האָבן מער קיין געמיינזאַמע שפּראַך נישט געהאַט.

ווען אונזערע עלטערן וואָלטן וויסן מיט וואָס פאַר אויגן פון מיטלייד מיר האָבן אויף זיי דאַן געקוקט, וואָלטן זיי אונדז זיכער מיט מער האַרץ געזעגנטביים אָפּפאָרן קיין א. י. ווען איך און מיין ליבער פריינד, חבר פון דער „תרבות" שולע און יוגנט אָרגאַניזאַציע למה ז"ל זענען געווען צו באַזוך אין 1936 יאָר, און עס האָבן אויסגעבראָכן די אומרוען אין א"י, זענען דאַן געווען יידן וועלכע האָבן נישט דערלויבט אין טריסקער שטיבל מאַכן אַן אזכרה. זין מיט עלטערן און ברודער מיט ברודער האָבן זיך געקריגט און געשלאָגן, וועגן מזכיר זיין אָדער נישט מזכיר זיין די געפאַלענע.

מיר האָבן דעם מאָמענט לאַנג ארומגערעדט און נישט געקענט פארגעסן. אָבער אויף יעדן טריט און שריט האָבן מיר געפילט ווי עס קלאַפּט דאָס יידישע ציוניסטישע האַרץ.

איך האָב אייך ליבע ברידער שוועסטער און קינדער נישט געזען אין די לעצטע מינוטן פון אייער טראַגישן לעבן און נאָך ביי אייער טראַגישן טויט. דער ווייטאָג איז נאָך גרעסער: עס האָט זיך נישט געפונען פון אלע פאַרבליבענע וועלכע האָבן דאָס אַלעס מיטגעמאַכט, כאָטש איין חיים נחמן ביאַליק וועלכער זאָל שרייבן ווי עס האָט אויסגעזען די גרויסע „עיר ההריגה" אייראָפּע.



„השומר הצעיר" מאַרשירט אויף קאַמין־קאָשירסקער גאַס ל"ג בעומר 1939

# געזעגענונגס־באַנקעטן פון פרײַנט און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין קאַמין קאַשירסקי



צום אָפּפאָרן פון ישראל הירש גאָרטנשטיין



אַ גרופּע פון „השומר הצעיר"
צום אָפּפאָרן פון פרומע קערש און לאה קימעל אויף הכשרה



צום אָפּפאָרן פון פּטריען



„החלוץ הצעיר" צום אָפּפאָרן פון חײמע קאַמינסקי קיין א״י



אַ גרופּע פון קאַמינער פרויען
צוזאַמען מיט פרוי שאַפּיראָ פון א״י



צום אָפּפאָרן פון מינה קאַרש קיין א״י



אַ גרופּע פון דער אָרג. „פרייהייט"
צום אָפּפאָרן פון יעקב סעגאַל קיין א"י



אַ גרופּע חברים פון „החלוץ"
צום אָפּפאָרן פון הערשל קאַמינסקי אויף הכשרה



אַ גרופּע פון „השומר־הצעיר"
צום אָפּפאָרן פון ברכה לערמאַן קיין א"י



צום אָפּפאָרן פון בת־שבע פרייד קיין א"י



אַ גרופּע פריינט און חברים
צום אָפּפאָרן פון פנחס גאָרטנשטיין קיין א"י



צום אָפּפאָרן פון ל. בערגל

# אלגעמיינע בילדער



די אַלגעמיינע פאָלקס־שול אין קאַמין־קאַשירסק



אַ מיליטערישער פּאַראַד אין קאַמין־קאַשירסקי

יעקב פלאַט

# די דערציאונג ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה

א כאַראַקטעריסטיק פון מיינע מלמדים

ר' משה פּאַטיקע האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַ דרדקי מלמד, אַ נידעריקער, מיט אַ קליין ווייס בערדל. איך געדענק, אז ווען איך בין אַלט געוואָרן 3 יאָר, האָט מען מיך אוועקגעפירט צו אים אין חדר אריין. וואָס איז באַשטאַנען פון איין צימער און אין אים איז געווען אויך די קיך, אזוי אז די רביצין האָט תמיד דאָרט זיך געפּאָרעט... קיין פּאָדלאָגע איז אין צימער נישט געווען, נאָר די ערד איינגעהאַקט מיט ליים, ס'איז געשטאַנען אַ טיש מיט בענק ווו די קינדערלעך זענען געזעסן, און דער רבי אויבנאָן האַלטנדיק אַ לעדערנעם קאַנטשיק און מיט אַ טייטל אין האַנט געלערנט דעם אלף־בית.

ווען מען איז געקומען דעם ערשטן טאָג אין חדר, האָט מען געוואָרפן פונם בוידעם, דורך אַ לאָך, צוקערקעס, עס האָט געזאָלט הייסן, אז דער מלאך וואַרפט פאַר די קינדער, זיי זאָלן זיך גוט לערנען... ווער עס האָט נישט געקאַנט אזוי גוט דעם אלף־בית, האָט דער רבי אים נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ מיטן קאַנטשיק. איך געדענק, אז אויף דער וואַנט אין חדר איז געהאַנגען דאָס בילד פון צאַר ניקאָליי מיט אַ דערלויבעניש פון דער רוסישער מאַכט צו האַלטן דעם חדר (שקאָלע). אין אַזאַ חדר האָט מען געלערנט אַ פּאָר יאָר ביז מען האָט זיך אויסגעלערנט עברי.

ווינטער צייט, אין די שנייען און בלאָטעס, פלעגט מיך טראָגן אויף די פּלייצעס אַ באַהעלפער, אין דערפרי פלעגט ער מיך ברענגען אין חדר און פאַרנאַכט צוריק נעמען אהיים. און ווען איך האָב שוין געקענט עברי, האָט מען מיך געשיקט לערנען אין חדר פון ר' שלמה דוד, (דעם גאַבעלעס איידעם, אויך האָט מען אים גערופן „שלמה דוד דער בלינדער", ווייל ער איז געווען בלינד אויף א אויג). ער איז געווען אַ שטרענגער מלמד. ביי אים האָט מען שוין געלערנט סידור, און אָנגעהויבן לערנען חומש, און די פעאיקערע קינדער האָבן שוין געלערנט די רש"י אותיות. ווען קינדער האָבן נישט געקענט האָט ער זיך באַנוצט מיט אַ לעדערנעם קאַנטשיק אָדער פלעגט געבן מיט דער האַנט אַ פּאָר פּעטשלעך אין פּנים.

נאָכער בין איך אריבער לערנען צו ר' יהושע פלאַט דעם מ׳מד. ביי אים אין חדר האָט מען שוין יעדן גאַנץ־פרי געמוזט דאַווענען, יעדעס קינד האָט שוין אויך געזאָגט תהלים, געלערנט אַ פּאָר פרשיות חומש פון דער סדרה מיט רש"י.

די פעיקערע קינדער האָבן געלערנט מער, די אפגעשטאַנענע ווייניקער. אויך האָט ער אונדז געלערנט שרייבן פריער אויף קריץ, ד. ה. ער פלעג אויסשרייבן דעם אלף־בית מיט אַ בליי־פעדער, און מיר האָבן אים אויסגעפילט דעם אלף־בית מיט טינט. דעם טינט האָבן מיר אליין פאַבריצירט, ד. ה. מיר האָבן געקויפט פאַר אַ קאָפּיקע פאַרב און אריינגעגאָסן וואַסער אין אַ טינטער און געשריבן. עס האָט געקאָנט זיין רויטער, בלויער, אָדער גרינער פאַרב, צום שרייבן האָט עס נישט געשאַדט, במילא האָבן פון די אלע טינטן זיך באַקומען פלעקן אויפן פּאַפּיר. אויך האָט ער אונדז געלערנט חשבון, מיר האָבן געקויפט אַ גריפל מיט אַ טאַבליצע, וואָס די שריפט אויף איר מעקט זיך תיכף אפ ווען מען וויל, און אזוי האָבן מיר זיך געלערנט. און ווען דער רבי איז נישט געווען, אָדער זיך פאַרקוקט, האָבן מיר זיך געשפּילט מיט דער טאַבליצע אין פאַרשידענע דאַמאָלסדיקע שפּילערייען.

דער רבי ר' יהושע איז געווען פון די פּראָסטע ייִדן אין שטאָט, אליין אַ חלוש, אַ קראַנקער, געהאַט זייער פיל מיחוש'ן, איז ער במילא געווען תמיד בייז, אָבער ער איז געווען שטאַרק איבערגעגעבן זיין אַרבעט. ער האָט געוואָלט די קינדער זאָלן אַלץ קענען, און האָט נישט געקאַרגט צו לערנען מיט זיי עטלעכע מאָל דאָסזעלבע, אבי זיי זאָלן קאָנען. ער האָט אויך אמאָל, ווען ער האָט געזען אז דאָס קינד פאַלגט אים נישט און וויל נישט לערנען, אים מכבד געווען מיט אַ פּאָר פּעטשלעך.

איך געדענק, אַז ביים לערנען חומש מיט רש"י, האָט ער זיך באַנוצט מיט פאַרשידענע צייכנונגען אויפן פּאַפּיר, ווי למשל דעם „חושן־ואפוד" כדי ס'זאָל זיין לייכטער צום פאַרשטיין, אויך האָט ער געלערנט מיט פאַרשידענע שיינע ניגונים. אייניקע טעג פאַר פורים, ווען ער האָט געלערנט מיט אונדז די מגילה, האָט ער אונדז יעדן טאָג דערציילט מעשה'לך וועגן פורים, אזוי אויך פלעג ער אונדז אין די 9 טעג דערציילן מעשה'לך פון חורבן בית־המקדש, אזוי, אז נישט קוקנדיק דערויף וואָס ער איז געווען שטרענג און אַ סך געפּאָדערט פון די קינדער, האָבן זיי אים ליב געהאַט, און דער דרך־ארץ צו אים איז געבליבן אויף שטענדיק, ווייל ער איז געווען אַ ייִד וואָס האָט אויף פיינט געהאַט רכילות, לשון־הרע, און תמיד אין דער פרייער צייט אריינ־

געקוקט אין אַ ספר. זיין עיקר לערנען איז געווען משניות. געווען טעטיק אין שטעטל ביזן פּאָגראָם פון די באַ־לאַכאָוויצעס, ראש־השנה 1920, אין וועלכן אויך ער איז דורך זיי דערשאָסן געוואָרן מיט נאָך אַסך יידן קדושים וטהורים פון אונדזער שטעטל. ער האָט אָבער זוכה געווען צו האָבן אייניקלעך און אוראייניקלעך אין ארץ־ישראל און אין אַמעריקע. איך וויל צוגעבן, אַז ביי אים אין חדר האָט מען שוין אָנגעהויבן לערנען גמרא, די מסכתא בבא מציעא. אין שטעטל האָבן מיר שוין געהייסן „גמרא יינגלעך”, און אונ־דזערע מוטערס האָבן אָנגעקוואָלן און געשעפּט נחת פון אונדז.

אפּלערנענדיק אַ פּאָר יאָר ביי ר׳ יהושע דעם מלמד, בין איך געגאַנגען לערנען צו ר׳ יצחק אהרן דעם מלמד. ער האָט געשטאַמט פון לאַדזש, און חתונה געהאַט אין אונדזער שטעטל מיט ר׳ שמחה׳ס ווערבעס טאָכטער. געווען איז ער אַמאָל אַ ישיבה־בחור, און אויך געלערנט למודי חוץ. ער האָט געלערנט מיט אונדז אַלע למודי־קודש און למודי חול, ד. ה. אויסער חומש, תנ״ך און גמרא אויך העברעאיש, דקדוק, רוסיש און חשבון פון אַ רוסישן „זאַדאַטשניק”. ער פלעגט אונדז ארויסגעבן לעקציעס אהיים, און אויף מאָרגן האָט ער אונדז פאַרהערט. זיין סיסטעם איז שוין געווען פון אַ שולע. אַזוי אַז סוף „זמן” האָט ער אונדז געגעבן באַשטעטיקונגען מיט אָפּצייכענונגען. ער האָט זיך גערעכנט צווישן די בעסטע מלמדים. קיין סך תלמידים האָט ער נישט גענומען, נישט מער פון 10, ווייל ער האָט צוגעפּאַסט אַ לערן־גרופּע. ער האָט אויך גענומען אַ גרעסערן שכר־לימוד. מיר האָבן ביי אים טאַקע פּראָגרעסירט אינם לערנען. אויך האָט ער איינגעפירט, אַז זומער־צייט איז ער יעדן טאָג מיט אונדז געגאַנגען, אָדער ער האָט אונדז דערלויבט אַליין גיין זיך באָדן אינם טייכל, אַזוי, אַז מיר האָבן געמאַכט ספּאָרט ביים לערנען שווימען, וואָס ס׳איז דאַמאָלסט ביי אונדז קינדער געווען אַ גרויסע זאַך, ווייל די עלטערן האָבן אונדז נישט דערלויבט אַליין גיין זיך באָדן.

אפּלערנענדיק ביי ר׳ יצחק אהרנ׳ן אַ פּאָר יאָר, זענען מיר, כמעט די גאַנצע גרופּע קינדער, אוועק לערנען צו ר׳ יצחק וואָלף דעם מלמד. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ ייד אַ הדרת־פּנים, הויך, דיק, מיט אַ לאַנגער שיינער באָרד אין וועלכער ס׳זענען שוין געווען אריינגעפלאָכטן ווייסלעכע האָר. ער האָט געלערנט בלויז גמרא מיט מפרשים. גענומען צום לערנען בלויז אַכט קינדער מיט אַ גרעסערן שכר־לימוד. אויסהאַלטן זיין גרויסע משפחה האָט ער נישט געקענט פונם שכר־לימוד, האָט זיין פרוי געעפנט אַ שפּייז־קראָם אין מיטן מאַרק, און דאַן האָט ער שוין נישט געדאַרפט זאָרגן וועגן פרנסה, און האָט זיך אָפּגעגעבן נאָר מיטן לערנען מיט אונדז תלמוד. צוליב דעם וואָס מיר האָבן געדאַרפט לערנען אויך וועלטלעכע למודים, איז אין יענער צייט שוין געווען ביי אונדז אין שטעטל די פּריוואַטע שולע פון ה׳ דאַדיוק, ווו מען האָט געלערנט אַלע למודים אויסער תלמוד, און ס׳איז געמאַכט געוואָרן אַ הסכם צווישן אונדזער מלמד ר׳ יצחק וואָלף, מיטן לערער ה׳ דאַדיוק, אַז יעדן טאָג דאַרף אונדזער מלמד קומען צו אים אין שולע לערנען תלמוד, און דער ה׳ דאַדיוק דאַרף קומען יעדן טאָג אַפּאָר שעה צו אונדז אין חדר לערנען די וועלטלעכע למודים; און אַזוי איז טאַקע די גאַנצע צייט געווען.

שפּעטער בין איך אָפּגעפאָרן לערנען אין בריסקער ישיבה, און ווען איך בין אין יאָר 1914, אין אָנהויב פון דער מלחמה, געקומען צוריק אין שטעטל, פאַרשטייט זיך אַז קיין חדרים זענען שוין דאַן נישט געווען, און איך האָב נאָך געהאַט דעם פאַרגעניגן אויף זיין איינלאַדונג לערנען מיט אים יעדן טאָג אַ פּאָר שעה אָבער שוין נישט אַלס תלמיד פאַר שכר למוד... אויך דעם רב׳ין האָבן די באַלאַ־כאָוויצעס־באַנדיטן געשאָסן ראש־השנה יאָר 1920, צוזאַמען מיט זיין זון פנחס לעסניק.

איצט אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון די אַנדערע מלמדים און דערציער ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

ר׳ יעקב משה דער מלמד האָט געלערנט מיט די קינדער אלף־בית אויפן זעלבן סיסטעם וואָס דער רבי „פּאַטיקע”, ד. ה. מיט אַ קאַנטשיק און טייטל. דאָסזעלבע דער רבי ר׳ חיים ידידיה פון תלמוד־תורה. דער מלמד ר׳ משה יאַנקל (פרידמאַן) וואָס האָט געלערנט מיט די קינדער עברי, ווי אויך ר׳ אשר (ענגעל) וואָס האָט געלערנט מיט די קינדער אויך חומש מיט רש״י. נאָך דער מלחמה איז ער געוואָרן אַ סוחר.

אַן אַנדער טיפּ מלמד איז געווען ר׳ פסח הערש ארימלאַנד. ער האָט שוין געלערנט מיט די קינדער אויך פּסוק ד. ה. תנ״ך, ווי אויך גמרא און שרייבן. זייער אַן אָנגעזעענער ייד, גבאי אין סטעפּינער שטיבל. אַז דער רבי איז געקומען צו אונדז אין שטעטל, איז ער איינגעשטאַנען ביי אים. שבת און יום־טוב איז ער געווען בעל־תפילה אין שטיבל, און אַלס לייענער פון א צייטונג — פלעגן שטענדיק נאָכן דאַווענען קומען צו אים אייניקע מתפללים און ארומ־גערעדט פּאָליטיק. זיינער אַ זון יצחק, ווי אויך אייניקלעך פון טעכטער געפינען זיך אין ישראל.

אין יענער תקופה איז געווען ביי אונדז אין שטעטל ה׳ קאַט, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי זיין שוואָגער ירחמיאל כווידאַרעס און געלערנט מיט קינדער פון די פאַרשידענע חדרים וואָס האָבן זיך צו אים געמאַלדן אין

הויז פון ה׳ י. זאוואדאוויטש. אַ פּאָר שעה טעגלעך, די רוסישע שפּראַך. עס איז ביי אונדז אין שטעטל געווען אַ רוסישע „שקאָלע" ווו מען האָט געלערנט אומזיסט. אבער ווי איך געדענק האָבן זיך נאָר צוויי יידישע מיידלעך דאָרט געלערנט, טובה וויסמאַן — די טאָכטער פון דיין ר׳ פּסח אהרן, און פייגל די טאָכטער פונם סוחר ר׳ פּנחס מאַליק.

עס איז דאַמאָלס געקומען פון דער ישיבה אַ יונגער בחור יצחק פלאַט. ער האָט אויסער תלמוד אויך געהאַט אַלגעמיינע בילדונג, און זייענדיק אַ ספּעציאַליסט האָט ער געעפנט אַ חדר מתוקן ווו ער האָט געלערנט אויסער למודי קודש אויך למודי חול, פיל חשבון און יידיש פון יידישע לערנביכער און די רוסישע שפּראַך, גראַמאַטיק פון די רוסישע לערנביכער, ביז זיין אָפּפאָר קיין אמעריקע.

אויך איז ביי אונדז געווען לערער יעקב קופּטשיק, וועלכער איז געקומען פון בריסק און האָט חתונה געהאַט מיט טויבע אייזענבערג, די טאָכטער פון ר׳ עוזר. און נאָך דער מלחמה האָט ער זיך אריבערגעצויגן קיין קאָוועל, ווו ער איז געווען סעקרעטאַר פון „תרבות" גימנאַזיע.

עס איז אויך געווען ביי אונדז אַ מלמד, וועלכן מען האָט גערופן דער „ווילנער מלמד". ער איז געווען אַ איידעם פון ר׳ לעמל קלורמאַן און דער פאָטער פונם באַקאַנטן יידישן זשורנאַליסט ריוועסמאַן פון דער פּעטערבורגער טאָג־צייטונג „דער פריינד" אין רוסלאַנד. עס געדענקט זיך מיר ווען עס איז צו אים געקומען זיין טאָכטער, אַ אַרטיסטין פון אַ רוסישן טעאַטער מיט א יינגל פון 13 יאָר וואָס האָט גערעדט נאָר רוסיש און נישט געקענט דעם אלף־בית. האָבן מיר קונדסים אים נאָכגעלאָפן אין די גאַסן און געשריגן: „שייגעץ". דער זיידע האָט געמוזט מיט אים רעדן יידיש און אים אויסלערנען עברי, ער זאָל זיך קאָנען שפּילן מיט די „יידישע" קינדער.

עס איז נאָך געווען דער „קאָברינער מלמד". ער האָט שוין געדונגען אַ גרעסערן חדר אין הויז פון ברוך יאָסל דער שוסטער, קעגנאיבער דעם סטעפּינער שטיבל. ער איז שוין געווען אַ משכיל, געלערנט מיט די קינדער פיל העברעאיש, פאַרשטייט זיך אויך למודי קודש, חשבון און אויך רוסיש.

די אַלע אויבן־דערמאַנטע זענען געווען מלמדים פון יינגלעך. וואָס שייך די מיידלעך האָבן זיי געהאַט נאָר צוויי מלמדים, בלויז אויף אלף־בית און עברי. דער שמש פון סטעפּינער שטיבל ר׳ דניאל בורשטיין, און דער שמש פון טריסקער שטיבל ר׳ משה אהרן איינבינדער. צו זיי פלעגן קומען די מיידלעך לערנען אין דער ווייבער־שול פון די שטיבלעך. עלטערן וועלכע האָבן געוואָלט אז זייערע מיידלעך זאָלן קאָנען אויך שרייבן אַ יידיש בריוול און אַ רוסישן אדרעס, פלעגן זיך ווענדן צו אברהם יאַנקל דעם שרייבער און צו זיין בחור מאטל, און זיי האָבן שוין מיט זיי געלערנט שרייבן פון יידישע בריוונשטעלער און פון רוסישע לערנ־ביכלעך צום ערשטן קלאַס.

אויך איז אין יענער צייט געווען אַ לערערין פייגה־רחל פלאַט, וועלכע האָט געגעבן לעקציעס אין דער רוסישער שפּראַך פאַר שילער וועלכע האָבן זיך געוואָלט פאַר־פולקאָמענען און באַהערשן גוט די שפּראַך, ליטעראַטור און מאַטעמאַטיק. אַממערסטן זענען עס געווען מיידלעך פון פאַרמעגלעכערע הייזער, און זענען שוין געווען אָנגעשמעקט מיט דער השכלה פון יענער צייט. צוליב דעם וואָס זי האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז אין הויז, האָב איך אויך גענאָסן פון איר, לייענענדיק די העברעאישע ביכער וואָס זי האָט געבראַכט פאַר זיך צום לייענען, אָדער די יידישע ביכער וואָס זי האָט געבראַכט פאַר מיין מוטער וועלכע האָט געלייענט אַ סאַך פון דער יידישער ליטעראַטור, דאָס האָט געדויערט ביז זי האָט חתונה געהאַט קיין קיעוו.

צו יענער צייט איז אָנגעקומען דער לערער משה דאַדיוק, אַ גוטער פּעדאַגאָג און אָרגאַניזאַטאָר, וועלכער האָט מיט דער הילף פון איניקע עלטערן איינגעאָרדנט אַ „שולע" וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר גרויסע חדרים מיט שול־בענק און אַלע שול־איינריכטונגען, און צוגעפּאַסט אַ גוטן לערער־פּערסאָנאַל; דירעקטאָר איז געווען מ. דאַדיוק, און לערער — פיינטוך, פרוי פיעסין, די פרוי פון אונדזער אַפּטייקער און ר׳ יצחק וואָלף לעסניק אויף תלמוד. עס האָבן זיך תיכף פאַרשריבן פיל קינדער, יינגלעך און מיידלעך, ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ קינדער־ביבליאָטעק, עס זענען געבראַכט געוואָרן קינדער־זשורנאַלן, וואָס אויך מיר, די תלמידים פון ר׳ יצחק וואָלפ׳ס חדר, האָבן באַקומען צום לייענען. אויך האָט די שולע איינגעאָרדנט חנוכה און פּורים אָוונטן, ווו די קינדער האָבן געשפּילט און די עלטערן האָבן הנאה געהאַט.

ער האָט געלערנט מיט די קינדער נאַציאָנאַלע העברע־אישע שירים, וואָס האָבן איינגעוואָרצלט אין זיי דעם ציוניסטישן געדאַנק און פיל ליבע צו ארץ־ישראל. די שולע האָט עקזיסטירט ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914.

יעקב פלאַט

# בית־הספר „התחיה"

אין יאָר 1920, נאָכן פּאָגראָם פון די באַנדיטישע מערדער באַלאַכאָוועס אין אונדזער שטעטל, ווען עס איז אַלץ חרוב ונחרב געוואָרן, האָבן חברים פון ציוניסטישן קאָמיטעט גענומען צוריק אַלץ אויפלעבן. און באַשלאָסן תיכף שאַפן א „בית־הספר" וועלכער זאָל געהערן צו „תרבות" און זאָל דערציען די קינדער אין ציוניסטישן גייסט. אויסנוצנדיק דעם מאָמענט, וואָס דער פּאָריזיצער איז געווען תיכף נאָכן פּאָגראָם אין קאָוועל ביים „דזשוינט", האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיטן „תרבות", און זיי האָבן אים צוגעזאָגט געבן זייערן אַ לערער פון בית־הספר, אַ גוטן פּעדאַגאָג אַלס מנהל. נאָר מען דאַרף שאַפן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט ער זאָל צוגרייטן וואָס עס איז נויטיק פאַרן בית־הספר.

עס איז גלייך געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון די חברים: זרח קימל, יצחק באַרינהאָלץ און דעם שרייבער פון די שורות. מיר האָבן געברענגט דעם מנהל ח' אהרן טאַרטאַקאָווסקי, מיר האָבן געדונגען אַ דירה, געשאַפן שול־בענק און די אַנדערע נויטיקע איינריכטונגען צום בית־הספר און א נאָמען געגעבן „התחיה", אויפלעבונג, און רעגיסטרירט תלמידים. מען האָט נאָך גענומען אַלס לערערין — פייגע רחל פלאַט, וועלכע האָט שוין אַמאָל געלערנט אין קאַמין. אָבער זי האָט געוווינט אין קיעוו, און איז אין דער צייט פון די סאָוויעטן געקומען צו אונז צו גאַסט. אויך האָבן מיר גענומען אַ לערער אויף פויליש, וועלכער האָט געלערנט אין דער „פּאָווּשעכנע שולע". דער בית־הספר איז געעפנט געוואָרן. און מען האָט אָנגעהויבן לערנען.

דער מנהל איז געווען אַ גוטער פּעדאַגאָג און פאַרמאָגט אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. ער האָט אוועקגעשטעלט דעם בית־הספר אויף דער געהעריקער הויך. אַלס ציוניסט האָט ער אונדז צוגעהאָלפן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. עס זענען געווען פיל קיילעכיקע יתומים, האָט ער געהאָלפן שאַפן א ספּעציעלן „בית־יתומים" אין הויז פון ח' באַרינהולץ, ווו ער איז דאָרטן געווען א אָפטער גאַסט, און אַלס לערער האָט ער געקאָנט שאַפן די געהעריקע וואַרעמע אַטמאָספערע פאַר די קינדער.

דער בית־הספר האָט זיך גוט אַנטוויקלט. אויפן צווייטן לערן־יאָר זענען צוגעקומען א סך קינדער. מיר האָבן געדונגען אַ גרעסערע דירה אין הויז פון יאַנקעל דעם שניידער (חייט). מען האָט געבראַכט נאָך לערער ח' אליעזר שפּירא און נפתלי פּריצקער. אויפן אָרט פון דער לערערין פלאַט, וואָס איז אַפּגעפאָרן קיין קיעוו, האָבן מיר געבראַכט די לערערין זולר. דאָס שטעטל איז אויפגעלעבט געוואָרן. די לערער זענען אַלע געווען רוסישע



אהרן טאַרטאַקאָווסקי
דער ערשטער מנהל פון בית־ספר „התחיה"



די לערער פון בית־ספר „התחיה"
צוזאַמען מיט דעם מנהל שאַליט

סטודענטן. גוטע ציוניסטן, אנטלאָפענע פון רוסלאַנד, האָבן זיי ארייגעברענגט אַ סך לעבן צווישן דער יוגנט. אין זייער צייט האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט ציוניסטישער טעטיקייט.

אויפן דריטן לערן־יאָר איז דער מנהל ח׳ טאַרטאַ־קאָווסקי אוועקגעפאָרן לערנען אין פאַריזער אוניווערסי־טעט, איז דער שרייבער פון די שורות דעלעגיו׳ט געוואָרן צוגעפּאַסט צו א טעאַטער, און מען האָט געשפּילט. דער עולם האָט הנאה געהאַט, און דער „תרבות"־קאָמיטעט נאָך מער, ער האָט אריינבאַקומען פיל געלט אויף קולטור־צוועקן, און די דראַמאַטישע סעקציע האָט זיך געהאַלטן לאַנגע יאָרן. עס זענען צוגעקומען נאָך ארטיסטן: די חברים חיים־אשר וואָווק, גילדע קרוקווער, און א רעזשיסאָר האָבן מיר געבראַכט פון קאָוועל, אַ ארטיסט — טאַרן.



דראַמאַטישער קרייז ביים „תרבות"

אין ראַיאָן־קאָמיטעט פון „תרבות" אין ראָוונע, וועגן באַ־קומען א פּאַסנדן מנהל. מען האָט מיך באַקאַנט מיטן ח׳ ברוך מלמד, איינזעענדיק אז ער איז דער פּאַסנדער קאַנ־דידאַט, האָב איך אים גלייך איינגעלאַדן אין אונדזער בית־הספר, אויפן פּלאַץ פון ח׳ טאַרטאַקאָווסקי.

אַזוי האָבן מיר צוריק באַקומען אַ גוטן לערער, אַ פּעדאַגאָג, און צוזאַמען מיטן לערער שפּירא און די אנדערע לערער, האָבן זיי אוועקגעשטעלט דעם בית־הספר אויף דער געהעריקער הויך, אריינגעבנדיק אין אים דעם ציוניס־טישן גייסט. (פיל תלמידים זייערע געפינען זיך היינט אין ארץ־ישראל).

ווען דער „תרבות" האָט זיך גענויטיקט אין געלט, האָט דער ח׳ מלמד געשאַפן אַ דראַמאַטישע סעקציע, און אונטער זיין רעזשי, איז געשפּילט געוואָרן „די שחיטה" פון יעקב גאָרדין. די ארטיסטן זענען געווען: ברוך מלמד, אליעזר שפּירא, יצחק בארינהולץ, חוה קימעל, רבקה לערמאַן, מינדל קאַרש, סופלאָר — יעקב פלאַט.

נישט האָבנדיק קיין זאַל, האָט מען אָפּגערייניקט אַ שפּייכלער פון וועלוול קויפמאַן, אויפגעשטעלט אַ בינע, אַזוי האָט זיך דער בית־הספר האָבנדיק גוטע לערער־קרעפטן, וואָס ווייטער זיך פאַרברייטערט, עס זענען צוגע־קומען מער קינדער און מער לערער.

כאָטש די פּוילישע פּאָוושעכנע שולע האָט געלערנט אומזיסט, האָבן יינגלעך כמעט דאָרטן נישט געלערנט, און מיידלעך האָט מען אויך אַלע מאָל ארויסגענומען פון דאָרטן אין העברעאישן בית־הספר, און די פּוילישע מאַכט האָט אנגעהויבן קוקן קרום אויפן בית־הספר, און דורך פאַרשידענע תירוצים מאַרמאַכט דעם בית־הספר. דער „תר־בות" האָט זיך באַמיט דורך דער העכערער מאַכט אים עפענען, אָבער מען האָט נישט געוואָלט געבן די דער־לויבעניש, און דאַמאָלט האָבן די ציוניסטישע עסקנים זיך געווענדעט צו דער ידישער קהילה, אז זי זאָל עפענען דעם בית־הספר אויף איר נאָמען, און זי האָט זיך געווענדעט צו דער רעגירונגס־מאַכט און האָט די דערלויבעניש באַקומען צו עפענען דעם בית־הספר. דאַמאָלסט האָט מען באַדאַרפט שטיין אויף דער וואַך, אז דער בית־הספר זאָל זיין אויף די זעלבע יסודות וואָס פריער. די לערערס זאָל מען נעמען נאָר דורך דער „תרבות" לערער־ביוראָ.

אַזוי האָט זיך צוריק נאָך פיל מי און מאַטערניש, אין אַ יאָר שפּעטער, געעפנט דער בית־הספר „התחיה". אין הויז פון מאיר רויזן. מען האָט געבראַכט לערער, וועלכע האָבן געענדיקט די לערער־סעמינאַרן פון „תרבות". אין גוטע ציוניסטן, וועלכע האָבן דערצויגן די קינדער אין נאַציאָנאַלן גייסט.

עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ עלטערן־קאָמיטעט, וועלכער האָט אכטונג געגעבן אַז דער בית־הספר זאָל זיין אין אָרדנונג פון דער פינאַנציעלער זייט. ווייל אַז דער בית־הספר איז געשאַפן געוואָרן, איז ער אויפגעשטעלט געוואָרן אויף יושרדיקע, סאָציאַלע יסודות. אַלע תלמידים האָבן באַקומען גלייכע לערע. אָבער דעם שכר־למוד האָט מען צעטיילט אויף קאַטעגאָריעס: רייכע, מיטעלע און אָרעמע שיכטן. יעדער האָט געצאָלט וויפיל דער עלטערן־קאָמיטעט האָט באַשטימט. עס זענען געווען אַזעלכע תלמידים וואָס מען האָט זיי אינגאַנצן באַפרייט פון שכר־למוד. פאַרשטייט זיך אַז דער עלטערן־קאָמיטעט האָט געמוזט קענען יעדנס אמת'ע לאַגע, ער זאָל נישט דורכפאַלן ביים באַשטימען דעם שכר־למוד.

פאַר זייער אַרבעט צום בית־הספר „התחיה" ביי דער קהילה, האָט גרעסערע פאַרדינסטן דער ערשטער פאַרזיצער שבתאי זאַפּראַן און די פרנסים אריה דעקעלבוים, גדליה גריכאַטליך און לייבוש לעוו. פון דעם עלטערן־קאָמיטעט: ברוך מלמד, צבי ווייסמאַן, אביש קלורמאַן און אַנדערע. די פרנסים און אויך דער עלטערן־קאָמיטעט האָבן ביי די וואַלן וואָס זענען פאָרגעקומען זיך געטוישט. אָבער יעדער פון זיי האָט שטאַרק ליב געהאַט דעם בית־הספר, און געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז עס זאָל זיין גוטע פּעדאַגאָגישע קרעפטן אַלס לערער, און די קינדער זאָלן באַקומען אַ נאַציאָנאַלע דערציאונג. אַ דאַנק זיי האָט דער בית־הספר אין זיין 20 יעריקער עקזיסטענץ ארויסגעגעבן אַ דור פון ציוניסטן און חלוצים, צוליב דער דערציאונג וואָס זיי האָבן באַקומען האָבן אַלע קינדער געהערט צו ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, און אַ סך פון זיי האָבן דורכן „החלוץ" פאַרווירקלעכט זייער אידעאַל און עולה געווען קיין ישראל.



ווען די סאָוויעטן זענען אין יאָר 1939 אַנגעקומען קיין קאַמין, האָבן זיי געשיקט רופן דעם מנהל ה' באַלאַבאַן און פאַראָרדנט אַז ער און די פריערדיקע לערער זאָלן ווייטער בלייבן אין בית־הספר, נאָר אנשטאָט העברעאיש זאָל געלערנט ווערן יידיש. זיי האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ יידישע לערערין פון אָדעס אַ קאָמוניסטקע און זי איז געווען די אויפזעערין אויף פּאָליטישער כשרות. עס זאָל געלערנט ווערן אין קאָמוניסטישן גייסט: אויסוואָרצלען דעם ציוניזם פון די קינדער; שבת זאָלן אַלע קינדער קומען אין שולע. עס איז געעפנט געוואָרן אַ פּיאָנערן־קינדער אָרג. ביי דער שולע מיט אַ גרויסאַרטיקן קלוב אַנקעגן דער שולע. און מען האָט געפאָדערט פון די קינדער, זיי זאָלן גיין אין פּיאָנערן־קלוב. מען האָט גערופן אַ עלטערן־פאַרזאַמלונג מיט דער באַטייליקונג פון סאָוויעטישע געסט, אין שפּיץ פון ראַיאָן־שול־אינספּעקטאָר. מען האָט געוויילט אַ עלטערן־קאָמיטעט פון נייע מיטגלידער, ליידער בין איך געווען דער איינציקער פון פריערדיקן קאָמיטעט, וואָס איך בין געוויילט געוואָרן. דער פאַרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג האָט גע־



די 1־טע קלאַס פון בית־ספר „התחיה"
צוזאַמען מיט די לערער ראָזנבערג (מנהל) און שטשערבאַטע



די קלאַס בעת די גימנאַסטיק־איבונגען
מיט דעם לערער שטשערבאַטע

מאָלדן, אז יעדער וועט עס וויל קאָן זיך ארויסזאָגן פריי וועגן דער שולע. דאַן איז ארויסגעטראָטן דער ה׳ שבח ברעגמאַן, וועלכער האָט אויסגעדריקט דעם ווילן פון אַלע עלטערן, אז מען זאָל שבת נישט באַדאַרפן גיין לערנען אָבער ער איז געבליבן ביי די רייד, און זיי זענען געגאַנגען מיט זייער באַשטימטן וועג דערציען די קינדער אין אנטי־יידיש נאַציאָנאַלן גייסט, זיי זאָלן ווערן קאָמוניסטן.

אָבער די דערציונג פון דעם פריערדיקן בית־הספר איז געווען אַזוי איינגעוואָרצלט ביי די קינדער, אַז זיי האָבן געמוזט שווער קעמפן אויף איבערדערציען אין זייער גייסט.

איך ברענג א פאקט, וואָס איך פערזענלעך האָב דאָס דורכגעלעבט. מיין קינד משה׳לע ז״ל, איז אַלט געווען 11 יאָר, און האָט געלערנט אין 7־טן קלאַס זייענדיק פון די בעסטע שילער אין בית־הספר האָט אים די לערערקע איינגעשריבן אין דער פיאָנערן־קינדער־אָרגאַניזאַציע, און אים טעגלעך געשיקט אין פיאָנערן־קלוב. אָבער ער איז געבליבן פאַר׳עקשנט און נישט געוואָלט גיין. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום טענות פון דער לערערקע ווי אויך פון מנהל — ה׳ באלאבאן, וועלכער איז געווען פאַר־אינטערעסירט ער זאָל גיין, ווייל פיל קינדער האָבן אים נאָכגעטאָן, אָבער ער האָט זיי געענטפערט. אַז 7 יאָר האָט מען אים געלערנט אין דערציִען אין א אַנדער גייסט „ווילט איר מיר שוין אַזוי שנעל איבעראַנדערשן?"

ווען עס איז געקומען ראש־השנה, און מען האָט גע־הייסן קומען לערנען, האָבן די קינדער פון זיין קלאַס באַשלאָסן נישט גיין לערנען. דאַמאָלט איז אויסער די יידישע לערער, וועלכע זענען געווען מיינע פריינט און מיר געראַטן איך זאָל אים שיקן אין שולע, ווייל די סאָוויעטישע שול־לייטונג וועט זאָגן, אז איך בין אַ ציוניסט, און עס שטאַמט פון מיר. אויך געקומען די לערערין און האָט גערעדט מיט מיין פרוי אָפענע דיבורים, אז מיין משה׳לע רעדט אָן אַלע קינדער זיי זאָלן נישט גיין, אז מיר דערציען אים אַזוי קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט, און זי זאָגט צו, אז מען וועט נישט שרייבן אין די יום־טוב טעג, אבי זיי זאָלן קומען לערנען. איז ער געגאַנגען, אָבער ווען די לערערס האָבן געהייסן נעמען די העפטן צום שרייבן, האָט ער פאַרלאָזט די קלאַס און נאָך אים אַלע קינדער. אין א שנאה האָט ער געטראָגן צום מנהל, און צו די פריערדיקע לערער. פאַרוואָס זיי לערנען יעצט אנדערש ווי פריער און דערציען יעצט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. און נישט דערציילנדיק אונדז, האָט ער באַשלאָסן צום נייעם לערן־יאָר אוועק פון דער שולע אין דער רוסישער שולע. ווייל דאָרטן האָט מען נישט דערצויגן די קינדער מיט אַזויפיל שנאה צו ארץ־ישראל.


5־טע קלאַס פון בית־ספר „התחיה"
מיט די לערער: דיק, באַלאַבאַן (מנהל), באַרג און באַנדרימער



אין פאַרלויף פון די יאָרן 1920—1939 האָבן אין בית־הספר „התחייה" געלערנט פאָלגנדע לערערינס און לערער:

א טאַרטאַקאָווסקי, פרוי פ. י. פלאָט־ראָוויקאָוויטש, אל. שפּירא, פרל. זאָלער, ב. מלמד, נ. פּאָריצקער, ברידער גאָלדבערג, גובערמאַן, רוזנבערג, י. שטשערבאַטע, נאַדלער, שאַליט, העלפאַנט, פינקלשטיין, באַנדרימער, דיק, האַספיל, באַלאַבאַן, ב. באַרג, מ. גרייוער, י. פעלדמאַן, פרוי סטריער, פרל. אַטלאַס, ח. בורשטיין, פרל. ניימאַרק, פרל. אייזן, בילאָריי, ש. זאלץ, בעבטשיק, פרל. ליטוואַק, פרל. דאַנציק.


אַ גרופּע קינדער פון בית־ספר „התחיה"
מיט זייער לערער באַנדרימער

יעקב פלאט

# די ארלאזאראוו ביבליאטעק

ווען די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז ביי אונדז געגרינדעט געוואָרן, אין 1918 האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן צו גרינדן אַ ביבליאָטעק, וועלכע זאָל זיין דאָס קולטור־הויז פון דעם אַרבעטנדיקן און יוגנטלעכן, זי זאָל אריינדרינגען מיט דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט, דורכן יידישן און העבראַאישן בוך פון אונדזערע שרייבער, דיכטער און געלערנטע, אין אַלע יידישע הייזער.

נישט האָבנדיק אין יענער צייט די מעגלעכקייטן צו שאַפן די ביבליאָטעק, האָבן מיר זיך פארבונדן מיט דער פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק אין קאָוועל, און באַקומען אַ געוויסע צאָל ביכער, אויסגעבאָרגט צום לייענען, און מיר האָבן זיי פאַרטיילט צווישן אונדזערע חברים. יעדן חודש האָבן מיר אָפּגעשיקט די איבערגעלייענטע ביכער, און באַקומען צוריק נייע ביכער. אזוי האָט דאָס געדויערט ביז יאָר 1920. ווען אונדזער שטעטל האָט איבערגעלעבט דעם פּאָגראָם פון די מערדער באַלאַכאָוויצעס, און גענומען זיך צוריק אויפבויען, האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע נאָכן שאַפן דעם בית־הספר „התחיה", גענומען גרינדן אַן אייגענע ביבליאָטעק, זי האָט געמאַכט אַ גרעסערע געלט־אַקציע צווישן אירע מיטגלידער, און איינגעקויפט אַלע ווערק פון די יידישע קלאַסיקער, און העבראַאישע ביכער פון די בעסערע שרייבער. מען האָט געעפנט די ביבליאָטעק אין הויז פון י. פּלאָט.

אין אָוונט איז דאָרטן געווען אויך יידישע און העבראַאישע צייטונגען און זשורנאַלן, ווו יעדער האָט געקאָנט קומען לייענען.

די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג איז געווען פון די חברים: י. באַרינהולץ און דער שרייבער פון די שורות. און די ביבליאָטעקאַרן, די חברות: שאשע אייזנבאַרג־געלער, פועה פלאָט־פּאַזנאַנסקי (היינט אין ישראל), וועלכע זענען וואָכנטלעך יעדן זונטיק, דינסטיק און דאָנערשטיק פון 6—10 אָוונט געזעסן אין ביבליאָטעק און באַדינט די לייענער.

די ביבליאָטעק האָט זיך כסדר אַנטוויקלט. שוין געווען 150 לייענער, וועלכע האָבן מאָנאַטלעך געצאָלט אַ געוויסן אָפּצאָל.

אויך אַ „דראַמאַטישע סעקציע" האָט פאַרגעשטעלט. דאָס געלט איז אוועקגעגעבן געוואָרן דער ביבליאָטעק, צו קויפן פרישע ביכער.

די לעזער זענען געווען פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. עס זענען אויך געווען 2 לייענערינס, עלטערע פרויען — די רביצן, די פרוי פון אונדזער גרויסן גאון הרב פערלין, און די שוחט'קה פייגה ראָסיע פלאָט, וועלכע איז געווען א פרומע יידענע. זי איז געגאַנגען טעגלעך אין דער פרי מיטן „קרבן־מנחה" סידור אין בית־המדרש דאַווענען, שבת ביי טאָג געזעסן מיטן „צאינה וראינה" און געלייענט די סדרות פון טייטש־חומש, געווען די פאַרזאָגערן פון די תחינות פאַר די ווייבער, האָט אָבער שטאַרק ליב געהאט דעם יידישן בוך, געווען אַ געטרייע לייענערין נאָך פון די יונגע יאָרן פון דער יידישער ליטעראַטור. שלום־עליכם, מענדעלע מוכר־ספרים, י. ל. פרץ, שלום אש, יעקב דינעזאָן און יואל מאַסטבוים, זענען געווען אירע שרייבערס.

וואָס אַ יאָר שפּעטער האָט זיך די ביבליאָטעק פאַרגרעסערט, זי איז געוואָרן דער קולטור־צענטער אין אונדזער שטעטל. עס האָט זיך דאָרט גרופירט די יוגנט, אָן אונטערשייד פון פאַרטיי, מען האָט געדונגען אַ גרויסן לאָקאַל, ווו עס איז פאָרגעקומען ליטעראַרישע שמועסן, קעסטל־אָוונטן. אין דער פאַרוואַלטונג זענען שוין אויך געווען די חברים: יוסף אייזנבאַרג, שמאי מייסטעל און אַנדערע אקטיווע יוגנט־טוער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער דאָזיקער אַרבעט, צו פאַרשפּרייטן קולטור.

אין יאָר 1933, ווען עס איז דערשאָסן געוואָרן אין ארץ־ישראל ד"ר חיים ארלאזאראוו, האָב איך אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, אריינגעטראָגן דעם פאָרשלאָג אָנצורופן די ביבליאָטעק אויף זיין נאָמען. דער פאָרשלאָג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן, און די ביבליאָטעק האָט שוין געהייסן: ארלאזאראָוו־ביבליאָטעק.

די ביבליאָטעק האָט איינגעאָרדנט רעפעראַטן פון שרייבער, און יידישע רעציטאַטאָרן, האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד, זיי האָבן געהאט ביי אונדז גרויס דערפאָלג.

די לעצטע יאָרן, פאַר דער מלחמה, איז געדונגען געוואָרן דאָס הויז פון פרוי וואַטון, ווו עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסער לעזע־זאַל מיט אַ ראַדיאָ, וואָס איז געווען אַ גרויס לוקסוס אין אונדזער שטעטל. עס זענען זיך צונויפגעקומען יעדן אָוונט אויך אַ סך פאָלקס־מענטשן הערן די

נייעס פון דער גרויסער וועלט, לייענען אַ צייטונג, שפּילן אַ שאָך, טוישן אַ בוך אין ביבליאָטעק, ביז עס איז אין יאָר 1939 געוואָרן די מלחמה.

ווען די סאָוויעטישע מאַכט איז געקומען אין אונדזער שטעטל איז העברעאיש געוואָרן טריפה, יידיש איז טאַקע געווען כשר, אָבער נאָר דאָס וואָס עס איז געווען געדרוקט אין ראַטן־פאַרבאַנד.

אין א צייט ארום, איז מען אריינגעקומען צו מיר און דערציילט, אַז מען איז צוגעפאָרן מיט וועגענער אין ב״ב־ליאָטעק, און מען פאַרנעמט די ביכער. מען האָט זיי אריינ־געלייגט אין א שפייכלער פון ה׳ מאיר רויזן. ווען איך האָב געפרעגט מיינעם א באַקאַנטן וואָס ער האָט דאָרטן געאַרבעט: וואָס קלערט מען צו טאָן מיט זיי? מיט דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור? האָט ער מיר איבערגעגעבן, אַז דאָס גייט אַוועק אין פסולת, און מען שיקט זיי אוועק צום פאַרניכטן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער קולטור־צענטער מיט דער „ארלאזאראָוו ביבילאָטעק״. אירע ביכער זענען פאַרניכטעט געוואָרן דורך די סאָוויעטן, און אין אַ יאָר ארום, זענען אירע לייענער פאַרניכטעט געוואָרן דורך די דייטשן.

**יעקב פלאַט**

# פאַראיינען און אינסטיטוציעס

## דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין פון אומפּאַכאָווע ארבעטער

אין די צוואַנציקער יאָרן איז די עקאָנאָמישע לאַגע פון אונדזער שטעטל געווען אַ גוטע. פון דער גאַנצער סביבה, פון די קלענערע שטעטלעך און דערפער, פלעגט מען קומען אַלץ איינקויפן קיין קאַמין. די מארק־טעג, ווי אויך די וועכנטלעכע יארידן זענען געווען פול מיט פויערים, וועלכע זענען געקומען פאַרקויפן זייערע סחורות און איינ־קויפן קליידונג און שטיוול און אַלע אַנדערע געברויכן פאַר דער הויז ווירטשאַפט.

דאַמאָלט האָבן זיך ביי אונדז אין שטעטל געמערט בעלי־מלאכות, ווי שניידער, שוסטער און אנדערע ספעציאַליסטן, און זיי האָבן צוגענומען ארבעטער, וועלכע האָבן ביי זיי געאַרבעט פון „שטיק״, 14 שעה אַ טאָג. קיין פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין אויף צו פאַרטיידיקן די אַרבעטער אינטערעסן, איז ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען. דאַן האָט די פּועלי־ציון (צ. ס.) באַשלאָסן צו גרינדן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וועלכער זאָל אַרומנעמען די ארבעטער פון פאַר־שידענע פאַכן.

קאַמין קאַשירסקי, איז געווען אַ ציוניסטישע פעסטונג, ווו אויך די ארבעטער זענען געווען ציוניסטיש געשטימט. אָבער דער „בונד״ און אויך פּועלי־ציון לינקע האָבן אריינ־געשיקט צו אונדז ארבעטער וואָס זענען געווען גוטע רעד־נער, אגיטאַטאָרן פאַר זייערע אידעען, און עס איז זיי געלונגען צו גרינדן קלענערע גרופּן פון זייערע אנהענגער. הערנדיק אַז מיר גרינדן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראַיין, זענען זייערע אָנפירער געקומען צו אונדז און פאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן אויך זיי אריינגעמען אין קאָמיטעט.

מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון פּועלי־ציון (צ. ס.) אין וואַרשע, ווו ביי זיי איז געווען די צענטראַלע פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אומפּאַכאָ־ווע ארבעטער, און זיי האָבן אונדז אריינגעשיקט די סטאַטוטן מיט פאַרשידענע פאָרמאַליטעטן דורכצופירן. מיר האָבן דאָס אַלץ דורכגעפירט און אָפּגעשיקט צום צ. ק. פון „פּראָפ. פאַראיין פון אומפּאַכאָווע ארבעטער״, וועלכער האָט אריינ־געשיקט די דאָקומענטן אין אונדזער סטאַראָסטווע. דער שרייבער פון די שורות איז באַשטימט געוואָרן אלס פאַראַנט־וואָרטלעכער פאַרשטייער פון דער צענטראַלע.

עס איז גערופן געוואָרן אַן אַלעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע ארבעטער; געווען ביי אונדז צווישן אנדערע, אַ ספּירט־פאַבריק פון ה׳ וויטאַס, מיט אַ 30 יידישע ארבעטער. נאָך אייניקע מעלדונגען און אויפקלערונגען איז געוויילט געוואָרן א קאָמיטעט: פּועלי ציון (צ. ס.) 5 מיטגלידער, „בונד״ 1, פּועלי ציון לינקע 1. אלס פאַרזיצער איז געוויילט געוואָרן דער חבר קנאבעל, (היינט אין קאַלאַמביע), סעַ־קרעטאַר חבר ש. חייט. מען האָט געדונגען א שיינעם לאָקאַל, און איינגעפירט אַ גרויסע קולטור־טעטיקייט — רעפעראַטן, פאַרזאַמלונגען, קעסטל־אָוונטן. עס איז געווען אַ לעזע־זאַל מיט אַלע ארבעטער־צייטונגען. עס זענען פאַר־

געקומען דיסקוסיע־אָוונטן, ווו יעדע פּאַרטיי האָט געשיקט אירע בעסטע קרעפטן אויף איבערצייגן, אַז איר אידייע איז די ריכטיקסטע, ווי עס האָט זיך תמיד ארויסגעוויזן, איז די גרעסטע מערהייט ארבעטער געווען איבערצייגט, אַז די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אידיי איז די ריכטיקסטע.

מיר האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיטן האַנטווערקער־פאַראיין וועגן עקאָנאָמישע אויסבעסערונגען פאַר די אַרבעטער, ווי אויך וועגן איינפירן א 8־שעה'דיקן ארבעטסטאָג. אָבער נאָך פיל פאַרהאַנדלונגען מיט זיי, האָבן מיר זיך ארומגעזעצן, אַז מיר שטייען נאָך אַלץ ביים אָנהויב... זיי זענען שטאַרק ביי זיך און וואַרפן־אָפּ אונדזערע גערעכטע פאָדערונגען. האָבן מיר באַשלאָסן פּראָקלאַמירן א אלגעמיינעם ארבעטער־שטרייק.

מיר האָבן גערופן אַן אלגעמיינע פאַרזאַמלונג, געשאַפן אַ שטרייק־פאָנד, ווייל עס זענען געווען ביי אונדז פיל ארבעטער פון דער פרעמד, וואָס מען האָט זיי געמוזט אויסהאַלטן מיט עסן. עס איז געזאַמלט געוואָרן א גרעסערע סומע געלט. מען האָט אַלץ איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן, אַז דער שטרייק זאָל געלינגען און מען זאָל געווונען דעם קאַמף מיט א גרויסן נצחון.

אויף אַ קאָמיטעט־זיצונג איז געשטאַנען די פראגע וועגן די האַנטווערקער, וואָס ארבעטן מיט די אייגענע קינדער, צי זאָל מען זיי אראָפּנעמען פון דער ארבעט? מיין מיינונג איז געווען, אַז מען זאָל זען ווירקן אויף זיי דורך די פאַרטייען און מיט אנדערע מיטלען, אָבער נאָר מיט גוטן, זיי זאָלן נישט ארבעטן ווייל אנדערש וועט דאָך מוזן קומען צו געשלעגן, און אויף דעם וואַרט די פוילישע מאַכט. און וועט שליסן דעם פאַראיין. דערווייל איז אין דער פראגע נישט אָנגענומען געוואָרן קיין באַשלוס.

אַלץ איז געגאַנגען אין אָרדענונג. אַלע ארבעטער האָבן געשטרייקט, אויסער ביים שניידער ניסע דוב, וואָס האָט געארבעט מיט צוויי זין, פון וועלכע איינער איז געווען אַ חבר פון פועלי־ציון (צ. ס.) און האָט נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער פּאַרטיי, אויפגעהערט ארבעטן; אָבער דער צווייטער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ רעוויזיאָניסט — און האָט געארבעט.

איך האָב געמוזט פאָרן קיין וואַרשע אויף א פּאָר טעג. און ווען איך בין צוריקגעקומען בין איך גלייך אוועק אין פאַראיין און זיך איבערצייגט, אַז אַלץ איז בסדר. גיי איך אַוועק אין געשעפט, און ווייל עס איז גראַד געווען אַ יאַריד, בלייב איך ביז פאַרנאַכט און דאַן גיי איך צוריק אין לאָקאַל (וואָס איז געווען אין הויז פון בערל סיראָטע) דורכגייענדיק א געסעל זע איך ווי עס גייען אַ פּאָר קאָמיטעט־מיטגלידער, און נאָך א פּאָר חברים פון שטרייק־קאָמיטעט פון די אנדערע פּאַרטייען, מיט גרויסע שטעקנס אין די הענט. עס דויערט נישט לאַנג און עס לויפט אריין אין לאָקאַל די גאַנצע משפחה פון ניסע דעם שניידער, מיט זייער בחור, אינגאַנצן צעשלאָגן און צעבלוטיקט, און זיי שרייען, אַז איך האָב געשיקט די ארבעטער אים שלאָגן, און זיי ווילן זיך וואַרפן אויף מיר. צוזאַמען מיט זיי זענען געקומען אויך צוויי איידעמס: נחמן מיריידע פון האַנטווערקער־קאָמיטעט, און מטות פעלדמאַן א חבר פון פועלי־ציון (צ. ס.), וועלכער האָט מיך תיכף גענומען אין שוץ, פאַרשטעלנדיק מיך און קיינעם נישט צוגעלאָזט מיך שלאָגן. די יוגענטלעכע וועלכע זענען געווען אין לאָקאַל, זענען תיכף ארויסגעלאָפן און איבערגעגעבן די ארבעטער, אַז מען שלאָגט מיך. זענען תיכף געקומען פון אַלע זייטן ארבעטער און האַנטווערקער, און דאַמאָלסט האָט מען זיך ערשט אָנגעהויבן צו שלאָגן אויף אַ אמת. עס איז געווען א ברודער־געשלעג, נישט געווען ווער עס זאָל אָפּהאַלטן, מען האָט זיך געשלאָגן אויך אין גאַס. ביז עס איז געקומען פּאָליציי און זי האָט שוין אָפּגעשטעלט...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אויספאָרשונגען, און פאַרשטייט זיך, מען האָט אויף אונדז געשריגן „קאָמוניסטן", און אַז מען דאַרף אונדז גלייך ארעסטירן. אָבער אונדזער פאָרזיצער חבר קנאבעל, וואָס איז געווען דער אויפזעער פון דער ספּירט־פאַבריק, און סיי די פּאָליציי, ווי אויך די גאַנצע פוילישע מאַכט אין שטעטל האָבן אים גוט געקאָנט, ווייל קיין ספּירט האָבן זיי נישט פיינט געהאַט — האָבן זיך באַגנוגנט דערווייל מיט א פּראָטאָקאָל, און קיין ארעסטן נישט געמאַכט. אָבער די מיטגלידער פון דער משפחה דוב, אונטערגעהעצט דורך אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן זענען כסדר געלאָפן אין סטאַראָסטווע מיט מסירות, אַז מיר זענען קאָמוניסטן. פאַרשטייט זיך, אַז מיך אַלס פאַראַנטוואָרטלעכן פון צ. ק., און דעם פאָרזיצער קנאָבעל, האָבן זיי גוט געקאָנט, און זיי אויסגעלאַכט; אָבער וועגן די אנדערע מיטגלידער האָבן זיי אָנגעהויבן מאַכן אויספאָרשונגען און עס זענען געווען משפטים. אַ סך ארבעטער זענען אוועקגעפאָרן אין אנדערע שטעטלעך און קיין אויסלאַנד. און דאָס פאָר וואָס איך האָב זיך געשראָקן, איז טאַקע געשען: דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין איז געשלאָסן געוואָרן.

ז. עפּיזאָד: די גרופּע פון די לינקע פועלי־ציון זענען איינציקווייז איבערגעגאַנגען צו פועלי־ציון (צ. ס.), און זענען געוואָרן אַקטיוו אין דער פּאַרטיי. אויך אַקטיווע מיטגלידער פון „בונד", וועלכע זענען געשטאַנען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיטן צ. ק., דורכגעפירט פאַרשידענע

אַקציעס, געהאַט אַ שטיקל צייט אַ לאָקאַל מיט א יידישער ביבליאָטעק, אַ „דראַמאַטישע סעקציע" — האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן קומען אין לאָקאַל פון פועלי־ציון (צ. ס.) אויף די־סקוס־יעס, פארזאמלונגען און אליין געוואָרן חברים אין דער פארטיי. צום סוף איז די גאַנצע בונדישע גרופע, אויסער צוויי חברים, אריבער צו פועלי ציון (צ. ס.), ווו זיי זענען געווען שטאַרק אקטיוו. פון זיי זענען אויך אריין אין „העובד", זיך געגרייט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער ליידער זענען זיי, ווי כמעט אלע חברים פון פועלי ציון (צ. ס.) אין קאמין, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע מערדער.

## האנטווערקער פאראיין

די האנטווערקער זענען ביי אונדז אָרגאניזירט געוואָרן אין יאָר 1919 מיט דער הילף פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ביי די געהיימע וואַלן וועלכע פלעגן פאָרגעקומען צו דער פארוואלטונג, האָבן די ליסטעס פון די האַנטווערקער — ציוניסטן באַקומען אַ גרויסע מערהייט, און דער פאָרזיץ און סעקרעטאריאַט זענען געווען אין זייערע הענט. זיי האָבן טאַקע אָנגעפירט מיט דער גאַנצער הילפס־ארבעט.

ווען עס איז אין פוילן געשאפן געוואָרן די האנטווער־קער־צענטראלע צו פארטיידיקן די ספעציעלע האנטווערקער־אינטערעסן, קלענער מאכן די שטייערן וואָס די מאַכט האָט אויף זיי ארויפגעלייגט א. אז. וו. — האָט זיך דער פאריין אָנגעהויבן פארנעמען שטאַרקער מיט זייערע אייגענע האנט־ווערקער־אינטערעסן.

דער קאָמיטעט איז באשטאַנען פון די פאָלגענדע פער־זאָנען: אברהם דוד אברוך — פאָרזיצער, מיטגלידער — אברהם לייב בורשטיין, דוד ענגעל, יצחק טשיזשיק ברוך מאזור און נחמן מירײדע. דער פאריין איז געווען אָנגעשלאָסן צום צענטראלן האנטווערקער־פארבאַנד אין פוילן.

דער צענטראל קאָמיטעט אין וואַרשע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער פאָלקס־פארטיי בראש מיט נח פרילוצקי און חיים ראסנער, און צו די סיים־וואלן האָבן זיי ארויסגע־שטעלט א אייגענע ליסטע און געשיקט פיל מאטעריאל און וואל־אגיטאטאָרן כדי די האנטווערקער זאָלן שטימען פאר דער פאָלקס־פאַרטיי. אָבער די מערהייט האנטווערקער ביי אונז זענען געווען ציוניסטן, חברים און סימפאַטיקער, און זיי אלע האָבן געשטימט פאר דער ליסטע פון נאַציאָנאַלן בלאָק מיט יצחק גרינבוים בראש.

דער פאַראיין האָט געהאט אַ שיינעם לאָקאַל, ווו די האַנטווערקער פלעגן זיך צונויפקומען שבת און יום־טוב, ווי אויך אין אַלע פרייע אָוונטן, צוזאַמען פארבראַכט ביים לייענען צייטונגען, אין שמועסן און פירן דיסקוסיעס אויף פארשידענע טעמעס.

ווען ה' אברוך איז אָפגעפאָרן פון שטעטל (היינט אין ארגענטינע), איז אויף זיין אָרט אלס פאָרזיצער געוויילט געוואָרן ה' יצחק טשיזשיק, א זייער ענערגישער יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך שטאַרק איבערגעגעבן די האנטווערקער־אינטערעסן. דער האנטווערקער פאראיין האָט אָרגאניזירט די „גמילות־חסד קאסע", ווו כמעט דער גאַנצער קאָמיטעט איז באשטאנען פון האנטווערקער. אלס פאָזיצער פון גמילת־חסד קאסע איז געוויילט געוואָרן זייער חבר — איסר לייב צוקער, און זיי האָבן דאָרט געהאַט א גרויסע השפעה. אויך אין די פארשידענע שאצונגס־קאָמיס־יעס — מלוכה'שע און שטאָטישע — האָבן זיי געהאַט פאָרשטייער. צו דער יידי־שער קהילה זענען זיי געגאנגען מיט א באַזונדערע ליסטע, ווו זיי האָבן דורכגעפירט א פרנס ה. נחמן מירײדע.

ביי די לעצטע קהילה־וואַלן, ווען זייער פיל האַנט־



א גרופע פון הכשרה־קיבוץ „קלאָסאָווע" צוזאַמען מיט די שטאָטישע בוי־מייסטער ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון דער בעקעריי פון די ברידער קלאָרמאַן און סעגאל.

ווערקער זענען געווען חברים פון פועלי־ציון (צ. ס.), און זייער פאָרזיצער י. טשיזשיק איז געווען אַ מיטגליד פון פאַרטיי־קאָמיטעט. האָבן די מערהייט פון די האנטווערקער באשלאָסן שטימען פאר דער ליסטע פון פועלי ציון (צ. ס.). נאָך פיל וכוחים און סכסוכים אין האנטווערקער־פאַראיין, האָט דער פריערדיקער פרנס נחמן מירײדע, מיט א גרופּע, נישט געוואָלט זיך אונטערוואַרפן דעם באשלוס און ארויס־געשטעלט א באַזונדערע ליסטע מיט ה' מירײדע בראש.

דער סוף איז געווען, אז די האַנטווערקער האָבן גע־

ביי אונדז אין שטעטל איז אין יאָר 1923 געגרינדעט געוואָרן א פאראיין. אין ערשטן קאָמיטעט איז פארזיצער געווען אליעזר שפירא (היינט אין ישראל) יוסף קאצמאן — סעקרעטאר, און אריה דעקלבוים — קאסיר. דער פאראיין האָט עקזיסטירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, און האָט ענערגיש פארטיידיקט די אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער קעגן דער „אוושעם" פּאָליטיק פון דער פוילישער מאַכט.

די קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן זיך פארשטענדלעך פאר דער צייט געביטן, צום באדויערן ווייס איך נישט ווער זיי



אַ קורס פון נייען און צושניידן פאר פרויען אין קאַמין־קאַשירסקי

שטימט פאר דער ליסטע פון פועלי ציון (צ. ס.), וועלכע האָט בכלל געהאַט א גרויסן נצחון און באַקומען אַ מערהייט אין דער קהילה. ווי אויך צוויי האַנטווערקער־פארשטייער — גרשון סאקאל און ל. זעלצער זייער ליסטע מיט דעם פריערדיקן פרנס נ. מירײדע איז דורכגעפאַלן. דער האַנט־ווערקער פאראיין האָט זיך צוריק קאָנסאָלידירט, פאר־שטאַרקט און צוריק באַקומען השפעה, און אויך די פריערע אָפּגעטיילטע גרופּע איז צוריק געקומען אין האנטווערקער־פעראיין. דער פאריין האָט עקזיסטירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## קליינהענדלער פאראיין

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די פוילישע מאַכט האָט ארויפגעלייגט אויף די יידישע סוחרים און קליינהענדלער שווערע שטייערן, איז געגרינדעט געוואָרן אַ צענטראַלער־קליינהענדלער פאַראיין, וועלכער האָט זיך באַמיט צו קעמפן פאַר לייכטער מאַכן די שטייערן. נאָך דעם זיינען געגרינדעט געוואָרן אין יעדן שטעטל פאריינען אויף צו פארטיידיקן זייערע אינטערעסן.

זענען געווען. איך געדענק, אז אַ לאַנגע צייט איז געווען פאָרזיצער ה' שעפּע זאפּראן.

## די פאלקס־באנק

די פאָלקס־באַנק איז ביי אונדז געגרינדעט געוואָרן דורכן קליינהענדלער פאריין, מיט דער הילף פון „דזשאָינט". יעדער קליינהענדלער אָדער האַנטווערקער האָט געקאָנט באַקומען אַ הלואה אויף קליינע פּראָצענטער. אויך ווען אַ סוחר האָט געקויפט סחורה אין וואַרשע און האָט צוגע־באַרגט א געוויסע סומע געלט, האָט ער די סחורה געלאָזט שיקן צו דער פאָלקס־באַנק, און די באַנק, באקומענדיק ביי אים וועקסלען מיט קליינע פּראָצענטער, האָט אים די סחורה ארויסגעגעבן און זי האָט שוין דערליידיקט דעם חוב אין וואַרשע. אַזוי האָט דער סוחר, נישט האָבנדיק קיין מזומן, געקענט אַ דאַנק דער פאָלקס־באַנק ווייטער האַנדלען און עקזיסטירן.

די ערשטע יאָרן איז פאָרזיצער געווען שעפּע זאפּראן, דירעקטאָר געלמאַן און געהילף יעקב יפה. די לעצטע יאָרן —

פאַרזיצער דוד קלורמאַן, דירעקטאָר קאַלאַטאַטש, מיטגלידער — אריה דעקלבוים, שבח ברעגמאַן און אַנדערע.

## די גמילות־חסד קאַסע

די גמילות־חסד קאַסע איז געווען איינע פון די בוצלעכסטע אינסטיטוציעס אין אונדזער שטעטל. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט עקזיסטירט ביי אונדז אַ גמילות־חסד קאַסע. אירע עסקנים זענען געווען: ר׳ פנחס מאַליק — פאַרזיצער, ר׳ אשר ערליך — קאַסיר, און יעקב רופא (איינמאַנער).

אָבער נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אונדזער שטעטל האָט איבערגעלעבט די פאַרשידענע פּאָגראָמען און רויבערייען, און די לאַגע איז געווען קריטיש באַזונדערס פאַרן קליינהענדלער און האַנטווערקער, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אַ גמילות־חסד אויף אַ לענגערן טערמין און אָן פּראָצענט, איז דורך דער איניציאַטיוו פון די האַנטווערקער געגרינדעט געוואָרן די גמילות־חסד קאַסע. זי האָט באַקומען די אונטערשטיצונג פון אַלע איינוווינער, און פלעגט לייען געלט אַלע נויטבאַדערפטיקע איינוווינער.

אויך אונדזער לאַנדס־מאַנשאַפט אין אַמעריקע האָט אַנערקענט די וויכטיקייט פון דער אינסטיטוציע אין אונדזער שטעטל, און האָט אַ פּאָר מאָל אַריינגעשיקט גרעסערע סומעס געלט פאַר דער גמילות־חסד קאַסע.

יעדעס יאָר איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער, און נאָכן אויסהערן דעם טעטיקייטס־באַריכט, פלעגט געוויילט ווערן אַ קאָמיטעט און אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע.

די כמעט־שטענדיקע עסקנים זענען געווען: איסר לייב צוקער — פאַרזיצער, יצחק טשיזשיק, ברוך מאַזור, יעקב קאַשער, נחמן מירײַדע און אַנדערע. רעוויזיאָנס קאָמיסיע — אברהם יצחק סאַנדיוק, הערשל ווייסמאַן און דער שרייבער פון די שורות.

די אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פרייוויליק. יעדן מאָנאַט, אָדער וואָכנטלעך, האָט דער קאָמיטעט אַרויסגעשיקט אַ פּאָר מיטגלידער צו די וועלכע זיי האָבן געבאָרגט געלט, און אויפמאָנען ביי זיי אין ראַטעס (וויפל זיי האָבן געקאָנט באַצאָלן).

י. פ.

# דער „שפּייז־קאָאָפּעראַטיוו"

לאַנג פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן פון אונדזער שטעטל צוליב פאַרשידענע סיבות, אַמערסטן עקאָנאָמישע, עמיגרירט פיל יידן קיין אַמעריקע. צו ערשט האָבן עמיגרירט די מענער איבערלאָזנדיק זייערע פרויען און קינדער, שיקנדיק זיי אַלע מאָל געלט צום לעבן. אָפּזייענדיק עטלעכע יאָר, זענען אייניקע געקומען צוריק אין שטעטל. מיטברענגענדיק געלט, האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט, אָבער די מערהייט יידן זענען שוין דאָרטן פאַרבליבן, זיך איינגעאָרדנט, און אַרויסגענומען קיין אַמעריקע זייערע פרויען און קינדער ווי אויך נאָענטע קרובים ווי ברודער, שוועסטער און אַנדערע. אַזוי, אַז זיי האָבן שוין מיט 50 יאָר צוריק אָרגאַניזירט אין אַמעריקע אַ קאָמינער לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע איז טעטיק אויף פאַרשידענע געביטן ביז היינט.

אין יענער צייט אין יאָר 1910, איז געקומען צופאָרן צוריק פון אַמעריקע ה׳ משה העביל. טרעפנדיק זיך מיט זיינע פריינט און באַקאַנטע בעלי־מלאכות, האָט ער באַשלאָסן צוזאַמען מיט זיי עפענען אַ קאָאָפּעראַטיוו פון שפּייז־פּראָדוקטן פאַר די בעלי־מלאכות, ווי עס וועט זיי קאָסטן פיל ביליקער ווי אין די פּריוואַטע געשעפטן ביי די סוחרים. אומר ועושה. געלט פון אַמעריקע האָט ער געבראַכט, און עס איז געווען ווינטער־צייט, האָט ער צום ערשטן איינגעקויפט מעל אויף פּסח. אַלע בעלי־מלאכות האָבן טאַקע געקויפט אין זייער קאָאָפּעראַטיוו, נאָך פּסח ווען זיי האָבן געבראַכט פאַרשידענע אַנדערע פּראָדוקטן און סחורות צום געברויך פאַר די בעלי־מלאכות, האָבן זיך קרעמער אַרומגעזען, אַז עס איז אַ גרויסע קאָנקורענץ פאַר זיי, און עס האָט זיך אָנגעהויבן קריגערייען צווישן די אַלטע שפּייז־קרעמער, און די בעלי־מלאכות.

ביי פיל פון די בעלי־מלאכות זענען זייערע פאַרדינסטן געווען אָפּהענגיק פון די סוחרים, וואָס האָבן זיי געגעבן

ארבעט. די שניידער, שוסטער און אנדערע פאכמענער וואָס האָבן געלעבט פון די סוחרים, האָבן תמיד געבאָרגט און שולדיק געווען געלט, און צו זיי זענען די סוחרים געקומען מיט טענות און דראָענגן, אזוי, אַז די קריגערייען האָבן אַרומגענומען כמעט דאָס גאַנצע ביסל יידן פון שטעטל פון ביידע צדדים.

אמערסטן זענען די קריגערייען פאָרגעקומען אין די בתי־מדרשים. איך געדענק איינמאָל אַן אָוונט אין אַ זומער־פאַרנאַכט אין גרויסן בית־המדרש, צווישן מנחה־מעריב, ווען דער בית־מדרש איז געווען פול מיט יידן, איז געוואָרן אַ מחלוקת צווישן די קרעמער און בעלי־מלאכות און איז שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויס געשלעג — אפילו מיט די הענט, און מיט שטעקנס. עס איז געקומען פּאָליציי, און דאַן זענען אַלע ארויסגעלאָפן דורך די טירן, אָדער געשפּרונגען דורך די פענסטער. געבליבן זענען אין בית־המדרש נאָר די אַלטע לייט, וואָס זענען געזעסן און גע־לערנט. און די חדר־יינגלעך צווישן זיי אויך דער שרייבער פון די שורות.

די פאָליציי האָט נישט געהאַט וועמען צו אַרעסטירן, און זי האָט זיך באַנוגנט מיט אויספאָרשונגען. אָבער אַלס רעזולטאַט פון די געשלעגן, איז דער קאָאָפּעראַטיוו געשלאָסן געוואָרן. דער ה׳ משה העביל איז אָפּגעפאָרן צוריק קיין אמעריקע, זיין פרוי און 2 יינגלעך זענען דערווייל פאַר־בליבן איינער פון זיי שמריה איז אין 1918 געהרגעט געוואָרן דורך גויים, אויפן וועג פון קאמין—קאָוועל. און דער צוויי־טער זון בערל העביל איז אָפּגעפאָרן מיט זיין מוטער רבקה אין יאָר 1920 קיין אַמעריקע, ווו ער איז פּאָרזיצער פון אונדזער לאנדסמאנשאפט אין אמעריקע, וועלכע איז טעטיק אויף פארשידענע געביטן צווישן אירע מיטגלידער, ווי אויך ביי דער לאנדסמאנשאפט אין ישראל.



**אויף אַ חברים־צוזאַמענטרעף אין קאמין אין יאָר 1927**

עס שטייען (פון רעכטס צו לינקס): 1) רבקה לערמאַן, 2) הערצל קאַצמאַן, 3) שרה פלאָט, 4) שלמה קלאָרמאַן, 5) רייזל זשיטאָניר, 6) עלקע קאַ־מינסקא, 7) צפורה ערליך, 8) יעקב פלאָט. עס זיצן (פון רעכטס צו לינקס): 1) אומבאַקאַנט, 2) אומבאַקאַנט, 3) חוה קימעל, 4) בן־ציון קאַרש, 5) אסתר קארש, 6) יודעל מאַליק, 7) שרה לערמאַן.

י. פלאַט

# אַ אַלגעמיין בילד פון יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן אין קאַמין־קאַשירסקי

דער סאַמע צענטער דאָס האַרץ פונעם שטעטל, איז געווען דער פירקאַנטיקער גרויסער מאַרק. די אַלע געשעפטן פון תבואה, שפּייז און קאָלאָניאַל, גאַלאַנטעריי, אייזן, לעדער און מאַנופאַקטור זענען דאָרט געווען קאָנצענטרירט. אויך בעתן יאַריד וואָס איז פאָרגעקומען אין שטעטל, ווי אויך אין אַ זונטיק־טאָג, אָדער אין אַ יומא־דפגרא, ווען די גויים פון די נאָענטע דערפער פלעגן קומען אין שטעטל און האָבן מיטגעבראַכט אין זייערע פויערישע וועגעלעך אַלערליי תבואות און גרינסן, אָדער פורלעך מיט האָלץ אין ווינטער, האָבן זיי אַלץ אויסגעשטעלט אויפן מאַרק.

פון מאַרק זענען זיך די איבעריקע גאַסן צעלאָפן אין אַלע זייטן. אויף רעכטס — קאָוולער גאַס, וועלכע איז געווען די הויפּט־גאַס צום שפּאַציר אום שבת און יום־טוב, לינקס — וואָליער גאַס ווי מען איז געפאָרן קיין לובעשאָוו, און אין צפון צו דאָלניקעס גאַס. פון אַלע זייטן פון מאַרק זענען אַרויס פאַרשידענע קליינע גאַסן און געסלעך.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אין מיטן מאַרק געשטאַנען פון אַלע 4 זייטן קראָמען, וועלכע האָבן אַלע געהערט צו יידישע קרעמער. די קראָמען זענען על פי רוב געווען איינגעאָרדנט און געפירט אויף אַ פרימיטיוון אופן. עס זענען נישט געווען קיין פענצטער און קיין גלאָזטירן. ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט פלעגט מען שטיין אין די אָפענע קראָמען און וואַרעמען די הענט, ווי אויך די פיס ביי אַ פייער־טאָפּ.. אין אָפענעם מאַרק האָט זיך געפירט דער גאַנצער קליין־האַנדל אויף געווענלעכע קעסטלעך, ווו עס איז פאַרקויפט געוואָרן גרינס, פּרוכטן, פיש, לימאָנאַד און פאַרשידענע געטראַנקען, געבעקסן און אנד

ווייטער ברענגען מיר די נעמען פון די קראָמען־אייגנטימער לויטן זכרון.

שפּייז און קאָלאָניאַל: גאַרבאַטי שיינדל, ווערבע שמחה, ווערבע ברוך, יוסף לייב דער בלינדער, מאַליק מענדל, ניימאַן רייזל, גיטל ניכאָמקעס, פרידמאַן לייבע, פרידמאַן עטל, פעלדמאַן שמעון, פלאַט שיינע חיה, קויפמן שיפע, שיינבוים שיינדל, טשאַרנע שוחט.

תבואה און שפּייז: פרידמאַן סלאָווע, פרייד גדליה, רויזן רעכל, זשיטאָניר יואל.

שפּייז און גאַלאַנטעריע: וואָלק שלמה, שלמה מיכל, ניימאַן פייוול, פלוס מאָטל, צימערמאַן מענדל.

גאַלאַנטעריע און שפּילצייג: ווערבע שיינע, יענטל די קראַסאַוויצע און נח ביניוק.

מאַנופאַקטור: אייזנבערג יצחק, גאַרבאַטי יוסף, טשערבאַטי משה, טשערבאַטי יוסף, לערמאַן מרדכי, מאַרשאַלקאָוויטש גיטל, מאַליק פראַדל, פּרוזשאַנסקי דוד.

לעדער און שיך: הערליך אשר, ווערבע שמואל יוסף, נוימאַן מאַרדיש, שוחט קאָפּל.

אייזן: אייזנבערג שמואל הערש.

סמאָלע: טשאַרנע דוד, שמואל אהרן לין.

טאָרבעס און פּאַסיקעס: רופא יעקב, אברהם יעקב שוחט.

הורט־געשעפטן פון מעל און שפּייז־פּראָדוקטן: בערגיל משה, זאַפראַן שעפע.

פּרוכטן־הענדלער: סאַני דער בלינדער, פעלדמאַן ישראל־יצחק.

ביר און בראָנפן־געשעפטן (שענקען): מאַרשאַלקאָוויטש יעקב לייב, ריקעל שלום, שמואל יוסף ראָזנבלום.

בעקערייען: קרול מאיר (ניכאמקעס), פרישבערג ח.

בהמות־הענדלער און קצבים: ווייַנפערלעך אליעזר, חסיד שלום, יעראָזדיצקע טוביה, יעראָזדיצקע אביגדור, יעראָזדיצקע בערל, פלאַט יהושע און זון יעקב, קויפמן חיים בער.

פערד־סוחרים: קרוקווער ביניש, קרוקווער יצחק, ברענער יעקב.

דאָרפס־גייער: פעלטשוק פאַליק, אליהו מאַנעסעס, באַרינהאָלץ שיינע שרה.

וואַלד־סוחרים און בראַקער: צוקערמאַן אליעזר, צוקערמאַן נחום, פלאַט משה, גראָסמאַן אברהם פנחס, קריקווער עקיבא, שלמה טעקלער.

סוחרים פון פעל און רויכוואַרג: בראַט ירחמיאל, קלאַרמאַן לעמל, קאַמינסקי ישראל, קימעל זעליג.

הייער־סוחרים: דרוג, משה, קימל מאָטל.

סוחרים און הענדלער: גאַרטנשטיין בערל, סאָקאָל שלמה, פרידמאַן עקיבא, דעקסטער משה, טעפער נטע — אַגענט פון זינגערס ניי־מאַשינען.

בעלי־מלאכות (ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה — 1914).

מענער שניידערס: אייזן משה אברהם׳טשעס, דוב ניסע, וואַטון פסח, האַלון יוסף, קטן אליהו, קטן אבא, קטן הערש בער, פרעס משה, קרוקווער מאָטקע, יעקב לייב.

דאַמען־שניידערס: חייט יעקב, ענגעל וואָלף, קטן מרדכי.

שוסטערס: גוטערזאָן, העביל יצחק, סאנדיוק בעריש, ענגעל דוד, ענגעל אברהם יצחק, יאַנקל דער שוסטער, דוד הערש דער שוסטער, ברוך יוסף משרת.

בלעכערס: באָב משה, בארג יצחק.

סטעלמאַכעס: גבאי ברוך, דעקטער מרדכי, פישמאַן נחמיה, פישמאַן הערש לייב.

טעסלערס: גוז יצחק, זאַלץ אברהם משה, סגאל יחזקאל, סגאל פייוול, סגאל ביניש.

סטאָלאַרעס: דווינסקע יעקב וועלוול, וואווק שמעון, כהן וועלוול, כהן לייבע, שטערן זלמן, שטערן נטע.

מולערס: זעלצער שמעון, זעלצער יעקב, סאקאל שלמה, קימעל יצחק, פראַך שמואל.

שמידן (קאָוואַלעס): אַברוך שאול, אַברוך יעקב, אברוך אברהם דוד, בארשטיין אברהם לייב, קאַגאַן אברהם יצחק, קאַגאַן זעליג, קרוק אביגדור, דער לובעשאָווער קאָוואַל.

מאָלער: קרוין מטות.

גלעזער: שטערן נאָטקע.

זייגער־מאַכער: יאַקעלזאָן יעקב.

היטל־מאַכערס: מאַזור ברוך, פיטערסאַבעל אבא, ניסל דער קירזשנער.

פעלצן־מאַכערס: לוי דויד, קאַגאַן דויד.

סופרים: זאַלצמאַן אבא.

איינבינדער: טשערטאַק יודל.

וואַסער־פירערס: טשארצער שמואל, פרימאַק נפתלי.

בעלי־עגלות פון פאַסאַזשירן: דעקטער מאיר, זאַבאַרניק שמעון, פרימאַק פייווע, קויפמאַן שלמה, יאַסינקע, שלמה דוד יאַסינקעס.

בעלי־עגלות פון סחורות און משא: אייזנבערג שמעון, פרידמאַן אברהם, פרידמאַן יוסף, פרידמאַן שלום.

קליינע פאַבריקלעך: אייזנבערג עוזר — אַ סאָדע־וואַסער פאַבריקל, גאָלדשטיין לייביש — דאַמפף־מיל, וואַסערמאַן מאיר — דאַמפף־מיל, לערמאַן מרדכי — ציגל־פאַבריק, מאַליק פנחס — אַ ציגל־פאַבריק, פרידמאַן מאָטל — אַ ליכט־פאַבריק, קאַשער חיים יואל און קאַשער ישראל — אַ אייל־פאַבריק, ראַזנבלום שמואל יוסף — ווייַנמאַכער.

פרייע פראָפעסיעס: פרוי ד״ר מעד. בערמאַן און איר מאַן אדוו. ראַדיאַקאָוו, אַ וועטערינאַר־דאָקטאָר, אַ ציין־דאָקטער, און דער אַפּטייקער י. פעסין.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דאָס שטעטל גענומען צוריק אויפבויען און פונאנדערוואַקסן, די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרגרעסערט. עס זענען אָנגעקומען אַ סך יידן פון די ארומיקע געגענטן. דער האַנדל האָט זיך צעבליט און עס זענען צוגעקומען פיל קראָמען, װאַרשטאַטן און קליינע פאַבריקלעך. ווייטער ברענגען מיר אַ צוגאָב־רשימה פון די געשעפטן און בעלי־מלאכות (לויטן זכרון) פאַר דער צייט 1920—1939, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, דאָס הייסט ביז דעם אונטערגאַנג פון יידישן שטעטל קאַמין־קאַשירסקי.

הורט־געשעפטן פון שפייז־און קאָלאָניאַל־פּראָדוקטן: באַרנהאָלץ יצחק און גאָלדשטיין יעקב, ברידער קלאָרמאַן אַביש און דוד און סגאל דוד, רויזן מאיר.

שפייז: בורשטיין דינטשע און בלאַ׳ג, האַלון ישראל, וואַטון זלאַטע, וואלק יונה, זאַווידאָוויטש פערל, לעוו לייביש, לעסניק שאָשע, מאַליק אהרון צבי, מאַליק לייבל, סאַנדיוק שמערל, סטריער פראַדיל, פרייד פנחס, קאַמינסקע מרים, קרוקווער גאָלדע, קטן אברהם, קראסקער מאָטל, שוואב אהרון.

אייזן: דרייצן זעליג, פערטשיק יוסף, קויפמאַן וועלוול, קארש בן־ציון און דעקלבוים אריה, ראַטנבערג אברהם.

הורט־מאַנופאַקטור: ברידער אייזנבערג יעקב, לייבל און אַבע.

מאַנופאַקטור: ברעזער איטקע, ווערבלע שמואל, סטריער אברהם, פיזנהאָלץ יוסף, רויטנשטיין קלמן.

לעדער: באָב משה, טשערטריסקער הינדע, פלאָט יעקב, קאַמינער יקותיאל.

שיך: ברעגמאַן שבח, פינגערה׳ט יוסף, קליי יעקב, שאַפּיראָ אַ.

גאַלאַנטעריע: אייזנבערג גרשון.

מלבושים הענדלער: יפה יהושע, צוקער דב, רויזן יצחק.

שרייב־מאַטעריאַל געשעפטן: מלמד ברוך און קימעל זרח, פרוזשאַנסקי ישעיהו.

בראָנפן און ביר: דעקטער בצלאל, מאליק פריידל און יודל.

טיי און קאַפע־הויז: ביבער דוד, זאַווידאָוויטש יצחק.

צייטונגס־קיאָסק: זאַלצמאַן ישראל לייב.

בופעטן: ליבאַכינער מלך, סגאל גיטל, קאַנדעל חיים.

בעקערייען: אַלטוואַרג משה און קאַמינסקע חיים, סעגאַל מאַניש, קרוקווער דוד, קאַמינער אליעזר, רובינשטיין נתן.

האָטעלן און אכסניות: גאָלדשטיין לייביש און שלמה, גאַרטנשטיין מלכה.

אַפּטייק־סקלאַדעס: באַקאַלטשוק יוסף, ווייסמאַן פנחס און ליאָווע.

וואַלד־סוחרים און בראַקערס: אייזנבערג גרשון, אייזנבערג עקיבא, געלער נחמן, דאַברעשקלאַנקע אברהם יצחק, לייזערוק איסר, לייזערוק חיים, יודנהערעץ משה, ציטרינבוים משה, ציטרינבוים מאיר, צוקערמאַן, שטיינבערג אברהם.

סוחרים פון פעל און ראכווארג: גרינשפּאַן יצחק, גיוואַנט ישעיה, לייזערוק יחזקאל, וויינפירלעך מאיר, מייסטעל יעקב, מייסטעל אברהם, מיראנץ דוד, קלאַרמאַן יעקב יצחק, קלאַרמאַן שלמה.

חזיר־האָר־האַנדל: זאַלצמאַן שמעון, ניזאַווסקי.

אייער־סוחרים: דר׳ג משה, זאסק אברהם, טויזנער, טשערטאַק ברוך און מאיר, קאַזאַק דוד, רופא אברהם.

בהמות־הענדלער און קצבים: זאסק מטות, לייזערוק שמואל יצחק, לינזן פישל, לינזן ראובן, מעלניק שלמה דוד, סעגאַל גדליה, סטעפּאַק אברהם יצחק, סטעפּאַק יוסף, פערדמאַן הערשל, פּוגאַטש שמואל, צין יוסף בער, קאַשער חיים לייב, קאַשער ישעיה, קצב י., קרוין יוסף, רייכמאַן נטע, רופא מרדכי, שוחט ישעיה.

פערד־הענדלער: קרוקווער אברהם, קרוקווער משה.

פיש־הענדלער: אבריך אייזיק.

הורט־שמאַטעס האַנדל: סטריער מרדכי.

טיי־אַגענט: רויטנשטיין אברהם.

גערטנער: פערליס יונה, קטן יעקב.

בעלי־עגלות: בערש פסח, גאָטליב שעפּע, גאָטליב הערשל, זאבאַרניק יודל, פרימאַק ברוך.

באַן־עקספּעדיטאָרן: געלבורט יוסף, פעלדמאַן מאיר.

וואַסער־פירער: איינבינדער.

### בעלי־מלאכות.

שניידערס: חייט דוד, חייט מרדכי, קאָרזש סענדער, פעלדמאַן מטות, פאַרטנוי מיכאל.

שוסטערס: גבאי מרדכי, גרינשטיין אברהם, ווינער פנחס, ווינער אייזיק, ווינער יוסף, ווייסגראַז מנשה, ווייסגראַז ישראל, טראַטש בנימין, מירידע נחמן, מעלניק אברהם, קאַלאַדני יעקב.

קאַמאַשנשטעפּערס: טשאַפּטשיק מרדכי, דוד דער פּוילישער.

קאַפּעלוטעס־מאַכער: רייטער זעליג.

זייגערמאַכער: קרוין ישעיה.

היטל־מאַכערס: ווערבע לייבל, ווערבע נחום שוחט גימפּל.

פעלצנמאַכערס: פאַלטשוק גרשון, פאַלטשוק בערל.

זאַטל־רעמערס: ווערבע הערשל, ווערבע בעריש, ווערבע יצחק, טשערטאַק בצלאל, טשערטאַק הערשל, טשערטאַק עוזר, טשערטאַק יצחק.

שערערס: סילעצקי שייקע, טשעזשיק יצחק, ליטוואַר, שטיינקרוק.

סטאָלערס: אייזן לייבל, באַס אברהם, דווינסקע מרדכי, וואַווק חיים אשר, קרוקווער לייבל, רופא מאיר, שטוהל.

טשעסלערס: באַיאַן משה, סאָקאָל גרשון, ענגעל הערשל, פיינערמאַן, צוקער איסר לייב.

סטעלמאַכעס: טאַרמע חנן, טאַרמע זאב, לערמאַן משה, סאַנדיוק יעקבי צבי, פישמאַן נחמיה.

בלעכערס: בוימשטיין ישראל, טשיזשיק ישראל.

מאַלערס: ווייסגרוס דוד, יודל מאַלער, קרוין.

מוליאַרעס: זעלצער לייבע, זעלצער געצל, מירעצקי אברהם.

שמידן: בורשטיין אברהם יעקב, קרוק יעקב לייב, קרוק אייזיק, קרוק אביגדור.

### פאַבריקן און אינטערנעמונגען.

אייל־פאַבריקן: סאָקאָל יקותיאל און קאַשער יעקב.

דאַמפּף־מיל און עלעקטראָווניע: בער דוד, גאַרטנשטיין יעקב, גרימאַטליך גדליה, קאַצמאַן העני.

דאַמפּף־מיל: וואַסערמאַן מאיר, זיניוק יעקב און טשאַרנע הערשל.

דרוקערייען: כאַרפּאַק גרשון, לאַפּאַטין יעקב.

טאַרטאַק: ווייסמאַן יוסף און ווייסמאַן הערשל.

סאָדע־וואַסער פאַבריק: ווערבע דוד.

צוקערקעס־פאַבריק. מאַנשיין.

ציגל־און דאַכאַוועקעס פאַבריק: אַרעמלאַנד יצחק, שוסטער אהרן.

פרייע פּראָפעסיעס: ד״ר מעד. טוב, ד״ר לעפל, ציין־דאָקטאָר קערנער און פרוי ד״ר שטיינבערג, פעלדשער מעשנגיסער.

# רשימה פון ישובים ארום קאמין־קאשירסקי
# ווו עס האבן געלעבט יידן

אָלבלע
באַראָוונע
בוזאק
בורקע־גלושא
בורקע־כאַטעשאָוו
גרויס גלושא
דערעוואק
האלאבי
הוטא קאמינער
הוטא בוראָווינער
ווידערט
ועטלע
וערכי
ווארקאמלא
וויבזער
ווידריטשי
וואיהאשטש
זאלאזיע
זעלעכאָוו
טעקליוויקע
טשארטשע
טשערוויטשט
יעזערקע
יעלאוואטיץ
יאיינע
כאטעשאוו
לובעשאָוו
ליובלאז
מעלניק
נויניא
נעוויר
סאסיטשנא
סטאביכווע
סעדראָוויטש
סעדלישטש
פאליץ
פניעוונא
קוכאצקא וואליא
קרעמנאָ
קליין גלושא

יעקב ארימלאַנד

# רביים און חסידים

אין יאָר 1901 בין איך געקומען פון בריסק קיין קאַמין קאַשירסקי און געטראָפן אין שטעטל דעם דיין — הרב משה גאָלדשמידט. אין יענער צייט איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת צווישן דיין און זיינע אָנהענגער, מיט די טריס־קער חסידים, וועלכע האָבן טאַקע אַראָפּגעבראַכט נאָך אַ דיין — הרב פסח אהרן ווייסמאַן, און אַזוי האָט שוין קאַמין קאַשירסקי געהאַט 2 דיינים, וועלכע מען האָט זיי גערופן דער אַלטער דיין, און נייער דיין.

דער גרעסטער גביר (נגיד) פון שטעטל איז געווען הערשל ווערבע, און דער צווייטער יהושע קרעמנער (גאָר־טענשטיין), צווישן זיי און זייערע משפחות איז פאָרגע־קומען שטענדיקע קריגערייען, אפילו אין טריסקער שטיבל ווו זיי האָבן געדאַוונט, פאַרמאָגט מזרח שטעט, און האָבן באַקומען שבת ביים אויפרופן צו דער תורה „ששי".

אין יאָר 1904 איז אויסגעבראָכן אין מיטן נאַכט אַ שריפה און עס איז פאַרברענט געוואָרן דער בית־מדרש און דאָס סטעפינער שטיבל ווי די גרעסטע טייל הייזער פון שטעטל מיטן גאַנצן האָב און גוטס.

ווי איך ווייס איז אין יאָר 1889 געפאָרן אויף שבת קיין קאַמין־קאַשירסקי דער קאָברינער רבי, הרב נח ראַבי־נאָוויטש. ווען ער איז דורכגעפאָרן דעם בית־עלמין האָבן זיך פלוצים אויסגעשפּאַנט די פערד, נאָך פיל מי האָט מען זיי צוריק איינגעשפּאַנט, און איז אריינגעפאָרן קיין קאַמין־קאַשירסקי אויף דער אכסניה צו ר' ירחמיאל בראַט. און האָט תיכף אַ פרעג געטאָן וואָס פאַר אַ צדיק ליגט דאָ אויפן הייליקן אָרט...

פּרייטיק צונאַכטס האָט ער געפּראַוועט פאַר די חסי־דים טיש, האָט געזאָגט תורה און געזונגען זמירות. שבת בייטאָג נאָכן מאַכן קידוש, און אָנגעהויבן פּראַווען טיש, האָט ער ביים עסן אַ שטיקל פיש אריינגענומען אַ ביינדל אין מויל און מער דאָס נישט געקאָנט אַרויסנעמען און ער איז תיכף נפטר געוואָרן. אין דער זעלבער צייט איז אויפן גאַס געוואָרן אַ גרויסער שטורם און עס האָט שטאַרק געדונערט, געבליצט און עס האָט געפליצט אַ גרויסער שלאַקס־רעגן. און עס איז אַראָפּגעריסן געוואָרן פיל דעכער פון די הייזער.

זונטיק זענען אָנגעקומען פיל חסידים פונם גאַנצן געגנט, און מען האָט אים טאַקע באַהאַלטן אויפן קאַמינער בית־עולם, און אויפגעשטעלט אַ גרויסן אהל אַלס מצבה. אין יאָר־יערלעך צום יאָר־צייט זענען זיך צונויפגעפאָרן חסידים פונם גאַנצן לאַנד צוזאַמען מיטן נייעם רבין, און זענען שוין דאָרטן פאַרבליבן איבער שבת ווו דער רבי האָט געפּראַוועט טיש.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געקומען קיין קאַמין־קאַשירסקי זיינס אַ אייניקל וועלכער הייסט שוין נאָך אים ר' נח ראַבינאָוויטש, און מיר די קאָברינער חסידים האָבן אים געקרוינט פאַר אַ רבין און אים אויסגעבויט אַ הויז מיט אַ קאָברינער שטיבל. ער איז ארומגעפאָרן אין דער סביבה צווישן חסידים און מיר די חסידים ווי אויך די קאַמינער איינוווינער האָבן אים אויסגעהאַלטן מיט דער גאַנצער משפחה, מיט אַלץ וואָס זיי האָבן באַדאַרפט אויף פרנסה.

יעקב פלאַט

# די גרויסע שריפה אין שטעטל אין יאָר 1904

לויט ווי איך געדענק פון קינדהייט אָן האָט אונדזער שטעטל אַלע יאָרן פיל געליטן פון פאַרשידענע צרות: שריפות, פּאָגראָמען און אַנדערע אַנשיקענישן. פונקט ווי אַנדערע שטעטלעך אין אונדזער געגנט, זענען אַלע וווינ־הייזער ביי אונדז געווען געבויט פון האָלץ, די דעכער פון האָלץ־שינדלען, ארומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט גויישע גאַסן, וואָס זייערע הייזלעך און שפּייכלער'ס, זענען געווען פול מיט פאַרשידענע תבואות, היי און שטרוי, און די דעכער זענען געווען געדעקט מיט שטרוי; אַזוי, אַז עס איז גענוג געווען אַ קליינער פונק פון אַ לולקע, אַ פּאַפּיראָס, אָדער

פון ניט קיין פאַרלאָשן שוועבעלע, אַז עס זאָל אויסברעכן אַ שריפה, און דאָס פייער זאָל זיך תיכף פאַרשפּרייטן איי־בערן גאַנצן שטעטל.

עס געדענקט זיך מיר אַזאַ שריפה פון סוף זומער 1904. אין מיטן נאַכט ווען איך בין געשלאָפן האָב איך דערהערט קולות „עס ברענט". ווען מען איז אַרויס אין גאַס, האָט מען געזען אַז אין דער גוישער גאַס דאַלניקי ברענט. עס האָט זיך אָנגעצונדן אַ שטאַל מיט שטרוי, און דאָס פייער האָט תיכף אַרומגעכאַפּט די דערבייאיקע הייזלעך און זיך אַריבערגעוואָרפן אין די יידישע געסלעך. עס איז גע־וואָרן אַ גרויסע בהלה און אַ שטאַרקער טומל; קיין פאַ־שזאַרנע קאָמאַנדע מיט פייערלעשער זענען ניטאָ, מען שלעפּט עמער מיט וואַסער פון ברונעמער און מען גיסט אויפן פייער, און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס העלפט ניט. עס קומען צעלויפן יידן פון די ווייטע גאַסן, קרובים און פריינט, מען העלפט אַרויסשלעפּן דאָס ביסל מעבל און אַנדערע זאַכן פון די הייזער, אָבער דאָס פייער האָט אַרומגענומען מיט אַמאָל עטלעכע געסלעך, און כמעט אַלץ ווערט פאַרברענט אויפן גאַס. אַזוי איז דאַמאָלט פאַרברענט געוואָרן אַ האַלב שטעטל מיטן בית־המדרש און סטעפּינער שטיבל. איבער נאַכט זענען פיל שטעטלדיקע בעלי־בתים, פאַרמעגלעכע יידן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קבצנים ואביונים.

אינדערפרי זענען געקומען די יידן פונם האַלבן שטעטל וואָס זייערע הייזער זענען איבערגעבליבן און פאַרנומען די נשרפים צו זיך אין זייערע הייזער. אַ סך יידן זענען אַרויסגעפאָרן וווינען לעת־עתה אין די דערפער. מיר זענען אַריבער וווינען אויף וואָליער גאַס, צו ר' שמעון וואָווק, אָבער מיין מוטער מיט די קינדער זענען אַוועקגעפאָרן אויף אַ שטיקל צייט צו אירע עלטערן קיין ראַטנע, ר' בע־ריש קליין. עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז יעדער בעל־הבית האָט נאָך פיל מי און גרויס מאַטערניש צוריק אויפגעשטעלט זיין הויז מיט אַביסל ווירטשאַפט — ביז עס איז אויסגעבראָכן אַ צווייטע שריפה, אָדער אַ פּאָגראָם, און ער איז ווידער געוואָרן אַ קבצן...



די שטעטלדיקע שפּאַציר־פּלעצער

די „קרעניצע". ווען דער עולם האָט זומער, אָפּגעגעסן די פעטע שבת'דיקע סעודה, דעם טשאָלנט מיטן געשמאַקן קישקע־קוגל, און עס האָט זיך פאַרוואָלט אַ קאַלטן טרונק וואַסער (קיין אייז־קאַסטנס און פרידזשידערס זענען ניט געווען...) האָט אַ גרויסער טייל יידן, גאַנצע משפחות, גרויס און קליין, זיך אָנגעטאָן אין די שבת'דיקע מלבושים און אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין דער גוישער גאַס זאַסטאַוויע, ווייט פון שטעטל, צו דער „קרעניצע".

אַ וואַסער־קוואַל, וואָס גיט אַרויס פריש קאַלט וואַסער. קומענדיק אַהין האָט מען געמוזט שטיין אין דער ריי אָדער בעסער געזאָגט, זיך צושטופּן, ביז מען האָט באַקומען די אמת'דיקע קאַלטע וואַסער, וועלכע האָט מחיה נפשות געווען, און נאָכדעם זיך אַוועקגעלייגט דאָרטן אין גאָרטן אויפן גראָז, צווישן די ביימער, זיך אַ ביסל אָפּרוען און כאַפּן פרישע לופט. אָבער ניט תמיד האָט מען געקאָנט אַזוי הנאה האָבן. דער גאָרטן האָט געהערט צו אַ פּויער, אַ אוקראַינער, וואָס ווען עס האָט זיך אים פאַרגלוסט האָט ער אָנגערייצט אויף די זשידקעס זיינע הינט; און דאַן איז פונם שבת'דיקן „גן־עדן" געוואָרן דער אמת'ער גיהנום, און אַלע האָבן אָנגעהויבן לויפן דורך אַלע זייטן צום אַרויס־גאַנג, מיט געשרייען און געוויינען, און עס האָט לאַנג געדויערט ביז מען האָט זיי באַרויקט...

אויך זענען אין גאָרטן געווען בינשטאָקן, און די בינען זענען דאָרט אַרומגעפלויגן. די קינדער וועלכע מען האָט זיי ניט געקאָנט איינהיטן האָבן טאַקע ניט איינמאָל געכאַפּט אַ ביס פון אַ בין.



זאַקלאַשטאַריע

„זאַקלאַשטאַריע" איז געווען אין יענע יאָרן דער אמת'ער ריכטיקער פּלאַץ צום שפּאַצירן, ווייט פון שטעטל, אָבער דער וועג צו אים איז געווען פריי פון גויישע הייזער מיט הינט. מען איז דורכגעגאַנגען אונדזער טייכל „ציר" און מען איז צוגעקומען צום פּוילישן „קאָשטשאָל", וואָס חוץ זונטיק און חגאות האָט מען דאָרט ניט אָנגעקוקט קיין שום גוי, און אין אונדזערע שבתים און יום־טובים איז געווען אַ פאַרגעניגן דאָרט דורכצוגיין. מיר האָבן געפילט די אמת'ע נאַטור־ריחות, וואָס האָט אין אונדזערע געסלעך געפעלט. פעלד־בלומעלעך „ניט־פאַרגעס־מיך" זענען געווען אַ סך, אויך פאַרשידענע אַנדערע בלומען זענען געוואַקסן. צום זאַקלאַשטאַריע האָט געפירט אַ לאַנגע אַלעע ביימער אויף אַ באַרג. פיל מיט ביימלעך וואָס אויף זיי זענען געוואַקסן ניסלעך; אין דער זייט צום קאָשטשאָל זענען געווען פעלדער מיט פאַרשידענע תבואות, די צווייטע זייט — באַוואַקסן מיט פאַרשידענע קאָנעשינעס. גראָזן, מיר, חדר־יינגלעך, האָבן ליב געהאַט אין חודש תשרי, ווען מיר זענען געווען פריי פון לערנען, לויפן אַהינצו גאַנצע טעג רייסן ניסלעך, שפּילן אין פאַרשידענע שפּילערייען אויף אָט דעם פריילעכסטן שפּיל־פּלאַץ.

שבת און יום־טוב פלעגט שוין קומען דאָרט שפּאַצירן

די גאַנצע יוגנט. פון פרי ביז שפּעט אין אווינט איז זאַקלאַסטאַריע געווען פול מיט מענטשן.

אביסל ווייטער, צו אַלעקסייעווקע, איז געווען אַ וועלדל מיט אַ סך בוימער. אהין זענען געקומען גרופּעס יוגנט שפּילן אין פאַרשידענע שפּילן, לייענען ביכער, און ראָמאַנטישע ליבנדע פּאָרלעך, וועלכע האָבן געוואָלט פאַרברענגען צווישן די בוימער און מען זאָל זיי ניט קאָנען געבן קיין עין־הרע... אזוי האָט עס געדויערט ביז די דרייסיקער יאָרן, ווען דער סטאַראָסטע האָט פאַרנומען דעם אָרט אויף אַ ספּאָרט־פּלאַץ פאַר די פּאָליאַקן, אויף פייערן זייערע נאַציאָנאַלע יום־טובים און איינאָרדענען פאַרוויילונגען, און די יידישע יוגנט האָבן געמוזט אויסזוכן אנדערע שפּאַצירפּלעצער, אָבער מערסטענטייל האָבן זיי פאַרבראַכט אין זייערע לאָקאַלן פון די אָרגאַניזאַציעס.

# דער טייך אין אונדזער שטעטל

דעם נאָמען פונם טייך האָב איך אַלס קינד פיל מאָל געהערט אין בית־המדרש. ביי פרומע יידן ווען אַ פּאַר פאָלק האָט זיך צעשיידט, האָט מען אין גט געמוזט שרייבן דעם נאָמען פון טייך, און מען האָט געשריבן ציר־וואָלווע. איך האָב געזען דעם טייך ווי ער איז אין אמת׳ן: עס האָט זיך געצויגן אַ שמאָלער קאַנאַל פון דאָרף פּאָדצירייע, אין שטאָט ביי די קאָוועלעס אביסל ברייטער, און איז אוועק ווייטער אין אַ שמאָלן קאַנאַל, ביז דעם דאָרף שטעטין און איז אַריין אין טייך פריפּעט.

אין שטאָט וווּ דער טייך איז געווען ברייטער, איז געווען אַ הולצערנער בריק, וועלכער האָט פאַרבינדן די שטאָט מיט די גאַסן פון זאַסטאַוויע, און אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. ביי דער זייט פונם בריק ביים טייך איז געשטאַנען אַ וואַסער־מיל, וועלכע האָט געהערט צו אַ יידן, און פּויערים פלעגן דאָרטן ברענגען זייער קאָרן צו מאָלן אויף מעל.

פונם טייך האָבן די וואַסערפירער אָנגעשעפּט זייערע פעסער מיט וואַסער און צעפירט צו די שטעטלדיקע בעלי־בתים צום קאָכן און טרינקען. די וועלכע האָבן נישט געוואָלט באַצאָלן די וואַסערפירער, זענען אַליין געגאַנגען מיט אַ פּאָר עמערס צום טייך, און באַקומען די וואַסער אומזיסט. אויך האָבן די שטעטלדיקע בעלי־עגלות און סתם יידן, ווי אויך פּויערים, דאָרטן געבאָדן זייערע פערד און בהמות. זומער — האָבן זיך אויך יידן געבאָדן אין טייך.

פאַרשטייט זיך אין שטעטל איז געווען אַ באָד מיט פּאַרע, און אַ מקוה, ווו יידן האָבן זיך געהאַט ווו צו באָדן, אָבער ווען עס איז געקומען דער זומער מיט די הייסע טעג, האָבן זיך יידן פאַרגלוסט באָדן אין טייך, און ער איז טאַקע תמיד געווען פול מיט באָדנדיקע מענער. קיין באָד־קאָסטיומען זענען ביי אונדז נאָך נישט געווען, און פיל מענער האָבן אַלס מיוחסים אָדער באַקאַנטע פונם מילנער זיך אויסגעטאָן אין וואַסער־מיל, און פון דאָרטן אַריין אין טייך. אָבער ניט אַלע האָט מען אַריינגעלאָזט אהין, ווייל עס איז ניט געווען אַזוי פיל פּלאַץ, האָבן זיי זיך אויסגעטאָן און אַנגעטאָן אויפן גאַס נעבן דער מיל. אויך איך האָב מיט מיין פאָטער ז״ל, וועלכער איז געווען פון די מיוחסים, אפט זיך געגאַנגען באָדן, און זיך טאַקע אויסגעטאָן אין מיל, און אַלס גוטער שווימער, האָט ער מיר גענומען אויף זיך, און איך האָב טאַקע פונם טייכל אַ שטאַרקע הנאה געהאַט.

פּלוצים איז די מיל פאַרברענט געוואָרן, און מיר האָבן נישט געהאַט ווו זיך אויסצוטאָן, און מיין פאָטער ז״ל, האָט אויפגעהערט גיין זיך באָדן צום טייך. אויך אַנדערע פרומע יידן האָבן אויפגעהערט צו גיין זיך באָדן; דער תענוג פונם באָדן זיך ביים טייך איז פאַרשטערט געוואָרן, און מען האָט געמוזט זיך באַנוצן מיט דער שוויץ־באָד און מקוה.

זייער פיל בעלי־בתים, ווי אויך די יוגנט האָבן אויסגעפונען אביסל ווייטער דורך אַ גאָרטן, זיך ווו צו באָדן אין קאַנאַל, וועלכן מען האָט גערופן — „ביידעל״, עס איז געווען בלאָטיק און פול מיט פּיאַווקעס. און דער דורכגאַנג אהין איז געווען מיט סכנת־נפשות. די בעלי־בתים פונם גאָרטן, קריסטן, האָבן ניט געלאָזט דורכגיין און אַנגערייצט הינט, אָדער אַריינגעוואָרפן די מלבושים אין וואַסער.

דאָס האָט געדויערט ביז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די אָרטיקע פּוילישע גמינע האָט אויסגעבויט אויפן זעלבן וואַסער־קאַנאַל, אַ שיינעם באָד־באַסיין, אַ פאַרמאַכטן, מיט קעמערלעך צום אויסטאָן, און די איינוווינער פון ביידע געשלעכטער האָבן טאַקע מיט באָד־קאָסטיומען פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל זיך געקענט באָדן וויפיל זיי האָבן נאָר געוואָלט, און זיי האָבן טאַקע פונם טייך ציר־וואָלווע גרויס הנאה געהאַט.



העני צינאוויטש—הענגיל, אַרגענטינע

# אונדזער געסעלע ביי קאָוולער גאַס

די קאָוולער גאַס האָט געקראָגן דעם נאָמען, צוליב דעם וואָס זי האָט געפירט צו דער באַן־סטאַציע, וואָס מען איז געפאָרן קיין קאָוועל. און עס האָט טאַקע אויסגעזען ווי דורך איר ווערט מען אריינגעפירט גלייך אין שטעטל. אַ ברוקירטע, מיט ביימער פון ביידע זייטן, וואָס האָבן צוגעגעבן אַ שיינקייט — זומער מיט די שמעקעדיקע בליעכץ און ווינטער מיט דעם שניי אויף די צווייגן, וואָס האָבן געבלישטשעט קעגן דער זון.

די ידישע הייזער האָבן זיך אָנגעהויבן פון לייביש גאָלדשטיין און וואַסערמאַן. אריינפאָרנדיק האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט דער שיינער האָטעל „בריסטאָל“, וועלכער איז געווען פאַר געסט, וועלכע אונדזער שטעטל האָט געהאַט אַ דאַנק דער גרויסער האָלץ־אינדוסטריע, וואָס האָט צוגעצויגן סוחרים פון דעם גאַנצן לאַנד, אויך פון אויסלאַנד. און דאָס האָט טאַקע צוגעגעבן גרויס אימפולס און איז געווען אַ קוואַל פון פרנסה פאַר אַ סך איינוווינער.

ווייטער זענען געווען וווינונגען, שיינע דירות, וואָס די בעלי־בתים האָבן מיט גרויס מי זיי געבויט. א גרויסער שיינער סאַד וואָס האָט פאַרנומען איין שטח פון דער גאַס, האָט געהערט צום גלח. אין מיטן סאַד איז געווען אַ ווייסע שיינע געביידע וואָס האָט זיך ארויסגעזען צווישן די ביימער. און דאָרטן האָט געוווינט אַלע יאָרן דער קאַמינער גלח וואָס איז געווען אַ גרויסער יידן־פריינד און ארויסגעוויזן מסירות־נפש ביי די באַלעכאַוועס. און דאָס האָבן מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן. מיר פלעגן פאַר אים דרך־ארץ האָבן.

אויף קאָוולער גאַס איז געווען דער תרבות „בית־הספר התחיה“ וואָס האָט צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן ווייל די קינדערלעך, פלעגן אַ גאַנצן טאָג לויפן אהין און צוריק פון דער שולע.

דאָס לעבן פון דער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ פרי ווייל מען פלעגט פאָרן פון באַן מיט דראָשקעס פול מיט פאַסאַזשירן. אויך אין אָוונט איז מען געקומען און געפאָרן 2 מאָל אין טאָג פון און קיין קאָוועל.

אונדזער שטוב איז געווען גלייך ביים שאָסיי, מיט גרויסע פענסטער צו דער גאַס און מיט פענסטער צו אונדז אין קליינעם געסעלע, וואָס האָט געפירט צו אונדזערע שכנים. דאָס געסעלע איז געווען שטענדיק מיט בלאָטע. דאָס האָט געהאַלטן א גאַנץ יאָר, צוליב די רעדער פון די דראָזשקעס און די פערדישע פיס, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג געפאָרן אהין און צוריק. דערפאַר האָט עס געהאַט די מעלה: וואָס עס האָט זיך שטענדיק גערודערט און עס איז געווען לעבעדיק פאַר אַלע שכנים.

דער ערשטער פון אונדזערע שכנים אין געסעלע, איז געווען פייווע, דער בעל־עגלה פלעגט מען אים רופן, ער איז געווען שטאַלץ מיט זיין שענסטן פערד און געשפאַן און דערפאַר פלעגט ער טאַקע פירן אַלע פריצים און גרעסטע לייט און ער פלעגט זיך מיט דעם גרויסן: אַ פריילעכער און גוט־מוטיקער מענטש, וואָס האָט שטענדיק געהאַט פאַר יעדן אַ וויץ אין אַ גלייך ווערטל. יעדן פלעגט ער דוצן און האָט ליב געהאַט מען זאָל אים באַגריסן אויך מיט ר׳ פייווע. ער איז ביי אונדז אין שטוב געווען א בן־בית. יעדע פרייע מינוט האָט ער ליב געהאַט צו זיצן און דערציילן אַלע נייעסן פון טאָג.

אַלס קינד פלעג איך זייער מורא האָבן פאַר אים און פאַר זיינע מעשיות פון די נסיעות, וואָס זיי האָבן שטענדיק געהאַט צו טאָן מיט שדים. פון יעדן וואַלד פלעגט ער דערציילן אויסטערלישע זאַכן, און דאָס האָט מיר שטענדיק געמאַכט פול מיט פחד, אין אָוונט פלעג איך זיך שרעקן ארויסגיין אין געסעלע...

אַ צווייטער שכן איז אויך געווען אַ בעל־עגלה. דאָס איז געווען „יידל שימעלעס“. ער פלעגט שפילן אויף חתונות. ער האָט זיך ליב געהאַט צו פוצן. זיין באַליבט אָנטאָן איז באַשטאַנען פון אַ פאָר געלע שיך מיט בלויע הויזן וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון פלען. ער איז געווען א פריילעך מענטשל מיט א גרויסער שוואַכקייט צום וועטן זיך, און כאָטש ער פלעגט שטענדיק פיל פאַרשפילן, האָט ער דאָס ווייטער געטאָן.

די צוויי שכנים זענען געווען אונדזערע גוטע פריינד. זיי האָבן שטענדיק אין זינען געהאַט צו ברענגען געסט צו

אונדז אין שטוב, ווען מיר האָבן געהאט אן ארייננפאָר הויז.

טיפער אין געסעלע האָט געוווינט אונדזער שכנה אסתר, איך געדענק איר שטענדיק פאר אן אלטע פארביזטערטע פרוי, זי האָט נישט געהאט קיין קינדער, און פלעגט שטענדיק שעלטן דעם סטאָלער, וואָס האָט איר געמאכט א שלעכטן וויגל. די אלע שכנים און נאָך אייניקע, האָבן געבילדעט דאָס לעבן פונם געסעלע. ס'איז געווען ווי איין גרויסע פאַמיליע, וואָס האָט געהאַט אַ קאָלעקטיווע באַציונג: מען איז געזיצן איינערביים צווייטן אין שטוב, אריין און ארויס נישט אנפרעגנדיק. מען פלעגט לייען וואָס איינעם האָט געפעלט, אפילו ברויט. אלץ איז געווען זייער נאַטירלעך, אפילו צו טאָן די ארבעט צוזאמען, ווי ערב פסח ביים כשרן די געפעס. מען האָט געבראכט אויף איין אָרט און אלע צוזאמען האָבן עס געטאָן. מען האָט געוווסט יעדנס פּראָבּלעמען, און דערציילט א סך מאָל כדי צו הערן אַ גוטע עצה, און שטענדיק מיטלעבן מיט די פריידן און ליידן, וואָס זענען שטענדיק געווען מער ביי יעדן.

פאָרנט אין דער גרויסער שטוב, איז פול געווען מיט געסט, פאַרשידענע סוחרים, האָלץ־הענדלער, בראקער און פיל אַנדערע מענטשן פון דער גרויסער און פרעמדער וועלט. מען האָט שטענדיק געפירט דיסקוסיעס ביז שפּעט אין דער נאַכט. מען פלעגט זיצן ארום דעם גרויסן טיש און שטענדיק רעדן וועגן פּאָליטישע געשעענישן. אָדער דערציילן אינטערעסאנטע מעשיות, וואָס יעדער האָט מיטגעבראַכט פון די גרויסע שטעט. פון אזעלכע טיפּן וואָס זענען געווען ביי אונדז מאַנאַטן, קען מען קיינמאָל נישט פארגעסן.

אין דער צייט ווען מיין פאָטער און דער זיידע האָבן געלעבט, האָט זיך געפילט די איבערגעגעבענע און גרעניצלאָזע ליבע פון פאָטער און פון. די הערשאַפט פון ביידע איז געווען גלייך. אונדזער פאָטער און מוטער האָבן פאַרפלאַנצט אין אונדז א סך ליבע און כבוד פאר דעם זיידן און דער באָבען. ביז היינט איז נישט אוועק דער טעם פון יענע טעג. איך פלעג זיין מיט באוווּנדערונג פאר מיין זיידנס שיין זינגען און פון זיין פראַווען די שבתים און יום־טובים. פסח צום סדר פלעגן פיל מענטשן שטיין הינטער די פענסטער צו הערן מיין זיידן פראַווען דעם סדר. זיין שיינער פּאַטריאַרכאַלישער אויסזען איז געווען דער סימבאָל פון אלע יידישע זיידעס, וואָס האָבן אונדז געבענטשט מיט זייערע וואַרעמע בליקן.

מיט דעם טויט פון מיין פאָטער און זיידן, ענדיקט זיך דאָס קאַפּיטל פון אונדזער זאָרגלאָזער יוגנט, און מיין שוואכע מאַמע נעמט איבער אונדזער דערציונג פול מיט מסירות־נפש פאר אונדזער עקזיסטענץ.

עס געדענקט זיך דאָך שיינע מאָמענטן פון די קינדערלעך פון אונדזער געסעלע וואָס פלעגן אין די יום־טובים שפּילן די ראָל פון באזאָרגן למשל אויף שבועות מיט פאַרשידענע צווייגן און לעפּעכע צו באַפּוצן די שטוב לכבוד יום־טוב. אויך פורים און פסח פלעגן זיי צוטראָגן זייער חלק. נאָר ווען עס פלעגט קומען יום־כפור, פלעגן מיר מורא האָבן ארויסגיין אין אונדזער געסעלע. דער געוויין פון אונדזערע אַלע שכנישע פענסטער פלעגט אָנוואַרפן אויף אונדז אַ מורא, און מען פלעגט מיטוויינען נישט ווויסנדיק פארוואָס. און יוען מען פלעגט אונדז לאָזן אין הויז אליין, פלעגט זיין אַ גרויסע אָפּקומעניש ביז די עלטערע זיינען געקומען פון שול צוריק.

אונדזער גאַס איז געווען שטענדיק פריילעך. ווינטער פלעגט מען פאָרן מיט שליטנס און די גלעקלעך האָבן צוגעקלונגען צום טאַקט. מיר פלעגן האָבן א סך מאָל די געלעגנהייט צו פאָרן מיט אונדזערע שכנים.

אויך די פּאָטשט איז געווען אויף קאָוולער גאַס. עס האָט געווימלט פון מענטשן, שטאָטישע און א סך אָנגעפאָרענע פויערים פון גאַנצן געגנט.

די בעלי־בתים פלעגן קומען צום רב פערלין ע"ה, צו האַלטן דין־תורות, אָדער אנדערע אָנגעלעגנהייטן. און אונדזער גאַס האָט אויך געזען ווי פון די שול־קינדער ווערן יונגענטלעכע מיט אידעאַלן, וואָס האָבן געפירט אין אנדערע לענדער. די גאַס האָט זיי אלעמען באגלייט צום באַן. אַ סך קיין ארץ ישראל און אויך אין פארשידענע לענדער. אַלע וואָס האָבן איר פערלאָזן, האָבן זיך אומגעקוקט צוריק מיט בענקשאַפט און האָפענונג צו קומען דורך איר צוריק זיך צו זען מיט אַלע ליבסטע. נאָר פאַר קיינעם פון אונדז, און נישט פאַר זיי — איז פאַרבליבן דער וועג צו קאָוולער גאַס...

**מינה סאלאווייטשיק**, רעננה

# א חתונה אין שטעטל

נישט אַלץ וואָס אַ מענטש לעבט דורך אין זיין לעבן בלייבט אין זיין באַוווסטזיין און רופט אַרויס ביי אים זכרונות. איינציקע מאָמענטן און געשעענישן — און די זענען נישט פיל — ווערן דאָך מיט דער צייט נישט אָפגעמעקט, און בלייבן לעבן אין זכרון אויף שטענדיק. איין געשעעניש אַזאַ, וואָס וועט מיין גאַנץ לעבן שפּייזן מיינע זכרונות — איז די חתונה פון מיין שוועסטער פרידע מיט איר באַשערטן הערשל ווייסמן.

שוין אַ פּאָר וואָכן פאַר דער חתונה זענען די הכנות געווען אין גאַנצן גאַנג. מען האָט געבאַקן און געקאָכט. חנה די בעטערקע און פייוול דער שמש זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געלאַדן די געסט אין נאָמען פון ר׳ שלום קאַרש און הרב פסח אהרן ווייסמן.

חנה איז שוין געווען אַ עלטערע פרוי, און אין די ווייטערע גאַסן איז איר געווען שווערלעך צו גיין. איז זי געקומען צו מיין מוטער און געזאָגט: רבקה, אפשר קענט איר מיר געבן אַ פּאָר לייכטערע שיך, מיינע שווערע שיך רייסן מיר אָפּ די פיס. וואָס? — זאָגט די מאַמע, לייכטערע שיך, פאַרוואָס האָט איר דאָס גלייך נישט געזאָגט? עס געדויערט אַ מינוט און חנה בייט איבער מיט שמחה די שיך און גייט ווייטער אויף איר שליחות. אַ חוץ די צוויי אינערלעכע שליחים, זענען אָפּגעשיקט געוואָרן פיל איינלאַדונגען דורך דער פּאָסט.

ניסל דער שניידער האָט גענייט פאַרן חתן און מחותנים משה דער שניידער האָט גענייט פאַר מיין פּאָטער שלמה חאַטעל די שניידערקע — פאַר דער כלה.

דער טומל איז געווען גרויס און ס׳איז געווען פריילעך, אויך די תלמוד־תורה קינדערלעך האָט מיין פּאָטער נישט פאַרגעסן, זיי אַלעמען נייע אַנצוגלעך געמאַכט און צו דער חתונה געבראַכט. די שטוב איז געווען איינגעטונקט אין בלומען, כלי־זמר האָט מען געבראַכט פון ראַטנע, ווי אויף אַלע חתונות אין קאַמין. ווייל קאמין האָט קיין כלי־זמר נישט געהאַט. איצל קלעזמער איז געווען דער קאַפּעלמייסטער און האָט געשפּילט פידל, די איבעריקע קלאַרנעט און דזיאַז.

דאָנערשטיק, מיטן קבלת־פּנים פון די חשוב׳ע געסט, האָט זיך די גרויסע שמחה אָנגעפאַנגען, און פרייטיק האָט מען מיט מוזיק די באַשערטע חתן וכלה געפירט צו דער חופּה. עס איז געווען ששון ושמחה.

אָט זע איך מיט מיינע אויגן די פריילעכע חתונה, די קינדערלעך מיט די פריש־אויסגעצוואָגענע קעפּעלעך, מיט ריין־ווייסינקע קליידעלעך, מען עסט, מען טרינקט און די רופן „מזל־טוב" הילכן אין דער לופט. דער טאַטע טיילט די תלמוד־תורה קינדערלעך כיבוד, און גייט מיט זיי אַרויס אין אַ רעדל־טאַנץ. אַ יידישע חתונה — דורכגענומען מיט שמחה און צופרידנקייט.

די טריסקער חסידים און די בית־המדרש יידן, אַלע צוזאַמען האָבן די פריילעכקייט געשאַפן, אויך דער חזן יאָסל האָט זיין טייל געגעבן; נאָכן עסן צו זאַט און פאַרטרינקענדיק א גלעזעלע לחיים, האָט ער פאַרגעסן פון זיינע אַלטעגלעכע צרות און יסורים, איז אריין אין עקסטאַז און זיך צעזונגען גרויסאַרטיק, אַזוי ווי ער האָט געקענט, מיט זיין גוטער שטימע אין אַזעלכע מאָמענטן.

און אַזוי יאָגט אַ בילד נאָך אַ בילד, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט... אין מיטן גיב איך מיר אַ קלער: איז עס טאַקע געווען אַ חתונה אין דער ווירקלעכקייט, אָדער איז עס נאָר אַ חלום? עס ווייזט אויס, אז איך האָב געהאַט אַ מאָל אַ שוועסטער פרידע מיט אַ שוואָגער הערשל ווייסמן. אויף וועמענס בילד איך קוק גאַנץ אָפט מיט טרערן אין די אויגן; און עס איז געווען ביי זיי אַ חתונה, וועלכע האָט געדויערט פון דאָנערשטיק ביז נאָך שבת דינסטיק א חתונה וואָס דאָס גאַנצע יידישע שטעטל יונג און אלט האָט אין איר אָנטייל גענומען.

צבי וואַטון

# א יידישע מאַמע

יעדער פון אונדז קאַמינער יידן האָט זיין באַזונדער קאַפּיטל פון טראַגישע איבערלעבונגען. דאָ וויל איך שיל־דערן ווי מיין מוטער זלאַטע האָט דורכגעמאַכט איר שווערן לעבן, ביז ס'איז געקומען די נאַציסטישע בלוטיקע האַנט און האָט זי אויף אַ מערדערלעכן אופן אומגעבראַכט.

דאָס הויז פון מיין מוטער איז געווען פון איין זייט נעבן דער שטאָט־באָד, און פון דער צווייטער זייט, להבדיל, דער בית־המדרש. אונזערע שכנים זענען געווען די משפחה פּערטשיק, די קאָזאַקס, שעיה שוחט, און געלעבט האָט מען אין גוטע באַציאונגען.

בעתן שרידערלעכן פּאָגראָם אין 1920 זענען דורך בולאַק בולאַכאָוויטשעס מערדער אומגעקומען אויך מיין פֿאָטער פּסח, מיין ברודער שבתי, מיין באָבע בלומע, און מיין מוטער איז געבליבן מיט דריי פּיצעלעך קינדער מיין עלטערער ברודער שמריהו איז דאַן אַלט געווען אַכט יאָר, איך הערש־וואָלף — פינף יאָר און מיין קליין שוועסטערל פייגעלע — אנדערטהאַלבן יאָר.

אין שווערע באַדינגונגען האָט מיין מאַמע זלאַטע זיך געראַנגלט, געהאָדעוועט און דערצויגן אירע קינדער. אַליין זיך איינגעשפּאַנט אלס פאַרדינערין, געפֿאָרן אין די דערפער פאַרקויפן סחורות צו די גויים, אויך מיט די גויים פון איר געבורטס־דאָרף ווארקאַמלע. צום סוף האָט זי באַשלאָסן עפענען א קליין קלייטל פון עסנווארג, און אַזוי־אַרום זיך פאַרלייכטערן און קענען דערנערן אירע קליינע קינדער. אַ דאַנק מענטשן וואָס האָבן איר געקענט און אָפּגעשאַצט אַלס אָרנטלעכע פרוי, אין געהאַט אויף איר מיטלייד, האָט זי באַקומען סחורות אין געשעפט, אנגעהויבן האַנדלען, זיך געשאַפן א נאָמען אין שטאָט, און באַקומען א מעגלעכקייט צו דערציען אירע קינדער.

ווי נאָר די מאַמע האָט זיך א ביסל ארויפגעאַרבעט, אנגעהויבן אויסצאָלן אירע חובות, די קינדער זענען אונ־טערגעוואַקסן, און מען האָט שוין געקענט אַנהויבן לעבן ווי אַלע מענטשן האָבן געלעבט אָן אַ „נעביך", האָט זיך ווידער באַוויזן דער בייזער שטן, און אין איינער א נאַכט אין יאָר 1929, איז אין א ווינקל פון אונדזער שטוב אויסגעבראָכן א שרפה, ווייל נישט ווייט פון אונדז איז געווען א שענק און גויים אנטיסעמיטן האָבן זיך אנגעשיכורט און אונטערגע־צונדן אייניקע הייזער. ס'זענען דאַן אוועק מיטן פייער א סך הייזער, אויך מיין מוטערס שטוב מיטן קלייטל, מאָיז אַרויס נאַקעט.

ווידער האָט מיין מאַמע געמוזט נעמען דעם וואַנדער־שטעקן, ווידער אָנהויבן האַנדלען מיט די גויים און פאָרן אין די דערפער. ביז עס האָט זיך אַנטפּלעקט די גוטהאַרצי־קייט פון דוד ביבער, וואָס זיין פרוי עליה השלום, און מיין מוטער זלאַטע שטאַמען פון איין דאָרף, און ער האָט גערופן צו זיך מיין מאַמען און האָט צו איר געזאָגט: — גענוג, זלאַטע צו וואַנדערן אין די דערפער. איך גיב דיר אַ אָרט ביי מיר, און מאַך זיך ווייטער דיין געשעפט. און טאַקע אַ דאַנק אים האָט מיין מאַמע אַנגעהויבן ווייטער צו אַנטוויקלען איר שפּייז־געשעפט, און צוביסלעך האָט זי איינגעפירט אירע אַלטע קונים. און ס'האָט זיך ווייטער געדרייט א געשעפטל...

געוווינט האָבן מיר אויך ביי ביבערן, ביז די רעגירונג האָט אָפּגעגעבן די פאַרזיכערונגס־געלט פאַר דער פאַרברענ־



א גרופּע חברים פון „פרייהייט"

טער דירה אין אביסל שטיצע האָבן מיר באַקומען פון אמע־ריקע. — דאַן האָט מיין מאַמע באַשלאָסן זיך אויסבויען אַ וווינונג מיט אַ געשעפט.

שפּעטער זענען צו אונדז אלס שכנים אריין אין דירה דער ציוניסטישער קלוב, און מיטן דירה־געלט האָט די מאַמע געדעקט די חובות וואָס זי האָט זיך אַנגעליגן אויף דער דירה.

שפּעטער איז געקומען דער שטאָט־באַלעבאָס — דער סטאַראָסטע, וואָס האָט געקענט מיין מוטער, און האָט אָפּגע־דונגען די דירה אויף צוויי יאָר. מען האָט איינגעאָרדנט אַ קלוב פון רעגירונגס־באַאמטע מיט אַ רעסטאָראַן. זיי פלעגן דאָ אָפּהאַלטן אויך אנטיסעמיטישע פאַרזאַמלונגען און די מאַמע האָט געוואַרט אויפן טאָג ווען דער קאָנטראַקט וועט זיך ענדיקן. נאָך די צוויי יאָר האָט די מאַמע דערקלערט, אַז מער פאַרדינגט זי נישט, אַז זי נויטיקט זיך אין דער דירה פאַר זיך. דער קלוב איז אַרויס. די מאַמע האָט געהאַט א ציוניסטיש און חלוציש האַרץ, ווייל אירס א קינד איז געווען

אין קבוץ און פאַרבינדן זיין צוקונפֿט מיט ארץ־ישראל, זי האָט איינגעזען אז דער קבוץ ביי אונדז אין שטעטל וווינט אין שווערע באַדינגונגען און ליידט, האָט זי באַשלאָסן פאַרדינגען די דירה דעם קבוץ.

און זי האָט זיך ממש מקריב געווען פאַרן קבוץ. שבת פלעגט זי אריינטראָגן גוטע זאכן. פונעם קלייטל וואָס זי האָט געדאַרפט זיך דערנערן און דערציען די קינדער, און מיטן געלט פון די שכנים האָט זי געדעקט די חובות וואָס זי האָט אָנגעליגן אויף דער דירה.

פאַר דער צייט האָב איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל. און זי איז געבליבן מיט איר זון שמריהו און טאָכטער פייגעלע.



קיבוץ „קלאָסאָווע" אין קאַמין־קאַשירסקי

די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, דער זון שמריהו האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון די גיטעליס פון קאָוועל, און געוווינט ביי זיך אין הויז. די דירה איז אויסגעצאָלט געוואָרן. די מאַמע האָט געוווינט מיט פייגעלען ביז די סאָוועטן זענען אריין אין שטעטל. מיין ברודער האָט מען געשיקט קיין רוסלאַנד זיך לערנען א פאַך, — ווי צו האַנדלען מיט וואָל־זאַכן. אין צוויי מאָנאַטן ארום איז אריין דער דייטש ביי אונדז אין שטעטל, און מיין ברודער איז געבליבן שטעקן אין רוסלאַנד. ער איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער ארמיי, און ביז צו דער באַפרייאונג געדינט אין מיליטער.

די מאַמע מיט דער משפחה פערטשיק מיט מיין שוועסטער פייגעלע, איינזעענדיק די צרות און באַרבאַרישע ליידן וואָס די דייטשן טוען אָן דער קאמינער יידישער באַפעלקערונג, האָבן זיי באַשלאָסן אנטלויפן אין וואַלד. קומענדיק אין וואַלד האָבן זיי אויסגעבויט אַ זעמלאנקע, און אַ צייט־לאַנג דאָרט אָפּגעליגן, ביז צו די גרויסע קעלטן. ווען עס איז שטאַרק קאַלט געוואָרן, האָט מיין מאַמע באַשלאָסן זיך ארויסגנב'נען פון זעמלאַנקע, ווייל מיין שוועסטער פייגעלע האָט איר נישט געלאָזט אַרויסגיין, ווייל זי האָט מורא געהאַט מען זאָל איר דערהרגענען.

ווען מיין שוועסטער איז אַוועק שאַפן עסנוואַרג, האָט מיין מוטער זיך ארויסגעגנב'עט פון זעמלאַנקע, געגעבן אַ גוי אַ 5 גאָלד־שטיק ער זאָל איר אויך פירן צו דעם באַקאַנטן פּאָליאַק גיסקע, וואָס האָט איר צוגעזאָגט אַז זי וועט זיין ביי אים וועט ער אַלעס טאָן פאַר איר און איר אויסבאַהאַלטן. ווי זי איז נאָר געקומען צו אים האָט ער באַלד פארופן אַ ס.ס.־ניק און אויף אַ שיידערלעכן אויפן אומגעבראַכט מיין מוטער זלאַטע. דאָס האָט געזען אַ פּאַרטיזאַן וואָס געפינט זיך אין ישראל און אַזוי איבערגעגעבן.

מיין ברודער שמריהו האָט אַדורכגעמאַכט דאָס רוסישע מיליטער ביז צו דער באַפרייאונג פון בערלין. נאָך דער באַפרייאונג געקומען אין דייטשלאַנד און אין אַ צייט ארום אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. די פרוי איז אומגעקומען מיט אַ פיצל קינד אין דער מלחמה. מיין שוועסטערקע פייגעלע, האָט אויך אַדורכגעמאַכט אַלע צרות, אויסבאַהאַלטן זיך מיט די פּאַרטיזאַנער געקומען אין דייטשלאַנד, און איז אין אַ צייט אַרום אָפּגעפאָרן קיין אמעריקע, און דאָרטן געהייראַט, און זיי האָבן שוין 2 קליינע טעכטערלעך.

אַזוי האָט מיין מוטער אַדורך איר שווער שטיקל לעבן ערלעך, גוט מיט מענטשן, דערצויגן אליין קינדער, בלייבנדיק אַן אלמנה מיט 3 פיצעלעך קינדער. נישט געפאלן קיינעם צו לאַסט, געראַנגלט זיך מיטן ביטערן גורל ביז ס'איז געקומען די שוידערלעכע נאַצישע האַנט און איר אומגעבראַכט פון דער וועלט.

**העלען און הערש העלפאַנט**, וואַרשע — ניו־יאָרק

# הארציקייט פון קאַמין־קאַשירסקער יידן

(פּליטים אויפן וועג קיין רוסלאַנד, דערציילן)

דאָס איז געווען אין אָנהויב הערבסט פון יאָר 1939. שוואַרצע כמאַרעס האָבן זיך אָנגערוקט אויפן פּוילישן יידנטום. היטלער האָט זיך געגרייט צום מאַרש אויף פּוילן, פּלוצלינג, אָן שום וואָרענונג האָבן זיך באַוויזן די היטלעריסטישע באָמבערס ברענגענדיק טויט און פאַרניכטונג פון



העלען און הערש העלפאַנט

אַלץ און אַלעמען, דער בליץ־קריג האָט פאַרוואַנדלט גאַנץ פּוילן אין איין גרויסע חורבה. דערוואַרטנדיק דאָס שרעקלעכסטע פון דעם גרויזאַמען שונא, האָט א גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט, מיר זענען געווען צווישן זיי.

עס איז געווען איין איינציקער וועג — דער וועג צו מזרח. די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן אונדז נאָכגעיאָגט שניידענדיק די מענטשלעכע לעבנס. זייער פיל זענען אומגעקומען אויף די וועגן, דורך נסים זענען מיר לעבן געבליבן. נאָך עטלעכע וואָכן וואַנדערן, זענען מיר אָנגעקומען אין דעם שטעטל קאַמין־קאַשירסקי, מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי אַזוי די ליבע און האַרציקע יידן, וואָס זענען אַליין ארומגעגאַנגען מיט א געפיל פון שרעק און אומזיכערקייט פאַר דעם אומבאַקאַנטן מאָרגן, וואָס די סאָוויעטישע אויסלייזער וועלן זיי ברענגען — האָבן אונדז וואַרעם אויפגענומען.

עס האָט טאַקע לאַנג נישט גענומען ווי מען האָט אָנגעהויבן צו קאָנפיסקירן דאָס ביסל האָב און גוטס פון די אַזוי גערופענע „בורזשויען" און די מערהייט פון זיי שפּעטער פאַרשיקט אין ארבעטס־לאַגערן, און אין טורמעס, ווי א סך זענען אומגעקומען. טראָץ זייערע שווערע זאָרגן האָבן די דאָרטיקע יידן אונדז אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס אין זייערע היימען, ווי שוועסטער און ברידער. אין דעם שרעקלעכן קאַלטן ווינטער פון יאָר 40—1939, האָבן מיר געפונען ביי די קאַמינער יידן א וואַרעמע היים פאַר עטלעכע וואָכן.

טראָץ די שרעקלעכע איבערלעבענישן וואָס מיר האָבן אין די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט, האָבן מיר אַלע יאָרן הייליק געהאַלטן אין אונדזערע הערצער דעם אָנדענק פון די קאַמין־קאַשירסקער יידן וואָס זענען אַזוי אומרחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדער.

מיר וועלן זיי שטענדיק געדענקען!

*ישראל קאַהען־קאַשער*, ניו־יאָרק

# געשטאַלטן און איבערלעבענישן פון קאַמין־קאַשירסקי

חיים־בער משה מיכל'ס, איז געווען א פּשוטער ייד, אָבער זייער אַן אָרנטלעכער און זייער א גוטער. ער האָט ליב געהאַט טאָן א טובה וועמען עס האָט זיך נאָר גענויטיקט. ער האָט נישט געוואַרט ביז מען איז צו אים געקומען בעטן, נאָר ער האָט שטענדיק געזוכט דעם נויטבאַדערפטיקן, כדי אים ארויסהעלפן פון זיין נויט.

זיין פרוי שפרה האָט אים נאָך איבערגעשטיגן מיט איר גוטסקייט. זי איז שטענדיק גרייט געווען עמיצן העלפן. אפילו מער פון אירע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן. זי האָט געהאט פיל צירונג, אָבער זי האָט דאָס קיינמאָל נישט געהאט ביי זיך. ווייל ווען אן אָרעמאַן האָט געדאַרפט חתונה מאַכן אַ טאָכטער, האָט זי נישט געוואָלט דערלאָזן צו דעם, אז ער זאָל פארקויפן זיין איינציקע קו פון שטאַל, אז זיינע קליינע קינדער זאָלן בלייבן אָן אַ טראָפן מילך, האָט זי פארמשכנ'ט איר צירונג און געגעבן דעם אָרעמאַן אויף הוצאות החתונה. אין אַלגעמיין זענען קאַמין־קאשירסקער יידן שטענדיק געווען גרייט צו העלפן איינער דעם אַנדערן, ביי יעדער צרה.

קאַמין־קאַשירסקי איז צוויי מאָל אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן. קיינער איז נישט געווען פארזיכערט קעגן שרפית. די רעגירונג האָט געגעבן יעדן אָפּגעברענטן נאָר די קליינע סומע פון 10 רובל. דאָך האָבן אַלע אויפסניי אויסגעבויט נייע הייזער, ווי די רייכע, אַזוי אויך די אָרעמע; ווייל שטענדיק האָט איינער דעם אַנדערן געהאָלפן זיך צוריק שטעלן אויף די פיס.

אין די דערפער אַרום קאַמין קאַשירסקי האָבן געלעבט יידן, וועלכע האָבן געצויגן זייער פרנסה פון האַנטווערק, אָדער פון קליינהאַנדל, וואָס זיי האָבן געפירט מיט די אָרטיקע פויערים. אין פיל דערפער איז די צאָל יידן געווען זייער א קליינע זיי האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן קיין מלמד אויף אייגענעם חשבון, כדי צו לערנען די קינדער. פלעגן זיי שיקן די קינדער קיין קאמין־קאשירסקי, ווו זיי האָבן געלערנט אין תלמוד תורה, און עסן פלעגן זיי ביי פארשידענע קאמין־קאשירסקער בעלי־בתים. מען האָט נישט געלאָזט, אז אָרעמע יידישע קינדער זאָלן צוליב זייער אָרעמקייט נישט לערנען.

די זעלבע אויבנדערמאָנטע דאָרפס־יידן וועלכע האָבן נישט געהאט ביי זיך אין דאָרף קיין מנין צו דאַווענען בצבור, איז אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי שוין געמוזט אײנגײן אויף דעם. פלעגן צו ימים נוראים קומען אין שטאָט קיין קאַמין־קאשירסקי. זיי האָבן אָבער נישט פאַרמאָגט צו באַצאָלן פאר אכסניה, זענען קאמין־קאשירסקער יידן געקומען זיי צו הילף. מען האָט אַריינגענומען צו זיך אין די הייזער גאַנצע פאַמיליעס. ווען עס האָט געפעלט בעטן פאַר אַלעמען האָט מען אַרונטערגענומען די טירן פון די צימערן, געלייגט זיי אויף בענקלעך, און געמאַכט געלעגערס פאַר עלטערע מענער און פרויען. דאָס יונגוואַרג איז געגאַנגען שלאָפן אין שטאַל און אויפן בוידעם, ווו עס איז געלעגן היי, וועלכע מען האָט אָנגעגרייט פאַר די קי אויף ווינטער. פאר יונגוואַרג איז דאָס געווען גענוג. אַזוי אַרום האָבן אויך די אָרעמע דאָרפס־יידן געקענט פארברענגען די הייליקע ימים טובים אין די שולן צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער קהילה.

אַן אינטערעסאַנטער פאַל איז געשען ביי איינער פון די קאַמין־קאשירסקער שרפות, וועלכע האָט אויסגעבראָכן פרייטיק צו נאַכטס. קאמין־קאשירסקער יידן זענען געווען זייער פרומע און האָבן נישט געוואָלט מחלל שבת זיין לעשנדיק דעם פייער. זיי זענען געשטאַנען און גלייכגילטיק צוגעקוקט ווי זייער פארמעגן גייט אוועק מיטן רויך. עס האָט אויך נישט געהאָלפן די מעלדונג פון דאַמאָלסדיקן דיין הרב גאָלדשמידט ז״ל, אז ער נעמט אויף זיך די זינד פון חלול שבת, נאָר מען זאָל זיך אָנשטרענגען צו לעשן דעם פייער און ראַטעווען יידיש פאַרמעגן. קאמין־קאשירסקער יידן האָבן אָבער נישט געוואָלט פון זייער דיין אַזאַ גרויסן קרבן, פון נעמען אויף זיך אַזאַ שווערע זינד, זיי האָבן בעסער געבראַכט פאַר אַ קרבן זייער פארמעגן... אַזוי אַרום איז דאָס שטעטל כמעט אינגאַנצן פארברענט געוואָרן. אויף מאָרגן שבת פרי זענען נאָר געבליבן שטעקן די געמויערטע אויוונס. אָבער, ווייזט אויס, ווי כדי צו באַפרידיקן די קאמין־קאשירסקער יידן, זענען די אויוונס גאַנץ געבליבן מיט די אויף שבת פארגרייטע טשאָלנטן...

די שרפות זענען נישט געווען די איינציקע כלל־יידישע צרות אין קאמין־קאשירסקי. פאר דער ערשטער וועלט מלחמה, ווען דאָס לעבן אין שטעטל האָט געפלאָסן אין זיין געוויינלעכן שטייגער, האָט זיך געמאָלדן דער פריץ סאָקאָלאָווסקי, און געפאָדערט פון קאמין־קאשירסקער יידן, זיי זאָלן אים באַצאָלן פאַר דעם באָדן פון שטעטל, אויף וועלכן עס זענען געבויט זייערע הייזער, דער באָדן האָט ער געזאָגט געהערט צו אים. די יידן האָבן געטענהט, אַז דאָס שטעטל מיט די הייזער איז זייער פארמעגן, וועלכן זיי האָבן געירשנט פון זייערע טאַטעס און זיידעס. זיי האָבן אָבער נישט געהאט די געהעריקע דאָקומענטן, וועלכע זענען ביי זיי שוין לאַנג פארברענט געוואָרן אין די פילצאָליקע שרפות פון אַלע יאָרן. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן דעם פריץ פאַרן באָדן. דער פריץ האָט איבערגעגעבן די זאַך אין געריכט, וועלכער האָט געפסקנט אַז די הייזער געהערן צו די יידן און דער באָדן צום פריץ. דאָך האָט מען זיך נישט געאיילט צו באַצאָלן ווייל זיי האָבן דאָס געהאַלטן פאר אומגערעכט. דער פריץ איז דאַן געקומען מיט פאָליציי און פויערים, וועלכע האָבן

אַנגעפאַנגען צו האַקן און חרוב מאַכן די הייזער. האָט מען ערשט געזוכט וועגן צו דערליידיקן די זאַך. מען האָט געמוזט באַצאָלן דעם פּריץ פאַר זיין באָדן, לויטן אורטייל פון געריכט.

אין קאַמין־קאַשירסקי האָט זיך שטענדיק געפירט אַ עכט יידיש טראַדיציאָנעל לעבן מיט געמיינזאַמער הילף פון סאָציאַלער און קולטורעלער זאָרג פאַר אָרעמע, ביז איר טראַגישן חורבן.

בעריש דרוג

# ניסע דער שניידער (דוב)

אַן הויכער דאַרער ייד מיט אַ שוואַרצלעכער באָרד, וואָס פאַלט אַריין אין טאַבאַק־קאָליר. איינגעבויגן עטוואָס פלעגט ער זיך אַמאָל אַרויסכאַפּן אין מאַרק קויפן אַ פור האָלץ ביי אַ פּויער, און תיכף צוריק אַהיים צו דער ניי־מאַשין.

זיין ספּעציאַליטעט אין שניידעריי האָט זיך אויסגעצייכנט באַזונדערס אין נייען קאַפּאָטעס פאַר די גלחים פון קאַמינער געגנט. דערפאַר אַרום און אַרום קאַמין זענען געווען אַ סך און, פאַרשטייט זיך, אַז יעדעס דאָרף האָט זיך געהאַט זיין גלח מיט זיין קאַפּאָטע.

איך ווייס ניט ווי די גלחים וואָלטן אויסגעקומען אָן ניסנ׳ן, און דעסגלייכן ניסע אָן די גלחים, ווייל זיין הויפּט שניידעריי איז באַשטאַנען פון די דאָזיקע קאַפּאָטעס.

זיין ווייב איז געווען אַן הויכע, די זון און טעכטער הויכע. ביי אַ גרויסער מאַשין האָט ער גענייט, און מיט אַ גרויסער שער פלעגט ער צושניידן די גרויסע שוואַרצע פלאַכטעס סחורה, וואָס די גרויסע פעטע גלחים פלעגן ברענגען צו אים.

דער גלח פלעגט שטיין פאַר ניסנ׳ן ביים מעסטן ווי אַ „קינדער־ייִנגל". ער פלעגט אים דרייען פאָרנט, און הינטן, מעסטן די לענג און די גרעב פונם בויך און דער גלח פלעגט זיין פאַרשטענדלעך געהאָרכזאַם, בכדי ס׳זאָל טאַקע אַרויסקומען אַ שיינע קאַפּאָטע מיט ברייטע אַרבל.

ווען דער גלח פלעגט זיין צופרידן פון ניסנ׳ס אַרבעט, פלעגט ער אים ברענגען אַ הון אַלס מתנה. די הון פלעג ער פאַרשטייט זיך איבערגעבן זיין ווייב, וועלכע פלעגט אַ בלאָז טאָן אין דעם הינטערשטן חלק ביי דער הון, באַטראַכטנדיק צי זי איז געל און פעט, צי חלילה בלאָ־מאָגער; נאָכער צובינדן אַ קאָלירטע שמאַטקע צו אַ פיסל פון דער הון, און ר׳ ניסע פלעגט מיט דער גרויסער שער אָפּשניידן אַ האַלבן ווידל פון דער הון. דאָס איז געמאַכט געוואָרן בכדי זיינע הינער צו דערקענען, ווייל ער פלעגט זיי ניט גלייך לאָזן שעכטן, זיי פלעגן ביי אים איינגעזעצט ווערן אויף אַ טאָג צוויי אין שטאַל, ביז זיי פלעגן זיך צוגעוווינען צום נייעם אָרט און צו די נייע בעלי־בתים, און נאָכער פלעג ער זיי לאָזן פריי אַרומשפּאַצירן אויפן שאָסיי, אָדער אין די שכנותדיקע גערטנדלעך. אַזוי ווי אַ סך יידן אין שטעטל פלעגן זיך אַזוי פירן מיט די הינער, האָט יעדער איינער געמאַכט זיין סימן, בכדי זיך מיט זיי ניט פאַרבייטן.

ביי ניסע דעם שניידער איז געווען אַזאַ „פירמע־צייכן". די גרויסע הויכע טעכטער פלעגן אַמאָל אַרויסגיין און אַ רופטאָן די הינער מיט אַ הויכן „טו־טו־טו", אַז מען האָט דאָס געקאָנט הערן אין צווייטן עק שטעטל. ר׳ ניסע פלעגט אַמאָל אַרויסקוקן דורכן פענסטער מיט אַ גראָבער אַראָפּגעלאָזענער ליפּ מיט ברילן אויפן שפּיץ נאָז. קוקנדיק איבער די ברילן, הערנדיק דאָס שטאַרקע קול פון זיינער אַ טאָכטער, און בעת מעשה טראַכטנדיק, אַז ס׳איז שוין צייט די מויד חתונה מאַכן. זי איז שוין גרויס און אויך געזונט און קאָן זיין אַ בעל־הבית׳טע אַ גוטע.

מיט גאָטס הילף האָט ר׳ ניסע חתונה געמאַכט זיינע טעכטער און זין. זיי פלעגן אַלע נייען מלבושים, חוץ איינער אַן איידעם, וואָס איז געווען אַ שוסטער.

די גלחים פלעגן ווייטער ממשיך זיין מיטן נייען קאַפּאָטעס ביי ר׳ ניס׳ן דעם שניידער, און די ווייב פלעגט שוין רופן די הינער געבן עסן, ניט זייענדיק הינטערשטעלענדיק פיל פון אירע טעכטער, בלויז דאָס קול איר׳ס איז געווען דינער און הייזעריקלעך.

ער איז אומגעקומען ווי אַלע אַנדערע יידן פונם שטעטל, קיין גלח איז ניט געקומען בכדי אים העלפן אין דער טראַגישער צייט, און געוויס ניט ראַטעווען פון אומקום.

יעקב פלאט

# משה פאלאפאן

משה פאלאפאן און זיין ווייבביילע די שטומע. ער איז געווען א ייד פון מיטלען וווקס, א באָרד נישט צעקעמט, מיט גראָע האָר. א פרומער ייד, שטענדיק געזאָגט תהלים, קיינמאָל זיך נישט געקלאָגט אויף זיין לאגע. פון זונטיק ביז דאָנערשטיק אַרומגעגאַנגען אין די דערפער צווישן די גויים, מיט א גרויסן זאַק. אינעווייניק, א ברויט צום עסן און א בינטל דראָט מיט א צוועגל צו זיין אַרבעט; צו פאַדראַטעווען ערדענע שיסלען און טעפּ. דערפאַר האָט ער באַקומען עטלעכע אייער און א ביסל קאַרטאָפל, בוראַקעס, מערן. א מאָל האָט ער אויך געקויפט ביי די פויערים א ביסל חזיר־האָר, אַן עוף און נאָך קלייניקייטן און געבראַכט דאָנערשטיק אין שטאָט אַריין, ווו ער האָט זיך גענומען צו א צווייטער אַרבעט „שערעריי".

דאָנערשטיקדיקן טאָג און פרייטיקדיקן פרימאָרגן איז ער אַרומגעגאַנגען צו די בעלי־בתים אין די הייזער שערן. פרייטיק בייטאָג, ווען דער עולם איז געגאַנגען אין מרחץ אַריין, האָט ער זיך דאָרטן אַוועקגעשטעלט א בענקל און געעפנט זיין „שערעריי". אַוועקגעזעצט די בעלי־בתים און קינדער אויפן בענקל, און מיט א שער, אַממערסטן א טעמפע, אָפּגעשאָרן די גאַנצע האָר, מאַכנדיק פיל „בייטן" אויפן קאָפּ, צוקומענדיק צום האַלז האָט ער גענומען די טעמפע בריטווע צו שאַרפן. ער האָט אָנגעשפּיגן אויפן שאַרפשטיינדל און אין דער בריטווע און אַזוי האָט ער געגאָלט. און, עס איז געווען „היגיעניש" — קיינער איז נישט קראַנק געוואָרן. די פּאָר גראָשן פאַרן שערן האָט ער אפילו נישט געזען; ער האָט נישט געקוקט וויפל מען האָט געגעבן נאָר גלייך אַריינגעוואָרפן אין קעשענע אַריין...

זיין ווייב, ביילע, האָט קוים געקענט אַרויסרעדן האַלבע ווערטער, געווען א סטיליוואַטע, געגאַנגען איינגעבויגן אָבער ווען עס איז געקומען פרייטיק און ערב יום טוב, האָט זי זיך אויסגעגלייכט און געוואָרן א „גאַ־ביטע", אָנגעטאָן א לאַנגן און ברייטן פאַרטוך און געגאַנגען אין די הייזער זאַמלען פרישע חלות, און צעטראָגן אין די הייזער פון די אָרעמעלייט.

געבענטשט זענען זיי געווען מיט א קינד, א יינגל, וואָס גאָט און לייט האָבן זיי מקנא געווען. זייער א געראָטענער, געלערנט אין קאָוולער תלמוד תורה. אָבער דאָס איז געווען אין די צייטן, ווען די אַרבעטער האָבן געוואָלט אַראָפּוואַרפן דעם „קייסער" און ער איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין זייער אָרגאַניזאַציע און האָט זיך אויסגעלערנט פאַר א שערער. ער איז געקומען צוריק קיין קאַמין אָנגעטאָן, ווי אין יענע טעג, און א שוואַרצע בלוזע מיט א גאַרטל אין רויטע קוטאַסן, געעפנט אין א פראָנט־צימער ביי פעלדמאַנען, א מאָדערנעם פריזיר־אַנשטאַלט, מיט ספּעציעלע שטולן און גרויסע שפּיגלען, ווי אין די גרעסערע שטעט. ער האָט זיך געחברט מיט די בעלבתישע יונגעלייט פון שטעטל, געלייענט א בוך און געשפּילט פידל. אַז דער טאַטע און מאַמע האָבן תמיד פאַרגעסן אין זייערע צרות און אָנגעקוואָלן פון זייער זון.

אָבער, נישט אויף לאַנג. פּלוצים האָט ער אָנגעהויבן צו קרענקען אויף שווינדזוכט און איז געשטאָרבן. דאָס גאַנצע שטעטל, קליין און גרויס, יונג און אַלט, האָט מיטגעטרויערט אויף זייער גרויסן אומגליק.

# דער אלטער בית עולם

דער אלטער בית־עלמין אין אונדזער שטעטל, האָט זיך געפונען צווישן די 2 גוישע גאַסע אַלט און ניי „וואָליע", איז ווי עס ווייזט אויס ווען ער איז געשאָפן געוואָרן, נאָך געווען ווייט אונטערן שטעטל. ניי־וואָליע איז נאָכער געבויט געוואָרן.

תשעה באב איז ביי אונדז געווען דער מנהג, אז גאַנץ פרי נאָך די קינות אין די בתי־מדרשים, זענען אַלע געגאַנגען אויפן הייליקן אָרט. דער גרעסטער טייל איז געגאַנגען אויפן נייעם בית־עלמין, וועלכער איז געווען ווייט פונם שטעטל אויף זאַסטאַוויע, אָבער די אַלטע יידן, ווי אויך א

ביסל יונגוואַרג, צווישן זיי דער שרייבער פון די שורות, זענען געגאַנגען אויפן אַלטן בית־עלמין, וועלכער איז געווען פאַרצוימט מיט אַ פּלויט, און געווען באַוואַקסן מיט גראָז. ברייט און לאַנג איז ער געווען, מצבות זענען געווען ווייניק — נאָר אַ פּאָר שטאַרקע אַלטע.

נאָכער, ווען איך האָב שוין געלערנט ביי ר׳ יצחק וואָלף דעם גמרא־מלמד, איז ערב תשעה־באב אריינגעקומען אין חדר ר׳ גרשון אייזענבארג, אַ ייד אַן הדרת־פּנים, מיט אַ געלער באָרד, אַ וואַלד סוחר, אַ תקיף אין שטעטל — זיין יינגל עקיבא האָט אויך געלערנט אין חדר, און דערציילט אונדז, אז דער פּויער וואָס וווינט ביים אַלטן בית־עלמין, און וועלכער האָט די אויפגאַבע צו האַלטן אים אין אָרדענונג, דערפאַר קאָן ער שניידן די גראָז אויף פּאַשע, האָט אָבער מיט א פּאָר יאָר צוריק פאַרפלאַנצט דאָרטן פּרוכט־בוימער, און מאַכט דאָס פּאַר זיינעם אַ גאָרטן, און דארום בעט ער אונדז, אז מאָרגן פרי תשעה באב, זאָלן מיר חדר־יינגלעך צוזאַמען מיט אים, גיין אויפן בית־עלמין און מיטנעמען העקלעך און מעססערס, און אויסהאַקן אַלע פּרוכט־בוימער.

אַזוי איז טאַקע געשען, מיר אַלע יינגלעך האָבן מיטגענומען העקלעך, און אונטער דער אויפזיכט פון ה׳ אייזענבערג, האָבן מיר זיך גענומען צו דער אַרבעט און אויסגעהאַקט אַלע בוימלעך. די גויע איז תיכף אוועק רופן איר מאַן, מיט די קינדער, וועלכע זענען געווען אין די פעלדער, און מיר אָפּטוענדיק אונדזער אַרבעט בשלמות, זענען מיר אוועק אהיים.

פון מיינע דאמאָלסטיקע חדר־חברים באטייליקטע אין דער אקציע געפינען זיך אין ישראל: בן־ציון קארש און יוסף ווייסמאַן.

עס איז דאמאָלסט געווען אַ גרויסער מאַרק־טאָג, פול מיט פּויערים פון אַלע דערפער, דער ה׳ אייזענבארג איז אריין צו זיך אין הויז וועלכעס איז געווען אין מיטן מאַרק, באַווינט ארום מיט יידישע הייזער, און פלוצים, זענען געקומען צולויפן דער פּויער מיט זיין גאַנצן הויז־געזינד און שכנים, און געוואָלט שלאָגן דעם ה׳ אייזענבאַרג. עס איז תיכף אויסגעבראָכן אַ גרויס געשלעג צווישן יידן און גויים, וו עס האָבן זיך אריינגעמישט אויך זייטיקע פּויערים, אָבער אויך די יידן זענען געקומען צולויפן פון אלע זייטן העלפן דעם ה׳ אייזענבארג, ביז עס איז אָנגעקומען פּאָליציי און געמאַכט פּראָטאָקאָלן און אַרעסטן.

אַבער דער סוף איז געווען, אַז די פּאָליציי האָט איבערגענומען צו היטן דעם בית־עלמין און דערפאר האָט זי באַקומען דאָס רעכט צו שניידן די גראָז וואָס עס וואקסט דאָרטן פאר איר געברויך און די שכנים פּויערים האָבן מער ניט געטאָרט אריינגיין אויפן בית־עלמין.

**יעקב פלאַט**

י. בן־משה

# א סיום־הספר אין שטעטל

דאָס האָט פּאַסירט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מילקע די „באָבע" האָט אין קיין גימנאזיע נישט געלערנט און קיין אקושערין־שולע נישט געענדיקט און דאָך האָבן כמעט אַלע פרויען צו זייער געבורט נישט גערופן קיין אַ אַקושערקע נאָר מילקען, האָבנדיק צו איר דעם בעסטן צוטרוי. צוליב דעם טאַקע האָט זי שטענדיק געמוזט אַרבעטן, נישט קאָנענדיק זיך אָפּרוען אַפילו שבת אין יום־טוב.

דערפאַר, אַז זי האָט אָנגעזאַמלט אַ ביסל געלט און נישט האָבנדיק קיין קינדער — האָט זי באַשלאָסן שרייבן אַ ספר־תורה און אַוועקשענקען פאַר דעם סטעפינער שטיבל, וו זי האָט געדאַוונט אין די „ימים־נוראים".

זי האָט זיך גלייך פאַרשטענדיקט מיט ר׳ אַבאַ דעם סופר, אַ שטאַרק פרומער ייד. יעדן טאָג, פאַרן שרייבן דעם ספר, איז ער געגאַנגען זיך טובל זיין אין דער מקווה. ווען דאָס שרייבן איז געוואָרן פאַרענדיקט, האָט זי געבעטן ר׳ משה דעם שו״ב, וועלכער איז אויך געווען אַ בעל־קורא אין סטעפינער שטיבל, ער זאָל דורכקוקן דעם ספר, כדי ס׳זאָל חס־וחלילה נישט זיין קיין גרייזן אין דער תורה...

אַ וואָך פאַרן סיום־הספר האָט מילקע די באָבע אָנגעהויבן צוגרייטן אַ סעודה פאַרן גאַנצן שטעטל יידן און געבראַכט פון ראַטנע אַ קאַפּעלע כלי־זמר, אזוי ווי אויף אַ חתונה. זי האָט אויך געשיקט די שמשים פון די בתי־מדרשים,

זיי זאָלן גיין פון שטוב צו שטוב און איינלאַדן אַלעמען צו דער גרויסער שמחה.

אין טאָג פון סיום, אין די נאָכמיטאָג־שעהן, האָט ר׳ אַבא דער סופר געבראַכט דעם ספר אין הויז פון מילקעס פריינט, ר׳ פסח הערש דער מלמד. דאָרטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע שטעטלדיקע יידן. מילקעס קרובים און באַקאַנטע און סתם אנגעזעענע יידן האָט מען מכבד געווען מיט איינשרייבן אַ אות אינם לעצטן עמוד פון דער ספר־תורה. די שטימונג איז געווען אַ יום־טובדיקע. די טישן זענען געווען געדעקט און אָנגעשטעלט מיט לעקאַך און בראָנפן, דער עולם האָט געטרונקען „לחיים" און געווונטשן מילקען „מזל־טוב".

נאָך זון־אונטערגאַנג האָט דער פאַרזאַמלטער קהל מיט די רבנים בראש ארויסגענומען די ספר־תורה און זי געטראָגן אונטער אַ חופה. די כלי־זמרים האָבן געשפילט פריילעכע ניגונים און אַלע פאַרזאַמלטע, מיט „הבדלות־ליכט" אין די הענט זענען געגאַנגען איבער שטעטלדיקע גאַסן און געסלעך טאַנצנדיק און זינגענדיק, ביז מען איז אנגעקומען צום סטעפינער שטיבל. דאָרטן האָט מען צום ערשטן מאָל געלייענט אין ניי־געשריבענעם ספר, אויפרופנדיק צו „עליות" די רבנים מיט אייניקע חשובע יידן.

נאָכדעם ווי מען האָט געענדיקט דאָס לייענען און מען האָט אריינגעשטעלט דעם ספר אין ארון־קודש — האָט מען זיך געזעצט צו די געדעקטע טישן, וועלכע זענען געווען געגרייט מיט כל־טוב. מען האָט געגעסן און געטרונקען און די כלי־זמרים האָבן געשפילט. דער חזן, ווי אויך די חסידים האָבן געזונגען און דער גאַנצער קהל האָט געטאַנצט, פרייענדיק זיך מיט דער ספר־תורה, וואָס מילקע האָט געגעבן דעם סטעפינער שטיבל.

און די מחותנתטע — די „באָבע" מילקע, איז אַרומגעגאַנגען אַ צעשטראַלטע פון פרייד און א גליקלעכע פון דעם גרויסן נחת, וואָס זי האָט דערלעבט צו פירן אונטער דער חופה אַ אייגענע ספר־תורה.

# ר׳ אברהם יאנקל, דער אלטער

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען געשמועסט, אַז ער, ר׳ אברהם יאַנקל, איז עלטער פון 100 יאָר. אָבער ער האָט אויסגעזען פיל יינגער. אַ ייד אַ גיבור, אַ למדן, אַ הדרת־פנים מיט אַ לאַנגער שיינער גרויער באָרד, וואָס האָט אַרויסגערופן כבוד צו זיך.

יעדן פרימאָרגן איז ער געגאַנגען, האַלטנדיק אין האַנט אַ גראָבן שטעקן און טראָגנדיק אונטערן אָרעם דעם טלית און תפילין — אין סטעפינער שטיבל דאַוונען מיטן ערשטן מנין. נאָכן דאַוונען האָט ער זיך נאָך אַוועקגעזעצט לערנען אַ בלאַט גמרא, זומער אויף אַ שטענדער ביי דער מזרח־וואַנט און ווינטער — ביי אַ טיש אונטער דעם וואַרעמען אויוון. פאַרענדיקט דאָס לערנען — איז ער געגאַנגען צו זיין איידעם, ר׳ משה מאיר פרוזשאַנסקי, ווו עס איז געווען זיין אַרבעטס־צימער.

האַלטנדיק פון „תורה־ועבודה", אַזוי ווי אונדזערע תלמידי־חכמים אין די אַלטע צייטן, האָט ר׳ אברהם יאַנקל צוריקקומענדיק פון דאַוונען און לערנען, צוערשט גענומען אַ ביסעלע משקה, „יי"ש" 95%, מיט פאַרבייסעכץ און דערנאָך זיך געזעצט אַרבעטן. ער האָט אויסגעמאָסטן, אויסגעצייכנט און צוגעשניטן דאָס לעדער אויף אויסצואַרבעטן טאָרבעס פאַר די פויערן. אין אַ יאַריד־טאָג האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט מיט זיינע טאָרבעס אויף אַ וואָגן אינמיטן מאַרק נעבן זיין זון קאָפּעל שוחטס געשעפט און צוגענומען אַן אייניקל ער זאָל אים אָפּהיטן פון גנבים און אויך העלפן פאַרקויפן.

אַזוי האָט זיך ר׳ אברהם יאַנקל געלעבט זיינע עלטערע יאָרן ביז — ער איז געגאַנגען, אַזוי ווי תמיד, אַ גרויסן פרימאָרגן פון דאַוונען, און ס׳איז אָנגעפאָרן אַ פויערישער פערד־און־וואָגן און אים איבערגעפאָרן און דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן זיין לעבן.

ר׳ אברהם יאַנקל האָט אָבער איבערגעלאָזט אין קאַמין און סביבה אַ גרויסן דור: זין, טעכטער, אייניקלעך און אוראייניקלעך, חשובע בעלי־בתים און אנגעזעענע סוחרים, צווישן זיי חסידים און מתנגדים, למדנים און משכילים. נאָך

דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיי זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט. איר קענט זיי געפינען אין ראַטן־פאַרבאַנד, אין די פּאַראייניקטע שטאַטן (פאַמיליע שעכטער), ארגענ־טינע, (פאַמיליע זאַפּראַן), קאַנאַדע (פאַמיליע בערגל) און נאָך פיל פון זיינע אייניקלעך.

אַ גרויסער טייל פון זיינע אור אייניקלעך זענען געקו־מען קיין ארץ־ישראל אַלס חלוצים. פיל פון זיי זענען אויך געווען חברים אין הגנה, פּלמ״ח און אויך געקעמפט אין דער יידישער בריגאַדע און אין דער באַפרייאַ־נגס־ארמיי אַלס זעלנער און אָפיצירן. איר קאָנט היינט צווישן זיי טרעפן: אַ רב אין ירושלים (אייזנבערג), א חבר אין קיבוץ יגור (סלע), אַ פקיד אין חברת החשמל (טשער־טריסקער), אַ שאָפער אין „אגד״ (קאַמינסקי), אַ פויער אין דאָרף (גערשנאָבל), א בוי־אונטערנעמער אין שטאָט (זאב פּרוזשאנסקי) און ביי אַלע אַנדערע פאַרשידענע ארבעטן אין לאַנד.

**י. בן־משה**

**אהרן ווערבע**

# קאַמין קאַשירסקי — מיין געבורטס־שטעטל

די טראַגעדיע, וואָס האָט פּאַסירט צוריק מיט 20 יאָר, דעם יידישן פאָלק, אין די לענדער ווו ס׳זענען געווען קאָנצענטרירט גרויסע יידישע ישובים — ווי פּוילן, אוק־ראַינע, ליטע, לעטלאַנד, אין מערב איראָפּע, האָט געבראַכט דערצו, אז יידן פּשוטע, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז זיי זענען פעיק צו שרייבן אַרטיקלען און ביכער האָבן זיך פלוצלינג גענומען צום שרייבן. און אַזוי איז אנטשטאַנען אַ גאַנצע ליטעראַטור, וואָס איר ציל איז צו פאַראייביקן דעם אנדענק פון די אומגעקומענע. פלוצ־לינג האָט מען זיך אָנגעהויבן דערמאָנען וועגן פאַרשידענע פּאַסירונגען פון די קינדער־יאָרן, זכרונות וועלכע מ׳האָט שוין לאַנג פאַרגעסן און ס׳האָט זיך געדאַכט, אז קיינמאָל, קיינמאָל וועט מען זיך אין זיי נישט דערמאָנען. אָבער דער ווילן צו פאַראייביקן נאָענטע, פאַראייביקן קהילות, דערציילן וועגן געשעענישן, וועלכע זענען געווען אַזוי ווייט, זענען פלוצלינג געוואָרן נאָענט, זייער נאָענט. עפּעס אַ פאַרבאָרגענער, מיסטישער ווילן שטופּט אויפצוברענגען אַלץ אויפן פּאַפּיר; געשטאַלטן פון אַמאָל, לעבנס פון משפחות, וועלכע זענען מער נישטאָ און זענען אַזוי טראַ־גיש אומגעקומען, עפּיזאָדן פון אייגענע איבערלעבענישן, פון א יידיש קינד אין א יידיש שטעטל א.א.וו. אַלץ שווימט איצט אויף פאַר דיינע אויגן אין יאָגן די געדאַנקען ווי א פילם־לענטע. אַזוי ווילט זיך מיר אויך פּרוון אויפברענגען אַ ביסעלע זכרונות פון אַמאָל און אויב דער פּרווו וועט מיר געלונגען — וועט דאָס זיין מיין צושטייער צו פאַראייביקן דעם אַנדענק פון פאַרצווייגטע משפחות מיינע — די ווערבעס און די שטערבאַטעס, די מאַליקס, און די צוקער־מאַנס א.א. משפחות, וועמענס וויגעלעך זענען געשטאַנען אין די שיינע הילצערנע הייזער אויף דער הויפּט גאַס — אויפן מאַרק, פון דעם קליינעם שטעטל קאַמין־קאַשירסקי.

לויט ווי איך געדענק האָט דער באָדן פון גאַנצן שטעטל געהערט צו אַ פּריץ — אַ מין גוטבאַזיצער, וואָס האָט געהאַט זיין פּאַלאַץ אויפן באַרג. אַלע יידן האָבן אים געצאָלט יערלעכע פּאַכט־געלט פאַר די פּלעצער ווו ס׳זענען געשטאַנען זייערע הייזער און קראָמען. מיט אים, דעם פּריץ האָט מען געמאַכט פּאַכט־קאָנטראַקטן. איצט אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט מיין פאָטער ברוך ווערבע, וועלכער איז אויך געווען דער סטאַראָסטע אין שטעטל אָפּגעקויפט צוזאַמען מיט אַנדערע שותפים ביים פּריץ דעם גאַנצן באָדן פון דעם יידישן קאַמין און איז אַזוי אַרום געוואָרן איינער פון די בעלי־בתים פון שטעטל, וועמען אַלע האָבן געמוזט צאָלן פּאַכט געלט.

אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט אין די אַמאָליקע צייטן — האָבן זיך געבויט שטעטלעך גרעסערע און קלענערע אויף איין שניט. לויט איין פּלאַן — אַ גרויסער מאַרק, אַ מין הייפּט גאַס. אין אַלע זייטן גרויסע הייזער, וועלכע האָבן אין די גרויסע פאָדערשטע צימערן געהאַט זייערע גרויסע געשעפטן — בעיקר שניט קראָמען, גאַלאַנטעריע א.א.וו.

און אין מיטן דעם מאַרק אין צוויי רייען אַ סך קראָמען פון אַלע סאָרטן און אַלע מינים. אַ סך פּלאַץ ווו ס'פלעגן פּאַרקומען די ירידים — אין אַ סך גאַסן און געסלעך ווו ס'האָבן געוווינט יידן, אַ גרויסע שול און אַ סך חסידים שטיבלעך, ווו יידן פלעגן דאַווענען, און אַרום דער שול און די שטיבלעך און אַרום דעם גרויסן בית מדרש, האָט זיך געפירט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די יידן אין שטעטל. אַרום די שטיבלעך האָט זיך געפירט די אַרבעט פון די אַלע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס — ווי גמילות חסדים, הכנסת כלה לינת הצדק א.א.וו. מיט אַ געוואַלטי־קער איבערגעגעבנהייט האָבן יידן געאַרבעט אָן אַ באַצאָלטן אַפּאַראַט אין די אַלע צדקה אַנשטאַלטן.

פון די אַלע שטיבלעך געדענקט זיך מיר אַמבעסטן דאָס טריסקער שטיבל, אפשר דערפאַר ווייל אין דעם שטיבל האָט געדאַווענט די משפחה ווערבע, וועלכע זענען געווען טריסקער חסידים, ווייל זיי זענען געווען קרובים ממש מיט דעם טריסקער הויף. צווישן זיי דער גביר ר׳ הערשל ווערבע, וועלכער איז געשטאַנען אין געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט די פריצים פון גאַנצן געגנט. אָדער מיין פעטער ברוך, וואָס איז געווען סטאַראָסטע. און אפשר גאָר דערפאַר וואָס אין קאַמין זענען געווען אַ סך טריסקער חסידים.

אָט אַזוי האָט זיך געפירט דאָס יידישע לעבן אין קאַמין. יידן האָבן געהאַנדלט געוואַנדלט, עלטערן האָבן שווער געאַרבעט, כדי צו קענען שפּייזן און לערנען די קינדער. וועמען ס'איז אָנגעקומען לייכטער, וועמען שווערער, אָבער מ'האָט געלעבט אינטענסיוו. על כל פנים האָט זיך אונדז אַזוי אויסגעוויזן. מיר האָבן זיך געפילט זיכער, שטענדיק געפילט אַז מ'זאָרגט וועגן אונדז, און די געדאַנקען אפילו געפּרוווט מיטטראָגן דעם יאָך. אָבער אין דער אמתן האָבן מיר ווי אַלע קינדער געהאַט אונדזער וועלט. געלערנט אין חדר לויטן אָנגענומענעם שטייגער — פריער ביי אַ דרדקי מלמד, דאַן ביי אַ אַ מלמד וואָס האָט שוין געלערנט חומש און רש״י דערנאָך ביי אַ גמרא מלמד, ווו עס האָבן געלערנט דערוואַקסענע יינגלעך גמרא מיט תוס־פ:ת. און ערשט שפּעטער — אונדזערע עלטערן זענען געווען אַביסל פאַרגעשריטענע לויט די באַגריפן פון יענער צייט — האָט מען אָראָפּגעבראַכט אַ ספּעציעלן לערער, וועלכער האָט אונדז געלערנט שוין תנ״ך, און דקדוק און אַנדערע וועלטלעכע לימודים, דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אַ מאָדערנער שולע, וועלכע איז געגרינ־דעט געוואָרן איצט אין די שפּעטערע יאָרן, נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, שוין נישט פאַר מיין צייט.

קנאַפּע זכרונות זענען מיר פאַרבליבן פון פסח הערש מלמד'ס חדר. ווו כ'האָב געלערנט חומש מיט רש״י און אָנגעהויבן לערנען גמרא. ערשט ווען כ'האָב שוין געפילט, אַז איך קען שוין גענוג כדי אָנהויבן לערנען ערנסט גמרא מיט תוספות, האָט מען מיר איבערגעפירט צו ר׳ איציע וואָלפן, ווו ס'האָבן געלערנט גרויסע בחורים. ביי ר׳ איציע וואָלפן האָבן געלערנט שוין ערנסטע בחורים, אַ סך גע־לערנט אַ גאַנצן טאָג — די קינדער פון מיוחסים, פון גבירים. פון דעם חדר זענען מיר דוקא פאַרבליבן אַ ביסל זכרונות. אָבער אַנדערע האָבן שוין געשריבן וועגן דעם וווּנדער־באַרן יידן, וואָס האָט אַלע זיינע טעג און נעכט געווידמעט דעם לערנען, אַרויסגעטאָן פון אַלע הויות פון עולם הזה. נישט פיל האָבן געלערנט ביי איציע וואָלפן, ווייל ערשטנס האָט מען געמוזט קענען לערנען און האָבן אַ גוטן קאָפּ, ווער עס האָט נישט געהערט צו דער קאַטעגאָריע האָט קיין פּלאַץ נישט געהאַט דאָרט און צווייטנס האָט נישט יעדער געקענט לערנען ביי אים, ווייל דער שכר־לימוד איז געווען זייער הויך — 25 רובל אַ זמן. איך בין געווען דער יינגסטער צווישן די אַלע בחורים, וועלכע האָבן געלערנט גמרא און תוספות ביי איציע וואָלפן. נאָך ביז היינט בין איך דאַנקבאַר מיין רבי'ן ר׳ איציע וואָלף, וועל־כער האָט מיר אַזוי יסודיתדיק איינגעפירט און מיט אַ זיכערער האַנט געלערנט שווימען אין ים פון תלמוד. די תורה, וועלכע ער האָט מיר אויסגעלערנט איז מבחינת בור סיד, שאינו מאבד טיפה. אָבער ווי געזאָגט זענען דאָס עפּיזאָדן, זכרונות פון קינדער יאָרן און ס'פאַרגעסט זיך נישט די „גירסא דינקותא״.

איצט וויל איך אויפברענגען ברעקלעך זכרונות פון מיין פאַרצווייגטער משפחה, די וואָס זענען מיר פאַרבליבן און מעשיות, וועלכע כ'האָב געהערט אין טאַטנס שטוב. מבחינת ושיננת לבנך און אויב דאָ און דאָרט וועלן די פּרטים נישט זיין פול, וועלן מיר מוחל זיין די אַלע וועלכע וועלן די שורות לייענען. ס'זענען שוין פאַרביי אַ סך יאָרן פון דאַן, בכדי אַלץ צו געדענקן, דאָך וועלן דאָס זיין פּרטים, וועלכע קיינער פון מיינע פריינט און קרובים האָבן נישט באַוויזן אויפצוברענגען.

אין מיינע צייטן האָט שוין אַ טייל פון דער משפחה נישט געוווינט אין קאַמין. אַזוי למשל האָבן שוין דאַן דער זיידע יעקב און באָבע מינציע געוווינט אין קאָוועל, 50 ק״מ ווייט פון קאַמין, וועלכע איז דאַן אויך געווען די קרייז־שטאָט און אויך דער צענטער פון וואַנען די יידן פון קאַמין פלעגן ברענגען זייערע סחורות, וועלכע זיי פלעגן פאַרקויפן אין זייערע קראָמען אין סקלאַדעס, און אויב

מ׳פלעגט דאַרפן חלילה אַ גרויסן דאָקטאָר האָט מען אים געמוזט ברענגען פון קאָוועל. אין קאַמין, ווי איך געדענק, פלעגט מען זיך באַנוצן מיט דער הילף פון אַ פעלדשער. צו אַן ערנסטן קראַנקן האָט מען גערופן דעם דיין, הרב ווייסמאַן, וועלכער האָט פאַרשטאַנען אין מעדיצין און מירקע צוקערמאַן אונדזער קרובה איז געווען אַ גאַנצע „דאָקטאָרקע״ און אפילו שפּעטער, ווען ס׳איז שוין געווען אַ דאָקטאָר אין שטעטל האָט מען שטענדיק זיך באַהאָלפן מיט דער עצה פון דיין און מירקען. די אייזנבאַן איז נאָך ביז קאַמין נישט דערגאַנגען און ווען יידן האָבן באַדאַרפט פאָרן אין קרייז שטאָט קאָוועל, איז מען געפאָרן מיט בעלי־עגלות. אין נעסכיזש איז געווען אַ סטאַנציע. ווו מ׳פלעגט זיך אָפּרוען און אַזוי האָט מען אויך געבראַכט די סחורות וועלכע מ׳פלעגט איינקויפן אין קאָוועל, אָדער אין ווייטערדיקע שטעט ווי בריסק, וואַרשע, לאָדזש, א.א., וווהין עס פלעגן פאָרן די סקלאַדציקעס, בעיקר די שניט קרעמער קויפן זייערע סחורות, מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן אַז קאַמין פון איר זייט איז געווען אַ צענטער פאַר אַ גאַנצע רייע דערפער און שטעטלעך ווו יידן, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט פלעגן ווייטער קומען איינקויפן אַלע זייערע נייטיקע סחורות.

ווי געזאָגט האָט אַ טייל פון אונדזער משפּחה אין מיינע צייטן שוין נישט געוווינט אין קאַמין. דער זיידע יענקל האָט געוווינט אין קאָוועל, זיינע זין און טעכטער האָבן געוווינט אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון וואָלינער גובערניע ווי אויך אין וואַרשע. אין קאַמין האָבן דאַן געוווינט מיינע עלטערן, מיין פעטער ברוך — דער סטאַראָסטע, וועגן וועלכן כ׳וועל נאָך שרייבן שפּעטער און פאַרשטייט זיך מיין פעטער הערשל, מיין זיידן יענקלס עלטערער ברודער, וועלכער האָט זיך אויך גערעכנט דער ראש פון אונדזער משפּחה אין קאַמין. דערפאַר האָט די משפּחה פון דער מאַמעס זייט געוווינט אַלע אין קאַמין. די באַבע דבורה און דער זיידע משה, זייערע טעכטער און איידעמס און זייער בן יחיד, שניט קרעמער אויפן גרויסן פאַרמאַט, אין זייערע הייזער, וועלכע זענען געווען נאָענט איינער צום צווייטן.

דער פעטער הערשל אַז געווען דער ראש פון דער משפּחה אין קאַמין. אַ ייד מיט אַן הדרת פנים, אַ גביר און ווי מ׳זאָגט, אויך אַ ייד אַ בן תורה געקאָנט אַ סך לערנען. ער איז אויך געווען אַ בעל תפילה און אַ מוהל נישט צוליב פרנסה. ער האָט קיין געלט דערפאַר נישט גענומען, ער האָט דאָס אויך נישט באַדאַרפט. ס׳איז געווען אַ כבוד פאַר דעם עולם, אַז ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד אין טריסקער שטיבל, און אויך ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ כבוד. כאָטש אין שטיבל איז געווען מן הסתם נישט קיין ערגערע בעלי־תפילות און יידן בני תורה, אָבער הערשל ווערבע איז געווען קאָנקורענצלאָז. אַלס מוהל — פלעגט ער אָפּהיטן און אויך די משפּחה האָט אָפּגעהיט, אַז קיין פרעמדער מוהל זאָל זיך נישט צורירן צו די זכרים, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין דער משפּחה. דער פעטער הערשל האָט נישט געוואַרט מ׳זאָל אים בעטן אויפן ברית. שטענדיק דערשינען אין שטוב פון בעל שמחה אין דער ריכטיקער צייט מיטן טלית און קיטל גרייט צו מקיים זיין די מצוה פון מילה. זיין געשטאַלט האָט אויף אונדז קינדער געמאַכט אַ רושם און אַרויסגערופן דרך ארץ. געוווינט האָט ער אין אַ גרויסע שיינע שטוב אין מאַרק, אַרומגערינגלט מיט אַ ווייַנשל־סאַד. געווען פאַרבינדן מיט אַלע פּריצים פון געגנט, אַלע זענען זיי אים שולדיק געווען געלט און פלעגן ביי אים באַזוכן זייער אָפט. די משפּחה האָט אים אָפּגעגעבן כבוד און איך געדענק נישט קיין פאַל זיי זאָלן זיך האָבן אנטקעגנגעשטעלט זיין פירערשאַפט.

מיינע עלטערן האָבן פאַר יענע צייטן געהאַט אַ קראָם אין מאַרק, דאַכט זיך די איינציקע קראָם, וואָס האָט שוין דאַן געהאַט אַ שוי פענסטער, אַ מין כל בו. דאָרט פלעגט מען פאַרקויפן אַלץ פון גאַלאַנטעריע, דער עיקר אַרטיקל איז געווען שיך און קאַלאָשן. די סחורה פלעגט מען ברענגען פון קאָוועל, וואַרשע. און צוליב זיינע געשעפטן פלעגט דער טאַטע פאָרן פון צייט צו צייט אין די צוויי שטעט איינקויפן סחורה. מ׳פלעגט אויך באַשטעלן סחורה דורך שפּילעטערן, רייזנדע אין אַרטיקע, וועלכע פלעגן אויפנעמען באַשטעלונגען און באַזאָרגן די סחורה. אָט אַזוי האָט מיין פאָטער געטיילט זיין צייט צווישן דער זאָרג פאַר פרנסה פאַר דער משפּחה, און טריסקער שטיבל, ווו ער פלעגט נישט נאָר דאַווענען, נאָר אויך לערנען און זיך עוסק זיין בצרכי צבור. ער איז געווען דער יינגסטער פון די ווערבעס אין קאַמין, דער עול פון פירן די שטוב און אויך העלפן אין קראָם איז פאַרשטייט זיך געפאַלן אויף דער מאַמען.

די זאָרג פאַר פרנסה איז נישט געווען זייער איינציקע זאָרג. עס האָט זיי אויך פאַראינטערעסירט דאָס פּראָבלעם פון דערציען זייערע קינדער, און לערנען זיי אַ ביסל וועלטלעכע לימודים — אין יענער צייט איז דאָס לערנען תנ״ך אויך געווען וועלטלעכע לימודים. קיין מאָדערנע שולע איז נאָך אין קאַמין נישט געווען. דאָס שטעטל האָט געהאַט חדרים, תלמוד תורה׳ס גמרא מלמדים א.א.וו., אָבער אנדערע לימודים — לימודי חול הס מלהזכיר. דאָ און דאָרט

האָט זיך עמיצער פון די רייכע משפחות געלערנט פּריוואַט, ביי א סטודענט, אָדער סתם אן אינטעליגענט, וועלכער האָט געקענט א ביסל שרייבן און לייענען רוסיש. מיינע עלטערן האָבן געלעזט דאָס פּראָבלעם אויף גאָר אַן אַנדער שטייגער. צוזאַמען מיט אנדערע עלטערן, וועלכע זענען געווען באַזאָרגט וועגן דער דערציאונג פון זייערע קינדער און דער עיקר מיין פעטער ברוך, דעם טאַטנס עלטערער ברודער, האָבן זיי אראָפּגעבראַכט א לערער פון פינסק, א ייד א משכיל. ער האָט מיט אונדז באַדאַרפט לערנען, דיקדוק, חשבון און אנדערע וועלטלעכע לימודים. פאַרשטייט זיך אז דאָס איז געווען נישט אנשטאַט די לימודי קודש, ווי גמרא און תּוספות, דאָס האָבן מיר פאָרגעזעצט לערנען, נאָר דאָס האָט מען אונדז מוסיף געווען. פאַר שפּילן זיך אין קינדערישע שטיפערייען איז אונדז פאַרבליבן ווייניק צייט, כאָטש כ'שטעל זיך נישט פאָר, אז מיר האָבן אויף דעם אינגאַנצן מותּר געווען. מן הסתם, ווי דער שטייגער איז, האָבן מיר אויף דעם אויך געפונען צייט, ווייל כ'געדענק אז מיר פלעגן זיך באָדן אין טייך, צוהערן צו די געשפּרעכן פון די עלטערע, גיין אין שטיבל א.א.וו. דאָס זענען דאַן געווען די „פאַרברענגעכץ" פון יענער צייט, א צירק, אָדער א וואַנדער טרופּע, וואָס פלעגט דורכפאָרן דאָס שטעטל און אַוועקשטעלן א גרויסן געצעלט אין מיטן מאַרק, ווו ס'פלעגן פאָרקומען די פאָרשטעלונגען האָבן מיר אויך באַזוכט. אוודאי איז דאָס געשען זעלטן. אָבער דאָך פלעגט דאָס אַמאָל טרעפן.

דער ערשטער פּרוּוו פון גרינדן א שולע איז נישט געלונגען. דער לערער ווי געזאָגט, א ייד א משכיל, געקענט ווייסט אויס לערנען, אָבער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, ער איז מער געווען פאַרנומען מיט זיך ווי מיט לערנען. אזוי האָט זיך געשאַפן סכסוכים צווישן די עלטערן און דעם לערער און ער האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל נאָך איין זמן. דערמיט האָט זיך אָבער אונדזער עדוקאַציע נישט פאַרענדיקט. די עלטערן האָבן אראָפּגעבראַכט א צווייטן לערער, משה דודיק האָט ער געהייסן. ער האָט זיך טאַקע באַזעצט ביי אונדז אין שטעטל מיט זיין משפחה און געפירט די שולע, די גאַנצע צייט. אין זיין קלאַס האָבן איך דאָס ערשטע מאָל געלערנט ייִנגלעך און מיידלעך. און אָט אזוי פלעגן מיר לערנען תנ"ך, ער האָט געלייגט אכט אויך אויף דער דיקציע און איז שטאַרק געווען צופרידן ווען מיר פלעגן לערנען גאַנצע קאַפּיטלעך פון ישעיהו אויף אויסנווייניק. ער האָט זיך שטאַרק באַמיט צו געבן זיין שולע א וועלטלעכן כאַראַקטער. ס'פלעגן ביי אונדז אויך פאָרקומען פייערונגען און אפילו פאַרשטעלונגען. איך געדענק א פאָרשטעלונג פון חנה ושבעת בניה, חנוכּה, ווו די ראָל פון אנטיוכוס האָט געשפּילט מיין קוזין אהרון ווערבע, מיין פעטער ברוכס עלטערער זון און איך בין געווען דער ייִנגסטער זון חנה'ס. אויף אזא אופן האָבן אונדזערע עלטערן אָן הילף פון א רעגירונג, אָדער וועלכער ס'איז געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, אָן אַ געזעץ פון צוואַנגס לימוד, אויף זייער אייגענעם חשבון געפּרוּווט לעזן דאָס פּראָבלעם פון דערציאונג פון זייערע קינדער און אויסגעהאַלטן בכבוד, לערער און מלמדים, כאָטש מן הסתם איז דאָס זיי אויך נישט אנגעקומען לייכט.



דער עלטערער ברודער מיין טאַטנס, אונדזער פעטער ברוך, וועלכער האָט דאַן אויך נאָך געוווינט אין קאַמין, איז געווען דער „מעסטשאַנסקע סטאַראָסטע" אין שטעטל. ער איז געווען דער פאָרשטייער פון דער מאַכט כלפי דער ייִדישער באַפעלקערונג, און דער פאָרשטייער פון די ייִדן כלפי דער מאַכט. ער האָט געפירט די מעטריקע ביכער און די רשימות פון די וועלכע האָבן געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו. א ייד האָט באַדאַרפט א מעטריקע, א פּאַס האָט ער געמוזט דאָס נעמען ביים סטאַראָסטע. צו דעם צוועק האָט ער געפירט א קאַנצעלאַריע, און האָט געהאַט א סעקרעטאַר, כ'ווייס נישט צו ער איז געווען אַ גרויסער ידען אין דער רוסישער שפּראַך. יעדנפאַלס האָט ער געפירט אַ גרויסע קאָרעספּאָנדענץ מיט פאַרשידענע רעגירונגס־אינסטיטוציעס אויף אָפיציעלע בלאַנקעטן מיט דער הילף פון זיין סעקרעטאַר, פאַניע איגנאַציע, וועלכער איז אויסער זיין אַמט ביי מיין פעטער, געווען אויך „פּאַנאַמאַר" אין קלויסטער. זיינע בריוו אויף בלאַנקען מיטן צוויי־קאָפּיקן אָדלער, פלעגן גייען צום איספּראַווניק, צום גובערנאַטאָר. ווען אַ ייד האָט באַדאַרפט וועלכן ס'איז דאָקומענט פאַר וועלכער ס'איז רעגירונגס אינסטיטוציע האָט ער דאָס געמוזט באַקומען ביים פעטער ברוך. יאָר יערלעך, ווען ס'פלעגט אראָפּקומען די מיליטערישע רעקרוטירונגס־קאָמיסיע, פלעגט ער דאַרפן זיצן אין דער קאָמיסיע און אידענטיפיצירן די ייִדישע רעקרוטן. אין די טעג פון דער פּריסודסטווע האָט דאָס שטעטל אויפגעלעבט.

אין קאַמין פלעגן זיך שטעלן צום פּריזיוו נישט נאָר די תּושבים פון קאַמין, נאָר נכתבים ייִדן, וועלכע זענען געווען צוגעשריבן אין קאַמין און געהערט צו די קאַמינער מעשטשאַניעס, כאָטש זיי אַליין האָבן געוווינט אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע, ווי אפילו אין פּעטערבורג, מאָסקווע א.א.וו. זיי זענען געווען צוגעשריבן אין קאַמין און דעריבער דאָרט באַדאַרפט באַקומען זייערע מעטריקעס און דאָרטן שטעלן

זייערע קינדער צום פּריזעוו. זייערע ענינים מיטן סטאַראָסטע פלעגן זיי על פּי רוב דערליידיקן שריפטלעך. אָבער צוויי מאָל האָבן זיי פאַרט געמוזט באַזוכן דאָס שטעטל — ווען זיי האָבן באַדאַרפט שטעלן זייערע זון צום פּריזעוו און איינמאָל אין עטלעכע יאָר, ווען מ׳האָט געוויילט דעם מעשטשאַנסקע סטאַראָסטע. דאַן פלעגן די נכתבים צו דעם צוועק זיך צונויפקומען פון אַלע עקן פון דער רוסישער אימפּעריע. די וואַל קאַמפּאַניע, האָט זיך געפירט לויט אַלע כללים פון היינטיקער צייט, מיט איין אויסנאַם אפשר וואָס אין שפּיץ פון דער וואַל־קאָמיסיע איז געשטאַנען דער פּריסטאַוו און די וואַלן פלעגן דאַרפן באַשטעטיקט ווערן פון גובערנאַטאָר.

מיר געדענקט זיך איין וואַל קאַמפּאַניע אַזאַ, די לעצטע פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה. מיר קינדער האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם טומעל אין דער צייט וואָס מ׳האָט זיך געגרייט צו די וואַלן און האָבן הנאה געהאַט פון דער אַ־הא אַגיטאַציע, פעטע סעודות, פאַר די געקומענע פון דער פרעמד צו די וואַלן. פאַרשטייט זיך אַז ס׳זענען געווען צדדים. און אַנדערע קאַנדידאַטן און יעדער צד האָט זיך באַמיט צו מאָביליזירן וואָס מער אָנהענגער דער עיקר צווישן די פרעמדע, וועלכע זענען געקומען פון דער ווייט. די גאַנצע משפּחה איז דאַן געווען מאָביליזירט צו דער וואַל־קאַמפּאַניע, העלפן פירן די אַגיטאַציע, העלפן דער מומע שׂרה איטקע צוגרייטן און דערלאַנגען די סעודות. וואָכן־לאַנג, איז די גרויסע שטוב פון פעטער ברוך געווען אָפן פאַר באַזוכער, ווילער, אַגיטאַטאָרן און סתם בטלנים זענען געגאַנגען און געקומען. אָפט מאָל ווען איך קוק זיך צו די מאָדערנע וואַל־קאַמפּאַניעס פון די פּאַרטייען, ווינדער איך זיך ווי אַזוי האָט מען דאָס דאַן געמאַכט, אָן יחסי צבור, אָן צייטונגען, און אָן אַפּאַראַט, כאָטש אַ וודאי זענען שוין דעמאָלט אויך געווען יידן וואָס האָבן געוווסט אויסצונוצן די ערב־וואַלצייט אויף צו געווינען עפּעס אַ טובת־הנאה אויף דעם אָדער יענעם אופן, און דעם קאַנדידאַט איז אוודאי כדאי געווען אויסצוגעבן אַ מענגע געלט, כדי ער זאָל געוויילט ווערן. אָפט מאָל פלעגט מען דאַרפן שיקן געלט אויף הוצאות די נכתבים און זיי אויסהאַלטן אין שטעטל אין דער צייט פון די וואַלן, בכדי זיי זאָלן קומען ווילן. מיר קינדער האָבן דאָס נישט פאַרשטאַנען, אונדז איז נאָר געפעלן ווי געזאָגט דאָס אַרומיקע, און מיר האָבן שטאַרק געוואָלט אַז דער פעטער ברוך זאָל זיגן ביי די וואַלן, כאָטש מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט. די וואַלן אַליין זענען פאָרגעקומען אין גרויסן בית מדרש. דער פּריסטאַוו אַליין האָט געעפנט די קלפּי און די „באַלאָטיראָווקע" האָט זיך אָנגעהויבן. מ׳פלעגט שטימען לויט רשימות פאַרשטייט זיך, און פאַרנאַכט ווען מ״האָט פאַרמאַכט די קלפּי, האָט די משפּחה, פאַרמאַטערטע און נישט דערשלאָפענע, געוואַרט אויף די רעזולטאַטן, אפילו מיט הארץ־קלאַפּעניש. און ווען מ׳איז געוואָר געוואָרן, אַז דער פעטער ברוך האָט געזיגט, איז די שׂמחה געווען גרויס — ער איז ווידער געוואָרן דער פאָרשטייער פון דער רעגירונג פאַר זיינע מעשטשאַנעס אויף עטלעכע יאָר. און דאָס לעבן האָט זיך אומגעקערט און אַריין אין נאָרמאַלן גאַנג, ביז אַן אַנדער וועלט־געשעעניש האָט אויפגעטרייסלט אונדזער רואיק שטעטל אין ווילנער גובערניע — די ערשטע וועלט מלחמה.

ס׳איז מיר אמת באַשערט געווען מיטמאַכן מיט אַלע קאַמינער יידן די ערשטע וועלט מלחמה מיט אַלע אירע איבערלעבונגען וואָס ס׳האָבן דורכגעמאַכט די יידן פון אידנזער געגנט. מיין משפּחה האָט באַלד נאָך דער מלחמה פאַרלאָזט קאַמין און זיך באַזעצט אין קאָוועל. די פאַרבינדונגען אונדזערע מיט מיין געבורט־שטעטל האָבן מיר דאָך נישט אויפגעגעבן. ערשטנס איז פאַרבליבן דאָרט די משפּחה פון מאַמעס צד, און זי איז דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קאַמינער יידן, אין דער גרויסער ליקווידאַציע אַקציע פון די נאַציס ימ״ש און צווייטנס האָט מיין פאָטער געהאַט געשעפטלעכע פאַרבינדונגען מיט די פּריצים פון יענער געגענט און פלעגט צו דעם צוועק באַזוכן אָפט קאַמין. און איך האָב געקענט נאָכשפּירן די געשעענישן אין שטעטל אין דער צייט פון דער פּוילישער הערשאַפט, וועלכע האָט געדויערט 20 יאָר, אוודאי דער איבערגאַנג צו דער פּוילישער הערשאַפט איז כלל נישט געווען קיין רואיקער. די קאַמינער יידן האָבן באַצאָלט דעם פּרייז ווען צענדליקער פון זיי, זענען דערמאָרדעט געוואָרן פון די אַליאַנטן פון דער פּוילישער אַרמיי, די באַלאַכאָוועס, צווישן זיי מיינע צוויי פעטערס פּנחס און מענדל מאַליק ז״ל. דאָך האָבן דאָרט יידן ווייטער געפירט זייער לעבן פּונקט ווי אַלע צענדליקער טויזנטער יידן אין שטעט און שטעטלעך אַ וואָלין און פּאָלעסיע, ביז דער נאַצישער צורר האָט געמא־ אַ סוף מיט די יידישע יישובים אין פּוילן, ליטע, לעט.. א.א.וו. דאָ אין דאָרט באַמיען זיך די געראַטעוועטע חאַלאַוועשקעס צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די אומגעקומענע. זאָלן די שורות זיין מיין צושטייער צו זייער אָנדענק.



פון רעכטס צו לינקס שטייען: דינה, גרוניה און ברכה מאליק.
זיצן: פלוס חנה, פערטשיק (מאַליק) הינדע.



פון רעכטס צו לינקס: 1) לייזערוק יעקב, 2) בער,
3) זיניוק יעקב, 4) וואַסערמאַן יונה.



פון רעכטס צו לינקס: קימעל בנ'מין און זיין פרוי חיה,
קימעל חוה, קימעל צביה, זאלץ שלמה, קאַרש מינה,
לייזערוק אבא, מייסטעל יצחק זאב און קטן מאַניע.



פון רעכטס צו לינקס: 1) וואָווק חיים אשר, 2) קאמינסקי
חיים 3) גאָלדשטיין הערשל, 4) לייזערוק אבא.

**פנחס ארעמלאנד, עין־ורד**

# פיין,ליידן און האפענונג

**(פון א טאג־בוך)**

דאנערשטיק 23 יולי, 1942

מיט אונדז אויף דעם פלאץ פון בנין האבן אויך גע־ארבעט פיל יידן פון די ארומיקע דערפער. צווישן אט די יידן זענען מיט אונדז געווען צוויי, וואס האבן פריער געוווינט אין שטעטין ביי א גוי. זיי פלעגן נישט גיין יעדן טאג אין געטא זיי פלעגן שלאפן אויף דעם ארבעט פלאץ. איינמאל האט זיי דער גוי פון שטעטין געבראכט 2 קילא הירזש און 2 ברויטן. זיי האבן זיך זייער געפרייט מיט דער גרויסער מתנה.

מיט דעם ברויט וואלטן זיי זיך שוין אן עצה געבן. אבער וואס מאכט מען מיטן הירזש? ווי אזוי טראגט מען דאס איבער אין געטא? זאגט סענדער לאנדוי: „איך גיי



פנחס ארעמלאנד

אויף מיטאג און איך ווין דאך צוזאמען מיט אייך, וועל איך דאס שוין אוועקגעבן דיין מוטער".

סענדער האט גענומען דעם הירזש און איז אוועק אויף מיטאג אין געטא. ביים אריינגאנג האט מען געמאכט א שטרענגע רעוויזיע און מען האט ביי אים אין די קעשע־נעס געפונען דעם הירזש. עס ווערט א טומל אין געטא און אויך אויסער דאס געטא. די ידיעה דערגייט אויך צו אונדז, אז מען האט צוגענומען ביי סענדערן די צוויי קילא הירזש.

די ידיעה האט אונדז געטראפן אזוי ווי א דונער. ביי מיר אין גרופע האבן געארבעט עטלעכע עלטערע ווי יצחק דער שו"ב, מאיר וואסערמאן, שעפע זאפראן און לייזער קאמינער. מען רעדט שוין אז עס איז נישט כדאי צו גיין אויף ביינאכט אין געטא מיר וועלן בלייבן דא נעכטיקן.

פלוצלינג הערט מען ווי דער קאמיסאר פון געטא, קרויזע, שרייט: „זעלצער! זעלצער!"

לייבע זעלצער איז צו אים צוגעגאנגען און זיי האבן געשמועסט א 15 מינוט. דערנאך האט זעלצער דערציילט: „אזוי ווי סענדער ארבעט אין מיין גרופע איז דער קאמיסאר געקומען פרעגן צו ער ארבעט גוט; צו ער קומט פינקטלעך צו דער ארבעט, און ווי קומט צו אים די הירזש? איך האב אים אלץ גוט געענטפערט, איך מיין אז ער וועט נישט מאכן קיין שום זאך פון דעם".

צומארגנס פרייטיק 24.7.1942, גייט מען ארויס צו דער ארבעט ווי יעדן טאג. אלץ נארמאל, גאט צו דאנקען, סענדער לאנדוי איז אויך דא ביי דער ארבעט און דער טאג איז אריבער רואיק. ביינאכט אינמיטן שלאף הער איך מען שרייט, „זעלצער, יודענראט, מאליק!"

איך רוק אויף א ביסל דעם פארהאנג, צו זען וואס איז אין דרויסן, די קולות הערן נישט אויף. איך זע: דער געביטס קאמיסאר מעכאליס שטייט מיט א רעוואלווער אין איין האנט און א טאשן לאמפ אין דער צווייטער האנט און ער שרייט: „לאנדע־יודענראט!" דערנאך איז ער אריין אין שטוב פון ברוך יוסי דעם שוסטער, און ארויסגעפירט סענדער לאנדוי מיט דער פרוי און 2 קינדער. די פרוי מיט איין קינד רוקן זיך אוועק צו פייוול סעגאלס שטוב און ווערן פארשוואונדן און סענדערן מיט 1 קינד שטעלט ער אוועק ביי דער וואנט פון סטעפינער שטיבל און שיסט זיי. סענדער מיט דעם זון זענען אוועקגעפאלן און דערנאך גייט ער אריין א צווייט מאל אין שטוב ווו סענדער האט געוווינט און פירט ארויס 2 יונגע לייט פון א שטעטל דערנעבן און שיסט זיי און דערנאך שיסט ער משה באיאן אין שרייט מיט ווילדע קולות: „יודענראט" „מאליק!" און ער קלאפט שוין ביי אונדז אין טיר.

אלע מענטשן פון שטוב זענען טויט פון שרעק און קיינער קען נישט ארונטער פון בעט עפענען די טיר. די פרוי מיינע איז אראפ פון בעט אים געעפנט די טיר און גלייך אריין צוריק אין בעט. דער קאמיסאר א ווילדער,

איז אריין אין שטוב מיט דעם רעוואָלווער און מיט דעם לאָמפּ. באַטראַכט אַלע בעטן און געזען אַלע מענטשן אויף די געלעגערס, באַזוכט אַלע צימערן, געהייסן פאַרשליסן צוריק די טיר און איז אַרויס פון שטוב. איך קוק ווידער אין פענסטער ווי דער מערדער באַוועגט זיך. ער איז ווידער אריין אין שטוב פון לאַנדוי, אַרויסגעפירט א פרוי מיט א קליין קינד. דאָס קינד האָט ער געשאָסן און דער פרוי לייכט פאַרוואונדעט, און די פרוי בעט זיך ביי דעם גזלן: „שיס מיך, פאַרוואָס דאַרף איך זיך מאַטערן״?

דערנאָך פירט ער אַרויס נאָך אַ פּאָר מענטשן, שיסט זיי, און פאַרלאָזט דעם געטאָ. די פרוי קרעכצט און קיינער העלפט איר נישט און גלייך קומט דער פּאָליציאַנט פון טויער און שיסט איר.

עס דויערט שעהן און איך קוק אַלץ אין פענסטער און וואַרט אַלץ יעדן מינוט צי דער גזלן גייט נישט צוריק. פלוצלינג זע איך ווי דער געשאָסענער סענדער הויבט זיך אויף מיט דעם זון און גייען אריין צוריק אין שטוב און עס ווערט ביי זיי ליכטיק...

עס קומט די צייט שוין גיין צו דער אַרבעט. וואו פון יודענראַט קומט די פור אַרויספירן די טויטע, זעט מען אַז משה באַיאַן איז שטאַרק פאַרוואונדעט. מען נעמט אים מיט דער פור פון יודענראַט אין שפּיטאָל, אָבער לעבן טויער שיסט אים דער פּאָליציאַנט אויף טויט.

די נאַכט האָט דער קאָמיסאַר געהרגעט 9 יידן. געוואָלט האָט ער הרגענען פיל מער יידן פאַר די צוויי קילאָ הירזש, נאָר ער האָט נישט געהאט ביי זיך מער קיין קוילן. סענדער לאַנדוי מיט דער גאַנצער פאַמיליע זענען דאַן ניצול געוואָרן, על פּי נס, פון טויט.

עס הערן זיך קלאַנגען אַז עס איז נישט אין אָרדענונג, דער קאָמיסאַר האָט געהייסן פרומקע קלאַרמאַן צוריק־ברענגען די וועש, ווייל ער דאַרף פאָרן אויף אורלויב. יעדע קלייניקייט האָט געשריגן מיט טויט.

זונטיק 2.8

עס קומט בערעלע זאַסק. ער האָט געאַרבעט ביי דעם קאָמיסאַר, געקערט די שטוב און אָפט מאָל געגאַנגען אויף איינקויפן. ער דערציילט אַז דעם 10.8 דאַרפן אַלע פאַרלאָזן דאָס געטאָ אויף 3 טעג אין לאַגער. יעדער קען נעמען מיט זיך ביז 4 קילאָ. מען מוז מאַכן דעזינפעקציע אין געטאָ, און אויך וועט מען טיילן „שיינען״ אַלע אַרבעט־פּעאיקע. צום „שיין״ איז צוגעשריבן די גאַנצע פאַמיליע פון אַרבעטער. ביי מיר אין „שיין״ איז געשריבן: פּנחס אָרימלאַנד, בתיה אָרימלאַנד, דער זון יונה, די טאָכטער גיטעלע און דער טאַטע פּסח הערש אָרימלאַנד. איך בין געזען זיכער אַז עס איז ריכטיק, ווייל בערעלע איז געווען מיינער א קוזין און אויך אַ גוט יינגל.

מיטוואָך 5.8

אויף דעם פּלאַץ וואו איך האָב געאַרבעט, מיט 120 מאַן, האָט מען געבויעט אַ שפּיטאָל, אַ ווילע פאַר דעם קאָמי־סאַר, אויך אַ ווילע פאַר דעם שטאַט־לייטער. רופט מען אַלע. עס איז שוין עפּעס נישט בסדר. מען שטעלט אונדז אין רייען און דער קאָמיסאַר אַליין רופט יעדן ביי דעם נאָמען. עס פעלן 13 מענטשן. מיט כעס דערמאָנט ער: „איר ווייסט וואָס עס האָט פּאַסירט פאַריקע וואָך אין קאָוועל, פאַר נישט וועלן אַרבעטן״. אַלע שווייגן. די 13 מענטשן דאַרפן מאָרגן פרי קומען אין קאָמיסאַריאַט. די נאַכט איז מען שוין אין געטאָ נישט געשלאָפן. מען האָט פאַרשטאַנען אַז עס קען זיך איבערחזר׳ן לאַנדויס געשיכטע.

דאָנערשטיק 6.8

אַ פרישער אומגליק, סטאָפּקע דער באַלעכאַוועץ, האָט געאַרבעט ביי דעם קאָמיסאַר אַלס פורמאַן, קומט ער און דערציילט בסוד: „ביי דעם קאָמיסאַר איז געווען אַ יידישע פרוי, אַדה, זייער אַ שיינע, וואָס דער קאָמיסאַר האָט זי מיטגעבראַכט פון ראַזשישטש, זי איז געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב. האָט איר דער קאָמיסאַר אַליין דערשאָסן און סטאָפּקע האָט איר אַרויסגעפירט הינטערן שטאַט און באַגראָבן. זי פלעגט אָפט זאָגן, אַז זי וועט זיין דער ערשטער קרבן.

עס באַזוכן אונדז ביי דער אַרבעט פרישע געסט, דעם קאָמיסאַרס פרוי מיט אַ קינד, און אויך דעם שטאַבלייטער׳ס פרוי. שרה ווייסמאַן כאַפּט מיט זיי אַ שמועס און וויל עפּעס וויסן וועגן אונדזער לאַגע. זאָגט זי: „מיין מאַן איז זייער אַ גוטער, נאָר באַפעל איז באַפעל״.

מיר זענען זיכער אַז עס וועט עפּעס פּאַסירן. אין געטאָ איז זייער שטיל אַלע שווייגן נאָר דאָס שווייגן האָט אַ סאַך געזאָגט, איינער קוקט אָן דעם צווייטן און קלערט, ווער ווייס אויב מען איז נישט צוזאַמען דעם לעצטן טאָג פון לעבן, דער רחמנות צו די קינדער, ווערט פון מינוט צו מינוט גרעסער, אַזאַ אומשולדיקער שיינער דור פון קינדער.

זונטיק 9.8

12 דער זייגער קומט אַ באַפעל, אַלע זאָלן פאַרלאָזן די אַרבעט און צוריק גיין אין געטאָ ביז 6 פאַרנאַכט. נאָך 6 איז דאָס געטאָ געשלאָסן געוואָרן.

מיין קוזינע איז געקומען רופן איר ברודער, גיין זיך באַהאַלטן ביי דער פּאָליאַטשקע „פּיאַסעצקאַ״. מיין שוועס־

טער זאָגט צום גרעסטן קינד יענקעלע ער זאָל אויך מיט־גיין מיט מייטען צו פיאסעצקאָן. ער איז מיטגעגאַנגען. אַ באַקאַנטער מיליציאַנער האָט זיי דורכגעלאָזט.

אין געטאָ איז די פּאַניק געוואָרן פון מינוט צו מינוט גרעסער. קיינער איז די נאַכט נישט געשלאָפן, די קינ־דער אויך נישט.

מאָנטיק 10.8

6 אזייגער קומט אַ באַפעל, אַז אַלע מענער פרויען און קינדער זאָלן זיך שטעלן צום טויער אַן פעקלעך. מיר קומען צום טויער און מיר זעען דייטשן און פיל אוקראַי־נישע מיליציע פון דעם גאַנצער געגענד. די אַלטע לייט האָט מען אַרויסגעזעצט אויף דער פוהר פון יודענראַט. אויך מיין טאַטן מיט זיי. איך האָב נישט געקענט פאַרטראַגן ווי מיין טאַטע זיצט אויף דעם וואַגן און איך האָב אים אַרונטערגענומען און געזאָגט, אַז ער זאָל גיין צוזאַמען מיט אונדז און וואָס עס וועט זיין — אַלע צוזאַמען.

ס'קומט אַ באַפעל זיך שטעלן אין די רייען צו 6 מענטשן. ווי די דייטשן האָבן געזען אַז עס איז צופיל האָבן זיי אָפּגעשלאָסן דאָס געטאָ און געלאָזט, בערך, העלפט מענטשן אין געטאָ. מיר פון די ערשטע האָבן אָנגעהויבן צו קלערן אַז עס קען זיין ווי אין „קאָוועל״: אַ האַלבער געטאָ איז געבליבן לעבן אויף אַ שטיקל צייט.

עס זענען געווען פלענער, אפשר זיך צעלויפן, אָבער גלייך איז געקומען די פראַגע: וואָס טוט מען מיט די קינדער? ווי קען מען זיך צעשיידן מיט די עלטערן און מיט די קינדער?

ווי אַזוי דאָס האַרץ האָט נישט געפּלאַצט פון דעם אַלעם צוזען און הערן, די געוויינען פון די קליינע קינדער ווייס איך נישט.

לייבל בערעשעס פרוי האָט געטראָגן מיט זיך אַ פּעקל און אויך 2 קליינע קינדער. האָב איך גענומען דאָס פּעקל איר צומאַכן גרינגער, זאָגט מיר מיין זון: „טאַטע גיב אַוועק צוריק דאָס פּעקל, ווייל מען וועט דיר באַלד הרגע־נען. נעם בעסער אַ קינד אויף די הענט״. מיין טאַטן איז געווען זייער שווער צו גיין, חייקל האָט אים געפירט אונטער די הענט. מיר זענען געקומען צום פינסטערן פּלאַץ. אַרום דעם פּאַרקאַן זענען געזעסן אַרומגעזעצט אוק־ראַינער מיט געווער. מיר זענען אַריבער דעם שאָסיי. אויף דעם הייליקן אָרט זעען מיר ווי מען גראָבט גריבער. דער זון פרעגט: „טאַטע, נאָך וואָס גראָבט מען?״ איך האָב אים שוין נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. „טאַטע — זאָגט ער — פאַרוואָס הייסטו מיר נישט זיך פאַרבאַהאַלטן? עס איז נישטאָ קיין ענטפער.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און עס קומט אָן דער צווייטער טראַנספּאָרט מיט די יידן וואָס זענען פאַרבליבן. דער טאַטע מיינער רופט מיר צו און פרעגט מיר שטיל: ״יעקב מייסטעל איז דאָ? „יאָ, זאָג איך, נאָך וואָס פרעג־סטו מיר?״ „איך מיין זאָגט ער אַז עס וועט זיין גוט, מסתמא ווייסט שמאי מייסטעל אַז עס וועט גאַרנישט פּאַ־סירן״.

עס עפנט זיך ווידער דער טויער און מען ברענגט אַלע קראַנקע פון שפּיטאָל און צווישן די קראַנקע איז אויך געווען ראדל קימעל, זי האָט מיט מיר גערעדט עטלעכע מינוט. און עס קומען קלאַנגען אַז באַלד וועט מען אָנהויבן טיילן „שיינען״.

אַלע עלטערע יידן זאַמלען זיך אַרום מיין טאַטן. אויך יעקב יצחק קלורמאַן; זיי ווילן עפּעס הערן פון טאַטן און ער שווייגט גלייך מיט אַלע. דערנאָך זאָגט אים יעקב יצחק: „וואָס וועט זיין, מען גראָבט דאָך גריבער?״

„גאָט קען נאָך העלפן״. האָט ער געענטפערט, אויב אַזוי לאָמיר זיין גרייט. האָבן אַלע מסכים געווען דערווייל צו זאָגן ווידוי. און דער טאַטע האָט מיט זיי געזאָגט.

פינקטלעך 2 אזייגער האָט מען גענומען טיילן שיינען אַלע אַרבעטס־פּאַפּיקע. די קינדער און עלטערע האָבן אָנגעהויבן רייסן די האָר פון קאָפּ. דעם טומל איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן. פיל מענטשן כאַפּן פרעמדע שיינען און לויפן אַריבער אין דער „זייט פון לעבן״, אַזוי האָט עס דאַן געהייסן.

פלוצלינג זע איך ווי דער טויער עפנט זיך און זינ־קאָס זון ברענגט פון ראקאוו־לעס חיים לייזערוקס 2 קינ־דער. מען האָט זיי אויך געהרגעט. איך האַלט דעם זון ביי דער האַנט און מיין פרוי דער טאָכטער. מיין טאַטע מיט דער שוועסטער אויך אַרום מיר און דער טאַטע זאָגט צו מיר: „הער זיך צו גוט, אפשר רופט מען שוין אייך?״

איך האָב נישט געהאַט קיין געדאַנקען צו נעמען דעם שיין. איך האָב פאַרשטאַנען עס איז נישטאָ וואָס מער צו מאַכן. מען דאַרף גיין גלייך מיט אַלע און אויך מיט די קינדער, אַזוי האָבן מיר באַשלאָסן און מיר ווילן זיך נישט שטופּן נאָך דעם שיין. דערנאָך הער איך מען שרייט „מייטע ארימלאַנד!״, דאָס איז מיין קוזינע, און עס לויפט אַ מיידל פון פּאַליץ און נעמט די שיין און גלייך זאָגט דער טאַטע, הערסט מען רופט שוין אונדז. די באַפעלקערונג שטייט נישט אויף איין אָרט. מען שווימט אין דער לופט און אַלעס נעענטער צום טיש פון די שיינען און איך הער מען רופט פנחס ארימלאַנד, דאָס מיינט מיר, בתיה ארימ־לאַנד, מיין פרוי און גלייך שלמה אַרימלאַנד מיין קוזין

און רויזע אַרימלאַנד מיין קוזינע. איך נעם מיין שיין און אויך די שיין פון קוזין און גיב מיין זון און די פרוי נעמט די שיין פון דער קוזינע און גיט דער טאָכטער און מיר גייען אריבער מיט די קינדער צו דער אנדערער זייט פון דער פאָליציי; דאָס הייסט צום לעבן! עס לויפט צו מיר צו יאשקע דער קאָמענדאַנט פון דער פאָליציי און נעמט אַוועק דעם זון פון מיין האַנט און זאָגט, ער הייסט דאָך יונה און נישט שלמה, ער האָט אונדז גוט געקענט און אויך נעמט ער אַוועק די טאָכטער פון דער פרוי. די פרוי האָט געוואָלט מיטגיין צוריק מיט דער טאָכטער. זי האָט געזאָגט: „טאָכ־טערקע, איך וועל דיר נישט אוועקלאָזן אליין. די פאָליציי האָבן נישט געלאָזט דער פרוי גיין צוריק און מען האָט איר אַזוי לאַנג געשלאָגן אז דערנאָך האָט זי שוין נישט געוווּסט ווו זי גייט.

אויף דעם פלאַץ זענען געווען געבויט באַראַקן אין דער ערד. מען האָט אונדז אריינגעטריבן אין איינעם פון די באַראַקן און א פאָליציי־מאַן איז געשטאַנען ביים טיר מיט מאשין־געווער און ווער עס האָט געפרוווט צוגיין צו דער טיר האָט געקראָגן גלייך מיט א שטיק אייזן אי־בערן קאָפּ. די געשרייען מיט די געוויינען איז נישט מעגלעך צו גלויבן אַז מענטשן קענען דאָס דורכמאַכן.

מענטשן מיט שיינען זענען געווען בערך 600, די אַלע איבעריקע בערך 2000 יידן, עלטערע און, בערך 800 קינדער, זענען געבליבן אויף דעם פלאַץ, און אויך 130 ציגיינער.

מען האָט אַלע געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט, און גרופּעס פון 50 אריבערגעטריבן דעם שאָסיי און אריינ־געוואָרפן אין די גריבער. עס זענען געווען צוגעגרייט 2 גריבער בערך 60 מעטער די לענג און 40 מעטער די ברייט. ביי דעם גרוב זענען געשטאַנען 2 דייטשן אין ווייסע פאַרטעכער און געפּאַסט אז עס זאָלן אריינגיין וואָס מער און ווען זיי זענען פאַרטיק געוואָרן מיט יעדע שורה, פלעגן די דייטשן זיך אוועקרוקן אין דער זייט און איבער־לאָזן די פאָליציי אליין. די דייטשע פרויען (וואָס די דייטשן האָבן געבראַכט צום יום־טוב) האָבן פאָטאָגראַפירט יעדע שורה מיט הרוגים. (ווייזט אויס פאַר זייערע אַלבומען)...

די לישער יידן האָט מען געבראַכט גלייך צו דער צייט פונעם גרויסן מאָרד. און זיי באַלד געהרגעט. מיר זייענדיק אין באַראַק האָבן געהערט די קולות און געוואַלדן וועלכע האָבן דערשטיקט די שיסערייען.

11 אויגוסט 1942

אין דער פרי האָט מען אונדז ארויסגעלאָזט פון די 2 באַראַקן. מען האָט געהייסן זיך אויסשטעלן און קאָנטראָלירן די שיינען. אין דעם צווייטן באַראַק האָבן מיר געטראָפן יענקל מיין שוועסטערס זון, 14 יאָר אַלט. ער איז געלעגן נאַקעט איז צו אים צוגעגאַנגען דער שטאָב־לייטער און פרעגט אים: „ווו ארבעסטו? האָט ער גע־ענטפערט, ביי דעם בעטאָן. דעמאָלט האָט מען נאָך גע־דאַרפט ענדיקן זיין ווילע. האָט ער אים געהייסן ארויס־גיין, און ביי דעם בארג זאַכן, האָט ער גענומען עפּעס אויף זיך און געקומען אין באַראַק פון די לעבעדיקע.

ביים קאָנטראָלירן די שיינען האָבן זיך געפונען 29 מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אמתדיקע שיינען. דאָס הייסט אויף פרעמדע נעמען. מען האָט זיי געזעצט באַזונדער און מיר האָבן פארשטאַנען אז מען וועט זיי גלייך שיסן. נאָר איך ווייס נישט צוליב וואָס די גזירה איז בטל געוואָרן און מען האָט זיי צוריק געשיקט צו אונדז.

מיין טאָטן האָט מען נישט געשאָסן גלייך מיט אַלע. מען האָט אים געהייסן זיך אויסטאָן האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט אָנגעטאָן אויף זיך דעם קיטל מיט דעם טלית. ער האָט אויך מיטגענומען מיט זיך די פון לאַנג צוגעגרייטע ארץ־ישראל ערד א זעקעלע, האָט ער זיך באַשאָטן מיט דעם. דער קאָמיסאַר איז בייז געוואָרן, ער האָט געכאַפּט אַ ברעט און דערלאַנגט אים איבערן קאָפּ און ער איז גלייך אויס־געגאַנגען.

מיטוואָך 12.8

מיר גייען ווידער ארבעטן אין געטאָ. גלייכצייטיק האָט מען געטראָפן לייבל מאליק באַהאַלטן מיט זיין פרוי און קינד. מען האָט זיי אויך אוועקגעפירט צו דעם גרוב און געשאָסן. אויך מאיר פעלדמאַנען און זיין פרוי און אויך יוסף קרוין און נאָך איינצלנע.

איך בעט אז איך וויל אויך גיין אין שטאָט, נישט צו דער ארבעט אין געטאָ. נאָר אַזוי גיין עפּעס ברענגען בכדי איך זאָל קענען איבערגעבן דער שוועסטערס זון יענקעלען אז ער זאָל נאָך נישט ארויסגיין. ער איז געזעסן באַהאַלטן ביי דער פאָליאַטשקע פיאָסעצקא ביי מאַטיע דעם סטעלמאַך אויפן בוידעם.

איך גיי מיט יונה וואַסערמאַן. איך שעם זיך צו קוקן. די גוים לאַכן. מיכאַלקע דער פּאַראַגווייטשיק פרעגט מיך: „דו לעבסט נאָך?"" מיר גייען צו דער שטוב ווו יענקעלע איז געזעסן אויפן בוידעם און איך דערצייל וואָס עס איז לעבן געבליבן פון אונדזער משפחה און אז ער קען נאָך נישט אַראָפּגיין.

5 נאָכמיטאָג קומט אַ באַפעל: צוריק אין געטאָ. דאָס געטאָ בעשטייט פון שקאָלנער גאַס און אויך דאָס צווייטע געסל ביז לייבעשעס האָטעל. אויך דער האָטעל איז אין

געטאָ. די וואַנט צווישןביידע געטאָס איז געווען פון מערב זייט פון סטעפינגער שטיבל.

מיר קומען צוריק צו זיך אין שטוב, אָבער מיר קענען אין שטוב נישט זיין, עס יאָגט פון שטוב ארויס. איך האָב נישט געקענט צוזען ווי די קעצלעך זענען ארומגעגאַנגען און געזוכט די קינדער. מיר האָבן פאַרלאָזן אונדזער שטוב און מיר זענען אריין אין שטוב פון דער שוועסטער. קיין סאַך מענטשן זענען דאַן נישט געווען, אָבער אין די עט־לעכע הייזער וואָס זענען פארבליבן אין געטאָ איז געווען גאַנץ ענג. 20—30 פאַמיליעס אין איין שטוב.

.. ..

13.8 דאָנערשטיק

6 פרי. מען גייט שוין ווידער צו דער אַרבעט אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט פאַסירט. מען אַרבעט צו ביסלעך און מען וויינט צו ביסלעך. עס איז שוין נישטאָ קיין כוח צו וויינען. איך זע, אז איך האָב געמאַכט אַ פעלער וואָס איך בין נישט געגאַנגען צוזאַמען מיט די קינדער. נאָך וואָס דאַרף מען זיך נאָך מאַטערן אומזיסט אָן אַ שום האָפענונג? דער יודענראַט האָט ווידער איינגעאָרדנט די קיך ביי אונדז אין מויער און אַלע אָן אויסנאַם האָבן געקריגן צו עסן א ביסל זופ.

אַכט פרי איז דער קאָמיסאַר אריין צו אונדז אין שטוב דורך דעם עסצימער, און אריין צו דער שוועסטער אין צימער און ארויס דורך דער שוועסטערס קיך מיט דעם רעוואָלווער אין האַנט. ארויס פון קיך און געשאָסן חיה־גיטלען אברהם יעקב בורשטינס אַ טאָכטער. סתם אַזוי, אָן אַ פאַרוואָס. מען זעט אַז די עטלעכע געבליבענע זענען נישט אויף לאַנג.

די סודות צווישן די מענטשן ווערן אַלע מאָל שטרענ־גער. איינער היט זיך פאַר דעם צווייטן און ביידע פאַר דעם דריטן. אָבער איין אויסוועג איז דאָ: געווער און אין וואַלד. די חברה, יינגערע, הויבן אָן קלערן פון אוועקגיין. איך בין געווען זייער הילפלאָז. איך האָב נישט געוואָלט הערן וואָס מען האָט צו מיר גערעדט. פיל חברה האָבן מיר געבעטן גיין מיט זיי. איך האָב קיינעם נישט צוגעזאָגט און אויך פאַר מיין פרוי האָט מען נישט געטאָרט דערמאָנען אז מען וויל גיין. די קינדער ליגן און פוילן און מיר וועלן זיך גיין ראַטעווען דאָס לעבן?

די בעסערע זאַכן האָט מען אין די דריי טעג אַרויס־געראָמט פון אונדזערע הייזער און עס ווערט אַלעמאָל ערגער מיט דעם לעבנסמיטל. די 100 גראַם ברויט וואָס מען האָט פריער געקריגן, באַקומט מען שוין נישט. דער פערד וואָס האָט געהערט צום יודנראַט איז נאָך געבליבן אין געטאָ, אָפטמאָל פלעגט מען עפעס אריינפירן מיט דעם פערד.

16.8 וונטיק

מיר גייען נאָרמאַל צו דער אַרבעט, צום בוי־פּלאַץ. עס פעלן אויס מענטשן צו דער אַרבעט. מען ברענגט גוים פון די דערפער. אויך אין די ארטעלן האָט מען געבראַכט יונגע שקצים זיי זאָלן זיך לערנען אַלע פאַכן. דאָס ביסל יידן וועלכע זענען געבליבן, אינגאַנצן 630, קענען נישט פארפילן אַלע פלעצער פון ארבעט.

עס איז צוגעקומען נאָך אַ פלאַץ פון ארבעט. יעדן טאָג האָט דער יודענראַט געמוזט שיקן 30 יידן אין דער צווייטער העלפט פון געטאָ, סאָרטירן די יידישע זאַכן פון דער פארלאָזטער האַלבער געטאָ. אייניקע מענטשן האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק צו דער אַרבעט, מיינענדיק אַז אפשר אזוי ארום, וועלן זיי קענען עפעס ראטעווען פון זייער פארמעגן. אַ סאך איז טאַקע געלונגען און זיי האָבן אַריבערגעטראָגן פיל זאַכן אין דער צווייטער זייט געטאָ.

17.8 מאָנטיק

אַ פרישער אומגליק. צווישן די ארבעטער וועלכע האָבן געאַרבעט אין געטאָ, זענען געווען 2 יונגע מיידלעך, היימלאָזע פון פוילן. זיי האָבן גענומען אַ שטיקל פאָדעשווע צו פאַריכטן די שיך. דער קאָמיסאַר האָט דאָס באַמערקט און גלייך זיי געשאָסן. מיר קומען פון אונדזער אַרבעט און מיר הערן פון דעם פרישן אומגליק. די מענטשן זענען אונדז מקנא וואָס מיר אַרבעטן אויסערן געטאָ. אויך אַזוי האָט דער קאָמיסאַר געשאָסן מלך'ן — סוסיע לעסניק'ס מאַן.

18.8 דינסטיק

צירל, דעם רב פערלינ'ס טאָכטער, קומט אַלע טאָג אריין צו אונדז און זאָגט אַז עס איז נישטאָ וואָס צו וואַרטן מען דאַרף אַוועק. וווהין? פרעג איך איר. וווּ עס וועט זיך לאָזן. זי דערציילט מיר אז זי וויל אויך פאָרן מיט פוילישע דאָקומענטן און שפעטסטנס ביז שבת מוז זי אַוועק־גיין ווען נישט וועט זי באַגיין זעלבסטמאָרד. „איך וויל מער נישט גיין צום טויט מיט מיין ווילן", זאָגט זי — „מען דאַרף זיך אַלע קעגנשטעלן, נישט גיין גלייכגילטיק, מען דאַרף פארברענען דאָס גוטס און אַנטלויפן, נישטאָ וואָס צו דערוואַרטן".

19.8 מיטוואָך

ביי דער אַרבעט גייען פרישע קלאַנגען אז ביז דריי חדשים קלערט מען ליקווידירן דעם געטאָ. די גוים קומען בעטן זאַכן פון באַקאַנטע יידן, „סיי־ווי וועט מען אייך אויסהרגענען, דאַרף אַ פרעמדער צונעמען אלץ, גיב בעסער מיר" — אַזוי האָבן די גוים צו אונדז גערעדט.

דער יודענראַט פירט זיין אַרבעט. גאַנץ אָפט טרעפט

זיך שמאי מייסטעל מיט דער חברה וואָס דאַרפן גיין אין וואַלד. אַ פּאָר צענדליק זענען שוין אַוועק. דער פּלאַן פון געווער ווערט שטאַרקער. פּאָר אַ ביקס, באַצאָלט מען וויפל מען פאָדערט, נישטאָ קיין פרייז. אָפטמאָל געלונגט נישט, מען גייט קויפן געווער און דער גייער קומט נישט צוריק...

שעפּסעלע פעלדמאַן גייט קיין פאָדצירייע נאָך אַ ביקס, מען האָט אים פארקויפט דעם ביקס און געהרגעט.

יעדן טאָג מאַכן מיר אַ מנין ביי אונדז אין שטוב. בייטאָג דאַווענען מיר און זאָגן קדיש. עס איז נישט געווען ווער זאָל ענטפערן אמן. ווייל אלע זאָגן קדיש...

דאָנערשטיק 27.8

דאָנערשטיק אין דער פרי קומט צו מיר צירל דעם רב׳ס. זי ברענגט מיר אַ סאַך כתבים פון רב פערלין ז״ל און זאָגט צו מיר: „איך וועל דיר בעטן, איך גיי אַוועק און איך גיב דיר איבער די אַלע שריפטן, וואָס מיין פאָטער ז״ל האָט געשריבן און דו פארבעהאַלט זיי און אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, אפשר וועט עמיצער פון אונדז בלייבן וועט ער זיי לאָזן דרוקן. אונדזערע אַלע זאַכן זענען ביי דעם דאָקטער ווילגאָצקי, איך מיין אז פאר די זאַכן וועט מען דאָס קענען מאַכן.

איך האָב די שריפטן צוגענומען און גלייך נישט געקענט פארבאַהאַלטן, עס איז שוין געקומען די צייט פון גיין צו דער ארבעט און איך האָב איר צוגעזאָגט אַלץ צומאַכן וואָס עס וועט זיך לאָזן. זי איז אוועק, נישט געזעגנט זיך.

שטייענדיק ביי דער אַרבעט פילן מיר אז עס איז נישט רואיק, אָבער מען ווייסט נישט וואָס. קומענדיק אהיים הערן מיר שוין א פרישן אומגליק. צירלען האָט מען געהרגעט, דער פאָליציאַנט פון הוטע האָט דאָס געטאָן. זי איז געווען אין די ארטעלן פון די שניידערס. בשעת זי איז פון דאָרט אַרויס איז דער פאָליציאַנט אָנגעקומען און איר געשאָסן. דערנאָך האָט דער געביטן־קאָמיסאַר געזאָגט: „אזא שוויין־הונט האָט געקענט שיסן אַזאַ מיידל, איך האָב געהאט די געלעגנהייט, עטלעכע מאָל איר צו שיסן און נישט געקענט איר שיסן און זי איז געפאַלן פון אזא שוויין־הונט”.

אויף דעם בוי פּלאַץ ווו מיר האָבן געאַרבעט, איז די ווילע פון געביטס קאָמיסאַר שוין געווען פארטיק און ער האָט שוין דאָרטן געוווינט. לאה קימעל האָט געאַרבעט ביי אים אלס דינסט, פלעגט אויפראַמען די צימערן. איינ־מאָל זאָגט זי צו מיר: ווי מיינסטו, אריה שוחט וואָס אַרבעט ביים קאָמיסאַר אַלס מאַלער קען מען געטרויען.

„איך מיין — זאָגט מיר לאה קימעל — אַזוי ווי ביי דעם קאָמיסאַר אין שאַפע ליגן פיר שטיק געווער, וויל איך זיי ארויסנעמען און מיר וועלן אנטלויפן אין וואַלד. דו ווייסט דאָך — זאָגט זי מיר — איך בין איינע געבליבן פון דער גאַנצער משפחה, איך האָב שוין גאָרנישט וואָס צו פארלירן. אויב די חברה וועלן מיר מיטנעמען איז גוט, אין פאַל ווען נישט בין איך אויך נישט שטאַרק צעבראָכן.

זונטיק 30.8

ביינאַכט. מען פילט אין שלאָף אז עס איז נישט רואיק. מען זעט אז עס איז ליכטיק אין די פענסטער — אַ שרפה. עס איז זייער שטיל עס ברענט אין דער צווייטער העלפט געטאָ.

מיר אין געטאָ האָבן שוין די נאַכט נישט געשלאָפן; געוואַרט יעדע מינוט אז מען קומט אונדז ארויספירן. אַזוי איז אריבער די נאַכט מיט טויט־שרעק ביז מען האָט געעפנט דעם טויער און מיר זענען געגאַנגען צו אונדזער אַרבעט. יעדער אויף זיין פּלאַץ. ביי אונדזער אַרבעט אויף דעם בוי פּלאַץ איז געווען אַ גוטע שטימונג. אַלע האָבן געשמועסט אז מיר וועלן גיך געהאָלפן ווערן. ווי אזוי? דער חשבון איז פשוט, נאָך א פּאָר טעג קומט א ניי יאָר — די ערשטע בוכשטאַבן לייענען זיך „תהי׳ שנת גאולה”.

דאָס נייע יאָר איז געקומען און די גאולה איז נישטאָ. אַלע סימנים זענען בטל געוואָרן און מען ליידט ווידער שרעק און אָפטמאָל אויך הונגער.

אַ פּאָר צענדליק יוגנטלעכע, זענען אוועק אין וואַלד, אויך אבא קלורמאַן, דוד קלורמאַנ׳ס זון, איז אַוועק און עס קומט פון אים אַ בריוועלע מיט א גוי, אז אינגיכן קומט ער נעמען די משפחה און דוד קלורמאַן לעגט מיר פאָר, אז איך דאַרף אויך אוועקגיין מיט אים. דאָס הייסט איך, מיין פרוי און ביידע יינגלעך וואָס זענען געבליבן פון ביידע שוועסטער.

מיטוואָך 30.9

זייענדיק ביי דער אַרבעט הערן מיר, אז אין געטאָ איז נישט רואיק. מיטאָג שעה. לויפט מען אין געטאָ, הערן וואָס האָט פאַסירט. מיין פרוי דערציילט מיר, טרייסלענדיק זיך פון שרעק. עס איז געקומען איצע טויזניר פון וואַלד. ביד, מיט נאַסע פיס, און ער האָט נישט געהאט ווו זיך אָפּצורוען, האָט זי אים אריינגענומען ווו מיר האָבן דאַן געוווינט ביים שוואָגער אין שטוב און ער איז איינגע־שלאָפן און די נאַסע זאַכן געלאָזט טריקענען ארום דעם אויוון. פּלוצלינג זענען אריין די פאָלקס־דייטשן אין געטאָ זוכן פארטיזאַנער. ארום דער שטוב איז געווען א שמאָלער דורכגאַנג, די טיר פון גאַנעק איז געווען אָפן און עס האָט

זיי געשטערט צום דורכגיין, האָט איינער פון זיי אַ שמייס געטאָן די טיר און עס זענען אַרויס אַלע שויבן. מיין פרוי איז אַריין אין שטוב און אים געזאָגט שטיל, איצע, עס איז עפּעס נישט רואיק אין געטאָ, אפשר איז כדאי דו זאָלסט אַרויסגיין פון געטאָ. ער האָט זיך געלאָזן אַנטלויפן אַנגעטאָן און אַרויס פון געטאָ. אַרום מאיר דאַכעס, דאָרטן האָבן מיר געהאַט 2 ברעטער וואָס האָבן זיך געקענט עפענען ווען מען האָט געהאַט נויטיק. ער איז אַריין אין שטוב צו אַנדריי, וואָס האָט געאַרבעט אין עלעקטראָווניע. איצע האָט זיך נישט אָריענטירט און איז צוריק אַרויס. אַנדריי איז געלאָפן מעלדן אַז ער האָט געזען אַ ייִדן אויסער דעם געטאָ. און די אוקראַינישע פּאָליציי האָט אים נאָכגעשאָסן און פאַרווונדעט און גענומען אים צו דער געסטאַפּאָ, זאָגנדיק אַז ער איז געווען אויסער דעם געטאָ. די געסטאַפּאָ האָט אים געהייסן באַצאָלן 100 מאַרק, פאַרוואָס ער גייט אָן לאַטעס. קיין געלט האָט ער ביי זיך נישט געהאַט, האָבן די געסטאַפּאָ באַפוילן דעם יודענראַט צו באַצאָלן די 100 מאַרק און אים פרייגעלאָזן. ער איז אַוועק צוריק אין וואַלד און געשטאָרבן פון אַ בלוט פאַרגיסונג.

אין די אַרומיקע דערפער האָבן זיך נאָך געפונען איינצלנע ייִדן. דאָס הייסט „נוצלעכע ייִדן" פון דער וואַלד בראַנזשע. אין דאָרף נוינע האָט נאָך געוווינט דוד גוז מיט דער פאַמיליע. און עס טרעפט אויך אַז פּאַרטיזאַנער קומען קיין נוינע. קומט מען זוכן די פּאַרטיזאַנער און אַזוי הרגעט מען דוד'ן מיט דער גאַנצער משפחה...

אין געטאָ ווערט פון טאָג צו טאָג ענגער די לופט. מען פילט אַז דער טערמין פון אויספילן דעם אורטייל איבער אונדז דערנענטערט זיך. איינצלנע מענטשן פירן אַוועק זייערע איבערגעבליבענע פאַרמעגנס צו גוים. אין פאַל ווען עס וועט אויסקומען צו אַנטלויפן, זאָל זיין וווהין.

דוד בער — מלכה גורטענשטיינס איידעם, איז געווען פּרעזעס פון יודענראַט. ער האָט געהאַט נאָך 2 ברידער, אברהם און שלום. שלום האָט געהאַט 2 זין, איינער האָט געהייסן זעליג און דער צווייטער אברהם. זעליג האָט געאַרבעט ביי דער געסטאַפּאָ. דער פּאָליציי־מייסטער האָט געהייסן בערגער און פלעגט רופן זעליגן „זון מיינער". זיי פלעגן אים אַלעס טרויען, און אָפטמאָל ווען מען האָט געדאַרפט פאַרן כאַפּן פּאַרטיזאַנער, פלעגט ער מיטפאָרן מיט געווער. זעליג פלעגט אָפטמאָל איבערגעבן אין יודענראַט וויכטיקע סודות. ער פלעגט זאָגן: „אַז איך וועל אויפהערן אַרבעטן זאָלט איר וויסן אַז דאָס איז דער סוף".

זונטיק 25.10

זונטיק אין אָוונט זענען געקומען ס.ס. לייט פון בריסק און גלייך אַרויפגעפאָרן אויבן, אויפן באַרג וווּ עס איז געווען די פּאָליציי ביי דמאַכאָווסקין אין מויער און געטראָפן זעליג'ן ביי דעם טעלעפאָן אַרבעטן. „ווי קומסטו אַהער, דו פאַרפלוכטער יודע"? און גענומען טומלען. ער האָט זיך אַרויסגערוקט פון דאָרט און אַנטלאָפן אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. אין געטאָ איז געוואָרן מיטאַמאָל אַ זוכעניש נאָך זעליגן. זעליג איז נישטאָ. האָט דער פּאָליציי־מייסטער געגעבן אַ באַפעל אַז זעליג מוז קומען, ער וועט אים גאָרנישט טאָן. אין פאַל ווען נישט נעמט מען דוד בער מיט דער גאַנצער פאַמיליע און נאָך 100 ייִדן אין משך 3 טעג מוז דאָס זיין. דער פעטער, דאָס הייסט דוד בער מיט זעליגס פאָטער, זענען אַריבער צו זעליגן און געזאָגט: „דו דאַרפסט גיין צוריק, בערגער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט דיר גאָרנישט טאָן און ער האָט דיר ליב אַזוי ווי זיין זון". זעליג האָט געפאָלגט און צוריקגעגאַנגען. און דער גזלן פּאָליציי־מייסטער זאָגט צו זיין פאָטער: „דערפאַר וואָס איך האָב אים אַזוי ליב טו איך אים גאָרנישט, נאָר דערפאַר וואָס ער איז אַוועק אָן אַ דערלויבעניש קריגט ער 48 שעה שטוב אַרעסט, און נאָך די 48 שעה וועט ער צוריקקומען.

עס גייען קלאַנגען, אַז זעליגן האָט מען געשאָסן. מיטוואָך אָוונט קומט צו מיר זעליגס טאַטע און בעט מיר בסוד, אַזוי ווי איך אַרבעט אויסערן געטאָ, נישט ווייט פון דעם הייליקן אָרט, זאָל איך צוגיין צו דעם הייליקן אָרט אין זען אויב עס איז נישטאָ קיין פרישער קבר...

29 אָקטאָבער 1942

דאָנערשטיק אין דער פרי איז מען געגאַנגען צו דער אַרבעט נאָרמאַל. ביי דער אַרבעט האָב איך געבעטן דעם אינזשינער קאַלאַש, ער זאָל מיטגיין מיט מיר צום בית־הקברות און קומענדיק אַהין האָבן מיר געזען אַ פרישן קערפּער אין אַ טונקל אַנצוג נישט פיל פאַרדעקט מיט ערד. ביז איך געקומען אין געטאָ און דאָס איבערגעגעבן דער משפחה און זיי האָבן פעסטגעשטעלט אַז דאָס איז זעליג.

די לאַגע איז נישט גוט. זעליג'ס טויט זאָגט פאַר אונדז אַ סאַך און שרעקט פיל. דער געביט־קאָמיסאַר איז אויף אורלויב קען גאָר נישט פּאַסירן, קיין שום שלעכטס — אַזוי טרייסט מען זיך אַליין. דער שטאַב־לייטער האָט געגעבן וואַשן די וועש אין געטאָ, אַזוי אַז אַלע סימנים זענען גוטע באַוויזן. די אַרומיקע גוים שמועסן אַז ביז די דריי חדשים וועט מען אויסראָטן אַלע ייִדן.

31.10.42

שבת עפּעס איז נישט פריילעך. דער קאָמיסאַר האָט איבערגעגעריסן דעם אורלויב.

1.11.42

זונטיק אָוונט קומט בערעלע זאַסק, וואָס האָט געאַרבעטביים געביטס־קאָמיסאַר און דערציילט מיר אַז ער האָט אליין געזען די ס.ס. לייט פון בריסק. זיי זענען געקומען מיט דער זעלבער טאַקסי וואָס מיט 3 חדשים צוריק ווען מען האָט געמאַכט די גרויסע אַקציע. איך בין אַוועק מיט בערעלען צו שמאי מייסטעל, ער האָט דאַן געוווינט ביי מאָטל סטריער אין שטוב. „געענדיקט, נישטאָ וואָס צו מאַכן, מען דאַרף צערייסן דעם פאַרקאַן פון געטאָ און לויפן, גיין ווו די אויגן וועלן טראָגן" — האָט געזאָגט שמאי.

בערעלען האָט ער געשיקט זען וואָס עס טוט זיך ארום קאָמיסאַר. און איך זאָגט שמאי, וועל שיקן דוד בער צום קאָמיסאַר און מען דאַרף שטיין אין היטן צו מען פאַרשטאַרקט נישט די וואַך ארום געטאָ.

עס האָט נישט געדויערט קיין 5 מינוט און אלע יידן אין געטאָ זענען שוין געשטאַנען גרייט. בערעלע זאַסק קומט און דערציילט אז די ס.ס. לייט זענען צוריקגעפאָרן אויף דעם וועג פון בריסק. דער קאָמיסאַר איז אנגעקומען אין געטאָ און אוועק גלייך צו דוד בער אין הויז. דוד בער קומט און דערציילט אז אלץ איז בסדר און דער קאָמיסאַר האָט אים בארואיקט, אז מען קען שלאָפן רואיק, עס וועט גאָרנישט פאַסירן.

עס האָט אונדז אויסגעזען זייער קאָמיש, דער גזלן האָט באַרואיקט, נאָר וואָס קען מען מאַכן, עס איז נישטאָ וואוהין צו גיין. די גוטע גוים האָבן מורא, עס זענען געווען פאַלן ווען מען האָט געטראָפן אַ ייד ביי אַ גוי, האָט מען אויך די גאַנצע גוישע פאמיליע געהרגעט און די שטוב פארברענט. מיר באַשליסן נישט צו שלאָפן און וואַרטן ביז מען וועט עפענען צומאָרגנס דעם טויער, אין פאַל ווען מען קען גיין צו דער אַרבעט איז אלץ אין אָרדענונג.

מאָנטאָג 2 נאָוועמבער 1942 (כ"ב חשון תש"ב)

6 אזייגער האָט מען אויפגעמאַכט דעם טויער און יעדער איינער איז געגאנגען צו דער אַרבעט נאָרמאַל. קומענדיק צו דער אַרבעט אויף דעם בוי פלאַץ, (איך האָב דאַן געאַרבעט ביי דעם שטאָב־לייטער אין קעלער) קומט אַראָפּ צו מיר אין קעלער יענקעלע קאַצמאַן, העניס זון, און דערציילט אז ער האָט אליין געזען ביי דעם קאָמיסאַר אין שטוב אויפן צווייטן שטאָק זיצן די ס.ס. לייט. מיר האָבן אויך געטראָפן אין די אָרומיקע גאַראזשן זייער טאַקסי. מיר האָבן געבעטן לייבע זעלצער, ער האָט אויך דאַן געאַרבעט מיט אונדז אין קעלער, אז ער זאָל גיין זען און הערן אין געטאָ. ער איז אַוועק און גלייך געקומען צוריק, אַז אין געטאָ איז נישט רואיק, מענטשן צעלויפן זיך און דער קאָמיסאַר גייט ארום, איבערשרייבן די אַרבעטער פון די אַרטעלן. דאָס הייסט ער קומט אריין אין יעדן צעך און זאָגט למשל, ביי די שניידערס בלייבט סענדער קאָרזש. ביי די שוסטערס, מאַריידע, אַזוי ביי יעדן פאַך איין פאַכמאַן. לייבע זאָגט מיר אַז ער האָט געזען די ליסטע ביי דעם קאָמיסאַר עס זענען פארשריבן 83 יידן, וועלכע דאַרפן בלייבן לעבן און איך בין אויך אין דער ליסטע. איך פרעג נאָך לייבען און וואָס איז מיט די איבעריקע, דאַן זענען נאָך געווען אין געטאָ 629 יידן און 22 קינדער. האָט ער געענטפערט אַז מען גייט ליקווידירן אַלע יידן אויסער די 83 וועלכע דארפן בלייבן. מיר זענען געקומען צום אויספיר, אַז מען גייט ענדגילטיק ליקווידירן דאָס געטאָ. איבערלאָזנדיק דערווייל עטלעכע צענדליק יידן, וועלכע זענען זיי נאָך פאַרלויפיק נייטיק. מיר האָבן באַשלאָסן וואָס שנעלער צו אַנטלויפן פון געטאָ.

מיטאָג שעה האָט דער עולם זיך אָנגעהויבן צו רוקן אויסער דעם פאַרקאַן, אין פאַרשידענע ריכטונגען. איך האָב נישט געוואָלט ארויסגיין פון געטאָ, נאָר יענקעלע האָט מיר געשלעפּט מיט געוואַלט. בתיה האָט געזאָגט אויב גיין איז אַלע, און אויב נישט בלייבן מיר דאָ אַלע.

מיר באַשליסן אַז מיר גייען אַלע צו כוואַדאָסיען. איך הייס בתיה'ן מיט יענקעלען אַז זיי זאָלן וואַרטן ארום דער בוינע און איך גיי צוריק אויף דעם בוי פלאַץ רופן יענקלען, גייענדיק צוריק קומט דער סיגנאַל פון ענדע מיטאָג שעה און קומענדיק צו דעם אַרויסגאַנג טירל, שטייט דער סטרוזש כאַזינסקי און וויל צומאַכן דאָס טירל און לאָזט אונדז שוין נישט גיין. איך שטופּ דורך יענקלען און מיר איז שוין געווען א ביסל שווער דירכגיין. איך האָב פארשטאַנען, אַז איך האָב נישט וואָס צו פאַרלירן און אים געגעבן אַ שטאַרקן שטופּ און ער איז אַוועקגעפאַלן, און מיר זענען אַוועק און געטראָפן בתיה'ן מיט יענקעלען און אויך שמאי מייסטעל און נאָך עטלעכע יידן און מיר גייען אויף דעם וועג וואָס פירט קיין אלבלע און מעסטישטש. כאַזינסקי האָט גלייך געמאָלדן די דייטשן אַז יידן אַנטלויפן פון דער אַרבעט, האָבן אונדז נאָכגעיאָגט 2 פאָלקס־דייטשן אויף מאָטאָציקלען און אונדז נאָכגעשאָסן. שמאי האָט זיך אַוועקגעלייגט, ארויסגענומען אַ רעוואָלווער פון כאַליעווע און נישט מער ווי איין שאָס געגעבן אין דער ריכטונג פון די פאָלקס־דייטשן האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט. מיר זענען אַריין אין אָלבלער וועלדל. שמאי איז אַוועק

אין דער ריכטונג פון וועטלע און מיר זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון מעסטישעס. דער טאָג איז געווען זייער אַ שיינער און וואַרעם, אָבער אונדז איז געווען פינסטער און קלאָגעדיק.

די גאַנצע צייט אין געטאָ האָט איינער עפּעס געהאַט אַ פליכט צום צווייטן, און דאָ איז גאָר עפּעס אַנדערש, קיין איינער וויל נישט זאָגן וווּהין ער גייט... די פרוי פון לייבל סיראַטע איז אויך געווען מיט אונדז. דערנאָך איז זי אוועק קיין טעקלע צו איר גוי; זי האָט געזאָגט אַז זי האָט דאָרטן ווו צו זיין. מיר האָב זיך פאַרשלעפּט קיין מעסטישעס צו כוואַדראַסען, וואָס האָט אַלע יאָרן ביי אונדז געאַרבעט. דער זייגער איז געווען נאָך צוועלף. ביינאַכט. מיר קלאַפּן אָן. און ער קומט אַרויס. איך זאָג אים אַז אויך בתיה און אויך די צוויי קינדער פון ביידע שוועסטער זענען מיט מיר: „אויב דו קענסט ראַטעווען איז אַלע, אויב נישט, גייען מיר אַלע צוזאַמען צוריק אין געטאָ".

עס איז גלייך געקומען אַן ענטפער: „גוט, גייט אַלע אַרויף דערוויל אויף דעם שטאַל בוידעם, און דערנאָך וועלן מיר זען. צו עסן האָט ער נישט געגעבן, אָבער מיר זענען געווען גליקלעך, וואָס מיר זיצן דערוויל נישט אונטער דעם פרייען הימל.

דינסטיק 3 נאָוועמבער 1942

גאַנץ פרי, הערן מיר ווי עמיצער קריכט אַרויף צו אונדז, ברענגט אַרויף עסן. ווי הונגעריק מיר זענען געווען, האָט אונדז מער פון דעם עסן דערפרייט דער פריילעכער גוט־מאָרגן וואָס מיר האָבן באַקומען פון דעם פויער און ער זאָגט אונדז: „איר זיצט דאָ דערוויל, דערנאָך וועלן מיר ווייטער זען וואָס איך קען טאָן פאַר אייך. דער טאָג איז נישט אַזוי שנעל אַריבער. ביינאַכט קומט ווידער דער גוי, דאָס הייסט, נישט דער כוואַדראַס, נאָר דער טאַטע זיינער. עס וווּנדערט מיר פאַרוואָס איך זע נישט די גאַנצע צייט דעם כוואַדראַסיען, נאָר דעם אַלטן טאַטן אַ 65־יעריקן גוי. איך פרעג אים: ווו איז כוואַדראַס? וויל ער נישט זאָגן. איך בעט אים, איך וויל אים שיקן אין שטאָט הערן וואָס עס הערט זיך. זאָגט ער מיר צו ער וועט שיקן אַ צווייטן זון, קוזמען.

מיטוואָך 4.11

נאָך מיטאָג. מיר הערן עמיצער גייט. קוזמע איז דאָ און דערציילט דאָס ערשטע, אַז אין געטאָ איז שוין נישטאָ קיין שום מענטש. אין די אַרטעלן זעט מען אויך נישט מער קיין יידן און אויך די 83 יידן וועלכע האָבן געדאַרפט בלייבן, ביי דער אַרבעט, האָט מען אַלע אויסגעהרגעט.

מען האָט זיי געהאַלטן אין לאַגער און ווען דער געביט־קאָמיסאַר איז געפאָרן קיין לוביעשאָוו ליקווידירן דאָרט דעם געטאָ האָט זיך אַ ייד געוואָרפן מיט אַ ראַזיר מעסער און האָט דעם קאָמיסאַר געוואָלט שעכטן. ער האָט אָבער אים נאָר פאַרוווּנדעט. דאַן האָט ער געגעבן אַ באַפעל מאַכן קאַמין יודענריין. אויסער דעם דאָקטאָר הוטניק, וועלכן ער האָט געלאָזט ער זאָל אים היילן די וווּנד. אַזוי האָט אונדז דערציילט קוזמע. ער האָט אונדז אויך איבערגעגעבן אַז אברהם און אסתר ראַטענבערג, האָט מען געהרגעט אין ראַקאָווליעסער ציגעלניע. אויך האָט אַן אוקראַינער פּאָליציאַנט געכאַפּט קלמן רוטענשטיין מיט יעקב לייזערוק, און יעקב לייזערוק, אַ פאַרוווּנדעטער אין האַנט, האָט זיך געוואָרפן אויפן פּאָליציאַנט, אַוועקגענומען פון אים דאָס געווער און אַוועק אין וואַלד מיט קלמנען.

ביי אונדז איז געבליבן אַז קיין קאַמין איז נישטאָ מער נאָך וואָס צו גיין. מען דאַרף זען עפּעס צו טאָן אַז אייך דער גוי מיט אַ משפחה פון 9 נפשות זאָל נישט ליידן צוליב אונדז.

דאָנערשטיק 5.11

פאַרטאָג. די קינדער דרעשן די תבואה, און ווען מען קלאַפּט אונטן, קען ער רעדן מיט אונדז אַ ביסל לענגער און פרייער. איך פרעג אים: קאַסטיאַק, וואָס וועט זיין? מיר ווילן לעבן זייער און זייער. איך וויל נישט אַז דו מיט דיין משפחה זאָלן פאַלן אַ קרבן צוליב אונדז, אפשר קענסטו מאַכן עפּעס אַ באַהאַלטעניש? ער קלערט אַ ביסל און זאָגט אַז הונטערן וואַלד איז דאָ אַ קלוניע מיט היי און דער בעל הבית קומט נאָר צו אַ פּאָר מאָל אין יאָר פאַר פסח, ווען עס פעלט אים דאָס היי צום געבן עסן די קי. איז זיין עצה, אַז מיר זאָלן איבערגיין אַהין און 3 מאָל אין וואָך וועט ער קומען און ברענגען עסן פאַר אונדז. דעם פאַרשלאָג האָבן מיר אָנגענומען.

פרייטיק 6.11

אַ פּאָר שעה צו טאָג. קאַסטיוק איז דאָ מיט 2 ברויט און אַ פלאַש מילך. ער רעדט נישט. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז מיר דאַרפן גיין נאָך אים. ער גייט 50 מעטער פאַר אונדז און ווען מיר מאַרשירן נאָר אַריין אין וואַלד, דערנענטערט ער זיך צו אונדז און מיר גייען צוזאַמען ביז דעם באַוווּסטן שייער. מיר זעען דעם שייער און ער פאַרשווינדט צוריק אין וואַלד. מיר קומען צו דעם שייער, אויפן טויער הענגט אַ שלאָס. איך פּרוּוו אויפמאַכן עס איז אוממעגלעך. איך בין אַרויף אויבן ווו עס איז געווען אַ שטיקל דאַך נישט פאַרמאַכט און אַלע נאָך

מיר און מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דער נייער יווינונג.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר הערן ווי עמיצער פייפט און זינגט און מיר באַמערקן ווי אַ גוי פאָרט און דערנענטערט זיך צו אונדז. ער האָט באַמערקט ווי עפּעס זעט אויס איצט אַנדערש ווי שטענדיק. ער הויבט אָן קריכן צו אונדז און באַמערקט אַז עס זענען דאָ יידן. ער הויבט אָן שעלטן און שרייען. מיר הויבן אָן בעטן און וויינען. עס העלפט נישט. ער שפּאַנט דאָס פערד אין שליטן און פאָרט אין דאָרף ברענגען פּאָליציי. מיר האָבן נישט קיין ברירה ווי צו פאַרלאָזן דעם פּלאַץ און לויפן אין וואַלד אריין. דער וואַלד איז נישט געווען ווייט פון אונדז, אָבער עס איז געווען אַ פרישער שניי און מיר לאָזן נאָך זיך סימנים ווו מיר זענען. אָבער ווי געזאָגט עס איז נישטאָ קיין אנדער אויסוועג. מיר זיצן אין וואַלד און וואַרטן. יעדע מינוט דערנענטערט זיך דער טויט. דערנאָך רעגענט צו ביסלעך עס שנייט און מיר זיצן אין וואַלד און ציטערן. גאָט העלפט. עס האָט טאַקע לאַנג געדויערט, אָבער עס איז נאַכט געוואָרן. מיר האָבן אָנגעהויבן פרייער צו אָטעמען. די געפאַר איז אָריבער. מיר באַשליסן צו גיין צוריק צו אונדזער גוי און אים איבערגעבן וואָס עס האָט פּאַסירט. איך טרעף נישט אין דער ריכטונג צו אונדזער גוי. אין קיין פרעמדן פענסטער טאָר מען נישט קלאַפּן און נאָך אַ שיינע פּאָר שעה, באַשליסן מיר גיין צוריק אין וואַלד, מיר געפינען אַ טאָל, עס זאָל אונדז אַ ביסל באַשיצן פון ווינט. נישט קוקענדיג אויף דעם וועטער זענען מיר איינגעשלאָפן.

שבת 7.11.42

שבת מברכים החודש. פרעגט מיר די פרוי; מען דאַרף בענטשן ראש חודש און עס איז נישטאָ קיין סידור. איך זאָג: „מילא ראש חודש בענטשן קען איך אויף אויסווייניק. ווו נעמט מען אַ שוועבעלע צו מאַכן פייער, זיך אויסטריקענען און דערוואַרעמען אַ ביסל?”

איך קען אפילו דאָס מויל נישט עפענען פון קעלט מיר זעען ווי קליינע פאַסטעכער טרייבן קי אין וואַלד אַ׳ין. איך קלער, וואָס האָב איך צו פאַרלירן און גיי צו זיי, און בעט, אפשר האָבן זיי פייער אָדער עפּעס צום עסן. זיי אנטלויפן פון אונדז. אָבער איין פאַסטעכעל קומט צוריק, מאַכט אַ פייער און גיט אונדז אלץ אוועק פון זיין טאָרבע, וואָס ער האָט געהאַט צום עסן און אנטלויפט צו די חברים. מיר האָבן מורא געהאַט, אפשר זענען זיי געגאַנגען צו די פּאָליציי. אָבער דערווייל וואַרעמען מיר זיך אַרום דעם פייער. מיר זעען אַ גוי פאָרט. מיר הויבן אָן צו אנטלויפן, ער שרייט צו אונדז, אנטלויפט נישט, איך וועל אייך גאָרנישט טאָן. מיר קערן זיך צוריק צום דעם פייער און דער גוי קריכט אַראָפּ פון וואָגן און זאָגט צו אונדז: „איך וועל אייך קיין שלעכטס נישט טאָן. מיין פרוי הויבט אָן צו וויינען, עס איז נישט כדאי זיך צו מאַטערן. ער פאַרדרייכערט די לולקע און זאָגט צו דער פרוי: — „איך האָב געלייענט די ביבל, דאָרטן איז גע־שריבן אלץ וואָס איצט קומט פאָר”. אָבער האָפט אַז איר וועט בלייבן לעבן. ער גייט ארויף צוריק אויף דעם וואָגן און וואַרפט אַראָפּ אַ שטיקל רעדנע וואָס מען דעקט צו דאָס פערד און פאָרט ווייטער. די פרוי האָט געכאַפּט דאָס שטיקל רעדנע און גלייך אָנגעטאָן אויף זיך. פאַר־שטעלט דעם רעגן מיט דעם ווינט.

דער טאָג איז אַריבער מיר גייען צו אונדזער גוי. קאָסטיק האָט שוין געוואַרט אויף אונדז. איך וויל אים עפּעס דערציילן, אָבער ער ווייסט שוין פון אַלץ. דער בעל הבית פון קלונע איז געקומען מעלדן דעם סאָלטיס און מיין כוואַדאָס איז דאָרטן שרייבער, האָט ער שוין אַלעס דערליידיקט אַז קיין דייטשן וועלן נישט קומען. קאָסטיק האָט שוין צוגעגרייט אַ שיסל מיט וואַרעניקעס פון קאַרטאָפל און אַ גאַנצן ברויט און מיר האָבן דאָס אַלץ גלייך פאַרטיק געמאַכט. איך בעט קאָסטיקן אַז איך וויל זיך זען מיט זיין זון כוואַדאָס. איך האָב אים געבעטן ער זאָל אונדז פירן קיין טשאַרצע, אָבער ער האָט נישט געוואָלט. מיט 3 טעג שפּעטער האָבן מיר געהערט אַז סערגיי דער פּאַדציריער איז אוועק קיין טשאַרצע און האָט דאָרט אויסגעהרגעט אַלע יידן.

מיר בלייבן אין וואַלד אַ פּאָר שעה און דערנאָך גייען מיר צו משה׳ן קיין בוזאַק. אָבער זיי האָבן מורא אונדז אריינצולאָזן. קען זיין אַז משה און זיין פרוי, די בוזאַקער האָבן געציטערט פאַר זייערע גויאישע שכנים.

זונטיק, 8 נאָוועמבער, 1942

מיר פּרוּוון זוכן אין וואַלד פייער, אָבער עס איז אומזיסט אונדזער זוכן. עס געדויערט אַ פּאָר שעה און מיר הערן שיסערייען. אָבער עס איז נישט קיין נייעס, עס איבעראַשט אונדז נישט דאָס שיסן. מיר זענען גליק־לעך, מיר האָבן געפונען פייער און מיר טריקענען זיך, עס דויערט נישט לאַנג אונדזער שמחה מיט דעם פייער. מיר זעען עס גייט אַ גוי, אַן אומבאַקאַנטער, ער איז שוין צו נאָענט פון אונדז אַז מיר זאָלן קענען אַנטלויפן.

„וואָס טוט איר דאָ? — פרעגט דער גוי — אַזוי נאָענט פון וועג און דייטשן זענען אין דער געגנט. גייט אַריין אַביסל טיפער אין וואַלד. איצט זענען געווען דייטשן

אין בוזאַק און געהרגעט משה׳ן מיט זיין פאַמיליע״.

מיר זענען אַריין טיפער אין וואַלד און וואַרעמען זיך ארום אַ פייער. דער טאָג איז פאַרביי און ווי עס פאַלט צו די נאַכט גיי איך אַליין צו קאַסטיוק נעמען עפּעס עסן. קאַסטיוק האָט מיר צוגעזאָגט טראָגן עסן אין וואַלד. מיר האָבן געמאַכט אַ סימן און קאַסטיוק טראָגט עסן. (זיין זון כוואדאס איז סעקרעטאַר ביים סאָלטיס).

די טעג גייען און מען ווייסט נישט אויף וואָס צו בעטן, ביינאַכט וויל מען עס זאָל שנעל ווערן טאָג, אפשר אַ ביסל וואַרעמער און ווען עס קומט דער טאָג בעט מען שנעלער אויף נאַכט. די נאַכט האָט אויסגעזען א ביסל זיכערער פון דעם טאָג.

מיטוואָך 1942.11.11

די נאַכט איז געווען געפערלעך קאַלט. יוקלען ווערן געשוואָלן די פיס פון קעלט און הונגער און איך בין ביי דער מיינונג אז מען דאַרף גיין צוריק אין געטאָ, עס איז אַ שאַד די מאַטערניש. מיין יוקל איז אויך ביי דער מיינונג, מען וועט סיווי נישט אויסהאַלטן די קעלט מיט דעם הונגער. בתיה מיט יענקעלען זענען קעגן. בתיה זאָגט, איך האָב נישט געוואָלט ארויסגיין פון געטאָ, אָבער איצט וויל איך צוריק נישט גיין, זאָל מען מיר שיסן דאָ אָבער נישט צוריק.

דער טאָג דערנענטערט זיך עס זעט אויס צו זיין אַ שיינער טאָג אין איך באַמערק ווי עס גייט א מענטש מיט אַ קינד, פאַרשטיי איך אַז עס מוז זיין אַ ייד. איך האָב זיך נישט טועה געווען, עס איז געקומען אביגדור זאַסק, משה׳ס זון מיט אַ קלענערן ברודער און שוועסטער און דערציילט אַז די דייטשן זענען געווען אין דאָרף און ביי דער געלעגנהייט אַריין צו זיי אין שטוב און גע־הרגעט דעם טאַטן מיט דער מאַמען. אַ קליין ברודערל פון 2 יאָר איז געווען ביי אַ שכן, האָט דער שכן דאָס קינד געבראַכט און געזאָגט די דייטשן, אַז דאָס איז אויך אַ יידיש קינד, אויך איז דאָרט געווען אַ שוועסטער זיינע און פון קאַמין נאָך 4 יידן, האָט מען זיי אַלע געהרגעט. די קאַמינער 4 זענען געווען: גאָלדע קלור־מאַן, יענקל בעקערמאַן, ברוך גבאים טאָכטער און חיה פינעסעס טאָכטער. דאָן האָבן מיר פאַרשטאַנען אַז עס איז געווען פאַר אונדז אַ גליק וואָס משה האָט אונדז נישט אריינגעלאָזט.

דעם טאָג זענען מיר געווען צוזאַמען אין וואַלד, ביי־נאַכט איז ער אַוועק און די קינדער זענען געווען מיט אונדז. צומאַרגנס איז אויך געקומען צו אונדז אברהם זאַסק מיט דער פרוי געניע און אויך טויבע ווייזגרוז. מיר זענען געזעסן אין וואַלד צוזאַמען עטלעכע טעג און מיר האָבן געטראַכט פאַרשידענע פּלענער. אפשר מאַכן אַ זעמליאַנקע. די קינדער האָט אַביגדור איבערגעפירט צו גוים און אויך טויבע איז אַוועק צום גוי פאַר וועלכן איר חתן האָט געאַרבעט און אברהם איז געבליבן מיט אונדז.

פרייטיק 13.11

פרייטיק פאַרנאַכט. איך גיי נעמען דאָס עסן, וואָס קאַסטיוק האָט פאַר אונדז געבראַכט און איך טרעף אין וואַלד רחל טילעס.

„ווער איז מיט דיר?״ פרעג איך איר. „שלמה דוד און אויך מיין זון אברהם און אויך מטות טילעס״, זאָגט זי. איך דערצייל איר ווער עס איז דאָ פון אונדז. מיר זענען דערווייל אַלע צוזאַמען און מען טראַכט פון פּלע־נער ווי אַזוי איבערצוקומען די קעלט אַז מען זאָל נישט דאַרפן זיין אונטערן פרייען הימל.

זונטיק 29.11

מיר זיצן ארום דעם פייער און מען הערט טריט פון מענטשן דערנענטערן זיך צו אונדז. מיר רוקן זיך פונאַנ־דער צו ביסלעך, אָבער מיר טראַכטן אז מען דאַרף נישט אַנטלויפן, ווער קען דען זיין ביינאַכט א חוץ יידן. זיי קומען נאָענט צום פייער. איך זע אַז דאָס איז אברהם בער און דרעסעוויץ, גיטל דער זערעווערס מאַן.

„וווהין גייען יידן?״ פרעג איך. אויך מיט אַ ביקס (א רוסישע ביקס אַ אדרעז).

„מיר גייען קיין וועטלע״. ענטפערן זיי.

דערווייל דערציילן זיי אונדז, אז גיטלען האָט אַ גוי געכאַפּט, אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן געבונדן און צומאָרגנס זי געפירט מיט דעם שטריק צו די דייטשן...

דרעסעוויץ, אברהם בער און דער צווייטער בער, זעליגס ברודער, משה לוסטיקמאַן און נאָך עטלעכע יידן. האָבן אין מעלניקעס געהאט באַקאַנטע גוים און די גוים האָבן זיי צוגעזאָגט אויסבאַהאַלטן. אַלע צוזאַמען האָבן זיי נישט געקענט זיין האָבן זיי זיך צעטיילט אויף 2 טיילן, 3 מענטשן ביי איין גוי און דרעסעוויץ, מיט אברהם בער ביי דעם צווייטן. אויף דער צווייטער נאַכט האָט מען די חברה פון 3 ארויסגענומען און איבערגעגעבן קיין כאַ־טעשעוו און דערנאָך זענען זיי געקומען אויף די 2 אַרויסנעמען. די גוים האָבן נישט געוווסט אַז עס איז דאָ ביי זיי אַ ביקס און ווען מען האָט זיי געהייסן אַרויס־גיין, האָבן זיי גענומען מאַניפּולירן מיט דער ביקס און געסטראַשעט אַז זיי שיסן, (קיין קוילן האָבן זיי נישט

געהאט). די גוים האבן זיך דערשראקן און זענען אנטלאָ־
פן, אזוי ארום זענען זיי ניצול געווארן.

נאך א לאנגן ויכוח באשליסן מיר אלע צוזאמען גיין קיין נעוויר. שלמה דוד מעלניק זאגט אז ער ווייסט דעם וועג ביז אלבלע צו דעם וואלד, און פון אלבלע ווייס איך דעם וועג ביז נעוויר. אויסמיידנדיק דערפער און הייזער און אויך מענטשן. דעם פלאן מאכט מען אז מען וועט גיין צווי נעכט און דעם טאג וועט מען זיצן אין וואלד.

אברהם'ן האב איך נישט צוגערעדט אז ער זאל גיין מיט אונדז. איך האב אים געזאגט אז אין באזאק האט ער באקאנטע און ער וועט זיך דורכוואלגערן. ער האט נישט געוואלט פאלגן און איז אויך מיטגעגאנגען. מיר זענען געווען א קאמפאניע פון 12 מענטשן. קיין עסן איז נישט געווען ביי קיינעם. בער האט געהאט א שטיקל טרוקענעם קעז, ער האט מיר אויך געגעבן א כזית און מיט דעם בין איך געגאנגען 2 טעג.

שלמה דוד האט מיר דערציילט אז שייע געוואנט איז געווען פארבאהאלטן ביי בערן אין מויער אויפן בוידעם, איז געקומען מיכאלקע דער פאראגוויציק, און אויפן א־רט אים דערהרגעט.

צו דער ביקס האבן זיי שוין געהאט 8 קוילן, געקויפט אין מאסטישטש. דער וועג איז געגאנגען בסדר ווי מען האט פלאנירט. מען האט געקענט אויף דעם וועג אויך קריגן עפעס עסן מיט דער ביקס, אבער מען איז געווען אלע אזוי צעשראקן אז אפילו די ביקס האט נישט בארואיקט.

אויף דער צווייטער נאכט ווען מיר האבן שוין דערגרייכט צו די נעווירער בריקלעך, זעט מען עס גייט א פרוי מיט א קליין קינד. זי איז פייגל בורשטין, ישראל דעם סילטוס פרוי. זי דערציילט, אז זי איז היינט ארויס פון קאמין. זי מיינט אז קיינער איז שוין נישטא אין שטאט. אלעמאל געפינט מען א יידן און מהרגעט. איר איז געלונגען זיך ארויסכאפן. זי דערציילט אז זי גייט צו נעווערער קאלאניע, דארט זענען דא א סאך יידן און איך רעד אפ מיט איר אז מיר וועלן זיך טרעפן פרייטיק צונאכט ביי באנאכען (א פאליאק).

דאנערשטיק 3 דעצעמבער

עס הויבט אן צו ווערן ליכטיק און מיר דארפן נאך דורכגיין דעם לעצטן בריק. בער האט מורא טראגן די ביקס. בתיה נעמט די ביקס צו זיך און דעקט זיך ארום מיט דעם שטיקל רעדנע. מיר זענען בשלום אריבער די בריק אין גלייך אריין אין וואלד. מיר צעלייגן א גרויסן פייער, מען ווארעמט זיך און מען טריקנט די זאכן.

די קינדער האבן געטראפן פארטיזאנער, אדער יידן ווי פארטיזאנער, און זיי געבראכט צום פייער. בער האט געזאגט אז ער האט א ביקס, האבן זיי מיטגענומען בערן מיט דרעסעוויצן און מיר אלע 10 יידן זענען געבליבן אונטערן פרייען הימל אין נעווירער וואלד.

4 דעצעמבער

פרייטיק ביינאכט לאזן מיר זיך צו דער פוילישער קאלאניע נעוויר. אויך רחל מיט מטות'ן. אויפן וועג טרעפן מיר יידן און זיי דערציילן אז די גוים פארטיזאנער הרגענען יידן. און כמעט אלע די בעסטע חברה האבן די פארטיזאנער געהרגעט. עס ווערט קאלט הערן אזעלכע זאכן.

א־ן דער קאלאניע נעוויר פרעג איך ווו באנאך וווינט.

דער־וייל קומען מיר אריין צום שמיד קאוואלסקי, ער גיט אונדז עסן קארטאפל מיט מילך, און אויך א שטיקל ברויט. עס קומט אריין יוסף פערטשיק. ער זאגט מיר אז ער האט געזען מיינע קוזינעס מייטע און פעסל דא אויף דער קאלאניע. ער ווייזט מיר ווו באנאך וווינט.

איך קלאפ אין פענסטער. מען ענטפערט, פייגל איז נישטא אויך באנאך איז נישטא, ער האט אוועקגעפירט באגראבן יעקב לייזערוק. יעקב איז אויסגעגאנגען פון שמערצן פון דער וווּנד וואס ער האט באקומען אין האנט. זיצנדיק און ווארטנדיק אויף באנאכן זע איך, עס גייען ביידע מיידלעך מייטע און פעסל. ווי גליקלעך איך בין געווען ווען איך האב זיי געזען.

זיי הויבן אן דערציילן. די גאנצע משפחה איז געזעסן ביי פיאסעצקין און 2 טאג נאך דער שחיטה, דאס הייסט מיטוואך דעם 3.11 האבן זיי זיך געלאזט גיין קיין וואלקע, האבן זיי גוים געכאפט און דער מוטער מיט דער קלענערער שוועסטער און דעם גרעסערן ברודער האבן זיי געהרגעט. זיי ביידע מיט דעם קלענערן ברודער זענען אנטלאפן, זיי אלע האבן געהאט אוקראינישע פעסער, די גוים האבן זיי דערקענט און עס האבן נישט געהאלפן די פעסער.

זיי פירן מיך אריין צו א צווייטן פאליאק און איך קויף 3 ברויט פאר 1 דאלאר. מיר גייען אריין נאכאמאל צום שמיד. ביי דעם שמיד איז געווען די טיר אפן פאר אלע יידן. איך מוז זאגן אז ער איז געווען א מלאך און נישט קיין מענטש. איך טרעף ווי יוסף פערטשיק זיצט און ווארעמט זיך. ער דערציילט מיר אז זיי האבן זייער א גוטע זעמליאנקע און אויך עסן איז נישט קיין דאגה. א ביסל וועט מען קויפן און אביסל וועט מען נעמען. מען וועט אדורכקומען דעם ווינטער און דערנאך וועט מען ווייטער זען.

איך האב שוין געהערט גרויסן אז אין וואלד זענען

נישט די זעלבע מענטשן ווי אין קאמין, יעדער איינער זאָרגט דאָ נאָר פאר זיך. אָבער איך האָב זיך געפילט זייער שוואך און הילפלאָז און מיט מיין חברה קען איך גאָר נישט מאַכן, אז מען פוילט זיך ברענגען א שטיקל האָלץ צום פייער. איך קלער, איך וועל פרוון פרעגן פערטשיקן אפשר וועט ער מיר נעמען צו זיך. „מיר האָבן זייער א קליינע זיעמלאַנקע" זאָגט ער, אָבער מען קען זי גרעסער מאַכן.

עס ווערט שפּעט אינדערנאַכט און נישט וועלענדיק מוז מען פאַרלאָזן דעם שמיד'ס אויוון, וואָס עס איז געווען זייער שווער זיך שיידן מיט אים.

מען לאָזט זיך צוריק אין נעווירער וואַלד. 18 קילאָמעטער וועג אין שניי ביז די קני.

5 דעצעמבער

שבת חנוכה. ביי אברהם מעלניק איז דאָ א סידור מיט תפילין. איך נעם דאַווענען. הלל איז שווער צו זאָגן, עס זאָגט זיך נישט. עס שנייעט שטאַרק. מיר זיצן אונטערן פרייען הימל און וואַרטן ביז עס וועט ווערן נאַכט, מען זאָלן קענען גיין אויף דער קאָלאָניע. עס ווערט נאַכט, אָבער מיר באשליסן נישט צו גיין, עס איז אוממעגלעך, דער שניי מיט דעם ווינט זענען אַזוי שטאַרק אז עס איז נישט מעגלעך צו גיין. דערווייל נעם איך אַ פּאָר קינדלעך און צינד חנוכה ליכט. איך זע אין דעם פייער פון די ליכטלעך א שטראַל פון ליכט און האָפענונג; עס קען זיין אז מיר וועלן אלץ איבערקומען. איך זאָג צו בתיה'ן: „זע ווי ליכטיק די חנוכה ליכטלעך לויכטן, אפשר וועט גאָט אונדז העלפן און מיר וועלן דאָס אלץ קענען דערציילן, מיר זענען טאַקע אומגליקלעך און צעבראָכן, אָבער, אפשר וועלן מיר קענען דאָס אלץ דערציילן אונדזערע נאָענטע וועלכע זענען מעבר לים.

6 דעצעמבער 1942

זונטיק אין אָוונט פארלאָזן מיר אַלע דעם וואַלד. איך כאַפּ א שמועס מיט מיינע חברים, וואָס וועט זיין אין פאַל ווען יוסף וועט אונדז אריינעמען צו זיך, וואָס וועלן זיי טאָן?

„מיר וועלן נישט אוועקגיין פון אייך", זאָגט רחל. איך זאָג זיי צו, העלפן מאַכן א זיעמליאַנקע. אברהם איז מסכים איך זאָל אים העלפן, וועט ער מאַכן א זיעמליאַנקע. איך זאָג אים צו העלפן און אויך קריגן כלים צו דער אַרבעט.

מיר קומען אין דער קאָלאָניע צום שמיד אין שטאַל. בתיה כאַפּט א שעפעלע און וואַרעמט זיך מיט דעם. איך גיי אַרויס אין וואַלד און טרעף יוסף פערטשיק, ער זאָגט מיר אַז זיי זענען מסכים אונדז אלעמען נעמען צו זיך, מיר זאָלן דערווייל זיצן אין וואַלד אין אַ פּאָר טעג ארום וועלן מיר אריבער אין א צווייטן וואַלד ווו עס געפינט זיך די זיעמליאַנקע. מיר גייען אין וואַלד אין „באנאכ'ס בודקע", אַזוי האָט מען דאָס גערופן, און מען קריגט ביי די פּאָליאַקן עפּעס צום עסן און מען לייגט פייער אין בודקע און מען בראָט קאַרטאָפל.

מאָנטיק ד. חנוכה 7 דעצעמבער

ביינאַכט זיצענדיק אין באנאכ'ס בודקע קומען צו אונדז פרישע געסט: יוסף פוקס פון ווערכי, יוסף ווייסמאַן, און יונה וואסערמאַן. זיי דערציילן אז זיי זענען ניצול געוואָרן פון די פארטיזאַנער. אַ סאַך האָט מען געהרגעט מען האָט זיי ארונטערגענומען די שטיוול און געלאָזט מיט באָרוועסע פיס אין די טיפע שנייען, זיי ווייסן נישט וואָס צו טאָן, אפשר וועלן זיי ווידער בויען א זיעמליאַנקע אין אַ צווייטן וואַלד, אַז די פאַרטיזאַנער זאָלן נישט וויסן פון זיי.

מיטוואָך 9 דעצעמבער

יוסף פערציק קומט צו אונדז און זאָגט אונדז, אז מאָרגן וועלן מיר גיין מיט אים אין זיין זיעמליאַנקע. דערווייל האָט ער מיט זיך א ביסל מעל און מען קאָכט דאָס אויף מיט וואַסער און מיר דערקוויקן זיך. שוין עטלעכע טעג ווי מיר האָבן נישט געהאט קיין זאַך אין מויל.

10 דעצעמבער

דאָנערשטיק ביינאַכט. מיר לאָזן זיך אין וועג. יוסף פערציק פירט אונדז און מיר גייען מיט אים צו זיין זיעמליאַנקע. איך און די פרוי, יוקל אויך יענקעלע און דעם פעטערס קינדער פון וואָלקע, פעסל מיט איסרן און מייטע בלייבן נאָך אויף א פאָר טעג צו שאפן עפּעס עסן.

מיר קומען אַריין אין אונדזער נייער „וווינונג". שטאַרק געפעלן האָט עס נישט געקאָנט. שטיין האָט מען נישט געקענט, נאָר זיצן אָדער ליגן. אָבער מיר זענען דאַן געווען די גליקלעכסטע אין דער וועלט, וואָס דער שניי שיט נישט אויף אונדז, און גלייכצייטיק איז דאָ עפּעס אָפּצועסן אין דער זיעמליאַנקע. די 12 מענטשן פון פריער און מיר 7 איז א ביסל צו ענג, מיר באשליסן מאַכן א ביסל גרעסער די „וווינונג".

די נעמען פון די 12 יידן וואָס מיר האָבן געטראָפן אין זיעמליאנקע: פערציק'ס פאמיליע 5; פייגל וואטין; שמואל שווארץ פון לישקע; מאיר און פרוי פון נעוויר; אברהם פין פארצעווע; זעלדע זעלצער (געצל'ס ווייב); און איציק פעלדמאן.

11 דעצעמבער, 1942

פרייטיק פארנאכט גייען אוועק זוכן עסן: יהושע פער־

ציק, מאיר, איצקע און אויך יוסף סעגאַל פון א צווייטער זיעמליאַנקע. מיר דערוואַרטן אז פארטאָג דאַרפן זיי צוריק קומען. עס איז שוין שבת גאַנץ שפעט, און זיי זענען נישטאָ. בערך 10 אין אָוונט קומט מאיר און פרעגט צי די חברים זענען נישטאָ. מיר פרעגן מאירן וואָס איז געשען: ער ווייסט נישט. ער קען גאָרנישט דערציילן, אָדער ער וויל נישט דערציילן דעם אמת. דער עיקר די 3 חברים זענען נישטאָ. מיר גייען טאָג־טעגלעך זיך פרעגן ביי באַקאַנטע גוים אפשר האָבן זיי עפּעס געהערט. די גוים האָבן נישט געהערט און מיר האָבן מער נישט געזען די 3 חברים. דער אומגליק האָט אונדז שטאַרק געטראָפן.

13 דעצעמבער, 1942

זונטיק אינדערפרי מיר נעמען פארגרעסערן די זיעמ־ליאַנקע און יוסף פערציק זאָגט מיר, אז ער האָפט דאָס די דריי וועלן נאָך קומען.

נישט ווייט פון אונדז האָבן זיך באַזעצט, אין א זיעמ־ליאַנקע, לייבל דער יעזיערער, זיין פרוי מלכה אויך הינדע גבאי (יוסף סעגאַלס פרוי) מיט איר ברודער, און נאָך יידן. מיר אַלע זענען שוין געווען זיכער אז די 3 לעבן נישט מער. מיר, אָבער, ווילן ווייטער לעבן. מען גייט אָפּטמאָל צו די פּאַליאַקן עפּעס בעטן צום עסן און מען לעבט.

22 דעצעמבער

דינסטיק פאַרנאַכט לאָזן מיר זיך אַלע אין וועג. אברהם דער פארצעיזער פירט אונדז, ער ווייסט דעם וועג. מיר קומען צו דער פוילישער קאָלאָניע. מאיר דער נעווירער געפינט אַ גרוב מיט קאַרטאָפל. נישט לייכט איז געווען אויפצוגראָבן דעם גרוב מיט די הענט. מיר האָבן אַלע זיך גענומען צו דער אַרבעט. מען האָט די גרוב ליידיק געמאַכט, ווער אין אַ זאַק, ווער אין די קעשענעס און אויך אפילו אין די ארבעל פון מלבוש וואָס יעדער האָט געטראָגן אויף זיך. מיר קומען אין זיעמליאַנקע, מיד פון וועג 24 קילאָמעטער (אין ביידע זייטן). די קאַרטאָפל זענען פאַרטיק געוואָרן און דער עולם איז פריילעך, וואַרעם און זאַט.

23 דעצעמבער

מיטוואָך. מיר פילן אין שלאָף אז מען קריכט אַרום אויף אונדזער זיעמליאַנקע. מען עפנט דאָס טירל. מיר זעען אַז מיר האָבן אומבאַקאַנטע געסט. עטלעכע פּאַרטי־זאַנער און אַ סאַך גוים, האָבן אַרומגענומען די זיעמליאַנקע און איין פּאַרטיזאַן גייט אַריין אין זיעמליאַנקע און רעדט אַזוי פיין און דערציילט נייעס פון פראָנט. דערנאָך הייסט ער אַרויסגיין. אַלע מענער איינציקווייז און מען זעצט אונדז אויס אין אַ רעדל. דערנאָך אַלע פרויען באַזונדער אין אַ רעדל און די ערשטע הויבט מען אָן שלאָגן מיט בערעזענע דרענגער איבער די קעפּ און דערנאָך הייסט מען אברהם דעם פארצעיזער זיך זעצן אינדערמיט און ניקאָליא זאָגט צו אים: „גיב אָפּ דאָס געווער און צייל ביז דריי. ווי אברהם ציילט ביז דריי שיסט אים דער מער־דער גלייך אין מויל. אברהם פאַלט אַוועק און אונדז שלאָגט מען ווידער. די קינדער האָבן געשריגן האָט ניקאָלאַי געהייסן אויפהערן שלאָגן און האָט די קינדער געזעצט באַזונדער. יענקל, יענקעלע, איסער, בונזע און מנשה. דאָס רעדל איז געוואָרן קלענער און די קלעפּ גערדיכטער, אַזוי אז איך האָב פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. אָבער איך האָב געהערט, ווי מאיר זאָגט. „כוועדער פאַרוואָס שלאָגסטו מיר?” און סאָשע מיט דער ביקס צילט אין מאירן. מאיר קריגט 3 שאָסן און פאַלט אוועק אויף מיר מיט יאָסלען. עס קומען ווידער קלעפּ, און פּלוצלינג הער איך ווי ניקאָלאַי שרייט אַז מען זאָל אַנטלויפן פון זייער וואַלד. איך שטעל זיך אויף און פּרוּוו לויפן, עס גייט נישט, אָבער די קוילן וועלכע לויפן איבערן קאָפּ שטאַרקן אַז מען זאָל קענען לויפן מיט באַרוועסע פיס. דער שניי איז טיף, אָבער איך פיל נישט קיין קעלט.

מיר לויפן אַלע צוזאַמען. פּלוצלינג זע איך אַז איך בין אַליין, איך האָב נישט קיינעם אַרום זיך. דאָס שיסעריי האָט אויפגעהערט, אָבער איך האָב מורא זיך אוועקצוזעצן, ווייל איך בין שטאַרק מיד און איך האָב מורא אז איך קען געפרוירן ווערן. איך גיי, נישט ווייסנדיק ווו איך געפין זיך. דער וואַלד איז גרויס אָן שום צייכנס פון מענטשן, איך לאָז נאָך זיך צייכנס פון טריט און אויך פון בלוט. דעם גאַנצן וועג רינט פון מיר בלוט פון מויל און פון די אויערן. איך גיי און לויף, ביז איך בין געקומען צו דער ב־לע אָזערע. איך האָב פארשטאַנען אַז איך בין שוין צופיל אוועק און איך דאַרף צוריק גיין. ווהין ווייס איך נישט. עס איז מיר געקומען אַ געדאַנק אַז עס איז כדאי צו קומען אויף דער קאָלאָניע צו באַנאַכס בודקע, אפשר וועל איך עמיצן טרעפן, אָבער ווי אַזוי גייט מען אין מיטן טאָג. איך בין אַרויס אויף דעם וועג וואָס עס פירט צו דער קאָלאָניע און געמאַכט אַ סימן ווהין איך דאַרף גיין און אריין צוריק אין וואַלד און זיך אַוועקגעלייגט. ווי לאַנג איך בין געלעגן ווייס איך נישט. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, עס איז נאַכט, נישט ווייסנדיק ווי שפעט, די לבנה האָט שטאַרק געשיינט און דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די טריט און איך גיי אויף דער קאָלאָניע.

איך קום שפעט אין דער נאַכט צו שומאַנסקין דעם קאָוואַל, ער דערשרעקט זיך ווען ער דערזעט מיר און גיט

מיר גלייך א ביסל וואַרעם וואַסער און העלפט מיר אָפּוואשן דאָס בלוט פון פנים. עס גייט נישט אַזוי שנעל, אָבער עס ווערט לייכטער און איך קען שוין מערער עפענען דאָס מויל, אויך גיט ער מיר קאַרטאָפל מיט וואַרעמע מילך. דעם טעם פון די מילך וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אַזעלכע גוים טאָר מען נישט פארגעסן לעולם ועד. ער הייסט מיר זעצן אַרום דעם וואַרעמען אויוון. איך וויל גיין צו באנאכס בודקע, ער זאָגט מיר אַז עס איז נישט כדאי צוגיין אהין, איך מיין אַז קיינער איז דאָרטן נישטאָ, היינט האָב איך דאָרטן געהערט שיסערייען און די פארטיזאַנער זענען געפאָרן פון יענעם ווינקל. איך מוז גיין עפּעס הערן. איך קום אין וואַלד און געפון נישט דעם וועג און בלייב ליגן לעבן אַ סטאָג היי און וואַרט ביז עס וועט ווערן אַ ביסל ליכטיק. ווען איך האָב דערלעבט טאָג האָב איך געפונען די בודקע, אָבער קיין סאך מענטשן זענען שוין נישט געווען, אַ ביסל קאַליקעס מיט אָפּגעפרוירענע פיס און אויערן. בוזיע פערטשוק האָט מיר געבעטן, איך זאָל אים העלפן באַגראָבן די טויטע. עס איז געווען אוממעגלעך דאָס צו מאַכן. מיר האָבן בלויז געקענט אויפשיטן אַ ביסל באָדן אויף זיי. די טויטע זענען געווען: יוסף פוקס פון וויבזאר, מנחם קופערשמיד מיט זיין פאָטער פון ביאַלע. די גאַנצע משפחה מעלניק. שלמה דוד, רחל די פרוי אברהם דער זון און מטות זאסק, אויך א בחור פון וואַרשע מיטן נאָמען בייבע, יצחק דעם שוחט׳ס אַ קרוב.

דעם טאָג האָבן די פאַרטיזאַנער באַנדיטן געהרגעט 17 יידן.

איך פרעג די חברה אפשר ווייסן זיי עפּעס פון מיין משפחה, קיינער וויל גאָרנישט זאָגן, פארשטיי איך, געוויס האָט עפּעס פּאַסירט.

דעם טאָג בין איך געזעסן אין דער בודקע און ווען ס׳איז טונקל געוואָרן, האָב איך זיך געלאָזט אין וועג, אפשר וועל איך עמיצן טרעפן. איך בין געקומען צו דער קאָלאָניע און קיינעם נישט געטראָפן. זיצנדיק ביי איין פּאָליאַק אין שטוב, הערט מען עס קלאַפּן פאַרטיזאַנער. דער פּאָליאַק דערשרעקט זיך און איך האָב שוין נישט קיין צייט צו אַנטלויפן, איך ליג אונטערן בעט און אין קול פון די פארטיזאַנער דערקען איך אַז דאָס זענען יידן, שמוליק וואַליניעץ און מאיר זאבארניק. איך בלייב ליגן און איך וויל נישט ארויסגיין צו זיי. די פּאָליאַקן האָבן נישט געוווסט אַז זיי זענען יידן. זיי האָבן עפּעס געגעסן און אוועק אין זייער וועג. איך האָב אויך עפּעס געגעסן און אַוועק צוריק אין וואַלד. אין אַ נאַכט שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן מיט מייטען און זי דערציילט מיר, אז אַלע האָבן מיך שוין באַוויינט, בין איך אַ געפונענער. איך פרעג ווו זענען אַלע חברה? זיי זיצן אין נעווירער וואַלד. אויך יוסף פערציק איז דאָ. מיר גייען צוריק צו דער „אלטער היים״ און איך טרעף דאָרט מיין פאמיליע. די פרייד איז נישט צו באשרייבן. צוויי טעג האָבן זיי מיר געזוכט איבער די בלאָטעס.

פרייטיק 25.12

מיר אַלע וואָס זענען געבליבן פון דער מיטוואָכדיקער שחיטה טראַכטן, וווהין? אויך איז מיט אונדז פון אַ צווייטער זיעמליאַנקע יוסף ווייסמאַן און שמאי מייסטעל. יעדער זאָגט זיין מיינונג און די מערהייט האַלט אז מען דאַרף גיין קיין דערעוואָק. איך האַלט אַז דערעוואָק איז צו ווייט פאַר מיר, איך בין צעשלאָגן און ווייט קען איך נישט גיין. יוסף פערציק זאָגט אז אָן מיר און מיין משפחה גייט ער נישט. בלייבט אַז מען זאָל זיך לאָזן קיין וואָלקע. מייטע האָט אַ באַקאַנטן גוי אין וואָלקע וואָס ער וועט העלפן, אין פאַל ווען מיר וועלן עפּעס דאַרפן. מען באַשליסט, אַז די פרויען און שוואַכע, בלייבן אויף דעם פּלאַץ. און די גבורים גייען בויען אַ זיעמליאַנקע אין וואָלקער וואַלד און ווען עס וועט פאַרטיק ווערן, וועט מען דאַן אַריבערפירן אַלע איבעריקע.

עס ווערט טונקל, מיר לאָזן זיך אין וועג 11 מענטשן. יוסף ווייסמאַן, יוסף פערציק מיט 2 קינדער, שמאי מייסטעל, לייבל דער יעזיערער, איך און מייטע, יוסף סטיפּאַק, שמוליק שווארץ און יוקל. מען נעמט מיט עסן 2 ברויטן. (מער איז נישט געווען). און א גרויסע זעג צו דער ארבעט. נישטאָ קיין שום אַנדער געצייג. גייענדיק אויף דעם וועג האָבן מיר גענומען אויך אַ האַק ביי באַנאַכן. מיר זענען געקומען אין וואָלקער וואַלד. דער וועג האָט לאַנג נישט געדויערט, בלויז 18 קילאָמעטער, אריינקומענדיק אין וואַלד, האָבן מיר גלייך צעלייגט אַ פייער און מייטע מיט שמאי׳ן זענען אַוועק צו יאלטוכן, צו דעם באַקאַנטן גוי וועגן אַן עצה.

עס זענען אַוועק אַ פּאָר שעה און זיי זענען געקומען צופרידענע. קודם איז דער וואַלד ריין פון פארטיזאַנער, צווייטנס, ער זאָגט צו, די גאַנצע צייט שטיין מיט אונדז אין פארבינדונג. דריטנס, ער וועט קומען אינדערפרי און ווייזן ווו צו מאַכן די זיעמליאַנקע. זיי האָבן אויך געקריגן פון אים אַ לאָפּעטע.

שבת 26.12

יאלטאך איז דאָ. ער האָט געגעבן אַ סימן ווו עס דאַרף זיין דער „פּאַלאַץ״ אונדזערער, ער איז אוועק און מיר דארפן זיך נעמען צו דער אַרבעט. איך לייג פאָר אַז

שבת איז נישט כדאי אָנצוהויבן, דער טאָג איז נישט גרויס און ביינאַכט וועלן מיר אָנפאַנגען. אַלע זענען מסכים געווען און שבת האָבן מיר נישט געאַרבעט. (דאָס איז פארבליבן די איינציקע זיעמליאַנקע, וואָס מיר האָבן נישט איבער־געלאָזט אין איר קיין קרבנות).

ביינאַכט. מען הויבט אָן די אַרבעט. טייל גראָבן מיט דעם גראָב־אייזן, אויך מיט די הענט, טייל גייען טיף אין וואַלד, שניידן האָלץ צו דעם בנין. אַלץ האָט מען געדאַרפט ברענגען פון ווייט, אַז מען זאָל נישט וויסן אַז דאָ בויט מען. אויך דעם באָדן וואָס מען האָט אויסגעגראָבן, האָט מען געדאַרפט צעטראָגן וואָס ווייטער. דער פּלאַן איז צו מאַכן אַ גרויסע זיעמליאַנקע. 5.40 מעטער די ברייט, 7 מעטער די לענג און 1.80 מעטער די הויך. עס דאַרף אויך זיין א ברונעם און אויוון צום באַקן ברויט און א פּליטע צו קאָכן. די אַרבעט גייט שנעל, נישט קוקנדיק וואָס מען איז צעשלאָגן און הונגעריק מען מוז אראָפּברענגען די משפחות וואָס ליגן אין נעווירער וואַלד אונטערן פרייען הימל אין פולן גאַנג פון ווינטער.

מיטוואָך 30.12

די זיעמליאנקע איז שוין באַלד פארטיק. יוסף פּערציק און ווייסמאַן גייען ברענגען די משפחות און מיר בלייבן ענדיקן וואָס מעגלעך.

די איינוווינער פון דער נייער וווינונג זענען 22 מענטשן: יוסף פּערציק, זיין פרוי און 2 זין (מנשה און ברוך), פייגע וואַטען, שמוליק שוואַרץ, איך און מיין פרוי בתיה, יעקב שוסטער, יעקב קצב, מייטשע, פּעסיל און איסר אָרימלאַנד, יוסף ווייסמאַן און פרוי ברײַנדל מיט ביידע זין (פסח און דב), יונה וואַסערמאַן, יוסף סטעפּאַק, לייבע־לע דער יעזערער, זיין פרוי מלכה און שמאי מייסטעל.

עס איז גאַנץ באַקוועם אין דער נייער וווינונג, נישט קאַלט. אָבער עסן כמעט ווי גאָרנישט. גיין זוכן עסן איז נישט נאָענט. 18 קילאָמעטער צו דער ערשטער קאָלאָניע און נישט שטענדיק טרעפט מען עפּעס, צו דעם הונגער איז צוגעקומען א פרישה מכה: כינים. מען האָט זיך גאָרנישט געקענט באַפרייען פון זיי.

פרייטיק 1 יאַנואַר 1943

עס האָט אָנגעהויבן ליכטיק צו ווערן. ברײַנדל איז ארויס פון זיעמליאַנקע אַ ביסל זיך ריין צו מאַכן, באַמערקט זי ווי עפּעס אַ גוי קריכט אַרום נישט ווייט פון אונדזער וווינונג און ער האָט איר באַמערקט. זי האָט אים געהייסן שטיין בלייבן און א געשריי געטאָן „סאַשאַ וויכאָדי", שמאי זאָל ארויסקומען. שמאי איז גלייך אַרויס און פרעגט דעם גוי, ווי קומסטו אַהער? צי ווייסטו נישט אַז דאָ איז

אַ שטח פון פּאַרטיזאַנער און מען טאָר אַהער נישט קומען. ער פארענטפערט זיך אַז ער האָט נישט געוווּסט. שמאי דערקלערט אים. דאָס מאָל שענקט מען אים נאָר בתנאי אַז ער זאָל קיינעם נישט דערציילן. אין פאַל ווען ער וועט דערציילן, זאָל ער וויסן, אַז מען וועט פארברענען זיין פארמעגן מיט אים צוזאַמען. אויך פארשרייבט מען זיין נאָמען, ער האָט געהייסן זלאטניק פון ווולקע. מייטשע זיצט אין זיעמליאַנקע, הערט אים רעדן און דערקענט זיין קול אַז ער האָט געזאָגט זיין ריכטיקן נאָמען. מיר בלייבן זייער פארצווייפלט.

מען האָט לאַנג געוואַרט ביז עס איז נאַכט געוואָרן און שמאי מיט מייטען זענען אַוועק צו אונדזער גוי פרעגן אַן עצה, וואָס צו טאָן.

יאלטאך האָט געהייסן דערווייל בלייבן אויף דעם זעלבן אָרט, ער מיינט אז זלאָטניק וועט מורא האָבן עמיצן צו דערציילן. אין פאַל ווען ער וועט יאָ דערציילן, וועט ער אים יאלטאָכן דערציילן דעם ערשטן. מיר בלייבן זיצן אין אונדזער וווינונג.

דער הונגער שטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג און מיר באשליסן אז מען מוז גיין זוכן עפּעס עסן. יוסף פּערציק וויל גיין קיין פּאָדבראָצע און איך קיין מאשטישטש צו באַקאַנטע גוים, אָבער קיינער פון אונדז ווייסט נישט דעם וועג. שומאנסקעס זון האָט צוגעזאָגט גיין מיט אונדז.

3 יאַנואר 1943

איך און יוסף פּערציק לאָזן זיך אין וועג. מיר קומען אויף דער קאָלאָניע צו שומאנסקען אָבער ער האָט חרטה געקריגן. מיר גייען צוריק אין אונדזער זיעמליאַנקע זאָגן אַז מיר גייען אַליין. די נאַכט האָבן מיר געמאַכט אריבער 60 קילאָמעטער און דעם גאַנצן טאָג געזעסן אין וואַלד. אין דער צווייטער נאַכט זענען מיר געגאַנגען קיין פּאָ־דבראָצע. שפּעט ביי נאַכט האָט יוסף אָנגעקלאַפּט ביי אַ גוי וואָס הייסט נאַט ער איז אריין אין שטוב און איך בין געבליבן זיצן אין דרויסן. איך בין גלייך איינגעשלאָפן. איך הער מען וועקט מיר. יוסף שטייט ארום מיר מיט א שטיק ברויט: נא, עס, גיכער, מיר מוזן שוין אנטלויפן צוריק, עס זענען דאָ באַנדעס פון בולבאָווצעס.

קומענדיק אין זיעמליאַנקע האָב איך זיך אוועקגעלייגט רוען און בין געלעגן 2 וואָכן.

דער הונגער איז גרויס, אָבער עס הערשט אַ דיס־ציפּלין. מען האָט געקויפט אַ ביסל מעל און אויך 200 קילאָ קאַרטאָפל. מען קאָכט א ביסל מעל. יעדער קריגט א ביסל זופּ: וואַסער מיט מעל און אויך 100 גראַם ברויט אַ טאָג. ווער עס גייט אויף דער קאָלאָניע עפּעס ברענגען,

קריגט 200 גראַם ברויט. אָבער איך בין נישט פון די גייערס. די פיס זענען געשוואָלן און לאָזן נישט.

מאָנטיק 18 יאַנואַר

איך זאָג צו מיין פרוי בתיה: „איך קען מער נישט זיצן אויף דער נאַרע און יענער זאָל גיין איינשטעלן דאָס לעבן און ברענגען עפּעס עסן. איך וועל אויך גיין. קודם וועל איך קריגן נאָך 100 גראַם ברויט, און צווייטנס ווען מען קומט ביינאַכט צו די פּאָליאַקן גיבן זיי עפּעס צום עסן. נישט אַלע, אָבער עס זענען געווען אַזעלכע וואָס פלעגן געבן. קומענדיק אויף דער קאָלאָניע בין איך צום ערשטן מאָל אַריין צו קוזינאָגע ער האָט געגעבן אָפּצועסן קאַשע קאַרטאָפל וואָס עס איז געבליבן פון מיטאָג, אויך אַ פּאָר פּאַסטילעס. דאָס איז געווען נאָך וויכטיקער פון אַלעס און דערצו בין איך געווען גליקלעך וואָס איך האָב אַ פּאָר קאַרטאָפל געבראַכט אין קעשענע פאַר דער משפחה, אויך האָט מען געקויפט 20 קילאָ מעל. איך גיי די 18 קילאָמעטער מיט פרייד איך האָב שוין פאַרגעסן אַז איך האָב קראַנקע קני.

אַזוי האָט זיך געצויגן אַ פּאָר וואָכן. קיין מעל איז שוין מער נישטאָ עס איז אויך נישטאָ מער פאַרוואָס צו קויפן, נאָר מען גייט פשוט טאָג טעגלעך עפּעס הערן און אָפּט מאָל עפּעס עסן. איך בין געוואָרן פון די הויפּט־גייערס.

דער עיקר אַריינגיין איז געווען ביי קוזינאָגען. אַן אָרעמער פּאָליאַק מיט אַ גרויסער משפחה. קיין ברויט האָט ער אַליין נישט געהאַט, נאָר קאַרטאָפל. מילא צוליב די קאַרטאָפל איז זיכער כדאי געווען צו גיין 18 קילאָמעטער, דאָס הייסט 36 אין ביידע זייטן.

דער הונגער איז גרויס, אָבער מען האַלט. קיין פּאַר־טיזאַנער קומען נישט צו אונדז אין וואַלד. דייטשן אויך נישט. מען שמועסט, אַז אויף דעם פראָנט כאַפּן די דייטשן מפּלות. די פּאָליאַקן ווערן בעסער און פאַר געלט קען מען שוין עפּעס קריגן. דאָס הייסט פאַר גאָלד אָדער דאָלאַרן.

זונטיק 28 פעברואַר

דער ווינטער הויבט אָן ווערן שוואַכער. די זון וואַרעמט אָן דעם שניי און עס איז שוין גאַנץ נאַס אין דרויסן. עס קומען פרישע צרות. מיר דאַרפן אַריבערגיין די קאַבערישטער בריק, דאָס איז נישט אַזוי פשוט. איצט מאַכן מיר דאָס אַלץ דורך דעם אייז און דער אייז אַנטלויפט פון אונדז. דערווייל איז דאָס אַ שטילער וואַלד און דער עיקר עס קומען נישט קיין פּאַרטיזאַנער וואָס הרגענען יידן ווי עס טוען די דייטשן.

איך און מייטע קומען צו יאַלטוכ'ן הערן ווי מיר האַלטן אין דער וועלט. יאַלטוך גיט אונדז גלייך איבער אַז עס איז נישט גוט. זלאָטניק האָט שוין אָנגעהויבן צו רעדן, ער האָט אים דערציילט און אויך דעם סעקרעטאַר פון דאָרף, סאָפּקען, ער מיינט אַז מיר וועלן דאַרפן בייטן אונדזער היים אויף אַ צווייט פּלאַץ.

קומענדיק מיט דער ידיעה אין זיעמליאַנקע, האָט דאָס געגעבן יעדן פון אונדז, ווי אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ. וווּהין גייט מען? אַרומגערינגלט מיט שונאים: אוקראַינער, דייטשן און אויך איינצעלנע פּאָליאַקן, אַלע זוכן אונדז. ווער פאַר אַ קילאָ זאַלץ און ווער פאַר אַ פּאָר ליטער נאַפט. און אויך פיל וואָס האַלטן סתם פון מצוות הרגענען יידן. די נאַכט איז געווען אַ נאַכט פון מאָביליזאַציע־שטימונג. מען דאַרף גיין, נישט ווייסנדיק וווּהין. אפשר גאָר טיפער אין וואַלד.

די נאַכט איז אַריבער און ברײַנדל גייט ווידער די ערשטע אין דרויסן ריין מאַכן די בגדים און טרעפט ווי אַ יונגער גוי דרייט זיך אַרום דער זיעמליאַנקע. זי רופט שמאַי'ן און שמאַי גייט אַרויס און הויבט אָן חוקר צו זיין: „ווער ביסטו? און וווּהין גייסטו אַזוי פרי?" דער ענטפער איז געווען „נאָך קין". אָבער דאָס האָבן אַלע געוווּסט און אויך מיר אַז אויף דעם אָרט איז נישטאָ קיין קין. מייטע כאַפּט אַ קוק מיט וועמען שמאַי רעדט און זי זאָגט אונדז, חברה, עס איז שלעכט, סאָפּקע איז דאָ דער וואָס זוכט מיר. שמאַי פרעגט אים ווי ער הייסט און ער זאָגט נישט דעם ריכטיקן נאָמען. שמאַי זאָגט אים ער זאָל קיינעם נישט דערציילן אַז ער האָט זיך געטראָפן מיט פּאַרטיזאַנער און דער גוי איז אַוועק. שמאַי איז אַריין צוריק אין זיעמליאַנקע. יעצט שטעלט זיך די פראַגע וואָס צו טאָן. אַלע זענען געווען ביי דער מיינונג אַז מען דאַרף שוין אַנטלויפן. איך האָב געהאַלטן אַז מיר מוזן בלייבן ביז נאַכט און דאַן, אפשר, וועלן מיר קענען דורכגיין די כאַבערישטער בריק, ווייל מיט דעם אייז איז שוין געווען אַ סכנה צו גיין. איך מיין — זאָג איך — אַז היינט וועט סאָפּקע נאָך נישט ברענגען די דייטשן. ווייל ביז ער וועט קומען אַהיים און דערציילן דעם סאָלטיס און דער סאָלטיס דאַרף איבערגעבן קיין אַליקווע צום וואָיט, וועט שוין זיין מיטאָג צייט און דער וואָיט וועט איבערגעבן קיין דיווין צו די דייטשן, וועט שוין זיין שפּעט פאַר די דייטשן צו פאָרן קעגן נאַכט. מיר זענען געבליבן זיצן אין זיעמליאַנקע. מיר זיצן גרייט די פיס פאַרבונדענע מיט שמאַטעס און שטעקנס אין די הענט, אין פאַל ווען מען וועט גיין ביינאַכט דורך דעם דאָרף זאָלן די גוים מיינען אַז עס גייט אַ בעוואַפנטער אָטריאַד פּאַרטיזאַנער.

סוף־סוף נאָך לאַנגע וואַרטענישן איז נאַכט געוואָרן.

מיר גייען אין וועג איך בין דער העלד פון טאָג. איך האָב זיך געפילט גאַנץ גוט, אָבער דער אייז האָט צעשניטן די שמאטעס און איך בין געבליבן באָרוועס און גיין מוז מען. 9.30 זענען מיר אַריבער אין א שורה ווי מיליטער לייט דאָס דאָרף כאבערישאָט מיטן כאבערישטער בריק. די גוים האָבן אויסגעלאָשן די ליכט אין די הייזער מורא האָבנ־דיק אז די „פארטיזאַנער" זאָלן זיך צו זיי נישט אריינ־רייסן. מיר זענען אָנגעקומען אין וואַלד פון דער פוילישער קאָלאָניע. אין וואַלד איז געשטאַנען לעווינסקיס שטוב, האלב צענומען. די דייטשן האָבן באַפוילן אז די הייזער אין וואַלד אָדער ארום וואַלד מוז מען צענעמען. אזוי אז פארטיזאַנער זאָלן נישט קענען וווינען אין די הייזער.

מיר קלערן נישט לאנג און הייצן איין אַלע אויוונס. מען דערוואַרעמט זיך. איך, יוסף פערציק און ווייסמאַן, גייען זוכן א פלאַץ ווו מ׳קען בויען א נייע שטוב. איצט איז שוין נישט אַזוי פשוט. טיף קען מען נישט גראָבן, דער ווינטער אנטלויפט און עס ווערן שוין בלאָטעס אין די וועלדער. שמאי, מייטע, יוסף סטעפּאַק, גייען אויף דער קאָלאָניע, אפשר וועט מען עמיצן טרעפן פון די יידן וואָס געפונען זיך אין דער געגנט.

דינסטיק 2 מערץ

מיר זיצן ארום פייער, אפעטיט איז געווען באַקט מען קארטאָפל. מען וועט שוין איבערזיצן דעם טאָג און ביינאַכט וועט מען נעמען עפעס טאָן. שמואליק וואָלינייץ האָט צוגעזאָגט מייטען, אז ער וועט קומען אין אוונט און אונדז ווייזן ווו צו גראָבן א זיעמליאַנקע. נאָך מיטאָג הערן מיר שיסערייען? מיר פארשטייען אַז דאָס איז אין דער געגנט פון וואַנען מיר זענען אנטלאָפן. זיכער זענען געקומען די דייטשן. אַזוי איז געווען ווי מיר האָבן אויסגערעכנט. סאפקע איז געקומען און דערציילט דעם סאַלטיס, אז אין וואַלד אין א געוויסן פלאַץ זיצן פארטיזאַנער מיט יידן און עס איז שוין געווען שפּעט צו פאָרן נאָך דייטשן איז צומאָר־גן פרי אויסגעפירט געוואָרן סאפקעס פּלאַן. מען האָט געבראַכט 50 דייטשן און אויך אוקראַינער פּאָליציי און דאָס גאַנצע דאָרף גוים צו הילף און לאַנגזאַם האָט מען זיך דערנענטערט צו דער זיעמליאַנקע. אָבער מען האָט נישט געפונען דעם אריינגאַנג. נאָך א פּאָר שעה זוכן האָט מען יאָ געפונען די טיר און עס איז נישט געווען קיין פרייוויליקער ווער עס זאָל זיך איינשטעלן און אריינגיין. מען האָט געשריען אַז מען זאָל זיך איבערגעבן און קיינער האָט נישט געענטפערט. מען האָט אריינגעוואָרפן אַ פּאָר גראַנאַטן און זיי האָבן פעסטגעשטעלט אַז קיינער איז נישטאָ, האָבן די דייטשן געגעבן אַ באַפעל דאָס אַלעס פארשיטן. יאַלטוך איז אויך געווען מיט די גוים וואָס האָבן געהאָלפן זוכן און די גאַנצע צייט געציטערט פון שרעק, טאָמער כאַפּט מען אונדז. ער האָט נישט געוווסט אַז מיר האָבן מיט א נאַכט פריער פארלאָזט דעם פּלאַץ. דערנאָך האָט ער אונדז אַלץ דערציילט.

ווי עס איז געוואָרן טונקל איז שמואליק געקומען און אונדז אוועקגעפירט אין געווירער וואַלד גראָבן אַ זיעמליאַנ־קע. מען האָט נישט געקענט גראָבן, עס איז שוין געווען אומעטום וואַסער. מיר האָבן באַשלאָסן מאַכן נישט קיין שטאַרקן בניין, עטוואָס, מען זאָל קענען זיך לייגן אָפּרוען. מיר האָבן געמאַכט 80 סענטימעטער אין דער ערד און די איבעריקע אויבן. מען האָט שוין פשוט אָנגעוואָרן די כוחות. וויאַזוי קען מען בויען הונגעריק און אָן געצייג? עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די נייע „וווינונג" איז פארטיק. מיר הערן אַז נישט ווייט פון אונדז זענען דאָ נאָך יידן. שמאי גיט א באַפעל אז מען דאַרף אָנטראָגן וואָס מער קארטאָפל, ווייל מען שמועסט אז די דייטשן פון קאָמין דאַרפן קומען אָפּנעמען זייערע קארטאָפל. וואָס זיי האָבן אין דעם געגנט פארגראָבן. יעדער פון אונדז דאַרף ברענ־גען 100 קילאָ. מיין פאַמיליע איז דאַן באַשטאַנען פון 7 מענטשן, דאַרף איך בעזאָרגן אין משך פון 2 נעכט דעם סכום. מיר האָבן דעם פּלאַן אויסגעפירט און מיר זענען גליקלעך. מיר האָבן נישט קיין גוטע וווינונג אָבער קאר־טאָפל האָבן מיר. מיר עסן נישט פיל קארטאָפל מיר זענען שוין נישט אַזוי הונגעריק.

4 מערץ 1943

דאָס לעבן איז געוואָרן אַ ביסל פרייער מען היט זיך שוין נישט מער פאַר קיין פארטיזאַנער. אויך האָט מען אונדז איבערגעגעבן אַז לימניק פון דער קאָלאָניע זוכט ארום יוסף ווייסמאַן. לימניק האָט אַמאָל געאַרבעט אין נוינער סמאָליארניע ביי יאָסלען. פאַר קיין היימישע גוים קען מען זיך נישט אויסהיטן און בפרט ווען אונדזערע זיעמליאַנקעס זענען שוין האַלב פון אויבן.

14 מערץ

מיר הערן עפּעס רודערט זיך אין וואַלד. געסט זענען דאָ — ווידער פארטיזאַנער. מאָטל פון לישע, ביינישעס שוואָ־גער, האָט דערפילט אַז די פּאַרטיזאַנער זענען דאָ, זאָגט ער צו אונדז: „נו, חברה, איצט וועל איך זיין א קרבן". ביז זיי זענען אריינגעקומען האָט מאָטל דורכגעגראָבן מיט די הענט א לאָך און אנטלאָפן. זיי האָבן באַמערקט און זיך צעשפּרייט איבערן וואַלד, אים געכאַפּט און צוריק געבראַכט און אוועקגעזעצט לעבן דער טיר. דערווייל האָט שמאי באַוויזן זיך צו בייטן מיט די היטלען, אז מען זאָל

אים נישט דערקענען. זיי פרעגן ייסף ווייסמאַנען, „ווו איז דאָס גאָלד?" ער ענטפערט, אַז ער האָט נישט קיין גאָלד.

זיי נעמען ארויס יענקעלע קצב — ער איז דאַן געווען דער קלענסטער — גיבן אים א קישקע ווורשט און ברויט, ער זאָל אלץ דערציילן ווער עס האָט געוועזער און ווער גאָלד און ווער איז שמאי? יענקעלע האָט דאַן געטראָגן שמאי׳ס היטל, איז ער געווען שטאַרק צעשראָקן און גאָר־נישט גערעדט. דערנאָך האָט ער געזאָגט: „מיר האָבן גאָר־נישט, זעט ווי מיר זעען אויס. אויסער לייז האָבן מיר גאָרנישט. מיר האָבן געבראַכט א ביסל קאַרטאָפל און אזוי לעבן מיר". זיי האָבן אים צוריק אריינגעפירט און מאָטלען האָבן זיי געשאָסן.

אונדז אַלע האָט מען נישט געשלאָגן און מען האָט אונדז געהייסן בלייבן אויף דעם פלאַץ. זיי פלעגן שטענ־דיק שלאָגן און צעיאָגן. דאָס אַלץ איז געווען אַ ווונק פון לימניקן.

דעם טאָג האָבן זיי צוגענומען די רעשטלעך פון געווער וואָס עמיצער האָט נאָך געהאָט. ביי שמואליקן האָט מען צוגענומען די ביקס, ער האָט געהאָט די ביקס וואָס יעקב לייזערוק האָט צוגענומען ביים אוקראַינישן מיליציאַנט. ביי שלמה סאקאָל האָבן זיי צוגענומען אַ רעוואָלווער.

יוסף ווייסמאַן גייט אין אָוונט צו לימניקן, זאָגט אים לימניק: „איר מעגט זיצן רואיק, איך בין געווען מיט זיי און אייך וועט מען גאָרנישט טאָן".

עס איז נישטאָ קיין ברירה. עס איז שוין נישטאָ וווהין צו גיין. דאָס איז שוין די 8־טע זיעמליאַנקע וואָס מען האָט געבויט. וווהין, ווייטער?

יוסף פערציק האָט געקויפט אַ פּאָר הונדערט קילאָ מעל, מען באַקט צו ביסלעך ברויט.

17 מערץ 1943

יוסף קומט פון דער קאָלאָניע און דערציילט פון גרויסע עפּידעמיעס פון טיפוס. „איך מיין אז איך ווער קראַנק" — זאָגט ער. צומאָרגנס קען ער שוין נישט אויפ־שטיין, אזוי איינער נאָך דעם צווייטן, אַלע ליגן אויסגעלייגט אויף די נאָרעס, וואָס זענען געמאַכט פון קיילעכדיקע האָלץ. די זיעמליאַנקע איז פול מיט וואַסער ביז אונטער די נאָרעס. ביינאַכט פילט מען אז מען ליגט שוין אין וואַסער.

די קראַנקע ווערן אַלע טאָג ערגער און עס איז נישטאָ וואָס צו געבן צו דערהאַלטן די נשמות. דאָס וואַסער איז פול מיט ווערים און עס איז אוממעגלעך צו טרינקען. יעדן אָוונט גיי איך אויף דער קאָלאָניע און ברענג אַ ביסל וואַסער פון א ברונעם. דער וועג צום וואַסער און צוריק, איז 16 קילאָמעטער.

איינמאָל קום איך אויף דער קאָלאָניע און די פּאָליאַקן דערציילן, אַז דייטשן דאַרפן קומען די טעג אויף אָבלאַוועס אין די וועלדער. איך קום מיט די נייעס און איך האָב נישט וועמען צו דערציילן, אַלע ליגן און רעדן פון היץ. ווער עס זינגט און ווער עס וויינט. מנשה פערציק און שמואליק זענען פון די געזונטע. איך און זיי ביידע באַשליסן אז מיר גייען בויען בודקעס אין די בלאָטעס אין אַלע פיר זייטן פון אונדזער זיעמליאַנקע. אין פאַל ווען עס וועלן קומען דייטשן, וועלן מיר שוין וויסן פון וואַנען זיי דאַרפן קומען און מיר וועלן איבערפירן די קראַנקע אין די בודקעס. פייגע וואַטאַן קאָכט א ביסל וואַסער און גיט יעדן וואָס וויל באַנעצן די ליפּן.

מיר אַרבעטן זייער שווער כדי וואָס שנעלער פאַרטיק צו מאַכן די בודקעס.

25 מערץ 1943

די קראַנקע הויבן זיך אָן צו פילן בעסער. זיי ווילן עפּעס אין מויל אָבער זיי צוגעבן איז נישטאָ וואָס. יאַנקל גייט צו דער קאָלאָניע צו זאָרזען און פאַרקויפט אים דאָס פעלצל פון זיך פאַר 14 ליטער מילך. ער ברענגט די ערשטע פלאַש מילך, איך גיב בתיהן א פאָר זופּן און זי איז זיך מחיה. אַ דאַנק די מילך איז זי געזונט געוואָרן.

2 אפּריל 1943

דאָנערשטיק פאַרנאַכט, איך קום פון וואַלד מיד, נאַס און צעבראָכן, פייגע דערלאַנגט מיר א טעפּעלע מיט עטלע־כע קאַרטאָפל. איך נעם עסן און פיל נישט קיין טעם, אַזוי ווי אָן זאַלץ. איך לייג זיך אַוועק אויף דער נאַרע די נאָרע איז געווען נאַס פון וואַסער, וואָס מען האָט נישט אויס־געשעפּט אין משך פון טעג. איך בין שוין קראַנק גלייך מיט אַלע.

5 אפּריל 1943

שבת קומט שלמה סאָקאָל און זאָגט אז דייטשן דאַרפן קומען. אַלע לויפן טיפער אין די בלאָטעס, איך אויך. אַ גאַנצן טאָג ליגן מיר אין די בלאָטעס; אפילו נישט קיין ביסל וואַסער אין מויל. מען האָט מורא געהאַט מאַכן פייער אַז מען זאָל אונדז נישט געפינען. פאַרנאַכט ווען מיר זענען שוין געווען אַ ביסל זיכערער, האָט יוסף פערציק אויפגעקאָכט א פּושקע וואַסער און יעדן געגעבן א פּאָר לעפל. ווען עס איז געוואָרן טונקל, האָבן מיר פאַרלאָזט די בלאָטעס אויף צוריקגיין אין דער זיעמליאַנקע.

איך האָב געהאַט הויכע היץ און נישט געקענט גיין, דערצו בין איך עטלעכע מאָל געפאַלן און פאַרלאָרן דעם

וועג, און א גאַנצע נאַכט געבלאָנדזשעט אין וואַלד. ווען עס איז געוואָרן טאָג זענען מיר אָנגעקומען אין זיעמ־ליאַנקע, גלייך זיך אוועקגעלייגט און געזאָגט: וואָס עס זאָל נישט זיין, מיר פון דאַנען גייען נישט".

די ערשטע קראַנקע האָבן אָנגעהויבן זיך פילן בעסער און האָבן געוואָלט עסן אַזוי ווי נאָך אַ קרענק און וואָס עסן איז נישט געווען. יוסף ווייסמאַן מיט ברײַנדלען האָבן אָנגעהויבן גיין צו לימניקן און ער פלעגט זיי געבן אָפּצער־עסן. בריינדל איז איינמאָל געקומען און געזאָגט אז זי האָט געגעסן זייער א גוטן קרויט־באָרשטש. זי האָט זיך אָנגעהויבן פילן שלעכט און איז געשטאָרבן. די איינציקע וואָס איז געשטאָרבן פון אזא שרעקלעכן טיפוס און ביי אזוינע שרעקלעכע באַדינגונגען.

איך ליג, וואָס א טאָג ווערט מיר ערגער און איך געדענק שוין מער גאָרנישט. דערנאָך האָט מען מיר דער־ציילט אז איבער דריי וואָכן בין איך געלעגן אין געפער־לעכע היץ און גאַנצע טעג געזאָגט תהילים און הלל. אַ פּאָר מאָל האָט מען שוין געטראַכט ווי מיר צו באַגראָבן.

מען שמועסט אז עס קומען דייטשן, אַלע אַנטלויפן. יענקל מיט בתיהן פירן מיר און עס איז מיר זייער שווער צו גיין. איך פאַל אוועק און זאָג אז מער גיי איך נישט.

אויף דעם אָרט בין איך אָפּגעלעגן 6 וואָכן. די זייטן האָבן ביי מיר אָנגעהויבן צו פוילן פון דער הוילער ערד, די בגדים וואָס איך בין געגאַנגען האָבן זיך צעשאָטן. איך בין געבליבן ממש נאַקעט. ווען איך האָב זיך שוין געקענט אויפשטעלן בין איך אַרויס פון דער בודקע וואָס מען האָט געמאַכט איבער מיר און איך זע די זון שיינט און די פויגל זינגען. איך הויב אָן צו פרעגן: „חברה, ווי קום איך עפּעס אין א וואַלד נאַקעט?" איך זע אז בערעלע ווייסמאַן גייט אויך נאַקעט. וואָס איז, וואָס איז געשען? איך האָב גאָרנישט געדענקט. איך האָב ערשט איצט אָנגעהויבן צו פרעגן ווו איז דער טאַטע, און ווו זענען די קינדער. עס האָט געדויערט שיינע טעג ביז איך האָב זיך דערמאָנט וואָס עס איז געשען.

איך געדענק, איינמאָל האָט מיר בתיה דערציילט, אז יוסף פּערציק איז געכאַפּט געוואָרן פון די בולבאָווצעס אין פּאָדבראַצע, און זיי האָבן אים פאַרברענט. איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט.

די לופט איז אַ ביסל פרייער, פּאַרטיזאַנער הרגענען שוין נישט מער. דער דייטש קריגט מפּלות, אָבער ווו נעמט מען עסן. די קינדער יוקל און יענקעלע גייען בעטלען צו די גוים אין נעוויר, ווו מען גיט זיי עסן און דער עיקר ברענגען זיי פאַר מיר צו דערהאַלטן די נשמה.

בתיה האָט איבערגעלעבט אַ גאַנץ פּסח מיט 12 געבראָטענע קאַרטאָפל.

דער פּסח איז פאַריבער, דער וועטער ווערט אַלע טאָג שענער און דער אַפּעטיט גרעסער. ווער עס קען גיין צו די פּאַליאַקן קריגט עפּעס אָפּצועסן. איך פּרוּוו אויך גיין. איך קום צו דער ערשטער שטוב פון דאָרף, ווי עס וווינט אַן אַלטע גויע אַקסיניע, זי פרעגט מיר צו איך קען איר העלפן זעצן קאַרטאָפל. יאָ, אָבער איך מוז פריער עפּעס אָפּעסן. זי דערלאַנגט מיר אַ שיסל קאַרטאָפל מיט זויער־מילך אַן ברויט, דאָס איז נישטאָ ביי איר. איך עס מיט מורא אז ארבעטן וועל איך נישט קענען. געגאַנגען בין איך מיט א גרויסן שטעקן, ווייל די פיס האָבן נישט גע־וואָלט אפילו טראָגן דעם אויסגעדאַרטן קערפּער פון 52 קילאָ.

מען דאַרף עפּעס טאָן. זי זעט מיט וועמען זי האָט צו טאָן, גיט זי מיר אַ גראַבליע צו שאָרן דאָס מיסט. מיט דער גראַבליע אין האַנט, האָט מען נישט באַמערט ווי אַלעמאָל בין איך געפאַלן און קוים זיך אויפגעהויבן. אין משך פון טאָג האָב איך געגעסן 5 מאָל קאַרטאָפל און נישט זאַט געווען. אָבער, איך בין געווען צופרידן. פאַרנאַכט בין איך געגאַנגען צוריק אין וואַלד און מיטגעבראַכט פאַר בתיהן א פּאָר געבראָטענע קאַרטאָפל פון מיין פאַרדינסט. זי האָט נישט געגעסן קיין גווישע עסנס.

4 מאי 1943

איך גיי שוין ווידער זוכן ארבעט. יענקעל האָט גע־ארבעט ביי ראַמצע לעווינסקי האָט אים די שכנה געבעטן, אז ער זאָל פאַר איר ברענגען עפּעס א גוטן ארבעטער. דער פּרייז איז געווען עסן. איך קום צו דער פּאַליאַטשקע (בלעקס מאַמע), זי מאַכט גלייך א גוטן פרישטיק. אויך אַ שטיקל שינקע און ברויט צו זעט. איך האָב פאַרשטאַנען אז נאָך אזא פרישטיק וועט זיין שווערע ארבעט, נאָר מילא. איך ענדיק דאָס עסן און זי ווייזט מיר די ארבעט: ארויס־וואַרפן מיסט פון שטאַל, פון די בהמות פון אַ גאַנצן ווינ־טער געפערסט...

עס גייט נישט לייכט, אָבער וואָס טוט מען נישט ווען עמיצער איז הונגעריק. יעדע פאָר שעה גיט זי עסן. אָבער מיין שמחה איז נישט געווען אויף לאַנג. עס פאָרן דורך די פּאַרטיזאַנער פון סוואָראָווס אָטריאַד און זעען עפּעס אַ ייד ארבעטן. „וואָס מאַכסטו?", פרעגן זיי מיר. איך האָב נאָך נישט באַוויזן צו ענטפערן, און די קלעפּ שיטן זיך אי־בער מיין קאָפּ. זיי האָבן מיר אַזוי צעשלאָגן אז איך בין אוועקגעפאַלן און מיט גרויס מי בין איך געקומען צוריק אין וואַלד און ווידער געלעגן 2 וואָכן.

דערווייל האָט באַנאַך געהייסן יענקלען אַרויסנעמען קאַרטאָפל פון אַ גרוב און מיר האָבן געהאַט וואָס צום עסן. די לאַגע ווערט בעסער. עס זענען געקומען אַנדערע פּאַרטיזאַנער, פּיאָדאָראָווס־אָטריאַד, און קיין ייִדן האָט מען שוין מער נישט גערודפט. מיר פּלעגן אַרומגיין פרײַ, נישט קיין מורא געהאַט פאַר די דײַטשן און אויך נישט פאַר די פּאַרטיזאַנער.

דעם זעלבן חודש זענען אָנגעקומען פון קאַמין 50 פאַמיליעס, פּאָליאַקן, און געמאַכט אַ פּוילישן אָטריאַד. מיר פּלעגן אויך זיך אַרומדרייען אַרום זיי. דער סטאַרשינאַ איז געווען זייער אַ פײַנער פּאָליאַק. ער פּלעגט געבן אַלע פּאָליאַקן מעל אויף באַקן ברויט, פּלעגט ער אונדז אויך געבן און אָפטמאָל פּלעגט ער ברענגען אָנצוטאָן, אַ פּאָר העמדער, אַ סוועטקע און איך האָב שוין געהאַט די מעגלעכקייט, נאָך 8 חדשים, בײַטן די וועש פון זיך. דער סטאַרשינאַ האָט געהייסן קאַרפּוס, ער האָט אונדז געבעטן אַז מיר זאָלן דערלויבן יענקלען גיין צו אים אין אָטריאַד און ער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט אים אָפּהיטן אַזוי ווי זײַן זון.

מיטאַמאָל באַקומען זיי אַ באַפעל צו פאַרלאָזן די קאָלאָניע. זיי גייען אַוועק טיפער אין די וועלדער, נענטער צו פּינסק. קאַרפּוס קומט זיך געזעגענען מיט אונדז און ברענגט אונדז אַ זאַק מעל מיט אַ ביסל זאַלץ. מיר טראַכטן: ווו נעמען זיך אַזוינע גוטע גוים. (דער קאַרפּוס האָט זיך אַרויסגעוויזן דערנאָך אַלס ייִד, וואָס איז אַנטלאָפן פון ליובומלער געטאָ מיט זײַן פרוי אויף אַרישע פּאַפּירן. היינט לעבן זיי אין ישראל). דער פּוילישער אָטריאַד האָט אונדז פאַרלאָזן און מיר באַשליסן גיין צוריק אין וואַלד. נישט ווייט פון דער בילער אָזיערע און נישט ווייט פון פּיאָדאָראָווס־אָטריאַד. לישע פאַרנעמען די פּאַרטיזאַנער און מיר פילן זיך שוין פרייער. מען קומט אָפּט קיין לישע. אויך זענען געקומען פון קאַמין טשאַרנע קאָטאָן מיט צוויי טעכטער, וואָס זענען געזעסן פאַרבאַהאַלטן די גאַנצע צײַט בײַ דעמענטן און די קאָלעקאַטעס און מאַלינאָווסקי דער פּאָליאַק האָט זיי געבראַכט צו אונדז. עסן איז דאָ צו ביסלעך און אַן העמד צו בײַטן אויך, און מען האָפט, אפשר.

דאָס לעבן ווערט אינטערעסאַנטער. מען וויל זען וואָס וועט זײַן די ענדע. קיין לישע זענען געקומען אַ פּאָר ייִדן פון באָזאַק. משה׳ס קינדער. און פון בירקע זענען געקומען צוויי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך.

אין נעוויר האָט מען געשאַפן אַ פּאָליציי־וואַך פון די פּאַרטיזאַנער. זיי רופן אַרויס אַלע ייִדן פון די וועלדער אַז מען זאָל זיי העלפן בײַ פאַרשידענע אַרבעטן. זיי גיבן עסן און מיר אַרבעטן. מיר בויען בונקערס קעגן באָמבאַרדירונגען פון עראָפּלאַנען און אַ סאַך אַרבעטן בײַ דרעשן די תבואות וואָס זיי האָבן געבראַכט פון די דײַטשע דערפער.

12 אויגוסט 1943

עס דאַרף קומען דער גענעראַל פּיאָדאָראָוו. אַלע דערוואַרטן אים, אויך מיר ייִדן. אַ זייגער 10 ער איז דאָ אין נעוויר. ער האָט געהאַלטן אַ פײַנעם רעפעראַט און אויף צומאָרגנס האָט מען געזאָגט וועט ער האַלטן אַ רעפעראַט אין ווילקע. אַ סאַך פון אונדז זענען געגאַנגען הערן. איך בין אויך געגאַנגען. צו באַוווּנדערן: 4 קילאָמעטער פון ווילקע, אין וואַלד, זענען געשטאַנען די אָטריאַדן פון די באַלבאָוועצעס (אוקראַינער) און ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין מיטן דאָרף און גערעדט און דערציילט, אַז די אוקראַינער וועלכע זענען קעגן דער באַפרייאונג פון דער רויטער אַרמיי, וועט מען שנײַדן שטיקער פון זיי. מען האָט אים געפרעגט: ווען וועט זיך ענדיקן די מלחמה, האָט ער געענטפערט, דאָ ווו מיר שטייען איצט וועט אין אַ יאָר אַרום זײַן פרײַ פון די דײַטשן און די גאַנצע מלחמה וועט זיך ענדיקן אין 45־טן יאָר.

מיר זענען נישט געווען צופרידן מיטן ענטפער. ווער וועט זיך קענען נאָך אַזוי לאַנג מאַטערן?

28 אויגוסט 1943

כ״ז אב, האָבן מיר, די קאַמינער זיך צונויפגענומען, געמאַכט אַ מנין, און געהאַלטן אונדזער הייליקן יאָרצײַט.

די צײַט גייט און דער הערבסט רוקט זיך אונטער. אַ סאַך פון אונדז ווילן פאַרלאָזן נעווירער געגנט און אַוועק אין פּינסקער געגנט. די וועלדער אַרום אונדז זענען פול מיט פּאַרטיזאַנער. מען טרעפט אויך אַ סאַך ייִדן אין די אָטריאַדן. מיר טרעפן זיך מיט אַ פּאַראַשוטיסט סאָראָקין, אַ ייִד. מיר דערציילן אים אַלץ וואָס מיר האָבן געליטן פון די אוקראַינישע פּאַרטיזאַנער און פון אַנדערע גוים.

מיט די גוים האָט ער געהייסן, און געהאָלפן מאַכן אַ חשבון. אָבער מיט די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געהרגעט ייִדן — האָט ער געזאָגט — „איז נאָך צו פרי מאַכן דעם חשבון. היינט זענען מיר דאָ און מאָרגן פאַרלאָזן מיר און איר קענט ווידער דאַרפן בלײַבן מיט זיי. מען וועט זיך מיט זיי אָפּרעכענען״.

מיר האָבן 2 וווינונגען. איין זיעמליאַנקע אין דער קאָלאָניע, די צווייטע אין וואַלד. אויך די פּאָליאַקן פון דער קאָלאָניע גרייטן זיך צו זיעמליאַנקעס אין וואַלד. איך מיט יעקב קאָטאָן העלפן די פּאָליאַקן בויען זיעמליאַנקעס. מיר קריגן באַצאָלט אַ פּוד קאָרן אַ טאָג. מיר מאַכן שוין אַ זאַפּאַס פון קאָרן מיט קאַרטאָפל אויפן ווינטער.

מיר גלויבן אז עס וועט נאך לאנג דויערן די מלחמה. די דייטשן אויפן פראנט קריגן מפלות איינע נאך דער צווייטער; מען שלאגט זיך ארום קיעוו. די פארטיזאנער גיבן אונדז איבער די לעצטע ידיעות טאג־טעגלעך.

ביי אונדז ווערט די לאגע געשפאנטער. צופיל פאר־טיזאנער אין דער געגנט. יעדן טאג דערוואַרט מען אַבלאַ־וועס פון די דייטשן. די דייטשן קומען ביז ווידערט, ווייטער נישט. די פארטיזאנער קומען אפילו ביז קאמין, אויך קיין קאמין. די פארטיזאנער רייסן אויף אין קאמין די וואָדאַ־קאַטשקע, זיי רייסן אויף די באַן ליניע קיין קאָוועל. די דייטשן בלייבן מיט די שפייכלערס תבואה און קענען נישט ארויסשיקן.

עס דערנענטערט זיך ראש השנה. עס קומען צו אונדז פון מאלאריטער וואלד 2 יידן און מען גרייט צו א מנין. מיר שטעלן זיך דאווענען ביי אקסינעכען אין שטוב. עס דאוונט זיך געשמאק די צוויי מחזורים וואס מיר האבן געהאט זענען געווען אויסגעווייקט פון טרערן און בלוט וואס האבן זיך געגאסן פון די אויגן.

א זייגער 9, מיר הערן עראפלאנען פליען. אין דער זעלבער סעקונדע הערן מיר שוין אן אויפרייס. מיר לויפן פ:ן שט:ב אין וואלד, דער וואלד פון שטוב איז 100 מעטער. מיר הערן איין קלאפ נאך דעם צווייטן. מיר דערוויסן זיך גלייך אז פון קאמין זענען געקומען 4 עראפלאנען צע־קלאפן די דערפער און אויך די וועלדער ווו די פארטיזאנער האלטן זיך.

די 4 עראפלאנען בעזוכן אונדז טאג טעגלעך. זיי מאכן א קרייז ארום דער געגנט 3—4 מאל און פליען צוריק קיין קאמין. מיר באשליסן ווינען אין וואלד, נישט אין זיעמ־ליאנקעס. מיר גראבן קאנאלן און ווען מיר הערן די עראפלאנען, גייען מיר אלע אין די קאנאלן.

עס קומען צו אונדז אין וואלד נייע פארטיזאנער פון פוילן, באזונקעס־אטריאד. זיי גראבן זיך איין נישט ווייט פון אונדז. אויך אייניקע יידן מיט זיי, א וואלאדעווער מיידל און יינגל. ער דערציילט אונדז אז פון זיי האט מען ארויסגעפירט די יידן אין די גאז־קאמערן, ער איז אנטלאפן פ:ן וואגאן. ער האט אונדז דערציילט וואס מען האט געטאן מיט די יידן, ווי אזוי מען האט פארברענט מיליאנען יידן און קינדער. מיר הערן אזעלכע זאכן וואס מיר האבן ביז איצט נישט געהערט.

דער ווינטער איז אין פולן גאנג. נישט אזוי שרעקלעך ווי יענער ווינטער, אבער דאך ווינטער. אויף די פיס טראגן מיר פאסטעלעס פון רויע פעל. אויך סוויטקעס גוישע האבן מיר געהאט, וואס דער גוטער פאליאק קורפעס האט אונדז געגעבן.

עס האט זיך אנגעהויבן חנוכה און איך צינד ווידער חנוכה העלצלעך. נישטא קיין ליכט. מען הויבט זיך אן דערמאנען אין די קינדער, עלטערן, שכנים און סתם יידן. עס ווייטיקט דאס הארץ און עס פאלט אריין א געדאנק: אפשר איז בכלל נישט כדאי די גאנצע מאטערניש, וואס וועט שוין זיין אז די מלחמה וועט זיך ענדיקן? מען איז אזוי עלנט און איינזאם. אבער גלייך קומט א געדאנק: יא! עס איז יא כדאי צו מאטערן זיך. די מלחמה וועט זיך ענדיקן און עס וועט שוין קומען א וועלט פון צדק און יושר. עס קען זיין אז מיר זענען געבליבן אויף נקמה צו נעמען אין אונדזערע שונאים. עס איז מיר געבליבן איין געדאנק, וואס די קינדער אונדזערע האבן געבעטן, ווען מען האט זיי געפירט צו דער שחיטה: איר זאלט נעמען נקמה פאר אונדזער יונג בלוט.

איך רעד אפט מיט שמאי'ן ווי אזוי קען מען דא נקמה נעמען? מיר האבן פלאנירט פארשידענע פלענער אלץ וועגן נקמה.

אין דער קאלאניע האבן געוווינט עטלעכע משפחות פאליאקן, וואס זייערע פרויען זענען געווען פאלקס־דייטשקעס. די משפחות האבן זיך דוקא באצויגן גאנץ פיין צו אונדז. זיי פלעגן אין יענע צייטן געבן עפעס עסן. אבער די פארטיזאנער האבן געהאט א חשד אויף זיי.

12 יאנואר, 1944

היינט האט מיר שמאי געהייסן שלאפן אין וואלד. מיין פאמיליע איז געווען אין דער קאלאניע. אין וואלד פלעגט מען שלאפן מיט די זאכן אזוי ווי מען איז געגאנגען אפילו מיט די פאסטעלעס און דאס זעלבע אין דער קאלאניע. איך בין אויפגעשטאנען איינדערפרי. עס איז געווען א שטארקער פראסט און א גוטער שליטוועגס. איך גיי בערך 12 קילאמעטער. ביי אונדז איז דאס געווען א שפאציר. איך קום צו דער קאלאניע, עס שטייט א וואך און לאזט נישט אריין. מען דארף א דערלויבעניש. איך זאג אז איך בין א ייד האט מען מיר דורכגעלאזט. עס זענען געווען צייטן ווען מען האט געדארפט שיינען פון די פארטיזאנער צו גיין פון איין דארף אין א צווייטן. אבער אין פאל ווען דו האסט געזאגט „יא יעוורעי" ביסטו געווען פריי פון א שיין. איך קום אין זיעמליאנקע און בתיה דערציילט מיר די שמחה, אז ביינאכט איז געווען פריילעך: פארטיזאנער האבן ארומגערונגלט די קאלאניע, און די 4 משפחות וואס זענען געווען געמישט מיט פאלקס־דייטשן, האט מען פארנומען מיט די קינדער עלטער

פ:ן 10 יאָר. די קליינע קינדער האָט מען געלאָזט און די גרויסע האָט מען ארויסגעפירט אויף יענער וועלט...

דער פראָנט רוקט זיך וואָס אַ מאָל נענטער און די פּאַרטיזאַנער זאָגן אַז זיי מוזן פאַרלאָזן די געגנט. עס איז פאַרשטענדלעך אַז פּאַרטיזאַנער קענען נישט עקזיסטירן נאָענט פון פראָנט. די לאַגע ווערט גאַנץ ערנסט. מיטגיין מיט די פּאַרטיזאַנער קענען נישט אַלע, און בלייבן איז אויך נישט אַזוי גוט. מייטע איז אין דעם ערשטן באַטאַליאָן פון פּיאַדאַראָוו. זי קומט אויך און דערציילט דאָס זעלבע. מיר באַשליסן דערווייל צו בלייבן אין וואַלד, עס דאַרפן אָנקומען פּוילישע פּאַרטיזאַנער.

30 יאַנואַר 1944

זונטיק נאָך מיטאָג. מיר זענען אַלע אין וואַלד און מיר זעען עס פאָרן די ראַזוועדקעס פון די פּאַרטיזאַנער. אַ שעה שפּעטער זען מיר אַז די גאַנצע פּאַרטיזאַנישע כוחות פאַרלאָזן אונדזער וואַלד. ביז דאַן האָבן מיר אַליין נישט געוווּסט וועגן דער שטאַרקער ארמיי וואָס איז געווען אַרום אונדז, אָבער זיי באַרויקן אונדז אַז זייערע פלעצער פאַרנעמען פּוילישע פּאַרטיזאַנער און מיר בלייבן נישט רואיק. די נאַכט שטעלן מיר אייגענע שמירה. אַ פּאָר טעג האָבן מיר געלעבט אין גרויס שרעק צוזאַמען מיט די פּאַליאַקן וואָס האָבן אויך געוווינט אין וואַלד.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און עס קומט אַ גרופּע און שטעלט זיך פאָר, אַז זייער אָטריאַד טראָגט דעם נאָמען פון וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ. מיר כאַפּן אַ שמועס מיט זיי. זיי זענען גרייט אונדז נעמען מיט זיך אין פאַל ווען זיי וועלן פאַרלאָזן און דערווייל זיצן מיר אויף דעם פּלאַץ.

5 פעברואַר, 1944

שבת נאָכמיטאָג לאָזן זיך אַרויס אין וועג אַ גרויסע גרופּע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן געדאַרפט אַריבער דעם בריק וואָס איז געווען געמאַכט דורך די פּאַרטיזאַנער, איבער דעם קאַנאַל. אַ דייטשער עראָפּלאַן קומט אָן און טרעפט פּונקט ווי זיי גייען אויפן בריק. מיר זעען דאָס אַלץ. איצט וועט מען שוין אונדז זיכער באָמבאַרדירן און טרעפן ווייל די דייטשן האָבן גוט געזען ווו מיר זענען. אַלעמאָל לאָזט זיך דער עראָפּלאַן נידעריקער קלאַפּט זיך אָן אין אַ דעמב און פאַלט אראָפּ עטלעכע קילאָמעטער פון אונדז. די דייטשן זענען אַנטלאָפן. מען האָט זיי געכאַפּט. די פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרנומען אַ גרויס גוטס פון עראָפּלאַן.

מיר זענען געוואָרן אַ ביסל רואיקער. און זיכער אַז דער עראָפּלאַן וועט שוין מער נישט קומען באָמבאַרדירן און מען לעבט ווייטער מיט דער האָפענונג. די דייטשע אַרמיי רוקט זיך צוריק מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. די רוסן באַפרייען שטעט נאָך שטעט. מיר הערן אַז סאַרנע איז באַזעצט דורך די רוסן און עס גייען גרויסע שלאַכטן אַרום פּינסק און מיר זיצן דאָ צו נאָענט פון פראָנט.

23 פעברואַר, 1944

עס קומט אַ פּוילישער פּאָלקאָווניק צו אונדז אין וואַלד, שטעלט אונדז אויס און קוקט זיך איין מיט וועמען ער האָט צו גיין אין מלחמה. ער לייגט פאָר די 30—40 יידן וואָס זענען געבליבן אין וואַלד, אַז מיר זאָלן אַריין צו אים אין אָטריאַד און גיין קיין פּוילן, ווייל דעם פּלאַץ מוז מען פאַרלאָזן. מיר באַשליסן אַז מיר גייען מיט אים.

דעם זעלבן אָוונט קומט אַ רוסישער קאָמאַנדיר און זאָגט אויך דאָס זעלבע. מיר גייען בעסער אויף מזרח, מיר גייען אויף דעם וועג קיין סאַרנע און דאָרטן וועלן מיר זיך טרעפן מיט דער רויטער ארמיי.

דער אָטריאַד איז גענוג גרויס און פאַרמאָגט אַ סך פורן, אָבער מיר מוזן גיין ווייל זיי האָבן זייערע מענטשן צו פירן, נאָר זיי וועלן פאָרן פּאַמעלעך, אז מיר זאָלן קענען מיטגיין. דאָס הייסט, אז זיי וועלן אונדז שיצן אין פאַל ווען עס וועט נויטיק זיין.

מיר גייען. עס איז נישט לייכט צו גיין, אַלעמאָל צערייסן זיך די שטריקלעך פון די פּאַסטעלעס און בלייבן קען מען נישט און מען לויפט. אויך די יידן פון לישע וועלכע האָבן געוווּסט אַז מיר גייען, זענען מיטגעגאַנגען. אין משך פון דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין וואָיה־אַשטשער פּאַטערס. מיר האָבן זיך אַלע באַזעצט אין די הייזער, גלייך מיט די פּאַרטיזאַנער. אַ גאַנצן טאָג זיצט מען אין מען וואַרט אַז עס זאָל נאַכט ווערן און מען זאָל קענען ווייטער גיין. די ראַזוועדקעס אַרבעטן אויך בייטאָג און זיי ברענגען נישט קיין גוטע ידיעה: מען קען ווייטער נישט גיין. די דייטשן האָבן זיך אַריינגעריסן קיין לובעשאָוו און זיי מוזן אהין גיין צו הילף.

מיר בעטן דעם קאָמאַנדיר ער זאָל אונדז העלפן, אָבער ער האָט נישט פאַר אונדז קיין שום עצה.

ווי עס ווערט טונקל, שטעלט ער אויס זיינע סאָלדאַטן אויף צוריק, און פון דער ראַשע גייט אַרויס איין סאָלדאַט מאַר:ס (צום מיינסטן זענען זיי געווען גוים פון סאַרנער געגענט), און זאָגט צו זיין קאָמאַנדיר: דערלויב מיר עפּעס זאָגן. „טאָוואַרישטש קאָמאַנדיר: נעם אין קאָפּ וואָס ווילן די מענטשן פון דיר? וואָס בעטן זיי פון דיר? זיי ווילן לעבן גלייך מיט אונדז, על כן, זוך אָן עצה, די מענטשן קען מען אַזוי נישט לאָזן מען מוז עפּעס טאָן פאַר זיי".

ער האָט גלייך געפונען אַן אויסוועג. די אַלע גוים וואָס ווילן גיין אַהיים קענען גיין, דאָס הייסט קיין סאַרנע. אויך מיר יידן גייען מיט. און ער שיקט 6 סאָלדאַטן מיט געווער ביז מיר וועלן אַריבער דעם פראָנט. מיר זענען צופרידן, מיר זענען אַ 35 יידן און 60 גוים און מיר נעמען זיך אויפן וועג קיין פניעוונע, דורך דעם סטאָכאָד, און וואָס שנעלער, ווייל דער אייז צעגייט.

דער קאָמאַנדיר געזעגנט זיך מיט אונדז און זאָגט אָן די גוים אַז זיי זאָלן זיך אויפפירן מענטשלעך, ווייל עס איז נישט ווייט שוין דער טאָג פון צדק און יושר.

מיר זענען אָנגעקומען קיין פניעוונע אין מיטן דער נאַכט. מען האָט זיך נישט געשעמט, אויפגעוועקט די בעלי־בתים פון שלאָף, און זיך איינגעאָרדנט אין די הייזער, כדי קענען איבערזיצן דעם טאָג.

צום סוף איז אונדזער פּלאַן געענדערט געוואָרן: ביי־נאַכט קען מען שוין נישט גיין, ווייל עס זענען דאָ אַ סאַך באַנדעראָווצעס, מען מוז גיין נאָר בייטאָג. 9 אזייגער פרי לאָזן מיר זיך אַלע אין וועג.

פריי, נישטאָ קיין דייטשן, נאָר אַלעמאָל רייסן אונדז איבער די דייטשע עראָפּלאַנען. ווען עס ווערט נאַכט קומען מיר אין אַ דאָרף. די גוים פון דאָרף נעמען אונדז פיין אויף. מיר גייען דאָך מיט 6 ביקסן. דער גלח פון דאָרף איז אַ מכניס אורח. צוועלף מענטשן גייען צו אים שלאָפן. איך בין געווען די נאַכט ביי דעם גלח. ער האָט אונדז געגעבן פיין צו עסן, דערצו נאָך א ברויט פאר יעדן אויפן וועג. בייטאָג גייען מיר און ביינאַכט נעכטיקן מיר אין די דערפער. אין א דאָרף וואָס הייסט פערקאַלע האָבן מיר געהאט פון קאָמאַנדיר אַ בריוו צום סאָלטיס אַז ער זאָל זען אונדז איינאָרדנען אין דאָרף אין פאַל ווען מיר וועלן ווייטער נישט קענען גיין. מיט אַ טאָג פריער זענען מיר מיט גרויס מי אַריבער דעם סטאכאד, איך מיין ארום קוהאצקעוואַלע און דעם גאנצן וועג נישט געטראָפן קיין דייטשן, קיין פארטיזאַנער און נישט קיין בולבאוועס.

מען גייט מיט שרעק, אָבער ווען מיר קומען קיין פערקאַלע און מיר גיבן דעם סאָלטיס די בריוו פון קאָמאַנ־דיר, זעען מיר אַז ער איז נישט צופרידן מיט אונדז, אָבער ער זאָגט אונדז גאָרנישט. מיר פילן, עפּעס איז די לופט נישט ריין.

מיר בלייבן אַלע אין שטוב. ער גייט אַליין אַרויס אויף שמירה און וויל אויך פון אונדז הילף. צומאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווסט, אז מיר האָבן די נאַכט געשלאָפן אין אַ דאָרף פון בולבאוועס און צוריק מיט אַ נאַכט האָט מען געהרגעט עטלעכע גוים, וועלכע זענען שוין געקומען צוריק פון די פארטיזאַנער, ווייל די געגנט האָט שוין געהייסן פארנומען פון די רוסן, אָבער קיין רוס האָט מען נישט אָנגעזען פאר די אויגן.

מיר לאָזן זיך ווייטער אין וועג. די שומרים אונדזערע האָבן מיר שוין נישט מער. אויך די גוים שעמען זיך שוין צו גיין מיט אונדז. זיי זענען אַוועק.

מיר גייען אין די געדיכטע וועלדער פון פּאָליעסיע נישט וויסנדיק קיין וועג, נאָר דער פּלאַן איז קיין סאַרנע. דערווייל הערן מיר אַז מיר דאַרפן שוין נישט גיין קיין סארנע, די רוסן האָבן שוין באַפרייט ראַפאַלעווקע. נו, גאָט צו דאַנקען, אַ סאַך ווייניקער צו גיין. מיר טרעפן אין וועג הייזער, מיר פרעגן דעם וועג אָבער מיט גרויס שרעק. נאָך אַ פּאָר טעג גיין, טרעפן מיר פאָרן אַ פור מיט יידישע פארטיזאַנער, זיי זאָגן אַז דער וועג איז זייער געפערלעך, נאָר דאָ נישט ווייט אין וואַלד קען מען טרעפן די ראַזוועדקע פון דער רויטער ארמיי, און זיי וועלן אונדז זאָגן צי דער וועג איז פריי.

עס איז געווען 20 קילאָמעטער. מיר האָבן געטראָפן דריי רייטער, שיינע סאָלדאַטן, זיי האָבן אונדז געגעבן עפּעס צום עסן און געזאָגט ווי אַזוי צו גיין.

מיר קומען אין אַ דאָרף וואָס הייסט מילציץ, עס איז פול מיט אַ סאַך פּאָליאַקן אנטלאָפענע. מיר טרעפן איינ־צלנע יידן און א סאַך פארטיזאַנער וואָס וואַרטן אויף אַ באַפעל וווהין צו גיין. איך האָב געטראָפן יוסף סטעפּאַק און נאָך באַקאַנטע. זיי האָבן אונדז געהאָלפן קריגן אַ פּלאַץ צום שלאָפן. פאר בולבאוועס דאַרף מען דאָ נישט מורא האָבן, אָבער נאָר פאר שטאַרקער באָמבארדירונג פון דייטשע עראָפּלאַנען. עס איז אויך אַ ביסל שווערלעך מיט עסן.

צומאָרגנס לאָזן מיר זיך ווייטער אין וועג. מיר טרעפן אין וועג טריט פון סאָלדאַטן, מיר פארשטייען אַז דאָס זענען געווען מסתמא רוסישע סאָלדאטן. נאָך אַ פּאָר שעה גיין, זעען מיר אן אויטאָ וואָס איז בעדעקט מיט אַ ברע־זענט. (אין דער צייט פון די דייטשן האָבן מיר זייער מורא געהאט פאר די בעדעקטע אויטאָס. מען האָט זיי גערופן „די בוידן" און יעדעס מאָל ווען מען פלעגט טרעפן אַ בויד, האָט מען געוווסט אַז דער אויטאָ איז אויף כאַפּן יידן).

דאָ בלייבן מיר שטיין, מען צערוקט זיך אין די זייטן פון וועג, טיפער אין וואַלד, בכדי צו זען וואָס איז דאָס פאר אן אויטאָ. עטלעכע פון אונדז קריכן אונטער אַלע מאָל נענטער צום מאַשין און ווען מיר קומען ממש צום מאשין בלייבן מיר שטיין פארווונדערט און פארגליווערט.

ממש ווונדער פון גאָט! א מאַשין וואָס כאַפּט נישט קיין יידן.

מיר רופן אַלע אונדזערע וואָס מיר זענען געגאַנגען צוזאַמען: „יידן קומט אַרויס דאָס איז אַ מאַשין וואָס כאַפּט נישט מער קיין יידן!"

אַלע הויבן אָן אַרומצוגיין באַטראַכטענדיק דעם אויטאָ, און מיר טרעפן, אין אויטאָ זיצן 2 רויטאַרמייער. זיי גיבן אונדז עפּעס צ״ם עסן, און זאָגן אונדז: „גוצט אויס די געלעגנהייט, און גייט שנעלער, כל זמן דער וועג איז פריי".

מיר קומען קיין ראַפּאַלעווקע, ווו מיר טרעפן איינצלנע רויט־אַרמעער. מיר באַגריסן זיך זייער פריינדלעך און מיר געפונען ליידיקע יידישע דירות, ווו מיר באַזעצן זיך. לעבן דער באַן־סטאַציע געפינען מיר געפרוירענע קאַרטאָפל צום עסן.

דאָס ערשטע מאָל נאָך 17 חדשים וואָס מיר שלאָפן אין א שטוב און נאָך אין יידישע שטיבער, וועלכע זענען ליידער, געבליבן אָן יידן...

גלייך נאָך דעם בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי, ווו איך האָב געקעמפט מיט אויסצייכענונג. פילנדיק די פרייד פון נקמה נעמען, פון די מערדער פאַרן בלוט פון אונדזערע ליבע און טייערע. איך האָב זיך באַטייליקט אין פאַרנעמען בערלין און פאַרגעזעצט ביזן פולשטענדיקן נצחון.

דאַן האָב איך זיך צוריקגעקערט צו מיין פרוי בתיה, נאָך פיל וואַלגערנישן האָבן מיר עולה געווען קיין ישראל. מיר לעבן אין מושב עין־ורד און באַאַרבעטן די הייליקע, ליבע פרייע יידישע ערד.

אַ שאָד, וואָס נאָר אַזוי ווייניק פון אונדז האָבן דערצו זוכה געווען.

שלמה קאַגאַנאָוויטש, ניו־יאָרק

# שחיטה און טויט

(דערינערונגען פון די יאָרן 1939—1945)

סוף זומער 1939. די לופט שמעקט מיט פולווער. מענטשן שטייען כסדר אין רעדלעך און מען שמועסט וועגן דער לאַגע. אַ טייל זאָגן, ס׳וועט אויסברעכן א מלחמה, אנדערע זאָגן, אז עס איז נישט מעגלעך, אז די וועלט וועט נישט דערלאָזן.

סעפטעמבער 1939 — די דייטשע ווילדע בעסטיע וואַרפט זיך מיט דער גאַנצער קראַפט אויף פוילן. פוילן מאַכט אויף־שנעל א מאָביליזאַציע. אויך איך ווער מאָביליזירט אין לופט־שוץ קעגן גאַז־אַנגריפן. איך, מיט א גרופע מאָביליזירטע מאַכן דורך א קורס, און מיר האַלטן טאָג און נאַכט דיזשור.

עס ווערט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אז ביינאַכט טאָר קיינער זיך נישט באַוועגן אין גאַס. מיר באַקומען אַ באַפעל צו קאָנטראָלירן יעדע פאַרדעכטיקע פערזאָן. אָבער דאָס אַלץ דויערט נישט לאַנג. די פוילישע אַרמיי ווערט שנעל צוזאַמענגעבראָכן. נאָך דריי טעג ליגט שוין פוילן צעשמעטערט. און די אַרמיי טרעט־אָפּ אין אַ שנעלן טעמפּאָ און אַ גרויסער אומאָרדענונג.

מיר האָבן גלייך אָפּגעשאַצט די לאַגע, און געזען די סכנות וואָס לויערן אויף דער יידישער באַפעלקערונג. האָבן מיר זיך אָרגאַניזירט, אַ גרופע פון א 50 יונגע חברים, און געגרינדעט א יידישע זעלבסט־שוץ, כדי צו האַלטן די אָר־דענונג אין שטאָט, און נישט אריינגעלאָזט די אַרומיקע באַנדעס פון די דערפער, וועלכע האָבן זיך געריסן אין שטאָט אריין ראַבעווען.

## די דייטש־רוסישע מלחמה

מיר האָבן צוזאַמענגענומען א גרויסע מענגע געווער פון די זעלנער וועלכע זענען געלאָפן פון פראָנט, און גע־וואָרפן דאָס געווער אָדער עס פאַרברענט אין גרויסע שיי־טערס. און אָט דערוויסן מיר זיך, אז די רוסישע אַרמיי איז אריבער די פוילישע גרענעץ, און אין דריי וואָכן אַרום מאַרשירט טאַקע אריין קיין קאַמין די רויטע אַרמיי. מיר גיבן זיי איבער דאָס גאַנצע געווער, און מיר לאָזן פונאַנדער אונדזער זעלבסט־שוץ. אייניקע חברים טרעטן אריין אין דער רוסישער מיליץ.

צוואַנציק מאָנאַט האָבן מיר געלעבט אונטער דער רוסישער הערשאַפט, מען האָט זיך צוגעפּאַסט צום נייעם לעבן. און אָט געשעט ווידער עפּעס גרויזאַמעס: דעם 22־טן יוני 1941 האָט ווידער דער דייטשער טיגער זיך אַ וואָרף געטאָן מיט דער גאַנצער קראַפט אויף רוסלאַנד. זונטיק דעם 22־טן יוני, 3 אַזייגער פאַרטאָג, איז געוואָרן כמעט גאַנץ מערב־רוסלאַנד באַמבאַרדירט. קאַמין איז נישט געווען קיין אויסנאַם. עס זענען געפאַלן באָמבעס אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט, אייניקע הייזער זענען צושמעטערט געוואָרן און עס זענען געווען אַ 12 טויטע. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּאַניק איז געווען זייער גרויס ווייל די מלחמה איז אויסגעבראָכן אומגעריכט. נאָך גרעסער איז געוואָרן די פּאַניק ביי אונדז אין שטאָט ווען אויפן צווייטן טאָג, מאָנטיק דעם 23־טן יוני, האָט די רוסישע מאַכט געמאַכט אַ מאָבי־ליזאַציע און אין אַ פּאָר שעה שפּעטער פונאַנדערגעלאָזט אַלעמען און זיך אַרויסגעצויגן פון שטאָט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ האָט זיך זייער שלעכט אויסגעווירקט קודם כל אויף די יידישע איינוווינער. מיר אַלע האָבן פאַרשטאַנען אַז די געפאַר איז זייער גרויס. די פּאַניק איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן שטאַרקער, ווייל מיר האָבן געוווּסט וואָס עס באַדייט אַריינצופאַלן צום דייטש אין די הענט, אָבער ליידער איז קיין שום אויסוועג נישט געווען. די רוסן האָבן זיך צוריקגעצויגן מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, און די דייטשן האָבן אָנגעגריפן מיט דער גאַנצער קראַפט פון זייער קריגס־אַפּאַראַט. אַזוי זענען פאַרביי עטלעכע וואָכן, און די רוסישע אַרמיי האָט זיך דערווייטערט פון אונדז הונ־דערטער קילאָמעטער.

דערווייל זענען מיר געבליבן אָן אַ רעגירונג. נאָך עט־לעכע וואָכן איז די ערשטע דייטשע ראַזוועטקע אַריינ־געקומען צו אונדז אין שטאָט, אָבער נאָך פאַר דעם, אין דער צווישנצייט, האָבן שוין אויסגענוצט די געלעגנהייט די אוקראַינישע באַנדעראָווצעס מיטן גלח פון אונדזער שטעטל און מיט דעם וועטערינאַרן דאָקטאָר באַביעק — בראָש. קודם כל, האָבן זיי זיך גענומען אַנטוואָפענען די רוסישע סאָלדאַטן וועלכע זענען צוקלאַפּט געוואָרן אויף די פראָנטן און זענען אַריינגעפאַלן אין פּלען, און נאָכער האָבן זיי דאָס געוועהר אויסגענוצט אין שטאָט קעגן די יידן. גאַנצע טעג און נעכט זענען זיי אַרומגעלאָפן אין שטאָט און געשאָסן פון שטיב צו שטוב, גערויבעוועט, געשלאָגן און צוגענומען אַלץ וואָס עס איז זיי געקומען אין די הענט.

ווען די ערשטע דייטשע ראַזוויעטקע איז אַריינגעפאָרן אין קאַמין, האָבן זיך אַלע יידן פאַרשטעקט אין די הייזער און מען האָט קיין ייד נישט געזען אויף דער גאַס. די דייטשן זענען פאַרפאָרן אויף דעם מאַרק־פּלאַץ, און האָבן אויסגעשטעלט אַ וואַך אַרום דעם גאַנצן מאַרק־פּלאַץ. אין מיטן האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענקלויבן אַלע הויפּט מחותנים — די אוקראַינישע און אויך אייניקע פּוילישע.

איך, זייענדיק נייגעריק צו זען די דייטשן, ווייל איך האָב זיי נאָך איבערהויפּט נישט געזען און נישט קענענדיק זיך פאַרשטעלן זייער רשעות, בין אַרויס אויפן מאַרק הערן עפּעס וואָס זיי שמועסן. צוקומענדיק נענטער האָב איך געהערט און געזען ווי מען שטייט אין אַ רעדל און מען רעדט אַלץ וועגן יידן. פאַרשטייט זיך, אַז די מערהייט אוקראַינער פאַרשטייען נישט קיין דייטש, אָבער עס זענען געווען איי־ניקע וועלכע האָבן יאָ גערעדט אַ שלעכטן דייטש, אָבער איך האָב אַלעס גוט פאַרשטאַנען. דאָס וואָס כ'האָב געהערט איז פאַר מיר געווען גענוג, אַז איך זאָל מאַכן פּליטה, און נישט שטיין פאַר די אויגן. קומענדיק צוריק אין שטוב האָב איך ערשט געקענט אָפּגעבן אַ גרוס, ווי ווייט די נייע מושלים האָבן ליב יידן...

דעם זעלבן טאָג האָבן די דייטשן אויסגעקליבן אַ עלטסטן פון די אוקראַינער, געשאַפן אַ אוקראַינישע פּאָלי־ציי, זיי פאַראָרדנט נישט צו ראַבעווען אין שטאָט — און זענען ווידער אוועקגעפאָרן. אָבער ווי נאָר די דייטשן זענען אַרויסגעפאָרן פון שטאָט, האָבן זיך ווידער אַ לאָז געטאָן די אוקראַינישע באַנדעס מיט דער גאַנצער פּאָליציי און מיט דעם קאָמענדאַנט בראָש, ראַבעווען אין די הייזער און שלאָגן יידן. דאָס האָט געדויערט ווידער אַ וואָך צייט, ביז די דייטשן זענען דאָס צווייטע מאָל געקומען צו פאָרן. זעענדיק אין וואָס פאַראַ מצב עס געפינט זיך די שטאָט: אַלע פענצטער זענען געווען אויסגעהאַקט, שטיקער מעבל האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, האָט עס זיי זיכער פאַרדראָסן פאַרוואָס די אוקראַינער ראַבעווען אויס די גאַנצע שטאָט, ווייל אויף ראַבעווען זענען זיי דאָך בילכער ווי אַנדערע, און אויך זענען זיי געווען בייז פאַרן נישט פאָלגן זייער באַפעל, האָבן זיי טאַקע באַלד דעם זעלבן טאָג צוזאַמענ־גערופן די גאַנצע אוקראַינישע פּאָליציי מיט דעם קאָמענ־דאַנט, דריי פון דער פּאָליציי באַלד געשאָסן אויפן אָרט און די איבעריקע 16 מאַן האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך. מען האָט געשמועסט, אַז אַ 10 קילאָמעטער אונטער דער שטאָט אויף זיי דערשאָסן.

## די ערשטע קרבנות

פאַרן אוועקפאָרן האָבן זיי ווידער אויסגעוויילט אַ אוקראַינישע מאַכט און אַ יידישן עלטסטן — שמואל וואָרבליע. אין אַ 10 טעג אַרום זענען ווידער געקומען

צופֿאָרן צו אונדז אין שטאָט אַריין אַ 100 דייטשע רייטערס. זיי זענען געווען ביי אונדז דריי טעג. דאַסמאָל האָבן די דייטשן שוין גענומען באַווייזן וואָס זיי קענען: זיי האָבן געשלאָגן יידן און געחוזק׳ט, געשאָרן בערד א.א.וו. אויפֿן דריטן טאָג האָבן זיי געמאַכט אַ באַל, און געלאָזן רופֿן צו זיך אַ 59 יידן פֿון קאַמין אויף וועלכע די אוקראַינישע מאַכט האָט אָנגעוויזן. די יידן האָבן פֿאַרשטאַנען אַז קיין גוטס דערוואַרט זיי דאָרט נישט ביי די דייטשן. האָבן זיי זיך טאַקע אויסבאַהאַלטן און געקומען נאָר אַ טייל. אַ טייל האָבן זיך אויסגעקויפֿט, אַכט יידן האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן.

די דייטשן האָבן זיך אַ גאַנצע נאַכט לוסטיק געמאַכט איבער די אומגליקלעכע קרבנות, געשפּאָט און געחוזק׳ט איבער זיי, און פֿאַרטאָג זיי דערשאָסן.

איך האָב נישט געצווייפֿלט קיין מינוט אין דעם וואָס די דייטשן גרייטן זיך צו טאָן מיט די קאַמינער יידן, און ווי נאָר איך האָב דערהערט אַז עס קומען צופֿאָרן צו אונדז דייטשן, בין איך גלייך אַנטלאָפֿן און געווען דריי טעג און דריי נעכט אויף די פֿעלדער. ווי נאָר איך האָב דערהערט אַז די דייטשן זענען אַוועקגעפֿאָרן, בין איך ווידער געקומען אַהיים. איבערהויפּט בין איך געווען זייער פֿאָרזיכטיק נישט אַריינצופֿאַלן צו די דייטשן אין די הענט, און אַ דאַנק דעם, האָב איך אויסגעמיטן אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן.

די לאַגע אין קאַמין איז פֿון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ ערגער. אָט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפֿעל, אַז יעדער ייד פֿון 12 יאָר מוז אָנטון אַ ווייסע לענטע מיט אַ מגן־דוד אויף דער האַנט. יעדן טאָג האָט מען געכאַפּט יידן און זיי געשטעלט אַרבעטן ביי די מיאוסטע אַרבעטן, און דערביי האָט מען געחוזק׳ט און געשלאָגן. ווילנדיק אויסמיידן די אַלע צרות, האָב איך באַשלאָסן אַוועק פֿון קאַמין אין אַ דערבייאיקן דאָרף, וווּ עס האָט זיך געפֿונען מיינער אַ פֿעטער. דאָס דאָרף האָט געהייסן שטיטין, 15 קילאָמעטער פֿון קאַמין. אַהין האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן נאָך אַ צענדליק יידן פֿון אונדזער שטאָט. אַזויאַרום האָבן זיך דאָרט געפֿונען עטלעכע מנינים יידן. צוזאַמען מיט די איינוווינער פֿון דעם דאָרף.

עס איז אַוועק אַ חודש צייט און איך האָב מיך פֿאַרבענקט אַהיים, זיך זען מיט די עלטערן, מיינע צוויי שוועסטער און קרובים. האָב איך געדונגען אַ פֿור און מיטגענומען אַביסל פּראָדוקטן און אַ עטלעכע עופֿות, ווייל אין שטאָט האָט מען שוין גאָרנישט געקענט קריגן און עס איז שוין געווען אַ מאַנגל אין שפּייז. איך בין געקומען צו פֿאָרן אַהיים, אָבער קומענדיק אין שטאָט און זעענדיק דעם מצב און די פּאַניק און שרעק וואָס עס הערשט, און וויאַזוי מען שלעפּט אַלע טעג אויף צוואַנגס־אַרבעט — האָב איך גלייך דעמזעלבן טאָג אַוועקגעפֿאָרן צוריק אין דאָרף און דערביי האָב איך געוואָלט מיטנעמען מיין איינציקן שוואָגער דוד, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין חשק איבערצולאָזן זיין ווייב בתיה מיט זיין איינציקן זונדעלע, שמאי׳לע צוויי יאָר אַלט, מיין טייערן פּלימעניקל. איך האָב זיך דאַן נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז איך זע זיי שוין צום לעצטן מאָל.

אַ פּאָר וואָכן נאָך מיין אַוועקפֿאָרן פֿון שטאָט, זענען פּלוצים פֿרייטיק אין דער פֿרי, אַזייגער 6 (דאָס איז געווען אלול צייט, 1941) אַריינגעפֿאָרן צו אונדז אין קאַמין אַ 100 ס.ס. מענער מיט פֿאַרמאַכטע אויטאָס און אַרומגעשטעלט די גאַנצע שטאָט מיט פּאַטראָלן. דאַן האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אין די הייזער זוכן און כאַפּן מענער. ווער עס האָט געקאָנט האָט זיך באַהאַלטן, ווער עס האָט באַוויזן איז אַנטלאָפֿן פֿון שטאָט. אַזוי אַרום האָבן זיי געכאַפּט 80 מענער. פֿרויען האָבן זיי דאַן נישט גענומען און אַלטע לייט איבער 70 יאָר האָבן זיי דאַן אויך אָפּגעלאָזט. צווישן די געכאַפּטע איז אַריינגעפֿאַלן אויך מיין שוואָגער דוד — איינער פֿון די ערשטע 80 קדושים. מיין פֿאָטער איז דאַן געראַטעוועט געוואָרן, ער האָט געזאָגט, אַז ער איז שוין אַלט 70 יאָר. אַזוי האָבן די דייטשע מערדער אַדורכגעפֿירט צום ערשטן מאָל ביי אונדז אין שטאָט זייער בלוטיקע אַקציע. די 80 מענער האָבן זיי צוזאַמענגענומען און פֿאַרמאַכט אין איין שטוב, און געזאָגט, אַז מען וועט זיי נעמען אויף אַרבעט. אָבער שבת פֿאַרטאָג, ווען אַלע זענען נאָך געשלאָפֿן, האָבן זיי די אַלע 80 מענער אַרויפֿגעלאָדן אין פֿאַרמאַכטע אויטאָס און אָפּגעפֿירט עטלעכע קילאָמעטער הינטער דער שטאָט. נישט ווייט פֿון פּריצקער דאָרף האָט מען זיי אַלע געשאָסן און באַגראָבן אין איין ברודער־קבר.

אַ סך פֿרויען און עלטערן האָפֿן אָבער נאָך געגלויבט, אַז זייערע מענער אין קינדער וועלן נאָך צוריקקומען, ווייל די מערדער האָבן געזאָגט, אַז מען האָט זיי גענומען אויף אַרבעט. דער נאַאיווער מענטשלעכער שכל האָט זיך גאָרנישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז מען זאָל נעמען יונגע געזונטע מענטשן און אָן אַ פֿאַרוואָס זיי אומברענגען. די אומגליקלעכע פֿרויען און עלטערן פֿלעגן קומען איינער צום צווייטן און דערציילן פֿאַרשידענע חלומות און טרייסטן איינער דעם אַנדערן. אָבער דער סוף איז געווען, אַז אַלע האָבן זיך דערוווּסט דעם ביטערן אמת.

אז זיי וועלן שוין מער קיינמאָל נישט זען זייערע טייערע און ליבסטע.

שווער צו באשרייבן די ליידן פון די אומגליקלעכע אלמנות און יתומים און פון די עלנטע מוטערס. ווו מען איז געגאנגען האָט מען נאָר געהערט וויינען און קלאָגן, אז דאָס האַרץ האָט געקאָנט פלאַצן פון צער. דאָס איז נאָך געווען אין דער ערשטער צייט, ווען די דייטשע מערדער האָבן נאָך נישט ארויסגעוויזן זייער גאַנצן ווילדן בעסטיאַלישן אינסטינקט. מיר האָבן זיך דאַן גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אז עס דערוואַרט אונדז נאָך פיל מער שרעקלעכערס און שוידערלעכערס.

אויפן צווייטן טאָג, ווען איך האָב זיך דערוווסט וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין קאַמין, האָב איך גלייך געשיקט אהיים א פור, אז מען זאָל מיר ברענגען די עלטערן און די שוועסטער, אָבער עס איז געקומען צופאָרן צו מיר נאָר מיין ליבער פאָטער מיט איין שוועסטער — די צווייטע שוועסטער האָט געזאָגט אז אויב זי האָט שוין אָנגעווירן איר מאַן, דאַן וויל זי אויך זיך נישט אויסבאהאלטן, און די מוטער האָט נישט געוואָלט פארלאָזן די שוועסטער מיטן קינד אין שטוב. אָבער אויך מיין פאָטער האָט נישט געוואָלט זיין ביי מיר. דאָס איז געווען ערב ראש־השנה, ווי נאָר אָבער עס איז אריבער דער יום טוב האָב איך געמוזט דינגען א פור און אים אָפשיקן אהיים, ווייל ער האָט זייער געבענקט צו זיין ליב אייניקל — שמאי'לע און ער האָט אויך נישט געוואָלט אז די מוטער מיט דער שוועסטער זאָלן זיין אליין. ער האָט געזאָגט: „וואָס עס וועט זיין מיט אלע יידן וועט זיין מיט מיר”.

איך בין דערווייל געבליבן אין דאָרף. נאָך דעם אלעמען וואָס עס איז געשען אין שטאָט האָב איך נאָכמער נישט געהאט קיין חשק צו קומען אהיים. אזוי בין איך געבליבן דאָרט ביז איבער סוכות. דערווייל האָט זיך אין שטאָט אָנגעהויבן דאָס לעבן צו „נאָרמאַליזירן”. עס איז געקומען צופאָרן א געביטס־קאָמיסאר מיט זשאנדארמעריע, מען האָט געשאפן א יידן־ראט און יידישע פאָליציי, און עס האָט אויסגעזען, אז דאָס לעבן הויבט אָן ווייטער צו פונקציאָנירן ווי אמאָל... עס זענען אפילו געווען אזעלכע יידן, וואָס האָבן געזאָגט, אז ווייטער וועט שוין „אזעלכעס” נישט פאָרקומען, ווייל עס איז שוין דאָ א מאַכט, און די ס.ס. האָט שוין נישט קיין רעכט צו הארגענען אָן אַ פארוואָס....

## דער געביטס־קאמיסאר רופט מיך...

דער געביט־קאָמיסאַר האָט פאָראָרדנט, אז אַלע מענער עלטער פון 14 יאָר מוזן ארבעטן, און קיין ארבעט האָט ביי זיי נישט געפעלט. טאָג איין טאָג אויס, האָט דער יודן־ראַט געשיקט אויף ארבעט. ווער צום גרוזעווען וואַגאָנעס מיט קארטאָפל און תבואה, ווער צום טאַרטאַק און אַנדערע פארשידענע ארבעטן, די בעלי־מלאכות האָבן געשאפן ארטעלן. איך האָב באַקומען איין בריוו פון מיינע עלטערן אַז איך זאָל קומען צופאָרן אהיים, איך האָב אָבער נישט געהאט קיין חשק צו פאָרן אין שטאָט אריין, ווייל איך האָב געוווסט אז דאָרט וועט זיך אָנפאנגען א גאַנץ אַנדער לעבן. אין עטלעכע טעג אַרום דערהאַלט איך אַ צווייטן בריוו פון מיינע עלטערן, אַז אויב איך וועל נישט קומען, וועלן זיי זיין פאראנטוואָרטלעך פאַר מיר... דאַן באשליס איך, אז איך מוז קומען.

איך נעם אַ פור און קום קיין קאמין. אריינפאָרנדיק זעט מיר אלץ אויס אויסטערליש, עפעס איז די לופט אין שטאָט אַ גאַנץ אנדערע, עפעס אלץ שרעקט מיך. איך זע די דייטשן צום ערשטן מאָל שפּאַצירנדיק אין שטאָט, אין די ברוינע קליידער, איך פיל אַן עקל צו זיי, אז איך וואָלט שוין ווידער וועלן אנטלויפן און זיי מער נישט זען. אָבער איך מוז קומען אהיים.

ווען מיינע נאָענטע דערזעען מיך אין שטוב ווערט אַ פרייד, ווייל שוין דריי מאָנאַטן ווי איך בין נישט געווען אין דערהיים. איך פרעג זיך אויס וואָס עס הערט זיך אין שטאָט, ווי מען לעבט דאָ, אָבער פון דעם גרוס וואָס איך נעם אָפּ, ווערט מיר נישט גרינג אויפן האַרץ. דעם זעלבן טאָג גיי איך אריין אין קאָמענדאנטור און איך מעלדע זיך צום געביטס־קאָמיסאר. ער מעסט מיך אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס שרייבט מיר גלייך אויס אַן ארבעטס־שיין און וואָרנט מיר דערביי, אז אויב איך וועל נישט קומען איין טאָג צו דער ארבעט, וואַרט אויף מיר דער קאנטשיק וואָס הענגט אויף דער וואנט — און שרייבט מיר אויס א שיין אויף ברויט (מען האָט געקרוגן 100 גראם ברויט א טאג).

איך האָב באשלאָסן גיין ארבעטן אין א ארטעל פון פוטערס און דאָרט האָב איך טאקע אָפגעארבעט דעם ערשטן ווינטער.

עס זענען געווען פארשידענע פאלן פון שרעק און צרות, אָבער מען האָט זיך שוין צוגעוווינט צו די צרות אויך, און מען האָט געמיינט, אז אַזוי וועט מען שוין אָפּקומען. אָט האָבן די דייטשן געפאָדערט אַ גרויסע קאָנטריבוציע. נאָכער האָט דער געביטס־קאָמיסאר פארלאנגט א סאך ווערטפולע זאַכן. דאַן איז געקומען אַ פאראָרדענונג, אַז אַלע יידן זאָלן אָפּגעבן דאָס גאָלד, זילבער, און אנדערע טייערע זאַכן.

## גזירות, גזירות

עס איז געקומען איין גזירה נאָך דער אנדערער, און די יידן זענען אלץ אויסגעשטאַנען אבי קיין קרבנות זאָלן מער נישט זיין. אָבער פלוצים אין מיטן ווינטער פארופט דער געביטס־קאָמיסאַר דעם יודנראַט און גיט ארויס אַ באַפעל, אז מען זאָל אים צושטעלן 160 יידן אָפּצושיקן זיי אויף ארבעט. שווער זיך פאָרצושטעלן וואָס עס איז דאַן פאָרגעקומען אין שטאָט, ווייל אלע האָבן גוט פארשטאַנען צו וואָס מען דארף די יידן. אַלע האָבן גוט געוווּסט אז די מענטשן וועלן שוין מער צוריק קיינמאָל נישט קומען, אָבער דער באַפעל איז שטרענג, און אין דריי טעג ארום מוזן אַלע צוגעשטעלט ווערן.

דער יודנראַט האָט דאַן געהאט דאָס ריכטיקע שטיקל אַרבעט. מען מאַכט ליסטעס — דעם שרייבט מען, דעם מעקט מען, איינער גיט גאָלד, דער צווייטער צירונג, מען שרייט מען וויינט. עס קערט זיך די וועלט. די תקיפים דראָען, די שטילערע שרייבט מען איין, און אזוי זאמלט מען צענויף די 160 מענער.

שווער צו באשרייבן אלץ וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין יענער צייט. ווען די אַלע מענטשן זענען שוין געווען פארזאמלט אין דער שטאָטישער געמינע־געביידע, ארומגעשטעלט מיט אַ וואַך, קיינעם נישט ארייגעלאָזט און נישט ארויסגעלאָזט, קיין ביסל וואַסער האָט מען צו זיי נישט צוגעלאָזט. אזוי האָט מען זיי געהאלטן פארשפאַרט צוויי טעג. דערווייל האָבן די שטאָט־עסקנים אויספרובירט אַלע מיטלען, — מען האט געגעבן וואָס מען האָט נאָר געקאָנט און וואָס מען האָט נאר פארלאַנגט אבי צו ראַטעווען די מענטשן. ענדלעך אויפן דריטן טאָג, איז אָנגעקומען אַ באַפעל אָפּצולאָזן אַלע מענטשן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן די פרייד פון די אומגליקלעכע פרויען, עלטערן און קינדער, ווען זייערע מענער, פאָטערס און קינדער זענען דערווייל געראטעוועט געוואָרן פון א זיכערן טויט.

מען האָט דערווייל געהאָפט און געגלויבט אין פאַרשידענע מעשיות און חלומות, אז עס מוז בעסער ווערן און אַזוי האָט מען איבערגעלעבט דעם ערשטן ווינטער און אָט קומט אָן דער פרילינג. עס איז ערב פסח, מען גרייט זיך באַקן מצות, ווער פון ווייצענע מעל, ווער פון קאָרענע מעל. מען ווינטשט זיך דערביי, אז איבער אַיאָר פסח זאָל מען שוין זיין געהאָלפן און מען זאָל שוין מער פון קיין צרות נישט וויסן. אָבער קיינער האָט דאַן נאָך נישט געהאָט דעם פאָרגעפיל, אַז איבער איאָר פסח וועט שוין פון דעם גאַנצן שטעטל קיין זכר נישט זיין, אז אַלע הייזער וועלן שוין זיין חרוב. נישט קיין מצות און נישט קיין פסח און נישט קיין יידן...

## עס ווערט געשאפן דער געטא

דעם 15־טן מאי 1942, ווערט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל פון געביט־קאָמיסאַר, אז עס מוז געשאפן ווערן א יידישער קוואַרטאל, ס'הייסט אַז אַלע יידן מוזן וווינען צוזאַמען, נישט צווישן קריסטן. נאָכער ווערט ארויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע דאָרפס־יידן מוזן זיך אריינציען אין שטאָט. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאר אַ ענגשאפט עס איז דאַן געוואָרן אין שטאָט. מען האָט געוווינט צו עטלעכע פאַמיליעס אין איין צימער, אָבער מען האָט נאָך אַלץ אמאָל געהאָפט, אז אפשר וועט מען דאָס אלץ איבערקומען, און עס וועט נאָך אַמאָל אויפשיינען די זון. אָבער לײדער, וואָס א טאָג ווייטער ווערט אַלץ ערגער. עס באַווייזן זיך אַלע טאָג אין דעם יידישן קוואַרטאַל די דייטשע גדולים, און מען קוקט אין געסלעך און אין די הייזער, און מען האַלט אין איין פלאַנעווען. עס גייען ארום פארשידענע ווערסיעס, אָבער גענוי ווייסט קיינער נישט, און פלוצים באַקומט דער יודנראַט אַ באַפעל, אז אין דריי טעג ארום מוז געשאפן ווערן אַ געטאָ לויט דעם פּלאַן וואָס עס ווערט אָנגעוויזן פון דעם געביטס־קאָמיסאַר און שטאבס־לייטער.

עס הייבט זיך אָן אַ איילענדיקע ארבעט, אַלע זענען באַשעפטיקט ביים מאַכן דעם הויכן פּאַרקן פון 2 א האַלבן מעטער און אין דער הויך — שטעכיק דראָט פון א האַלבן מעטער די הויך, אַרום דעם געטאָ. צום טערמין ווערט אלץ פארטיק. אָט געפינען מיר זיך שוין אלע אין א שטייג — אין דעם אזוי גערופענעם געטאָ. עס ווערט ארויסגעגעבן א פאָראָרדענונג, אז קיינער טאָר נישט אַרויס פון געטאָ קיין דלת אמות. לעבן דעם טויער ווערט אוועקגעשטעלט א וואַך פון אוקראַינישע פּאָליציי, סיי ביי־טאָג, סיי ביינאכט. יעדער ווערט קאָנטראָלירט גייענדיק פון דער ארבעט, צי ער טראָגט נישט, חלילה, מיט זיך עפּעס שפּייז.

אין געטאָ ווערט זייער שלעכט, עס בושעוועט אָ הונגער, מענטשן הויבן אָן צו טריקענען שאָלעכץ פון קאַרטאָפל. אויף וויפל מען קאָן העלפט אונטער איינער דעם צווייטן. די מער פעאיקערע גיבן זיך נאָך אביסל אַ עצה, אָבער פיל הונגערן.

די לאַגע ווערט וואָס אַמאָל אַלץ ערגער, אַ סאַך ריזיקירן און ווילן זיך עפּעס פארשאפן צום עסן, און פארלירן דערביי זייער לעבן.

נאָך ערגער ווערט די לאַגע, ווען די דייטשע ס.ס.־מענער מיט דעם געביטס־קאָמיסאַר פאַרגלוסט זיך צו מאַכן אַלע מאָל ביינאַכט א „יאגד" איבער יידן. זיי פלעגן אריינקומען אין געטאָ אין מיטן טיפן שלאָף און קלאַפּן אז מען זאָל זיי אויפמאַכן די טיר. ווען מען פלעגט פרעגן ווער עס קלאַפּט? האָט מען באַקומען אַ ענטפער: דער געביטס־קאָמיסאַר — מיכאילעס. פאַרשטייט זיך אז קיין ברירה איז שוין דאַן נישט געווען. מען האָט געמוזט אויפמאַכן די טיר, ווען נישט, וואָלטן זיי סיי־ווי־סיי זי אויפגעבראָכן. דאַן פלעגן זיי אלעמען באַפעלן ארויסצוגיין נאַקעט אויף דער גאַס, אויסשטעלן אין א ריי — און זיי פלעגן שיסן וויפל עס האָט זיך זיי געוואָלט.

אַ שכן וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פון מיין שטוב, סענדער לאַנדע, האָט זיך איינמאָל געראַטעוועט פון אַזאַ נאַכט־עקזעקוציע. ווען די דייטשן האָבן אים מיט א גרופּע יידן ארויסגעפירט ביינאַכט און אָנגעהויבן שיסן אויף זיי, איז ער אנידערגעפאלן און געבליבן ליגן אויף דער ערד לעבן די טויטע. און ווען די דייטשע מערדער זענען אוועקגעגאַנגען, איז ער אויפגעשטאַנען און איז אנטלאָפן. אַזעלכע שיסערייען פלעגן זיך איבערחזר'ן אלע מאָל, סיי ביי־טאָג, סיי ביי־נאַכט, אַז דאָס לעבן איז פאַרמיאוס'ט געוואָרן.

דאַן האָט מען אָנגעהויבן מאַכן פאַרשידענע באַהעל־טענישן: אין קעלערס און אין טאָפּעלע ווענט, כדי צו ראַטעווען דאָס ארעמע לעבן. אנדערע ווידער פלעגן פּרווון שפּרונגען איבער דעם הויכן פּארקן פון געטאָ און זיך לאָזן לויפן. פאַרשטייט זיך, אז דאָס לויפן פון געטאָ האָט ווידער געקאָסט נישט ווייניק יונגע לעבנס.

אַזוי האָבן מיר זיך געמאַטערט ביז 25 טעג אין חודש אב, און אָט קומט פּלוצעם אַ באַפעל פון דעם געביטס־קאָמיסאַר, אז אַלע יידן פון געטאָ, יונג און אלט, מוזן פאַרלאָזן דעם געטאָ און זיך ארויסציען א פּאָר קילאָמעטער הינטער דער שטאָט. הינטער דער שטאָט זענען געווען צוגעגרייט באַראַקעס טיף אין דער ערד, וואָס יידן האָבן זיי אליין געבויט א גאַנצן ווינטער. די דייטשן האָבן פאַר־זיכערט, אַז דאָרט וועט מען פאַרטיילן די ארבעטס־שיינען פאַר אלע ארבעטער. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט. מען האָט אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען מיט דעם געביטס־קאָמיסאַר. מען האָט נישט געשזאַלע־וועט קיין געלט און גאָלד און אנדערע טייערע זאַכן, ביז דער מערדערישער געביטס־קאָמיסאַר מיכאַילעס האָט צו־געזאָגט, אז אלע ארבעטער און די גאַנצע פאַמיליע פון דעם ארבעטענדן — די פרוי מיט די קינדער וועלן בלייבן לעבן, אויסער די וואָס קענען נישט ארבעטן, דאָס הייסט קראַנקע און אלטע מוזן געטויט ווערן. און יידן האָבן געגלויבט, אַז אַזוי וועט שוין באמת זיין, די ארבעטנדיקע וועלן בלייבן לעבן!

איך האָב שוין גוט געוווּסט ווי אַזוי מען קען גלויבן די דייטשע באנדיטן, און דאָס ערשטע האָב איך גענומען און באהאַלטן מיינע עלטערן אין א צוגעגרייטן „סכראָן", (באַהעלטעניש). וואָס איך האָב געלאָזן מאַכן נאָך פון פריער אין א טאָפּעלטער וואַנט. דער אָרט איז געווען גוט פאַרמאַסקירט, אז מען האָט גאָרנישט געקענט דערקאָנען. דאָרט זענען געווען באַהאַלטן פיל ווערטפולע זאַכן, און אויך אביסל פון מיינע פריינט האָבן זיך דאָרט אויסבאַ־האַלטן.

וואָס שייך מיך האָב איך נישט געוווּסט וואָס איך זאָל טאָן, צי זאָל איך זיך באהאלטן אָדער מיטגיין מיט אַלע יידן. נאָר אַזוי ווי מיין שוועסטער, די אלמנה, האָט געהאַט אַ קליין קינד פון צוויי יאָר, און באהאלטן זי מיט דעם קינד אין דעם „סכראָן" איז געווען אומעגלעך, ווייל דאָס קינד האָט כסדר געוויינט, האָב איך באשלאָסן צו גיין מיט מיין ליבער שוועסטער, בתיה, און מיט דעם טייערן פּלי־מעניקל — שמאי'לע אויף דעם פּלאַץ מיט אַלע יידן. איך בין ארויס דער לעצטער פון מיין שטוב, ווייל די ס.ס. מענער זענען שוין ארומגעגאנגען אין אלע הייזער און ארויסגעיאָגט אלעמען, ווער עס איז נאָך פאַרבליבן.

ארויסקומענדיק אין גאַס ווו עס האָט זיך געפונען דער טויער צום ארויסמאַרשירן, האָב איך געזען אזא בילד: אַלע מענטשן זענען געשטאַנען צוזאַמען מיט די קליינע קינדערלעך אויף די הענט, און זיך געהאַלטן ביי די הענט, פּונקט ווי יעדער וואָלט אָפּגעפילט אז דאָס האלט מען זיך שוין צום לעצטן מאָל. און ווען אַלע זענען שוין געווען צענויפגעזאמלט און די ס.ס. מענער האָבן געמאָלדן, אז קיינער געפינט זיך שוין נישט אין די הייזער, איז געקומען א באַפעל: אָפּמאַרשירן! ווי נאָר מיר זענען ארויס פון דעם טויער האָבן מיר דערזען, אז מיר זענען באַוואַכט פון א שטאַרקער וואַך פון ס.ס. מיט אוקראַינישער פּאָליציי באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער און ביקסן פון ביידע זייטן, אַזוי אז אנטלויפן איז געווען אַן אומעגלעכע זאַך. אָט אזוי פירט מען אונדז אין דער ריכטונג צום בית עולם דאָרט אַקעגן איבער האָבן זיך טאַקע געפונען די באַראַקעס.

## די גרויסע שחיטה

אוממעגלעך צו באַשרייבן וואָס יעדער איינער האָט איבערגעלעבט אין דעם דאָזיקן מאָמענט. דער טאָג איז

געווען זייער א הייסער, דער הימל העל, און עס האָט זיך געוואָלט לעבן. קוים וואָס מען האָט זיך דערשלעפּט צום פּלאַץ פון די באַראַקעס, ווייל די פיס ביי יעדן זענען דאַן געווען ווי אונטערגעהאַקט — מיר האָבן דאָך שוין געזען וואָס עס דערוואַרט אונדז.

צוקומענדיק צום פּלאַץ האָט מען אויפגעמאַכט דעם טויער און מיר זענען אַלע אריין. אריינקומענדיק אויף דעם פּלאַץ האָבן מיר דערזען דורך די שפּארעס פון פּארקן, אז אויף דעם הייליקן אָרט שטייען פויערים און גראָבן גריבער. פאַר וועמען גראָבן זיי די גריבער — האָבן מיר שוין געוווּסט.

איך בין ארומגעגאַנגען פון איין רעדל צום צווייטן און געפרעגט, וואָס קלערט מען צו טאָן, אָבער ליידער זענען די מענטשן געווען אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. זעענדיק דעם מצב האָב איך אָנגעהויבן צו אַגיטירן אַלע יונגע מענער, אז מיר זאָלן זיך אַלע וואַרפן מיט אמאָל אויף די ס.ס. מיט דער פּאָליצייַ, ארויסרייסן פון זיי די ביקסן און וויפל מען וועט קאָנען טויטן אויפן אָרט, און די איבעריקע זאָלן זיך צעלויפן אין די וועלדער. אפשר א הונדערט מאַן זענען געווען גרייט צו מאַכן דעם אויפשטאַנד אָבער די איבעריקע האָבן געזאָגט: „וואָס וועלן מיר טאָן מיט די פּיצלעך קינדער, סיי ווי וועלן מיר נישט קענען אַנטלויפן". אַזוי זענען געוואָרן אָפּגעלאָזן ביי אַלעמען די הענט, און אלע האָבן געוואַרט אויף דעם טראַגישן סוף.

זעענדיק אז איך קען גאָרנישט אויפטאָן, האָב איך זיך אנידערגעזעצט און אָפּגעגעסן ווייל איך האָב מיטגעבראַכט עפּעס שפּייז נאָך פון שטוב. דאַן בין איך צוגעגאַנגען צום ברונעם וואָס האָט זיך דאָרט געפונען אויף דעם פּלאַץ און האָב זיך גאַנץ גוט אָנגעטרונקען מיט קאַלט וואַסער, מיט דעם אויסרעכענונג אז איך זאָל דערווייל נישט פאלן פון די כוחות, כדי איך זאָל קענען אין דעם קריטישן מאָמענט אנטלויפן אָדער אין ערגסטן פאל טויטן מיט זיך כאָטש איין ס.ס. מאַן.

און אָט ברענגט מען פּלוצים צופירן א 100 ציגיינער אויך אויף דעם פּלאַץ. עס קומט אָן דער געביט־קאָמיסאַר מיט אַלע איבעריקע תליינים. מען גיט א באַפעל זיך אויסשטעלן, מען וועט צוטיילן די ארבעטס־קאַרטן. אַלע שטעלן זיך אויס. מען שפּיצט אָן מויל און אויערן. יעדער וויל וויסן צי וועט ער זיין פון די גליקלעכע, צי וועט מען אויסרופן זיין נאָמען אָבער וואָס ווייטער פּלאַצן ביי יעדן די נערוון, בפרט אַז מען זעט, אַז דער געביט־קאָמיסאַר האָט אָפּגענאַרט ווייל ער האָט צוגעזאָגט, אַז אויב דער מאַן וועט ארבעטן וועלן זיינע קינדער געראַטעוועט ווערן. צום סוף אָבער ווייזט זיך ארויס, אז קיין איין קינד באַקומט נישט קיין דערלויבעניש צו גיין מיט די עלטערן.

מען רופט אויס אַ מוטער. זי האַלט אויף די הענט א זויגלינג. זי ווייסט נישט וואָס צו טאָן: צי נעמען דעם שיין און אריין אין דעם באַראַק און בלייבן דערווייל לעבן, אָדער איבערלאָזן דאָס קינד אויף דער ערד? זי ראַנגלט זיך מיט די דעה, זי וויל מיטנעמען דאָס עופ'עלע מיט זיך, אָבער מען רייסט דאָס ארויס ביי איר פון די הענט. און זי ווערט דורך דער פּאָליציי אריינגעיאָגט אין דעם באַראַק. ערשט דאָרט אינעווייניק באַדענקט זי זיך, די אומגליקלעכע מוטער, זי וויינט, זי שרייט, זי שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט, זי וויל צוריק ארויס, אָבער די טיר איז פארשפּאַרט און מען לאָזט נישט ארויס.

אַזוי וואקסט אלץ מער די צאָל מענטשן אין דעם באַראַק. צענדליקער הונדערטער אומגליקלעכע מוטערס און פאָטערס האָבן איבערגעלאָזן זייערע אומשולדיקע קינדערלעך, און זיך מער מיט זיי שוין נישט געזען. עס זענען געווען אויך פיל עלטערן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון נעמען זייערע שיינען ווען מען האָט זיי נישט געלאָזט מיטנעמען זייערע ליבינקע קינדערלעך, זענען טאַקע פארבליבן צוזאַמען מיט זיי אין א צווייטן באַראַק, און צוזאַמען מיט זיי געגאַנגען צו די גריבער און צוזאַמען אומגעקומען.

די שפּאַנונג איז געוואָרן אלץ שטאַרקער, מען הויבט זיך אָן צו שטופּן, יעדער וויל שטיין פאָראויס, אפשר וועט מען זיין נאָמען אויסרופן, עס זענען אויך געווען פיל פאלן, ווען מען האָט אויסגערופן אַ נאָמען און צוגעלאָפן איז אַ צווייטער, א כאַפּ געטאָן דעם ארבעט־שיין און אריינגעלאָפן אין באַראַק פון די לעבעדיקע. און אָט רופט מען מיך אויס מיט מיין שוועסטער. איך קוק זיך ארום — איך זע נישט מיין שוועסטער בתיה, און מען לאָזט מיר נישט גיין זי זוכן, מען שפּארט מיך אריין אין דעם באַראַק מיט אַ צולאָג פון אַ פּאָר קלעפּ, אזוי ווי מען פלעגט יעדן באַגלייטן. ערשט זייענדיק אין באַראַק דערוווּס איך זיך, אז א צווייטע פרוי האָט אויסגעכאַפּט איר ארבעטס־שיין...

איך הויב אָן ארומזוכן די פרוי און נאָך שווערער מי געלונגט מיר די פרוי צו געפינען. איך פאָדער, אז זי זאָל מיר צוריקגעבן מיין שוועסטערס ארבעטס־שיין, אָבער זי לייקנט, אַז זי ווייסט פון גאָרנישט. נאָך לאַנגע אַנ־

שטרענגוונגען און דראָונגען געלונגט מיר אָפּצונעמען ביי איר דעם ארבעטס־שיין, און מיט גרויסע שוועריקייטן געלונגט מיר אריינצונעמען מיין שוועסטער צו מיר אין באַראַק, אָבער אָן דעם קינד.

שווער צו באשרייבן די אַלע סצענעס וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין דעם דאָזיקן באראק מיט די אומגליק־ליכע. דאָס בילד וועט מיר אייביק שטיין פאר מיינע אויגן! און אָט פלוצלינג ברענגט מען צופירן נאָך א 300 יידן פון אַ דערבייאיק שטעטל, קליין־לישע הייסט דאָס שטעטל. עס ווערט איבערגעריסן דאָס ארויסגעבן די ארבעטס־קאַרטן אַלע מענטשן ווערן אריינגעטריבן אין די באַראַ־קעס, און אַזוי האַלט מען זיי ביז פארנאַכט. דאַן הויבט זיך אָן די שרעקלעכע עקזעקוציע.

צוערשט פירט מען אוועק די 100 ציגיינער, מען דערשיסט זיי און מען ווארפט זיי אריין אין דעם גרוב, וואָס עס איז שוין געווען צוגעגרייט אויף דעם הייליקן אָרט. נאָכער נעמט מען אַרויס פון די באַראַקן די יידן צו 20 מאָן מיט איין מאָל, מען הייסט זיי אַלע זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט, סיי מענער, סיי פרויען, קינד און אַלט, און ווער עס וויל נישט פאָלגן — ווערט מערדערלעך גע־שלאָגן. אָט אזוי פירט מען זיי אַ 300 מעטער ביז צו די גריבער אויפן בית עולם. דאָרט הייסט מען זיי ארונטערגיין אין גרוב. אראָפּגיין אין גרוב האָט מען געדאַרפט מיט טרעפ. אָט אזוי האָבן די מענטשן געמוזט אליין ארונטערגיין אין גרוב זיך לייגן מיטן פנים אראָפּ, איין שיכט מענטשן אויפן צווייטן. צוויי ס.ס. מערדער זענען געשטאַנען ביי דעם גרוב מיט אוטאָמאַטן און פארקאַטשעטע ארבל, און נאָך יעדן שיכט אוועקגעלייגטע מענטשן — אַרויסלאָזן אַ סעריע קוילן אין גרוב אריין, נישט צילענדיק, ווי איינעם האָט געטראָפן. פארשטייט זיך, אז פיל מענטשן זענען נאָך געווען לעבעדיק, נאָר פאַרוואונדעט.

באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אכזריות דער אוקראַינישער קאָמענדאַנט פון אונד־זער שטעטל — יאשקע מאזור, וועלכער פלעגט נע־מען די פיצעלעך עופ׳עלעך ביי איין הענטל און זיי געשליידערט לעבעדיק אין גרוב אריין. אָט אזוי האָבן פאַרענדיקט אין יענעם טראַגישן טאָג זייער לעבן איבער 1.800 יידן פון אונדזער שטעטל. עס איז נישט געבליבן ביי אונדז אין געטאָ קיין איין איינ־ציק יידיש קינד ביז 14 יאָר; אויסער ביי דע פרעזעס בער פון יודנראט איז געבליבן איין מיידעלע פון 2 יאָר, דאָס האָט ער קוים געפּויעלט ביי דעם געביטס־קאָמיסאַר.

ווען דער גרוב איז פול געוואָרן האָט מען אויבן באשאָטן מיט כלאָר און זי פארשאָטן.

אונדז די לעבעדיקע האָט מען געהאַלטן אין דעם באַראַק דריי טעג און נעכט, אָן עסן און אָן טרינקען. עס איז נישט מעגלעך צו באשרייבן וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דעם פּלאַץ, ווען די אומגליקלעכע מוטערס זענען אויפן צווייטן טאָג ארויס אויף דער גאַס, און דערקענט די בגדים פון זייערע טייערע קינדערלעך וואָס זענען געלעבן אין איין גרויסן בארג. זיי האָבן געכאַפּט די זאַכן גע־דריקט צום הארצן, געקושט, געיאָמערט, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ — פארוואָס זיי זענען נישט מיטגעגאַנגען מיט זייערע ליבינקע קינדערלעך צו ליגן צוזאַמען אין איין גרוב...

נאָך דריי טעג פון פיין און ליידן קומט צו אונדז צופאָרן דער מערדערישער געביטס־קאָמיסאַר מיט נאָך אביסל ס.ס. מענער, און באַפעלט אלעמען אַרויסגיין פון באַראַק, זיך אויסשטעלן אין א רייע צו צוויי מאַן און ציילט אונדז איבער עטלעכע מאָל עס ווייזט זיך ארויס, אז עס זענען געבליבן נישט מער ווי ביי 780 מענטשן. ער האַלט נאָך א רעדע אויפן פּלאַץ, אז מיר זענען אליין שולדיק פארוואָס מיר זענען געבליבן אזוי ווייניק, ווייל עס איז נישט געווען קיין אָרדענונג זאָגט ער, און מיר זאָלן צוריק גיין אין געטאָ. מיר מוזן זיין אלע געהאָרכזאַם, יעדער מוז גיין ווידער צו דער ארבעט און פארגעסן וואָס עס איז געשען. פאר נישט פאָלגן עפּעס וועט מען ווערן גלייך דערשאָסן. נאָכער גיט ער נאָך צו, אז יעדער מוז אוועקגעבן וואָס ער האָט ביי זיך באהאַלטן געלט, גאָלד, זייגערס, רינגלעך א.א.וו. יעדער ביי וועמען מען וועט עפּעס געפונען און ער וועט אַליין נישט אָנגעבן — וועט ווערן דערשאָסן.

עס פאַנגט זיך אָן אַ רייסן פון דאַלאָרן, אַנדערע באַגראָבן זיי אין זאַמד. פיל גיבן אָפּ וואָס זיי האָבן, אַנדערע וואַרפן אוועק בעסער אין זאַמד. ביז אַלע גייען ענדלעך אַדורך די קאָנטראָל.

מען הייסט ווידער זיך אויסשטעלן. מען ציילט ווידער אַלעמען, און מען הייסט מאַרשירן אין געטאָ. קומענדיק אין געטאָ דערזעען מיר, אז דער טויער איז איבערגע־טראָגן געוואָרן אין אַ צווייטער גאַס, און דאָס געטאָ איז פארקלענערט געוואָרן אויף אַ דריטל, דער פאַרקאַן איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אין מיין גאַס, לעבן מיין שטוב. אריינקומענדיק אין שטוב, בין איך געגאַנגען זען וואָס עס מאַכן מיינע עלטערן. זיי דערהערנדיק, אז איך בין געקומען, זענען ארויס פון דעם „סכראַן". עס ברעכט אויס אַ געוויין, זיי פרעגן מיר גלייך אויף דער שוועסטער מיט

דעם קינד. איך זאָג זיי, אז די שוועסטער איז דאָ. אָבער זיי לויפן אנטקעגן, זיי ווילן שוין וואָס גיכער זען די שוועסטער מיטן קינד, אָבער ווי ערשטוינט ווערן זיי, אז זיי דערזעען די שוועסטער און דאָס קינד איז נישטאָ. זיי ברעכן ווידער אויס אין א געוויין. איך פּרוביר זיי באַרויקן און דערקלערן, אז עס איז נישט געבליבן קיין איין קינד אין גאַנצן געטאָ, אָבער דאָס דערדריקט זיי נאָכמער. עס ווערט אן אלעמיינער קלאָג פאַר אלעמען.

אַזוי לעבן איבער די אלע איבערגעבליבענע עטלעכע הונדערט מענטשן, טעג און נעכט, פון טרויער און ליידן. דאָס שרעקלעכע בילד שטייט יעדן פאַר די אויגן און עס נאָגט דעם מארך פון די ביינער. יעדער ווייסט אז אויך מיר, די איבערגעבליבענע, וועלן נישט אויסמיידן דעם זעלבן סוף.

מאָרגן פאנגט זיך אָן ווידער אַ טאָג פון ארבעט און ארבעטער דאַרף מען איצט נאָך מער ווי פריער, ווייל אַ סאך ארבעטער זענען אומגעקומען, און דער יודנראַט קען זיך קיין עצה נישט געבן. אָט אַזוי גייען ווידער אַוועק טעג און וואָכן אין זאָרג און אין צרות.

עטלעכע טאָג נאָך דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען קומט ווידער דער געביטס־קאָמיסאַר אין געטאָ און שיסט דריי פרויען. איך בין גראָד פונקט געווען אין געטאָ, און אַזויאַרום איז אויסגעקומען מיך מיט נאָך דריי מאַן: יעקב־קאַטן, בוצי טשערטאַק און רובינשטיין צו פאָרן אויף דעם הייליקן אָרט מקבר זיין די דריי הרוגות. קומענדיק אויף דעם בית עולם זענען מיר געגאַנגען אנקוקן די מאסן־קברים — און אָט אנטפּלעקט זיך פאר אונדזערע אויגן אַזאַ בילד: דאָס בלוט שפּרוצט נאָך אַלץ ארויס פון די גריבער, אַלע טאָג האָט מען זיי געמוזט פאַרשיטן מיט קלאָר, וואַפּנע און זאַמד, ווייל די טעג זענען געווען זייער הייסע, און עס האָט זיך שטאַרק געשפּירט. און אַ צווייטן גרוב דאַנעבן איז געווען צוגעגרייט פאַר די איבערגעבליבענע יידן.

## צוריק אין געטא

קומענדיק אהיים אין געטאָ האָבן מיר דערציילט אלץ וואָס מיר האָבן געזען. עס זענען ווידער געלאָפן טעג און וואָכן. דער געביטס־קאָמיסאַר האָט פאַראָרדנט דעם יודנראַט צו שיקן אַלע טאָג מענטשן, צוזאמענעמען דאָס גאַנצע יידיש האָב און גוטס פון דער צווייטער זייט געטאָ, וואָס איז שוין געווען ליידיק אָן יידן, און אַזוי האָבן יידן נאָך מיט אייגענע הענט געמוזט איבערגעבן דעם דייטשן מערדער דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן.

נישט איין מאָל פלעגט טרעפן אַז אַ ייד פלעגט ארי־בערשפּרונגען איבער דעם פּאַרקאַן אין צווייטן זייט געטאָ, כדי אַרויסצונעמען עפּעס אַביסל זאַכן אָדער אַביסל עסנווארג. וואָס ער האָט זיך אָנגעגרייט אין א „סכראָן". ווען ער פלעגט ווערן באמערקט פלעגט ער גלייך דער־שאָסן ווערן אויפן אָרט. אזוי־ארום פלעגן נישט ווייניק מענטשן אומקומען איינשטעלנדיק זיך דאָס לעבן.

דאָס אויסרייניקן דעם געטאָ האָט געדויערט דריי מאָ־נאַטן, אַלע בעסערע זאַכן האָבן די דייטשן צוגענומען פאר זיך, און די ערגערע זאַכן, וואָס עס האָט נישט גענוצט פאר זיי, האָבן זיי צעטיילט פאַר דער אוקראַינישער באפעלקע־רונג. יעדן טאָג פלעגן קומען די פּויערים פון די ארומיקע דערפער און קריסטן פון שטאָט, פלעגן שטיין אין לאנגע רייען ביים טויער פון געטאָ, און דער געביטס־קאָמיסאַר פלעגט זיי טיילן דאָס יידישע גוטס. צו דעם צוועק האָט דער באַנדיטישער געביטס־קאָמיסאַר און דער שטאַב־לייטער אראָפּגעבראַכט אויך זייערע פרויען פון דייטשלאַנד. פונקט צו דער „אַקציע" זענען זיי געקומען אויף דעם פּלאַץ, און נאָכהער זענען זיי ארומגעגאַנגען אין אלע הייזער פון געטאָ און האָבן זיך אויסגעקליבן וואָס נאָר עס איז זיי געפעלן. דעם געביטס־קאָמיסארס נאָמען איז געווען: פריץ מיכאעלס ימ"ש פון בערלין. גאַנצע אויטאָס מיט יידישן האָב און גוטס האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך קיין דייטש־לאַנד!

אַזוי ארום האָבן מיר גוט געוווּסט, אז אויך אונדזערע טעג זענען געציילטע, בפרט אז מיר פלעגן זיך אַלע מאָל דערוויסן ווען עס פלעגט פאָרקומען א ליקווידאַציע פון געטאָ אין אַן אנדערע שטאָט. אַזוי צום ביישפּיל האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דער ליקווידאציע פון די געטאָס אין לוצק, קאָברין, בריסק קאָוועל און אנדערע שטעט. מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זוכן אַן עצה און אַן אויסוועג. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן גרופּן, יעדער איינער האָט געטענה'ט אז מען דאַרף גיין אין די וועלדער זוכן א פארבינדונג מיט פּארטיזאַנער. אָבער אין יענער צייט זענען נאָך קיין גרויסע פּאַרטיזאַנער גרופּן נישט געווען, און עס איז געווען שווער זיי צו געפינען. אַזוי ארום הויבט מען אָן זיך צו שאפן געווער. דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט זיך צו פאַרשאפן, מען האָט געמוזט אָנקומען צו די פּויערים, און נישט פאר יעדן פּויער קען מען זיך פאַרטרויען, זענען טאַקע נישט ווייניק יונגע יידן ארייג־געפאַלן. אַזוי צום ביישפּיל, איז אומגעקומען שעפּע פעלדמאַן, ווען ער האָט געקויפט א פּיסטאָלעט ביי אַ באַקאַנטן פּויער, און ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען האָט

דער זעלבער פויער געמאָלדן דער פּאָליציי. מען האָט אים נאָכגעיאָגט און געכאַפּט מיט דעם פּיסטאָלעט. מען האָט אים איבערגעגעבן די דייטשן און אים מיט זיין פאָטער מאיר האָט מען גלייך געשאָסן.

## דאס פארשאפן געווער

אַזוי לעבן מיר ביז דעם מאָנאַט נאָוועמבער. מיר פילן, אז מיר לעבן אויף מינוטן. עס האָבן זיך אוועקגעלאָזן עטלעכע יונגע מענער אין וואָלד כדי אָנצוקניפּן אַ פאַרבינדונג מיט פּארטיזאַנער. אַזוי זענען אוועק אין וואָלד מאָטל סטריער, טויזנער, יוסף סעגאל א.אנד. אין שטאָט שאַפן זיך גרופּעס און גרייטן זיך צו געווער. אויך איך האָב אָנגעקניפּט א פאַרבינדונג מיט א באַקאַנטן פויער, און ער האָט מיר צוגעזאָגט ברענגען אַ ביקס. אַזוי האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ 20 ביקסן און עטלעכע פּיסטאָלעטן.

אָבער די צייט לויפט שנעל... איין מאָל, ווען מיר זענען געווען ביי דער ארבעט אין ארטעל (די ארטעלן זענען געווען אויסער דעם געטאָ) קומט אַריין דער געביטס־קאָמיסאַר מיט דעם פּרעזעס פון יודנראַט בער, און פאַרשריבט צו צוויי מענטשן פון יעדן פאַך. אַזוי איז ער ארומגעגאַנגען פון אָרטעל צו ארטעל און פארשריבן צו 2 מאַן. ווי נאָר דער געביטס־קאָמיסאַר איז ארויס פון ארטעל, גיב איך א זאָג צו מיינע חברים אַז היינט בין איך צום לעצטן מאָל אין געטאָ, ווייל איך בין זיכער, אז היינט אָדער מאָרגן וועט זיין די ליקווידאַציע פון געטאָ, און איך ראָט אלעמען אנטלויפן, אפילו די וואָס ער האָט פאַרשריבן.

80 מענטשן זענען עס געווען וואָס דער געביטס־קאָמיסאַר האָט געוואָלט דערווייל איבערלאָזן, די ספּעציאַליסטן פון יעדן פאַך, ביז ער וועט זיי נאָך דאַרפן פאַר זיין נוצן.

## איך פארלאז דעם געטא

איך האָב זיך גלייך אויפגעהויבן, פאַרלאָזט דעם ארטעל און געקומען אהיים. אריינקומענדיק אין טויער פון געטאָ, פרעגט מיך דער יודנראַט מיטגליד — קאגאן, וואָס איז געשען, ווייל ער האָט דערקענט אין מיר אַז איך בין שטאַרק בלאָס און דענערווירט. איך האָב אים אלץ דערציילט און געזאָגט, אז היינט אָדער מאָרגן וועט דער געטאָ ליקווידירט ווערן, און וועמען איך האָב געטראָפן אויפן וועג האָב איך געזאָגט, אז מען זאָל אנטלויפן.

עס איז געוואָרן א פּאַניק אין געטאָ, ווייל פון מויל צו מויל האָט זיך צעטראָגן די טרויעריקע בשורה. אויך ביי מיר אין שטוב האָט מען גלייך דערקענט אין מיר אז איך בין שטאַרק צערודערט, און מען האָט מיך אָנגעהויבן פרעגן וואָס איז געשען? איך האָב נישט געהאַט וואָס צו באַהאַלטן, און געזאָגט דעם אמת.

אין שטוב האָט זיך באַלד דערהערט אַ געוויין. עס האָבן ביי אונדז אין שטוב דאַן געוווינט דער קאָברינער רבי מיט זיין איידעם אויך אַ רב מיט דער גאַנצער פאמיליע זיינער — און אלע האָבן אויסגעבראָכן אין א געוויין. איך בין געוואָרן נאָך מער צעטומלט, איך בין צוגעגאַנגען צו מיין מוטער עליה השלום און געבעטן זי זאָל מיר געבן איבערצוטאָן ווייסע וועש. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי מיר געגעבן די וועש. איך האָב אָנגעטאָן אויף מיר דריי פּאָר וועש מיט א פוטערנע קורטקע און בין ארויס פון שטוב, ווייל דאָס הארץ האָט געקאָנט פּלאַצן פון די געוויינען אין שטוב. מיין טייערער פאָטער איז נאָך מיר ארויס אויף דער גאַס, און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער מיר געפרעגט ווו איך גיי. איך האָב אים געזאָגט, אז איך ווייס אליין נישט ווו איך גיי, נאָר איך וויל נישט מער אריינפאַלן נאָך אמאָל א לעבעדיקער צו די דייטשן אין די הענט, און מיינע אויגן זאָלן נאָך אמאָל זען דאָס וואָס איך האָב שוין געזען אויפן פּלאַץ, און אויב עס איז מיר באַשערט אומצוקומען — וויל איך בעסער פאַלן לויפנדיק! מיין פאָטער עליו־השלום, האָט מיר פּרובירט אָפּרעדן אז איך זאָל נישט גיין, אָבער נאָכער האָט ער געזאָגט: טו ווי דו פאַרשטייסט, אפשר וועט דיר גאָט העלפן.

## אראָפּגעריסן די געלע לאַטעס...

איך האָב געוואָלט צוגיין צום יודנראט און עפּעס זיך נאָך אדורכשמועסן, אָבער צוקומנדיק צום יודנראט האָב איך שוין קיינעם נישט געטראָפן. דערווייל האָב איך געזען אז פיל מענטשן גייען ארויס פון טויער און פארלאָזן דעם געטאָ. מורא האָבנדיק טאָמער וועט מען זיך כאַפּן אז די יידן פארלאָזן דעם געטאָ און מען וועט דעם געטאָ ארומרינגלען און קיינעם נישט ארויסלאָזן, — האָב איך זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט אהיים.

איך בין אָרויס פון טויער און בין אוועק אויסער דער שטאָט. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט צוויי באַקאַנטע יידישע יינגלעך פון א דאָרף, און כ'האָב געזאָגט צו זיי: — איצט רייסט אראָפּ פון זיך די געלע לאטעס, פון היינט אָן זענען מיר מער נישט קיין געטאָ־יידן, פון איצט אָן זענען מיר הפקר מענטשן אָן א היים און אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. און אזוי טאַקע האָבן מיר געטאָן: אראָפּגעריסן די געלע לאַטעס פון זיך און אָנגעהויבן וואנדערן. עס איז לייכט

צו זאָגן „וואַנדערן"; די געפאַר איז געווען זייער גרויס, יעדער האָט געלויערט אויף דיין לעבן, אין יעדן דאָרף זענען געווען אוקראַינישע פּאָליציי אין די צענדליקער. יעדער פּויער וואָס פלעגט כאַפּן א יידן פלעגט ער אים טויטן און צונעמען ביי אים אלעס. מען האָט געמוזט זיין אַזוי פּאַרזיכטיק, אז קיין שום מענטשלעך אויג זאָל דיך נישט באמערקן. און דערצו איז נאָך געווען ווינטער־צייט, דער ווינט בּרעכט די ביינער, קיין בלעטער אויף די בוימער זענען שוין נישט געווען, עס האָט אָנגעהויבן צו שנייען און עס איז נישט געווען ווו דעם קאָפּ אוועקצולייגן.

נאָך דריי טעג וואַנדערן דערוויס איך זיך פון א באַקאַנטן פּויער, אז מיינע צוויי שוועסטער זוכן מיך אַרום. איך בעט דעם פּויער אַז ער זאָל מיר אויפזוכן מיינע שוועסטער און זיי ברענגען ביינאַכט צו מיר, איך האָב אים באַצאָלט און ער האָט מיר געבראַכטביידע שוועסטערס. צוזאמען מיט זיי איז געווען נאָך אַ ייד פון אונדזער שטאָט מיט 4 קינדער, אזוי ארום זענען מיר געוואָרן א גרופּע פון 9 פּערזאָן און דאָס האָט נאָך מער באשווערט אונדזער לאַגע און די מעגלעכקייט פון זיך אויסבאהאלטן.

אַזוי זענען מיר ארומגעגאַנגען צוזאַמען דריי וואָכן. די גאַנצע צייט האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין קשאקעס, ביי נאַכט פלעג איך באַזאָרגן עפּעס צו עסן. איין מאָל אין דער פרי ווען מיר זענען אַזוי געזעסן לעבן פייער און זיך געוואָרעמט, הער איך פלוצים ווי א הונט בילט שטאַרק פון ווייטן. עס טראָגט מיך פון אָרט, איך גיי ארויס פון די קשאקעס און קוק זיך גוט איין. פון ווייטן דערזע איך ווי א סאך מענטשן דרייען זיך ארום א שטוב. איך קוק זיך ווידער שטאַרק איין, און איך זע אז מען הויבט זיך אָן לאָזן אין דער ריכטונג צו אונדז. איך שטיי נאָך אביסל, קוק זיך איין און דערזע אז די מענטשן זענען באוואָפנט מיט ביקסן. עס איז נישט געווען קיין ספק אז מען גייט צו אונדז. איך לויף גלייך אריין אין די קשאקעס און גיב אַ געשריי, אז אלע זאָלן זיך צעלויפן, דערביי וואָרן איך, אז מען זאָל נישט לויפן צוזאמען נאָר איינציקווייז, וועט עמיצן אפשר געלונגען צו אנטלויפן.

איך הויב אָן צולויפן דער ערשטער און אלע לויפן נאָך מיר. איך וואָרן נאָך אַמאָל, אַז אַלע זאָלן זיך נישט האַלטן צוזאַמען, ווייל אַזוי וועט נישט מעגלעך זיין צו אנטלויפן, אָבער עס העלפט גאָרנישט. איך לויף ארויס און דערזע אז עס איז שוין א פריי פעלד, און אויפן פרייען פעלד איז נישט מעגלעך צו אנטלויפן. לויף איך ווידער אריין אין די קשאקעס, און פון דאָרט הויב איך אָן צו לויפן אין דער ריכטונג פון דער פּאָליציי. אָבער איך בין פּאָרזיכטיק נישט אריינצולויפן גלייך אין זייערע הענט, און עס געלונגט מיר טאָקע מיט א זייט זיך אדורכרייסן און אנטלויפן.

## דער טויט פון א גרופּע פּליטים

אָפּלויפנדיק אַ פינף קילאָמעטער פון דעם אָרט האָב איך מיך אנידערגעזעצט אָפּרוען, בין איך אַריין אין אנדערע קשאקעס און געזעסן ביז נאַכט. ווען עס איז געוואָרן פינצטער, בין איך ווידער אוועק אויף דעם פריערדיקן אָרט. איך בין אריין צו א באַקאַנטן פּויער, און ער האָט מיר דערציילט אלץ וואָס ס'איז פאָרגעקומען: מען האָט זיי אלעמען ארויסגעיאָגט אויפן פרייען פעלד, איין יינגל האָט מען געשאָסן לויפנדיק, מיינע שוועסטערס און די איבעריקע, צוזאמען 8 פּערזאָן, האָט מען אריינגעפירט אין איין שטוב. נאָכהער האָט מען זיי אָפּגעפירט אינם דערבייאיק שטעטל — לישע, און מען האָט זיי אַלע געשאָסן. אזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס לעבן פון א גרופּע יידן דורך די מערדערישע הענט פון דער אוקראַינישער פּאָליציי, דריי וואָכן נאָכן אנטלויפן פון געטאָ.

עס זענען געווען אין דעם זעלבן דאָרף 4 יינגלעך פון אונדזער קאָמפּאַניע, זיי זענען אָבער גראָד דאמאָלסט נישט געווען מיט אונדז צוזאמען. אָבער דערהערנדיק וואָס עס איז געשען מיט אונדז, זענען זיי זיך צעלאָפן און איך האָב זיי בשום אופן נישט געקענט געפינען.

דריי נעכט בין איך ארומגעגאנגען זיי זוכן. אָבער איך האָב זיי נישט געקענט געפונען. איך האָב זיי געוואָלט מיטנעמען און אוועק ערגעץ אין אַ וואַלד, אָבער זעענדיק אז איך קאָן זיי נישט געפינען, האָב איך געמוזט אַליין אוועק אויף א צווייט אָרט.

## וו געטאָגט נישט גענעכטיקט

די אוקראַינישע באַנדעראָווצעס האָבן גוט געוווּסט וויפל יידן עס זענען נאָך פארבליבן, און זיי האָבן זיי אזוי לאַנג ארומגעזוכט ביז עס איז זיי געלונגען אין א וואָך ארום כאַפּן די 4 יינגלעך. דאַן האָבן זיי געזאָגט צו די פּויערים, אז זיי מוזן אויך מיך כאַפּן, אָבער ווי געזאָגט, בין איך אריבער אויף א צווייט אָרט. וו געטאָגט נישט גענעכטיגט, און א סאך האָב איך צו פארדאנקען פאַר מיין לעבן א באַקאַנטן פּויער פון דאָרף טשארטשע — כאַוואָסט איז זיין נאָמען.

דער טייערער און אָרנטלעכער פּויער האָט מיר זייער פיל געהאָלפן און געראַטעוועט דאָס לעבן — וויניק

זענען פאַראַן אַזעלכע מענטשן ווי דער דאָזיקער פּויער, וואָס האָט געהאַט אַ פרוי מיט זעקס קליינע קינדער

אַ לאַנגע צייט בין איך געשלאָפן ביי דער פאַמיליע אין אַ שייער, אויך ווינטער ביי דרייסיק־גראַדיקן פראָסט. און זיי פלעגן מיר טראָגן עסן. אין שטוב אריין האָבן זיי מורא געהאַט מיך צו נעמען, און אויך איך האָב מורא געהאַט טאָמער וועט עמיצער דערזען אז איך לעב. אזוי האָב איך איבערגעקומען דעם ווינטער אין גרויסע צרות.

עס איז לייכט צו זאָגן איבערגעקומען. „זעקס מאָנאַטן האָב איך קיין וועש נישט געביטן. נישט איין מאָל בין איך אויך אריינגעפאַלן אין באַנדעראָווסקע הענט — און זיך געמוזט ארויסדרייען. אוממעגלעך צו באַשרייבן אַלע איינצעלהייטן.

אָט קומט שוין אָן פרילינג 1943.

איך לאָז זיך ווידער ארויס איבער אונזער וועלטל, און דערוויס זיך, אז אין אַ דערבייאיקן דאָרף, סידראָוויטש, געפונט זיך א גרופּע יידן. איך באַשליס זיי אויפזוכן, ענדליך געלונגט מיר דורך א באַקאַנטן פּויער אויפזוכן די גרופּע יידן. איך טרעף זיך צענויף מיט דער גרופּע. פיר מענער זענען זיי געווען. זיי דערציילן מיר, אז נאָך עטלעכע פרויען געפינען זיך מיט זיי, באַהאַלטן ביי פּויערים. מיר שמועסן זיך דורך, יעדערער האָט וואָס צו דערציילן, און גרעסער איז געווען די פרייד ווען מען זעט נאָך א פּאָר יידן וואָס זענען געבליבן לעבן. מיר האַלטן זיך א עצה וואָס צו טאָן ווייטער, ווייל בלייבן אויף דעם אָרט איז געווען געפערלעך. עס זענען דאָרט געווען זייער פיל באַנדעראָווצעס וועלכע האָבן געזוכט יידן מיט ליכט; און נישט נאָר יידן, נאָר אויך פּאָליאַקן פלעגן זיי אויסמאָרדן. האָב איך זיי דערציילט, אז איך האָב א באַקאַנטן פּויער וואָס האָט אביסל א פאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנער, און דער פּויער האָט מיר צוגעזאָגט אז ער וועט מיך פאַרבינדן מיט זיי.

אַלע זענען צופרידן מיט מיין פּלאַן און מיר וואַרטן ביז עס וועט זיין די געלעגנהייט.

## צוזאַמענטרעף מיט פּאַליאַקן

אין א פּאָר טעג ארום זאָגט מיר דער פּויער, אַז היינטיקע נאַכט וועלן זיין ביי אים עטלעכע פּאַרטיזאַנער. מיר באַשטימען אַ אָרט אין וואַלד וווּ מיר דאַרפן זיך צוזאַמענטרעפן. מיר וואַרטן אַלע מיט גרויס אומגעדולד אויף דעם צוזאַמענטרעף. ענדלעך, א זייגער צוועלף ביינאַכט הערן מיר מען גייט. און אָט באַווייזט זיך אונזער פּויער, ער גייט פאָראויס און נאָך אים פינף פּאַרטיזאַנער, צוויי מיט ביקסן איינער מיט א פּיסטאָלעט, איינער מיט אַ האַנט־גראַנאַט און דער פינפטער מיט א מיליטער־מעסער. מיר באַגריסן זיך מיט זיי אויפן רוסישן שטייגער און פאַרפירן מיט זיי אַ שמועס. מיר פאַרלאַנגען, אַז זיי זאָלן אונדז מיטנעמען מיט זיך מיר וועלן גיין צוזאַמען קעמפן קעגן אונדזער אַלגעמיינעם שונא — דעם דייטש. דאַן פרעגן זיי אונדז, צו מיר האָבן געווער, און זיי זאָגן, אַז אָן געווער קענען זיי אונדז נישט מיטנעמען, ווייל זיי אליין האָבן ווייניק געווער. עס האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן. זיי האָבן זיך געזעגנט און אוועקגעגאַנגען.

בלייבנדיק ווידער אליין האָב איך געזאָגט צו מיינע נייע אחים לצרה: איר ווייסט וואָס? לאָמיר אליין גיין זוכן דעם פּאַרטיזאַנער־שטאַב, ווייל איך האָב געהערט, אז אַ 20 קילאָמעטער פון אונדז אין וועטלער וואַלד לעבן דער ביאַלער אָזערע, געפינען זיך די פּאַרטיזאַנער. אָבער מיינע נייע חברים האָבן נישט געהאַט קיין חשק צו גיין אהין, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט.

ענלעך, נאָך א פּאָר טאָג פון איבערצייגן זיי, האָבן זיי מיר געפאָלגט און מיר האָבן זיך ביינאַכט אוועקגעלאָזט אין וועג זוכן די פּאַרטיזאַנער. נאָך אַ נאַכט גיין זענען מיר אָנגעקומען אין דער פּוילישער קאָלאָניע — ניעוויר.

צוקומענדיק צום אָנהייב דאָרף זענען מיר צוגעגאַנגען צו אַ שטוב, אָנגעקלאַפּט אין פענצטער כדי זיך דערוויסן וואָס פאַרא דאָרף דאָס איז, און צי עס געפינען זיך דאָ פּאַרטיזאַנער. ווי דאָס דאָרף הייסט האָבן מיר זיך דערוווּסט, מער גאָרנישט.

פּלוצים דערהערן מיר אַן אַלאַרם אין דאָרף, מען פייפט, מען שרייט, מען לויפט מיט אייזנס, מיט העק, מיט קאָסעס. עס קערט זיך אַ וועלט און מיר ווייסן נישט וואָס דאָס באַדייט. ערשט אין אַ שעה ארום דערוווּסן מיר זיך קוים, אז דאָס האָבן מיר אָנגעמאַכט די פּאַניק אין דאָרף, ווייל אין דער קאָלאָניע האָבן געוווינט בלויז פּאָליאַקן און ווי איך האָב שוין געזאָגט, פלעגן די באַנדעראָווצעס אָנפאַלן און אויסמאָרדן אויך גאַנצע דערפער פּאָליאַקן און פאַרברענען זייערע הייזער. יעדע נאַכט פלעגט ארומגיין אין דאָרף אַ וואַך, און די וואַך האָט באַמערקט אונדזער גרופּע, האָט געמיינט אז דאָס זענען געקומען די באַנדעראָווצעס זיי אויסמאָרדן. נאָכער, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט אז מיר זענען יידן, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן ווי אויפגערעגט זיי זענען געווען אויף אונדז. זיי האָבן אונדז געוואָלט לינטשן, נאָר אזוי ווי דאָרט האָט זיך שוין טאַקע געפינען די פּאַרטיזאַנישע זאָנע, האָבן זיי געזאָגט, אז זיי וועלן אונדז איבערגעבן צו די פּאַרטיזאַנער.

זאָלן זיי טאָן מיט אונדז וואָס זיי ווילן. דערווייל דערוויס איך זיך פון די פּאָליאַקן, אז דאָ אין וואלד געפינען זיך א 20 יידן פון אונדזער שטאָט. איך קלער נישט לאנג און לאָז זיך גלייך אין וואַלד אריין זוכן מיינע יידן. אין א פּאָר שעה ארום געלונגט מיר צו געפינען עטלעכע זיעמלאַנקעס מיט די עטלעכע יידן

זייער מצב מאַכט אויף מיר זייער אַ שרעקלעכן איינדרוק: אַלע זענען געווען קראַנק אויף טיפוס שרעקלעך אָפּגעשליסן און אָפּגעריסן, שוואַרץ ווי די ערד און אויסגעדארט. עטלעכע זענען געשטאָרבן פון טיפוס. זיי האָבן זיך אויסגעפרעגט ביי מיר פון וואנען איך קום און ווי אַזוי איך בין לעבן געבליבן. איך דערצייל זיי אביסל פון מיין לעבן, און זיי דערציילן מיר פון זייערע איבערלעבענישן. איך דערוויס זיך אז אין דעם טאָג ווען איך בין אנטלאָפן פון געטאָ זענען אויך אנטלאָפן הונדערטער יידן פון דאָרט.

## פארטיזאנער — מערדער

דעם זעלבן טאָג האָט מען שוין אַנגעהויבן אויסצוהארגענען די יידן פון געטאָ, ווייל די דייטשן האָבן באַמערקט אז מען צעלויפט זיך. פיל זענען געפאַלן אויפן וועג לויפנדיק, פיל זענען געפאלן אין די דערפער דורך די פויערים, און עטלעכע הונדערט יידן זענען געקומען אין דעם וואַלד און האָבן אַנגעהויבן בויען זיעמלאנקעס און זיך איינאָרדנען צוגרייטנדיק פּראוויאנטן אויף ווינטער. אַזוי האָבן זיי זיך שוין געפונען עטלעכע וואָכן אין וואַלד איניקע האָבן געהאט אביסל ביקסן אויך. עס האָט אויסגעזען ווי אַ יידישע פארטיזאַנקע.

אין אַ געוויסן טאָג קומען פלוצם אָן אַ פּאָר צענדליק פּאַרטיזאַנער פון סוואָראַוואס אטריאד באוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. די יידן נעמען זיי זייער שיין אויף. מען פארפירט א שמועס, און זיי דערציילן אז זיי האָבן זיך דערוווסט, אז דאָ געפינען זיך יידישע פּאַרטיזאַנער דעריבער האָט מען זיי געשיקט פון שטאַב אונדז אָרגאניזירן און העלפן. זיי הייסן אונדז אויסוויילן א קאָמאנדיר פרעגן אונדז וויפיל געווער עס איז פאַראַן. מען ווייזט זיי דאָס געווער, זיי באטראכטן אלץ. מען מאַכט זיי א גוטן נאַכטמאָל — און זיי בלייבן נעכטיקן.

פארטאָג שטייען זיי אלע אויף, זיי הייסן זיך אוועקגעבן דאָס גאַנצע געווער אונטער דראָאונגען פון זייערע אויטאָמאַטן — צו קעמפן מיט זיי איז געווען אַן'אוממעגלעכע זאַך. נאָכן צונעמען דאָס געווער האָבן זיי ביי אלעמען צוגענומען זייערע זאכן: די אנצוגער שטיוול, פוטערלעך,

געלט און אלץ וואָס עס איז געווען. זיי האָבן אלעמען אָפּגעלאָזן באָרוועס און נאַקעט. פיל פון די אַנפירערס האָבן זיי גלייך אויפן אָרט געשאָסן, אזוי זענען דאַן געפאלן קופערשמידט, סטריער, וואליק, טייזנער א. אנד. די איבעריקע יידן האָבן זיי מערדערלעך צעשלאָגן, און געזאָגט, אז אויב זיי וועלן געפינען א ייד אין רדיוס פון 105 קילאָמעטער אויף זייער זאָנע — וועלן זיי אים דערשיסן. אַזוי האָבן זיי אלעמען צעטריבן באָרוועס און נאַקעט און דאָס איז געוואָרן דער סך־הכל פון דעם ביסל יידן פון אונדזער שטעטל — קאמין־קאשירסקי. אומעטום ווו מען האָט געכאפּט א יידן האָט מען אים דערמאָרדעט.

אזוי ארום האָב איך געטראָפן דאָס ביסל יידן ליגן אין דעם וואלד — קראַנק און עלנד. אָבער זיי האָבן מיך באַוואונדערט, ווייל איך בין נאָך געגאנגען אין א פּאָר שטיוול און אין א פוטערל, דאָס — זאָגן זיי צו מיר — איז דאָ נישט אַזוי געוואונטשן צו טראָגן, ווייל די פארטיזאַנער קענען באקומען חשק דערצו. און ווי איך זיץ אזוי און שמועס מיט די יידן, זאָגט מען מיר, אז די פארטיזאַנער זוכן מיך ארום.

ווי דערמאנט, האָבן די פּאָליאַקן איבערגעגעבן די פארטיזאַנער, אז ביינאַכט זענען געקומען 5 יידן. זיי האָבן מיר געפונען אין וואַלד און געהייסן גיין מיט זיי אין דאָרף. מען האָט מיך גוט באַזוכט אין די טאַשן, געזאָגט מיר א פּאָר נישט קיין איינגענעמע ווערטער און געגעבן אַ פּאַטש דערצו. נאָכהער שטעלן זיי אָן אויף מיר די ביקסן און הייסן מיר גיין הינטער א שייער. איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט און האָב צו זיי געטענהט: אויב איר ווילט מיך שיסן, דאַן קענט איר מיך שיסן דאָ אויף דעם פּלאַץ, אז אלע זאָלן זען. דערביי האָב איך אפּעלירט צו זייער געוויסן.

זיי האָבן מיך געפרעגט ווו זענען מיינע פיר חברים וואָס זענען געקומען מיט מיר. איך האָב געענטפערט, אז זיי זענען אין וואַלד. האָבן זיי מיר געהייסן גיין זיי זוכן. אבער מיינע חברים דערהערנדיק, אז די פארטיזאנער זוכן אונדז ארום האָבן גלייך געמאכט פליטה. און איך ווידער, ווי איך האָב זיך ארויסגעריסן פון זייערע הענד, בין גלייך אריין אין וואלד און בין אויך אנטלאָפן. אזוי האָב איך ווידער ארומגעוואגלט דריי מאָנאַטן איינער אליין.

## מיט סאָוויעטישע פארטיזאנער

די לאַגע איז געוואָרן נאָך ערגער, ווייל די באַנדעראָווצעס האָבן זיך אלע טאָג געמערט ווי שוואמען נאָך א רעגן. עס איז נישט מעגלעך געווען זיך לענגער אויס־

באַהאַלטן, און איך בין ווידער אוועק אויף דער פאַר־
טיזאַנער זאָנע. דאָן איז מיר געלונגען אריין אין פיאָדאָ־
ראָוו'ס אָטריאַד, אַן אָפּטייל פון עכטע רוסישע פּאַרטיזאַ־
נער מיט אַ גוטער אָנפירערשאַפט און שטאַרקער דיס־
ציפּלין. שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן מיט די איבעריקע
4 חברים און אויך מיט דעם ביסל יידן וואָס זענען פאַר־
בליבן. מיט די פאַרטיזאַנער בין איך געווען ביז פרילינג
1944.

עס איז אונדז נישט איין מאָל אויסגעקומען דורכצו־
מאַכן אין דער צייט פאַרשידענע קאַפּריזן און געפאַרן, סיי
פון די דייטשן סיי פון די באַנדעראָווצעס. די פאַרטיזאַנער
זענען דאַן געווען אַ ריזיקע קראַפט, אין די צענדליקער
אָטריאַדן און אין די הונדערטער טויזנטער. מען רייסט
באַנען אין דער לופטן, מען רייסט אויף בריקן און מען
מינעוועט וועגן. דערוויל כאַפּט דער דייטש אַלע מאָל
מפּלות און ציט זיך צוריק. און אָט איז שוין דער פראָנט
גאָר נאָענט צו אונדז. די דייטשן ווילן זיך אַדורכרייסן
דורך דער פאַרטיזאַנער־זאָנע, און די פאַרטיזאַנער שטעלן
אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. עס פאַלן פיל טויטע פון ביידע
זייטן. די דייטשן מאַכן לופט־אָנגריפן אויף די פאַרטיזאַ־
נער שטאַבן, אין פיל ערטער מוזן די פאַרטיזאַנער אָפּ־
טרעטן, אָבער די וועלדער אויף פּאָליעסיע זענען גרויס,
און די דייטשן קענען זיך מיט די פאַרטיזאַנער נישט קיין
עצה געבן.

גרויסע קאַמפן זענען פאָרגעקומען לעבן דעם קרולעווסקן
קאַנאַל צווישן די דייטשן און די פאַרטיזאַנער, ווייל די
לעצטע האָבן איבערגעשניטן פאַר די דייטשן דעם וועג
און זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער וועג זיך צוריקצו־
ציען. די קאַמפן זענען פאַרביטערטע, און די גרופּע יידן
קוקן שוין אויס, אַז די רוסישע אַרמיי זאָל שוין וואָס
גיכער אַריינקומען. אָבער דער דייטש איז נאָך דאַן געווען
גענוג שטאַרק.

נישט האָבנדיק קיין געדולד באַשליסן מיר, אַ גרופּע
יידן אַדורכגיין דורך דעם פראָנט און אוועק אין דער רו־
סישער אַרמיי. און אָט לאָזן מיר זיך אַ גרופּע אין וועג
דורך וועלדער און פעלדער און פאַרשידענע סכנות, פאַרביי
מערדערישע באַנדעראָווצעס, און עס געלונגט אונדז זיך
אַדורכצוכרייסן דעם פראָנט און אָנקומען אין דעם שטעטל
ראַפאַלאָווקע, וווּ עס איז שוין געווען די רוסישע אַרמיי.
מיר מעלדן זיך גלייך אין וואָיען־קאָמאַט, (מאָביליזירונג
פּונקט) און מען פאַרשפּאַרט אונדז אַפּשיקן אין דער
אַרמיי. אין אַפּאָר טעג אַרום שיקט מען אונדז אוועק קיין
רוסלאַנד.

## אויפן פראָנט

מיר לערנען נאָך אַביסל די מלחמה־טעכניק, און דאַן
טיילט מען אונדז איין אין פאַרשידענע באַטאַליאָנען און
מען שיקט אונדז אויפן פראָנט. איינער ווייסט נישט מער
פון דעם צווייטן ווו ער איז. אזוי בין איך אָנגעקומען אויף
דעם באַלטישן פראָנט. די קאַמפן זענען געווען זייער פאַר־
ביטערטע. עס הויבט זיך אָן ווידער אַן אַנדער לעבן. איך
ווער איין מאָל לייכט פאַרוווּנדעט, מען פירט מיך אָפּ אין
אַ פראָנט שפּיטאָל, איך ווער געזונט. און איך בין שוין
ווידער אין די פאָדערשטע רייען.

עס גייען אָן שטאַרקע קאַמפן. די פעלדער זענען פאַר־
פלייצט פון טויטע, איך מאַך אַדורך פאַרשידענע עטאַפּן אין
פיעכאָטע — מיט אַן אויטאָמאַט, מיט אַ פּאָליעמיאָט און
פּע.טע.ער. קעגן טאַנקן. צום סוף ווער איך אַנגאַזשירט
אין אַ סאַפּיאָרנעם באַטאַליאָן, וואָס לייגט און נעמט אַרונ־
טער מינעס — פון די געפערלעכסטע שטיקלעך אַרבעט.
דעם ערשטן טאָג פון מיין אָנפאַנגען לייגן די מינעס אויף
דער פאָדערשטער ליניע האָב איך געהאַט אַזאַ סיורפּריז:
צוויי פון די בעסטע סאַפּיאָרן זענען אויפגעריסן געוואָרן
אויף אייגענע מינעס, איינער אויף טויט דער צווייטער
שטאַרק פאַרוווּנדעט. אָבער אויפן פראָנט מאַכט דאָס אַ
קנאַפּן איינדרוק. מיר האָבן ווייטער געמוזט מאַכן אונדזער
אַרבעט, ביז מיר האָבן אַלץ פאַרענדיקט.

די סאָוויעטישע אַרמיי מאַכט שטאַרקע אָנגריפן, אָבער
דער דייטש קלאַמערט זיך מיט די ציין ביי יעדן שפּאַן ערד,
און מיר גייען ווייטער פאָראויס. צוויי מאָל בין איך לייכט
פאַרוווּנדעט געוואָרן, אָבער אויפן דריטן מאָל בין איך
פאַרוווּנדעט געוואָרן שווער, און מען האָט מיך אָפּגעפירט
הינטערן פראָנט. עס פאַנגט זיך אָן אַ וואַנדערניש פון איין
שפּיטאָל צום צווייטן, ביז מען האָט מיך פאַרפירט אַזש
קיין אוראַל, ווייל אַלע צום פראָנט נאָענטע שפּיטעלער
זענען געווען פאַרנומען און איבערפולט מיט פאַרוווּנ־
דעטע.

דאָס דריטע מאָל בין איך פאַרוווּנדעט געוואָרן דעם
30־טן מערץ 1945 אין לעטלאַנד, הינטער ליבאַווע. 10
שעה בין איך געלעגן אויף דעם שניי און עס האָט גערונען
פון מיר דאָס בלוט, און מען האָט מיך נישט געקענט
אַרונטערנעמען פון שלאַכט־פעלד, ווייל דער אָנגריף האָט
זיך אָנגעפאַנגען 8 אַזייגער פרי און געדויערט ביז 6
אָוונט. 3 דיוויזיעס האָבן אָנגעגריפן, און עס זענען פאַר־
בליבן פון זיי ווייניק מענטשן, אָבער די רוסן האָבן פאַר־
נומען דעם אָביעקט. אַרום 8 אַזייגער אין אָוונט האָט מען
מיך געבראַכט אויף אַ פור אין פראָנט שפּיטאָל. ווען מען

האָט מיך גענומען אויפן טיש באַטראַכטן. האָט זיך ארויסגעוויזן אז איך בין געווען שטארק בעשעדיקט אין רעכטן פוס דורך אַ קויל. די קויל איז אדורך דעם גראָבן ביין, און דעריבער האָט מען מיר געוואָלט אראָפּנעמען דעם פוס. איך האָב פארשטאַנען וואָס מען וויל מיר טאָן, און קעגן דעם שטאַרק פּראָטעסטירט. צו מיין גליק איז גראָד געווען א יידישער דאָקטאָר און ער האָט געזאָגט: מען וועט נאָך זען אין אַ פּאָר טעג ארום. דערווייל האָט מען מיך גלייך איינגעשלעפערט און אָפּערירט דעם פוס. איך בין געלעגן 5 מאָנאַטן אין פארשידענע שפּיטעלער, ביז עס איז מיר בעסער געוואָרן. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָב איך זיך געפונען אויף אוראַל אין דער שטאָט קורגאַן.

## געענדיקט די מלחמה

איך געדענק נאָך איצט דעם מאָמענט ווען איך בין געלעגן אין שפּיטאָל און דיקא די נאַכט פון 9־טן מאַי האָב איך נישט געקאָנט איינשלאָפן: פּלוצלינג הער איך ווי דער ראַדיאָ גיט איבער, 2 אזייגער ביינאַכט, אז די דייטשע ארמיי האָט קאַפּיטולירט, און די מלחמה האָט זיך געענדיקט. עס האָט זיך מיר נישט געלאָזט גלויבן די אייגענע אויערן אז דאָס איז ריכטיק, ווייל די 4 יאָר מלחמה האָבן שוין אזוי געווירקט אויף דעם יידישן מח, אז עס האָט זיך אויסגעוויזן אז דאָס איז אן אייביקייט, און די מלחמה וועט זיך שוין קיינמאָל נישט ענדיקן. און אָט ליג איך אזוי און הער ווידער ווי דער ראַדיאָ גיט איבער אז די מלחמה איז געענדיקט, און חזר׳ט דאָס זעלבע איבער יעדער האַלבע שעה.

איך מאַך אַנ׳אַליאַרם און וועק אויף יעדן פון מיין פּאַלאַטע. אַלע שטייען אויף פון שלאָף, און עס ווערט א גערודער אין גאַנצן שפּיטאָל. א פרייד באַהערשט יעדן איינעם; מען קושט זיך, מען פרייט זיך יעדער זאָגט: — מען וועט שוין קענען פאָרן אהיים. איך איינער ליג איינזאַם און ווייס נישט, צו דאַרף איך זיך אויך פרייען? צו וועל איך אויך קומען אהיים? איך ווייס אויף זיכער, אז איך האָב שוין קיינעם נישט, און איך האָב קיין היים נישט וווּ צו קומען. און אזוי ליגנדיק אויף דעם בעטל ווערט מיר שווער אויפן הארצן, און אנשטאָט זיך פרייען מיט אַלע צוזאמען, שטיקן די טרערן אין האַלדז און עס גלוסט זיך וויינען. אָבער איך בין איין ייד אין שפּיטאָל און האָב נישט מיט וועמען זיך טיילן מיט די געפילן.

אויף מאָרגן ווערט אין שפּיטאָל איינגעאָרדנט אַ באַל, מען ברענגט שנאַפּס און פארבייסן, עס קומען געסט אין שפּיטאָל, מען ווײַלט זיך א גאנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט.

עס גייט אוועק א שטיקל צייט, און מען הייבט אָן אויסשרייבן פון שפּיטאָל די געזונטערע. עס ווערן אַלץ ווייניקער און ווייניקער קראַנקע, און ענדלעך, אין צוויי מאָנאַטן ארום זאָגט מיר דער דאָקטאָר פון שפּיטאָל: — אין א פּאָר טעג ארום שרייבט מען דיך אויס, און דו וועסט קענען פאָרן אהיים. איך ווער בלאַס און פארטראַכט זיך. דער דאָקטאָר האָט דאָס באַמערקט און פרעגט מיך: ביזטו גאָרנישט צופרידן וואָס דו פאָרסט אהיים? איך דערצייל אים אז איך האָב שוין קיינעם נישט אין דער היים. ענטפערט מיר דער דאָקטאָר, אז איך קען בלייבן אין רוסלאַנד און מען וועט מיר געבן א פּאָסטן.

עס גייען אדורך א פּאָר טעג, מען רופט מיך אין קאַנצעלאַריע און מען פרעגט מיך וווהין זאָל מען מיר אויסשרייבן דעם בילעט, ווו וויל איך פאָרן? איך שטיי אביסל אַ צעטומלטער און דאָס האַרץ קלאַפּט אַלץ שטאַרקער. עס נעמט מיך ארום א בענקשאַפט נאָך מיין שטעטל, איך וויל נאָך איין מאָל אָנקוקן דאָס שיינע שטעטל ווי עס זעט איצט אויס נאָך דער מלחמה אָן די יידן. איך וויל נאָך איין מאָל אָנקוקן די גריבער וואָס זענען אזוי פארלאָזט, ווו קיינער קומט אפילו נישט לאָזן פאַלן א טרער אויף זיי. און איך זאָג מיט א פעסטן באַשלוס: קיין קאַמין־קאַשירסקי. איך באַקום דעם בילעט און שפּייז אויפן וועג, איך געזעגן זיך אָפּ מיט אַלע און פאָר אוועק.

12 טעג בין איך געפאָרן ביז איך בין אָנגעקומען אין דער שכנות׳דיקער שטאָט — קאָוועל. איך האָב די שטאָט איבערהויפּט נישט דערקענט ווייל איך האָב נישט געטראָפן קיין איין גאַנצע שטוב.

## צוריק אין קאַמין

איבעראַשט בין איך געוואָרן ווען איך בין צוגעגאַנגען פרעגן ווען עס גייט אָפּ די באַן קיין קאַמין־קאַשירסקי, איך האָב באַקומען אַן ענטפער, אז קיין קאַמין גייט נישט דער צוג, ווייל די באַנדעראָווצעס האָבן איבערגעריסן די ליניעס און עס קאָן נישט קיין צוג צוקומען צו אונדז אין שטאָט. איך בלייב שטיין אין א פארלעגנהייט, אָבער אויפן צווייטן טאָג געלונגט מיר מיט א מיליטערישן אויטאָ אָנקומען אין שטעטל, און אָט שטיי איך שוין אין מיטן מאַרק, ווי טרויעריק אַלץ זעט אויס!... דער מאַרק וואָס איז שטענדיק געווען אזוי לעבעדיק, ארום און ארום מיט יידישע קראָמען, מיט די קליינינקע סוחרים׳לעך וואָס פלעגן

זיך שטענדיק ארומדרייען צווישן די וועגענער, איז איצט באַוואַקסן מיט גראז און די הייזער זענען אלע חרוב און פארשעמטע, און איך שטיי אזוי ווי פארגליווערט און טראכט: איז דאָס מיין שטעטל? דאָ האָב איך אזויפיל מיטגעמאַכט צוזאמען מיט אלע יידן פון געטאָ? און איך לאָז זיך אין דער ריכטונג ווו דער געטאָ איז געווען, אָבער קיין געטאָ־פארקאן איז שוין נישטאָ, און אנשטאָט יידן וווינען פויערים. איך שטיי אזוי און איך טראכט וווהין זאָל איך ארייגגיין שלאפן נאָך אזא לאנגן וועג. שווער צו באַשרייבן וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די דאָזיקע מאָמענטן. און אָט קום איך צו צו מיין שטוב אויך זי שטייט א חרוב׳ע און צעשטערטע. עס קומט מיר אויף אויפן געדאנק מיין גאנצע פאמיליע, אבער איך קען שוין מער קיינעם נישט זען פון זיי, און איך קען שוין מער נישט אויסהאלטן — און איך ברעך אויס מיט אַ געוויין...

## זענען מיר אויפגעשטאַנען תחית המתים?

אויף מאָרגן בין איך געגאנגען אויפן הייליקן אָרט נקוקן ווי עס זעט אויס. דער זעלבער חורבן. די דייטשע באנדיטן האָבן אויסגעשניטן אלע ביימער, אלע מצבות אוועקגענומען, דעם פארקאן אויך אין גאנצן אוועקגענומען. אזוי ארום אז עס איז שווער צו דערקענען אז עס איז געווען אַ בית עולם. אזוי זעט אויס דאָס שטעטל קאמין־קאשירסקי נאָך דער מלחמה, אָן יידן, אָן א לעבן. אָט שטייען זיי די פאָר בתי־מדרשים ווו עס פלעגט שטענדיק זיין אזוי לעבעדיק — איצט האָבן די רוסן איינגעאָרדנט אין זיי מאגאזינען.

אט קומען אראָפּ נאָך א פאָר חברים פון פראָנט — א פאר אינוואלידן, עס יאָגט אונדז אלעמען פון שטעטל, מיר קענען זיך קיין אָרט נישט געפינען. מיר באגעגענען אין שטעטל באקאנטע פויערים, א טייל פון זיי קענען זיך זייערע אויגן נישט גלויבן פון וואנעט מיר האָבן זיך איצט גענומען, זיי האָבן דאָך אינדז שוין פון לאנג געהאלטן פאר טויטע, צי זענען מיר תחית־מתים אויפגעשטאַנען? אנדערע מאכן זיך אונדז נישט זעענדיק ווייל זיי פילן זיך אפשר שולדיק קעגן אונדז אין אלגעמיין איז די באציאונג פון די פויערים צו אונדז זייער א קאלטע.

## אויף קברים קען מען נישט לעבן

נאָך א וואָך זיין אין שטעטל באשליסן מיר, די פאָר יידן וואָס מיר האבן זיך צוזאמענגעטראפן פון די פראנטן, אז מיר פאָרן קיין ארץ־ישראל די סאוויעטן אָבער דערוויסנדיק אז איך וויל אוועקפאָרן פון רוסלאַנד פרובירן מיך שטאַרק צורריידן אז איך זאָל בלייבן זיי ווילן מיר געבן א גוטן פאָסטן, אָבער איך ערקלער זיי קאַטעגאָריש, אז איך קען דאָ נישט בלייבן, און איך קען דאָ מער נישט לעבן, ווייל איך גיי און טרעט אויף יידיש בלוט, און אויף קברים קען מען נישט לעבן. איך זאָג זיי מיט א פעסטן באשלוס, אז איך בין דעצידירט צו פאָרן צו זיך אהיים קיין ארץ־ישראל דאָרט ווי יידן ווילן בויען א זעלבסטשטענדיק לעבן. גענוג זאָג איך האָבן יידן פארגאָסן בלוט פאר פרעמדע מלוכות, איצט איז שוין די העכסטע צייט אז יידן זאָלן אויך האָבן אן אייגן לאַנד.

איך האָב איינגעאָרדנט א געזעגענונגס־אָוונט און איינגעלאַדן די אָנפירערס פון שטאָט: דעם פאָרזיצער פון ריי־איספאָלקאָם, דעם פארזיצער פון גאָר־סאָוויעט א.א.וו. איך האָב זיך מיט זיי געזעגנט און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג, ביז איך בין געקומען קיין לאָדזש.

אָנקומענדיק קיין לאָדזש האב איך דאָרט געטראָפן אַ 20 טויזנט יידן פון אַלע שטעט פון פוילן וואָס זענען ניצול געוואָרן נאָך דער שרעקלעכער מלחמה דאָרט האָט שוין דאָס לעבן אויסגעזען אין גאַנצן אַנדערש. א סאך האָבן שוין פארגעסן וואָס זיי האָבן אדורכגעמאַכט, און אַלע האָבן זיך ארייגגעלאָזט אין געלויף נאָך דעם עגל־הזהב, אָניאָגן די צייט וואָס זיי האָבן פארנאַכלעסיקט בעת דער מלחמה. מיר האָט דאָס אלץ אויסגעזען אויסטערליש, און אָפּזייענדיק א מאָנאַט אין לאָדזש האָב איך זיך געלאָזט ווייטער אין וועג כדי צו דערגרייכן מיין ציל — ארץ־ישראל.

עס הויבט זיך ווידער אָן אַ וועג פון וואנדערן דורך פארשידענע גרענעצן אין דורך פארשידענע עטאפן. אין אַ מאָנאָט ארום קום איך אָן קיין מינכען. איך טרעף זיך דאָרט מיט פארשידענע עלעמענטן — אוקראינישע וולאַסאָווצעס מיט פוילישע א.ק.אָווצעס און אנדערע געוועזענע מערדער פון יידן און איך שטעל זיך אליין די פראגע: צוליב דעם האָב איך געקעמפט אויפן פראָנט און מיט די פארטיזאַנער, כדי איך זאָל זיך איצט ווידער דאַרפן צוזאמענטרעפן און וווינען צוזאמען אין איין צימער מיט די אלע מערדער? אין צוויי טעג ארום פאָר איך אָפּ אין דעם יידישן לאַגער לאנדסבערג, אָבער דאָרטן וויל מען מיר נישט איינמעלדן, ווייל דער לאַגער איז שוין איבערפולט, און עס זענען נישטאָ קיין וווינונגען. מיר א גרופע חברים וועלכע זענען אָנגעקומען פון מינכען האָבן אויסגערעמאנטירט אַ באַראַק וואָס האָט זיך געפונען הינטערן לאַגער, און מיר האבן זיך דאָרט ארייגעצויגן אָפּזייענדיק אַ פאָר וואָכן אין לאנדסבערג האָבן מיר, אַ גרופע

געוועזענע פארטיזאַנער און פראָנט־קעמפער, געגרינדעט די ערשטע אָרגאַניזאַציע אין בייערן פון „קאמבאטאנטן פארטיזאַנער און פראָנט קעמפער". מיר רופן א פארזאמלונג, ווילן אויס א קאָמיטעט, אויך איך גיי אריין אין דעם קאָמיטעט. אלס פאָרזיצער ווערט אויסגעווײלט ד״ר בלומאָוויטש, אלס סעקרעטאַר ח׳ שולמאַן און מיר טרעטן צו, צו פראַקטישע ארבעט.

אין צווײ מאָנאַטן ארום קומט אָן אַ באַפעל פון דער מיליטער־מאַכט, אז מען טאָר נישט וווינען אין די באַראַקן, און מען שיקט אונדז אין דעם ניי־געשאפענעם לאַגער לייפהיים. אָט אזוי בין איך מיט אַ גרופע פון 35 חברים פארטיזאַנער געקומען פון לאנדסבערג קיין לייפהיים, און מיר האָבן ווייטער אָנגעהויבן פארזעצן אונדזער ארבעט.

די צאָל מענטשן האָט געשטיגן פון טאָג צו טאָג, און די פארטיזאַנער אָרגאניזאַציע איז געוואָרן די גרעסטע אין לייפהיים. אָט אזוי זיץ איך ווידער אויף דער פארשאָלטענער ערד אין דייטשלאַנד און מוז ווידער קוקן אויף אונדזערע מערדער וואָס האָבן אויסגעמאָרדעט אונדזערע בעסטע און ליבסטע, און די ענגלענדער פארשפארן פאר אונדז אַלע וועגן און לאָזן נישט מיט אַלע מיטלען דערגרייכן אונדזער אויסגעבענקטן ציל.

אָבער, מיר וועלן דערגרייכן ארץ ישראל!



שושנה פערטשיק

# ליידן און אומקום

קאמין־קאָשירסקי איז מיין געבורט־שטעטל. איך געדענק אונדזער שטעטעלע מיט איר אָרעמקייט פון מענטשן, פון קולטור, און פון שיינקייט.

בעת איך בין אַלט געווען 12 יאָר, האָט מיר מיין פאָטער אָנגעדינגען צו אַ רבין אויסלערנען דאַווענען, און צו אַ צווייטן רבי׳ן לערנען שרייבן א יידישן בריוו און אַ רוסישן אדרעס און דאָס איז געווען אונדזער גאַנצע לערע. שפּעטער מיט 4 יאָר איז צו אונדז אין שטעטל געקומען אַ לערער מיט דעם נאָמען דודיוק, און האָט געגרינדעט אַ בית־ספר. פאַרשטייט זיך אַז נישט אַלע האָבן געהאַט די מעגליכקייט צו לערנען, ווייל עס האָט געקאָסט 2 רובל אַ חודש. איך זייענדיק אַ בת־יחידה, און מיין פאָטער עליו־השלום, איז געווען פארמעגלעך, האָט ער מיר אָנגעדונגען לערנען.

עס איז געווען זייער פריילעך אין דעם קליינעם בלאָטיקן שטעטל, יעדער איינער איז געווען צופרידן מיט דעם לעבן, מען האָט קיין גרעסערע אַספּיראַציעס נישט געהאַט. איך האָב געהאַט זייער אַ פיינע געזעלשאַפט, און מיר האָבן פאַרבראַכט די צייט לויט דעם אמאָליקן שטייגער.

נאָכער איז געקומען די ערשטע מלחמה, מען האָט אלעמען מאָביליזירט, דערנאָך זענען געקומען קאָזאַקן אין אונדזער שטעטל, זיי האָבן דאָס ממש חרוב געמאַכט. אַלץ צעראַבירט און פרויען געשענדעט. מיר אַלע זענען זיך צעלאָפן אין די וועלדער.

אָפּזייענדיק 2 וואָכן זענען מיר צוריקגעקומען צו די ליידיקע הייזער. קיין מלבושים, קיין עסן איז נישט געווען. דאָס האָט געדויערט ביז עס זענען געקומען די דייטשן. דאַן איז געוואָרן בעסער, יעדער האָט געהאַט ארבעט און מען האָט פארדינט דאָס שטיקל ברויט.

נאָכער האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסשיקן פיל פון דער באַפעלקערונג קיין פוילן. צום גליק איז אונדזער פאַמיליע געבליבן, ווייל מיין פאָטער און ברודער האָבן געארבעט פאר די דייטשן. אזוי האָט דאָס געדויערט ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט און די דייטשן זענען אהיים געפאָרן, און עס האָט זיך געביטן די מאַכט.

איך האָב דאַן פארלוירן מיין ברודער אברהם מיט דער פרוי דינצע. ער האָט דאַן געוווינט אין דאָרף — וועלימטשע,

זענען געקומען צו אים ביי נאַכט גוים פון דאָרף, האָבן אים געקוילעט צוזאַמען מיט זיין פרוי. און אַ קינד פון 2 יאָר איז געבליבן לעבן, און אַ גאַנצע נאַכט געלעגן אין בלוט פון זיינע עלטערן.

אין דריי מאָנאַט ארום איז מיין פאָטער געשטאָרבן און איך בין געבליבן מיט מיין מוטער מיט 2 ברידער און מיט דעם קינד פון מיין געהארגעטן ברודער.

נאָכער זענען אריין פאַליאַקן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס יאָגעניש נאָך די יידישע בערד. צופעליק האָב איך איינמאָל פארנדיק פון קאָוועל אין דער באַן, אדורכגעלעבט אַזאַ ספעקטאַקעל: ווי די באַן האָט געהאַלטן ביים אָפּגיין האָט זיך אריינגעכאַפּט אַ באַנדע האַלערטשיקעס און האָבן גענומען מיט מעסערס שניידן די בערד מיטן פלייש צוזאַמען, ביי לייזער קאַמינערן און אויך משה בערגל. דאָס איז געווען שרעקלעך. דעם זעלבן יאָר זומער צייט זענען די פאַליאַקן אוועק און עס זענען געקומען באָלשעוויקעס. זיי זענען געווען אַ פּאָר וואָכן און זענען אוועק. זענען געקומען באַלאַכאָוויצעס, די לעצטע האָבן אונדזער שטעטל ווידער חרוב געמאַכט. זיי האָבן געהארגעט 120 מאַן. אויך מיין ברודער יעקב צווישן זיי. אַ סך פרויען זענען געשענדעט געוואָרן.

דערנאָך זענען ווידער געקומען פאַליאַקן. עס האָט זיך געשטעלט דאָס נאָרמאַלע לעבן. אונדזער קליין שטעטעלע קאַמין־קאַשירסקי האָט ווידער אָנגעהויבן זיך בויען, יעדער איינער האָט אָנגעהויבן ווידער שטעלן דאָס לעבן ווי ער האָט געקענט, און מיט דער צייט האָט זיך טאַקע אונדזער שטעטל זייער שיין אַנטוויקלט. עס זענען געוואָרן שולן — פוילישע פאָוושעכנע, אויך אַ תרבות־שולע. עס זענען געקומען זייער גוטע לערערס צווישן די לערערס איז געווען ברוך מלמד, אליעזר שפירא, פּאַריצקער און נאָך. מען האָט אוועקגעשטעלט קאַמין־קאַשירסקי זייער אין אַ שיינעם מצב. עס איז באמת געווען א תענוג. אויך דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן בליהען. מען האָט אויסגעטריקנט די בלאָטעס אַלץ איז געווען ברוקירט און עס איז נישט געווען קיין סימן פון אַמאָליקן שטעטל. זייער פיל מענטשן זענען צוגעקומען, עס האָבן זיך געעפנט זייער שיינע געשעפטן, און עס איז געוואָרן א מוסטער־שטעטל.

ביי אונדז איז געווען זייער א שיינע יוגנט. מען האָט זייער אָפט געמאַכט פאָרשטעלונגען און דאָס געלט איז געגאַנגען אויף קרן־הקימת. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ קיבוץ, קינדער וועלכע האָבן געדאַרפט אדורכמאַכן אַ הכשרה. זענען געקומען, און מיר האָבן זיי צוגעהאָלפן מיט ארבעט.

אויך האָט זיך געגרינדעט אַ שטאָטישער קאָמיטעט מיט־צוהעלפן דעם הכשרה־קבוץ.

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן אין פוילן פּאָגראָמען. דער ערשטער פּאָגראָם איז געווען אין פשיטיק און נאָכער איז דאָס געקומען אויך קיין קאַמין־קאַשירסקי, דערפאַר ווייל ביי אונדז איז געווען אַ סטאַראָסטע אַ גרויסער אנטיסעמיט — סקורוּוויץ האָט ער געהייסן. מיין מאַן איז דאַן ארעסטירט געוואָרן אויף 24 שעה. נאָכער ווען דאָס האָט זיך באַרויקט, האָבן אביש קלורמאַן און מיין מאַן (יוסף פערטשיק) זיך געווענדעט צו אַ באַקאַנטן דעפּוטאַט אַ געוויסער פערנאָוסקי און די זעלבע וואָך האָט מען דעם סטאַראָסטע באַזייטיקט.

אין 1939 איז געקומען צו אונדז די רויטע ארמיי און, פארשטייט זיך, אַז נישט פאַר יעדן אין דאַן גוט געוואָרן. די ארבעטער האָבן געמיינט, אַז דאָס איז זייער משיח, און די גבירים האָבן געמיינט, אַז דאָס איז זייער מלאך המות. אָבער דאָס איז געווען נישט ווי די אַלע האָבן געמיינט. עס איז פאַר אַלעמען געווען דאָס זעלבע. ווער עס האָט פריער געליטן, דער האָט נאָכער ווידער געליטן, און דער וועלכער האָט געהאַט געלט, דער האָט די ערשטע צייטן בעסער געלעבט. אָבער אין אַ גרויסן פחד. קיין איין נאַכט האָט מען נישט איבערגעשלאָפן רויק. מען האָט אָנגעהויבן רעגיסטרירן, ווער עס האָט געהאַט גרויסע געשעפטן האָט מען ביי זיי גלייך צוגענומען און מען האָט געגעבן אַ פּאַס־פּאָרט מיט א מין פּאַראַגראַף: דאָס איז געווען אַן אנדייטונג צו פאַרשיקן קיין סיביר. פאַרשטייט זיך אַז יעדער איז ארומגעגאַנגען אין פחד, אָבער דאָס איז נאָך אויך נישט געווען אזוי שלעכט, ווייל פון די וועלכע מען האָט ארויסגעשיקט, איז אַ גרעסערער טייל געבליבן לעבן, און די וועלכע זענען געבליבן אויפן אָרט, האָט זיי היטלער דערהארגעט.

אין 1941 זענען די רוסן פון אונדז אוועק. מיר זענען געבליבן אזוי ווי אויפן וואַסער. מיר האָבן אויך געוואָלט גיין, האָבן די רוסן געזאָגט אז עס איז נישט כדאי זיי וועלן גלייך קומען צוריק. עס איז אויך געווען א שאָד, איבערלאָזן דאָס וואָס מען האָט דאָס גאַנצע לעבן אנגעהאָרעוועט. מיין זון יהושע האָט שוין געמאַכט דאָס פּעקל צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל צום סוף איז ער אויך געבליבן וואַרטן אויף היטלערס קויל...

ביי אונדז אין שטעטל איז געוואָרן פינסטער, אַלע נאַכט זענען געקומען אַנדערע באַנדעס. אַזוי האָט געדויערט עטלעכע מאָנאַטן, ביז היטלערס באַנדעס האָבן זיך באַוויזן. אין אַ פרימאָרגן זענען אָנגעקומען אויף מאָטאָציקלען עטלעכע דייטשן און זיי האָבן געהייסן גרינדן א קאָמיטעט. דאַן איז גאָרנישט פאָרגעקומען. צום צווייטן מאָל זענען זיי געקומען

שוין מיט אויסנאָס, און זיי האָבן געהייסן צושטעלן עטלעכע ייִדן, פאַרשטייט זיך, קיינער האָט נישט געוווּסט צו וואָס. עס זענען געווען כוליגאַנעס, וועלכע יעדער איינער האָט געוואָלט געבן פאַר אַ קרבן האָט מען זיי געגעבן אַ רשימה פון די מענטשן. דאָס זענען געווען די ערשטע קרבנות: אברהם קטן, אברהם־יצחק סנדיוק, די קראַסאָוויצע מיטן מאַן קאַלאַטאַטש, פּסח (דער קאָוואַל), בעריש מיט זיין זון, און נחמיה דער סטעלמאַך.

אין עטלעכע וואָכן אַרום זענען ווידער געקומען די כאַפּערס און האָבן געפאָדערט דעם קאָמיטעט. דער פאָרזיצער איז דאַן געווען שמואל ווערבלע, זיי האָבן אים געגעבן אַ רשימה צו ברענגען מענטשן צו דער אַרבעט.

שמואל ווערבלע, וועלכער איז געווען זייער אַ פיינער מאַן און האָט נישט פאַרשטאַנען אַז מען רופט די מענטשן צו הארגענען, איז געגאַנגען לויט דער רשימה און האָט אַלעמען גערופן. און אַ חוץ דעם זענען געגאַנגען די פאַרשאָלטענע מערדער אַליין אין יעדן הויז, און וועמען זיי האָבן געטראָפן דעם האָבן זיי גענומען. דאַן האָבן זיי אויך גענומען יונגע קינדער פון 16 יאָר. ווער עס האָט נאָר געקענט זיך באַהאַלטן, איז דאַן געבליבן לעבן.

דער זאַמל־פּונקט האָבן זיי געמאַכט ביי מיר אין הויז. מען האָט געבראַכט אַלע יונגע קינדער און זיי געהייסן זינגען „התקוה" און נאָך לידער פון תהילים, און אַזוי האָבן זיך די קינדער אַ גאַנצן טאָג געריסן ביז זיי זענען מיד געוואָרן און זענען אַוועקגעפאַלן. מיין הארץ איז דאַן צעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט זיי, צווישן די קינדער זענען דאַן געווען שוסטער, פעלדמאַן, און אַנדערע. ביז נאַכט האָבן זיך די אומשולדיקע קינדער געמוטשעט ביז מען האָט זיי גענומען צו די איבעריקע ייִדן, און שבת אין דער פרי האָט מען אַלע געפירט צו דער שחיטה, אין וואַלד אריין לעבן יעזורע. דאַן זענען אומגעקומען 80 קדושים. דאָס איז געווען אין ראש חודש אלול

שמואל ווערבלע, וועלכער האָט געקענט בלייבן לעבן, איז אויך מיט זיי געגאַנגען. איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן, ווי ער איז געקומען און זיך געזעגנט מיט זיינע קינדער, און האָט געזאָגט: „קינדער זייט גוטע ייִדן, ווען איר וועט קענען זאָלט איר נקמה נעמען". צום באַדויערן זענען אויך זיין פרוי און קינדער נישט צווישן די לעבעדיקע.

נאָך דער אַקציע איז געוואָרן שטיל. מען האָט געשאַפן אַ יודן־ראַט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די טאָג־טעגלעכע פייניקונג, יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע גזירות. אויף אַרבעט גיין איז שוין געווען גוט, יעדן טאָג האָבן זיי וואָס נייעס געפאָדערט: דאָס גאָלד אָפּגעבן, פעלצן אָפּגעבן א. א. וו. איין מאָל האָבן זיי געפאָדערט יונגע קינדער צו אַרבעט אוועקשיקן און דאָס איז געווען אַ חורבן פאַר די עלטערן, יעדער איינער האָט זיך געלאָזט קאָסטן וויפל ער האָט געקענט, און נאָכער איז די גזירה אָפּגערופן געוואָרן. דאָס אַלעס איז געווען נאָך פאַר דעם געטאָ.

נאָך שבועות האָט מען אונדז געמאַכט אַ געטאָ, דאָס געטאָ האָט פאַרנומען פון דער באָד־גאַס ביז לייביש גאָלדשטיין־האָטעל. אַלע ייִדן פון קאמין און אויך דערפער לעבן קאמין זענען פאַרטריבן געוואָרן אין געטאָ. מען האָט צונויפגעפרעסט ווי הערינג. יעדע נאַכט איז געקומען דער קאָמיסאַר און האָט גענומען אַנדערע קרבנות פון די הייזער. אַזוי האָט דאָס געדויערט ביז 17־טעג אין אב.

איין טאָג פריער איז מען געקומען פון דער ארבעט און מען האָט געזאָגט אַז מאָרגן מוז יעדער נעמען זיין משפחה און קומען אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ לעבן אונדזער בית־הקברות און דאָרט וועט מען געבן יעדן אַ שיין. וויסנדיק אַז עפּעס אַ נייע גזירה קומט אויף אונדז, האָט מען דאָך געמוזט גלויבן און כאַפּן קליינע פּעקלעך אויף אַ פּאָר טעג. אַזוי האָבן זיי באַפוילן, אַלץ מוז בלייבן אין די הייזער. נאָר אויף אַ פּאָר טעג עסן מיטנעמען און קומען צום טויער פון יודן־ראַט. פאַרשטייט זיך, אַז די נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפן. יעדער איינער האָט געקלערט וואָס צו טאָן. אָבער, ליידער, זענען אַלע ווי איינער געגאַנגען, קראַנקע האָט מען גענומען אויף וועגענער. אַ קלענער טייל פון די וועלכע האָבן נישט געאַרבעט — האָבן באַוויזן זיך צו באַהאַלטן אין געטאָ, און די וועלכע זענען יעדן טאָג געגאַנגען צו דער אַרבעט האָבן געגלויבט אַז זיי וועלן באַקומען די אַרבעטס־שיינען און בלייבן.

מען האָט געטריבן אַזוי ווי מען טרייבט בהמות צו דער שחיטה און ברענגענדיק אונז אין אַ פאַרצוימטן פּלאַץ, לעבן בית עולם האָט מען פאַרמאַכט הינטער אונדז דעם טויער אין מען האָט געזאָגט, אַז באַלד דאַרף קומען דער קאָמיסאַר און אונדז געבן „שיינען". יעצט האָבן מיר שוין נישט געגלויבט, ווייל מיר האָבן געזען, אַז קעגנאיבער גראָבט מען גריבער פאַר אונדז, יעדעס מאָל האָט זיך געעפנט דאָס טירל און מען האָט געבראַכט נאָך קרבנות. אויך די וועלכע זענען געווען אין שפּיטאָל. געווי אַלע קען איך נישט געדענקען, איך געדענק אַז די פרוי שטיינבערג אונדזער ציין־דאָקטאָרן האָט מען געבראַכט. אויך קינדער וועלכע זענען געווען ביי גוים אלס פּאַסטעכער זענען געקומען. דאָס איז געווען חיים לייזערוקס קינדער, און אַזוי האָבן מיר אָפּגעוואַרט ביז 1 אזייגער. עס איז געקומען דער מלאך המות און האָט אָנגעהויבן געבן שיינען, קודם האָט ער גלייך

גענומען די קליינע קינדער, נאָכער האָט מען גענומען ווער עס איז אונטער די הענט געקומען.

עס זענען געווען 2 בלאָקן — איינער אַ טויטער און איינער וועלכער האָט באַקומען אַ שיין, דאָס הייסט, צייטווייליק צום לעבן. מען האָט פון מיין משפחה צוגענומען מיין טאָכטער פון 12 יאָר, מיין שוועה מאיר און מיין ברודערס זון, וועלכער איז געבליבן לעבן פון די באַלעכאָוועצעס דער וועלכער איז געלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין דעם בלוט פון זיינע עלטערן.

אַזויאַרום האָבן מיר אַלע געוואַרט אויף דעם טויט. צווישן די איז געווען פיל פאַלן וועלכע די עלטערן האָבן געקענט באַקומען שיינען, אָבער זיי האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זייערע קינדער. צווישן די איז געווען — ציפּע — יעקב פלאַט׳ס פרוי מיט אירע 2 קינדער — משה און לאה. אויך איר מאַמע און שוועסטער חיה מיטן קינד. איז חיה דאַן געבליבן צווישן די לעבעדיקע איבערלאָזנדיק דאָס קינד אויף ציפּען מיט דער מאַמע און ציפּע האָט נישט געוואָלט זיך שיידן מיט אירע ליבע קינדער און איז געגאַנגען אויף קדוש השם. אויך יצחק בערנהאָלץ מיט דער פרוי האָבן באַקומען שיינען. די קינדער, אָבער, האָבן זיך געבעטן: טאַטע מאַמע לאָזט אונדז נישט איבער. זענען אַלע צוזאַמען אַוועק

אויך איז געווען צווישן אונדז אַ העלדישע פרוי, סטריער, וועלכע האָט זיך געפונען צוזאַמען מיט איר מאַן און מוטער און 2 קינדער. דעם מאַן האָט דער קאָמיסאַר אַרויסגענומען ווייל ער האָט אים נאָך געדאַרפט, און די פרוי מיט די קינדער און מוטער זענען געטויט געוואָרן. אָבער, זי איינע, האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, זי האָט געשפּיגן דעם קאָמיסאַר אין פּנים און האָט אים געזידלט: זי האָט אים געזאָגט ער זאָל נישט מיינען אַז מיט דעם וואָס ער הארגעט אונדז, האָט ער שוין די מלחמה געוואונען, די מפּלה וועט ער סיי ווי האָבן.

איידער מען האָט איר דערשאָסן, האָט מען איר זייער געפּייניקט.

מיר זענען דאַן געווען בערך 2300 נפשות, געבליבן זענען ביי 600, וועלכע האָבן זיך באַדאַרפט מוטשען נאָך 3 מאָנאַט. זיי האָט מען גלייך איבערגעפירט אין אַ צווייטן בלאָק, און די אַנדערע האָט מען אַלע געהייסן זיך אויסטאָן נאַקעט. צווישן די וועלכע מען האָט דערנאָך געהרגעט איז אויך געווען סטריער, וועלכן מען האָט אַרויסגענומען, ווייל זיי האָבן אים נאָך בעדאַרפט האָבן. ער האָט דערציילט אַז מען האָט געפרעגט מיין קינד — זע, פעסעלע, דיין גאַנצע משפחה בלייבט לעבן, און דיר האָבן זיי געגעבן פאַר אַ קרבן, האָט דאָס קינד געענטפערט, אַז זי איז צופרידן וואָס זי איינע לייזט אויס די גאַנצע משפחה.

מיר האָבן געהערט דאָס שיסן פון אונדזערע טייערע. די קינדער האָט מען געוואָרפן לעבעדיק, זיי האָבן געזאָגט, אַז פאַר קינדער איז אַ שאָד אַ קויל. אַזוי האָט מען אַלע אונדזערע ליבסטע געמאַטערט ביז זייערע נשמות זענען אויסגעגאַנגען. מען האָט די גריבער פאַרשאָטן אָבער דאָס בלוט האָט נישט גערוט. דריי טעג זענען מיר געווען אויף דעם פּלאַץ און געזען ווי דאָס בלוט קאָכט און מען קען נישט איינשטילן. מיטוואָך האָט מען אונדז געזאָגט אַז מען פירט אונדז אהיים, און די אַלע געבליבענע זענען ווידער געפירט געוואָרן, אונטער אַ וואָך אין געטאָ, אַדורכגייענדיק די גאַס לעבן סטאַראָסטווע איז אַרונטערגעלאָפן שמואל ווערבלע׳ס טאָכטער — חסיה, 16 יאָר אַלט, וועלכע איז געווען באַהאַלטן ביי אַ דאָקטער, זייערס אַ פריינד. אויפן צווייטן טאָג איז מען גלייך געקומען זוכן דאָס מיידל, און מען האָט איר אָנגעהויבן יאָגן ווי מען יאָגט זיך נאָך אַ חיה, וועלכע מען וויל איר שיסן, און צום סוף האָט מען איר געכאַפּט און געשאָסן.

אין דעם געטאָ, וועלכער איז געוואָרן פאַרקלענערט, נאָר אויף איין ווינקל פון אונדזער שטעטל, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער טאָג־טעגלעכער גאַנג צו דער אַרבעט, און ווידער דאָס פּייניקן. יעדע נאַכט איז מען געקומען און עפּעס אַנדערש געפאָדערט.

ביים קאָמיסאַר האָט געאַרבעט דוד בער, און ביי דער פּאָליציי האָט געאַרבעט אברהם בער, אין אַ שיינעם טאָג האָט אברהם בער זיך נישט באַוויזן, זענען זיי געקומען אים זוכן און זיי האָבן געזאָגט, אַז מיר האָבן אים געהרגעט. אַזוינע פּראָוואָקאַציעס האָבן זיי געמאַכט, און דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דעם חודש חשון.

עס זענען געווען אַרטעלן און יעדער איינער איז געגאַנגען יעדן פרימאָרגן אַרבעטן. אין איין פרימאָרגן איז געקומען דער קאָמיסאַר און האָט איבערגעשריבן די אָנפירער פון די אַרטעלן. האָבן די איבעריקע שוין פאַרשטאַנען אַז עס קומט שוין דער סוף. מען האָט אָנגעהויבן לויפן צעטומלטע דערשראָקענע, יעדער איינער האָט געפרעגט וואָס טוט מען?

מיין משפּחה איז געווען ביי דער אַרבעט אויסער דער שטאָט. נישט קלערנדיק לאַנג, ווייל עס איז נישט געווען קיין צייט צו קלערן האָב איך גענומען 2 קריגלעך מיט עסן און איך בין געגאַנגען צום טויער. צום גליק איז קיין וואַך נישט געווען, און איך בין געגאַנגען כדי איבערגעבן מיין מאַן מיט די קינדער און אויך די איבעריקע יידן, וואָס עס דערוואַרטעט זיי. איך האָב זיי שוין געטראָפן נאָענט פון שטאָט.

אַלע האָבן זיך אומגעקערט און באַשלאָסן צו לויפן אין די וועלדער.

עס איז מיר געווען שווער צו לויפן ווייל מיין זון מנשה זאָל געזונד זיין האָט געאַרבעט אויף אַ צווייטן פּלאַץ. לאַנג געטראַכטן האָבן מיר נישט געהאַט קיין צייט. און מיר האָבן אָנגעהויבן דעם וואַנדער־וועג. 2 משפּחות זענען מיר געווען וואָס זענען אַוועק פון געטאָ — גרשון סאָקול און מיין משפּחה. נישט אַלע האָבן געוואָלט פאַרלאָזן דעם געטאָ. זיי האָבן מיר אויסגעלאַכט. זיי האָבן געזאָגט, אַז איך וועל פאַלן. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם האָב איך געוואָלט אַז עמיצער זאָל כאָטש בלייבן. און דוקא איז מיין גורל אַ זוי אויסגעפאַלן. מיר האָבן אָנגעפאַנגען לויפן און מען האָט אונדז נאָכגעשאָסן ביז מיר זענען געקומען אין וואַלד. אַלע זענען געווען מיד. עסן איז נישט געווען. גיין זוכן האָט מען נישט געקענט ווייל עס איז שוין געוואָרן טאָג. האָט מען געמוזט אויסזוכן אַ פּלאַץ ווו קיינער קומט נישט צו און אַזוי איבערליגן ביז עס וועט ווידער נאַכט ווערן. אַזוי זענען מיר געלעגן און געחלומ׳ט וועגן אַביסעלע וואַסער. עס איז נאַכט געוואָרן. מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן גיין און נישט געוווּסט וווּהין. מיר גייען ביז מיר האָבן געזען פייער. אַלע זאָלן גיין נאָך דעם סליאַד פון דעם פייער, איז געווען אַ גרויסע סכנה. איז אַוועק מיין עלטסטער זון מיט שמואל וואַלינעץ, און מיטגענומען מיט זיך מיין לעצטע טיכל האָבן זיי געבראַכט 1 ברויט מיט אַביסל מילך. האָבן מיר עס איינגעטיילט יעדן צו ביסלעך מילך און מען האָט ווידער אָנגעהויבן גיין. אַזוי זענען מיר ווידער געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט ביז מיר זענען געקומען נאָענט צו אַ דאָרף — קליין־לישקע. און דאַן האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ ביקס, ווייל וואַלינעץ, וועלכער איז געווען פון דעם דאָרף האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט ווו עס איז דאָ צו קויפן אַ ביקס ער איז אַוועק צוזאַמען מיט מיין מאַן. אָפּזאַמענדיק זיך עטלעכע שעה, זענען זיי געקומען מיט אַ ביקס און מיט 5 קוילן פאַר וועלכע מען האָט באַצאָלט מיט גאָלד.

מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן אונדזער וואַנדער־וועג ביז מיר זענען געקומען אין אַ וואַלד אין וועלכן דאָרט האָבן געזאָלט זיין פּאַרטיזאַנער. הונגעריק איז מען געווען. האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אין וואַלד און מען האָט באַשלאָסן גיין זוכן עסן. דאַן איז געגאַנגען אַ לישקער בחור וועלכער איז צוריק נישט געקומען. זענען מיר ווידער געבליבן אַ גאַנצן טאָג פאַרשטעקט ביז עס איז נאַכט געוואָרן. מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן די פּאַרטיזאַנער אָבער צוקומען האָט מען נישט געקאָנט אַליין. מען האָט געמוזט האָבן אַ פאַרבינדער. אין וואַלד האָבן מיר געטראָפן אַ ליעסניטשע און טאַקע דער ליעסניטשע האָט געזאָגט אַז ער פירט אונדז צו די פּאַר־טיזאַנער. ליידער זענען דאָס נישט געווען די פּאַרטיזאַנער, גלייך ווי מיר זענען געקומען האָבן מיר זיך דערוווּסט. אַז זיי האָבן מיט אַ טאָג פריער געהאַרגעט סטריערן, אפרים מאַליק אין טויזנערן.

מיר האָבן געזען אַז דאָ איז פאַר אונדז אויך נישט קיין פּלאַץ און זענען ווידער געגאַנגען זוכן. מיט אונדז איז געווען אַ געוויסער מאיר ער איז געווען פון דעם דאָרף ניעוויר. ער האָט געזאָגט אַז מיר זאָלן גיין מיט אים און מיר וועלן שוין געפינען אַ פּלאַץ. און מיר זענען אַוועק אין אַ צווייטן וואַלד און גענומען אַליין מאַכן אַ פאַרבאַהאַלטעניש כּדי מען זאָל האָבן ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב. איין מעטער די הויך און דאָרט זענען מיר געווען עטלעכע טעג. יעדע נאַכט איז מיין מאַן מיטן זון יהושע געגאַנגען זוכן עסן. קומענדיק איינמאָל צוריק זאָגט מיר מיין מאַן אַז ער האָט געטראָפן יצחק אַרעמלאַנד מיט דער פרוי און נאָך 2 קינדער פון זיינע שוועסטער. און זיי האָבן נישט קיין אויסוועג ווייל קיין געלט צום קויפן עסן האָבן זיי נישט. מיר האָבן געהאַט געלט, אַזוי אַרום האָבן מיר באַשלאָסן אויך זיי צו נעמען. זענען מיר שוין געווען אַ גרויסע משפּחה און מען האָט געמוזט פאַרגרעסערן אונדזער באַהעלטעניש און דאָס האָט אונדז אַנטפּלעקט. אויפן דריטן טאָג זענען געקומען די מערדער וועלכע האָבן זיך גערופן „פּאַרטיזאַנער" און מען האָט אַלעמען אַרויסגערופן פון דעם מקלט. מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין פּנים פון קיין מענטשן, זיי האָבן זיך אַליין דערשראָקן. און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זוכעניש ווער עס האָט געהאַט געלט האָט מען צוגענומען. פון יעדן האָט מען די שטיוול צוגענומען. אין דעם טאָג זענען 45 יידן געפאַלן אין דעם וואַלד פון זייערע הענט. מיין זון איז אויך געווען צווישן זיי. די איבערגעבליבענע האָבן ווידער אָנגעהויבן קלערן פון אַ היים. אויף דער צווייטער נאַכט זענען מיר אַוועק קיין וואָלקע און ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זעלבע, ביז מיר האָבן שוין געמאַכט אַ פּלאַץ ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. און יעדע נאַכט האָט מען געמוזט גיין 12 קילאָמעטער ברענגען אויף די פּלייצעס קאַרטאָפל און אַ שטיקל ברויט צו דערהאַלטן די נשמה.

מען איז שטענדיק געווען הונגעריק. מיינע 2 קינדער וועלכע זענען דאַן נאָך געווען מיט מיר — מנשה זאָל געזונט זיין און ברוך, זענען שטענדיק געלעגן פאַרשמאַכט. ברוך האָט מיר געפרעגט: „מאַמע, צי וועט נאָך קומען אַ צייט אַז מיר וועלן זיך קענען אָנעסן מיט קאַרטאָפל?" וואָס קען דאַן אַ מאַמע זאָגן? פאַרשטייט זיך, אַז אַ מאַמע וויל שטענדיק

טרייסטן די קינדער, אָבער אין הארצן האָב איך געקלערט, אז מיר זענען אַלע פארמשפט צום טויט, ווער פריער און ווער שפּעטער.

אויף דעם פּלאַץ זענען מיר געווען 9 וואָכן ביז מען האָט אונדז אַנטדעקט, האָבן מיר געמוזט פארלאָזן אויך דאָס אָרט, און ווידער נעמען דעם וואַנדער־שטעקן. עס איז געבליבן די פראגע וואוהין? מיר האָבן באשלאָסן גיין צוריק קיין ניעוויר זוכן פארטיזאַנער.

קומענדיק אין דאָרף האָבן פּאָליאַקן אונדז גוט צעשלאָגן און נאָכער האָבן זיי אונדז געזאָגט אַז נישט ווייט זענען דאָ פּאַרטיזאַנער און מיר קענען גיין. דאַן זענען מיר אוועק און מיר האָבן זיך שוין פארבונדן מיט די פארטיזאנער און עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן א גרינגערער לעבן. קודם איז שוין געווען צו עסן, מיינע קינדער זענען שוין געווען זאט און איצט האָט מען אָנגעהויבן שיקן אויף זאדאניעס איז דאַן מיין מאַן יאָסל געפאַלן. איך בין פאַרבליבן מיט 2 קינדער ביז עס איז געקומען דער טאָג אז די פארטיזאנער האָבן געזאָגט אז מיר פארלאָזן דעם וואלד, ווייל די דייטשן דער־נענטערן זיך.

אַלץ איז געווען געפאקט, מיר האָבן אלע געזאָלט גיין קיין ראפאלוווקע, דאָרט זענען שוין געווען די רוסן דער וועג איז געווען שווער, נישט אַלע האָבן געקענט גיין, איי־ניקע זענען געבליבן אין גרויס־גלושע.

קומענדיק קיין ראפאלאווקע ווו עס זענען געווען די רוסן האָבן זיי גלייך מאָבאליזירט אונזערע מענער און מען האט זיי אוועקגעשיקט קעמפן קיין ארכאנגעלסק. אויך מיינע 2 קינדער זענען געווען צווישן זיי, איך בין געבליבן אליין ווי אַ שטיין.

עטלעכע וואָכן זענען מיר געווען אין לושע און נאָכער האָבן אונדז די רוסן געזאגט אַז קאַמין־קאָשירסקי איז שוין פאַרנומען. מען האָט אונדז געגעבן פערד און מיר זענען געקומען קיין קאמין צו די קברים וואָס מיר האָבן איבער־געלאָזט. צווישן די געקומענע איז געווען פייגל וואַטאַן, 3 קינדער פון משה זאָסק דער בוזאַקער. איך מיט פייגל וואטאן זענען מיר געווען די גאנצע צייט צוזאַמען.

וואָס טוט מען ווייטער? זיין אויף דעם פּלאַץ ווו מיר האָבן אזויפיל טויטע איבערגעלאָזט איז געווען אוממעגלעך. צווישן די גוים וועלכע האָבן אונדזער האָב און גוטס באַ־רויבט, האָט מען נישט געקענט לעבן. זייענדיק עטלעכע טעג אין שטעטל, האָבן אָנגעהויבן קומען נאָך יידן ווי יענק׳ל גאָלדשטיין מיט זיין משפחה. אַזוי איז מען דערווייל פאַר־בליבן ביז מען וועט האָבן וואוהין צו גיין.

פּלוצעם האָבן די רוסן באפוילן אז מיר אַלע מיט זיי צוזאמען מוזן פארלאָזן קאמין. ווייל דער פראָנט איז אין ניעסכיזש און מיר אַלע זענען אוועק אין דאָרף גריווע, דאָרט זענען מיר געווען 6 וואָכן ביז מיר האָבן געמוזט אויך דאָס פּלאַץ פארלאָזן, און מען האָט זיך ווידער אומגעקערט קיין קאמין. איך האָב נישט געקענט זיין אין קאמין ווייל יעדער ווינקל איז געווען פארגאָסן מיט בלוט. ווו איך בין געגאנגען האָב איך געזען מיינע ליבסטע. איך בין אוועק אויף דעם ברודער־קבר און דאָרט האָב איך געטראָפן פיס, הענט, א קאָפּ מיט האָר, ציין, דאָס אלעס האָב איך צונויפ־געקליבן זיך אויסגעוויינט, און אלעס באַגראָבן, און באשלאָסן צו פאַרלאָזן קאַמין.

איך בין אוועק קיין ראטנע דאָרט האָב איך געטראָפן אַ געוויסן אברהם בערג מיט זיין פרוי געראטעוועטע. זייער הויז איז געבליבן און זיי האבן מיר פארבעטן איך זאָל וווינען מיט זיי. פארשטייט זיך, אז איך בין געבליבן. פון מיינע קינדער פלעג איך האָבן בריוו, צום סוף האָט זיך די פּאָסט פארהאלטן איך האָב קיינע בריוו באקומען. מיין הארץ האָט מיר געזאָגט אז עפּעס האָט פּאַסירט, אזוי איז אדורך 9 וואָכן ביז איין פרימאָרגן עפענט זיך די טיר און עס קומט ארייַן מיין זינדעלע מנשה. געשוואָלן פון הונגער און קען שוין די פיס נישט שלעפן. פון גרויס איבערראשונג בין איך אוועקגעפאלן, עס האָט גענומען עטלעכע מינוט ביז איך בין צו זיך געקומען. איך האָב גלייך געמאכט עסן און מיין קינד האָט זיך געוואונדערט וואָס מיר האָבן שוין אַלעס, אָבער קראַנק איז ער געווען. א דאָקטאָר, האָט אים געגעבן די גע־העריקע הילף אין א פּאָר וואָכן ארום איז ער געזונט געוואָרן.

איך בין אוועק קיין קיווערץ, פון דאָרט קיין לעמבערג צוזאמען מיט מיין קינד. דער צווייטער זון וועלכער איז גע־בליבן אין רוסלאנד, איז געפאָרן אויף א שיף און איז אריינ־געפאלן אין ים און דערטרונקען געוואָרן.

פון לעמבערג זענען מיר אוועק קיין זשעשאָוו. אין זשעשאָוו האָבן מיר געזען אז עס קומען מענטשן פון די דייטשישע לאַגערן, זענען מיר צוזאמען מיט זיין געפאָרן ביז מיר זענען געקומען קיין בוקארעשט אין בוקארעשט האָבן מיר שוין געטראָפן שליחים פון ישראל, דאָרט האָט מען מיר ווידער אָפּגעטיילט פון מיין זון, אים האָט מען געשיקט קיין איטאליע, איך האָב באקומען א סערטיפיקאט און געקומען קיין ארץ־ישראל דעם — 25.9.1945 — אין ישראל האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין זון.



יעקב גאלדשטיין

# אזוי האט מען אומגעבראכט די יידן

דעם 22 יוני 1941, ווען די דייטשן זענען אנגעפאלן אויף רוסלאנד האבן זיי אין עטלעכע טעג פארנומען קאוועל. צוויי וואכן איז קאמין געווען פריי פון דייטשן, דערנאך איז איינער א דאקטאר־וועטערינאר, אן אוקראינער, בראש מיט נאך אייניקע אוקראינער, אוועקגעפארן קיין קאוועל און געבראכט עטלעכע אויטאס מיט דייטשן צו באזוכן קאמין־קאשירסקי, זיך מיט זיי אביסל פרייען אלס אנגענעמע געסט, ווייל זיי האבן זיי באפרייט פון די קאמוניסטן. לכבוד אזוינע גרויסע געסט האבן די אוקראינער, די מער חשובע פון שטאט, איינגעארדנט א שיינע אויפנאמע מיט שיין געדעקטע טישן אין דעם גרויסן זאל פון דעם פאלקס־הויז (דאס לודאווי).

שפעט אין אוונט ווען די גרויסע געסט מיט אלע פארזאמלטע, וועלכע זענען געווען בלויז אוקראינער, זענען געווארן שטארק בגילופין, האבן זיי אויך נישט פארגעסן אין די יידן. עטלעכע דייטשן מיט אייניקע אוקראינער האבן געבראכט 7 יידן אז זיי זאלן זיי מאכן אביסל פריילעך. עס זענען געווען פאלגנדע: נח בינוק מיט זיין פרוי יענטל די „קראסאוויצע", אזוי האט מען איר גערופן, אברהם קטן, פסח בערש דער בעל עגלה מיט זיין זון שלמה קאלאטאטש א בוכהאלטער און אברהם יצחק סאנדיוק. מען האט זיי געצווונגען אז זיי זאלן טאנצן פארשידענע יידישע טענץ, און זיי אונטערהאלטן.

אזוי האבן זיי פארבראכט די גאנצע נאכט ביזן פרימארגן. ווען מען האט זיך שוין אלע געקליבן אוועקצוגיין, איז צוגעפארן א גרויסער אויטא איבערגעדעקט מיט א ברעזענט און ארויפגענומען די אלע 7 יידן און זיי אוועקגעפירט אויף דעם בית־עולם, געהייסן זיי אויסגראבן א גרוב און זיי דערשאסן. דאס זענען געווען די ערשטע קרבנות פון קאמין קאשירסקי.

מיט א פאר וואכן שפעטער זענען ווידער געקומען פון קאוועל עטלעכע אויטאס מיט דייטשן און געגאנגען פון שטוב צו שטוב זוכן מענער. אמיינסטן יונגע. מען האט זיי געבראכט צו יוסף פערטשיקן אין שטוב, וועלכע איז געווען באוואכט פון עטלעכע דייטשן.

ווען די יידן האבן זיך דערוווסט, אז דייטשן גייען אין די הייזער פארנעמען יונגע מענטשן, האבן זיך פיל פארשטעקט אין די קעלערן און אויף די בוידעמער, דאך האבן זיי פארנומען 72 מענטשן. מען האט זיי דארט געהאלטן איבער נאכט און גאנץ פרי זענען צוגעפארן עטלעכע אויטאס און זיי אלע פארנומען און אוועקגעפירט אין וועלדל ביי דעם דארף הוטא־קאמינער, 5 ק"מ פון קאמין, געהייסן זיי אויסגראבן א גרוב און אלעמען דערשאסן. די ערד איבער דער גרוב האבן זיי פארגלייכט און אריינגעשטעקט אין דער ערד דינע בוימער אז עס זאל זיין פארמאסקירט דער פלאץ.

אין א קורצע צייט ארום איז אנגעקומען א סטאבילע מאכט, א קאמענדאנטור פון 4 מאן, א געביט־קאמיסאר מיט דעם נאמען פריץ מיכאלעס, זיינער א פערטרעטער קראאוזע און נאך 2 מאן אלע ס.ס. זיי זענען געווארן איינגעקווארטירט אין מייסטעלס מויער. און זשאנדארמעריע פון 20 מענטשן זענען געווארן איינגעקווארטירט אויף דעם בארג ביי דמאכאווסקין אין גרויסן הויז.

זיי האבן גלייך אנגעהויבן ארגאניזירן אוקראינער מיליץ, זיי זאלן זיין אין געהילף דער זשאנדארמעריע, וועלכע זענען געווען נישט בעסער פון די דייטשן אין באצוג צו יידן.

מיט עטלעכע טעג שפעטער, נאך זייער קומען, איז דערשאסן געווארן עקיבא אייזענבערגס פרוי סימע. דער געביט־פארטרעטער קראאוזע איז געקומען צו עקיבא'ן אין שטוב ביינאכט א שיכורער און פארלאנגט ארויסגעבן זייער טאכטער רייזל, ווען סימע האט זיך קעגנגעשטעלט נישט וועלנדיק איר טאכטער ארויסגעבן, האט מען זי דערשאסן.

א פאר מאנאטן נאכן אנקומען פון די דייטשן קיין קאמין, האבן נאך די יידן געלעבט פריי, יעדער איינער ביי זיך אין זיין שטוב, אויסער די יידן וועלכע האבן געוווינט אין די קריסטלעכע גאסן און האבן געמוזט פארלאזן זייערע הייזער און אריין אין צענטער שטאט ווו עס איז געווען באוווינט פון בלויז יידן.

דערנאך האט מען אנגעפאנגען בויען א געטא פאר די יידן. אויף וועלכן די יידן האבן געדארפט צושטעלן די ברע־

טער, וועלכע האָבן געדאַרפט זיין נישט ווייניקער ווי א צאָל דיק און די הויך איבער 2 מעטער. די יידן האָבן אויך געדאַרפט אליין בויען די געטאָ־ווענט.

דאָס געטאָ האָט פאַרנומען די קאָוולער גאַס, פון דער רעכטער זייט אָנקומענדיק פון סטאַציע, דורכגעשניטן לעבן לייביש גאָלדשטיינס דירה, און פון דער צווייטער זייט לעבן אליעזר קאַמינערס בעקעריי ביז דאָלניקער גאַס. די פּראַנ־טאָווע הייזער ווי לערמאַנס, פלוס, באַבעלאָוויטשעס רעסטאָ־ראַציע און פערטשיקס זענען געווען אויסער דעם געטא

די ברעטער צום געטאָ האָבן געדאַרפט זיין גוט צוגע־פּאַסט איינע צו דער צווייטער, אז עס זאָל נישט זיין דורכ־זעעוודיק. פון אויבן זענען נאָך געווען לייסטן אויף וועלכע עס איז געווען דורכגעצויגן 3 שטעכל־דראָטן אז מען זאָל נישט קענען דורכקריכן אויף דער צווייטער זייט. אין מיטן געטאָ לעבן ניסי דובס הויז, איז געווען א גרויסער טויער, דורך וועלכן מען איז אריינגעגאנגען און ארויסגעגאַנגען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט דער געביט־קאָמיסאַר געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יונגע מענטשן זאָלן זיך צושטעלן אין 2 שעה ארום אין בנין וווּ עס איז געווען די פוילישע שטאָט־פארוואלטונג, און ווער עס וועט זיך נישט צושטעלן וועט ווערן דערשאָסן. עס האָבן זיך צוזאמענגעקליבן בערך 200 מאַן, זיי האָבן געזאָגט אַז זיי דאַרפן ארבעטער פאַר קיעוו.

גלייכצייטיק האָבן זיי אויך ארויסגעשיקט אַזאַ באַפעל קיין קליין־גלושא אַז אַלע יונגע מענטשן זאָלן אויך גלייך קומען קיין קאַמין. אָבער קיינער איז פון דאָרטן נישט געקומען. זיי האָבן זיך אַלע פארשטעקט. די אַלע מענטשן האָט מען געהאלטן 2 טעג און דערנאָך זיי פונאנדערגעלאָזט. דערנאָך האָט מען זיך דערוווּסט אז מען האָט זיי אַלע געוואָלט אויסשיסן, אָבער דער פּלאַן זייערער איז צונישט געוואָרן. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען אוועקגעפאָרן עטלעכע זשאַנדאמעריע קיין קליין־גלושא און צונויפגעזאמלט אַלע יידן אויף אַ פּלאַץ און אַלע ביז איינעם אויסגעשאָסן פאר דעם וואָס זיי האָבן זיך פריער נישט צוגעשטעלט אין קאמין איינעם אַ יידן האָבן זיי געבראכט קיין קאַמין, אָפּגעראַזירט אים די באָרד און ביינאַכט אים אויפגעהאָנגען אויף דעם באַלקאָן פון דעם פּאָלקס־הויז (דאָס לודאָווי) וואָס איז געווען אין מיטן שטאָט, און אַזוי איז ער געהאָנגען 2 טעג אַז אַלע זאָלן זען און וויסן אַז די יידן פון קליין־גלושא האָבן נישט דערפילט זייער באַפעל.

ווען דאָס געטאָ איז געוואָרן אינגאַנצן פאַרטיק האָבן זיי געהייסן דעם דאָלמעטשער דוד בער, מלכה גורטענשטיינס איי־דעם, אז מען זאָל אויסקלויבן אַ יודן־ראַט, וועלכע וועלן זיין די יידישער פאָרשטייער, און גלייכצייטיק אויספילן די באַפעלן וואָס די דייטשן וועלן פארלאַנגען פון די יידן.

אין יודן־ראַט זענען געווען פאָלגנדע: דוד בער — פּרעזעס, יודעל מאליק, יעקב יצחק קלורמאן, אריה דעקעל־בוים שמאי מייסטעל, יעקב קאשער און בן ציון קארש, וועלכער וווינט יעצט אין ראשון־לציון.

ווען אלץ איז שוין געווען אינגאנצן פאַרטיק, האָבן זיי אין איינעם אַ טאָג, 7 אזייגער פרי, ארויסגעגעבן אַ באַפעל אַז אין אַ האַלבער שעה זאָלן אַלע יידן וואָס וווינען אויסער דעם געטא פאַרלאָזן זייערע הייזער און אריבער אין געטאָ, נאָך דער באַשט־מטער צייט, וועט מען דערשיסן אַלע וועלכע מ׳וועט טרעפן אין די הייזער.

גלייך איז געוואָרן אוועקגעשטעלט אַ וואַך ביי דעם טויער פון געטאָ, און קיינער האָט נישט געטאָרט אליין ארויסגיין, גאָרנישט ארויסטראָגן און גאָרנישט אריינברענ־גען. יעדן פרימאָרגן האָבן אַלע מענער און פרויען געדאַרפט זיך פארזאמלען לעבן יודען־ראַט, און פון דאָרטן האָט מען געשיקט אַרבעטער צו פארשידענע ארבעטן, וואָס די דייטשע קאָמענדאנטור האָט באַפוילן דעם יודען־ראַט. איינציקווייז האָט מען צו דער אַרבעט נישט געטאָרט גיין, בלויז אין קאָלאנעס.

אין מלכה גורטענשטיינס ביידע הייזער זענען געוואָרן אָרגאַניזירט ארטעלן פון יעדן פאך באזונדער, ווי, למשל אן ארטעל ווו עס האָבן געארבעט 42 מיידלעך ביי שטריקעריי, האנט ארבעט, וואָס מ׳פלעגט אויסארבעטן פארשידענע וואָ־לענע זאַכן ווי סוועטערס, קליידער א. א. מיט דעם ארטעל האָט אָנגעפירט עטל גאָלדשטיין און קוקי פוגאטש. אין ארטעל פון די שניידערס זענען געווען די אנפירער סענדער קאָרזש, און מיכאל פארטנאי פון מוליערס יעקב און זיין ברודער לייבל זעלצער א.א.וו.

יעדער מענטש אין געטאָ האָט באקומען בלויז 100 גראם ברויט אַ טאָג. יידן האָבן געארבעט זייער שווער, זיי האָבן געדאַרפט אָנלאָדן וואגאָנעס, טראָגן הונדערט קילאָווע זעקלעך אין די וואגאָנעס, אָנלאָדן קלעצער האָלץ אין די וואַגאָנעס און נאָך פאַרשידענע שווערע אַרבעטן. דאָס זעלבע אויך די פרויען, זיי האָבן געארבעט זייער שווער.

עטלעכע מענשן פון יודן־ראַט האָבן געהאַט די אויפזיכט אַז אַלע יידן זאָלן גיין צו דער ארבעט. גלייכצייטיק האָט דער יודן־ראַט לויט דער אויפאָדערונג פון געביט קאָמיסאַר גענומען פארלאַנגען פון די יידן אַז מען זאָל אריינברענגען גוטע קאָסטיומען, אדער ווער עס האָט גוטע וואָלענע שטאָפן א.א.וו. און מען האָט אָנגעהויבן יעדן באשטייערן מיט עטלעכע גאָלד־שטיקלעך, אָדער ווּעמען מיט גאָלדענע

חפצים, לויטן איינזען פון יודן־ראט. אויב מ׳וועט ברענגען געלד, האט דער יודן־ראט געזאגט, וועלן די דייטשן קיין שום שלעכטס נישט טאן די יידן.

אזא קאנטריבוציע איז געווען זייער אפט.

א סך מענער ווען זיי פלעגן גיין צו דער ארבעט פלעגן אנטאן אויף זיך לאנגע פאלטנס (אפילו אין זומער) אז צוריקגייענדיק פון דער ארבעט זאלן זיי קענען ארייגלייגן אין די קעשענעס, ווער עטלעכע קארטאפל, אדער א שטיקל ברויט, און אזוי ארום זאל נישט זיין אנזעעוודיק וואס זיי האבן מיט זיך. אויב די דייטשן אדער די אוקראינער זשאנ־דארמעריע האט ביי וועמען עפעס באמערקט און געפונען ביי אים וועלכע עס איז פראדוקטן, איז ער געווארן גלייך דערשאסן.

אין געטא האט מען געוווינט אין זייער שלעכטע באַ־דינגונגען. מען איז געווען אין א צימער צו 10—15 פערזאן און מען איז געווען אין א גרויסער נויט.

3 מאנאטן פאר דער ערשטער שחיטה, וואס איז פאר־געקומען 27 טעג אין אב 1942, האבן די דייטשן אפגעשאפט די צעטיילונג פון 100 גראם ברויט. די נויט איז געווארן נאך גרעסער און מען האט פערשטאנען — פריער אדער שפעטער איז די צוקונפט א געשטעמפלטע...

א טאג פאר דער שחיטה, 26 טעג אין אב, זענען געקומען פון ברעסט־ליטאווסק 3 דייטשן ס.ס. די בהלה אין געטא איז געווארן זייער גרויס. אלע מענטשן האבן די נאכט שוין נישט געשלאפן, מען איז געווען אלע אינדרויסן, יעדער האט עפעס געוואלט זיך דערוויסן. עס זענען געווען אייניקע וועלכע זענען ארויס פון געטא און אוועק אין וואלד. שפעט ביינאכט האט מען באמערקט אז דאס געטא איז געווארן שטרענגער באוואכט, אז עס איז שוין געווארן אוממעגלעך זיך ארויסצובאקומען, ווייל מען האט פארשטאנען אז די 3 געסט האבן קיין גוטס נישט געבראכט.

שפעט אין אוונט האט מען פון דער דייטשער קאמענ־דאנטור געבראכט צו חנה איינגעל א 20 ק״ג מעל, אז זי זאל אויסבאקן פאר דער קאמענדאנטור ברויט, מארגן פרי 8 אזייגער וועלן זיי קומען אפנעמען דאס ברויט. חנה איינגעל פלעגט באקן פאר דער קאמענדאנטור ברויט 2 מאל אין דער וואך. דאס מאל האבן זיי געבראכט נישט דערפאר ווייל זיי האבן דאס געדארפט, נאר ווייל זיי האבן זיך דערוווסט אז די יידן אין געטא זענען זייער אומרואיק. האבן זיי דאס געמאכט זיי צו בארואיקן אז זיי מיינען גאר קיין שלעכטס נישט. אבער א גאנצע נאכט זענען די יידן ארומגעגאנגען אין דרויסן מיט דערשראקענע פנימער, די בהלה איז געווען נישט צו באשרייבן.

גאנץ פרי 4 אזייגער, איז געקומען דער פארטרעטער פון געביט־קאמיסאר מיט עטלעכע זשאנדארמעריע, און גלייך געהייסן רופן דעם יודן־ראט און באפוילן אז אלע יידן אן אויסנאם, אלט, יונג און קראנקע, זאלן ארויס פון געטא ווייל זיי וועלן מאכן א דעזינפעקציע, אז עס זאלן נישט זיין קיין שלאפקייטן. אלע האבן זיך פארזאמלט ביים יודן־ראט און מען האט זיי געהייסן זיך אויסשטעלן אין רייען צו 5 מענטשן. ווען מען האט אנגעפאנגען ארויסמארשירן פון געטא, איז יעדער געווארן דערציטערט: מען האט געזען אז דייטשן און אוקראינישע מיליץ מיט אויטאמאטן האבן שטארק באוואכט אז קיינער זאל נישט אנטלויפן. מען האט אלעמען אוועקגעפירט אויף זאסטאוויע, אזוי האט געהייסן די ארטשאפט נישט ווייט פון בית־עולם. דארט איז געווען א גרויס פלאץ פון 4 העקטאר אויך ארומגעצוימט מיט ברעטער, און אינעווייניק זענען אויך געווען באראקן, וועלכע די יידן האבן געבויט, זיי האבן געזאגט אז זיי וועלן אהין ברענגען רוסישע געפאנגענע פון קאוועל אויף ארבעט.

דער פלאץ איז געווארן זייער שטארק באוואכט פון די דייטשן און אוקראינישער מיליץ. מען האט גלייך באמערקט אז א 29 פויערים גראבן 2 גריבער אויף דעם בית־עולם.

דער טאג איז געווען זייער הייס און עס איז נישט געווען א ביסל וואסער צו באנעצן די פארטריקנטע ליפן און דעם האלדז. מענטשן האבן געחלשט.

4 אזייגער נאכמיטאג, איז געקומען דער געביטן־קאמיסאר מיט זיינע פארטרעטער, אויך פיל זשאנדארמעריע מיט אוקראינישער מיליץ מען האט באפוילן אז אלע מענטשן זאלן אריבער אין איין זייט. אנטקעגן האבן זיך אוועקגעשטעלט די דייטשן מיט דער אוקראינישער מיליץ, אז קיינער זאל נישט אריבערלויפן אויף דער אנדערער זייט. דער געביטן־קאמיסאר האט ארויסגענומען א פעקל מיט לעבנס־שיינען צו פארטיילן די מער ארבעט־פעאיקע מענטשן, פאר די פון 15 ביז 45 יאר, און אנגעהויבן ארויס־רופן מיטן נאמען, אז מען זאל גלייך צוקומען נעמען דעם לעבנס־שיין, און זיך שטעלן אויף דער צווייטער זייט ווו מען וועט בלייבן לעבן.

מען קאן נישט באשרייבן און אויך זיך נישט פארשטעלן ווי די מענטשן האבן אויסגעזען, ווייל עס זענען געווען עטלעכע טויזנט מענטשן און יעדער איינער האט געוואלט הערן, אפשר רופט מען אים אויס, ווייל ווער עס איז אזוי שנעל נישט צוגעלאפן נעמען זיין שיין, איז זי געווארן צעריסן...

אַלע מענטשן זענען געווען מיט פאַרהאַלטענע אָטעמס מען זאָל קענען הערן ווי מען רופט אויס די נעמען. דאָך פון דעם אָטעמען פון אַזוי פיל מענטשן האָט זיך געהערט אַ גערויש, ווייל דאָס אָטעמען איז געווען נישט נאַטירלעך. ווען מען האָט אויסגערופן פון אַ פאַמיליע דעם פאָטער און אויך די מוטער זאָלן צוגיין נעמען די שיינען, זענען אויך נאָך זיי מיטגעלאָפן זייערע קליינע קינדער. אָבער צום גרויסן באַדויערן ווען זיי זענען צוגעקומען צום אָרט ווו עס איז געווען אויסגעשטעלט די לאַנגע רייע פון די דייטשן און אוקראַינישער מיליץ וועלכע האָבן געהאַלטן אין די הענט פעסטע שטעקנס און די קינדער צוריקגעשטויסן פון זייערע עלטערן און זיי אויך שטאַרק געשלאָגן. ווען די עלטערן האָבן געהערט די גרויסע קולות פון זייערע קינדער וואָס מען לאָזט זיי נישט דורך זענען זיי צוריק געלאָפן נישט וועלנדיק נעמען זייערע לעבנס-שיינען. איך האָב געזען, ווען מען האָט ארויסגערופן איטשע בארענהאָלץ מיט זיין פרוי שרה זאָלן גיין אָפנעמען זייערע שיינען, זענען נאָכגעלאָפן נאָך זיי זייערע 2 קינדער, באַסקע מיט פיוווישן, זייער גראַטענע קינדער, און ווען מען האָט ארויסגעריסן פון זייערע הענט די קינדער, נישט לאָזנדיק זיי דורך מיט די עלטערן האָבן די קינדער נאָכגעשריגן „טאטעניו מאַמעניו, אויף וועמען לאָזט איר אונדז איבער?" האָבן זיי גענומען זייערע קינדער אויף די הענט און זיך צוריקגעקערט. דאָס זעלבע האָב איך געזען ווען מען האָט ארויסגערופן עקיבא אייזענבערג מיט זיין עלטערע טאָכטער רייזעלע זענען זיי אויך נאָכגעלאָפן זיינע דריי קלענערע קינדער. ווען מען האָט די קינדער צוריקגעשטויסן און זיי געשלאָגן מיט די שטעקנס, האָט עקיבא מיט זיין טאָכטער רייזעלען זיך צוריקגעקערט נישט נעמענדיק די לעבנס-שיינען. אַזעלכע פאַלן זענען געווען זייער אַ סך

דער געדראַנג פון די מענטשן איז געווען שטאַרק, ווייל יעדער וועלכער איז געשטאַנען אָביסל ווייטער, האָט געוואָלט הערן אפשר רופט מען אים אויס. פיל פרויען און קינדער האָבן געחלשט און זענען צעטראָטן געוואָרן, ווייל עס איז געווען אומעגלעך אויפצוהייבן זיי, מען האָט געזען אַז די גריבער זענען שוין פאַרטיק פאַר זיי.

לעבנס-שיינען זענען געווען ביי 800, ווען מען האָט שוין פאַרטיילט אַ 600 שיינען איז דער געדראַנג פון די מענטשן געוואָרן נאָך גרעסער, ווייל מען האָט געזען אַז עס איז שוין ווייניק געבליבן און יעדער איינער האָט געוואָלט הערן אפשר רופט מען אויס זיין נאָמען, און יעדער האָט זיך געשפאַרט נענטער. דער געביטס-קאָמיסאַר איז געוואָרן אין כעס פאַר וואָס די מענטשן זענען אַזוי אומרואיק און מען שפאַרט זיך אַלע, האָט ער געכאַפּט די איבעריקע שיינען ביי 200 און זיי צעריסן.

די מענטשן וועלכע האָבן באַקומען די לעבנס-שיינען האָט מען געהייסן אריינגיין אין 2 באַראַקן וועלכע זענען געווען דאָרט אויסגעבויט, און אָוועקגעשטעלט אַ וואַך אַז קיינער זאָל נישט ארויס פון דאָרט. אויך די איבעריקע מענטשן וועלכע זענען געבליבן אויף דער צווייטער זייט האָט די זשאַנדאַרמעריע אַרומגערינגלט אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן. דאַן זענען צוגעקומען עטלעכע פון דער זשאַנדאַרמעריע, אויסגעציילט 50 פערזאָן, אָן אויסנאַם מענער, פרויען און קינדער, אריינגעטריבן זיי אין אַ גרוב וואָס מען האָט דאָרט אויסגעגראָבן אַ מעטער די טיף און געהייסן זיי אַלע אָן אויסנאַם זיך אויסטאָן ביז דער לעצטער העמד, ממש נאַקעט, ווייל אפשר טראָגט עמיצער אויף זיין לייב גאָלד, אָדער דאָלאַרן, און מען האָט זיי אָוועקגעטריבן צו די אַנדערע גריבער און זיי געהייסן אין גרוב זיך שנעל אַוועקלייגן מיטן פנים אראָפּ, און ווער עס האָט זיך אַזוי שנעל נישט אָוועקגעלייגט האָט געקראָגן פון די דייטשן מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, אַזוי אַרום אַז ער איז שוין אָוועקגעפאַלן אַ טויטער. אין גרוב פון ביידע זייטע זענען געשטאַנען צווי דייטשן מיט פּאַלימיאָטן און געטאָן אַ שאָס איבער זיי. געוויס זענען געווען פיל מענטשן וועלכע זענען געבליבן לעבן, אָבער גלייך איז ווידער אָנגעקומען די צווייטע 50, אַזוי אַרום איז דאָס געגאַנגען זייער שנעל, ווייל עס איז געווען גוט אָרגאַניזירט. עס האָט געדויערט אומגעפאָר אַ 2 שעה און בערך אַ 3000 מענטשן זענען געלעגן אין גרוב. די געוואַלדן און געשרייען פון די מענטשן און קינדער זענען געווען נישט צו באַשרייבן. ווער עס האָט זיך אַזוי שנעל נישט אויסגעטאָן איז געוואָרן מערדערלעך צעשלאָגן, ווען עס איז געקומען די רייע צום לישער רב וועלכער איז געשטאַנען מיט יצחק אייזנבערג, האָבן זיי זיך נישט געוואָלט אויסטאָן נאַקעט, האָט מען זיי אַזוי מערדערלעך געשלאָגן אַז זיי זענען געפאַלן טויטע און דאַן האָט מען פון זיי אַראָפּגעריסן די מלבושים און זיי אָוועקגעשלעפּט אין גרוב. קליינע קינדער האָט מען גענומען פאַר די פיסלעך און לעבעדיק געוואָרפן אין גרוב.

די אַלע יידן פון לושע, וועלכע זענען געווען דאָרט פריי די גאַנצע צייט, און נישט געווען אָפּגעטיילט אין קיין געטאָ, האָט מען געהייסן פריער אַז זיי זאָלן אַלץ אַראָפּנעמען פון די פעלדער און גערטנער ווייל דאָרטן האָבן זיך די יידן אמיינסטן פאַרנומען מיט ערד-אַרבעט, און צוגעזאָגט אַז זיי וועלן קענען אַלץ מיט זיך מיטנעמען און פאָרן קיין קאָמין, אַז זיי זאָלן זיין צוזאַמען מיט אַלע יידן. אין דעם

זעלבן טאג ווען מען האט די יידן אין קאמין אומגעבראכט, האט מען די לושער יידן צוגעשטעלט זייער פיל פורן פון די פויערים, און זיי געהייסן אלץ פארנעמען וואס יעדער האט פון שטוב זאכן און אויך די גאנצע תבואה מיט קארטאפל אז עס זאל זיי זיין גענוג צום עסן אויפן גאנצן ווינטער, וועגענער זענען געווען גענוג. ווען זיי זענען געקומען פאר קאמין, איז זיי אנטקעגן אנגעקומען עטלעכע זשאנדארמעריע און געהייסן אלע יידן אראפ פון די וועגנער. די גאנצע קאלאנע וועגענער מיט די אנגעלאדענע זאכן און פראדוקטן האבן זיי אויסגעלאדן אין זייערע מאגאזינען און די אלע יידן האט מען אוועקגעטריבן אויפן בית עולם ווו די גריבער זענען געווען און אויך אלע געהייסן אויסטאן זייערע מלבושים, און זיי זענען געווארן דערשאסן אין די גריבער נאך מיט א פאר שעה פריער ווי די קאמינער. די גריבער זענען געווען 10 מעטער לענג, 5 מעטער טיף און 5 מעטער ברייט. דער אנפאנג פון דעם גרוב איז געווען אויסגעגלייכט מיט דער ערד אז מען זאל קענען אריינגיין

א גרוב איז געווען פול מיט הרוגים און א צווייטער נאר עטלעכע רייען. די ערשטע פולע גרוב איז געשטאנען 3 טעג נישט פארשאטן מיט ערד, ווייל דאס בלוט פון גרוב האט ארויסגעשפראצט אזוי ווי פון א קוואל און האט זיך ברייט צעגאסן ארום דער גרוב. אויף דעם דריטן טאג ווען די ערד האט איינגעזאפט דאס בלוט און דער צוגאנג איז געווארן טרוקן, האבן די דייטשן געבראכט עטלעכע וועגן מיט קאלך (וואפנע) און באשאטן די גרוב און דאן ארויפגעשאטן ערד אויף די הרוגים.

איבערגעבליבענע יידן זענען געווען א 600—700 מאן. מען האט אונדז געהאלטן 3 טעג אין די זעלבע באראקן אן עסן און אן אביסל וואסער.

פון דעם געטא האבן די דייטשן די מער וויכטיקע זאכן אויסגעראמט. מען האט אפגעטיילט א קליינע טייל פאר די איבערגעבליבענע מענטשן. און אלע האבן ווי פריער געדארפט גיין צו דער ארבעט אויף זייערע באשטימטע פלעצער. די ארטעלן האבן געארבעט, שוין מיט פיל ווייניקער מענטשן.

די אלע לעבנגעבליבענע מענטשן האבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע מתים. אינגאנצן אן מוט; ווייל ביי יעדן איז שוין די גרעסטע טייל פון זיין משפחה אומגעקומען, און אויך זיי אלע האבן געוווסט סוף־סוף וואס זיי דערווארטן.

3 מאנאטן שפעטער זענען ווידער געקומען פון ברעסט־ליטאווסק א דזשיפ מיט ס.ס. גלייך נאך זייער קומען איז געקומען דער געביטן־קאמיסאר מיט זיינע פארטרעטער אין די ארטעלן, עס איז געווען מיטאג־צייט, און געגעבן בלויז צו 2 שיינען פאר צוויי מענטשן פון יעדן ארטעל, בלויז פאר די אנפירער פון יעדן ארטעל, און געהייסן זיי אז אויף מארגן פרי זאלן זיי קומען אויף א באשטימטן ארט, צום הויז ווו עס איז אמאל דארט געווען א שפיטאל אויף קאוולער גאס. עס איז געווען צוזאמען איבער 70 מענטשן. צווישן זיי האבן זיך אויך געפונען פון יודענראט, בער דער פרעזעס יודל מאליק א.א.וו. באלד האבן זיך וועגן דעם דערוווסט אלע יידן אין געטא, ווער ס'האט אפגעשטאט א וויזיט ביי דער ארבעט. די פאניק איז געווארן זייער גרויס, ווייל מען האט שוין פארשטאנען אז עס איז שוין געקומען די ענדגילטיקע ליקווידאציע פאר די איבעריקע מענטשן. פיל מענטשן וועלכע זענען געווען ביי דער ארבעט אויסער דעם געטא, זענען שוין אין געטא צוריק נישט געגאנגען. יעדער האט זיך ערגעץ פארשטעקט אין די פעלדער ביז עס איז געווארן פינצטער אז מען זאל קענען אנטלויפן ערגעץ אין די נאענטע וועלדער. גלייך האבן זיך די דייטשן דערוווסט אז יידן צעלויפן זיך, האבן זיי ארויסגעשיקט זשאנדארמעריע מיט אוקראינישע מיליץ אויף אלע וועגן, און עס זענען טאקע דאמאלט אומגעקומען זייער א סך יידן.

אויף מארגן פרי איז געקומען אין געטא דער געביטן־קאמיסאר מיט זיינע פארטרעטער און אויך די זשאנדארמעריע מיט דער אוקראינישער מיליץ און באפוילן אז אלע זאלן ארויס פון געטא, און זיי אלע געטריבן אויפן זעלבן ארט ווו פאריקן מאל ווו די יידן זענען אומגעקומען. בלויז די מענטשן פון די ארטעלן, איבער 70 מאן, זענען געבליבן פארמאכט אין דעם הויז אין א צימער, דארט ווו מען האט זיי געהייסן קומען, און א וואך האט זיי בעוואכט אין דרויסן.

אלע מענטשן וועלכע מען האט געבראכט אויף דעם פלאץ, זענען געווארן דערשאסן מיטן זעלבן סיסטעם ווי די פריערדיקע אין דער צווייטער גרוב וועלכע איז נאך נישט געווען אינגאנצן פול, איז געווארן אנגעפולט מיט יידן.

דעם זעלבן פרימארגן איז דער געביטן־קאמיסאר מיט עטלעכע זשאנדארמעריע אוועקגעפארן קיין לובאשעוו, וואס האט אויך געהערט צו דעם געביטן־קאמיסאר בכדי אומברענגען די איבערגעבליבענע יידן אין דעם געטא. דאס איז געווען די לעצטע ליקווידאציע פון די קאמין־קאשירסקער און לובאשעווער יידן. די דאטע: 22 טעג אין חשון 1942

ווען דער געביט־קאמיסאר איז געקומען קיין לובאשעוו אין געטא און געהייסן אויך אלע מענטשן זאלן פון דארטן ארויס האבן זיי נאטירלעך פארשטאנען אז מען טרייבט זיי

אַלע אין גרוב אַריין. לעבן געביטן־קאָמיסאַר איז געשטאַנען איינער אַ פעסטער יונגערמאַן, וואָס זיין גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען ביי דער ערשטער שחיטה, ער איז געווען סענדער קאָרזס אַ קוזין. ער האָט געהאט ביי זיך אין קעשענע אַ ראַזיר מעסער, האָט ער ביי די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן באַשלאָסן נקמה נעמען פון דעם געביטן־קאָמיסאַר. איז ער צו צו דעם געביט־קאָמיסאַר און געוואָלט אים איבער־שניידן זיין האַלדז מיטן ראַזיר־מעסער, אָבער דער קאָמיסאַר איז געווען געגוג שטאַרק, האָט ער אים די האלדז נישט איבערגעשניטן, בלויז צעשניטן אים דעם פנים און די נאָז. נאַטיו־לעך דער ייד איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט גלייך מיט אַלע יידן.

ווען מען האָט געבראַכט דעם געביט־קאָמיסאַר פון לו־בעשאָוו אַ פאַרוואונדעטן האָט ער געגעבן אַ באַפעל אַז די אַלע איבערגעבליבענע יידן פון די אַרטעלן, בערך אַ 70 מענטשן זאָל מען אַלע אומברענגען. אַזוי אַרום זענען געוואָרן ליקווידירט אַלע יידן פון קאַמין־קאָשירסקי.

די 70 מענטשן וועלכע מען האָט געזאָלט איבערלאָזן אויף אַ צייט איז געווען צוליב דעם, אַז אין די אַרטעלן וועט מען אַריינברענגען אוקראַינער און די יידן זאָלן זיי אויס־לערנען די פאַכן, און דערנאָך וועט מען זיי אומברענגען.

די דייטשן האָבן געוווסט אַז פיל יידן זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, און אויך זיך אויסבאַהאַלטן ביי אייניקע קריסטן, האָבן זיי געמאָלדן די אוקראַינער אַז ווער עס וועט ברענגען צו זיי א לעבעדיקן ייד וועט באַקומען 2 ליטער נאַפט און 3 קילאָ זאַלץ, וואָס מען האָט דעמאָלט נישט געקענט באַקומען פאַר קיין שום געלט. זענען טאַקע די אוקראַינער נישט געווען פויל און פלעגן ביינאַכט אַרויסגיין אויף פאַרשידענע וועגן, וואו זיי האָבן געוווסט אז יידן גייען אין פארשידענע דערפער צו באַקאַנטע קריסטן בעטן ברויט, און אַזוי אַרום פלעגן זיי כאַפן די יידן און ברענגען צו די דייטשן. אויב ווער פון די יידן האָט געהאט אויף זיך אַ פּאָר גוטע שטיוול אָדער נאָך אַ גוטן אנצוג, פלעגן זיי אַליין דעם יידן הרגענען און אראָפציען פון אים זיינע מלבושים.



**פראדל גאלדשטיין—קופילער, חולון**

# מיינע איבערלעבונגען

ווען די קאָמוניסטן זענען אין יאָר 1939 אָנגעקומען קיין קאַמין־קאָשירסקי האָט די אָרעמע באַפעלקערונג אויפ־געלעבט. די רוסן האָבן געשאַפן ארבעט פאַר די אָרעמע מענטשן און געעפנט שולן. מען האָט געלערנט רוסיש און יידיש. די קראָמען האָבן זיי קאָנפיסקירט און די האָטעלן צוגענומען.

די רוסן זענען געווען צוויי יאָר פון 1939 ביז 1941. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך באַצויגן מיט שנאה צו די יידן. די קריסטן האָבן אויסגעגעבן דער קאָמוניס־טישער מאַכט, ווער עס איז געווען רייך. די יידישע באַ־פעלקערונג איז באַשטאַנען פון ארבעטער: שוסטערס, שניי־דערס, בלעכערס, שלאָסערס און אינטעליגענץ.

אין 1941 אין חודש סיון, אין אַ זונטיק האָבן די דייטשע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט די שטאָט. די הייזער האָבן אָנגעהויבן ברענען. איין עראָפּלאַן איז געפלויגן איבער אונדזער האָטעל „בריסטאל" און האָט אים געוואָלט טרעפן, אָבער עס איז אים נישט געלונגען, האָט ער געטראָפן אונדזער שטוב אין דער זייט פון מיין וווינונג זענען געוואָרן אויסגעהאַקט אַלע פענסטער. מיין קינדס בעטלע איז געשטאַנען נישט ווייט פון פענסטער, איז דאָס גאַנצע בעטלע געווען פול מיט גלאָז און מיין קינד איז געווען שטאַרק צוקאליעטשעט. פיל מענטשן זענען געפאלן, עס איז געוואָרן אַ פּאַניק. מענטשן זענען געלאָפן זיך פארבאהאלטן אין די גערטנער, אונטער די ביימער, אייניקע זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון די דערפער, כדי זיך צו באַהאַלטן ביי די קריסטן. די געשרייען פון די קינדער זענען געווען שרעקלעך און אויך דאָס רעווען פון די בהמות; עס האָט אויסגעזען אַזוי ווי דער פּאָגראָם וואָס ביאַליק האָט געשילדערט אין קישינעוו.

דערנאָך זענען אָנגעקומען די נאַציישע חיות און תיכף

געשאפן געוואָרן אַ יודנראַט. זיין אויפגאַבע איז געווען צו דערפילן די פאָדערונגען פון די דייטשן. צוערשט האָבן זיי געפאָדערט ארויסגעבן די מענער פון 16 ביז 40 יאָר זיי האָבן דאָס דורכגעפירט מיט כיטרעקייט. כדי עס זאָל ווען נישט איינפאַלן אז מען נעמט צום טויט, האָבן זיי געהייסן מיטנעמען עסן און זאַכן. מער האָט מען שוין די פארכאפטע נישט געזען. אַלעמאָל האָבן די דייטשישע מערדער געפאָדערט בריליאַנטן געלט און אנדערע טייערע זאַכן.

פאָרלויפיק האָט נאָך יעדער איינער געהאַט דאָס רעכט פריי ארומגיין וווהין ער האָט געדאַרפט.

מיטן לעבענסמיטל איז געווען גענוג שווער צו באַזאָרגן, און אויך שטרענג. למשל, איך פלעג אנטאָן אַ גרויסן שאַל אויף זיך, אז איך זאָל קענען נעמען אונטער דעם שאַל פיל זאַכן, ווי למשל קליידער, סערוועטן א.א. און גיין צו די באַקאַנטע פּאָליאַקן בעטן אַ פלאַש מילך, און נאָך אַנדערע עסנוואַרג. איך פלעג גיין צום מילנער פון מיין פאָטער׳ס מיל בעטן מילך פאַר מיין קינד און אויך פאַר מיינע שוועסטערס קינדער און פאַר דעם פלעג איך אים געבן קליידער און אנדערע זאַכן.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס פריי ארומגיין. ווען די דייטשן האָבן אַלץ צוגערויבט, האָבן די מערדער געשאפן א געטאָ פון קאָוולער גאַס, אָנהויב פון מיינע עלטערנס האָטעל ביז דוד קאַזאַק. דער הויף ווו מיר האָבן אַלע געוווינט איז געווען אויסערן געטאָ.

אין געטאָ איז איינער צום צווייטן געווען מער אָדער ווייניקער מענטשלעך. דערנאָך איז די לאַגע געוואָרן פיל ערגער. מען פלעגט טרייבן צום באַן, אָנלאָדן פארשידענע עסנוואַרג ווי אייער, הינער און קו, וואָס די נאַציסטישע מערדער האָבן קאָנפיסקירט ביי דער באַפעלקערונג. פון די גרינוואַרג פלעגט אַמאָל אַ מוטער אראָפּנעמען א קעפל קרויט אָדער א פּאָר קארטאָפל. די מיליץ פלעגט באַזוכן יעדן איינעם, און ביי וועמען זיי האָבן עטוואָס געפונען פלעגט מען צונעמען און געבן קלעפּ. אָפט פלעגט דער קאָמיסאַר קרויזע קומען אין אונדזער שטוב מיט ווילדע קולות, איבערגיין די צימערן, קוקן אין אלע ווינקלען, באַטראַכטן אַלע מענטשן און אוועקגיין מיט ווילדע געשרייען.

פּלוצלינג הערן מיר עס איז עפּעס נישט אין אָרדענונג, נישט קיין גוטע בשורות. יעדע קלייניקייט שרעקט אונדז און שאַפט האַרץ־קלאַפעניש. די טרויעריקע גזירה האָט זיך שנעל צעשפּרייט איבער אונדזער שטעטל: אַלע יידן דאַרפן דעם 10.8 פארלאָזן דעם געטאָ אויף דריי טעג

יעדער קען נעמען מיט זיך איניקע זאַכן. דאָרטן, אין לאַגער, וועט מען טיילן פראָפוסקן אלע ארבעטס־פעאיקע און צום פראָפוסק איז צוגעשריבן די גאנצע משפחה פון ארבעטער.

מיין מאַן קומט און דערציילט אז די יידן דאַרפן ארבעטן אויפן בוי פּלאַץ, מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, כדי מען זאָל שנעלער ענדיקן די ווילע פאַר דעם קאָמיסאַר און אויך א ווילע פאַר דעם שטאַבסלייטער. עס זענען געקומען צופאָרן דעם קאָמיסאַרס פרוי און אויך דעם שטאַבסלייטערס פרוי. די לאַגע ווערט וואָס אמאָל מער טרויעריק. מיין מאַן זאָגט צו מיר, אפשר זאָלן מיר זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ־ווו אויף אַ בוידעם. איך האָב נישט געוואָלט. מיר גייען אַלע צוזאַמען מיט די עלטערן און מיט די קינדערלעך. ווו אלע יידן גייען. דערנאָך קומט אַ באַפעל אַז אַלע זאָלן פארלאָזן די ארבעט און גיין אין געטאָ. אין געטאָ איז די פּאניק געוואָרן גרעסער פון מינוט צו מינוט. קיינער איז שוין די נאַכט נישט געשלאָפן, אפילו די קינדערלעך אויך נישט. אנשטאט אויסטאָן די זאַכן צום שלאָפן פון מיין קינד, האָב איך איר נאָך אָנגעטאָן נאָך אַפּאָר קליידערלעך צום שלאָפן. פרעגט מיר מיין קינד: „מאַמע וווהין פאָרן מיר?” וואָס זאָל איך מיין קינד ענטפערן? אויך מיין שוויגער ליבע יפה מיט איר טאָכטער מלכה זענען אויך די נאַכט געקומען צו אונדז כדי זיך נישט אָפּשיידן פון איר זון.

מאָנטיק דעם 10.8 6 אזייגער פרי קומט א באַפעל אַז אַלע יידן, מענער פרויען און אפילו קינדער פון די וועגעלעך זאָלן זיך שטעלן צום טויער. דאָרטן זענען שוין געשטאַנען עטלעכע דייטשן און פיל אוקראַאינישע פּאָליציי. ווען אַלע יידן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט איז געקומען אַ באַפעל מען זאָל זיך שטעלן אין רייען צו 6 מענטשן. אַ האלבן געטאָ מיט יידן האָט מען אָפּגעשלאָסן. איך האלט מיין מאַמען אונטערן ארעם, זי איז שטאַרק שוואַך געווען פון אַזוי פיל צרות איבערלעבן, מיין מאַן האלט דאָס קינד אויף די הענט, מיין קינד פרעגט: „טאַטע ווי וועט די מאַמע דאָ קאָכן?” זי שרייט, זי וויינט, זי וויל אהיים. מיר ליידן מיר גייען ווו מען טרייבט אונדז. דער צער פון די קינדערלעך און זייערע געוויינען מיט די פארשמאַכטע ליפּעלעך זענען געווען שרעקלעך, ווי אַזוי האָט דאָס הארץ נישט געפּלאַצט דאָס אלץ צוקוקן?

קאַלאַטעשעס פרוי האָט געפירט מיט זיך א 4־יעריק קינד און אויך 2 קליינע קינדער אויף די הענט א צווילינג, האָב איך ביי איר גענומען איין קינד צו טראָגן אויף מיינע הענט, כדי איר צו מאַכן אַביסל גרינגער. מיר קומען אויף דעם פינסטערן אָרט, ארום דעם פאַראַקן זענען געווען

באַזעצט פיל אוקראַינער מיט געווער. מיין מאַן זאָגט צו מיר: „דו זעסט מען גראָבט דאָך גריבער אויפן הייליקן אָרט". איך קען שוין נישט רעדן, איך ווער צעטומלט, מען רייסט די האָר פון קאָפּ, מען שרייט, מען וויינט אויף אונדזער גרויסן חורבן און אויף אונדזער שיינעם אומשול־דיקן דור, וועלכער איז אויסגעוואַקסן, פאַר די נאַצי־רוצ־חישע נעגל.

דערנאָך זענען געקומען אויף דעם פּלאַץ דאָס רעשט ביסל איבערגעבליבענע יידן פון דעם געטאָ. מען האָט אויך געבראַכט אַלע קראַנקע פון שפּיטאָל. דעם זעלבן טאָג מאָנטיק 2 אזייגער האָט מען אָנגעהויבן טיילן די פּראָ־פוסקן אַלע ארבעטס־פּעאיקע, אלע יידן האָבן אָנגעהויבן וויינען און שרייען, אויך אַלע קינדערלעך האָבן גענומען וויינען. פיל מענטשן כאַפּן פרעמדע פּראָפּוסקן און לויפן אריבער אין זייט פון לעבן. איך פרעג מיין מאַן, ווי איז מיט אונדזערע עלטערן שוועסטער, ברידער און די קינדערלעך פון מיינע שוועסטער, ברידער און אויך אונדזער קינד, צו וואָסער אורטייל זענען זיי פאַראורטיילט. איך האָב שוין פאַרלאָרן מיין באַוווסטזיין...

אין דעם גרויסן טומל דערהער איך, ווי מען רופט שוין מיין מאַן און מיר. איך כאַפּ מיין קינד אויף מיינע הענט מיין שוויגער ליבע יפה איז געשטאַנען נעבן אונדז, זי האָט אלץ פאַרשטאַנען. איין ייד האָט א געשריי געטאָן אַז מיין שוויגער זאָל צונעמען מיין קינד פון מיינע הענט. מיין שוויגער שטייט און ווייסט שוין נישט וואָס עס טוט זיך מיט איר און נעמט מיין זיס שטערענדל, דאָס האַרציק קינד מיינס פון מיינע הענט, מיטן נאָמען העניעלע יפה ז"ל. און אונדז יאָגט מען ווהין ווייס איך נישט. אויף דעם פּלאַץ זענען געווען געבויט באַראַקן אונטער דער ערד. מען האָט אונדז אריינגעטריבן אין איינעם פון די באַראַקן. און אַ פּאָליציי־מאַן איז געשטאַנען, אַ דייטשישער מערדער, ביי דער טיר מיט אַ מאַשין געווער, זיין אויסזען ווי ער וואָלט וועלן אַלע יידן איינשלינגען.

ווי איך האָב דערזען אז איך בין אליין אָן מיין משפּחה, און מיין קינד איז נישטאָ, פרעג איך מיין מאַן: ווו זענען אַלע און ווו איז דיין מוטער מיט אונדזער קינד? און דאָ שטייט נעבן מיר יענטע יעראָזדיצקע פון קאַמין, און זאָגט צו מיר: דיין פאַמיליע און אויך דיין קינד זענען אַלע געבליבן אויף דעם פינסטערן פּלאַץ צו פאַרניכטן".

ווי איך האָב דאָס דערהערט האָב איך געמאַכט אַ אליאַרם און געוואָלט ארויסלויפן דורך דער טיר עס איז אָבער אוממעגלעך געווען. דייטשע מערדער זענען גע־שטאַנען ביי דער טיר און מיט שטיקער אייזן געשלאָגן

איבער די קעפּ. בין איך צוגעלאָפן צום פענסטער אויסגע־האַקט א שויב און געוואָלט ארויסשפּרינגען, דאַן איז גלייך צוגעלאָפן אַ דייטשער מערדער און געגעבן מיר אַ האַק מיט דער שווערד אין ברוסט בין איך פאַרחלשט געבליבן ליגן, ביז וואַנען עס איז געקומען א יידישער דאָקטאָר און מיר אָפּגעראַטעוועט.

אַלע איבעריקע יידן וועלכע האָבן נישט באַקומען קיין שיינען זענען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט. מען האָט געהייסן אלע זיך אויסטאָן נאַקעט און צו 50 מאַן אין א גרופּע, געטריבן זיי צום שאָסיי און אריינגעוואָרפן אין די גריבער.

עס זענען געווען צוגעגרייט צוויי גריבער ברייטע און טיפע, עס זאָלן אריינגיין וואָס מער. די האַרץ־רייסנדע קולות און די געוויינען צום הימל זענען געווען אזוי שטאַרק, אַז אפילו די צום לעבן געלאָזענע מענטשן האָבן שוין אויסגעזען ווי טויטע. דער נאַצישער מערדער אָנפירער וואָס האָט ארויסגעגעבן דעם באַפעל די אוקראַינישע און דייטשישע פּאָליציי איז געזעסן אויף אַ בענקעלע, געררוי־כערט רויק א פּאַפּיראָס, ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. די ערד האָט זיך באַגאָסן מיט אומשולדיק בלוט. מען האָט פאַרשאָטן די גריבער. די ערד האָט זיך געטרייסלט. מען האָט פאַרשטאָפּט מיט וואַפנע אז די ערד זאָל זיך נישט טרייסלען.

דאַן זענען געהרגעט געוואָרן 2000 יידן, 800 קינדער און 130 ציגיינער פון קאַמין־קאָשירסקי, און די אַרומיקע דערפער.

אין דער ערשטער שחיטה איז אומגעקומען מיין טייערע מוטער רייזל גאָלדשטיין, מיין קינד העניעלע יפה, זי איז אלט געווען 4 יאָר. מיינע שוועסטער: שיינע מיט אירע 3 קינדערלעך, מירעלע, מאירקע און יעקב'ל. חוה'לע, אַ שוועסטערס אַ קינד, איטע מיט איר זינדעלע חיימ'קע. סימה גאָלדשטיין, אויך א ברודער שלמה גאָלדשטיין מיט זיין פרוי שרה און זייער טעכטערל פעסעלע. מיין שוויגער מיט אירע 3 טעכטער, שרה, פייגל, מלכה מיט זייערע מענער און קינדערלעך. (אַ זון משה יפה איז אומגעקומען אין מיליטער) מיין שווער האָט נאָך זוכה געווען צו שטאַר־בן 4 מאָנאַט פאַר דער שחיטה געשטאָרבן פון יסורים. זיין נאָמען איז געווען יהושע יפה.

אַ גאַנצע נאַכט אין באַראַק, וויין איך, און רייס פון זיך שטיקער פלייש. מיין מאַן בעט זיך ביי מיר אַז איך זאָל זיך אַביסל באַרואיקן. די אַלע צעבראָכענע און צעוויינטע יידן האָבן געמיינט אז איך בין משוגע געוואָרן.

דינסטיק אינדערפרי האָט מען אונדז ארויסגעלאָזט פון

גיטעלע און אייזיקל אויך א שוואָגער יוסף באקאלטשוק
און אַ שוואָגער יוסף געלמאַן.

צווישן די לויפנדע יידן פון מלאך המות בין איך
אויך געווען מיט מיין מאַן. איך האָב אלץ איבערגעלאָזט
אויף הפקר און אוועק. אוועק זיך ראַטעווען פון די נאַצי־
מערדער. מיר זענען ארויף אויף דעם בוידעם פון פריידל
מאליק, די גויים מיט דער מיליץ לויפן איבעראל צו כאַפּן
יידן. מיט אונדז איז אויך געווען ביילע קרוין דעם זייגער־
מייסטערס פרוי און נאָך פיל יידן. מיר זיצן און הערן וואָס
עס טוט זיך אין גאַס. מיר באַשליסן צו וואַרטן ביז עס
וועט ווערן נאַכט. שפּעט ביינאַכט זענען מיר אַראָפּ פון
בוידעם. מיר גייען א גאנצע נאַכט. גייען, און לויפן דורך
פעלדער און וועלדער. אייניקע יידן זענען געפאלן אויפן
וועג, אייניקע האָבן די קריסטן געהרגעט, אייניקע האָבן
די פּאַרטיזאַנער גרופּן פון פאַרשידענע באַנדעס געהרגעט.
ווי עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן ליכטיק זענען מיר אריין
אין אַ וואַלד. דער טאָג איז געווען זייער א שיינער און
וואַרעם אָבער אונדז איז געווען פינסטער און קלאָגעדיק.
מיר זענען געווען אַ גרופּע פון עטלעכע מענטשן און יעדער
איינער איז מיט אן אנדער מיינונג. אין געטאָ די גאנצע
צייט, איז איינער צום צווייטן געווען מער אָדער ווייני־
קער מענטשלעך. דאָ גאָר עפּעס אנדערש. קיין איינער
וויל נישט זאָגן וווהין ער גייט. ווען דער טאָג איז פאַרי־
בער און עס איז געוואָרן נאַכט האָבן מיר אָנגעהויבן
ווידער צו וואַנדערן. פון דערווייטנס אויף א „כוטער” ווייט
פון א דאָרף איז געשטאַנען א ליידיק הויז אָן מענטשן,
האלב צענומען. די דייטשן האָבן באַפוילן אַז די הייזער אין
וואַלד מוז מען צענעמען צעברעכן די אויוונס און ארויס־
נעמען די פענסטער אזוי אז די פארטיזאַנער זאלן נישט
קענען וווינען אין די הייזער. מיר כאַפּן זיך אריין אין דעם
האלב צענומענעם הויז. מיר זענען געווען גליקלעך וואָס
מיר זיצן דערוויל נישט אונטערן פרייען הימל. אבער
אונדזער גליק האָט נישט לאנג געדויערט ווען עס האָט
אָנגעהויבן צו ווערן ליכטיק, הערן מיר טריט. מען דער־
נענטערט זיך צו אונדזער טיר. מען עפנט די טיר, עס
ווערט אונדז פינסטער אין די אויגן. מיר זעען עטלעכע
רוסישע פארטיזאַנער פון צעוואָרפענע באַנדעס און א סאך
גויים האָבן ארומגערינגלט דאָס הויז. איין פארטיזאַן גייט
אַריין אינעווייניק אין הויז און רעדט אזוי און דער־
ציילט אונדז א געשיכטע פון לענינען, צו מיר ווייסן ווער
עס האָט געהרגעט לענינען און הייסט אונדז אלעמען ארויס־
גיין און שטעלט אונדז אויס אין אַ שורה און די באנדיטן
הויבן אונדז אָן שלאָגן מיט שטעקנס איבער די קעפּ. איך

באַראַק. עס זענען געווען צוויי באַראַקן מיט לעבעדיקע
יידן, און מען האָט געהייסן זיך אויסשטעלן אין שורות
און מען האָט קאָנטראָלירט די שיינען. עס האָבן זיך געפור־
נען אייניקע יידן, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין ריכטיקע
שיינען; זיי זענען ארויס אויף פרעמדע נעמען... די יידן
רעדן אז מען וועט אונדז דאָ האלטן עטלעכע טעג ביז מען
וועט מאכן דעם געטאָ קלענער. עס קומט ווידער א באפעל,
מען הייסט זיך אונדז אויסשטעלן אין שורות און מען
טרייבט אונדז צוריק אין געטאָ. מיין פאָטער און משה
לוסטיקמאַן און זיין פרוי רייזל זענען מיט אונדז.

פון די הייזער האָט מען אלץ אויסגערוימט און מיט
לעבנסמיטל ווערט אַלע מאָל ערגער. יעדן טאָג מאַכט מען
ביי אונדז אין האָטעל אַ מנין. מען דאוונט, מען זאָגט קדיש,
מען וויינט, מען האָט א פארדרוס אויף זיך אליין, פארוואָס
מען איז געבליבן לעבן נישט מער ווי אויף מאַטערן זיך.

מען הערט שוין פרישע קלאנגען פרישע צרות, אז
ביז דריי חדשים קלערט מען ליקווידירן דעם גאנצן געטאָ.
די קריסטלעכע מילנערקע פון מיין פאָטערס מיל קומט צו
אונדז און זאָגט אז זי האָט געהערט אז ביז דריי מאָנאַטן
קלערט מען ליקווידירן דעם גאַנצן געטאָ, איז על כן זאָל
מען איר אוועקגעבן אונדזערע אלע בעסערע זאכן, עס
איז בעסער אז זי זאָל האָבן אונדזערע זאַכן און נישט קיין
אנדערער. מיין מאן קומט פון זיין ארבעט אהיים און דער־
ציילט אונדז אז דער קאָמיסאר גייט ארום אין אלע ארטעלן
איבערשרייבן די אַרבעטער און לאָזט איבער איין פאַכמאַן
פון יעדן ארטעל און ער איז צווישן די איבערגעבליבענע.
מיין מאנס פאך איז געווען גלאַוו־בוכהאלטער, איז ער
נאָך געווען נוצלעך פאר די נאַצי־מערדער. 83 יידן האָט
מען אויסגעקליבן צו בלייבן, די איבעריקע יידן מיט
זייערע קינדער זענען פאראורטיילט צום טויט.

פונקט צו די דריי מאָנאַטן, אויך אין א מאָנטיק, 22
טעג אין חשון ווען די נאַצי־מערדער האָבן ארויסגעגעבן
די גזירה קעגן די איבערגעבליבענע יידן, האָט זיך אָנגע־
הויבן א פּאַניק און א געלויף, ווער עס האָט געקענט האָט
זיך געראַטעוועט. מען איז אנטלאָפן אין בהלה. ביי דער
צווייטער שחיטה איז אומגעקומען מיין הייליקער פאָטער
לייביש גאָלדשטיין ז״ל. עס האָבן גאָרנישט געהאָלפן זיינע
מעשים טובים, וואָס מיין פאָטער איז געווען גרייט פאַר
יעדן איינעם העלפן אין א נויט.

אויך מיינע דריי איבערגעבליבענע שוועסטער פון
דער ערשטער שחיטה זענען אומגעקומען. מרים מיט איר
מאַן אברהם רויטנשטיין, לאה מיט איר טעכטערל חוה׳לע.
חיה מיט איר מאַן וועווע געלמאַן און 2 קינדערלאך שיינע־

בין געווען שטאַרק צעבלוטיקט און פאַרלוירן מיין באַוווסטזיין. דערנאָך האָבן די באַנדיטן אָנגעהויבן שרייען אַז מען זאָל אַנטלויפן פון דעם אָרט אין פאַל ווען נישט, שיסן זיי. האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן נישט ווויסנדיק וווהין. מיין מאַן זאָגט מיר זאָלן לויפן אין זאַלאַזיער וועלדער. מיר לויפן דורך פעלדער און וועלדער, דורך קאַנאַלן און זייטיקע ערטער, מען זאָל אונדז נישט באַמערקן. מיר לאָזן נאָך זיך סליאַדעס פון טריט און אויך פון בלוט. דעם גאַנצן וועג רינט פון אונדז בלוט פון מויל און פון די אויערן.

דער שנייי מיט דעם ווינט זענען שטאַרק. ביי מיר הויבן אָן ווערן געשוואָלן די פיס און דער הונגער שמאַרקט פון מינוט צו מינוט. פון דער זייט באַמערקן מיר ווי עס גייט אַ גוי מיר הויבן אָן צו אַנטלויפן ער שרייט צו אונדז, מיר זאָלן נישט מורא האָבן ער וועט אונדז קיין שלעכטס נישט טאָן. מיר גייען צו אים. איך הויב אָן וויינען און בעטן אים אפשר האָט ער אַ שטיקל ברויט. קיין ברויט האָט ער נישט געהאַט. קומט זאָגט ער איך וועל אייך וויי‌זן ווו עס געפונען זיך יידן. מיר האָבן מורא אפשר וויל ער אונדז פירן צו די דייטשן. מיר האָבן שוין נישט וואָס צו פאַרלירן און מיר גייען. ער דערציילט אונדז אז ער איז אַן אויפקוקער אויף די זאַלאַזיער וועלדער און דאָ נישט ווייט זיצן יידן. מיר זענען צוגעקומען צו א וואַלד ווו יידן זענען געווען. די נעמען: שרה קרוין, זיסע אינגבערג מיט זיין פרוי פעסל, פייוול דער קאָוואַל מאַני שטערענבוים און ישראל פון זאַלאַזיע און טויזנער. איך בעט דעם גוי אפשר האָט ער פאַר אונדז ווו אַן אָרט צום באַהאַלטן אונז און איך זאָג אים אז איך וועל אים פאַר אַלץ באַצאָלן. ער איז מסכים.

מיט די יידן פון זאַלאַזיער וועלדער זענען אויך געווען 2 ברידער. דער עלטערער אַ יאָר 14 דער צווייטער 8 יאָר. דער עלטערער ברודער האָט אונדז געבעטן מיר זאָלן מיטנעמען זיין קלענערן ברודער מיר נעמען אים אויך, זענען מיר שוין 3 פערזאָן ביים גוי ער האָט אונדז געמאַכט א באַהעלטעניש אין שטאַל ווו זיינע בהמות און חזירים זענען געווען. מיר זענען צופרידן וואָס מיר זענען נישט אונטערן פרייען הימל און דער שנייי שיט נישט אויף אונדז. א גאַנצע וואָך זענען מיר געזעסן ביים גוי און ווייטער האָט ער מורא געהאַט אונדז צו האַלטן פאַר זיינע שכנים, מען זאָל אונדז נישט באַמערקן. מיר האָבן קיין אַנדער ברירה און מיר פאַרלאָזן דעם אָרט דער גוי איז געווען זייער א פיינער מענטש, ממש א מלאך, באַרטאַלאַמיי האָט מען אים גערופן ער האָט אונדז צוגעפירט צו די יידן. דעם טאָג זענען מיר געזעסן צוזאַמען, ווען עס איז געוואָרן נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג. איך מיין מאַן און טויזנער וואָס האָט געהאַט א ביקס. מיר גייען אַלע קיין וועטלע, זאָגט טויזנער, דאָרטן זענען דאָ נאָך יידן, אפשר וועלן מיר מאַכן א זיעמליאַנקע. מיר גייען וואָס שנעלער אז דער טאָג זאָל אונדז נישט כאַפּן אויסער דעם וואַלד. אין וועטלע האָבן מיר געטראָפן פיל יידן. אייניקע אין בודקעס און אייניקע אונטערן פרייען הימל. מיר זענען אויך אין אַ בודקע. מיר שלאָפן איבער די נאַכט. ווען עס האָט אָנגעהויבן ליכטיק צו ווערן, הערן מיר טריט. ווידער באַנדיטן ווי רוסישע פּאַרטיזאַנער. מען האָט פון אונדז אַרונטערגענומען וועער עס איז געגאַנגען שטיוול, און א בעסערן מלבוש, און ווידער קלעפּ ממש צום בלוט מיט גראָבע שטעקנס איבער די קעפּ. מיין מאַן איז שוין אָן שטיוול. איך האָב געטראָגן אויף זיך מיין מאַן'ס מאַרינאַרקע, האָבן זיי צוגענומען, מיר זענען שוין געבליבן באָרוועס און נאַקעט אין סאַמען ווינטער פון פולן קראַפט. די באַנדיטן שרייען אז מיר זאָלן פאַרלאָזן דאָס אָרט. מיר לויפן מיט באָרוועסע פיס דער שנייי איז טיף און דאָס בלוט רינט פון אונדז מיר לויפן אַלע צוזאַמען און פלוצלינג דערזע איך אז מיין מאַן איז נישטאָ. איך הויב אָן וויינען, רייסן די האָר פון קאָפּ, איך רייס שטיקער פלייש פון זיך. איך בעט די מענטשן וואָס לויפן מיט מיר צוזאַמען, זיי זאָלן גיין מיט מיר זוכן מיין מאַן. זיי האָבן מורא צו גיין. זיי זאָגן צו מיר קום מיט אונדז, דיין מאַן ווען ער לעבט וועט ער קומען. ניין, זאָג איך, איך בין שוין אַזוי אויך געגנוג עלנט און צעבראָכן ווי אַ שטיין, איך לויף צוריק אין די וועלדער זוכן מיין מאַן. די שעהן לויפן דער שנייי שיט אויף מיר אויך א שטאַרקער ווינט, דאָס בלוט רינט פון מיר דער גאַנצער וועג איז פול מיט בלוט. איך פיל שוין נישט קיין קעלט און אויך קיין הונגער, איך קום אַריין אין די געדיכטע וועלדער, אין טרעף נישט דאָס אָרט. עס איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן מיינע איבערלעבענישן און יסורים וואָס א מענטש קען דורכמאַכן. איך וואַרט שוין נישט עס זאָל ווערן נאַכט, איך גיי בייטאָג. איך האָב שוין נישט מורא פאַר מיין לעבן. דער טאָג איז שוין ביי מיר אַזוי פינסטער ווי די נאַכט. איך זוך שוין מער נישט פאַר מיר קיין וועג צום לעבן. איך זוך מיין מאַן איבעראַל און האָב אים נישט געטראָפן.

די וועלדער האָבן זיך געצויגן לאַנג און נישט האָבנדיק קיין אַנונג ווי אַרויסצוגיין האָב איך געבלאָנדזשעט. איך האָב געגעסן א פאַר וואַלד־יאַגדעס וואָס איך האָב אָנגעקליבן. די נעכט און די טעג אַליין בלאָנדזשען אין די וועל־

דער און יעדער ריר פון די בוימער, ווי שרעקלעך דאָס איז געווען פאַר מיר.

איינמאָל אינדערפרי זע איך ווי קריסטלעכע פרויען זענען געקומען אין די וועלדער. זיי האָבן מיר באַמערקט איניקע האָבן געזאָגט אז מען דאַרף מיר אוועקפירן צו די דייטשן אָבער אנדערע האָבן מיר געגעבן א שטיקל ברויט און געזאָגט: „מען דאַרף איר נישט פירן צו די דייטשן, זי וועט סייווי שטאַרבן”. דאָס ברויט פלעג איך קרישקעווייז עסן און דאָס רעשט ברויט באַהאַלטן אויף שפּעטער. אַזוי האָב איך געבלאָנדזשעט צוויי וואָכן. אזוי גייענדיק איז די וועלדער האָב איך דערזען 2 באַנדעראָווצעס און זיי האָבן מיר שטרענג געפרעגט ווו געפינען זיך דאָ יידן און אויב איך וועל זיי נישט זאָגן, וועלן זיי מיר שיסן. איינער האָט געהאַט א ביקס. זיי האָבן מיר שטאַרק געשלאָגן. ווו האָט זיך גענומען ביי מיר אַזוי פיל כוח זיך אַרויסצורייסן פון זיי און אָנהויבן לויפן ווייס איך נישט. זיי האָבן נאָך מיר נאָכגעשאָסן און איך בין געלאָפן זיגזאַג, אז די ק זאָל מיר נישט טרעפן. עס איז געווען שוין גענוג טונקל אין דרויסן און איינער האָט א געשריי געטאָן אויף זייער לשון אז גאָט דערלאָזט נישט אז איך זאָל געהרגעט ווערן. איך בין געפאַלן אויף אַ פּיען, שטאַרק זיך צעבלוטיקט און פארחלשט בין איך איינגעשלאָפן. אינדערפרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט און געווען שטאַרק פארגאָסן מיט בלוט איך האָב דערפילט א שטאַרקן ווייטאָק אין די פאָדערשטע ציין. איך וויל זיך אויפהויבן און גיין ווייטער, אָבער איך קען נישט. האָב איך מיר אזוי זיצענדיק און מיט די הענט זיך צוגעשארט אויף אן אנדער אָרט. אלץ איז נאַס אויף מיר און איך בין שטאַרק הונגעריק. ווו נעם איך פייער אויף אויסטריקענען די זאכן און דערוואַרעמען זיך אביסל. אין קען אפילו דאָס מויל נישט עפענען פון קעלט. אזוי זיצנדיק אין וואלד זע איך ווי פאסטוכער טרייבן קי אין וואַלד אריין. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן. איך מאַך זיך אז איך זע זיי נישט. זיי האָבן מיך באַמערקט און האָבן זיך דערשראָקן פאַר מיר, ווייל איך בין געווען שטאַרק פארבלוטיקט. גיין האָב איך נישט געקענט, האָב איך זיי צוגערופן און געבעטן א שטיקל ברויט. זיי האָבן באַקומען שטאַרק מיטלייד מיט מיר, געמאַכט א פייער און אַלע פאסטוכער האָבן מיר געגעבן צו שטיקלעך ברויט איין פאסטוכל זאָגט מיר שטילערהייט, אז זיינע חברים זאָלן נישט הערן, אז אויף דעם פּלאַץ זאָל איך זיין ביז מאָרגן, וועט ער מיר ברענגען עפּעס וואָס אָנצוטאָן און אויך עסן

איך בין צופרידן, עס איז מיר שוין אביסל וואַרעם און אויך נישט הונגעריק. אָבער ווו איז יעצט מיין פארשוווּנ־דענער מאַן? אים איז אַוודאי קאַלט און ער איז אויך הונגעריק, צו וועל איך אים נאָך אין לעבן אַמאָל זען?

פון וויינען און קלערן אויף מיין ביטער מזל, בין איך מיר איינגעשלאָפן אונטער דעם געדיכטן שניי, וואָס האָט געשאָטן א גאַנצע נאַכט אויף מיר. די נאַכט איז אריבער. אינדערפרי איז געקומען דער קליינער פאסטוכל מיט זיין מוטער. זיי האָבן מיר געזוכט איבעראַל און דערנאָך האָבן זיי באַמערקט אז איך ליג אונטערן שניי. זיי האָבן גלייך ארונטערגעוואָרפן דעם געדיכטן שניי פון מיר, זיי האָבן זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט אז דאָרטן זאָל איך ליגן. די פרוי האָט דערזען אז איך לעב נאָך, האָט זי זיך אָפּגעצלמט און דאָס קליינע פאַסטוכל האָט געוויינט. רעדן האָב איך נישט געקענט, דאָס מויל איז געווען פארמאַכט ווי צוגע־קלעפּט פון קעלט. זיי האָבן מיר אויפגעזעצט, געמאַכט פייער. די פרוי האָט מיר געגעבן א פלאַש מילך, אָבער עס איז מיר געווען שווער צו טרינקען, מיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פון קעלט. ווען איך האָב זיך אָנגעוואַרעמט ביים פייער האָט די קריסטין גענומען די פלאַש מילך און מיט איר האַנט מיר געגעבן טרינקען ווי מען גיט אַ קליין קינד. זי האָט פון זיך אראָפּגענומען אַ שטיקל רעדנע, אַ מין שמאַטע און האָט מיר צוגעדעקט פון דעם ווינט, אויך האָט זי מיר געגעבן שמאטעס אויף ארומצוּוויקלען די פיס און א פּאָר פאסטילעס אָנצוטאָן אויף מיינע פיס, און זאָגט צו מיר: „ווי אזוי וועסטו דאָס אויסהאַלטן זיין אונטערן פרייען הימל?” און גיט מיר אויך אַ לעבעלע ברויט.

נאָך לאַנגע שעהן זענען דער פאסטוכל מיט זיין מוטער אוועק פון מיר. דעם טעם פון די מילך וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן. אויך אַזעלכע גויים טאָר מען נישט פאַר־געסן אויף אייביק.

איך בין געבליבן ווידער אליין אין וואַלד. איך קלער: איך זאָל פארלאָזן דאָס אָרט און גיין אין אנדערע וועלדער. איך גיי. דער שניי מיט דעם ווינט, זיי טראָגן מיר אין דער לופט. איך גיי שוין נישט מיט מיינע פיס. אזוי וואַנדערנ־דיק פון אָרט צו אָרט, דערזע איך ווי עס שטייט א שטוב ווייט פון א דאָרף. איך גיי און לויף איך זאָל קענען צוקומען צו דער שטוב. איך בין שוין נאָענט, אָבער איך האָב מורא אריינצוגיין. איך שטעל מיר איין און גיי אריין אין שטוב, ווי צו באַוואונדערן, די שטוב איז פול מיט יידן. דער אויוון ברענט, מען בראָט קאַרטאָפל. די נעמען: יונה וואסערמאַן, שמאי מייסטעל, יוסף ווייסמאַן מיט זיין פרוי און 2 זין, יוסף סטעפּאַק און נאָך פיל יידן. ביינאַכט האָבן אַלע יידן פארלאָזט דאָס הויז און געגאַנגען מאַכן א

זיעמליאַנקע. די נאַכט בין איך אליין געבליבן אין שטוב, אין דער פינסטערניש. אינדערפרי איז געקומען דער בעל־הבית פון הויז דער גוי און האָט ארויסגענומען די פענס־טער מיט די טירן און זאָגט צו מיר, אז דאָס איז אַ באַפעל פון די דייטשן, אז קיין פארטיזאַנער זאָלן נישט קענען זיין אין די הייזער און דייטשן דארפן קומען אהער זען צו מען האָט אויסגעפירט זייער באַפעל. און דער גוי זאָגט צו מיר אז עס איז בעסער אז איך זאָל פארלאָזן דאָס הויז און נישט אריינפאַלן אין די דייטשע הענט. איך גיי ווידער אין מיין וואנדער לעבן. אזוי גיין און וואנדערן פון וואלד צו ייאַלד, ווי שרעקלעך דאָס איז געווען. די שמאַטעס מיט די פאַסטילעס פון מיינע פיס זענען שוין פארפוילט געוואָרן איך בין שוין געבליבן באָרועס און נאַקעט, אָבער גיין מוז איך. מיינע נעכט און טעג זענען פול מיט שרעק. צענד־ליקער מאָל האָב איך געזען דעם טויט פאַר מיינע אויגן. יעדע קלייניקייט האָט געשראָקן מיט טויט.

אַזוי גייענדיק אין די וועלדער האָב איך דערזען א רויך אין וואלד האָב איך פארשטאַנען אז יידן זענען פארבאהאלטן אין א זיעמליאַנקע און ביינאַכט גייען זיי ארויס און מאַכן פייער כדי אנצוואַרעמען זיך. איך בין שוין געווען א האלבע אָפגעפראָרענע, בין איך צוגעגאנגען צום פייער און אויך געוואָלט זיך אָנוואַרעמען. דאָרטן איז געווען גרשון סאקאָל מיט זיין פאַמיליע, בילה קרוין און נאָך פיל יידן. איך האָב געוואָלט בלייבן א פאָר טעג, אָבער עס איז מיר נישט געלונגען... ווינאָר איך האָב פארלאָזט דאָס אָרט און ווייטער געגאַנגען אין מיין וואנדער־וועג איז אַ פרוי ארויסגעלאָפן פון דער זיעמליאנקע און האָט מיר דערציילט, אז מיט 2 טעג צוריק איז געקומען מיין מאַן אין דער זעלבער זיעמליאנקע און האָט זיך געבעטן ביי די יידן אז מען זאָל אים לאָזן בלייבן א פאָר טעג אין זיעמליאנקע, און מיין מאַן האָט דערציילט אז ער זוכט מיר ארום ווייל ער האָט געהערט אז איך בלאָנדזשע אין די וועלדער. אָבער נישט קענענדיק בלייבן א פאָר טעג אין דער זיעמליאנקע, איז מיין מאַן אוועק ווידער מיר זוכן און אזוי גייענדיק האָבן אים באַנדעראָווצעס געטראָפן אין אַ שייער און אים געהרגעט...

בין איך געבליבן אַליין אָן אַ האָפענונג צום לעבן. איך פלעג גיין אין דאָרף נעוויר צו די גויים, און די גויים פלעגן מיר געבן ברויט מיט זויערמילך אָפּצועסן אויך א פאָר געבראָטענע קארטאָפל אויפן וועג. זומער ביינאַכט פלעגט איך גיין ארויסנעמען פון די בייטן, בוראַקעס, קרויט און נאָך אזעלכע זאַכן. ווייל איך האָב קיין אנדער ברירה נישט געהאַט. אזוי פלעג איך וואנדערן פון אָרט צו אָרט.

דאָס לעבן איז נישט איינמאָל מיר פארמיאוסט געוואָרן, און איך פלעג טראַכטן: גאָט מיין איינציקער, אויב עס איז מיר באַשערט, מען זאָל מיר הרגענען, טאָ כאָטש נישט קיין הונגעריקע, ווייל ווען איך וועל זיין זאַט וועל איך שנעלער אויפנעמען דעם טויט. נישט מוטשען זיך מער.

נישט איינמאָל פלעג איך הערן שיסערייען אין דער געגנט. עס איז ביי מיר נישט געווען קיין נייעס. שוין געווען צוגעוווינט צו די צרות און זיך אויך נישט אי־בערשרעקן פאַר מיין לעבן.

זייענדיק אין וואַלד האָב איך דערזען פון דערווייטנס ווי אַ גוי פאַרט און האָב זיך דערשראָקן. איך האָב אָנגע־הויבן צו אנטלויפן אויף אַן אָרט ווו עס איז געווען אַ „פאַלאַנקע" מיט וואַסער און אַ פרישער שניי האָט געשאָטן און האָט באַדעקט דאָס וואַסער. נישט באַמערקענדיק ווי איך לויף בין איך אריינגעפאַלן אין וואַסער. דער גוי איז שנעל צוגעלאָפן האָט מיר ארויסגעשלעפט, גענומען אויף זיין שליטן און האָט מיר צוגעפירט צו א וואלד. דאָרט האָט ער צעלייגט א פייער און האָט מיר אָפגעוואַרעמט, ווייל איך בין געווען פארחלש'ט. ער האָט אראָפגענומען פון זיין פערד אַ שמאַטע און האָט מיך צוגעדעקט; דערנאָך האָט ער מיר גענומען אויף זיין שליטן און מיר אוועקגעפירט צו זיך אהיים. אין שטוב האָט זיין פרוי מיר געגעבן א הייס טעפעלע מילך און אַ שטיקל ברויט און האָט מיר געהייסן זיך וואַרעמען ביים אויוון. צוויי טעג בין איך געווען ביים גוי. די גויע זאָגט צו מיר, זי וואָלט מיר געוועזן ווייטער האַלטן ביי זיך נאָר זי האָט מורא פאַר איר זון, ער איז אוועק אין שלעכטע וועגן. ער איז געוואָרן אַ באַנדעראָוויעץ און יעדער מינוט קען ער אָנקומען אין שטוב.

ווי איך האָב געוואָלט פארלאָזן דאָס הויז איז אָנגעקומען דער יונגער גוי, איר זון, און האָט מיר דערזען. ער האָט אָנגעהויבן שרייען און געכאַפט אַ האַק און לויפט גלייך צו מיר. זיין מוטער איז צוגעלאָפן צו אים און מיר געגעבן א ווונק אז איך זאָל אנטלויפן. איך האָב אָנגעהויבן לויפן נישט מיט מיינע כוחות ביז א קליין וועלדל און אנידער געפאַלן. איך בין אָפגעלעגן א פאָר שעה. איך וויל זיך אויפהויבן און קען נישט, איך גיי און פאַל. האָב איך גענומען 2 שטעקנס זיך אונטערהאלטן און אזוי פאַמעלעך געגאַנגען. א גאַנצע נאַכט בין איך געגאַנגען, ווען עס איז געוואָרן ליכטיק בין איך געקומען צו א פוילישע קאָלאָניע. אין וועג איז געלאָפן א הונט און געבילט. אויף דער מינוט בין איך אָנגעקומען. דער הונט איז צוגעלאָפן צו מיר און האָט מיר א ביס געטאָן אין פוס איך האָב דערפילט א שרעקלעכן ווייטאָק און דער פוס איז גלייך

געוואָרן געשוואָלן. איך בין אריין צו א קריסט, זיין נאָמען איז געווען שמיד קאוואלסקי. ער איז געווען זייער א פיינער פּאָליאק און פרעגט מיר, וואָס האָט פּאסירט. דערצייל איך אים מיין באגעגעניש מיטן הונט. ער האָט באַקומען שטאַרק מיטלייד אויף מיר און האָט מיר גלייך באנדאזשירט דעם פוס מיט א שמאַטע, אז די געשווילעכץ זאָל נישט ווייטער גיין. ער גיט מיר א הייס טעפּעלע מילך מיט געבראָטענע קארטאָפל און הייסט מיר זיצן ביים וואַרעמען אויוון. דערנאָך באדאנק איך אים און וויל פארלאָזן זיין הויז. דער גוטער פּאָליאק שמיד קאָוואלסקי זאָגט מיר אז נישט ווייט זענען דאָ יידן דאָס האָט געהייסן „באנאכס בודקע". איך בין אוועק אין וואַלד און געטראָפן דאָרטן יוסף פוקס פון וויבזאָר, מנחם קופּערשמיד מיט זיין זון פון ביאַלע, רחל טילעס מיט איר זון אברהם, מטות זאַסק און נאָך פיל יידן. רחל טילעס פרעגט מיר מיט וועמען בין איך, ענטפער איך: שוין געבליבן אליין. זי דערציילט מיר אז זיי גייען מאכן א זיעמליאַנקע. א גוי האָט זיי געוויזן דאָס אָרט ווו צו מאכן די זיעמליאַנקע. דער גוי זאָגט צו מיר: „קום איך וועל דיר ווייזן א זיעמליאַנקע מיט יידן און דאָרטן וועסטו קענען זיין מיט זיי". איך פארלאָז דאָס אָרט און גיי אוועק מיטן גוי. עס האָט ניש־לאַנג געדויערט פון אונדזער אוועקגיין און מיר הערשיסערייען. דער גוי זאָגט צו מיר: „דו הערסט, דאָס איז דאָס אָרט ווו מיר האָבן פארלאָזט. ער האָט מורא ווייטער גיין מיט מיר און לויפט אוועק און איך בלייב ווידער אליין נישט ווויסנדיק וואָס צו טאָן האָב איך מיר פארבאהאלטן אין וואַלד אונטער א בוים. איך זיץ און וואַרט ביז עס וועט ווערן אביסל טונקל. די שיסעריי האָט אויפגעהערט איך שטיי אויף און לאָז זיך גיין אין די נעווירער וועלדער דאָרטן איז געוועזן רייזל פערטשיק מיט איר פאמיליע אין אַ זיעמליאַנקע. רייזל פערטשיק האָט מיר געגעבן א לעבעלע ברויט און פעסל ארעמלאַנד האָט מיר געגבן א פּאָר קארטאָפל.

פון דאַנען בין איך אַוועק צו שמואל וואַליניעץ אין זייער זיעמליאַנקע.

אזוי גייענדיק פארשמאַכט אין די נעווירער וועלדער האָב איך ווידער געטראָפן אַ זיעמליאַנקע. דאָרטן זענען געווען שמואל וואָליניעץ פון לושע און איצעל טשערטאָק פון קאַמין קאָשירסקי און נאָך יידן זענען געווען מיט זיי. די יידן דערזעענדיק מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן קוקנדיק אויף מיר. איך האָב שוין געהאַט נישט קיין צורה פון קיין מענטשן. שמואל וואָליניעץ, איצעל טשערטאַק און קלמן ראטענשטיין האָבן מיר געגעבן א שטיקל ברויט און געהייסן בלייבן צוזאמען מיט זיי אין זיעמליאנקע. אָבער עסן האָב איך נישט געקענט, ביז איך בין געקומען צו זיך. און א גויישע העמד האָבן זיי מיר געגעבן אָנצוטאָן, ווייל אלץ איז געווען אויף מיר פארפוילט; ממש האלב נאקעט שוין געווען, און אויך „געשוואָלן פון הונגער.

אייניקע האָבע געהאַט געווער, זענען זיי געגאנגען צו די קריסטן נעמען עסן און זאַכן. בכלל ווער עס איז געווען אין די זיעמליאַנקעס, איבערהויפּט משפחות, אָדער גרופּעס יידן — האָבן אַלע געהאַט געווער. די קריסטן האָבן מורא געהאט פאַר די פּאַרטיזאַנער און דערפאר האָבן זיי געגעבן עסן און זאַכן. אייניקע יידן האָבן געהאַט קאנטשאפט פון אמאָל מיט די גויים און יעצט איז דאָס געווען אַ גרויס גליק, פלעגן די גויים שטיצן די יידן מיט עסן און אויך מיט זאַכן. איך האָב גאָרנישט פארשטאַנען פון וואַנען קומט צו מיר אַזאַ גרויס גליק. איך בין שטאַרק געווען צופרידן פון די גוטע יידן, וואָס מען האָט מיר אריינגענומען אין זייער זיעמליאנקע. איינמאָל ביינאַכט גייען מיר אַלע יידן: שמואל וואליניעץ, איצעל טשערטאַק, הינדע גבאי, קלמן ראטענשטיין און נאָך יידן נעמען קארטאָפל פון די גריבער. א־יפן וועג האָבן מיר דערזען אַ גרוב מיט קאַרטאָפל. נישט לייכט איז אונדז געווען אויפצוגראָבן דעם גרוב מיט די הענט. מען האָט דעם גרוב ליידיק געמאכט. אַלע האָבן אָנגענומען קארטאָפל אין וואָס יעדער איינער האָט געהאט, אין א זאק אין שמאטעס. דער וועג צוריק איז מיר געווען שווער צו טראָגן די קארטאָפל אין א שמאַטע, איך גיי און פאל. איך קום אין זיעמליאנקע מיד פון דעם וועג, 22 קילאָמעטער אין ביידע זייטן. מען מאַכט פייער, מען בראָט די קארטאָפל און מען עסט. איך פיל שוין נישט קיין טעם פון די געבראָטענע קארטאָפל. איך פיל אז איך ווער קראנק. איך ליג שוין אין גרויסע היץ, און איך בין שוין קראנק אויף א גרויסן סיפּנאַי־טיפוס. מיין גאַנצער קערפּער איז געוואָרן באדעקט פול מיט ראנעס. איך ליג און קרעכץ. וואָס אַ טאָג פיל איך מיר ערגער. איך ווייס שוין גאָרנישט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. די זיעמליאַנקע איז פול מיט וואַסער איבער די נארעס. איינמאָל ביינאַכט פיל איך אז איך ליג שוין אינגאַנצן אין וואסער און עס איז מיר זייער שלעכט געוואָרן. איך ווייס נישט מיט וואָסערע כוחות איך בין ארויסגעקראָכן פון דער זיעמליאנקע און זיך אוועקגעשלעפּט אויף אלע פיר, ווייט, און געפאלן. איך קען שוין מער נישט גיין ווייטער. אינדערפרי האָבן שמואל וואליניעץ און איצעל טשערטאַק

דערזען אַז איך בין נישט געבליבן אין זיעמליאַנקע,ביידע זענען געגאַנגען מיר זוכן און האָבן מיר נישט געפונען, דערנאָך האָבן זיי מיר דאָס דערציילט [illegible] און נעכט בין איך געלעגן. איך בין שוין נישט געווען ביי מיין באַוווסטזיין, ביידע זייטן מיינע האָבן אָנגעהויבן צו פוילן פון ליגן אויף דער ערד. דאָס העמד מיינס, וואָס איך האָב געטראָגן אויף זיך, האָט זיך צעשאָטן; איך בין געבליבן שוין אינגאַנצן נאַקעט. איך פיל שוין גאָרנישט קיין קעלט און אויך קיין הונגער. איך נעם מיט די הענט אביסל שמוציקע וואַסער, וואָס עס איז פול מיט ווערים און באַנעץ מיינע פאַרטריקנטע ליפּן.

איינמל גייט יצחק ארימלאנד אין וואלד און באמערקט ווי עס ליגט „עפּעס” אין וואַלד. יצחק ארימלאַנד דערנענטערט זיך צו מיר און פרעגט מיר ווער איך בין. עס איז מיר געווען שוין שווער צו רעדן און אויך שווער מיר צו דערקענען. ער פרעגט מיר נאָכאַמאָל ווער איך בין, איך ענטפער אים שטילערהייט אַז איך בין פראדל גאָלדשטיין. ער האָט זיך דערשראָקן קוקנדיק אויף מיר און האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַז דאָס בין איך און עס קען אַזוי ווערן פון א מענטש. איך דערצייל אים שטילערהייט אַז אביסל ווייטער פון מיר איז דאָ א זיעמליאַנקע, דאָרטן איז דאָ שמואל וואליניעץ, איצל טשערטאַק, קלמן ראטענשטיין, הינדע גבאי און נאָך יידן, און דערצייל אים אַז איך בין קראַנק אויף אַ שטאַרקן סיפּנאַי־טיפוס. מיין גאַנצער קערפּער איז פול מיט בלוטערס און די זיעמליאַנקע איז פול מיט וואַסער איבער די נארעס, קען איך שוין מער נישט ליגן אין זיעמליאַנקע, איך געדענק נישט ווי אַזוי איך בין אַרויס אינדרויסן און אַזוי קריכנדיק אויף אַלע פיר ווייט פון זיעמליאַנקע געפאלן און ליג דאָ און קען שוין מער נישט גיין אויף מיינע פיס.

ווידער באַמערק איך ווי עס גייט אַן אַלטע גויע אין וואַלד, מען האָט איר גערופן אקסעניע. פונדערווייטנס האָט די גויע באַמערקט ווי עמיצער ליגט אויף דער ערד, זי האָט זיך דערשראָקן. זי איז צוגעגאַנגען צו מיר און זעט ווי איך ליג און וויין. די גויע האָט באַקומען גרויס מיטלייד מיט מיר, נעמט אראָפּ פון זיך אַ שמאַטע און דעקט מיר צו און זי זאָגט צו מיר אַז זי גייט שנעל אהיים און באלד קומט זי ווידער אהער. עס איז אריבער אַ פּאָר שעה די גויע איז געקומען צוריק און פירט מיט זיך אַ וועגעלע אויף דריי רעדער. זי נעמט אַרויס א שערעלע און שערט מיר אָפּ די האָר און גיט מיר עסן געבראָטענע קארטאָפל און זאָגט צו מיר, איך וועל דיר נעמען אויף דעם וועגעלע און ביי מיר וועסטו זיין א פּאָר



טעג. איך ווייס שוין גאָרנישט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. די גויע נעמט מיט אירע הענט מיין אויסגעדאַרטן קערפּער, ווי אַ מוטער נעמט איר קליין קינד, לייגט מיר ארויף אויף דעם וועגעלע און דעקט מיר איין מיט שמאטעס, מען זאָל מיר נישט באַמערקן און פירט מיר אוועק צו זיך אהיים. אין שטוב וואַשט זי מיר ארום מיט ווארעמע וואַסער גיט מיר אָנצוטאָן א גויישע העמד און לייגט מיר ארויף אויף דעם ווארעמען אויוון, גיט מיר הייסע מילך צו טרינקען און דעקט מיר צו מיט שמאַטעס. זי לייגט ארויף אויף דעם אויוון א פּאָר צעבראָכענע קעסטלעך און א סאך שמאטעס, אַז איר שלעכטע שנור זאָל מיר נישט באַמערקן. איך בין געווזן ביי איר 8 טעג. זי איז נישט געווען קיין ווייכע נאָר אן אָרעמע גויע. זי האָט מיך אָפּגעהיט, געהיילט מיינע ווונדן, געגעבן עסן און טרינקען. אין לעבן וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן ווי די גויע האָט געראטעוועט מיין לעבן. דאָס איז געווען אַ מלאך און נישט קיין גויע.

איינמאָל האָט מיר דער גויעס שנור באַמערקט און שרייט אויף איר שוויגער און זאָגט אַז איך זאָל פארלאָזן דאָס הויז. זי איז געווען אַ מיטהעלפערין פון די דייטשן. איינמאָל האָבן די פארטיזאַנער געשאָסן אין אירע פיס, ווייל זי פלעגט גיין קיין קאַמין קאָשירסקי צו די דייטשן איבערגעבן נייעס. איך האָב מורא אַז די גויע זאָל נישט ליידן פון איר שלעכטער שנור און איך וויל פארלאָזן איר שטוב, די גוטע גויע גיט מיר אירס א קליידל אָנצוטאָן, א פּאָר פּאסטילעס אויף די פיס, א פלאש הייסע מילך, געבראָטענע קארטאָפל. איך געזעגן זיך מיט איר הארציק און באַדאַנק איר פאר איר גוט הארץ, וואָס זי האָט געטאַן פאר מיר און איך זאָג איר אַז גאָט וועט העלפן, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן און אַז איך וועל לעבן בלייבן און איך וועל נאָך קומען צו זיך אהיים, וועל איך איר פאר אלעס אי״הש אָפּדאנקען. איך פארלאָז איר שטוב און גיי צוריק פאמעלעך אין וואלד אריין.

אין נעווירער וואלד איז געווען א זיעמליאנקע מיט יידן. די נעמען: יצחק ארימלאנד מיט זיין פאמיליע, שמאי מייסטעל, יוסף פערציק מיט זיין פאמיליע, לייבל דער יעזיערער מיט זיין פרוי, יוסף ווייסמאן מיט זיין פאמיליע, יונה וואסערמאן, מייטע פעסל און איסר ארימלאַנד, פייגע וואַטען און יוסף סטעפאק. איך האָב זיי געזען זיצן ביי א פייער ווארעמען זיך און בראָטן קארטאָפל. ווייט פון דעם וואַלד אין א קאָלאָניע האָט געווינט אַ קריסטלעכע פאַמיליע. דער קריסט האָט געזוכט אַ פרוי אויף אַרבעט, ווייל זיין פרוי איז געווען קראַנק. פון דעם

וואַלד איז געגאַנגען א מיידל, איר נאָמען מייטע ארעמלאנד, זי איז געווען מיט איר משפחה. דאָס מיידל איז געגאַנגען אויף דער קאָלאָניע און צופעליק איז זי אריין צו דעם קריסט. דעם קריסט האָט מען גערופן לעאָן לעווינסקי. דער קריסט האָט איר פאָרגעלייגט אז זי זאָל בלייבן ארבעטן ביי אים אין הויז. דאָס מיידל מייטע ארעמלאנד האָט אים אנטזאגט און זי האָט אים פארזיכערט צו שיקן א פרוי, וואָס איז איינזאם אליין אָן א משפחה. דאָס מיידל איז געקומען אין וואַלד און פאָרגעלייגט מיר דעם פאָרשלאָג. ווען עס איז נאַכט געוואָרן האָב איך מיר געלאָזט אין וועג אריין. אריינקומענדיק צום קריסט אין הויז און ווי ער האָט מיר דערזען, האָט ער מיר נישט געוואָלט צונעמען ווייל איך בין נאָך געווען אליין שטאַרק קראנק און זייער שלעכט אויסגעזען. דער קריסט האָט געזאָגט אַז ער וועט דאַרפן נעמען הילף כדי מיר מאַכן געזונט, אזוי שלעכט און צעבראָכן אין אַלע היגזיכטן בין איך געווען. דערנאָך גיט ער מיר א פרעג ווער איך בין, האָב איך אים דערציילט אז איך בין לייביש גאָלדשטיינס אַ טאָכטער פון קאמין קאָשירסקי. דער קריסט דערהערנדיק דעם נאָמען האָט ער אזש געגעבן א צאפל. אַלע ארומיקע קריסטן האָבן גוט געקענט מיין ליבן פאָטער, ער איז געווען ביי יעדן באַליבט און דער קריסט האָט אויך גוט געקענט מיין פאָטער ז״ל. דער קריסט פלעגט קומען אפט אין קאמין און איבערנעכטיקן ביי אונדז אין האָטעל „בריסטאָל״ און האָט שטאַרק געשעצט מיין פאָטער. ווי דער קריסט האָט דערהערט אז איך בין גאָלדשטיינס אַ טאָכטער פון קאמין האָט ער מיר געהייסן בלייבן, מיר תיכף געגעבן עסן און איך האָב זיך אַביסל אָפגעוואַשן. צוויי וואָכן האָט דער קריסט מיר גאָרנישט געהייסן טאָן. איך האָב מיר אביסל אָנגעגעסן מיט ברויט און קארטאָפל, ער איז נישט געווען קיין שטאַרק רייכער. נאָך צוויי וואָכן זייענדיק ביים קריסט האָט מען שוין מיר דערקענט, ווי איך זע שוין אויס באַלד ווי אַ מענטש. איך האָב אָנגעהויבן פירן די ווירטשאפט. געארבעט אין שטוב, אין גאָרטן און אויך ביי די צוויי בהמות און ביי פיר חזירים. שוין באַקומען צו ביסלעך כוח. דער קריסט איז שטאַרק געווען צופרידן פון מיין פלייסיקער אַרבעט. זיינע קינדער האָט ער געהייסן מיר רופן גאָספאָדיניא, ד ה. באַלעבאָסטע, ער האָט מיך שטאַרק געשעצט.

אין דער קאָלאָניע פלעגן די דייטשע מערדער נישט קומען, ווייל זי איז געווען באַזעצט מיט פאַרטיזאַנער אין די וועלדער. די ערשטע מאָנאַטן זענען געווען די פארטיזאנער צעוואָרפענע באנדעס און פיל מענטשן האָבן זיי געהרגעט. איינמאָל האָב איך מיט דעם קריסט געארבעט אין גאָרטן און עס פאָרן דורך די פארטיזאנער פון סוואָראָווס אָטריאַד און באַמערקן מיך ווי איך אַרבעט. מיין קריסט האָט מיר א ווונק געטאָן אז איך זאָל אנטלויפן, האָב איך אָנגעהויבן לויפן ווייט פון דעם אָרט, דורך זייטיקע וועגן און דערזען ליידיקע טיפע גריבער פון קארטאָפל, בין איך שנעל צוגעלאָפן און אריינגעשפרונגען אין א טיפן ליידיקן גרוב. די פארטיזאַנער האָבן זיך דערנענטערט צום קריסט און אים געפרעגט ווער איך בין און געצוווּנגען דעם קריסט ער זאָל גיין צוזאמען מיט זיי מיר זוכן. דער קריסט האָט כלומרשט געגאַנגען מיט זיי מיר זוכן. דער קריסט האָט אָנגעהויבן הוסטן, דאָס הייסט געבן מיר אָן אָנזאָג, א סימן אז איך זאָל בלייבן רואיק נישט לאָזן זיך הערן און אזוי ארום האָבן די צעוואָרפענע פארטיזאַנער מיר נישט געפונען. אַ גאַנצע נאַכט בין איך געלעגן אין גרוב, שטאַרק אָפּגעשוואכט פון לויפן און קען נישט ארויס צוריק. דער קריסט האָט דערזען אז איך קום נישט האָט ער זיך דערשראָקן און געגאַנגען שפעט ביינאַכט מיר זוכן און האָט מיר נישט געפונען. א פאָר שעה צו טאָג בין איך מיט אַלע כוחות ארויס פון דעם גרוב און ווידער געקומען ארבעטן צום קריסט. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט פון מיין קומען און זאָגט צו מיר אַז ער האָט געמיינט אז איך בין ווידער אוועק אין די וועלדער, ווייל ער איז מיר געגאַנגען זוכן און נישט געפונען.

די לאַגע ווערט וואָס ווייטער בעסער. עס זענען געקומען אמת׳ע פארטיזאַנער פיאָדאָ־וואָוס אָטריאַד און קיין יידן האָט מען שוין מער נישט געהרגעט. מיר פלעגן שוין ארומגיין פריי, נישט מורא האָבן פאר די דייטשן און נישט פאר די פארטיזאַנער. אין דער צייט איז געוואָרן אין נעוויר אַ פאָסטערונעק. אויך קומט קיין נעוויר דער גענעראל פיאָדאָראָוו. מען רופט א סך יידן אין די אָטריאַדן און אייניקע יידן זענען אַוועק צו זיי. די רוסישע פאַרטיזאַנער פלעגן קומען צו מיין קריסט שעכטן בהמות און איך מיט דעם קריסט פלעגן מאַכן אליין בראנפן פאר די פארטיזאַנער, און פון דעם פלייש מאַכן ווורשט. דאַן האָב איך אָנגעהויבן צו ארבעטן ביי די פארטיזאַנער, דרייען דאָס פלייש אויף מאשינקעס און די ביינער פלעגן זיי מיר געבן פאר דער ארבעט, פלעג איך ברענגען צום קריסט די ביינער און געהאָלפן דעם קריסט מיט עסן און מיט ארבעט. דערווייל האָבן די פארטיזאַנער נאָכגעפרעגט ווער איך בין. האָט דער קריסט זיי דערציילט אז איך בין א יידישע פרוי זייער א געליטענע, האָבן די פארטיזאַנער

געפּרעגט פּאַרוואָס בין איך נישט קיין פּאַרטיזאַנקע. האָט דער קריסט זיי געענטפערט אז ער דערלויבט נישט מיר גיין צו זיי און זי וויל אויך נישט גיין, ווייל זי איז א פרוי אָן א מאַן. (בעסער מיר געווען צו ארבעטן שווער ביים קריסט איידער פארלירן דעם אייגענעם נאָמען). איינ־מאָל זענען די פּאַרטיזאַנער געקומען מיך נעמען, האָב איך זיך פארבאהאלטן. דאָס צווייטע מאָל זענען די פּארטיזאנער ווידער געקומען מיך נעמען, אָבער דאָסמאָל בין איך נישט געווען אין שטוב. איך בין געגאַנגען אין דאָרף באַזוכן דער אלטער גויע אקסעניע, וואָס זי האָט מיר געראַטעוועט מיין לעבן ווען זי האָט מיר געפונען אין נעווירער וואלד.

עס זענען אָנגעקומען פון קאַמין אַ סך פּאַליאַקן און געמאַכט אַ פּוילישן אָטריאַד אין די וועלדער. דער הויפּט פון פּוילישן אָטריאַד האָט געהייסן קירפּאַס, זייער אַ פּייגער פּאַליאַק. ער פלעגט געבן אַלע פּאַליאַקן פון דער קאָלאָניע מעל אויף צו באַקן ברויט. דער סטאַרשינאַ קורפּאַס פלעגט ברענגען מיין קריסט מעל אויף באַקן ברויט און זאַלץ און דער קריסט פלעגט אים געבן פאַר דעם א מתנה אַ פּאַר פלעשער בראָנפן. די פּארטיזאַנער גיבן אונדז איבער די לעצטע ידיעות טאָג־טעגלעך. צופיל פּארטיזאַנער אין דער געגנט און יעדן טאָג דערוואַרטעט מען אַבלאַווע פון דייטשן. אַלע פּאַליאַקן פון דער קאָלאָניע גרייטן זיך צו זיעמליאַנקעס אין וואַלד. מיין קריסט האָט אויך געמאַכט אַ זיעמליאַנקע אין וואַלד.

4 עראָפּלאַנען באַזוכן אונדז טאָג־טעגלעך. די עראָפּלאַ־נען באַמבאַרדירן די דערפער און אויך די וועלדער ווו די פּאַרטיזאַנער האַלטן זיך. זיי איבערפאַלן די גאַנצע געגענט 3—4 מאָל און פליען צוריק קיין קאַמין. אייניקע מענטשן זענען געהרגעט געוואָרן און אייניקע פארוואונדעט געוואָרן. איך מיט מיין קריסטלעכע פאַמיליע באַשליסן מיר פארלוי־פיק וווינען אין וואַלד און אויך נײַט אין די זיעמליאַנקעס. נאָר מיר גראָבן קאַנאַלן און ווען מיר הערן די עראָפּלאַנען פליען, לויפן מיר אין די קאַנאַלן.

עס קומען צו אונדז אין וואַלד נייע פּארטיזאַנער פון פּוילן, באַזונקעס אָטריאַד. אויך אייניקע יידן מיט זיי. די יידן דערציילן, אז פונוואַנען זיי קומען האָט מען ארויס־געפירט די יידן אין די גאַז־קאַמערן און מען פארברענט מיליאָנען יידן מיט קינדער.

אויף דער קאָלאָניע האָבן געוווינט עטלעכע משפּחות פּאַליאַקן, וואָס זייערע פרויען זענען געווען פאָלקס־דייטש־קעס. די משפּחות זענען געווען גאַנץ פיין צו די יידן. אין דער שלעכטער צייט פלעגן זיי געבן די יידן עסן. ווען איך פלעג אַמאָל אין דער שלעכטער צייט, נאָך זייענדיק אליין אין די וועלדער, קומען צו זיי, פלעגן זיי מיר געבן אָפּצועסן ברויט מיט זויערמילך. אָבער די פארטיזאַנער האָבן געהאַט אַ חשד אויף זיי. איינמאָל ביינאַכט האָבן די פּאַרטיזאַנער ארומגענומען די קאָלאָניע און די 4 משפּחות וואָס זענען געווען געמישט מיט די פאָלקס־דייטשקעס האָט מען פאַר־נומען מיט די קינדער עלטער פון 10 יאָר. די קליינע קינ־דער ביז 10 יאָר, האָט מען געלאָזט. מען האָט זיי אַרויסגע־פירט און געהרגעט און די פארמעגנס האָט מען צוגענומען.

עס איז איצט ווינטער. אָבער ער איז נישט אַזוי שרעקלעך ווי יענער ווינטער פאַר מיר. איצט גאָט צו דאַנק האָב איך אַ האָפענונג צו לעבן. איך האָב מיר שוין אויפגענייט אַ קלייד פון גווישע לייוונט און פּאַסטילעס גיי איך אויף די פיס. עס איז מיר שוין נישט אזוי קאַלט און איך בין נישט הונגעריק. נישט איינמאָל הויב איך מיר אָן צו דערמאָנען אין מיינע עלטערן און מיין פארשוואונדענעם מאַן, וועלכן איך וועל שוין קיינמאָל אין לעבן נישט זען, אין מיין האַרציק קינד, מיינע שוועסטער, ברידער מיט זייערע פאַמיליעס, אויך מיינע פריינט. עס ווייטאַקט מיין האַרץ און עס פאַלט מיר אריין אַ געדאַנק, צו עס איז מיר געווען כדאי מיין גאַנצע מאַטערניש, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אַזאַ שרעקלעכע צייט. און וואָס וועט שוין זיין ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. איך בין דאָך אַזוי איינזאַם און עלנט ווי אַ שטיין. וועמען האָב איך, און ווער בין איך שוין? איך וועל גיין אהיים. ווו איז שוין מיין היים? און אפשר איז פון מיין משפּחה ווער געבליבן?

דער פראָנט רוקט זיך וואָס אַמאָל נענטער און די פּאַר־טיזאַנער זאָגן, אז זיי מוזן פארלאָזן די געגנט. די לאַגע ווערט גאַנץ ערנסט. מיטגיין מיט די פּאַרטיזאַנער וויל איך נישט. ווי קען איך פארלאָזן מיינע קריסטלעכע פריינט? בלייבן טאָר איך אויך נישט. איך באַשליס דערווייל צו בלייבן אויף דער קאָלאָניע. אין אַ טאָג שפּעטער דערזען מיר אז די גאַנצע פּארטיזאַנער כוחות פארלאָזן אונדזער וואַלד און זיי באַרואיקן אונדז, אַז זייערע פלעצער פאַרנע־מען פוילישע פּאַרטיזאַנער. אָבער מיר בלייבן נישט רואיק. אַ פּאָר טעג האָבן מיר, אַלע יידן מיט די פּאַליאַקן פון דער קאָלאָניע, געלעבט אין גרויס שרעק. דעם זעלבן טאָג קומט צו מיין קריסט אַ רוסישער קאָמאַנדיר און זאָגט אויך דאָס זעלבע, אז זיי קענען דאָ נישט פארבלייבן און זיי גייען אויף דעם וועג קיין סאַרנע און דאָרטן וועלן זיי זיך טרעפן מיט דער רויטער ארמיי. איך פרעג דעם רוסישן קאָמאַנדיר אויב איך קען נאָך בלייבן אויף דער קאָלאָניע. ניין, זאָגט ער צו מיר. דו מוזט שוין פארלאָזן און ראַטעווען דיין לעבן פון די דייטשן, ווייל אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן שוין אינגאַנצן

פאַרלאָזט די וועלדער און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן דערנענטערן זיך צו אונדז.

אַלע קריסטן האָבן פאַרלאָזט די קאָלאָניעס ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַרן טויט. די קאָלאָניעס פלעגן שטיצן די פּאַרטיזאַנער, דערפאַר פלעגן די דייטשן באַפאַלן די קאָלאָניעס, פאַרברענען די הייזער מיט די מענטשן. מיין קריסט וואָס איך האָב געאַרבעט ביי אים, האָט נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזן זיין ווירטשאַפט עס איז אים געווען אַ שאָד. איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, וואָס די דייטשע מערדער קענען דאָ אָפּטאָן מיט די איבערגעבליבענע מענטשן און איך וויל זיך נישט שיידן מיט זיי. אויך זאָג איך זיי אַז עס איז שוין 2 יאָר ווי איך מאַטער זיך און ראַנגל זיך מיטן טויט און איצט קומט ער מיר אַנטקעגן. נאָך לאַנגע שעה'ן איז ער איינשטימיק געוואָרן צו פאַרלאָזן די קאָלאָניע. ביינאַכט, ער שפּאַנט זיין פערד און וואָגן, לייגט אַרויף זאַכן און עסן און מיר אַלע לאָזן זיך אין וועג, אָבער דאָס איז געווען שוין צו שפּעט. די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן שוין אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די קאָלאָניעס און דעם דאָרף וואָס האָט געהייסן נעוויר, דאָרט איז געווען אַ גרויסער טייך, האָבן די דייטשע מערדער באָמבאַרדירט דעם בריק און דער בריק איז פאַרברענט געוואָרן. דער פערד מיט דעם וואָגן פון מיין קריסט זענען דערטרונקען געוואָרן אין טייך. בין איך מיט דער קריסטלעכער פאַמיליע איבערגעשווומען דעם טייך. צופעליק בין איך געווען אַ קליינע שווימערין, נאָר אין אַזאַ מאָמענט, שאַפט זיך אַזאַ מין ענערגיע אַז מען קען דאָס נישט באַגרייפן.

דעם גאַנצן וועג האָבן מיר נישט געטראָפן קיין דייטשן, קיין פּאַרטיזאַנער און אויך נישט קיין באַלבאַשעס, נאָר אַלעמאָל רייסן אונדז איבער די דייטשע עראָפּלאַנען. מיר זענען געקומען אין דאָרף לושע וואָס איז געווען באַזעצט מיט די פּאַרטיזאַנער און מיר פילן זיך פרייער. מיר געפינען פיל יידיקע דירות און מיר באַזעצן זיך. מיר טראָגן אָן שטרוי צו שלאָפן און מיר געפינען אויך עטוואָס עסן. אין לושע זענען מיר געווען אַ פּאָר וואָכן. עס האָט זיך שוין אַ ביסל איינגעאָרדנט, אין מיין שטעטל קאַמין קאַשירסקי איז שוין געווען די רוסישע מאַכט, האָב איך געטראַכט צו פאַרלאָזן לושע און גיין אין מיין שטעטל.

איך האָב מיר האַרציק געזעגנט מיט דער קריסטלעכער פאַמיליע. די פרוי פון דעם קריסט האָט געוויינט און צו מיר גערעדט: „קינד מיינס געדענקסטו ווי דו האָסט אויסגעזען ווען דו ביסט געקומען צו אונדז, דיין גאַנצער קערפּער איז געווען פול מיט בלוטערן; האָסט דאָך נישט געקענט גיין אויף דיינע פיס, עס איז נישט קיין וווּנדער געווען, דו ביסט דאָך געווען שטאַרק קראַנק אויף סיפּנאָי־טיפוס אין די וועלדער, עס איז געווען שרעקלעך צו קוקן אויף דיר. נישט קוקנדיק וואָס איך האָב קינדער, איז אפשר האָב איך דיר נישט געטאָרט נעמען, אָבער הערנדיק פון וועלכער פאַמיליע דו שטאַמסט האָבן מיר דיר געהייסן בלייבן. דו ביסט מיר געוועזן געטריי ווי אַן אייגן קינד. פאַר דיין זיין געטריי צו מיר האָב איך דיר ליב געקרוגן נישט ווייניקער ווי מיינע אייגענע קינדער, איצט איז מיר אַ שאָד וואָס דו גייסט אַוועק פון אונדז. מיר וועלן שוין בענקען נאָך דיר. אויב עס איז דיר קיינער נישט געבליבן, און דו וועסט זיך פילן שלעכט, און עלנט, קום ווידער צו אונדז, ווו מיר וועלן זיין, וועסטו אויך זיין מיט אונדז צוזאַמען". און צו די קינדער האָט זי געזאָגט: „קינדער, געזעגנט זיך מיט אונדזער גוטן פריינט, זי האָט אונדז די לעצטע מינוטן אויך געראַטעוועט פון די נעגל פון די רוצחים, זי האָט אונדז געוואָרנט צו אַנטלויפן פון דער קאָלאָניע. אַ דאַנק איר זענען מיר געבליבן לעבן".

די קריסטין האָט מיר אָפּגעפירט קיין קאַמין קאָשירסקי. מיר זענען געגאַנגען צופוס אַן ערך 20 קילאָמעטער. דעם גאַנצן וועג האָט זי געוויינט, פאַרוואָס מיר שיידן זיך.

ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין מיין שטעטל. איך האָב געטראָפן רייזל פּערטשיק מיט איר זון מנשה, זיי האָבן מיר אַוועקגעפירט צו זיך אין שטוב און זייער פיין מיך אויפגענומען. מיט זיי איז אויך געווען פייגל וואַטען. רייזל פּערטשיק האָט מיר דערציילט די גוטע בשורה, אַז מיין ברודער יעקב גאָלדשטיין מיט זיין פאַמיליע זענען געבליבן לעבן און געפונען זיך יעצט אין קאַמין־קאַשירסקי. איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט וואָס עס איז נאָך עמיצער געבליבן פון מיין מישפחה, איך זאָל נישט דאַרפן בלייבן עלנט ווי אַ שטיין. איך בין גלייך אַוועק מיט רייזלען צו מיין ברודער. אויפן וועג האָבן מיר קיין ייד נישט געטראָפן. אַלץ איז געווען פאַרברענט און פאַרניכטעט. מיר זענען דורכגעגאַנגען דורך מיין פאָטערס האָטעל „בריסטאָל" און די שטוב ווו מיר האָבן אַלע געוווינט. ווי צו להכעיס, זענען זיי, די הייזער, געבליבן. די הייזער זענען געשטאַנען פאַריתומטע, ווי דאָס האַרץ האָט נישט געפּלאַצט דאָס צו זען... איך בין געפאַלן אין חלשות.

מיר זענען אַריין צו מיין ברודער. מיין ברודער מיט זיין פאַמיליע ווען זיי האָבן מיר דערזען, זענען זיי געווען איבעראַשט פון פרייד. זיי האָבן נישט געגלויבט אַז דאָס בין איך, מיין ברודער איז געווען שטאַרק צופרידן, אַז עס איז אים נאָך כאָטש געבליבן, איינע פון 7 שוועסטער, פון דער גרויסער פאַמיליע.

מיינע טעג און נעכט זענען פול מיט אומרו און פיין. און מיין בענקשאַפט נאָך מיינע טייערע אומגעקומענע אין גרויסן חורבן לעשט קיינמאָל נישט אויס.

איך בין געגאַנגען צו די פויערים אָפּנעמען מיינע זאַכן, וואָס איך האָב געגעבן צום פאַרבאַהאַלטן די לעצטע מינוטן פאַר מיין אוועקגיין פון שטוב. די פויערים האָבן מיר עטוואָס אָפּגעגעבן. האָב איך דאָס אַלץ אוועקגעגעבן דער קריסט־לעכער פאַמיליע, עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך דאַרף שוין גאָרנישט האָבן.

אין מיינע עלטערנס הויז, איז אַלץ געווען ליידיק. די ווענט זענען געשטאַנען ווי פאַריתומט, יעדעס ווינקעלע ליידיק, קיינער רעדט נישט, קיינער פרעגט מיר נישט פון וואַנען קומסטו? ווי שרעקלעך דאָס האָט אַלץ אויסגעזען. איך בין אַרויף אויפן בוידעם, דאָרטן האָב איך געפונען מיין פאָטערס יאַרמעלקע, וואָס עס איז ביי מיר א טייערער אָנדענק. ווידער בין איך אַריין אין מיין הויז, ווי דאָס האַרץ האָט נישט געפּלאַצט אָנקוקנדיק דאָס אָרט ווו מיין קינדס בעטעלע איז געשטאַנען און איצט איז אַלעס ליידיק, פאַר־יתומט. יעדן מאָל פלעג איך לויפן אויפן הייליקן אָרט און פאַלן אויף די קברים, זיך גוט אויסוויינען און נעמען אין די הענט די פאַרבלוטיקטע זאַמד מיט די פאַרשאָטענע וואָפנס. איך פלעג טראַכטן: ווען עס עפנט זיך אויף דער קבר, איך זאָל קענען אריינפאַלן און אויך ליגן צוזאַמען מיט זיי...

איצט, ווען עס זענען שוין געגאַנגען יאָרן אַריבער, נישטאָ דער טאָג, וואָס מיינע אויגן ווערן גענעצט מיט בלוטיקע טרערן, וויין זיך גוט אויס פאַר די 2 בילדער פון מיינע עלטערן, וועלכע הענגען ביי מיר אין הויז, און עס ווייזט זיך מיר אויס, ווי מיין פאָטער און מיין מוטער ז״ל זאָגן צו מיר: „קינד אונדזערס, גענוג שוין צו בלוטיקן, עס גיסן זיך שוין צופיל דיינע טרערן: דו מוזט נאָך לעבן! דו ביסט געבליבן לעבן אונדז אַלעמען אָבער, מיין וווּנד קען זיך קיינמאָל נישט פאַרהיילן זי ווערט אַלעמאָל אויפגעריסן ביי מיר אין האַרצן.

— — — — — — — —

יאָרן זענען אַריבער, עס איז מיר געווען שווער צו בלייבן אַליין. וועלנדיק הערן פון עמיצן אַ וואַרעם וואָרט, אַ ביסל לייכטער מאַכן מיין שווער האַרץ און ווידער פירן אַ נאָרמאַל לעבן — האָב איך חתונה געהאַט מיט איינעם פון לוצק, זיין נאָמען איז אורי קופּילער. מיין איצטיקער מאַן האָט אויך אָנגעוואָרן אַ פרוי און דריי זין און זיין גאַנצע פאַמיליע. איך האָב געבוירן אַ זון, ער זאָל אונדז שוין זיין אויף לאַנגע לעבעדיקע מזלדיקע יאָרן. ער הייסט נאָך מיין ליבן פאָטער לייביש.

איך האָב שטאַרק געשטרעבט צו קומען קיין ארץ ישראל, צו טרעפן מיין ליבן ברודער הערשל גאָלדשטיין מיט זיין פאַמיליע, (מיין ברודער הערשל איז נאָך געקומען אַהער פאַר דער מלחמה). איצט זענען מיר אַלע אין ארץ ישראל, אין אונדזער מדינה.

**מונה מילצער** (מניה כשר), **דענווער קאָלאָראַדאָ**

# דייטשישע מערדערייען

מיין שטעטל קאַמין־קאַשירסקי, ליגט מיר טיף אין מיין האַרצן... און איך געדענק דיך. איך זע דיך פאַר מיינע אויגן, דו שיין יידיש שטעטל מיט דיין שיינער יידי־שער יוגנט וואָס האָט באַלאַנגט צו פאַרשידענע באַוועגונגען — החלוץ־הצעיר, השומר הצעיר, וואָס האָט געטאַנצט און גע־זונגען די שיינע יידישע און העבראַאישע לידער און גע־טרוימט וועגן ארץ ישראל.

אָט, אָט שפּילן זיך די יידישע קינדערלעך אין גאַס, אָט גייען די קינדער אין חדר, און אָט איז דער דראַמאַטי־שער קרייז וואָס האָט געגעבן הומאָריסטישע פּיעסן און אַנדערע.

און אָט דער ערב שבת אין קאַמין, ווען מיין מאַמע האָט געבאַקן און געקאָכט לכבוד שבת, און דער שיינער פרייטיק־צונאַכט, ווי אין יעדן ווינקעלע האָט אַרויסגע־שיינט אַ פריילעכקייט. מיין מאַמע האָט געבענטשט ליכט, דער טאַטע איז געגאַנגען אין שול, די קינדער אנגעטאָן אין יום־טוב׳דיקע בגדים — און די זמירות, די שיינע זמירות.

ביז די קינדער האָבן אונטערגעוואַקסן און מיינע ליבע עלטערן, ווי אַלע עלטערן, האָבן געהאָפט צו דערלעבן אביסל נחת... דאַן! גראַד דאַן, איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם אויף דער וועלט.

אַ מלחמה מיט יידן

באַלד איז די בלוטיקע געסטאַפּאָ מיט דעם גרויען מונדיר און ברוינעם קאָלנער און מאַנקעטן מיטן האַקן־קרייץ — אַריין אין אונדזער שטעטל.

די פּאַניק איז געווען נישט צום באַשרייבן. אַלע יידן האָבן געמוזט טראָגן געלע מגן־דוד׳ס, איינע פאַרנט אויף דער לינקער זייט, און הינטן, אַז מען זאָל זיי דערקענען. דאָס האָט באַלד אוועקגענומען פון אונדז די פרייהייט, די ליכטיקייט פון לעבן. מיר זענען באַלד געוואָרן געכאַפּט צו די שווערסטע שמוציקסטע אַרבעטן, באַגלייט מיט קלעפּ אויף אונדזערע דאַרע ביינער פון דער מערדערישער נאַצישער און אוקראַינישער פּאָליציי. מיר זענען פאַרפּייניקט געוואָרן דורך אַ כסדרדיקע קייט פון ברוטאַלישע אָנפאַלן ביינאַכט, שיסערייען, שלאָגן, דאָס צווינגען אַלעמען לייגן זיך מיטן פּנים צו דער ערד, דאָס אוועקרויבן אַלץ פון די הייזער.

איין מאָל אַ פרייטיק, האָבן די מערדער אָנגעהויבן כאַפּן יידן אין די גאַסן. די פּאַניק איז געווען זייער גרויס. מען האָט געכאַפּט בלויז מענער, אַלטע און יונגע. מען האָט נישט געוווסט צו וואָס? צו אַרבעט, אָדער צום טויט? מען האָט זיי געפּייניקט און געמאַרדעוועט אַ גאַנצע נאַכט, און צו מאָרגנס — שבת פּרי ראש חודש אלול, האָט מען זיי אַרויסגעפירט אין גרויסע אויטאָס, באַדעקט מיט גרינע פּלאַכטעס, גוט באַוואָרנט אַז מען זאָל נישט אַנטלויפן, 80 קדושים אויף קדוש השם.

עטלעכע קילאָמעטער פון קאַמין־קאָשירסקי האָט מען זיי אין איין גרויסן גרוב באַגראָבן. עס איז דאָרט געווען אויך מיין ברודערל איסער כשר, 21 יאָר אַלט, דוד ביבער, מאיר רובינשטיין, מיטעק צימערינג מיט זיין פאָטער, שמעון זאַפּראַן, שמואליק ווערבלער, יאשע בער פוקס מיט זיינע זון שמואל נח און חיים, וואַווע קאַץ, אבא לייזערוק, קאָפּל פעלדמאַן, און אַנדערע וועמענס נעמען איך קען זיך נישט דערמאָנען. און אַזוי האָט זיך געצויגן טאָג איין, טאָג אויס, אונדזער טרויעריק לעבן אין הונגער, פּאַניק, שווערער אַרבעט, קלעפּ און מאָרד. דער פינצטערער געטאָ מיט דעם הויכן פּלויט, מיט די שטעכעדיקע דראָטן, באַוואַכט מיט די מערדער און אוקראַינער, מיט איין טויער אַריינצוגיין — און אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט אונדזער ביטער לעבן, אין נויט און ענגשאַפט.

דאָ, אין פינצטערן געטאָ האָט מען מער דערפילט אַז מען איז אַ ייד. דער הונגער איז פאַרשאַרפט געוואָרן פון טאָג צו טאָג און אויך די ענגשאַפט. איך פלעג שלאָפן אויפן טיש. עטלעכע פאַמיליעס אין איין צימער. איין מאָל אין טאָג, האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזט נאָך אַביסל וואַסער.

מאַרשירנדיק אין מיטן גאַס, ווי בהמות. די שרעקלעכע פינצטערע נעכט אין געטאָ, איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן. יעדע נאַכט, אָנפאַלן שיסערייען אין די הייזער, ברוטאַלע איבערפאַלן אויף פרויען. קרבנות פאַלן יעדע נאַכט דורך די מערדערישע הענט. פון אַ נאַטירלעכן טויט איז מען ווייניק געשטאָרבן. מען האָט געבעטן ביי גאָט זיך לייגן און נישט אויפשטיין, אָבער דער געבעט האָט אויך נישט געהאָלפן. און אַזוי פלעגט מען גיין צו דער אַרבעט, אַרויסמאַרשירנדיק פון געטאָ מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, הונגעריק, פאַרצאַרנט פון די שרעקלעכע נעכט — און צוריק אין געטאָ אַריינגעמאַרשירט. און דערביי באַזוכן די מערדער יעדן איינעם די הויזן, די קעשענעס; ווי נאָר זיי האָבן עפּעס אַ געפיל אַז מען שמוגלט אַריין אַ שטיקל טרוקן ברויט אָדער אַ קאַרטאָפל, נעמען זיי אַרויס פון די רייעס און פאַרפּייניקן אויפן אָרט.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז כ״ז אב, 1942

יענעם טאָג, מאָנטיק, גאַנץ פרי, זענען די מערדער אַרומגעלאָפן פון הויז צו הויז, נישט אַדורכגעלאָזט קיין אָרט ווו זיי האָבן געטראַכט אַז עמיצער האָט זיך דאָרט באַהאַלטן. זענען מיר אַרויס פון פינצטערן געטאָ צווישן אַנדערע אויך גיטעלע כשר, מיין טאַטע חיים־לייב כשר, מיין מאַמעלע לאה כשר, מיין ברודערל שייע כשר און מיין ברודערל אביגדור כשר. צוזאַמען זענען מיר מיטגעגאַנגען מיט פאַרבלוטיקטע הערצער און אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, אַלץ איז פאַר אונדז געווען שוואַרץ, אַלץ פאַרלוירן. מיר פילן אַז דאָס איז דער סוף...

די מערדער גייען אין די זייטן מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, די אויטאָמאַטן געצילט צום שיסן, און פירן אונדז אויף זאַסטאַוויע, קעגנאיבער דעם יידישן בית־הקברות. דאָ האָבן מיר שווער געאַרבעט, אָפּגייענדיק מיט שווייס נאָך מיט מאָנאַטן צוריק ביים צוגרייטן די באַראַקן פאַר זיך אַליין. דאָ איז דער סוף, און אַ וועלכער סוף? און פאַרוואָס? מיר זעען ווי די אוקראַינער גראָבן די גריבער פאַר אונדז. אַ שיינער ליכטיקער טאָג, נאָר נישט פאַר אונדז, אַ שיינע גרויסע וועלט, נאָר נישט פאַר אונדז יידן. מיר זענען יידן, נישט קיין מענטשן. מיט אונדז קען מען טאָן וואָס מען וויל. און זיי טוען וואָס זייערע שמוציקע הערצער פאַרלאַנגען, און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר אונדז אויסגעמוטשעטע, דערשראָקענע פאַרהונגערטע, מוטלאָזע, וואָס וואַרטן אויפן טויט. היינט, די געוויינען פון די קליינע קינדערלעך, פון די מאַמעס, טאַטעס — די ערד האָט געציטערט פון די געשרייען. איך בין פאַרטויבט געוואָרן. ס׳גייט אָן אַ קאַמף צווישן לעבן און טויט. יעדער

וויל לעבן, ווי שלעכט עס איז געווען האָט מען נישט געוואָלט פאַלן פון דער מערדערישער האַנט... אָבער די מערדער האָבן אַנדערש געקוקט אויף אונדז, אָן אַ טראָפּן רחמנות אויף די קליינינקע קינדערלעך, די שוואַנגערע פרויען, די אַלטע לייט.

ווו ביסטו גאָט? וואָס שווייגסטו? בעוויייז אַ נס...

אָבער ניין, נישטאָ קיין נסים. די מערדער רופן אויס די נעמען פון די יונגע מענטשן אויף ארבעטס־שיינען. אַלע רייסן זיך צום לעבן, אז מען רופט משה׳ן — לויפט בערל. מיין מאמעלע איז געשטאַנען מיט מיר צוזאמען, זאָל כאָטש זיין אַ גרינגער טויט, זאָגט זי און אַזוי רעדנדיק האָט מען ארויסגערופן די נעמען פון מיין ברודערל שעיה כשר, פון אביגדור כשר, מאניע כשר. מיר זענען ארויסגעלאָפן פון דער שטופעריי און געוויינעריי, מיר האָבן געקראָגן דעם ארבעטס־שיין און א קלאַפּ איבער די פּלייצעס מיט דער קאלבע — און מען האָט אונדז געהייסן לויפן אין באראק.

דאָרטן האָבן מיר אריבערגעקוקט אויף דער אנדערער זייט — מיין טאטנס נאָמען און מיין מאַמעס נאָמען זענען געווען אויסגעמעקט, אויך פון מיין קליין ברודערל מרדכי׳לע, וואָס איז מיט א טאָג פריער אנטלאָפן מיט מיין פעטער שעיה מייזליש און רחל מייזליש קיין פאליץ אין וואַלד. לאַנג האָט מען די נעמען נישט אויסגערופן, די געסטאפּאָ האָט געזאָגט, אז זי האָט גענוג יידן. און מען האָט אַלע אויגן פון דעם ביסל אוימגליקלעכע יידן. לעבעדיקע מתים — געבליבענע געפּיקט אין רייען צום גרויסן גרוב.

שמע ישראל! שמע ישראל! שמע, שמע...

נקמה! נקמה! די געשרייען, געוויינען, דאָס געבעט דאָס ציטערן, מיט פארטריקנטע ליפּן און דערשראָקענע אויגן פון דעם ביסל אומגליקלעכע יידן. לעבעדיקע מתים — אוממעגלעך עס צו באַשרייבן.

צומאָרגנס, דינסטיק, האָבן מיר געזען די גרויסע בערג מיט קליידער פון די קדושים. איך האָב דערקענט די קליידער פון מיינע טייערע עלטערן. נישט קיין טרערן, נאָר בלוט האָט זיך געגאָסן פון אונדזערע אויגן. איך מיט מיינע צוויי ברידער זענען מיר ארומגעגאנגען אויפן פלאץ און געוויינט אויפן גרויסן חורבן. זאָגט צו אונדז דער בלוטיקער מערדער: דארפסט נישט וויינען, וועסט זען וואָס עס וועט פּאַסירן נאָך אין דריי מאָנאַטן ארום...

אביסל יונגע מענטשן זענען מיר געבליבן, אפשר אַ פּאָר הונדערט. צענדליקער מאָל האָט מען אונדז געציילט, אויסגעשטעלט אונדז און ארויסגעפירט פון פלאץ קעגנאיבער דעם גרויסן גרוב, ווו ס׳זענען געבליבן אונדזערע בעסטע און ליבסטע. די ערד טרייסלט זיך. לעבעדיקערהייט האָט מען זיי אריינגעוואָרפן.

דאָס בעסטע און ליבסטע איז אַוועק אויף קדוש השם. אויף די פארציטערטע ליפּן פון יעדן קדוש איז געהאנגען דער רוף: נקמה! נקמה! נקמה!

פון איין טויט, צום אנדערן טויט, אזוי זענען מיר צוריקגעקומען אין פינצטערן געטאָ.

דעם געטאָ האָט מען פארקלענערט, מען האָט גענומען סאָרטירן די זאַכן פון די הייזער — שיך באזונדער, קליידער באַזונדער, מעבל באזונדער. אלץ פארן דייטשן רויבער.

טאָמער האָט אַ מיידל אָנגעטאָן אַ פּאָר שיך און דער מערדער האָט עס דערזען, האָט ער גלייך אויפן אָרט געמאַכט צו איר אַ סוף.

צרות, הונגער, מען ציילט די טעג וואָס מען לעבט. נישטאָ קיין אויסוועג. יעדן טאָג ווערט וויניקער פון די שטלעכע איבערגעבליבענע יתומים. מען פאלט ווי פליגן. פונקט צו די דריי מאָנאַטן איז קאמין געוואָרן יידן־ריין.

אונדזער איבערלעבעניש איז נישט צום בעשרייבן. מען האָט זיך געזען מיטן טויט יעדע מינוט. און אַ וואָספאראַ־טויט!

מיט מיר זענען געבליבן לעבן דורך אַ נס מיינע צוויי ברידערלעך — אביגדור און מרדכי׳לע. מיין עלטסטן ברודער שייע כשר האָט מען געבונדן און געפירט צו דער שחיטה.

מיר זענען אנטלאָפן פון די ארבעט ארטעלן ביינאַכט, נישט ווויסנדיק וווהין מיר לויפן. גרויסע נסים האָבן מיט אונז פּאַסירט.

איך טרוים נאָר וועגן דעם, אַז די ווערטער פון אונדזערע טייערסטע קדושים, פון זייערע פארציטערטע ליפּן — נקמה; נקמה! זאָל אמאָל פארווירקלעכט ווערן!

ל. אליצקי

# מיין שוועסטער פרומע

פרומע לעקאר—קלארמאן

מיין שוועסטער פרומע איז געוואָרן צו מיר שלעכט:
רויבט צו דאָס ליכט פון מײַנע טעג, דעם שלאָף פון נעכט;
און — ווײַ צו מיר און ווײַ צו איר — זי איז גערעכט:

ווי הייבט זיך אויף דיין האַנט דערלאַנגען שפּייז צום מויל,
ווען יעדער נערוו דיין שוועסטערס צאַפּלט זיך אין גרויל,
און ס'וואַרט איר האַרץ פאַרשטיינערט אויפן שונאס קויל?

ווי זוכסטו רו אין בעטגעוואַנט פאַר דיין געביין,
ווען ס'מאַכט נישט צו קיין אויג דיין שוועסטער אויף אַ שטיין,
וואָס וויל, נאָר קאָן אין אירע טרערן נישט צעגיין?

ווי וואַגט דיין פּנים זיך צעשמייכלען פאַר אַ פרוי,
בעת דיין יונגער שוועסטער'ס האָר שוין זענען גרוי,
ווי גראָז פאַרשטויבטס, וואָס גאַרט און לעכצט אַ טראָפּן טוי!

ווי שטעלט זיך אָפּ דיין בליק צו צערטלען בלום און גראָז,
ווען שוועסטערס אויגן גליווערן פון שרעק, ווי גלאָז,
און, ווי אַן אויסלייז, קוקן אויס דעם אויסוואורפ'ס שאָס?

עס טוט דיר וויי, מיין ברודער? גוט אַזוי! ס'איז גוט!
אין ווײי געבוירן ווערט דער מענטש און אויך זיין מוט;
זאָל אָנצינדן דער ווײי נקמה אין דיין בלוט!

דו וויינסט? ס'איז ביליק היינט דעם מענטשנס ריינסטע טרער,
ווייל זי אַ פּערל איז, און נישט קיין פּוסט געווער;
איך וואַרט אויף דיין נקמה־טאַט, מיין ברודער... שווער!

און ווען וועסט קומען און נישט טרעפן מיין געביין,
קוש אויס שטאָט מיך און צערטל יעדן קאַלטן שטיין;
דערכאַפּ דאָס האַרץ און לאָז אין שלאַכט זיך ווייטער גיין.

כ'וועל אומגעזעען זיין מיט דיר, ווי כ'בין אַצינד,
דיך שטאַרקן, ווי אַ העלד, און צערטלען, ווי אַ קינד,
און זיין דיין אויג אין האַרץ, עס זאָל נישט פירן בלינד...

— — — — — — — — —

מיין שוועסטער פרומע איז געוואָרן צו מיר שלעכט;
רויבט צו דאָס ליכט פון מיינע טעג, דעם שלאָף פון נעכט;
און — ווײַ צו מיר און צו איר — זי איז גערעכט.

אופא. 1943—1944



מנשה פערטשיק

# פאגראמען, מארד און באפרייאונג

איך בין געבוירן געווארן אין קאמין־קאשירסקי (בריס־קער וואיעוו.) 1924.10.8. מיין פאטער יוסף איז געווען א סוחר, ער איז אומגעקומען דורך די דייטשן. מיין מוטער ראזע, פון דער היים פלאט, איז לעבן געבליבן. איך האב געהאט א ברודער, יהושע, ער איז געפאלן אין דער רוסישער ארמיי, א ברודער ברוך און א שוועסטער פעסיע, זיי זענען אומגעבראכט געווארן דורך די דייטשן.

דער אויסברוך פון דער מלחמה האט מיך געטראפן אין מיין היים־שטאט. אין יוני 1941, נאכן אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער קריג, האבן די רוסן פארלאזן די שטאט און די דייטשן זענען אנגעקומען אין שטאט ערשט ארום 1־טן יולי.

איך בין אין געטא פארבליבן ביז אקטאבער 1942. דערנאך בין איך אנטלאפן אין וואלד און זיך אנגעשלאסן אן די יידישע פארטיזאנער. צום אנהויב האבן מיר געהאט בונקערס אין די וועלדער פון פאדבאראטשע און דערנאך אין דער געגנט פון לוביעשאוו און ביאלע אזיערע. מיט דער צייט האבן מיר זיך אנגעשלאסן אין די רוסישע פאר־טיזאנער־גרופן פון ארדזשעניקידזע און פיאדאראוו.

אין די פארטיזאנער־גרופן בין איך געבליבן ביז 1944, דערנאך בין איך געווארן מאביליזירט אין דער רויטער ארמיי. ביז אווגוסט 1944 בין איך געווען אין וואלאגדע און ארכאנגעלסק.

נאך מיין באפרייאונג פון דער ארמיי בין איך אין 1944 געקומען קיין ראוונע, ווו איך האב באקומען ארבעט אין ארטיקן געריכטס־אמט, אלס קאמארניק. אין יאנואר 1945 בין איך אוועקגעפארן אין טשערנאוויץ און פון דארטן קיין לעמבערג, פון וואנען איך האב זיך רעפאטריאירט קיין פוילן.

אין יאר 1945 בין איך ארויסגעפארן מיט נאך א גרופע יידן מיט דער נישט לעגאלער עליה קיין ארץ ישראל. מיר זענען געפארן דורך רומעניע, אונגארן, עסטרייך און איטא־ליע. אין איטאליע האבן מיר זיך פארהאלטן אין קבוץ אין מאדען. דערנאך זענען מיר געווען אין בארי.

נאך עטלעכע מאנאטן זענען מיר ארויסגעפארן פון איטאליע. אין סעפטעמבער 1945 זענען מיר אנגעקומען קיין ארץ ישראל.

## די יידן אין קאמין קאשירסקי פאר דער קריג

קאמין־קאשירסקי איז געווען א קרייז־שטאט. יידן זענען דארט געווען בערך 2000. די יידן האבן מערסטנטייל געוווינט אין צענטער שטאט, אויף די גאסן: פרץ, שלום עליכם, קאוולער גאס, אויפן מארק. זיי האבן זיך פארנומען מיט האנדל, און געהאט געשעפטן פון שפייז, קאנפעקציע, א. אנד. די רייכערע יידן האבן געהאט דאמף־מילן די וואסערמאנס, סאקאל, קאשער. משה טשארני האט געהאט די איינציקע וואל־פאבריק אין שטאט. אויך די עלעקטראווניע איז געווען אין יידישע הענט.

עס זענען אויך געווען פיל יידישע האנטווערקער ווי: שניידערס, שוסטער, סטאלארעס, בלעכער א.א. אין אלגע־מיין האבן זיך די מענטשן אן עצה געגעבן און קיין גרויסע ארעמקייט איז ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען.

אין שטאט זענען געווען צוויי בתי כנסת. און איין רב — הרב פערלין, און א חסידישער רבי, הרב ראבינאוויטש.

די יוגנט האט זיך געלערנט אין די פוילישע שולן און אין דער איינציקער אין שטאט תרבות־שול, „התחיה". א פאלקס־שול מיט העברעאיש אלס אונטעריכט שפראך. די יוגנט איז געווען ארגאניזירט אין ציוניסטישע ארגאניזא־ציעס.

קיין יידישע אדוואקאטן זענען נישט געווען. עס זענען געווען יידישע דאקטוירים, איך געדענק פון זיי דעם דאקטער לעפל.

צווישן דער יוגנט איז געווען אקטיוו חוה קימעל, איינע פון די מיטארבעטערינס פון יידישן דראמאטישן קרייז, וועלכן ס'האבן געגרינדעט יעקב פלאט, ח. קימעל, מעלאמעד, שאפירא סעלעצקי, גילדע קרוקווער א.א.

קורץ פארן אויסברוך פון דער קריג איז אויסגעוויילט געווארן אלס פארזיצער פון דער יידישער קהילה באקאל־

טשוק, ער איז אויסגעווײלט געוואָרן מיט אַ מערהייט שטימען.

די יוגנט פון קאַמין־קאָשירסקי פלעגט נאָך ענדיקן די שול, פאַרלאָזן די שטאָט, ווייל זיי האָבן דאָרט נישט געהאַט וואָס צו טאָן. קיין אַרבעט אין די מלוכה׳שע אמטן האָבן זיי נישט געקענט באַקומען מערסטנס זענען זיי עולה געווען קיין ארץ ישראל און קיין אַמעריקע, אין שטאָט זענען געבליבן מערסטנס נאָר די עלטערע.

## דער פאָגראָם אין יאָר 1937

אין יאָר 1937 גלייך נאָכן פשיטיקער פאָגראָם, האָבן די פאָליאַקן אין אונדזער שטאָט געוואָלט אָרגאַניזירן אַ פאָגראָם אויף יידן. דאָס איז געווען אין פוילישן יום־טוב „זיעלאָנע שוויענטאָ״, מיין פאָטער איז אַריין אין רעסטאָראַן, קלוב פון די פוילישע בעאַמטע, ער האָט דאָרט געטראָפן אַ באַקאַנטן פאָליאַק, אַ סעקרעטאַר פון דער גמינע, וועלכער האָט צו אים געזאָגט „מאָרגן וועט דאָ זיין פריילעך מיט די יידן״. מיין פאָטער האָט אים געזאָגט, אַז דער סטאַראָסטע האָט געזאָגט אַז עס וועט זיין רואיק, אָבער דער פאָליאַק האָט אַלץ געזאָגט, אַז מאָרגן וועט זיין א פאָגראָם אין שטאָט. (אין דער צייט איז געווען סטאַראָסטע אַ געוויסער סקורעוויטש, אַ באַוווסטער אנטיסעמיט). די ידיעה וועגן געשפרעך צווישן סעקרעטאַר פון דער געמינע מיט מיין פאָטער איז וואַרשיינלעך דערגאַנגען צו דער מאַכט, ווייל 12 ביינאַכט איז געקומען צו אונדז אין שטוב די פאָליציי מיט אַ באַפעל צו אַרעסטירן מיין פאָטער, ווייל ער האָט געמאַכט, ווי זיי האָבן געזאָגט, אַ פאַניק אין שטאָט.

אינדערפרי זענען מיר, איך, מיין מוטער און אויך מיין ברודער געווען אין אונדזער געשעפט. מיר האָבן געזען אז אַן אומגעווענלעך גרויסע צאָל גוים זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן אין שטאָט. גלייך האָבן זיי אויך אָנגעהויבן ברעכן שויבן אין די יידישע געשעפטן און הייזער און ראַבעווען. די אוקראַינער צוזאַמען מיט די פאָליאַקן האָבן געוויזן וואָס זיי קענען. מיר האָבן פארמאַכט אונדזער געשעפט און אוועק אין שטוב.

דער פרעזעס פון דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, יוסף אייזענבערג, איז אוועקגעלאָפן אויף פאָסט בכדי צו שיקן א טעלעגראַם צו אונדזער פאָרשטייער אין סיים וועגן די געשעענישן אין שטאָט, האָט מען אים ביי דעם געכאַפט, און צעשלאָגן. דער פאָגראָם איז נישט פאָרגעקומען, צוליב דער אינטערווענץ פון אביש קלאָרמאַן, וועלכער איז געקומען צו דער צענטראַלער וואָיעוואָדשאַפט־מאַכט.

נאָכמיטאָג האָט זיך באַרואיקט, ווייל די שטאָט איז פול געווען מיט פאָליציי, וועלכע איז דירעקט צו דעם צוועק געשיקט געוואָרן, און זי האָט געהיט די אָרדענונג. ביינאַכט איז מיין פאָטער באַפרייט געוואָרן און ער איז גלייך אוועקגעפאָרן קיין לוצק, ווו דער שטאָט־פרעזעס איז געווען זיינער אַ גוטער באַקאַנטער.

אין צוויי וואָכן אַרום איז דער סטאַראָסטע סקורעוויטש באַפרייט געוואָרן פון זיין אמט.

## מאסן־מארדן נאכן אריינמארשירן פון די דייטשן, דער אנטייל פון די אוקראַינער

ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט אין די לעצטע טעג פון יוני 1941 זענען אין שטאָט געקומען די „בולבאָווצעס״ (אוקראַינישע באַנדעס), וועלכע מען האָט אויך גערופן די „גרינע ארמיי״. זיי האָבן אָנגעהויבן ראַבירן, שלאָגן יידן, און פאַרגוואַלטיקן יידישע מיידלעך. זיי האָבן אויך געהרגעט עטלעכע יידן, זייער אָנפירער איז געווען אַ פאָפ פון דער גאָס וואָלאַ, אין קאַמין־קאָשירסקי.

אין אַ וואָך ארום, בערך דעם 1־טן יולי, זענען אָנגעקומען די דייטשן. זיי האָבן גענומען עטלעכע „בולבאָווצעס״ און זיי דערשאָסן לעבן אונדזער הויז. די דייטשן האָבן אָרגאַניזירט אַ יידישע מיליץ, און אַ יודענראַט. דער פרעזעס פון יודענראַט איז געווען שמילעק ווערבלע, וועלכער האָט געהאַט פריער אַ מאַנופאַקטור געשעפט.

אין אַ געוויסע צייט אַרום זענען געקומען געסטאַפאָווצעס פון קאָוועל און געכאַפט 80 יידן, דער פרעזעס ווערבלע האָט זיך אליין געמאָלדן און געבעטן אַז מען זאָל אים דערשיסן, ווייל זיין געוויסן מאַטערט אים. מען האָט אים דערשאָסן צוזאַמען מיט די 80 יידן אונטערן שטאָט, דערנאָך זענען די געסטאַפאָווצעס אוועקגעפאָרן צוריק אין קאָוועל.

דער שטאָט־פרעזידענט איז געווען אַן אוקראַיניעץ באַביאַק, פאַר דער מלחמה איז ער כלומרשט געווען אַ יידן־פריינט, אָבער ווען די דייטשן זענען געקומען האָט ער געענדערט זיין פעל און די יידן האָבן זייער שטאַרק געליטן פון אים. נישט בעסער פון אים זענען אויך געווען, זיין פארטרעטער ליכאַטשעווסקי און דער קאָמענדאַנט פון דער אוקראַינישער מיליץ מאַזור.

מען האָט פאַראָרדנט: אַז פאַר יידן איז פארבאָטן גיין אויף די טראָטואַרן, קויפן אויפן מאַרק, ארויסגיין נאָך דער פאָליציי־שטונדע. מען האָט געהייסן אָננייען געלע לאַטעס אויף די בגדים און אויף די הייזער ווו עס האָבן געוווינט יידן האָט מען געדאַרפט אויסמאָלן אַ געלע קייקל. מענער פון 14 יאָר האָבן געמוזט גיין אויף צוואנג־ארבעט, בוי־ארבעט, לאַדעווען האָלץ א.א.וו.

אין אַ קורצע צייט אַרום איז אָנגעקומען דער געביט־קאָמיסאַר פריץ מיכאַעליס און זיין פאַרטרעטער, מען האָט אים גערופן „האַנס". דער געביט קאָמיסאַר איז אַריינגעלאָפן אַ שיכורער אין הויז פון קיווע אייזענבערג, און דערשאָסן זיין פרוי.

אַ פאַלקע, אַ דענטיסטקע אין אונדזער שטאָט, וועמענס טעכטער האָבן געהאַט דייטשע געליבטע, האָט דערבראַכט דערצו אַז מען האָט געהאַרגעט דעם יידישן דענטיסט אלתר קאַטאַן.

פסח 1942 איז פאַראָרדנט געוואָרן צו אַרום צוימען אַ געטאָ. דאָס געטאָ האָט מען געמאַכט אין דער יידישער געגנט אין די זייטיקע געסלעך. מען האָט דאָרטן אויך געבראַכט די יידן פון זאַלאַזיע, גרויס גלושע, קליין־גלושע, פניעוונע, אַלבלע, פאַליצע. די ענגשאַפט איז געווען גרויס, פון 2 טויזנט איז די יידישע באַפעלקערונג געוואַקסן אויף 3 טויזנט. און די צאָל הייזער איז פאַר זיי באַדייטענד פאַרקלענערט געוואָרן.

ברויט האָט מען געטיילט אויף קאַרטן צו 100 גראַם פאַר אַ מענטשן אַ טאָג. אָבער אין געטאָ איז געווען אַ בעקעריי און קיין הונגער איז נישט געווען.

דאָס געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט מיט שטעכל דראָט. אויף קאָוולער גאַס איז געווען אַן אַרויסגאַנג טויער. עס איז דערלויבט געווען אַרויסצוגיין נאָר אויף ספּעציעלע שיינען, נאָר פאַר די וועלכע האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ. ביים טויער האָט געהאַלטן וואַך די אוקראַאינישע מיליץ.

אַזוי האָט מען געלעבט ביז אייגוסט 1942, אין דעם טאָג האָט די געסטאַפּאָ מיט דער אוקראַאינישער מיליץ אַרומגערינגלט דעם געטאָ און געהייסן אַלעמען אַרויס פון די הייזער און זיך אויפקלייבן אויף דער הויפּט־גאַס. אַלע האָבן פאַרלאָזן די הייזער, פרויען קינדער מענער און אַלטוואַרג.

## מאַסן עקזעקוציע אין אווגוסט 1942 — איבערגעגעבן פון אן עד ראיה

ווען אַלע יידן זענען זיך צוזאַמענגעקליבן אויף דער הויפּט־גאַס, האָט מען די מענטשן אוועקגעפירט אויף אַ פעלד נישט ווייט פון יידישן בית־עולם. די יידן האָבן געוווּסט אַז דאָס איז שוין זייער סוף, ווייל פון אָרט ווו מיר האָבן זיך געפונען (איך בין דאָרט אויך געווען) האָבן מיר געזען די אויסגעגראָבענע גריבער אויפן בית עולם, וועלכע מען האָט באַצייטנס פאַר אונדז צוגעגרייט.

נאָכמיטאָג איז אָנגעקומען מיכאַעליס מיט אַן איי־בערזעצער און מען האָט אָנגעהויבן אַרויסרופן געוויסע מענטשן מיט די נעמען. די אַרויסגערופענע האָט מען געשטעלט אין אַ זייט. דאָס זענען געווען בלויז יונגע און געזונטע מענטשן, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף ספּעציעלע אַרבעטס־פּלעצער. אַזוי זענען פון אַן עולם פון דריי טויזנט מענטשן, אויסגערופן געוואָרן 600. די 600 האָט מען געשיקט צוריק אין די באַראַקן, איך בין געווען צווישן זיי.

אַלע וועלכע זענען געבליבן אויפן פּלאַץ האָט מען געהייסן אויסטאָן זיך נאַקעט. מיר האָבן אַלץ געזען פון אונדזערע באַראַקן. איין פרוי די לערערין סטריער האָט אַ שפּיי געטאָן דעם געביט־קאָמיסאַר אין פנים, מען האָט איר שוידערלעך צעשלאָגן און אויפן אָרט געשאָסן.

מען האָט אויך אַהינגעבראַכט ציגיינער און דערשאָסן זיי צוזאַמען מיט די יידן, זיי ליגן צוזאַמען אין איין קבר. דאַן האָט מען דערהאַרגעט מיין שוועסטער, זיידע און קוזינס. מיר האָבן געזען ווי מען האָט די נאַקעטע מענטשן אַריינגעטריבן אין די גריבער און געשאָסן אויף זיי מיט מאַשין־געווער. עס זענען דאַן אומגעקומען 2500 מענטשן, אויסער דער לערערין סטריער האָבן אויך געשטעלט אַ ווידערשטאַנד יצחק אייזענבערג און דער לישער רב. זיי האָבן נישט געוואָלט זיך אויסטאָן נאַקעט, האָט מען זיי געשלאָגן צום טויט. דאַן האָט מען פון זיי טויטער־הייט אַראָפּגעריסן די קליידער. פיל עלטערן וועלכע האָבן געקריגן שיינען צום בלייבן צווישן די לעבעדיקע, זענען מיטגעגאַנגען מיט זייערע קינדער צום טויט.

צוויי טעג האָט מען אונדז געהאַלטן אין די באַראַקן און דערנאָך צוריקגעפירט אין געטאָ, וועלכער איז פאַר דער צייט פאַרקלענערט געוואָרן אויף אַ העלפט. די יידן זענען ווידער געצוואונגען געוואָרן צו גיין צו דער אַרבעט.

דאַן איז געשען פאָלגנדער פאַל: די טאָכטער פון ערשטן יודענראַט־פּרעזעס כאַסיע ווערבלע, אַן 18 יאָריק מיידל, האָט זיך בעת דער אַקציע אויסבאַהאַלטן ביי אַ פוילישער משפחה. דער געביטס־קאָמיסאַר האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט און אָנגעהויבן זי זוכן. ער האָט איר צום סוף געפונען און מיט די אייגענע הענט איר דערשאָסן. דאַן האָבן די געסטאַפּאָוועצעס דערשאָסן נאָך אַ יידיש מיידל, וועלכע האָט זיך אויך פאַרבעהאַלטן בעת דער אַקציע.

## מען אַנטלויפט אין די וועלדער פון פּאָדבאַראַטשע

נאָך דער אווגוסט אַקציע, האָט די יוגנט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַרויסגיין אין וואַלד מיט געווער אין די

הענט. דאָס געווער האָט מען געקויפט ביי פּאָליאַקן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אין געטאָ אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אויף אַרויסצוגיין אין וואַלד, עס איז אַלץ געמאַכט געוואָרן אין געהיים. מאָטל סטריער, דער מאַן פון דער לערערין, וועלכע האָט געשפּיגן דעם דייטש אין פּנים, איז געווען צווישן די וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די פּאַרטיזאַנקע. די ערשטע זענען אַרויס אין וואַלד: יוסל סעגאַל, בעריש דרוג, משה קופּערשמידט. זיי האָבן דערנאָך געדאַרפט מיטנעמען נאָך, אָבער זיי האָבן שוין נישט באַוויזן, ווייל עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די ליקווידאַציע פון געטאָ.

אין נאָוועמבער 1942 איז געווען דער סוף פון געטאָ. פיל יידן זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, די איבעריקע האָט מען אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און דערשאָסן. אויף די וועגן האָבן די אוקראַאינער דערמאָרדעט פיל פון די אַנטלויפנדע יידן.

נאָך פאַרן מאַכן די שטאָט „יודנריין" זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, משה פלאָט, ד"ר ליפּא ווינאָוויצקי, אבא קלורמאַן, די ברידער צוויבעל, חיה קטן — שרה ביבער, הינדע גבאי א.א.

דער גאַנצער אומגליק איז געווען אין דעם וואָס ווען די יידן פלעגן אָנקומען אין וואַלד, פלעגן זיי דערמאָרדעט ווערן פון געוויסע רוסישע פּאַרטיזאַנער וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער געגענט.

אַזוי האָט דער טויט געלויערט אויף די יידן וועלכע זענען אַנטלאָפן פון געטאָ, פון אַלע זייטן. די דייטשן, אוקראַאינישע פּויערים און רוסישע פּאַרטיזאַנער. די גוים פון די אַרומיקע דערפער האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט און אויך געהרגעט אַלע יידן ווו זיי האָבן זיי נאָר געטראָפן.

איך האָב געאַרבעט אין די תבואה־מאַגאַזינען ווען מען איז מיר געקומען זאָגן אַז מיין משפּחה איז אַנטלאָפן אין וואַלד, האָב איך באַשלאָסן זיך דערקריגן צו זיי. איך בין אַנטלאָפן פון געטאָ צוזאַמען מיט דער משפּחה גאָלדשטיין. זיי האָבן געהאַט אַ באַקאַנטן גוי, אַ סובאָטניק, אין אַ דאָרף נישט ווייט פון אונדזער שטאָט. איך בין אַוועק צוזאַמען מיט זיי. זיי האָבן פאַרבאַהאַלטן פאַרן גוי אַז זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך נאָך אַ ייד. אַ וואָך צייט בין איך דאָרט געווען באַהאַלטן אויפן בוידעם און איך האָב געמוזט פון דאָרטן אַוועקגיין. ביינאַכט בין איך אַוועק צו אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, אָבער ער האָט מיר געזאָגט אַז מיין גאַנצע משפּחה האָט מען געהרגעט און ער האָט מיר אַרויסגעטריבן, איך בין אַוועק צו אַן אַנדער גוי, אָבער ער האָט מיר אויך אַרויסגעטריבן.

צום סוף בין איך אַנטלאָפן אין די וועלדער פון פּאַדבאַראַטשע. לעבן וואַלד האָט געוווינט אַ באַקאַנטער פּויער, איך בין אַריין צו אים, ער האָט מיר געזאָגט אַז מיינע עלטערן זענען ביי אים געווען און ס'קען זיין אַז זיי וועלן נאָך צוריקקומען. איך האָב דאָרט איבערגענעכטיקט, ביינאַכט האָט מיר דער פּויער אויפגעוועקט און געזאָגט, אַז מיין פאָטער איז געקומען, איך גיב אַ קוק: מיין פאָטער, מיט געווער אין האַנט!

מיין פאָטער האָט מיך מיטגענומען מיט זיך אין וואַלד. אויפן וועג האָט ער מיר דערציילט אַז זיי מוזן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די רוסישע פּאַרטיזאַנער, ווייל מען האָט שוין אויסגעהרגעט פיל יידן.

די יידן האָבן געוווינט אין וואַלד אין אַ „פּאַלאַטקע" אַ ביידל אויסבאַהאַלטן צווישן די קוסטעס. די גרופּע האָט געציילט 11 מענטשן. מיר האָבן אָנגעפאַנגען גראָבן אַ בונקער אונטער דער ערד. מיין עלטערער ברודער צוזאַמען מיט יוסקע סעגאַל און יצחק פעלדמאַן פלעגן אַרויסגיין אין דאָרף זוכן עסן, צייטנווייז איז זיי געלונגען צו קויפן עסן ביי די גוים. איינמאָל האָט זיך מיין ברודער נישט צוריקגעקערט פון דאָרף. די וועלכע זענען צוריקגעקומען האָבן דערציילט, אַז עס האָבן זיי אַרומגערינגלט רוסישע פּאַרטיזאַנער און מיין ברודער האָט זיך נישט געקענט פאַרטיידיקן, ווייל זיינע קוילן זענען געווען נאַסע.

איין פרימאָרגן האָבן די רוסן אַרומגערינגלט אונדזער בונקער, געהייסן אונדז אַלעמען אַרויסגיין, צוגענומען ביי אונדז די שיך, הויזן און אונדז צעשלאָגן, זיי האָבן דער־שאָסן אונדזערע 2 פרויען און דריי מענער, דערנאָך זענען זיי אַוועק מיטנעמענדיק וואָס זיי האָבן באַרויבט.

צוזאַמען מיט אונדז זענען געווען יידן פון דערפער, וועלכע די גוים האָבן גוט געקענט ווייל זיי זענען געווען זייערע שכנים. די גוים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן געהאַט ביי זיך די יידישע פאַרמעגנס זענען געווען פאַראינטערעסירט אַז די יידן זאָלן די מלחמה נישט איבערלעבן. זיי פלעגן דאַן גיין מיט די רוסישע פּאַרטי־זאַנער אויסזוכן די יידן און זיי דערהרגענען. אונדז האָט מען אויך געזוכט, ווייל זיי האָבן געוווּסט אַז מיר זענען געווען פאַרמעגלעכע, און ביי אַזוינע האָבן זיי זיך גערעכנט צו געפינען פיל געלט. אָבער צום גליק האָבן זיי אונדז נישט דערקענט.

## דאָס לעבן אין די וואַלד־בונקערס

נאָך די אָנפאַלן אויף אונדזער בונקער האָבן מיר באַשלאָסן צו בייטן דאָס אָרט. מיר זענען אַוועק אין געגענט פון לוביעשאָוו. מיר זענען דאַן געווען 22 מענטשן, מענער

און פרויען. די צאָל האָט זיך פאַרגרעסערט ווייל עס זענען אלעמאָל צוגעקומען נייע אנטלאָפענע. מיר האָבן אויסגע־גראָבן אונטער דער ערד אַ בונקער 10 מעטער די לענג, 5 מעטער די ברייט און 2 מעטער די טיף, די ווענט האָבן מיר אונטערגעשפּאַרט מיט סלופּעס. אין בונקער האָבן מיר איינגעאָרדנט הילצערנע בענק און אַ קיך צום קאָכן. מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ ברונעם, צו נעמען וואַסער. מען איז אריינגעגאַנגען אויף אַ לייטער און אינדערהויך האָבן מיר דעם אריינגאַנג פארשאָטן מיט מאָך, מיט זאמד, און דערנאָך ווידער מאָך. עסן האָבן מיר באַקומען פון דאָרף. די פויערים פלעגן אונדז געבן פאר גאָלד און געלט. יעדער איינער פון אונדז האָב באַקומען 100 גראם ברויט טעגלעך.

אין דעם בונקער האָבן מיר געלעבט עטלעכע מאָנאַט. אין מערץ 1943 האָט אונדז אַ אוקראַיניער געפונען, ער האָט דערזען אין וואַלד דעם רויך פון קוימען וואָס איז געגאַנגען פון אונדזער קיך. ביינאַכט זענען מיר פון דעם בונקער אנטלאָפן און אויפן צווייטן טאָג — ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווסט — זענען אהין געקומען דייטשן און אונדז געזוכט.

מיר זענען אנטלאָפן אין דאָרף לעבן דער ווייסער אַזיערע. דאָרט האָבן געוווינט פּוילישע קאָלאָניסטן. נישט ווייט פון דאָרף האָבן מיר אין וואַלד געמאַכט אַ פרישן בונקער. מיר האָבן דאָרט געהאַט גענוג קאַרטאָפל, וועלכע זענען פארבליבן אויפן פּאָלוואַרק.

מיר זענען אָבער אַלע געווען שטאַרק פארלייזיקט און עס איז אויסגעבראָכן צווישן אונדז אַן עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס. אַלע זענען קראַנק געוואָרן, קיין רפואות זענען נישט געווען, בלויז אַ ביסל אַספּירין. איין פרוי ברײַנדל ווייסמאַן איז פון טיפוס געשטאָרבן מיר האָבן איר באַגראָבן אין וואַלד. די איבעריקע מענטשן זענען געזונט געוואָרן.

קורץ נאָך דעם איז געקומען אויף אונדז אַ פרישער אומגליק. די רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערוווסט וועגן אונדזער בונקער און אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיי אונדז ארומגערינגלט. דאָס איז געווען צוויי וואָכן נאָך דעם ווי מיר האָבן געוווינט אין נייעם בונקער. זיי האָבן דאַן געהאַרגעט צוויי פון אונדז איינער האָט געהייסן מאָטל פּיק. ער און דער צווייטער וועלכן זיי האָבן געהאַרגעט, זענען פארן צושטיין צו אונדזער גרופּע געווען מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער.

אונדז אלעמען האָבן די פּאַרטיזאַנער שטאַרק צעשלאָגן, און די מיידלעך פארגוואַלטיגט.

אין דער זעלבער צייט איז מיין פאָטער געהאַט ארויס פון בונקער אָבער ער איז שוין מען נישט צוריקגעקומען. ער איז צוזאַמען מיט עטלעכע פּאָליאַקן דערהרגעט געוואָרן דורך די „בולבאָווצעס" אין דאָרף פאָדבאַראַטשע.

## אין פּאַרטיזאַנקע אָרדזשעניקידזע און פּיאַדאַראָוו

אין פרילינג 1943 האָבן די רוסישע פּאַרטיזאַנער באַקומען אַ באַפעל פון מאָסקווע, אז מען זאָל נישט באַפאַלן די יידן. אָדער טאָקע, ווייל די דייטשן האָבן גענומען קריגן מפּלות האָט אויפגעהערט דער געיעג נאָך די בונקערס מיט יידן.

דער וואַלד איז געווען זייער אַ גרויסער און זיך געגרענעצט מיט דער ביאַלאָוויעזשער „פּושטשע". אין אַזאַ וואַלד איז געווען שווער צו געפינען די פּאַרטיזאַנער, דערפאַר זענען די דייטשן בכלל אין וואַלד נישט געקומען, זיי האָבן מורא געהאַט פאר די פּאַרטיזאַנער און אויך פאר די יידן פון וואַלד. מיט די פּאַרטיזאַנער האָבן מיר שוין איצט געלעבט בשלום. מיר זענען אוועק וווינען אין דאָרפישע כאַלופּעס, ווייל די פּאַרטיזאַנער האָבן דאָרט געהאַט אַ מיליץ און עס איז געווען רואיק.

די פּאַרטיזאַנער האָבן געהערט צו אָרדזשעניקידזעס גרופּע. אין די גרופּעס איז געווען בערך אַ 100 יידן, דערנאָך האָבן מיר געהערט צו פּיאַדאָראָווס גרופּע. פּיאַ־דאָראָווס אָפּטיילונג האָט אויפגענומען פיל פון די יידן וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער, וועלכע זענען געוואָרן פּאַרטיזאַנער, גלייך מיט זיי.

צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער האָבן מיר געבויט בונקערס אין וואַלד. קיין עסן האָט נישט געפעלט. די פּאַרטיזאַנער פלעגן אָרגאַניזירן איבערפאַלן אויף באַנען, פּאָליציי־פּאָסטערונקעס און געטראָפענע אויף די וועגן דייטשן.

מיין קוזין ש. א. קלורמאַן האָט אין 1943 געשאָסן דעם פּאַרטרעטער פון געביט קאָמיסאַר אין קאַמין־קאַשירסקי קראַוזע. אַ העלדישער בחור איז אויך געווען בן ציון מאַליק, וועלכן מען האָט געשיקט צו די שווערסטע קריגס אָפּעראַציעס. דאָס איז שוין געווען אין ענדע 1943 יאָר.

אין יאָר 1944, ווען די שלאַכטן זענען געווען נישט ווייט, זענען אַלע יידן אוועק אויפן פראָנט קעמפן קעגן די דייטשן.

נאָך דער מלחמה האָב איך זיך געטראָפן מיט איניקע פון די יידן. איך שאַץ אָפּ די צאָל געראַטעוועטע יידן פון אונדזער געגנט ביז 200.

רחל ווינאַקור

# איך בין דאַמאָלט געווען אַזוי יונג...

איך בין געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1925 אין קאַמין־קאַשירסקי. מיין פאָטער שמואל פוגאַטש האָט געהאַנדלט מיט פלייש. איך האָב געהאַט 2 ברידער מיט א שוועסטער.

פון ערשטן סעפטעמבער 1939 געדענק איך, אַז עס איז געווען אַ שטאַרקע באָמבאַרדירונג און ביי אונדז אין שטעטל איז געוואָרן א גרויסע בהלה. דערנאָך זענען אריין די רוסן און עס איז געווען אַ רואיקער לעבן ביז 1941.

אין משך פון די ערשטע צוויי וואָכן נאָכן אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער קריג זענען ביי אונדז קיין דייטשן נישט געווען און נישט קיין רוסן, ווייל זיי זענען אנטלאָפן. אוקראַינער האָבן אויפגעהויבן די קעפּ, געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן, גערויבירט און געמאָרדעט.

מיינע עלטערן האָבן דאַן ארויסגעשיקט, מיך מיט מיין יינגערן ברודער צום זיידן אויפן דאָרף קיין קליין גלושע. זיי האָבן געמיינט אַז אפשר וועט אַזוי זיין בעסער, רוב־איקער: זיי האָבן דאַן נישט פארשטאַנען אַז אַמבעסטן וואָלט געווען אנטלויפן קיין רוסלאַנד. אין דער צייט פון פּאָגראָם האָבן אוקראַינער געהאַרגעט אונדזער קוזין שמואל וואָליניעץ. אין קליין גלושא איז אָבער געווען פיל ערגער ווי אין שטאָט. האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין קאָמין. בעת אונדזער אָפּוועזנהייט האָבן די אוקראַינער נאַציאָנאַליסטן צערויבירט אונדזער שטוב, ווען מיר זענען צוריקגעקומען איז דאָרט שוין גאָרנישט געווען. ווען די דייטשן זענען אַריין אין קאַמין־קאַשירסקי האָבן די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן זיך אביסל באַרואיקט. דערנאָך האָבן די דייטשן אָנגעהויבן כאַפּן אויף ארבעט און עס איז געוואָרן שווער מיט לעבנס־מיטל. בין איך ווידער אוועקגעפאָרן צו מיין באָבען אויפן דאָרף. דאָסמאָל מיט מיין עלטערן ברודער פנחס. דאָרט האָב איך פארדינט ביים שטריקן. איך בין געווען אַזוי געשיקט אין מיין ארבעט אז אין משך פון 4 טעג פלעג איך אויסשטריקן א סוועדער. איז משך פון גאנצן הערבסט 1941 האָב איך אַזוי געארבעט ביים ליכט פון א קליין נאפט־לעמפל און די פארדינסטן האָב איך געשיקט צו מיינע עלטערן, בכדי זיי אביסל צו העלפן.

ווען איך האָב אין דער יוגנט געלייענט דעם בוך „די כאַטע פון אָנקל סאם" האָט דעם גרעסטן איינדרוק אויף מיר געמאַכט די באשרייבונג וועגן דעם טראגישן אנטלויפן פון דער נעגערקע מיט איר קינד דורכן טייך; ווי דער אייז ברעכט זיך אונטער אירע פיס און זי שפרינגט מיטן קינד פון איין אייז־שטיק אויף דער צווייטער. אויך איך האָב איבערגעלעבט עפּעס ענלעכעס:

איך האָב געהאַט אַ מומע וועלכע האָט געוווינט אין דאַווידגרודעק לעבן פינסק, זי האָט געהייסן רחל וואָליניעץ. ווען די דייטשן האָבן פארנומען זייער שטעטל האָבן זיי גלייך אויסגעהרגעט אַלע מענער און די פרויען מיט די קינדער האָבן זיי אריבערגעפירט קיין פינסק. דער זיידע האָט דאַן געגעבן אַפּויער פיל תבואה און פוטער, אז ער זאָל פאָרן און ברענגען דער מומען מיטן קינד. דאָס קינד איז אַלט געווען 2 יאָר. אין אַ געוויסן טאָג האָט מען צוגעשיקט אין דאָרף א רשימה מיט נעמען פון 20 יידן, וועלכע דאַרפן זיך צושטעלן צו דער ארבעט. די מענטשן האָבן מורא געהאַט אַז דאָס איז נישט צו דער ארבעט נאָר אויף טויט. און קיינער האָט זיך נישט געמאָלדן. דאַן זענען אראָפּגעקומען די דייטשן און אוקראַינער און אָנגעפאנגען זוכן די מענטשן וועלכע זענען געווען אין דער רשימה. ווען די האָבן וועמען נישט געפונען אין שטוב, האָבן זיי גענומען די גאַנצע משפחה. מען האָט דאַן צוגענומען זלמן וואָליניעץ, דעם ברודער פון שמואל, וועלכן מען האָט נאָך פריער געהרגעט. דער פאָטער פון זלמ׳ן האָט געוואָלט גיין אָנשטאָט דעם זון, האָבן די דייטשן נישט דערלויבט. אויף מאָרגן האָבן די דייטשן דערשאָסן אַלע וועמען זיי האָבן פארנומען. זיי האָבן אפילו דערשאָסן אַ פרוי מיט צוויי טעכטער, וועלכע זיי האָבן צופעליק געטראָפן אויפן גאס. מיין זיידן מיט זלמן׳ס פאָטער, האָבן זיי גענומען צו גראָבן די קברים פאר די דערשאָסענע. מיר האָבן פון אונדזער הויז געזען ווי זיי גראָבן די גריבער. די איבערגעבליבענע יידן האָט מען ארויסגעשיקט קיין קאמין־קאָשירסקי.

איך מיט דער מומען און איר קינד זענען אנטלאָפן דורכן וואַלד. דער שניי איז דערגאנגען ביז העלפט, מיר זענען ביי יעדער טריט געפאַלן. אויפן וועג האָט אונדז אַ פּאָליאַק געוואָלט איבערגעבן צו די דייטשן. מיין מומע האָט פון גרויס שרעק נישט געקענט קיין וואָרט אויסרעדן. איך האָב אָנגעהויבן רעדן צו זיין געוויסן, ער זאָל כאָטש רחמנות האָבן אויף דעם אומשולדיקן קינד. ער האָט זיך ענדלעך באַשלאָסן אונדז אָפּצולאָזן.

מיר האָבן פונדערווייטנס געזען ווי די דייטשן גראסירן אין דאָרף און מיר זענען אנטלאָפן, קריכנדיק אלץ טיפער און טיפער אין שניי. מיר האָבן איבערגענעכטיקט ביי אַ

רוסישער פרוי און אויף מאָרגן זענען מיר צוריקגעקומען אין שטוב. אָבער איך האָב שוין נישט געוואָלט דאָרט בלייבן.

## אין געטאָ ביז דער ליקווידאַציע

דער זיידע מיט דער באָבען און די מומע מיטן קינד האָבן געוווינט ביי אונדז און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ לעבן ווי אין געטאָ: אַקציעס, הונגער און קראַנקהייטן.

איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַרטעל. וועלכער האָט זיך געפונען אויפן מאַרק. מיר זענען געווען 50 פרויען. מיר האָבן געשטריקט און אויסגעבייט פאַרשידענע זאַכן, פאַר די ס.ס.־לייט און זייערע משפחות, ווי סוועטערס, שאַלן, קליידער, טישטעכער און שקאַרפּעטקעס.

די לייטערין איז געווען עטל גאָלדשטיין און איך האָב איר פאַרטראָטן. אָפט פלעגן מיר אָפּטראָגן די אַרבעט אין די דייטשע הייזער. מיר זענען שטענדיק געגאַנגען מיט גרויס שרעק, אָבער ביי זיי אין די הייזער פלעגן זיי אונדז אנשטענדיק אויפנעמען. צייטנווייז פלעגן זיי אונדז געבן אַ שטיקל זייף צום אויסוואַשן די וואָל. מיר פלעגן זיך פרייען ווען עס איז געבליבן אַ שטיקל זייף פאַר אונדז, ווייל אין געטאָ איז געווען זייער שווער מיט זייף.

יעדן פרימאָרגן פלעגט מען אונדז, אונטער אַ וואַך, ארויספירן צו דער אַרבעט, און ביינאַכט צוריקפירן. געצאָלט האָט מען מיט שפייז קאַרטלעך. פון צייט צו צייט האָבן די דייטשן דורכגעפירט מאָרד־אַקציעס און אין געטאָ איז געוואָרן אַלץ ווייניקער מענטשן.

אין אויגוסט 1942 איז געווען אַזאַ אַקציע, אַז דער געטאָ איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף אַ העלפט. מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ באַהעלטעניש ביי דער משפחה רייזען, אָבער די מומע האָט זיך נישט געקענט אויסבאַ־האַלטן צוליבן קינד, ווייל דאָס קינד וואָלט געוויינט. די דייטשן האָבן איר דאַן צוגענומען און דערמאָרדעט. מיין זיידן מיט דער באָבען האָב איך אויך פאַרלאָרן, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט לאָזן די מומען און זיי האָבן זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן. דעם זיידן איז דאַן דאָס לעבן שטאַרק פאַרמיאוסט געוואָרן ווייל ער האָט געמוזט אָפּשערן די באָרד. יידן מיט בערד האָבן די דייטשן נאָך שטאַרקער פאַרפאָלגט.

נאָך דער אויגוסט־אַקציע האָבן מיר געוווּסט אַז עס דערנענטערט זיך שוין דער סוף. יעדער האָט געזוכט אַ וועג זיך צו ראַטעווען. אַביסל יוגנט איז אוועק צו די פּאַרטיזאַנער, דאָס זענען געווען אַזעלכע וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן צו קויפן געווער. אַנדערע האָבן געזוכט זיך אויסבאַהאַלטן ביי די פויערים, אָבער די פויערים האָבן געפאָדערט פיל געלט.

מיר האָבן געהאַט נאָך סימנים אַז דער סוף איז נאָענט: די דייטשן האָבן דערהרגעט זייערע געהילפן און מאַכערס...

עס איז געווען ביי אונדז אַן איבערזעצער, ער האָט געהייסן בער. מען איז געקומען נאָך אים, אָבער ער איז געווען פאַרבאַהאַלטן, האָבן זיי געוואָלט צונעמען די גאַנצע פאַמיליע, דאַן האָט ער זיך אַליין איבערגעגעבן אין זייערע הענט. מיר האָבן אויך געהערט אַז אין אַנדערע שטעטלעך ליקווידירט מען די געטאָס.

אַ געוויסן טאָג אין נאָוועמבער 1942 איז געקומען צו אונדז אין אַרטעל דער קאָמענדאַנט פון שטאָט מיט נאָך איין דייטש, ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף מיר, אויף עטל גאָלדשטיין, און מיילע ווייסמאַן. מיר האָבן גאָרנישט געזאָגט און אַרויס. אָבער, מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז מיר דריי, די בעסטע אַרבעטערינס דאַרפן בלייבן און די רעשט וועט מען צונעמען. מיר זענען זיך צעלאָפן.

אין געטאָ איז שוין געווען אַ פּאַניק. איך בין אוועק־געלאָפן אין שטוב און די מוטער האָט מיר אָנגעהויבן צו־רעדן אַז איך זאָל אַנטלויפן און זיך ראַטעווען, אפשר איז מיר באַשערט צו בלייבן לעבן. איך האָב זיך דאָך, צוריק־געקערט אין אַרטעל, ווייל איך האָב געקלערט, אפשר איז נישט כדאי צו אַנטלויפן. עס איז אַלץ איינס נישט געווען ווו.

דערנאָך איז געקומען מיין ברודער פנחס און מיר צו־גערעדט צו אַנטלויפן. מיר זענען אַנטלאָפן אונטערן שטאָט. דאָרט זענען געשטאַנען אויף די וועגן פוילישע יינגלעך און געכאַפּט די וועלכע זענען אַנטלאָפן פון געטאָ. אונדז האָבן זיי אויך געיאָגט, אָבער עס איז זיי נישט געלונגען אונדז צו כאַפּן. איינער איז שוין געווען 10 מעטער פון מיר.

מיר זענען אַנטלאָפן אָן זאַכן. איך האָב אפילו גענומען פרעמדע שיך און זיי האָבן מיר אָנגעריבן די פיס ביז בלוט, איך האָב אין זיי נישט געקענט גיין. מיר זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט און געמאַכט 25 ק"מ ביז קליין גלושא מיר זענען אריין צו אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, ער האָט אונדז געגעבן אָפּצועסן, אָבער ער איז נישט מסכים געווען אַז מיר זאָלן ביי אים זיך אויסבאַהאַלטן. נאָך 2 טעג זיין ביי אים, זענען מיר אוועק אין וואַלד.

מיר האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע יידן, וועלכע האָבן געזוכט פּאַרטיזאַנער און מיר זענען מיט זיי מיט־געגאַנגען.

עס זענען שוין דאַן געווען גוטע פרעסטלעך, איך האָב

געהאַט צעווייטאָקטע פיס און שרעקלעך געליטן. קיין פאַרטיזאַנער האָבן מיר נישט געפונען, אָבער עס האָבן זיך געדרייט אין וואַלד פיל רוסישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע זענען דורך די דייטשן צוגעטיילט געוואָרן צו די אוקראַינער אויף אַרבעט און זיי זענען פון זיי אַנטלאָפן.

אין וואַלד איז געווען מער ווייניקער זיכער, ווייל די דייטשן האָבן מורא געהאַט אַריינגיין טיף אין וואַלד און די פּויערים האָבן אונדז אויך קיין שלעכטס נישט געטאָן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר די פאַרטיזאַנער, דערפאַר האָבן אונדז שטאַרק פאַרפאָלגט די באַנדעס. זיי זענען נישט געווען אָרגאַניזירט און נישט געהאַט קיין שום קאָנטאַקט מיט רוסלאַנד און זענען געווען אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם פון די אוקראַינער. זיי האָבן געזוכט ביי אונדז גאָלד און צוגענומען אַלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזן. עס זענען געווען אויך פאַלן פון פאַרגוואַלטיקן פרויען. זיי האָבן אונדז אַזוי שטאַרק פאַרפאָלגט אַז מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן די וועלדער פון וועטלע און מיר זענען אַוועק אין די וועלדער פון נעוויר.

אונדזער גרופּע איז זיך צעפאַלן. יעדער האָט געקלערט וועגן זיך. צום סוף זענען געבליבן בלויז איינזאַמע קינדער, אָן עלטערן. מיין ברודער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און געשטאָרבן. איך בין געבליבן אַליין. בייטאָג פלעג איך זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד און ביינאַכט פלעג איך גיין אין דאָרף בעטן ברויט. עס איז געווען שטאַרק קאַלט. איין פאָרפאָלק האָט זיך אוועקגעלייגט אין וואַלד שלאָפן און זענען שוין נישט אויפגעשטאַנען, זיי זענען פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט.

איך און נאָך צוויי מיידלעך אין מיין עלטער האָבן זיך געפונען אַ בודקע וועלכע איז געשטאַנען אין די זומפּן. די ערד איז פאַרפרוירן געוואָרן און מען האָט געקענט צו איר צוקומען. בייטאָג פלעגן מיר דאָרט ליגן צוגעדעקט מיט היי, און ביינאַכט פלעגן מיר גיין זוכן שפּייז. צייטנווייז פלעגן מיר אָנצינדן אַ קליינעם פייערל, אַז קיינער זאָל אונדז נישט באַמערקן.

עס האָט אונדז געהאָלפן אַ געוויסער פּאָליאַק, ער האָט געהייסן קאָוואַל, (אָדער ער איז געווען אַ קאָוואַל), ער האָט אונדז אָפט געגעבן אַביסל ברויט.

איך, שרה און מרים (איך ווייס בלויז זייערע ערשטע נעמען) האָבן איבערגעלעבט אין דער בודקע דעם ווינטער 1942־43. די פיס זענען ביי אונדז געווען אָפּגעפרוירן, מיר פלעגן זיי אַרומוויקלען מיט שמאַטעס און אַרומבינדן מיט שטריקלעך, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, די שטריקלעך פלעגן זיך פונאַנדערבינדן און די שמאַטעס פלעגן זיך צעשיטן. מיר זענען געווען נישט קיין געוואַשענע, נישט קיין געקעמטע און פאַרלייזיקטע. די נשמה איז נאָך ביי אונדז געווען פון אַ מענטשן, אָבער דער אויסזען נישט. מיר זענען געווען ווי די חיות. ווען איך דערמאָן זיך היינט ווי איך בין געגאַנגען ביינאַכט דורכן וואַלד גאַנצע קילאָמעטערס, בכדי צו קריגן אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, אָדער אַ קאַרטאָפל, קען איך נישט פאַרשטיין פונוואַנען עס האָט זיך דאַן צו מיר גענומען אַזוי פיל כּוח און דרייסטקייט. מיט איינער אָדער צוויי קאַרטאָפל האָבן מיר איבערגעלעבט אַ טאָג. צייטנווייז האָבן מיר איבערגענעכטיקט אַ נאַכט אין אַ שייער אין היי. די הינט פלעגן דאַן שרעקלעך וואָיען אַ גאַנצע נאַכט און די פּויערים האָבן שוין געוווּסט אַז ייִדן דרייען זיך אַרום.

פרילינג־צייט האָט זיך אונדזער לאַגע פאַרבעסערט. איך בין געווען איינע פון די ערשטע וואָס זענען אַרויס פון וואַלד. איך בין אַוועק צו אַ פּאָליאַק בעטן ברויט און דאָרט האָב איך געטראָפן אַ פאַרטיזאַנער, וועלכער האָט זיך מיט מיר פאַראינטערעסירט. ער האָט מיר דערנאָך געבראַכט אַביסל בגדים פון אַ ייִדישע פאַמיליע וועלכע איז געווען אין זיין אָפּטיילונג. די פּויערים האָבן געזען אַז די פאַרטיזאַנער העלפן אונדז און האָבן נישט קיין מורא, אפילו בייטאָג צו קומען אין דאָרף, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן באַציִען צו אונדז פיל בעסער.

אין נעוויר האָבן זיך אַרומגעדרייט פריי בערך אַ 50 ייִדן. איך האָב זיך באַמיט צו קריגן אַרבעט ביי אַ פּוילישע משפּחה, וווּ עס זענען געווען 2 קליינע קינדער. איך האָב שוין געהאַט אָפּצועסן, אָבער אויפן האַרצן איז געווען נישט פריילעך. איך האָב זיך דאַן דערוווּסט, ווי מיין פאָטער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין דעם דאָרף וווּ ער איז געבאָרן געוואָרן, אין נאַינע. מען האָט מיר אויך דערציילט ווי מיין מוטער מיטן ייִנגסטן ברודערל זענען דערהרג׳עט געוואָרן דורך אוקראַינער אין קליין גלושע. מיין שוועסטער מיט איר חתן זענען אַנטלאָפן פון געטאָ, און אויפן וועג זענען זיי דערשאָסן געוואָרן פון די דייטשן; אַזוי איז יעדער איינער פון מיין משפּחה אומגעקומען אין אַן אַנדער אָרט.

זיכער איז אויך אין וואַלד נישט געווען, ווייל מיר האָבן מורא געהאַט פאַר באָמבאַרדירונגען און פאַרן פראָנט. מיר האָבן זיך געשראָקן אַז די פאַרטיזאַנער, קענען פאַרלאָזן דעם געגנט און וואָס וועט דאַן זיין? פרויען מיט קינדער האָבן זיי מיט זיך נישט געוואָלט מיטנעמען.

צופעליק האָב איך אין יענער צייט באַקאַנט די משפּחה שטיינגאַרטן פון ראַטנע, וועלכע האָט זיך זייער האַרציק מיט מיר פאַראינטערעסירט. זיי זענען געווען אין אַ פאַר־

טיזאַנער אָפּטיילונג און זיי האָבן זיך באַמיט ביי זייער קאָמאַנדיר אַז ער זאָל מיר אַריינעמען. זיי האָבן אים געוויזן ווי שיין איך קען שטריקן און דאָס איז שטאַרק געפעלן געוואָרן זיין פרוי אַזוי אַז מען האָט מיר אָנגענומען. דער קאָמאַנדיר האָט געהייסן ריאַדקע, ער איז געוועזן אַ רוס און האָט זיך זייער שיין באַצויגן צו די יידן. אין דער אָפּטיילונג זענען געוועזן כמעט בלויז רוסן, און איניקע יידישע משפחות און דאָס איז געוועזן אַ טייל פון „פּיאָדאָראָווס סאיעדיניעניע”.

איך האָב זיך זייער גוט געפילט ביי די פּאַרטיזאַנער, איך האָב שוין מער נישט מורא געהאַט פאַר קיין דייטשן אין בולבאָווצעס. און אמוויכטיגסטן: איך בין שוין נישט געוועזן איינזאַם. די שטיינגאַרטנס האָבן זיך צו מיר באַצויגן זייער גוט. אונדזער אָפּטיילונג פלעגט איבערגיין פון איין אָרט אויפן צווייטן, און די מאַרשן זענען געוועזן זייער דערשעפּנדע.

די מענער פלעגן ארויסגיין צו פאַרשידענע אַקציעס און די פרויען פלעגן בלייבן אין לאַגער. איך האָב געאַר בעט אין קיך און געשטריקט.

עסן האָב איך געהאַט איבערגענוג און נאָך מיינע איבערלעגענישן האָב איך זיך דאָ געפונען ווי אין אַ גן עדן. איך האָב געקריגן מלבושים און מען האָט זיך צו מיר זייער גוט באַצויגן, אין די מאַרשן האָט מען זיך גערעכנט מיט מיין יונגע עלטער און געשאַנעוועט מיינע כוחות.

גלייך מיט מיר איז אָנגענומען געוואָרן אין אונדזער אָפּטיילונג אַ יינגל פון אונדזער שטעטל, לייבל גאַבע, וועלכער איז געפאַלן אין קאַמף. אין אונדזער אָפּטיילונג איז געוועזן אַ דאָקטאָר, אַ רוסישער ייד און אַ קראַנקן־שוועסטער אַ רוסישע. עס זענען אויך געוועזן עטלעכע רוסישע פרויען אין קיך.

מיט די פּאַרטיזאַנער בין איך געוועזן 4 מאָנאַטן ביז ינואר 1944.

דעם 17־טן יאַנואר 1944 האָט זיך דער פראָנט גע־שטעלט הינטער קאָוועל. אונדזער אָפּטיילונג האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעגולערער רויטער ארמיי

דער קאָמאַנדיר האָט דאַן געזאָגט אַז עס איז נישט קיין אויסוועג פאַר די פרויען נאָכצוגיין דעם לאַגער און מיר דאַרפן זיך זוכן אַן אָרט. מיר האָט ער געזאָגט אַז איך דאַרף זיך אָנהויבן לערנען. ער האָט אונדז איבערגעלאָזט אויף דער פראָנט־ליניע און די זעלנער האָבן אונדז געהאָלפן זיך צוקריגן קיין סאַרנע. דער וועג איז נישט געוועזן לייכט און אויך נישט זיכער. מיר זענען געפאָרן מיט א מיליטערישע מאַשין, אויף די וועגן האָבן געדראָט געפאָרן, באָמבעס און בולבאָווצעס.

די מאַשין האָט זיך צעבראָכן, און מיר זענען געבליבן שטיין אין אַ דאָרף וועלכער איז געוועזן באַוווינט דורך בולבאָווצעס. זיי האָבן אונדז ארומגערינגלט, גאָרנישט געזאָגט, און דאָסמאָל אונדז נישט געטאָן קיין שלעכטס.

אין ענדע יאַנואר בין איך אָנגעקומען קיין סאַרנע און דאָרט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באָמבאַרדירונג טאָג און נאַכט, אָן אויפהער. מיר האָבן באַשלאָסן פאָרן טיפער אין רוסלאַנד. מיט די שטיינגאַרטנס בין איך געפאָרן קיין קיעוו. דאָרט איז געוועזן טעטיק אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן געוויזן אונדזערע דאָקומענטן און באַקומען אַביסל בגדים און שפייז.

אין קיעוו בין איך געוועזן עטלעכע מאָנאַטן און דער־נאָך האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין ראַפּאַלוווקע. מיר האָבן אויך געוווינט אַ געוויסע צייט אין קאָוועל און ארויסגעפאָרן קיין לובלין.

נאָכן ענדע פון דער מלחמה, האָב איך זיך צוגעקריגן, דורך עסטרייך, קיין פערנוואַלד, לעבן מינכען, ווו מען האָט אָפּגעגעבן פאַר די יידן פיל וווינונגען. דאָרטן האָב איך געאַרבעט אין שפּיטאָל. ווו איך האָב באַקאַנט מיין מאַן. דערנאָך זענען מיר אַריבער די גרענעץ קיין איטאַליע און געזעסן עטלעכע מאָנאַטן אין רעגיע עמיליא. דערנאָך זענען מיר געוועזן עטלעכע מאָנאַט אין ציפּערן, און ענדלעך, אין ענדע 1946, מיט דער שיף „כ״ג” זענען מיר אָנגעקומען אין ישראל.

קלמן רויטנשטיין

# דער אומגעקומענער יאנקל לייזערוק און אן איינציקע ביקס...

עטלעכע שטריכן פון יאנקל לייזערוקס יוגנט־יאָרן.

יאַנקל לייזערוק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1909 אין לוביעשאָוו. נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה האָט די פאמיליע לייזערוק, נאָכדעם ווי איסער לייזערוק, האָט געקויפט א וואלד און ערד נעבן קאמין־קאשירסקי, זיך באזעצט אין דער שטאָט.

יאנקל איז געוועזן זייער א גוטער שילער אין תרבות־שול, שפעטער האָט ער ארויסגעוויזן פעאיקייטן צו אגריקולטור. ער האָט געדינט אין דער פוילישער ארמיי. ער האָט געארבעט ביי זיין פאָטער אין דער ציגעלניע.

געזעלשאפטלעך האָט יאַנקל לייזערוק זיך גענומען צו פאראינטערעסירן מיט דער רעוויזיאָניסטישער באוועגונג אין שטעטל. אין דער רעוויזיאָניסטישער פארטיי זענען דעמאָלט געווען טעטיק: משה יפה, קלמן ראָטענשטיין, יצחק זאב (איצע וועלוול) מייסטעל, זרח קימעל א.א.וו. דערנאָך האָט די צענטראַלע אראָפּגעבראַכט אַ טוער פון ראטנע און מען האָט געגרינדעט דעם בית״ר, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט משה פעלדמאַן און יאנקל לייזערוק.

אין 1936 האָט דער בית״ר פון קאמין־קאָשירסקי געשיקט עטלעכע מענטשן מיט דער „אומלעגאַלער עליה" קיין ארץ ישראל. דער בית״ר האָט געארבעט פאר דעם קק״ל, קרן היסוד און קרן תל־חי. געפירט א טעטיקייט אין העברעאיש און צוגעגרייט חברים אויף הכשרה.

ביים אָנקומען פון די באָלשעוויקעס אין שטעטל איז אלץ געווען נאָרמאַל. די רוסן האָבן כמעט ווי נישט געטשעפעט די ציוניסטישע פירערס. זיי האָבן געגעבן עטלעכע אמטן צו ארבעטער אין קאמין־קאָשירסקי.

יאנקל לייזערוק האָט ביי די רוסן געארבעט אין זייער פריערדיקער ציגעלניע־פאבריק.

די באָלשעוויקעס זענען ארויס. בולבאָווצעס און אוקראינער „גרינע" האָבן גענומען באלעבאטעווען אין שטאָט און דערנאָך די דייטשן. יאנקל לייזערוק, ווי אַלע יידן פון קאַמין, האָט געלעבט אין געטאָ צוזאַמען מיט זיינע עלטערן און מיט זיין ברודער חיים׳ס צוויי קינדער, מיט וועלוול קויפמאַן, זיין שוואָגער און פאמיליע זאבאראָווסקי. זיי האָבן אלע געלעבט אין האָטעל „בריסטאָל", וועלכער איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין געטאָ. אין דעם האָטעל האָט מען איינגעקווארטירט א סך יידן.

ווען דער ברודער חיים, אזוי גוט ווי דער ברודער פישל לייזערוק, זענען גענומען געוואָרן אין דער רוסישער ארמיי, און דער ברודער אבא איז געווען צווישן די ערשטע זיבעציק קדושים פון קאמין־קאשירסקי, איז געבליבן אבא׳ס פרוי לאה מיט א קינד רפאל. יאנקל האָט אלעמען באזאָרגט מיט עסן און געזאָרגט פאר זיי ווי א פאָטער, איצט נאָך מער ווי שטענדיק האָט זיך ארויסגעוויזן זיין געטריישאפט און איבערגעגעבנקייט צו דער פאמיליע. ער האָט געגעבן א וואָרט, אז ער וועט באזאָרגן און נאָכקוקן די צוויי קינדער פון זיין ברודער חיים. כדי זיי צו ראטעווען פון אומקום. האָט ער זיי באזאָרגט ביי א באקאנטן גוי אין דאָרף ראקאָוולעס. יאנקל איז אָנגעגאַנגען מיט זיין ארבעט אויסער דעם געטאָ אין דער ציגעלניע־פאבריק, פיר קילאָמעטער ארויס פון שטאָט.

דערנאָך איז געקומען די גרויסע שחיטה איבער די קאמין־קאָשירסקער יידן. שטאַרק דערשיטערט איז יאנקל געוואָרן ווען ער האָט זיך דערוווסט אז זיין „גוטער" גוי פון דאָרף ראקוואָליעס, האָט געברענגט חיים׳ס קינדער און זיי איבערגעגעבן צו די דייטשן. (צוליב די קינדער האָט יאנקל נישט געוואָלט אנטלויפן פון געטאָ אין וואלד אריין).

שפעטער האָט יאנקל גענומען קריגן בריוולעך פון דעם פארטיזאַנער סטריער. סטריער האָט אים געגעבן צו וויסן מען זאָל קומען מיט געווער. ער האָט אויך געבעטן יאנקל זאָל אים באזאָרגן מיט מעדיקאמענטן ווי וואטע, יאָדינע און אנדערע נויטיקע זאכן. די זאכן האָט מען אין געטאָ נישט געקענט קריגן. יאנקל האָט אָבער די זאַכן געקריגן (פאַר דאָלאַרן) אויסערן געטאָ און איבערגעשיקט צו סטריערן.

איינמאָל האָט מען איבערגעכאפט א בריוול פון סטריערן צו יאנקלען וועגן אנטלויפן אין די וועלדער. עס איז געוואָרן אַ טומל אז מען וועט אויסמאָרדן די פאמיליעס. (אזוי האָט דערקלערט דער געביט־קאָמיסאַר). דערנאָך האָט א שייגעץ דערציילט אז מען כאפט די יידן אפילו מיט ארבעטס־שיינען, האָבן יידן נישט געוואָלט זיך אומקערן פון דער ארבעט צוריק אין געטאָ. פרוי לאה רויטענשטיין און זאבאראָווסקי, רייזל קויפמאַן, די שוועסטער פון יאנקל לייזערוק, זענען אנטלאָפן פון געטאָ און איבערגעגעבן, אַז מען פירט אלע

יידן צו דער שחיטה; זיי האָבן צוזאַמען באַשלאָסן צו לויפן אין וועלדל נעבן ראַקאָווליאַס און וואַרטן אויף יאַנקלען און קלמן רויטענשטיין, ווייל די ביידע האָבן געוואַרט אויף אַ שייגעץ, וועלכער האָט זיי געזאָלט פאַרקויפן אַ רעוואָלווער. (דאָס מיידעלע פון קלמן רויטענשטיין האָט מען שוין דאַן געהאַט אומגעבראַכט).

יאַנקל און קלמן האָבן נישט געקענט טרעפן צו די אייגענע, נישט לאה רויטענשטיין און נישט זאַבאַראָווסקאַן מיט די צוויי מיידלעך. האָט זיך יאַנקל דערמאָנט, אַז ער האָט דאָ נישט ווייט פון וועלדל אַ באַקאַנטן גוי. אין אָוונט זענען יאַנקל לייזערוק און קלמן רויטענשטיין געגאַנגען צו דעם גוי, וועלכער האָט זיי געגעבן אַ לעבל ברויט מיט פוטער. דער זעלבער גוי האָט צוגעזאָגט צו קומען אין וואַלד און ברענגען יאַנקלען עטלעכע זאַכן, אָדער צוגרייטן זיי פאַר אים. דאָס צווייטע מאָל, ווי נאָר יאַנקל און קלמן זענען געגאַנגען צום גוי, איז ביי דעם גויס שטוב אויסגעוואַקסן אַן אוקראַינישער פּאָליציאַנט, וועמען יאַנקל לייזערוק האָט געקענט אַלס סאָוויקאַ, ווייל ער האָט אַמאָל געאַרבעט אויף די פעלדער פון די לייזערוקס אין ראַקאָווליאַס. דער אוקראַינער האָט ביידע באַפוילן אויפצוהייבן די הענט אין דער הייך און יאַנקל האָט זיך ביי אים גענומען בעטן: „טשעפּע אונדז נישט, איך וועל דיר מיט עפּעס באַלוינען". דער אוקראַינער, ווי נאָר ער האָט געזען, אָדער עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז יאַנקל האָט באַוועגט מיט דער האַנט, האָט ער אויסגעשאָסן און געטראָפן יאַנקלען אין דער לינקער האַנט אין ביין. יאַנקל, הגם, אַ פאַרוווּנדעטער, האָט זיך שנעל געוואָרפן אויפן אוקראַינער און ביי אים אַרויסגעריסן די ביקס און דערלאַנגט דעם פּאָליציאַנט איבערן קאָפּ. זיי זענען ביידע אַנטלאָפן מיט דער ביקס און קלמן האָט געמאַכט אַ באַנדאַזש, צוגעבונדן יאַנקלס האַנט מיט אַ שטיק העמד.

אַזוי גייענדיק צום וועלדל האָבן זיי געטראָפן סענדער לאַנדאַו מיט דער פאַמיליע און יוסף פּיזענהאָלץ מיט דער פאַמיליע. זיי האָבן דערציילט אַז זיי בלאָנדזשען שוין אַרום צוויי טעג. פּיזענהאָלץ האָט אַ ביסל פּריער געשיקט אַ קינד, זיינס אַ משפּחה, אַ מיידעלע, זי זאָל גיין צו די פּויערים בעטן ברויט, אָבער זי איז נישט צוריקגעקומען...

זענען זיי אַלע צוזאַמען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון וועטלער וועלדער. אויפן וועג האָט יאַנקל געוואָלט גיין צו אַ באַקאַנטן גוי אין ווידערט, וועלכער וואָלט אים אפשר עפּעס געהאָלפן טאָן צו דער פאַרוווּנדעטער האַנט, זענען זיי אָבער פאַרקראָכן אין דאָרף יעזערקע און זיי האָבן געמוזט איבערליגן דעם טאָג אין אַ שייער. ביינאַכט זענען יאַנקל, קלמן און פּיזענהאָלץ אַריין צו אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, ער האָט אָבער נישט געקענט העלפן יאַנקלען, ווייל קיין דאָקטער איז דאָרט נישט געווען, ער האָט זיי געגעבן ברויט און זיי געוואָרנט: „זייט פאָרזיכטיק, מען הרגעט יידן, אומעטום הרגעט מען יידן!"

ביינאַכט זענען זיי אָנגעקומען צום באַקאַנטן גוי אין ווידערט. דער גוי איז אַרויפגעפאַלן יאַנקלען קושן, אָבער ער האָט מורא געהאַט צו האַלטן ביי זיך יידן. ער האָט געגעבן האַנטעכער און ספּירט, צו שמירן און איבערוויקלען די וווּנד פון יאַנקלס האַנט און ער האָט זיי אָנגעוויזן די ריכטונג ווי צו גיין צום וואַלד.

דעם צווייטן אָוונט, אַן אָוונט פון רעגן און נאַסן שניי (אין חשון), זענען זיי געקומען צו אַ כוטאָר ווו זיי האָבן געזען פייער. דער גוי, אַ פּאָליאַק, איז געשטאַנען אין דרויסן און זיי נישט אַריינגעלאָזט אפילו אָנוואַרעמען און טריקענען זייערע מלבושים. ווען קלמן ראָטענשטיין האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אַז ער האָט געטאָן אַ טובה איינעם אַ פּאָליאַק ראַיעווויטש מיט וועמען ער האָט געאַרבעט אין באַנק בשעת די באָלשעוויקעס זענען געווען אין קאַמין־קאַשירסקי איז דער גוי געוואָרן ווייכער און זיי אַריינגעלאָזט אין שייער, מיט אַ באַדינג אַז די צווייטע נאַכט מוזן אַלע אַוועק פון אים. (דער ראַיעוויטש מיט וועמען קלמן האָט געאַרבעט איז געווען אַ קוזין פון דעם גוי). די גאַנצע גרופּע פון אַ פּאָר און צוואַנציק יידן (מענער, פרויען און קינדער) זענען געווען אין מעת־לעת אין דעם שייער, ווי דער פּאָליאַק האָט זיי געבראַכט עסן. יעקב לייזערוק איז געבליבן אין שטוב, ווי די קריסטן האָט אים געהאַלטן אין בעט, ווייל ער האָט שוין שטאַרק געליטן פון דער וווּנד.

דערנאָך האָט דער זעלבער פּאָליאַק געפירט יאַנקל לייזערוק און די אַנדערע מיט אים, צו אַ פּוילישער קאָלאָניע פון ניין כאַטקעס אין נעוויר, ווו ער האָט געהאַט זיין שוועסטער. דער אַלטער איז צו די יידן געקומען אין וואַלד געבראַכט זיי ברויט און קאַרטאָפל און געמוסרט די יידן פאַרוואָס זיי האָבן געהרגעט יעזוסן; זיי האָבן בעסער געדאַרפט בלייבן אין געטאָ און אומקומען א.א.וו. ער האָט זיי אויך דערציילט אַז אין דער קאָלאָניע קומען אַלע מאָל פּאַרטיזאַנער נעמען עסן, און צווישן די פּאַרטיזאַנער איז פאַראַן אַ ייד אָדער צוויי. ער האָט אפילו מסכים געווען אַז די גרופּע זאָל אין אָוונט קומען צו אים אין הויז, ווו ער האָט דערנאָך דערלויבט יאַנקל לייזערוקן צו בלייבן אין שייער היי, ווו מיט אים איז געבליבן קלמן ראָטענשטיין.

עטלעכע טעג שפּעטער זענען אָנגעקומען פּאַרטיזאַנער מיט ביקסן, צווישן זיי זענען געווען די קאַמינער יידן דוד

בראָט, דוד לערמאַן מיט זיין פרוי, בן ציון מאַליק און ראָניע און פיניע סאָקאָל. זיי זענען געקומען און זענען אָוועק.

יאַנקל לייזערוק איז געבליבן ליגן אין שייער. די איבעריקע פון זיין גרופּע זענען געגאַנגען צו דער צווייטער זייט פון דער ביאַלע אָזיערע. דאָ האָבן זיי אָנגעטראָפן עטלעכע קאַמין־קאַשירסקער ווי מענדל פּלוס, יצחק טשערטאָק, שמואל וואָליניעץ א. א. דערנאָך זענען געקומען רוסישע פּאַרטיזאַנער. אויף איינעם האָט מען דערקענט די שטיוול פון סטריער. זיי האָבן סטריערן דערהרגעט. די פּאַרטיזאַנער האָבן געשריען: — „דאָס גאָלד האָט איר אוועקגעגעבן די דייטשן, איצט קומט איר צו אונדז!"

זיי האָבן די יידן באַרויבט און מענדל פּלוסן האָבן זיי שטאַרק צעשלאָגן. קלמן, וואָליניעץ, און טשערטאָק זענען דערנאָך צוריקגעגאַנגען צו דער ריכטונג ווו עס האָט זיך געפונען יאַנקל לייזערוק. ווען קלמן און שמואל וואָליניעץ זענען אין אָוונט צוגעקומען צו דעם שייער ווו יאַנקל איז געלעגן, האָבן זיי שוין יאַנקלען געטראָפן אָן באַוווסטזיין. ער האָט זיי נישט דערקענט. דער גוי האָט זיי געגעבן מכשירים צו גראָבן א זיעמליאַנקע. מיט דער איינציקער ביקס, וואָס יאַנקל האָט געהאַט צוגענומען ביים אוקראַינישן פּאָליציאַנט, זענען זיי געגאַנגען צו פויערים נעמען עסן. די פויערים האָבן פאַר דער ביקס מורא געהאַט און געגעבן...

דעם זעלבן אָוונט האָבן זיי אָנגעטראָפן דעם קאַמינער גרשון סאָקאָל, מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, נחום מאַנשיין מיט דער פרוי און הערשל באַלעגאָלע, וועלכע האָבן שוין זייט עטלעכע חדשים געלעבט אין צוויי זיעמליאַנקעס דערנעבן. ווען זיי זענען עטלעכע טעג שפּעטער צוריק געקומען צו דעם פּלאַץ ווו יאַנקל לייזערוק איז געלעגן, האָבן זיי שוין מער יאַנקלען נישט געטראָפן. דער גוי באַנאַק האָט דערציילט, אַז יאַנקל איז אויסגעגאַנגען. ער האָט אים באַגראָבן ערגעץ דערנעבן. דער גוי האָט אריינגעשטעלט א שטיק האָלץ ביים קבר אלס א מצבה... דאָס איז געווען אין כסלו 1942.

גייענדיק צוריק אין וועלדל האָבן זיי געטראָפן די פרוי הינדע גבאי קאַזשושניק מיט איר ברודער. די פרוי איז שוין באַלד געווען א פאַרפרוירענע. זיי האָבן איר אריינגענומען אין זיעמליאַנקע.

אָנהויב 1943 האָבן זיי געטראָפן יאָסל ווייסמאַן מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, יונה וואַסערמאַן, פּנחס אָרימלאַנד מיט זיין פרוי און משפּחה, יוסף פּערטשיק מיט זיין פרוי און שמאי מייסטעל. זיי האָבן דערציילט אז זיי האַלטן אין איין לויפן און אַנטלויפן פון פּאַרטיזאַנער. דערנאָך האָבן זיי געטראָפן פראַדל גאָלדשטיין וועלכע איז געבליבן אליין, האָט מען איר אַריינגענומען אין דער זיעמליאַנקע.

אין 1943 האָבן רוסישע פּאַרטיזאַנער ארומגערינגלט די זיעמליאַנקע און צוגענומען די איינציקע ביקס מיט דריי קוילן, די ביקס, פאַר וועלכער יאַנקל לייזערוק האָט אַזוי ווייטאַקלעך באַצאָלט מיט זיין לעבן...

ערע זיין אָנדענק!

**זעליג רייטער**

# דער אומקום פון מיין משפּחה

געבוירן בין איך אין יאָר 1910 אין אַ קליין שטעטעלע מעלניצע, ביי קאָוועל, וואָלין. מיין פאָטער איז געווען אַ סוחר. מיר זענען נישט געווען רייך, אָבער מיר האָבן געפירט אַ שיין באַשיידן לעבן. מיין פאָטער האָט געהייסן — אייזיק די מאַמע כיניע. די מאַמע האָט געבוירן 6 קינדער — 5 טעכטער און איך בין געווען דעם זעקסטער, אַ בן יחיד.

אין יאָר 1914, ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט מלחמה, בין איך אַלט געווען 4 יאָר. ווען די עסטרייכער מיט די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסשיקן אַלע יידן פון אונדזער שטעטל מעלניצע, האָט מיין פאָטער זיך באַזעצט אין אַ דאָרף נעבן קאָוועל, צוזאַמען מיט נאָך אַ 20 פאַמיליעס, און מען האָט דערווייל אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט די גוים. מיט אונדז איז אויך מיטגעפאָרן מיינער אַ פעטער מיט דער מומען, און אַזויאַרום האָט מען זיך ביסלעכווייז געגומען איינאָרדענען. מיר האָבן געהאַנדלט צוזאַמען מיטן פעטער.

מאַכט זיך אמאָל, אז מיין פאָטער האָט געדאַרפט ערגעץ אוועקפאָרן, אָבער ער איז פונקט די נאַכט נישט געפאָרן, און איך געדענק אַזוי ווי ס'וואָלט געשען ערשט איצט —

ווי אין מיטן נאַכט האָט מען אָנגעקלאַפּט ביי אונדז אין דער טיר, מיין פאָטער איז אַראָפּ עפענען. און ווי נאָר ער מאַכט אויף די טיר, הער איך ווי מען שיסט אויס. (איך ליג אין בעט און זע ווי מיין פאָטער פאַלט אוועק, ווייל די קויל האָט אים געטראָפן גלייך אין האַרצן. די מוטער מיינע לויפט אַראָפּ פון בעט, און שרייט צום באַנדיט: וואָס טוסטו, ביזט דאָך אַ היימישער. ער ענטפערט נישט, גייט אַריין אין שטוב, לעשט אויס דעם לאָמפּ (וואָס מיין פאָטער האָט צוריק מיט 10 מינוט אָנגעצונדן), כאַפּט אַ מעסער וואָס איז געווען אין שטוב, לייגט אוועק דער מאַמען מיט געוואַלט אויפן בעט און שניידט איר איבער דעם האַלדז. איך ליג איינגעדעקט און זע אַלץ וואָס ער טוט.

נעבן דער מאַמען איז געלעגן מיין קלענסטע שוועס־טערל, וואָס איז אַלט געווען א האַלב יאָר, האָט עס אָנגע־הויבן צו וויינען. האָט דער באַנדיט זי אָנגענומען ביי דעם העלדזל און דערשטיקט.

דאַנעבן איז געלעגן מיין קליין שוועסטערל פון 4 יאָר, האָט עס אָנגעהויבן צו שרייען: — מאַמע! נעם אַראָפּ דעם קאָפּ פון מיר! — האָט דער באַנדיט אַרויסגענומען זיין מעסער, און דאָס מעסער מיט וועלכן ער האָט געקוילעט דער מאַמען, און ביידע מעסערס אַריינגעשטאָכן דעם שוועסטערל אין קאָפּ.

ווען דער זיידע, 65 יאָר אַלט, האָט דערהערט דעם גערויש, האָט ער אָנגעהויבן שרייען: „אייזיק, אייזיק צינד אָן פייער!” איז צוגעגאַנגען דער באַנדיט, אָנגעריבן א שוועבעלע, אים אַראָפּגעשלעפּט אויף דער ערד און אַריינ־געשאָסן צוויי קוילן אין בויך. דערנאָך איז געוואָרן שטיל אין שטוב.

ערשט אויפן צווייטן טאָג איז מען געוווּיר געוואָרן וואָס ס'איז געשען. עס איז געקומען פּאָליציי, און מען האָט געמאַכט א אויספאָרשונג, אָבער מען האָט דעם באַנדיט נישט געפונען. אַזויאַרום האָט זיך פאַרענדיקט דאָס ערשטע קאַפּיטל פון מיין לעבן.

פון דער גאַנצער משפחה זענען געבליבן, איך מיט דריי שוועסטערלעך: נעכע, חייקע און בייבע (די פערטע האָט געהייסן קרוינדל, און מיר ווייסן נישט ביז היינט ווו זי איז. זי איז געווען פאַרוואונדעט פון די צוויי מעסערס אין קאָפּ מען האָט זי אין קאָוולער שפּיטאָל אויסגעהיילט. עס האָט דאָרט געאַרבעט א יידישער דאָקטאָר, ד״ר שטיין פון עסטרייך, וואָס האָט נישט געהאַט קיין קינדער, האָט ער זי גענומען צו זיך, און ביז היינט ווייסן מיר נישט ווו זיי זענען).

איך האָב זיך אויסגעהאָדעוועט אין קאָוולער בית־יתומים. זיך אויסגעלערנט א ביסל שרייבן און לייענען, און אַלט זייענדיק 12 יאָר האָט מען מיך אוועקגעגעבן לערנען אַ פאַך — אַ מעבל־סטאָלער. צו 15 יאָר בין איך שוין געוואָרן זעלבסטשטענדיק. מען האָט מיך אַרויסגעשיקט פון בית־יתומים, און — גיי ווו דו ווילסט. נישט קיין געלט און נישט קיין היים — און גיי...

ווו איך האָב געטאָגט, האָב איך נישט גענעכטיקט, ביז ענדלעך בין איך געקומען צוריק אין מיין געבורטס־שטעטעלע מעלניצע, און די קרובים האָבן מיר געליגן אַ פאַר זלאָטעס און איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר די גוים.

אין יאָר 1927 איז קיין מעלניצע געקומען א ייד פון קאַמין־קאַשירסקי און האָט מיר צוגענומען אין זיין שטעטל אויף אַרבעט. איך האָב נישט שלעכט פאַרדינט. ביז עס איז געקומען צו פאָרן פון ביאַליסטאָק אַ מיידל צו אירע פריינט, איך האָב זיך מיט איר באַקאַנט, און אַלט זייענדיק 17 יאָר געשטעלט מיט איר „אַ שטילע חופּה”. מיר האָבן מיט מזל חתונה געהאַט, אָבער מיר האָבן זיך זייער און זייער געמוטשעט. איך האָב טאַקע געאַרבעט, אָבער קיין פרנסה האָב איך נישט געהאַט. ביז וואָס־ווען זענען געבוירן געוואָרן צוויי יינגעלעך און איין מיידעלע, און דער דלות האָט געפייפט אין יעדן ווינקל. איך מוז צוגעבן, אַז קיין פוילער בין איך נישט געווען, איך האָב געאַרבעט ביי וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט, אבי מפרנס זיין מיין משפחה. אָבער מיין מזל איז געווען אַזאַ, אַז איך האָב זיך געמוזט נעמען צו זייער נישט קיין אָנגענעמען פאַך, ווייל פון סטאָלעריי האָב איך נישט געהאַט קיין פרנסה.

דער לעצטער פאַך וואָס איך האָב ביי אים געאַרבעט האָט מיר דערמעגלעכט געבן מיינע קינדער אַ שטיקל ברויט און אויך זיי לערנען און דערציען „צו גאָט און צו לייט”. די לעצטע צייט האָב איך שוין אַליין געטאָן טובות, ווייל איך האָב שוין געהאַט אביסל געלט. איך האָב שוין געקלערט צו בויען אַ שטוב...

איך וויל ביי דער געלעגנהייט אונטערשטרייכן, אַז אַ סך קאַמין־קאַשירסקער יידן האָבן מיר פיל געהאָלפן ווען עס איז מיר געווען שלעכט. צום ביישפּיל: יעקב כשר ז״ל, דוד קלאַרמאַן, יעקב לייב צוקער, גרשון פאַראַדעק, פון פלאַט'ס משפחה, פון מאָטל דעם שוחט'ס ז״ל משפחה און נאָך און נאָך. אָבער ווען די לאַגע ביי מיר האָט זיך פאַר־בעסערט האָב איך נאָכהער צוריקגעגעבן. אַזוי האָב איך געלעבט אין קאַמין־קאַשירסקי פון 1927 ביז 1940, ביז די סאָוויעטישע אַרמיי איז אַריין צו אונדז.

דאָס לעבן איז באַלד געוואָרן אַנדערש, אָבער איך האָב

נאָך געאַרבעט ביי מיין זעלבן פאַך. טרעפט זיך איינמאָל, אז איך בין פאַרבייגעפאָרן אַ אָרט ווו עס איז געשטאַנען אַ ריי אויף ברויט, און אַלע האָבן זיך געשטופּט און געזידלט. האָב איך מיך אַנגערופן מיט אַ וואָרט, און עס איז באַלד אויסגעוואַקסן אַן אוקראַינישער מיליציאָנער, מען האָט מיך גלייך צוגענומען, אין אַ שעה ארום איז געווען דער משפט, און מען האָט מיר צוגעפּסקנט א יאָר טורמע.

אין דערזעלבער נאַכט האָט מען מיר אָפּגעפירט מיט דער באַן קיין קאָוועל. ס'איז געווען 12 אזייגער ביינאַכט. מיין פרוי שרה מיט די קינדער האָבן מיך אָפּגעוואַרט, זיך געוואָלט מיט מיר געזעגענען, אָבער די רוסישע מיליץ האָט נישט געלאָזן. זיי האָבן באַפוילן מיין פרוי, אז טאָמער גייט מען צו צו מיר — שיסן זיי גלייך. אָבער מיין ניין־יעריקער יינגעלע בערעלע איז צוגעגאַנגען צו מיר, ארויף־געפאלן אויף מיין האלדז און זיך צעקושט מיט מיר. ער האָט מיר געזאָגט: — טאַטע גאָט ווייסט ווען מיר וועלן זיך נאָך זען... און ליידער איז עס אזוי געשען. מען האָט מיך אוועקגעפירט אין קאָוולער תפיסה.

שטעלט אייך פאָר מיינע איבערלעבענישן נאָך אזויפיל ליידן: הונגער, נויט, קעלט, יוגנט אלס אָרעמער יתום, אָבער פון אזא גהינום ווי איך האָב אדורכגעמאַכט דאָס יאָר אין רוסלאַנד, אין טורמע, איז נישט צו באַשרייבן.

פון קאָוועל האָט מען מיך אָפּגעשיקט קיין רוסלאַנד קיין זאפּאָראָזשע, דניעפּראָ־פּעטראָווסק, כלומר'שט אין אַ לאַגער פון ארבעט, מען פלעגט אונדז געבן 300 גראַם ברויט מיט אביסל זופּ (אַ רוסישן „שטשי"־באָרשטש), ווער עס האָט געקאָנט מער ארבעטן האָט באַקומען ביז 900 גראַם ברויט. איך בין נאָך געווען יונג, און געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות, אבי איבערקומען דאָס יאָר.

עס איז מיר נאָך געבליבן צו זיצן אין טורמע 15 טעג ווי איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מיינע קינדער, פון אייזיקלען און בערעלען. זיי האָבן מיר געשריבן אויף רוסיש, אז איך האָב נאָך צו זיצן 15 טעג, און זיי ציילן שוין די טעג אויף די פינגער און זיי בענקען שטאַרק צו זיין מיטן טאַטן. און שטעלט אייך פאָר, אין אַ פּאָר טאָג ארום, שטייען מיר אויף אין אַ זונטיקן פרי צו גיין צו דער אָרבעט, און פּלוצים דערקלערט מען אונדז, אז דער דייטש האָט אָנגעהויבן אַ קריג מיט רוסלאנד און ער קען אין יעדן מאָמענט זיין ביים דניעפּראָ־פּעטראָווסק, נעבן אונדז, אזויאַרום, אז מיר מוזן פאַרלאָזן דעם לאַגער — און מען שיקט אונדז טאַקע איבער קיין סטאַלינאָ; נאָר אזוי ווי עס איז נישטאָ מיט וואָס צו פאָרן, מוזן מיר גיין צו פּוס 350 קילאָמעטער.

זעקס טעג זענען מיר געגאַנגען, א סך פון אונדז זענען געבליבן אויפן וועג, און איך בין אָנגעקומען קיין סטאַלינאָ. די פיס געשוואָלן, צעבראָכן אין גאַנצן. עס האָט דאמאָלט גערעגנט, נאָס אויסגעווייקט, און ווו זיך צולייגן איז נישטאָ; האָט מען געמוזט וואַרטן אַ גאַנצע נאַכט אויף דער גאָס, ביז ס'זענען אָנגעקומען גאַנץ פרי וואַגאָנען און מען האָט אונדז אויפגעלאָדן צו 40 מאַן אין אַ וואַגאָן, פאַרזיגלט די וואַגאָנען און מיר זענען ווייטער געפאָרן 21 טעג.

וואָס אין די וואַגאָנען האָט זיך אָפּגעשפּילט איז נישט צום באַשרייבן. מען איז אין וואַגאָן געשלאָפן און געמאַכט אַלע באַדערפענישן. די גאַנצע 21 טעג פון דער רייזע האָבן מיר באַקומען 150 גראַם ברויט מיט אביסל וואַסער טעגלעך. מענטשן האָבן זיך געוואָרפן דורך די פענצטער אויף די שינעס. יעדן טאָג זענען געווען טויטע און געהאַרגעטע. דער לאַגער אונדזערער האָט געציילט דריי טויזנט אַרעס־טירטע, און ס'איז זיך לייכט פאָרשטעלן, ווי גרויס ס'איז געווען דער עשאַלאָן מיט די טויט־לעבעדיקע מענטשן.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אויף אַן אָרט, אוליאַ־נאָווסק, נעבן קויבישעוו. ווען מען האָט אויפגעעפנט די וואַגאָנען און געהייסן ארויסגיין פון וואַגאָן, האָב איך נישט געקאָנט גיין נאָר איך בין געקראָכן אויף אַלע פיר.

מיר האָבן זיך אָפּגערוט דריי טעג, און אויפן פערטן טאָג האָט מען מיך געשיקט אויף ארבעט. די שווערסטע אַרבעט האָט מען מיר געגעבן, ווייל איך האָב געדאַרפט באַלד באַפרייט ווערן... איך האָב אָפּגעאַרבעט 8 טעג, און איין מאָל גאַנץ פרי רופט מען אויס: רייטער זעליג אייזיקאָ־וויטש איז פריי און קען גיין ווו ער וויל! געוויס איז עס געווען פאַר מיר א פרייד, אָבער גלייכצייטיק א גרויסער טרויער, ווייל וווהין גייט מען? אָבער בעסער אויף דער פריי, ווי אין טורמע.

ביזן יאָר 1944 האָב איך געאַרבעט אין א קאָלכאָז, און דעם 27־טן מאַי האָט מען מיך מאָביליזירט און אוועקגעשיקט אַלס סאָלדאַט קיין סומא. אין סומא האָט מען אונדז אַביסל צוגעלערנט, און דאַן געשיקט אויף די פראָנטן. א סך זיך אָנגעליטן אויף די פראָנטן, אָבער איך האָב זיך שטענדיק געפילט גליקלעך וואָס איך קען נקמה נעמען פאַר אונדזער אלעמענס בלוט. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין קאָוועל האָב איך זיך דאָרטן דערוווּסט אז פון מיין משפחה איז קיינער נישט געבליבן. גרויס איז געווען דער ווייטיק. ביזט א סאָלדאַטן, קעמפסט, האָסט אַלץ פאַרלוירן — פאַר וועמען? פאַרוואָס? אזויאַרום האָב איך געקעמפט ביז בערלין. באַפרייט בין איך געוואָרן אין בידגאָשטשער שפּיטאָל.

דעם 22.8.1945 בין איך ארויס פון שפּיטאָל. מען האָט

מיך אָפּגעשיקט קיין לאָדזש. אַ קראַנקער, אַ צעבראָכענער בין איך געקומען קיין לאָדזש, מען קען נישט קיינעם, און קיינער קען נישט מיך. איך האָב אָנגעהויבן אַביסל צו האנדלען און נאָך זעקס מאָנאַטן בין איך געקומען אביסל צו זיך, און אויך חתונה געהאט.

פון פוילן בין איך געקומען קיין דייטשלאַנד, ווו איך האָב געמוזט דורכמאַכן צוויי אָפּעראַציעס. פון דאָרטן בין איך עולה געווען קיין ארץ ישראל.

אויך אין ארץ־ישראל האָב איך דורכגעמאַכט אַ אָפּעראַציע. היינט וווין איך אין רמלה, איך דער איינציקער איבערגעבליבענער פון דער גאַנצער משפחה.

נאָך עפּעס: וועגן מיין יינגעלע בערעלע האָט מען מיר דערציילט אז ווען עס איז געווען די ערשטע טויט אקציע אין קאַמין־קאָשירסקי און מען האָט גענומען מיין פרוי שרה מיט די קינדער צו דער שחיטה, איז ער, וואָס איז אלט געווען 10 יאָר, אנטלאָפן קיין מעלניצע 70 קילאָמעטער פון קאמין־קאָשירסקי, געקומען צו מיין שוועסטער און זיך געוואָלט באַהאַלטן. אַ פּאָליאַק האָט געמאַכט אַ בונקער פאר מיין שוועסטערס פאמיליע, און זיי אלע זענען דאָרט אריין, אָבער פאר מיין בערעלען איז נישט געווען קיין אָרט. האָט ער געוואַרט ביז נאַכט און איז צוריקגעלאָפן קיין קאמין־קאָשירסקי. קומענדיק קיין קאמין־קאָשירסקי איז שוין געווען נאָך דער ערשטער שחיטה, האָט ער זיך אַרומגעדרייט און צו וועמען ער האָט געקענט האָט ער זיך צוגעטשעפּעט. דערציילט מיר די פרוי איידל, וועלכע וווינט היינט אין לוד, אז די גאַנצע צייט איז ער זיי נאָכגעגאנגען — און ביז מען האָט דערפילט אז עס גרייט זיך די צווייטע שחיטה האָט מען זיך גענומען באַהאַלטן. די פרוי איידל מיט נאָך אַ פּאָר יידן האָבן געפונען א באַהעלטניש, אָבער פאַר מיין זון בערעלען איז ווידער נישט געווען קיין אָרט. ער האָט געזאָגט צו איידלען (ער האָט זי גערופן „מומע”), אַז ביי מאָטל סטריער אויפן הויף איז דאָ א בונקער, דאָרטן ליגן פארבאַהאלטן 70 יידן, און ער וועט גיין אהין — נאָך דערציילט מיר די פרוי איידל, אז ווען די אַקציע האָט זיך געענדיקט, איז זי מיט איר יינגל און נאָך א פּאָר יידן געגאנגען זען ביי סטריערן אויפן הויף — אָבער קיינער איז שוין דאָרטן נישט געווען, מען האָט זיי אַלע צוגענומען.

ל. אליצקי

# מיין יונגער ברודער

## שמחה, ע״ה

טו איך אָן די ברילן אין דער פרי,
ווערט מיר פינצטער אין די אויגן:
ד י י נ ע אויגן — טוט עס מיר אַ ברי
פחדים האָבן אויסגעזויגן.

ברענג איך צו די ליפּן זיסע טיי
ווערט מיר גאַליק אויפן גומען:
ס׳קאָן דאָך זיין, אז — ווי מיר ווי
דו פון דאָרשט ביסט אומגעקומען.

וואַרעמען די וואַליקעס מיך אָן,
מאַכן פרישער מיך און יינגער —
טראַכט איך: דו ענגסט נאַקעט אויסגעטאָן,
באָרוועס גליווערן די פינגער.

גלעט דאָס גאָל־מעסער מיין וועלק געזיכט,
פרישער, יינגער עס צו מאַכן —
לאָדט מיר דאָס געוויסן צום געריכט,
ענקער אויף מיין שארבן לאַכן:

— „ווען דיין יונגער ברודער איז געגאַן
ווילד־באוואקסן צו דער תליה,
גראָ געמאַכט האָט אים יעדער שפּאַן,
יעדער צוק פון זיינע וויעס”.

יעקב גאלדשטיין

# אזוי האָבן מיר איבערגעלעבט דעם חורבן

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט קאַמין, בין איך מיט מיין זון שמאי געגאַנגען אַרבעטן אין אַ מילכיקערײַ. אויף דעם פּלאַץ האָבן מיר געאַרבעט אַ פּאָר מאָנאַטן, ביז וואַנען עס איז אַנשטאַנען דאָס געטאָ. האָט מען אונדז אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, ווייל דער געביט־קאָמיסאַר האָט געזאָגט, אַז יידן איז פאַרבאָטן צו אַרבעטן ביי מילך־אויסאַרבעטונג. אין געטאָ האָבן מיר געוווינט ביי יוסף קרוין דעם מאָלער אין אַ קאַמער, וואָס איז געווען געבויט פון ברעטער.

זייענדיק שוין אין געטאָ בין איך מיט מיין זון שמאי געגאַנגען אַרבעטן צו דער באַן־סטאַציע, ביים לאַדעווען אין וואַגאָנען טעלעפאָנישע שטאַנגען, און האָלץ. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע. דערנאָך האָט מען אונדז געשיקט אין די תבואה מאַגאַזינען צום אַנלאָדן אין וואַגאָנען זעק מיט תבואה, וואָס עס איז געגאַנגען קיין דייטשלאַנד. די אַרבעט איז אויך געווען זייער אַ שווערע ווייל יעדער זאַק האָט געוויגן הונדערט קילאָ.

מיין פרוי מיט מיין זון מאיר האָבן געמוזט גיין צו דער אַרבעט, מיין זון מאיר האָט נאָך נישט געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט ווייל ער איז נאָך געווען צו יונג, אָבער פּעאיקע מענער האָבן זיך גערעכנט די פון 14 יאָר אָן; האָב איך אים געמאַכט אַ מעטריקע ביי יודל מאַליק אַז ער איז אַלט 14 יאָר, און אַז מיט דעם זכות וועט ער אפשר בלייבן לעבן. (יודל מאַליק איז געווען באַוויליקט פון געביט קאָמיסאַר אַרויסצוגעבן אַזעלכע מעטריקעס, ער איז טאַקע געווען דער בעסטער מענטש אין יודענראַט, איך גיב אָפּ כבוד זיין אַנדענק!).

ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט קאַמין, האָבן מיר נאָך אַלע געוווינט אַ פּאָר מאָנאַטן ביי זיך אין די הייזער, האָב איך איבערגעגעבן צו 2 קריסטן זייער פיל זאַכן. זיי זענען אַ פּאָר מאָל געקומען מיט זייערע וועגענער און איך האָב זיי אוועקגעגעבן זאַכן און שפּייז פון מיין פּאָטער און ברודער שלמה.

די צוויי קריסטן זענען געווען מיט מיר זייער גוט באַפריינדעט, איך האָב זיי אויך געטאָן פיל גוטס, זיי זענען אויך געווען פאַרמעגלעכע קריסטן, איינער האָט געוווינט אין דאָרף ראַקאָוולעס און דער צווייטער אין אַלבלע לאַסקע, זיי האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז אויב עס וועט קומען פאַר יידן אַ געפערלעכער מאָמענט, זאָלן מיר אַלע קומען צו זיי, זיי וועלן אונדז אויסבאַהאַלטן און זיין פאַר אונדז געטריי ווי אַן אייגענער פּאָטער.

מיט אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער האָב איך געטראָפן נאָך אַ קריסט פון דאָרף ראַקאָוולעס, וועלכער איז אויך געווען מיט מיר זייער גוט באַפריינדעט. אויך דער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיר אויסבאַהאַלטן, אָבער דער איז געווען נישט קיין פאַרמעגלעכער, האָט ער מיר געבעטן, אַז אפשר איז מעגלעך איך זאָל בעזאָרגן אַ פּאָר מעטער קאָרן און אויך אַ ביסל שפּייז, ווייל צו דעם קריסט האָב איך קיין שום זאַכן נישט איבערגעגעבן. ער איז געווען פון דער סעקטע גלויביקע אין שבת, אין דעם קלויסטער האָבן זיי נישט געגלויבט. ער איז געווען דער עלטסטער פון די גלויביקע, וואָס צו אים פלעגן זיי קומען שבת פרי אָפּריכטן אַ געבעט, פון תנ״ך, מיט געזאַנג און מען פלעגט שפּילן פידל, עס פלעגן קומען אַ פּאָר צענדליק קריסטן.

איך האָב אים געזאָגט אַז איך וועל צו אים ברענגען אין די נעכט, ווען עס וועט נאָר זיין פינסטער, פאַרשידענע זאַכן און אויך שפּייז.

ביי מיין פּאָטער איז גראַד געווען אַ פּאָר מעטער קאָרן, פלעג איך מאַכן אַ פּעקל מיט פאַרשידענע זאַכן פון מל־בושים און אויך אַ ביסל קאָרן, און ביינאַכט, ווען אַלע אין געטאָ זענען שוין געשלאָפן האָב איך ביי אַ ווינקל פון געטאָ, ווו עס איז נישט געווען קיין הייזער, אַריבער־געוואָרפן דאָס פּעקל, געוואַרט אַ ביסל צייט, און צוהערנ־דיק זיך צו קיינער גייט נישט האָב איך אַריבערגע־קלעטערט די פאַרצוימונג און אוועקגעטראָגן דאָס פּעקל צו דעם קריסט.

געגאַנגען בין איך דורך פעלדער און קאַרטשעס און אויך אין וואַסער, אַז מען זאָל מיך נישט באַמערקן. מיין פרוי מיט די קינדער האָבן נישט געוווּסט ווען איך בין אוועק און אויך ווען איך בין געקומען צוריק, ווייל זיי פלעגן נישט לאָזן אַז איך זאָל גיין אויף אַזאַ געפאַר, ווייל דאָס לעבן איז געווען איינגעשטעלט.

דער קריסט האָט געוווינט אין אַ קליינער שטוב מיט זיין פרוי און צוויי קינדער פון 10 און 12 יאָר. ער האָט געהאַט בלויז צוויי קי, מיט וועלכע ער האָט געשפּאַנט דעם וואָגן און אויך מיט זיי באַאַרבעט די פעלדער.

אין 1942, 27 טעג אין אב, איז געווען די גרויזאַמע שחיטה, פון וועלכער עס איז בלויז געבליבן א פערט־חלק פון אונדזער שטאָט — נאָר די וועלכע האָבן באַקומען לעבנס שיינען. איך מיט מיין פאמיליע זענען דעמאָלט געבליבן לעבן, ווייל מיר האָבן אַלע געאַרבעט.

22 טעג אין חשון ווען עס איז געווען די ענטגילטיקע ליקווידאַציע פון קאַמין און פון שטעטל לובעשאָוו, איז געקומען דער געביט־קאָמיסאַר אין די אַרטעלן פון די האַנטווערקער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין צוויי הייזער פון מלכה גורטענשטיין און פארטיילט לעבנס־שיינען בלויז צו 2 פערזאָן פון יעדן פאך; נאָר די אָנפירער פון די ארטעלן, וועלכע האָבן זיך גערעכנט פאר די בעסטע ספעציאליסטן. אויך מיין טאָכטער עטל, מיט קוקי פוגאטש, (וועלכע געפינט זיך איצט אין ישראל), האָבן באַקומען לעבנס־שיינען. מיין טאָכטער איז געווען די אָנפירערין פון דעם ארטעל, אין וועלכן עס האָבן געארבעט 42 מיידלעך, ביי פארשידענע האנט ארבעטן ווי געשטריקטע וואָלענע סוועדערס, קליידלעך און נאָך פארשידענע ארבעטן. צוזאמען זענען געווען בערך א 70 פערזאָן. דאָס איז געווען מיט אַ טאָג פריער פאַר דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע.

דער געביט־קאָמיסאר האָט זיי געזאָגט, אז אויף מאָרגן פרי 6 אזייגער, דאַרפן זיי זיך אַלע געפינען ביי א באַוווסטן הויז אויף קאָוולער גאַס.

מיין טאָכטער איז גלייך געקומען אין געטאָ און ארויסגעפירט מיין פרוי שרה מיט מאירן און זיי אוועקגעפירט אויף ראקאָולעסער וועג, און אריינגעפירט זיי צווישן קארטשעס און וואַסער, זי איז אַוועק צו אונדז ווו מיר האָבן געארבעט, איך מיט מיין זון שמאי, און אונדז איבערגעגעבן וועגן דעם אלעמען.

מיר זענען שוין אין געטאָ נישט געגאַנגען נאָר צוגעוואַרט אויף א פלאַץ ביז עס איז געוואָרן פינצטער און אוועק צו דעם פלאץ ווו מיין פרוי מיט מאירן זענען געווען. ווען מיין טאָכטער האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און געוואָלט אַוועקגיין צוריק אין געטאָ, האָבן מיר אַלע איר געבעטן אַז זי זאָל מיטגיין מיט אונדז צוזאמען. האָט זי אונדז געענטפערט אז אונדזער שריט איז גענוג ריזיקאליש, ווייל אין דעם טאָג האָבן שוין דייטשן באַזעצט אַ סך וועגן ווו יידן האָבן געזאָלט אנטלויפן און זייער פיל האָט מען אויסגעשאָסן און אזוי ווי זי, מיין טאָכטער, עטל האָט דאָך א לעבנס־שיין איז זי זיכערער. זי האָט אונדז געזאָגט אז ווען זי וועט וויסן אויב מיר געפינען זיך שוין ביי אַ קריסט, וועט זי אונדז באַזאָרגן מיט שפייז און דערנאָך אויך צו אונדז קומען,

מיר האָבן באשלאָסן גיין צו דעם לעצטן קריסט, ווייל צו די ערשטע צוויי, האָב איך נישט געהאט קיין פולן צוטרוי. אינמיטן דער נאַכט, ווען מיר זענען געקומען צו זיין הויז און אָנגעקלאַפט, האָט ער אונדז ארויפגעפירט אויף דעם בוידעם־שטוב ווו עס איז געווען פול מיט שטרוי. מיר האָבן זיך דאָרט געמאכט א פלאץ אין א ווינקל אז מען זאָל אונדז נישט באַמערקן. אויף מאָרגן פרי ווען עס האָט געדארפט זיין די ענטגילטיקע ליקווידאַציע פון קאַמין און פון לובעשאָוו, אין דער געביט־קאָמיסאַר אוועקגעפאָרן מיט נאָך א פאָר דייטשן קיין לובעשאָוו, כדי אז אין דעם זעלבן טאָג זאָל אויך דאָרט ווערן ליקווידירט אַלע יידן.

ווען דער געביט־קאָמיסאַר איז געקומען קיין לובעשאָוו האָט ער גלייך באַפוילן, אַז אַלע יידן זאָלן זיך גלייך געפינען ביים יודענראט. א ייד, וואָס זיין פאמיליע איז אומגעקומען ביי דער ערשטער שחיטה, האָט אָנגעכאַפּט דעם געביט־קאָמיסאַר און געוואָלט אים איבערשניידן מיט אַ ראַזיר־מעסער דעם האלדז, ער האָט אָבער אים בלויז צעשניטן דאָס פנים. ווען דער געביט־קאָמיסאַר איז צוריקגעקומען פון לובעשאָוו מיט א צעקאליעטשעטן פנים, האָט ער אַלס שטראָף באַפוילן אויך די איבערגעבליבענע יידן אויסשיסן. דעם זעלבן פארנאכט האָט מען אויך די איבערגעבליבענע פון די ארטעלן אוועקגעפירט אויף דעם אָרט ווו די גריבער זענען געווען, און זיי דערשאָסן. דאָרטן איז אויך אומגעקומען מיין טאָכטער.

זייענדיק ביי דעם קריסט אַ פאָר מאָנאַטן האָבן מיר געליטן הונגער, ווייל דער קריסט איז געווען נישט קיין פארמעגלעכער. איך האָב באשטימט, אין אַ פינסטערער נאַכט, גיין צו מיין גוט באַקאַנטן קריסט, וועלכער איז געווען פארמעגלעך און געהאט א סך מיינע זאכן. איך בין געקומען צו זיין הויז און שטיל אָנגעקלאַפּט. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך דערשראָקן און זיך איבערגעציילעמט, ווייל ער האָט געמיינט אז איך בין שוין פון לאנג טויט. איך האָב אים געזאָגט אז איך בין נישט געקומען נאָך מיינע זאכן, איך דארף זיי בכלל נישט, איך בעט נאָר אז ער זאָל מיר געבן א פאָר ברויטלעך און אנדער שפייז. האָט ער מיר געענטפערט: א שאד וואָס דו מוטשעסט זיך, עס וועט פון דיר גאָרנישט זיין, דו וועסט זיך נישט אויסבאהאלטן דערנאָך איז ער אריין אין שטוב ארויסגעטראָגן בלויז אַ קליין ברויטל און געזאָגט מיר, אז מער זאָל איך צו אים נישט קומען ווייל ער וועט מיר גאָרנישט געבן. דאָס איז געווען די פריינטשאפט פון מיין גוטן קריסט, וועלכער האָט געהאט מיינע זאכן. גייענדיק צוריק צו מיין באהעלטעניש, האָב איך נישט

געוואָלט אָפּברעכן א שטיקל ברויט, וויסנדיק אז מיין פרוי מיט די קינדער ווארטן איך זאָל זיי ברענגען דאָס ברויטל...

עס זענען פאריבער נאָך עטלעכע וואָכן און דער הונגער איז געוואָרן זייער גרויס, ווייל אונדזער קריסט פלעגט אונדז געבן באַדערנאַכט בלויז א ביסל קליינע קאַרטאָפל מיט אַ קריגל וואַסער. דאָס איז געווען אויף א גאַנצן מעת־לעת. האָב איך באַשטימט גיין נאָכאַמאָל צו דעם זעלבן קריסט, וואָס איך בין געווען פריער ביי אים, אפשר וועט ער מיר דאָך געבן עפּעס צו עסן.

ווען איך בין צו אים ווידער געקומען אין א פינס־טערער נאַכט און אָנגעקלאַפּט, האָט לאַנג געדויערט ביז מען האָט געעפנט די טיר. און עס איז אַרויסגעקומען זיין פּאַטער מיט א שטעקן און גענומען מיך קלאַפּן איבערן קאָפּ, ער האָט געשריגן אז איך בין געקומען אים באַרויבן... ער האָט ספּעציעל געשריגן, אז זיינע שכנים זאָלן דערהערן און מיך אָפּפירן צו די דייטשן און דעמאָלט וועט ער זיין פאַרזיכערט מיט מיינע זאַכן.

איך האָב קיין אנדער ברירה נישט געהאַט און איך בין אַנטלאָפן און מער צו אים נישט געגאַנגען. ווען עס זענען פאַרביי נאָך עטלעכע וואָכן האָט אונדזער קריסט אונדז געמאָלדן, אז מיר מוזן זיך באַזאָרגן א ביסל שפּייז, ווייל ער וועט מער נישט האָבן אונדז עפּעס צו געבן עסן. עס וואָלט זיין מער געוואונטשן אז מיר זאָלן פאַרלאָזן זיין הויז און גיין צו דעם רייכן קריסט קיין אלבלע, וועלכער האָט מיינע זאַכן. (ער האָט געוווּסט אז דער קריסט האָט מיינע זאַכן).

אין אַ פינסטערער נאַכט זענען מיר אלע אוועק קיין אלבלע צו דעם קריסט. צו אים גיין איז געווען בערך א 10 קילאָמעטער. אז מיר זענען געקומען צו זיין הויז, האָבן מיר אליין געעפנט א שטאַל ווו עס האָבן זיך געפונען זיינע קי און מיר זענען ארויף אויפן בוידעם ווו עס איז געווען פול מיט היי, און געוואַרט ביזן פרימאָרגן ווען ער וועט קומען געבן עסן די קי, וועל איך זיך דאַמאָלט באַוויזן.

אינדערפרי, ווען ער איז געקומען אין שטאַל און מיר דערזען, איז ער געוואָרן שטאַרק איבעראַשט, ווייל ער האָט געמיינט אז איך לעב שוין נישט. און צווייטנס: פאַרוואָס בין איך געקומען אָן זיין דערלויבעניש? מיר האָבן שטאַרק געוויינט פאַר אים און געבעטן אז ער זאָל אונדז קיין שלעכטס נישט טאָן. דעם גאַנצן טאָג איז ער מער צו אונדז נישט געקומען און קיין עסן אונדז נישט געבראַכט. שפּעט אין אָוונט האָט ער אונדז געבראַכט עסן און אונדז געמאָלדן אז ביי אים קענען מיר נישט זיין ווייל צו אים קומען אָפט די אוקראַינער נאַציאָנאַליסטן נאָך פאַרשידענע פּראָדוקטן און אויב זיי וועלן אונדז טרעפן, וועלן זיי אונדז גלייך הרגענען, ווייל זיי זענען צו יידן נאָך ערגער ווי די דייטשן. מיר האָבן אים געבעטן ער זאָל אונדז דערלויבן צו זיין עטלעכע טעג ווייל מיר זענען דערשעפּט פון די כוחות. אויף דעם דריטן טאָג איז ער געקומען צו אונדז, מער קיין עסן נישט געבראַכט און באַפוילן אז מיר זאָלן גלייך אוועקגיין פון אים. מיר האָבן אים געבעטן אז ער זאָל אונדז געבן א ביסל שפּייז און ברויט, האָט ער אָפּגעזאָגט; ער האָט געזאָגט, אפשר וועט מען אונדז כאַפּן און מען וועט געפינען ביי אונדז די שפּייז, קען ער ווערן שטאַרק באַשטראָפט.

מיר זענען די זעלבע נאַכט נישט אוועק, ווייל צוריק־גיין צו אונדזער קריסט מיט ליידיקע הענט, וועט ער אונדז אויך נישט אריינלאָזן. מיר האָבן געמיינט, אפשר וועט ער אונדז פאַרט עפּעס געבן צום עסן.

אויף דער צווייטער נאַכט איז ער געקומען צו אונדז מיט זיינעם אַ זון, ביידע האָבן אונדז אראָפּגעשלעפּט פון בוידעם און אונדז אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט די שטעקנס, און געדראָאַט אויב מיר וועלן נישט פאַרלאָזן זיין הויז, וועלן זיי גלייך צו אונדז ברענגען די אוקראַינער נאַציאָ־נאַליסטן און זיי וועלן אונדז שוין צורעכט מאַכן. (די אוקראַינער נאַציאָנאַליסטן דאָס זענען געווען א באַנדע, וואָס האָבן געוואָלט אויפשטעלן א זעלבסטשטענדיקע אוקראַינע). מיר האָבן נישט געהאַט קיין אנדער ברירה און אויך פון אים אַנטלאָפן. דאָס איז מיין צווייטער גוטער פריינט וואָס האָט געהאַט מיינע זאַכן און מיך פאַרזיכערט, אז ער וועט מיר אויסבאַהאַלטן און עס וועט מיר גאָרנישט פעלן ביי אים

גייענדיק צוריק זענען מיר פאַרביי א אָזערע און מיר האָבן זיך אוועקגעזעצט אָפּרוען און געטראַכט וואָס צו טאָן. צו וועמען גיין? אָדער בעסער זיך אריינוואַרפן אין דעם וואַסער? כ'האָב געקוקט אויף מיין פרוי און קינדער ווי זיי וויינען שטאַרק, ווייל שוין 2 טעג ווי מיר האָבן גאָר־נישט געגעסן.

מיר זענען אוועק צוריק צו אונדזער אָרעמען קריסט. אריין צו אים אין שטאַל און געוואַרט ביז ער וועט פרי קומען געבן עסן זיינע 2 קי, אפשר וועט ער אונדז צוריק אַריינלאָזן זיין אויפן בוידעם. אינדערפרי ווען ער האָט אונדז דערזען האָט ער אונדז געפרעגט פאַרוואָס מיר זענען צו אים אזוי שנעל געקומען, מיר ווייסן דאָך אז ער קען אונדז קיין עסן נישט געבן. איך האָב אים געזאָגט

אַ תירוץ, אז דער קריסט און זיין פרוי ליגן קראַנק אויף טיפוס, אז ער וועט ווערן געזונט, קענען מיר שפּעטער צו אים קומען. ער האָט אונדז דערלויבט צו בלייבן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן ווערן קאַלט און עס זענען געוואָרן גרויסע פרעסט, האָט ער אונדז אַריינגעלאָזט אין אַ קעלער, וועלכער איז געווען נעבן זיין הויז. דער קעלער איז געווען איין מעטער טיף אין דער ערד און איבער דער ערד, האָט ער געמאַכט קליינע קראָקוועס, אַרויפגעוואָרפן פיל ערד, אז דער רעגן זאָל זיך אַראָפּגיסן. אין דעם קעלער האָט ער געהאַט פון פאָרנט צוויי פעסער מיט קרויט און א פאַס מיט אוגערקעס און אויך אָנגעשאָטן קאַרטאָפל, וואָס דאָס האָט ער געהאַלטן צום פאַרזעצן. אונדז האָט ער געמאַכט ווייט ביי דער וואַנט אַ שטיקל פלאַץ. דער קעלער איז געווען אינגאַנצן פינסטער און אויך אָן לופט, ווייל די טיר איז געווען פאַרמאַכט. עס האָט זיך נאָר געהערט א שטאַרקע זויערקייט פון די פעסער. בלויז ביינאַכט פלעג איך עפענען די טיר, עס זאָל אַריינגיין לופט.

אין די פינסטערע נעכט, ווען עס איז נאָך געווען וואַרעם, פלעג איך גיין צו די גערטנער ברענגען בוראַקעס, מערן און אויך קאַרטאָפל. נישט איינמאָל בין איך געווען אין זייער אַ גרויסע געפאַר.

איך האָב אויך געוווסט, אַז מיין פאָטער האָט אַוועקגעגעבן צו זיינעם אַ גוטן קריסט אַ סך זאַכן און אויך אַ מעטער ווייץ, ער האָט געוווינט אין דעם זעלבן דאָרף ראַקאָוולעס, איך בין אוועק צו אים, ער זאָל מיר געבן א ביסל פון דעם ווייץ. ער האָט מיר געגעבן אַ 20 קילאָ ווייץ. איך האָב אים געזאָגט אז איך געפין זיך אין א צווייטן דאָרף און געגאַנגען טאַקע אין דער ריכטונג, וואָס איך האָב אים געזאָגט, אז פון דאָרטן בין איך געקומען. אין דער זעלבער צייט איז געפאַלן א גרויסער שניי און מען האָט געקענט זען פון דער ווייטן וווהין איך גיי. דער קריסט איז מיר נאָכגעגאַנגען זען אין וועלכער ריכטונג איך גיי. אז ער האָט באַמערקט אז איך קוק ווי ער גייט מיר נאָך, האָט ער זיך פאַרשטעקט און איך האָב געמיינט אַז ער איז שוין אַוועק צו זיך אהיים. דאַן האָב איך מיר צוריק אומגעקערט צו מיין קריסט און נישט גלייך אַריין צו אים. דאָס זעקל מיטן ווייץ האָב איך פאַרשטעקט און אַליין געקראָכן אויפן בויך ביז צו דעם קעלער, אין אייניקע טעג אַרום איז געקומען צו מיין קריסט זיינע אַ שכנה און אים דערציילט, אַז די פרוי פון דעם קריסט וואָס האָט מיר געגעבן דעם ווייץ, האָט איר געזאָגט אַז יאַנקל איז געווען ביי אים און ער האָט מיר געגעבן אַ ביסל ווייץ און ער האָט געזען אַז איך בין אַריין צו אַלעקסיעין, (אַזוי האָט געהייסן מיין קריסט).

אַז זיי האָבן דאָס דערהערט זענען זיי אַלע געוואָרן שטאַרק איבערגעשראָקן, ווייל אויב די דייטשן וועלן זיך דערוויסן, וועט מען אונדז אַלעמען צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע פאַרברענען לעבעדיקערהייט, ווי זיי האָבן דאָס שוין געהאַט געמאַכט מיט א פאָר קריסטן, ווען דייטשן האָבן געפונען ביי זיי יידן.

ביינאַכט איז ער צו אונדז געקומען, אונדז איבערגעגעבן די „גוטע בשורה" און געהייסן אונדז זיך גלייך פאַרקלייבן; ווייל עס קען זיין אז מאָרגן פרי קומען שוין די דייטשן. מיר האָבן אַלע שטאַרק געוויינט און געבעטן אים, אז ער זאָל אונדז לאָזן זיצן, ווייל מיר פילן זיך אַלע זייער אָפּגעשוואַכט און ווען מיר וועלן אַרויסגיין פון אים, וועלן מיר ווייט נישט קענען גיין, מיר וועלן אוועקפאַלן, דאַן וועט מען אונדז איבערגעבן די דייטשן און מען וועט אונדז פרעגן ביי וועמען זענען מיר געווען ביז איצט...

דער קריסט האָט דאָס גענומען אין באַטראַכט און אַריין צו זיך אין שטוב זיך באַראַטן מיט זיין פרוי און קינדער. זיינע צוויי קינדער האָבן שטאַרק געוויינט און געבעטן ביים פאָטער, אז ער זאָל אונדז לאָזן זיצן, ווייל זיי האָבן ליב געהאַט מיינע קינדער, אָבער מען דאַרף זוכן אַן עצה, מען זאָל אונדז קענען בעסער באַהאַלטן. אויף דער צווייטער נאַכט האָט דער קריסט מיט אונדז צוזאַמען אויסגעגראָבן אַ גרוב אונטער דער שטאַל, אַ ביסל אָן אַ זייט ווו די קי זענען געשטאַנען, פון אויבן האָט ער אונטערגעשפּאַרט די ערד מיט פלעקער און ברעטער און געמאַכט א לאָך אז מיר האָבן קוים געקענט אַריינקריכן, פון פאָרנט די לאָך פאַרלייגט מיט האָלץ אַז מען זאָל אונדז נישט באַמערקן. דער אָרט איז קוים געווען אויף זיצן, ליגן האָט מען נישט געקענט. מיר זענען דאָרט געווען אַכט טעג, די לופט איז נעווען דאָרט א געפערלעכע, ווייל פון אונדזער וואָרעמער לופט פון גרוב האָט זיך דערוואָרעמט די מיסט פון דער קו און עס האָט זיך פון מיסט געגאָסן צו אונדז אין גרוב די שמוץ, אַזוי אַרום אז מיר זענען שיר נישט דערשטיקט געוואָרן. מיר האָבן געבעטן אונדזער קריסט אַז ער זאָל אונדז אַרויסלאָזן פון גרוב צוריק אין דעם קעלער, ווייל מיר קענען דאָ ווייטער נישט אויסהאַלטן. מיר האָבן אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ביז איצט איז שטיל און אַז מען רעדט נישט מער אין דאָרף וועגן אונדז, וועט שוין זיין שטיל.

און אַזוי זענען מיר געווען ביי דעם קריסט ביז די רוסן האָבן באַפרייט די שטאָט.

מיין טאָכטער עטיל, וועלכע איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די מענטשן פון די ארטעלן, איז געבוירן אין יאָר 1923. זי האָט געענדיקט די פאָלק־שולע אין קאמין. דערנאָך געלערנט אין דער העברעאישער גימנאַזיע אין קאָוועל ביי דעם דירעקטאָר פראנקפורט, גייענדיק דאָרט צו מאטורע. אין יאָר 1939, ווען די רוסן האָבן באַזעצט אונדזער געגענט ביז צום בוג, איז זי אוועקגעפאָרן קיין ראָוונע שטודירן אין



עטל גאָלדשטיין

אוניווערסיטעט. זי האָט דאָרט שטודירט ביז 1941, ווען די דייטשן האָבן צעקלאַפּט די רוסישע אַרמיי ביי דעם בוג און מארשירט אויף רוסלאַנד, איז זי געקומען צו אונדז קיין קאַמין. זי איז געווען זייער אַ ענערגישע און העלדישע. נישט איינמאָל האָט זי איינגעשטעלט איר לעבן פארשידענע מענטשן, זייענדיק אין ארטעל, ביים אריינברענגען פאַר קראנקע, לעבנס־מיטלען, ווייל זי אַלס אָנפירערין פון ארטעל האָט געקענט אומעטום גיין. זי האָט אונדז אויך געראטעוועט דאָס לעבן ביי דער ערשטער שחיטה, 27 טעג אין אב. אַ דאַנק איר האָט אונדז דער געביט־קאָמיסאַר אַלעמען געגעבן לעבנס־שיינען.

און אויך צוליב איר גרויס געטריישאפט צו אונדז האָט זי נישט געוואָלט מיט אונדז מיטגיין. זי האָט נאָך געוואָלט בלייבן ביי די דייטשן אַ שטיקל צייט, אז זי זאָל אונדז קענען נאָך באַזאָרגן מיט עסן און אנדערע זאַכן.

איר גאַנץ שטרעבן איז געווען פאָרן קיין ארץ ישראל. ווען די רוסן זענען ביי אונדז געווען אין 1939, האָט זי מיט נאָך אַ פאָר מיידלעך זיך געוואָלט דערשלאָגן מיט פארשידענע וועגן קיין ארץ ישראל, ווייל זי האָט געהערט אַז פון ווילנע קען מען זיך אריבערשמוגלען קיין לאטווע און פון דאָרט קיין איראַן. און ווען זי מיט די אַנדערע זענען געקומען קיין ווילנע, זענען דאָרט געווען גרויסע פרעסט און זייער א גרויסער שניי. דעמאָלט האָבן אייניקע געוואָלט אריבער די גרענעץ קיין לאַטווע איז ביי זיי אָפּגעפראָרן געוואָרן די פיס. אייניקע האָט מען אויך געשאָסן אויפן גרענעץ. זי איז צוריק געקומען אהיים, און צום סוף דערמאָרדט געוואָרן פון די דייטשן.

ערע איר אָנדענק!

**בן־ציון קאר'ש**, ראשון־לציון

# דער יודנראַט

באַגינען האָבן מיר געהערט אַ זייער שטאַרק גערויש פון אַעראָפּלאַן, ס'איז געווען פיר אַזייגער, זונטיק פארטאָג. הייסט עס, די מלחמה איז שוין דערגאַנגען צו אונדז! די דייטשע אַעראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט אונדזער שטעטעלע — קאַמין־קאָשירסקי. אַ באָמבע איז אריינגעפאַלן אין אַ קריסטלעכער שטוב און דערהרגעט 10 פּערזאָן. יידן האָט גאָר נישט פּאַסירט. תיכף איז געוואָרן א מהומה דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט אָנגעהויבן פארלאָזן די שטאָט. זיי האָבן פאָרגעשלאָגן, אַז יעדן איינעם וואָס ארבעט ביי זיי און וויל מיט זיי מיטפאָרן, קענען זיי מיטנעמען. אַ סך מענטשן פון קאַמין וועלכע האָבן געארבעט ביי זיי זענען טאַקע מיטגעפאָרן מיט זיי, און אַ דאַנק דעם אנטלויפן זענען א סך פון זיי געבליבן לעבן.

ווען קאמין איז פארלאָזט געוואָרן פון סאָוויעטישן מיליטער איז אָנגעקומען אַ באַנדע אוקראַינער, וואָס האָבן זיך גערופן „זיעלינאָווצעס". זיי זענען באפאלן די שטאָט, גערויבט, געהארגעט יידן, געפייניקט און געיאָגט צו ארבעט. ס'איז געווען שווער אַ מינוט אריבערצוטראָגן...

זיי האָבן געכאפּט דעם קאָברינער רבי ר' רבינוביץ און אים מערדערלעך געפייניקט אז ס'איז אומעגלעך געווען צוזען דעם צער. שמואל ווערבלע, אַ העלדישער ייד, איז אוועק צום קאָמענדאנט און אדורכגעפירט מיט אים אן

אַפּמאַך, פאַר וועלכן ער האָט אים באַצאָלט מיט געלט און גאָלד, אַז ער וועט באַשטעטיקן די ארבעטער פאַר אים וויפל ער דאַרף.

אין איינעם אַ פרימאָרגן זענען אָנגעקומען פּוערים פון די אַרומיקע דערפער און געוואָלט מאַכן אַ פּאָגראָם. פונקט האָבן זיך באַוויזן דייטשע מיליטער־איינהייטן, וועלכע האָבן באַפוילן די פּויערים צו פאַרלאָזן די שטאָט, און דערביי אפילו געהרגעט 5 אוקראַינער. נאָכער האָט דער דייטשישער קאָמענדאַנט אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג און דער־קלערט, אַז מען וועט מאַכן אַ חשבון מיט די יידן.

ס'איז צו יענער צייט ארויס א קלאַנג, אז ווער עס וועט האָבן אַרבעט וועט בלייבן לעבן. האָבן אַלע אָנגעהויבן זוכן ארבעט. בנציון קרש, דב בער, שמאי מייסטל און יצחק בערנהאָלץ, האָבן פרייוויליק זיך געמאָלדן צו דער ארבעט: צוגרייטן שפייכלערס פאַר תבואות.

עס איז געווען אַ פרייטיק אין דער פרי, די זון האָט נאָרוואָס אָנגעהויבן צו שיינען, איז געקומען צו אונזער ארבעטס פּלאַץ די פרוי העני בער, דערשראָקן און בלאָס, און גערופן איר מאַן בער, אז דער קאָמענדאַנט דאַרף אים. די דייטשן האָבן געכאַפּט 50 יידן. גלייכצייטיק האָבן זיי נאָמינירט אַ אוקראַינישע קאָמיסיע, (די קאָמיסיע איז געווען אין באַשטאַנד פון ווילגוטסקי, ליכאַשעווסקי און וויניאַרסקי ימ"ש), די קאָמיסיע האָט באַפרייט 42 יידן און 8 פון זיי האָט מען געהאַרגעט: אברהם קטן, יצחק סנדיוק, פסח בערש און זיין זון דב, נוח און יענטל ביניוק (קראַסאָבי־צע), קאַלאַטאַטש און נחמיה פרישמן (דער סטעלמאַך, מען האָט זיי אוועקגעפירט אויפן הייליקן אָרט און דאָרטן געהאַרגעט. דאַן האָבן אַלע געזען, אז דאָס לעבן איז פאַרשפּילט, און מען האָט געזוכט וועגן זיך צו ראַטעווען.

אין דריי וואָכן ארום, אין אַ דאָנערשטיק, איז געקומען אַ צווייטע באַנדע דייטשע מערדערס, און געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, געכאַפּט מענטשן, און פונקט ווי משוגענע הינט האָט מען זיי געיאָגט. שמואל וואָרבלע איז דאַן געווען „בירגער־מייסטער", אויסגעקליבן דורך די דייטשן און די דייטשן האָבן אים מיטגענומען אַז ער זאָל זיי ווייזן ווו יידן באַהאַלטן זיך אויס. אָבער ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ יידישער איידעלע נשמה, פלעגט ער קומען צו אַ באַהעלטעניש, און אנשטאָט הייסן די יידן ארויסגיין, פלעגט ער אויף אַן פאַרשטעלטער שפּראַך זאָגן, אַז אַלע זאָלן בלייבן ווי זיי זענען אויף זייערע פּלעצער, אַזוי־אַרום האָט ער געראַטעוועט אַ סך יידן פון תיכפ'דיקן טויט. די דייטשן אָבער פלעגן פון צייט צו צייט כאַפּן אַ פּאָר צענדליק יידן און זיי קאָנצענטרירט אין שטאָט.

צומאָרגנס פרי (ר"ח אלול) האָט מען 80 מאַן ארויסגעפירט אונטערן שטאָט און דאָרט זיי דערמאָרדעט.. מען האָט געזען, אז דער אשמדאי וועט ענדיקן מיט אלעמען, און אַז קיין אויסוועג איז נישטאָ ווי־אַזוי זיך צו ראַטעווען, ווייל אַלע וועגן זענען ארומגערינגלט מיט מערדערס.

אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען דער געביטס־קאָמיסאַר, צוערשט האָט ער זיך געווענדעט צום ד"ר לעמפעל, ער זאָל שאַפן אַ יודענראַט. ד"ר לעמפעל האָט זיך געווענדעט צו דוד בער. זיי האָבן צוזאַמענגעשטעלט אַ ליסטע פון 7 מאַן: דוד בער, שמאי מייסטל, יעקב כשר, בנציון קרש, אידל מאַליק, נחמן מערידא און אריה דעקל־בוים. די ליסטע האָט מען איבערגעגעבן דעם געביטס־קאָמיסאַר, וואָס האָט גלייך געגעבן אַ באַפעל, אַז די מענטשן פון דער ליסטע מוזן ארבעטן, און אים צוגרייטן אַ האָטעל מיט מעבל — אין 5 טעג ארום מוז אַלץ פאַרטיק זיין.

אין 5 טעג ארום איז דער געביט־קאָמיסאַר מיטן נאָמען פריץ מיכאַעלס פון בערלין ימ"ש געקומען אין שטאָט מיט 4 מערדער. ווי נאָר ער איז געקומען איז ער אריין צו עקיבא אייזענבערג אין שטוב, ארויסגענומען זיין פרוי, זי געפייניקט און געשענדט. אויפן צווייטן טאָג האָט ער גערופן דוד בערן און געגעבן אים אַ באַפעל, אַז אין א האַלבער שעה זאָל ער צושטעלן הונדערט פרויען צו דער ארבעט. דוד בער איז געווען זייער ענערגיש, און ער האָט געמיינט, אז אויב ער וועט דערפילן די פאַרלאַנגען פון דייטש וועט ער בלייבן לעבן, האָט ער צונויפגערופן דעם יודנראַט, כדי צו באַהאַנדלען די לאַגע. האָבן די מיטגלידער פון יודנראַט געשיקט צוערשט זייער אייגענע פרויען, און נאָכהער געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, און אַזויאַרום האָבן זיך צונויפגעקליבן 100 פרויען. די פרויען האָט מען געשיקט אין דאָרף נוינא, 10 קילאָמעטער פון קאָמין, ס'איז געווען ווינטער און ס'איז אָנגעפאַלן אַ סך שניי, און א טייל פון די געיאָגטע און געפּלאָגטע פרויען זענען געפאַלן אין וועג, האָט מען זיי מערדערלעך געשלאָגן.

אין דאָרף האָבן זיי גערייניקט די באַן־ליניעס פון שניי. פאַרנאַכט האָבן זיי זיך אומגעקערט צעבראָכן, אַ גאַנצן טאָג נישט באַקומען קיין עסן, קיין טרינקען, און בלויז מיט שניי האָבן זיי באַנעצט די פאַרשמאַכטע ליפּן. זיי האָבן געמיינט, אז זיי וועלן שוין נישט קומען צוריק.

דער מערדער פלעגט אַזויאַרום אונדז פייניקן צו ביסלעך. יעדעס מאָל פלעגט דער קאָמענדאַנט מאַכן נייע ליסטעס. איין מאָל האָט ער באַפוילן צוזאַמענשטעלן א ליסטע פון

גאַנצן שטעטל, און פון דער ליסטע האָט ער אָנגעצייכנט מיט זיין בלוטיקער האַנט, 100 יידן צו שיקן קיין קיעוו אויף ארבעט.

ווען דער יודנראַט האָט באַקומען די ליסטע האָבן זיי געקלערט, אַז אַפשר וועלן זיי קענען באַפרייען די מענטשן מיט מתנות. די מתנה איז געווען אַ גאָלדענער זייגער, איך האָב נישט געקעלערט לאַנג, תיכף אויסגעטאָן דעם זייגער פון האַנט און גלייך אים אוועקגעטראָגן. ווי נאָר ער האָט געקריגן די מתנה, דאָס גאָלד האָט אים פאַר־בלענדעט די אויגן, האָט ער גלייך אויסגעמעקט פון דער ליסטע מער ווי א העלפט און די איבעריקע זענען געבליבן צום פאַרשיקן.

די דייטשן האָבן געמאַכט אַ יאַגד אויף יידן אין דער גאַנצער געגנט און אין אַלע דערפער ווו אַ ייד איז געווען פאַרבאַהאַלטן, און דערביי האָבן די פויערים אַרויסגעגעבן אַ סך יידן, זיי אַלע געבראַכט קיין קאַמין־קאַשירסקי און אריינגעלאָזט אין דער „גמינע", ארומגעצוימט מיט שטע־כעדיקן דראָט 2 מעטער די הויך, מען זאָל נישט קענען אריינגיין אָדער ארויסגיין, און אָן עסן און אָן טרינקען.

ווי דוד בער האָט זיך נאָר דערוווסט דערפון, איז ער גלייך געלאָפן צום געביטס־קאָמיסאַר און געבעטן אַז ער זאָל דערלויבן באַזאָרגן די יידן מיט עסן. אַזוי האָט מען זיי געהאַלטן 3 טעג און אויפן 4־טן טאָג האָט מען זיי געשיקט אַלע ארבעטן אין דאָרף נוינא, צום רייניקן באַן־סטאַציעס פון דעם שניי. אין יענער צייט זענען געווען שטאַרקע פרעסט, און נישט איין ייד האָט אָפּגעפרוירן די פיס אָדער די הענט, אויך קיין ביסל וואַסער איז נישט געווען. בין איך געגאנגען קיין נוינא און געבראכט עסן. מיין לעבן איז דאַן געווען אין אַ גרויסער געפאַר. ביז מען האָט געהייסן אַלע צוריקפאָרן אַהיים.

אין אַ דינסטאג 10 אזייגער אין דער פרי איז מען געוויר געוואָרן, אז די יידן פון דאָרף לושקע האָבן זיך נישט צוגעשטעלט אין דער גמינע. דער געביטס־קאָמיסאַר איז אוועקגעפאָרן קיין לושקע, און איז געגאנגען פון שטוב צו שטוב און וועמען ער האָט געטראָפן האָט ער גלייך געהארגעט.

איינמאָל האָבן די דייטשן געכאפט א יידישע משפחה מיט פינף נפשות פון לוביאַז — און דער קאָמיסאַר האָט באַפוילן זיי גלייך צו הרגענען. ווי נאָר דער יודנראַט האָט זיך דערפון דערוווסט, איז מען געגאַנגען צום מערדער און געפועלט ביי אים, אז ער זאָל זיי לאָזן לעבן. און ווען דער קאָמיסאַר האָט באַפוילן, אז די יידן פון די דערפער זאָלן זיך אריבערקלויבן קיין קאָמין און גאָרנישט מיט־ברענגען מיט זיך, איז דער קאָמינער יודנראַט געגאנגען צום קאָמיסאַר און אויסגעווירקט, זיי זאָלן מעגן ברענגען.

דער יודענראַט האָט געשאפן געלט און געשיקט פאַר אָרעמע מענטשן, זיי זאָלן קויפן עסנוואַרג. זיינע מיטגלידער האָבן געמוזט מאַכן גרויסע אַנשטרענגונגען, כדי צו געפינען אַ פלאַץ אויף איינצואָרדענען די יידן אין געטאָ. נישט יעדע פאַמיליע האָט געוואָלט אריינלאָזן אַ שכן, דער יודענראַט האָט אויך איינגעאָרדנט אַ אומזיסטע קיך פאַר 350 נויט־באדערפטיקע. אין דער צייט זענען אָנגעקומען 24 זשאנדאר־מען, האָבן די דייטשן תיכף געפאָדערט פון יונדראַט ער זאָל זיי באַזאָרגן מיט וווינונגען, מיט עסן און טרינקען.

יוני 1942 12 אזייגער ביינאַכט האָבן זיי געגעבן דעם באַפעל אריבערצוגיין אין געטאָ, און מיטנעמען פעקלעך וואָס זאָלן וועגן נישט מער ווי 5 קילאָ. די נאַכט איז מען נישט געשלאָפן, ווייל ביי יעדן ציטערן פון א בוים האָט מען געמיינט אַז די מערדערס גייען, און דער טויט איז געשטאַנען פאַר די אויגן. ווען עס איז טאָג געוואָרן איז מען ארויס צו דער אַרבעט. עסן האָבן מיר פאר אַלע פאר־זאָרגט, אָבער ביי דער אַרבעט האָט נישט איינער פון אונדז זיך געוואַשן מיט בלוט. די שרעק איז געווען גרויס. אויב א פויער האָט נאָר אַ ווינק געגעבן אז אַ ייד ארבעט נישט גוט, האָט ער שוין פארלוירן די אויסזיכט אפילו צו ווערן פארשלאָסן אין געטאָ.

די דייטשע מערדערס האָבן פארטיילט 100 גראַם ברויט א טאָג, אָבער דער יודנראַט האָט געזאָרגט פאַר די נויטבאדערפטיקע, און די איבעריקע יידן האָבן זיך אליין פארזאָרגט דורך פארשידענע וועגן, דורך פארקויפן די פויערים זאכן, א. אז. וו. נישט געווען קיין טאָג מען זאָל נישט מאָרדן איין ייד אָדער צוויי. די פויערים פלעגן מסר׳ן אויף יידן. די דייטשן פלעגן אממייסטן באפאלן דעם געטאָ איינס אַזייגער ביינאַכט. אָט זוכן זיי אַ ייד, און טאָמער האָט מען אים נישט געפונען — האָבן זיי אלס שטראָף גע־הארגעט פול מער יידן. מיר האָבן געקרוגן בריוו פון ראָווגע, לוצק און קאָוועל, מען האָט אונדז געשריבן, אז מיר זאָלן זיך באוואָרענען מיט ארבעטס־שיינען; אנדערע ווידער האָבן געשריבן, אז מיר זאָלן זיך ראַטעווען, ווייל די דייטשן וועלן אלעמען פארניכטן. לייענענדיק די בריוו איז געוואָרן אַ גרויסער טומל אין געטאָ, און יעדער איינער האָט געקלערט וואָס צו טאָן, כדי זיך צו ראטעווען. אָבער אַלע זענען געווען הילפלאָז, האָט מען זיך אָנגעהויבן צו באַהאַלטן; אייניקע ביי באַקאַנטע פויערים, אין וואַלד, אנדערע ווידער האָבן זיך געמאַכט א באהעלטעניש אויפן בוידעם פון שטוב, אָדער געבויט א באהעלטעניש מיט א

דאָפּלטער וואַנט. נאָר די מערדער האָבן אויך די באַהעל־טענישן געפונען, און די איבעריקע מענטשן האָבן זיך פאַרלאָזט אויף גאָטס הילף.

דעם 10־טן אויגוסט 1942 — כ״ז אין חודש אב, עס איז געווען מאָנטאג אין דער פרי, ווען ס׳זענען אַריין די מערדער און געהייסן פאַרלאָזן דעם געטאָ. אַלע יידן, קינ־דער, קראַנקע, אלטע, זענען געיאָגט געוואָרן ביזן בית עולם. דאָרט האָבן זיי דורכגעפירט די „סעלעקציע״ צווישן די צום טויט פאַרמשפטע, און די יעניקע וואָס איז נאָך דערמעגלעכט געוואָרן א צייט זיך צו פייניקן.

נאָכמיטאג האָט מען אריבערגעפירט די יידן נישט ווייט פון די גריבער, וואָס זענען צוגעגרייט געוואָרן דורך די פויערים, און געהייסן אלעמען זיך אויסטאָן נאַקעט און אַלע דערשאָסן. און דער קאָמענדאַנט האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און זיך רואיק צוגעקוקט. די ערד איז געווען פייכט פונעם בלוט און זיך געטרייסלט ווען מען האָט באַהאַלטן די הייליקע אומשולדיקע נשמות. 1700 מענטשן האָט מען דאַן דערמאָרדעט. די אנדערע יידן זענען געבליבן 3 טעג אין לאַגער. נאָכער האָבן די דייטשע מערדערס זיי געהייסן צוריק זיך אומקערן אין געטאָ, דעם געטאָ האָט מען פאַרקלענערט.

## קאַמינער פּאַרטיזאַנער

מיר, די געבליבענע יידן האָבן פאַרשטאַנען, אז ס׳איז אונדז נאָך געבליבן צום לעבן געציילטע וואָכן, עס האָט זיך דאַן געגרינדעט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער. דער ערשטער העלדישער פּאַרטיזאַן אונדזערער איז געווען דב דרוג, און דאַן שרה ביבער, יוסף סגל, פוקס קופערשמיד, מרדכי סטריער, טויזנער, צוויי ברידער ווייסגראס. צו דער צווייטער גרופּע פּאַרטיזאַנער האבן געהערט: זוסיה אינגברג, דוד לערמאַן, יעקב יצחק קרש, בנציון מליק אפרים מליק. צו דער דריטער גרופּע: אבא קלורמאַן, צווייבל, משה פלאט, און אנדערע וואָס איך געדענק נישט זייערע נעמען. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך באַמיט צו צוגרייטן אַ פּלאַץ אין וואלד ווו מען זאָל קענען אנטלויפן און אריבערפירן יידן פון געטאָ אין וואַלד אריין ווי־אויך באַפאַלן דעם געטאָ ווען די מערדערס וועלן אויספירן די לעצטע הריגה.

יוסף סעגאַל פלעגט זיך אריינגנבענען אין געטאָ און איבערגעבן דורך וועלכע וועגן מען זאָל אנטלויפן. מיר האָבן אים מיטגעגעבן אַ ראַדיאָ און געווער, און ער האָט אונדז פאַרבונדן מיט אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געזאלט אינעם טאָג פון דער לעצטער הריגה באַפאַלן דעם געטאָ און דערמעגלעכן די ארום 600 יידן וואָס זענען געבליבן אנטלויפן פון געטאָ.

יוסף סעגאַל איז מער אין געטאָ נישט געקומען, וואַרשיינלעך איז ער געהרגעט געוואָרן. אין איין פרימאָרגן איז געקומען דער קאָמענדאַנט אין געטאָ און געגעבן אַ באַפעל אויסקלייבן 80 יידן פון די 600. מיר האָבן פאַרשטאַנען אז עס דערנענטערט זיך די אלגעמיינע פאַרניכטונג, האָבן מיר ביינאַכט אָנגעהויבן לויפן אין די וועלדער. די 80 יידן האָבן די מערדערס געהרגעט.

אין וואַלד זענען אויך געווען פאַרשידענע רוצחים. בלויז די בוימער פון געדיכטן וואַלד האָבן א יידן באַהאַלטן און נישט אויסגעגעבן...

איך בין אנטלאָפן אין דאָרף זאלאזיע — 20 קילאָמעטער פון קאמין, מיט א גרופּע פון 7 יידן. 3 טעג האָבן מיר געבלאָנדזשעט אין וואַלד, נאָכער האָבן מיר געזען פון דער ווייטנס אַ פויערישע הייזקע. מילא, וואָס האָבן מיר אָנצוווערן? דאָס לעבן הענגט דאָך אויפן קוצו של יוד; זענען מיר אריין אין שטוב און געבעטן דעם פויער ער זאָל אונדז ווייזן ווו עס וווינט דער וואַלד־שומר. דער שומר איז געווען אַן אָרנטלעכער מענטש, און ער האָט אונדז אוועקגעפירט אין וואַלד. פאר זיין פיינקייט האָט ער באַ־צאָלט מיטן לעבן, ס׳זענען צו אים געקומען די דייטשן און באַפוילן ארויסגעבן די יידן וואָס ער האָט באַהאַלטן אין וואַלד, ער האָט אָבער נישט דערפילט זייער באַפעל. האָט מען אים מיט זיין גאַנצער פאַמיליע דערמאָרדעט.

זייענדיק אין וואַלד עטלעכע טעג, האָבן מיר זיך געשפּייזט מיט יאַגעדעס, ביינאַכט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף א שטיין. פאר 4־פיסיקע חיות האָבן מיר נישט מורא געהאט, נאָר פאר די 2־פיסיקע חיות. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך געטראָפן מיט ישראל שמש, טויזנערן און שטערענבוימען. טויזנער האָט דערציילט, אַז ער האָט א פאַרבינדונג מיט פּאַרטיזאַנער אין וואלד נעוויר, ווער די פּאַרטיזאַנער זענען — האָט ער נישט געוווסט. זענען טויזנער, יעקב יפה און אינגבער אַוועק אין וואַלד נעוויר זיך פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער, און פונקט אין יענעם אָוונט וואָס זיי זענען געקומען האָבן די פּאַרטיזאַנער גע־הרגעט אלע יידן פון זייער גרופּע. אינגבער מיט נאָך 2 יידן זענען אנטלאָפן און געקומען צו אונדז אין וואַלד זאלאזיע, געוועהר האָבן מיר געהאט. אזוי ארום האָבן מיר געלעבט 3 חדשים. נאָכער זענען אָנגעקומען די סאָוויע־טישע פּאַרטיזאַנער, זיי האָבן אונדז בארואיקט און דער־ציילט, אז זיי האָבן אַ באַפעל צוזאמענצושליסן אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער גרופּן און קעמפן צוזאמען מיט זיי.

מיר פלעגן גיין אויפרייסן די באַנען און דורכפירן דיווערסיע־אַקטן. איינמאָל האָט דער רוסישער קאָמיסאַר געהערט, אַז דייטשן גרייטן זיך מאַכן אַן אָנפאַל אויפן וואַלד, האָט מען צעשטעלט פּאַטראָלן. דאַן האָבן מיר פון דער ווייטנס געזען רייטערס, און צוערשט האָט מען געמיינט אַז דאָס זענען רוסישע פּארטיזאַנער, ווי זיי האָבן זיך דערנענטערט האָבן מיר דערקענט, אַז דאָס זענען דייטשן. האָט מען זיי באַשאָסן, און ס׳זענען געהרגעט געוואָרן 26 דייטשן, 4 זענען אַנטלאָפן. נאָכער האָט דער קאָמיסאַר געגעבן אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דעם וואַלד. מיר זענען אַריבער אין וועטלער וואַלד, צו די דאָרטיקע פּאַרטיזאַנער. אַזוי זענען פאַרביי טעג און נעכט, וואָכן און מאָנאַטן, ביז דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט אונדז באַפרייט. מיין איינציקער טרוים איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, און דאָס האָב איך — נאָך פאַרשידענע וואַנדערונגען — דערגרייכט.

די ערשטע פאמיליע מיינע — 4 קינדער מיט דער פרוי — איז אומגעקומען. איך האָב איצט אַ צווייטע פאַמיליע — אַ זון מיט אַ טאָכטער, זיי וועלן שוין נישט וויסן די גרוילן וואָס מיר האָבן דורכגעמאכט.

**ברוך פרימאַק**, ניו־יאָרק

# מיין משפחה און מיין שטעטל...

איך בין אַ זון פון פייווע און שרה פרימאַק. ביז 1939 האָב איך מיט מיין פרוי און קינדער געלעבט אין קאַמין־קאָשירסקי. עטלעכע מאָנאַטן נאָך דעם קריגס־אויסברוך, איז אונדזער ליב שטעטל לויט דעם סטאַלין־היטלער אָפּמאַך, אַקופּירט געוואָרן דורך דער רוסישע ארמיי. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז יוני 1941, ווען היטלער האָט אָנגעהויבן זיין מארש אויף רוסלאַנד. דאַן האָט מיך די סאָוויעטישע ארמיי מאָביליזירט.

עס איז אוממעגלעך צו באַשרייבן וואָס איך האָב איבערגעלעבט אויף דעם צוריק־מארש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. ענדע 1941 בין איך אריינגעפאַלן צו די דייטשן אין פלען, דאָס איז געווען אויף דעם לענינגראַדער פראָנט. אזוי האָב איך אדורכגעמאַכט דעם שרעקלעכן ליידנס־וועג; פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן ווו לעבעדיקע יידן האָבן מאַרשירט צום טויט, און אלעס איבעריקע, ביז 1945. סוף כל סוף האָט די היטלעריסטישע אַרמיי געליטן אַ מפּלה, און די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט מיך באַפרייט.

די גאַנצע צייט פון די שרעקלעכע ליידן האָט מיך אויפגעהאַלטן ביים לעבן נאָר דער געדאנק, אַז איך וועל נאָך א מאָל טרעפן מיין פרוי און קינדער. נאָך דער באַפרייאונג בין איך געקומען קיין ביאַליסטאָק, נאָכער קיין לאָדזש, דאָרט האָב איך באַגעגנט קאַמינער, וואָס זענען אויך דורך נסים לעבן געבליבן. זיי האָבן מיר דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן אומקום פון די קאמינער יידן. דאָס איז געווען כ״ז אב 1942, ווען עס איז פאָרגעקומען די שרעקלעכע שחיטה אין קאַמין־קאָשירסקי. עס זענען דאַן אומגעקומען מיין ליבע פרוי פייגע און די טייערע קינדער מיינע — צוויי טעכטער מירל און שרה, און מיינע צוויי זין משה־לייב און מאיר אויך מיין טאטנס שוואָגער מיט דער פרוי חנה פוטערסויבל. מיין ברודער מענדל און פרוי און קינדער, ווי אויך אַלע פון מיין גאַנצער משפחה.

אַזוי האָט אונדזער שטעטל געגעבן זיין טראגישן ביי־טראָג.



יפה פלאָטניק

# חורבן לובעשאָוו

דאָס שטעטל לובעשאָוו איז דורכגעווייקט מיט היסטאָרישן יחוס פון דור־דורות. — מיט גרויסע העלדן, גראַפן און גלחים — אַנפאַנגענדיק פון קאַפּוצינער קלויסטער. אויצוב פּיאַרווו קלויסטער, אין וועלכן דער פּוילישער נאַציאָנאַלער העלד — טאַדעאוש קאָשטיושקאָ האָט זיך געבילדעט. — פאַר מיינע אויגן שטייט מיר נאָך דאָס שילדל ביים אריינגאַנג פון די קלויסטער־צימערן („דאָ האָט טאַדעאוש קאָשטיושקאָ געבילדעט זיין דערהויבענע נשמה") און ווער עס האָט באַזוכט דאָס שטעטל האָט זיכער זיך אַרונטערגעלאָזן אין די קאַפּוצינער טונעלן, וועלכע האָבן זיך געצויגן קילאָמעטערווייז — פון איין קלויסטער צום צווייטן — וועבנדיק לעגענדעס מיט די באַלזאַמירטע קערפּערס פון פיל גרויסע פּוילישע גראַפן און כראַביעס...

אין בוך „1000 יאָר פּינסק" ווערט לובעשאָוו דערמאָנט, מיט איר יידיש לעבן.

פאַר מיין געדענקען איז לובעשאָוו געווען אַ קליין יידיש שטעטל מיט האָראַפּאַשנע יידן — קרעמערס, בעלי־מלאכות, יידן מיט גוטע הערצער. ארומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט א גויאישער באַפעלקערונג — און מיט וועלדער און פעלדער — אין וועלכע מיר אַלס קינדער פון ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פלעגן מאַכן אויספלוגן — באַווונדערנדיק די אַלטע בעטאָנענע אָקאָפּעס פון ביידע זייטן סטאַכאָד — וועלכע זענען געבליבן ווי דענקמעלער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אַלע איינוווינער זיך צעלאָפן אין דער גאַרער וועלט — געטריבן דורך די „פּעטלוראָווצעס" א.אַנ. נאָר רעשטלעך האָבן געצויגן צוריק אַהיים... דער ערשטער ייד, וואָס איז געקומען אין 1922 יאָר, איז געווען „לייזערוק" שפּעטער „וועלוול סטאָליאַר", „שימשוק" א.א.וו. ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דאָס שטעטל געציילט 2000 איינוווינער, אריינרעכנענדיק די אומגעגנט. (באַמערקונג צו די יוצאי לובעשאָוו און פּניעוונא, אז אַלע נעמען פון די אומגעקומענע פון לובעשאָוו און פּניעוונא געפינען זיך אין ארכיוו פון „יד ושם". דאָס איז געווען מיין הייליקע פליכט, וועלכן מיינע ליבסטע און טייערסטע האָבן ארויפגעלייגט שטייענדיק צוזאַמען ביים אומקום ווי צום ביישפּיל די פאַמיליע קרעמער, די טאָכטער לאה קרעמער מיין יוגנט־חברה שפּרינגענדיק אין גרוב האָט זי אויסגערופן צו מיר — שיינדל, אויב דו וועסט בלייבן לעבן בדרך נס, דערצייל מיין משפּחה פון מאַטעלע, וועלכע געפינט זיך אין ישראל — ווי אַזוי זיי זאָלן נעמען נקמה פאַר אונזער בלוט...!)

אַזוי האָבן געדענקט מיליאָנען אין זייערע לעצטע מינוטן, וועגן ווייטן לאַנד, וואָס איז געווען געהייליקט ביי יעדן ייד.

מערקווירדיק איז דער פאַקט, ווי דער קלענסטער זון פון שטעטלדיקן רב יצחק אהרון וויינגאַרטן ז"ל — ישראל וויינגאַרטן, וועלכער איז צו זיינע 20 יאָר געווען א זעלבסט לערנער און אַ גרויסער ליבהאָבער פון אסטראָנאָמיע. ער האָט געהאַט אַ ריזן ביבליאָטעק מיט אור־אַלטע ביכער — האָט אין יאָר 1941, ווען די דייטשע לאַפּע האָט שוין פאַרכאַפּט שטעט און שטעטלעך פון אוקראַינע און אוקראַינישע פּאַגראָמשטשיקעס האָבן געמאַכט א תכלית פון יידיש האָב און גוטס — איז דער ישראלציק געשטאַנען אין געסל נעבן דער גרויסער שול אַרומגערינגלט מיט אַן עדה יידן, געמישט עפּעס אַן אַלטן ספר און פאַראויסגעזאָגט, אז דאָרט שטייט גענוי געשריבן, אז מיליאָנען יידן וועלן אומקומען פון א בעסטיאַלישער מאַכט — און ווער אָבער עס וועט איבערלעבן, האָט ער אויסגערופן מיט פּאַטאָס — דער וועט דערלעבן דאָס אויפשטיין פון א יידישער היים, אין אויסגעבענקטן הייליקן לאַנד, פון די אבות...

די אלולדיקע טעג 1942 זענען געווען די לעצטע טעג פון די רעשטלעך פון לובעשאָוו, פּניעוונא, דערעוואָק, קאָכאַצקאַ־וואָליאַ, לושקה, לושה, ווולקה, וואָרקאַמליע, מאַראָטשנע, לובליאַז און סוטשע.

יום כיפור 1942 האָבן נאָך יידן געדאַוונט אין באַהעלטענישן אין געטאָ און זיך געטרייסט מיטן „שמע קולנו" — אין דער שטיל באַגיסנדיק זיך מיט בלוטיקע טרערן — אַז דער שומר ביים געטאָ־טויער זאָל נישט דערהערן חס וחלילה...

דער געטאָ פלויט מיטן טויער און די 7 מאַסן־גריבער האָבן געהערט דאָס פאַרשטיקטע געוויין פון די פאַסטנדיקע יום־כּיפּורדיקע דאַוונער — נאָר ליידער צו וועמען דאָס הארץ־געשריי און געבעט איז געווען געווענדעט — דער האָט פאַרמאַכט די שערי־רחמים... צוזאַמען מיט דער אַרומיקער וועלט.

דעם 3.12.1942 איז פאָרגעקומען די לעצטע אַקציע אין לובעשאָוו און אומגעגנט.

קיין לובעשאָוו זענען צונויפגעטריבן געוואָרן יידן פון פיל אַרומיקע דערפער ווי פניעוונא, לאַכווע, סוטשע, מאַלא גלושי, טששעטין, מאַכאטנע, קוכאַצקע וואלע. פון די אויבנדערמאַנטע דערפער, אויסער פניעוונא איז קיין זכר נישט געבליבן.

צו דער לעצטער שחיטה פון דעם 1־טן דעצעמבער האָבן מיר געציילט נאָר 300 נפשות. פון זיי זענען אפילו קיין צען נישט געבליבן.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז פיל לובעשאָווער יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די מערדער — סיי קעגן פּאָגראָם, סיי ביי ליקווידירן דאָס געטאָ.

פון די קעמפער ווילן מיר דאָ אָנגעבן דעם נאָמען פון העלדישן 18־יאָריקן פּאַרטיזאַן כאַצקל זשעלעזניאַק, וואָס האָט אַראָפּגעלאָזן פון די רעלסן פיל נאַציִשע צוגן און איז געפאַלן אין יאָר 1944 ביים באַפרייען טשעכאָסלאָוואַקיע אַלס פּאַראַשוטיסט.

אין שטעטל בושעווען באַנדעס. זיי האָבן זיך שוין אַביסל אָנגעזעטיקט מיט יידיש האָב און גוטס אויך מיט יידיש בלוט. היינט דראָען זיי אז ס׳וועט קומען היטלער וועט ער זיך שוין אָפּרעכענען מיט די יידישע קאָמוניסטן... אין צווישנצייט דערגייען קלאַנגען פון פּאָגראָמען פון שטאָט און שטעטל, און איבערהויפּט אינטערעסירט אונדזער פאַמיליע דער שיקזאַל פון מיין ליבער שוועסטערל מרימקע וועלכע געפינט זיך ביי אונדזערע קרובים אין לוצק.

וועגן לוצק דערציילט מען אז זי איז צעקלאַפּט, און דער דייטש פירט דאָרט איין „אָרדענונג". אלע וועגן זענען באַזעצט פון רויבער — נישטאָ קיין אויסגאַנג פון אונדזער קריטישער לאַגע.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער. די צערויבטע שטוב האָט געטריבן פון זיך, איך בין געשטאַנען מיט סימה רודינסקין און מיר האָבן גערעדט וועגן שנעלן און פלוצלינגן טויט פון איר מוטער, מיר האָבן זיך צוגעקוקט ווי עס פליען זילבערנע עראָפּלאַנען מיר לערנען זיך טרעפן וועמענס זיי זענען. אין דעם קומט צולויפן מיין פאָטער און ברענגט די בשורה אַז מרימקע איז דאָ. זי האָט געזען דעם דייטשס אריינקום. זי האָט דערציילט ווי אַזוי ער האָט אין דער ערשטער נאַכט שוין געמאַכט כאַפּערייען אויף יידן פון צוויי גאַסן „ווולקע" און „יאַגעלאָנסקע" גאַס. 2000 מענער האָבן זיי פאַרכאַפּט באַנאַכט פון די בעטן. טראָץ דעם וואָס מ׳איז זיכער אז די מענטשן לעבן שוין מער נישט, דאָך לאָזט זיך נאָך דער מערהייט נישט גלויבן — און מ׳טרייסט זיך אז זיי אַרבעטן ערגעץ ביי די דייטשן, אזוי גלויבן די לוצקער יידן.

מיין טייער שוועסטערל האָט זיך אליין געלאָזט אין ווייטן וועג אַהיים, דער וועג האָט געדויערט 10 טעג, דורך שטעט און שטעטלעך וועלכע געפינען זיך אויפן וועג פון לוצק ביז לובעשאָוו. אַ ערך פון 170 קילאָמעטער. אויפן וועג זאַמלענדיק ידיעות פון לובעשאָווער גרויסן פּאָגראָם.

מרימקע איז געווען זיכער אז פון איר פאַמיליע וועט זי שוין קיין זכר נישט געפינען... אזוי איינזאַם — געיאָגט צייטוויז פון קליינע שקאָמצימלעך און פאַסטוכער האָט זי אויסגעהערט דאָס וואָרט „זשידוווקא" נאָר דערגרייכט האָט זי די היים. אַ צערויבטע, אַ צעשטערטע, נאָר די גאַנצע משפחה א לעבעדיקע.

פון טאָג צו טאָג דערוואַרטן מיר דער מאַכט, און ענדליך איז זי געקומען. אַן אָפּטיילונג רייטער אויף פלינקע פערדלעך אויסגעפוצטע אין בלומען, אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן היטלען מיט „טויטע קעפּלעך" זענען אריינגעקומען אין שטעטל פון לובליאַזער זייט, אין דאָרף „ליובלאַז" האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט לענגער, זיי האָבן נאָך געטראָפן שפּורן פון די יידישע הרוגים — און זיי האָבן פאַרלאַנגט די וועלכע האָבן עס געטאָן. די העלדן האָבן זיך גלייך געמעלדעט איבערגעבנדיק דעם באַריכט אז זיי האָבן 24 יידן געטויטעט. זיכער זייענדיק אז זיי וועלן באַקומען דעם געהעריקן לוין. זיי האָבן זיך ביטער ענטוישט. די דייטשן האָבן זיי געשאָסן אין די אויגן פון גאַנצן דאָרף — אויפן בערגל. ווייל הארגענען יידן געהערט נאָר צו דייטשן...

דעם 22.7.1941. אין דער ערשטער ריי האָבן זיי געפאָדערט 20 יוגענטלעכע צו דער אַרבעט צו עפּעס א נאַענטער בריק. די יידן האָבן זיך פרייוויליק געמאַלדן, דער „לובליאַזער פּאַל" האָט געגעבן צוטרוי אז זיי טויטן נישט. ארבעט האָט דאָך קיינעם נישט געשראָקן. געהייסן האָט עס אז מ׳פירט זיי נאָך „לובליאַז" אין דער שקאָלע וווּ זיי דארפן איר אויסקאַלכן און שפּעטער וועלן זיי דאָרט אויפשטעלן דעם צעשטערטן דורך די סאָוויעטן קליינעם בריק. ליידער פון דער ארבעט איז קיינער נישט צוריקגעקומען. זיי האָבן פאַר זיך אליין א גרוב געגראָבן,

האָבן שפּעטער דערציילט די פּויערים. נאָך פיל מוטשען זיי, האָבן זיי די דייטשן פאַרשאָטן.

דעם זעלבן שבת האָבן זיי געבושעוועט אין שטעטל גערויבט וואָס עס האָט זיך געלאָזן געשפּאַסט פון יידן, אויסגעשמירט עטלעכע יידן מיט סאַדזע און זיי צוגעבונדן צו אַ ווײַדל פון אַ פערד שלעפנדיק אַזוי איבערן גאַס... גלייך איז געוואָרן איינגעפירט אַן אויסנאַמס־צושטאַנד פאַר יידן: נישט גיין אויפן טראָטואַר, אָנטאָן אַן אָפּצייכונונגס לענטע. אַ ווייסע לענטע מיט אַ מגן־דוד אויפן אַרבל. גלייכצייטיק האָבן זיי געצוואונגען די יידן צו מאַכן אַזויגערופענעם „יודן־ראַט" צו וועלכן מ'האָט געדאַרפט אויסוויילן 3 מענטשן, וועלכע זאָלן צושטעלן פאַר די דייטשן אַלץ אויף זייער פאַרלאַנג.

מיר איז שווער צו פאַרגעסן דעם טאָג פון דער „וואַלאַקציע". אַ טאָג פאַר ראש השנה די יידישע עדה האָט זיך פאַרזאַמלט אין שול בכדי צו אויסקלויבן אַ פּאַסיקן מענטשן וועלכער זאָל באַזיצן מער ווי יושר, מער פון דאָס וואָס מקען אָנרופן „גערעכטיקייט", ווייל אין זיין האַנט ווערט איבערגעגעבן דער שווערער תפקיד אין אַ סכנה'דיקער גרויזאַמער צייט. דערפאַר האָט קיינער נישט געפעלט צום שטימען — יעדער האָט גוט פאַרשטאַנען וואָס עס איז די אויפגאַבע פון אַ געוויילטן יודן־ראַט.

גראָד אין דעם טאָג בין איך און מיינע צוויי שוועסטערלעך געלעגן אין בעט מיט אַ שטאַרקן פיבער (ווייל עס האָט געהערשט אין גאַנצן שטעטל אַ „קרעץ"־עפּידעמיע) און מיר האָבן עס געהאַט אויפן שטאַרקסטן פאָרמאַט, מיט וואָס צו היילן איז נישט געווען. אַזוי ליגנדיק אין אומ־מענטשלעכע יסורים איז דערגאַנגען צו אונדז דער קלאַנג אַז מיין פאָטער האָט מען אויסגעוויילט אַלס מיטגליד אין יודן־ראַט.

ווען מיין פאָטער איז געקומען אַהיים האָט ער געטראָפן יום־כפור אין שטוב. אַלע קינדער זענען געלעגן און געוויינט. מיר האָבן געבעטן ער זאָל זיך נישט אינטערנעמען אויסצופילן היטלערס באַפעלן. טראָץ דעם וואָס מענטשן האָבן מיר איינגערעדט ווי אויך דער פאָטער האָט געגלויבט אַז ער וועט באמת ריכטיק האַנדלען און ערלעך אויספירן אַלץ לטובת די יידישע ברידער, דאָך האָט מיין האַרץ מיר עפּעס אַנדערש דיקטירט, און איך האָב אויף אייגענער האַנט געטאָן אַלץ בכדי מיין פאָטערס שטעל זאָל אַ צווייטער אויספילן. ווען איך האָב דורכגעפירט מיין פּלאַן, און מיין פאָטער איז נישט אַריינגעגאַנגען אין יודן־ראַט, האָבן פיל מענטשן דאָס געהאַלטן פאַר אַ נאַרישן טאַט, ווייל יעדער וואָלט מיט פרייד דאָס אָנגענומען, טראַכטנדיק אַז ער וואָלט געקאָנט שטענדיק אין יעדער צייט זיך און זיין משפחה פאַרטיידיקן. נאָך איך האָב געזאָגט אויב גאָט וועט אונדז דאַרפן אָפּהיטן דאַן פאַרלאָזן מיר זיך שוין אויף אים

אויפן פאָטערס אָרט איז געוויילט געוואָרן שמחה קופּערמאַן. דאַן האָבן מיר „חיימס קינדער" שטיל און געהאַכזאַם אויסגעפילט אַלע באַפעלן פון יודן־ראַט שפּירנדיק אַז דאָס פאָדערט די שעה.

אין משך פון דער צייט האָט דאָס שטעטל געהאַט אויסצושטיין פיל צרות, שאַנדע, הונגער און נויט. אַ קורצע צייט איז שטיל געווען מיט די אַקציעס פון מענטשן. עס איז פאַרלויפיק אַריין אין קראַפט די גאָלד „קאָנטריבוציעס". נישט לייכט איז זיך געווען צו צעשיידן אַ יידן מיט זיין ירושה'דיקעס גאָלד וואָס ער האָט לאַנגע דורות אויסבאַהאַלטן פון שרפות אין מלחמות.

דעם דריטן מאָנאַט פון יאָר 1941, פּורים איז עס געווען האָט דאָס גאַנצע שטעטל געפּאַסט פּונקט ווי אין אַ יום כפּור־טאָג. אַ גרויסער עולם איז געווען פאַרזאַמלט אין שול און געבעטן גאָט. דער אַלטער רב האָט געבענטשט דער עדה.

אין מיטן טאָג איז געקומען די בשורה אַז אַ גרויסע גרופּע זעלנער דערנענטערן זיך פון דער באַן־ליניע צום שטעטל. גלייך מיטן אָוונט האָבן זיך צעשראָקענע יידן פאַרמאַכט אין די שטיבער. און געזעסן אין שרעק.

די נאַכט איז געווען גרויזאַם. קיין איין הויז איז נישט געוואָרן געשוינט. דייטשן מיט אוקראַינישע פּאָליציי האָבן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך אין די הענט געקלאַפּט אין יעדער שטוב אוועקנעמענדיק די מענער, מיטן אויסרייד אַז זיי זוכן „יידן קאָמוניסטן". נישט געהאָלפן האָט דאָס געוויין פון קינדער, פרויען און אפילו נישט קיין געלט — אויב עס האָט עמיצן איינגעפאַלן זיך ביי זיי אויסצוקויפן.

ווען מיר האָבן געהערט אַז אונדזער שכן שלעפּט מען מיט געוואַלד אַרויס פון שטוב האָב איך דעם פאָטער געהייסן זיך איבערדעקן מיט דער קאָלדרע און דער קלענסטער שוועסטערל האָב איך געלייגט אויף דער בעט. אַזוי אַז דאָס האָט זיך מיר געדוכט איז דאָס בעסטע באַהעלטעניש. וואָס עס האָט מיר געלונגען אין איין מינוט צו באַטראַכטן. מיט אַ שטורעם האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. איך האָב זיך נישט פאַרלאָרן אין געעפנט די ריגלען פון דער טיר. אויך האָט מיר נישט אָפּגעשראָקן די אָנגעשטעלטע רעוואָלווערן קעגן מיר. אויף דער פראַגע ווו איז דער פאָטער האָב איך דאַן אָנגעפאַנגען צו וויינען און געזאָגט אַז די מינוט איז דאָ געווען אַ גרופּע וועלכע האָט דעם פאָטער צוגענומען און איך האָב זיך ביי זיי געבעטן זיי זאָלן מיר צוריק ברענגען

דעם פאָטער. זיי האָבן זיכער געוועזן אַז איך זאָג אמת, נאָר דאָך האָבן זיי יעדער צימער דורכגעזוכט און יעדעס בעט באַטראַכט און זיי זענען אַוועק. (ווער קאָן זיך פאָר־שטעלן דאָס געפיל ווען א דייטש האָט אַ שלעפּ געטאָן די קאָלדרע און ווען ער האָט דערזען אַ שיין קינדעריש פּנימ'ל האָט ער געזאָגט מיט אַ חוזק: אַ שאָד וואָס דו בינסט אַ יידישע..) דער פאָטער איז געווען בלאַס, און זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען: „אצינד טייערע קינדער זע איך אַז איר האָט בעסער פון מיר פאַרשטאַנען וואָס עס איז די אויפגאַבע פון אַ יודן־ראַט, און אַ דאַנק אייך בין איך נצול געוואָרן פון דעם. נישט צו דאַרפן ארויסגעבן די אייגענע ברידער".

צוגלייך מיטן טאָג האָט זיך געטראָגן פון אַלע זייטן אין שטעטל געוויינען. קיינער האָט דעם טאָג די גאַס נישט באַזוכט. ווען עס איז טונקל געוואָרן זענען זיך שכנים צענויפגעקומען, און דאַן האָבן מיר זיך דערוווּסט דעם סך־הכל פון דער כאַפּערישער נאַכט: 70 יידן מיטן רב און צוויי זין משה און סרוליק זיצן אויך איינגעשפּאַרט אין קעלער פון (משה אהרון) מ'זאָגט אַז מ'וועט זיי אויספּאַרשן און שפּעטער אַרויסלאָזן...

ווען טיר און לאָדנס זענען צוריק געשפּאַרט געוואָרן, האָט זיך געלאָזט הערן געצייל'טע שאָסן, אַ סימן אַז קיינער זאָל אין גאַס נישט ארויסגיין, דורך שפּאַרעס פון לאָדן האָבן מיר געזען ווי מען פירט יידן צום טויט...

**יהושע שווארץ**

# קיינמאָל וועל איך עס נישט פאַרגעסן

פון יענער טרויעריק פינסטערער צייט,
כאָטש ס'זענען אדורך שוין פיל יאָרן,
דאָס ארעם שטעטעלע לישע,
וועט אייביק מיר בלייבן אין זכרון.

אויף דאָרט האָט געגרייכט די בלוטיקע האַנט,
פאַרשפּרייט אַ מערדערישע שליטה,
געמאַכט די קדושים צו שפּאָט און צו שאַנד,
און געטריבן דערנאָך צו דער שחיטה.

פאַרגעסן טאָר מען נישט, חלילה,
אונדזער חרוב געוואָרענע קהילה;
אייביק געדענקען דעם ביטערן סוף,
דעם טאָג כ"ז באב.

געדענקען און שטענדיק דערמאָנען,
דעם חורבן הבית השלישי,
אויף קדוש השם אומגעקומענע מיליאָנען,
צווישן די קדושים — די יידן פון לישע.

**פעסל פערליס**

# מערדערייען אין ווולקע זאלאכאוו און אין דיווין

מיר זענען דריי שוועסטער מייטע, פעסל און רייזל.

עס ברעכט אויס די דייטש־רוסישע מלחמה. עס ווערט אַ פּאַניק, מען מוז פאַרלאָזן דאָס שטעטעלע לובעשאָוו, ווו מיר געפינען זיך דאַן. די מערהייט בעאמטע מיט די פירערס פון דער רוסישער פּאַרטיי, אַלע צוזאַמען גייען אַוועק צו דער רוסישער גרענעץ, דאָס הייסט טיפער קיין רוסלאַנד, צוזאַמען מיט זיי גייט אַוועק מיין קוזין יואל שווידעס.

מיר אַלע דריי שוועסטער קערן זיך אום אהיים קיין ווולקע־שטשיטינסקע. ביי מיינע עלטערן איז געווען א גרויסע פרייד דערזעענדיק אונדז, גלייך איז געקומען אונדזער מומע בלומע פרעגן זיך אויף איר זון, מיר האָבן איר איבערגעגעבן אַ גרוס אז ער איז אַוועק מיט אַלע פּאַרטיי־לייט, ער האָט מורא געהאַט צו קומען צוריק אין דאָרף, ווייל ער האָט געאַרבעט אין פינאַנדעל (שטייעראַמט). בלומע האָט זיך

שטאַרק צעווייִנט אויף דעם אומגליק, וואָס איר זון איז אַוועק. זי וואָלט אים באַהאַלטן ביי זיך אויפן בוידעם — האָט זי געזאָגט, אָבער עס איז שוין געווען פאַרפאַ"ן. מסתמא האָט זי געהאַט נישט ווייניק פאַרדרוס וואָס מי' האָבן אים געלאָזט פאָרן.

געציילטע טעג אָדער וואָכן און די דייטשן פאַרנעמען אונדזערע געגנטן. עס גייען אַרויס פון די טורמעס פאַרשידענע באַנדיטן, און צווישן זיי איז פאַראַן איינער מיטן נאָמען קלישטשינסקי, אַמאָל געווען אין אַריכעווע אָזיערע, ער מיט נאָך איינעם, קוזמין, זיי גייען אַרום אין די דערפער און הרגענען יידן.

די ערשטע קרבנות פון זיי זענען די זאַלאַכאָווער יידן. חנה שיינדל גראַבאָוו קומט צולויפן קיין וואָלקע צו באַראַוויכען. זי באַהאַלט זיך ביי איר און גלייכצייטיק בעט זי ביי איר זי זאָל צוויסן טאָן די יידן פון וואָלקע, וואָס עס האָט פּאַסירט אין זאַלאַכאָווע און עס ווערט ווידער אַ פּאַניק צווישן די 6 יידישע משפחות. אַלע קלייבן זיך צוזאַמען עס איז נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן, ווייל אונדזער דאָרף איז 3 ק"מ פון יענעם דאָרף. די באַנדיטן קענען באַלד אָנקומען. מען פאַרלאָזט די הייזער און מען גייט קיין ליקעווע אויפן וועג קיין דיווין.

מיר קומען מיט דער גוטער בשורה צו יודלס פאַמיליע, וועלכע געפינט זיך אין ליקעווע. זיי נעמען אונדז אַלעמען אויף, מען גיט אונדז עסן און טרינקען. מיר ווילן גיין אין קליין שטעטעלע דיווין, דאָרטן האָבן מיר אַ פעטער מיטן נאָמען נח אָסאָווסקי די מומע גיטל און 4 קינדער. דערווייל פון יעדע פאַמיליע כאַפּט זיך ווער אַראָפּ צו זיך אין דאָרף אַריין, כדי קענען עפּעס אַרויסטראָגן פון שטוב צו גוייִשע שכנים, ווי אויך קריגן וואָס צום עסן. ווייל חוץ דאָס לעבן־פּראָבלעם האָט געשפּילט א גרויסע ראָל דאָס עסן־פּראָבלעם, איינס איז געבונדן מיטן צווייטן. אויסרעכענענדיק אַז דעם זעלבן טאָג דאַרף מען זיך אומקערן צוריק אין שטעטל אַריין מיין פאָטער ז"ל איז אויך געווען צווישן די, וועלכע זענען געפאָרן אין דאָרף אַריין. יעדער ייד איז געווען ביי אַן אַנדער גוי מען האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז אין פאַל ווען די באַנדיטן קומען אַריין זוכן יידן, וועלן די גויים צו וויסן געבן, מען זאָל זיך באַהאַלטן. אָבער צום גרויסן אומגליק איז מיין פאָטער פּונקט געגאַנגען אין גאַס פאַרטראַכט, אַראָפּגעלאָזן די אויגן, דער באַנדיט איז געשטאַנען אין אַ פענסטער פון א שכנ'ס הויז און דערזען מיין טאַטן, איז ער אַרויסגעלאָפן מיט א ביקס אַן אָנגעהויבן שיסן נאָך אים. מיין פאָטער האָט געפּרוווט אַנטלויפן, האָט ער אים צוויי מאָל געשאָסן און ער איז געבליבן ליגן אַ טויטער.

דער גזלן האָט אָנגעשראָקן די גויים אַז מען זאָל אים נישט צונעמען, ווייל ער וועט זיך מיט זיי אויך רעכענען. נישט קוקנדיק אויף דעם האָט אונדזער שכן לעבאַן אַריינגעטראָגן דעם טויטן קערפּער אין שייער אַריין. די אַלע איבעריקע יידן דערהערנדיק פון אומגליק האָבן ביינאַכט פאַרלאָזט און אַוועק קיין דיווין. מיין זיידע דוד ז"ל האָט גענומען א פור פון דיווין, מיט דער מאַמען אַוועקגעפאָרן ביינאַכט און געבראַכט דעם טאַטנס טויטן קערפּער אויפן הייליקן אָרט קיין דיווין.

אין אַ קורצער צייט נאָך דעם הערט מען אַז דייטשן קומען אָן פון קאָברין קיין דיווין. דאָס זענען געווען די ערשטע דייטשן. מען האָט געגעבן אַ באַפעל אַז מאָרגן דאַרפן אַלע יידן אַרויסגיין אין מאַרק און מען האָט געגרינדעט א יודנראַט. בראש פון יודנראַט איז געשטאַנען אברהם ענגעל. די וואָלקער יידן פרעגן דעם יודענראַט וואָס דאַרפן זיי טאָן, צו זיי מוזן אויך זיין, ענטפערט מען, וואָס זיי ווילן קענען זיי טאָן ווייל זיי זענען נישט פאַרשריבן אין דער ליסטע. דאַן הויבט מען אָן צו קלערן וואָס צו טאָן, כדי עס זאָל זיין גוט און מען קלערט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטעלע און גיין אויפן וועג קיין ליקעווע, דאָרט זענען פאַראַן גרויסע וועלדער ווי אויך כוטערעס אַרום שטעטל, מען וועט זיך קענען באַהאַלטן. ביז מען וועט עפּעס הערן. דער עיקר אַלע מענער מיט די עלטערע ייִנגלעך פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַלע פּרוּוען בלייבן אויפן אָרט, ווייל עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אַז פרויען טשעפּעט מען נישט און נאָר מענער נעמט מען צו דער אַרבעט.

אַזוי איז געווען. אויף מאָרגן פרי זענען געקומען די דייטשן און אַלע מענער זענען אַרויס צום פּלאַץ. מען האָט איבערגעקוקט די ליסטע פון אַלע פאַרשריבענע און עס האָט געשטימט. עטלעכע פון די יידן האָט מען אויסגעקליבן און געגעבן פאַרשידענע אַרבעטן, ווי פּוצן די שטיוול פון די דייטשן און זייערע פערד. נאָך אַ קורצער צייט האָט מען געשיקט אַלעמען צוריק. די פרייד איז דאַן געווען זייער גרויס. אַלע זענען געבליבן לעבן.

די דייטשן פון דיווין פאָרן קיין קאַמין־קאַשירסקי דורך דעם וועג ליקעווע און וואָלקע שטשיטינסקע. אויפן וועג פון ליקעווע נישט ווייט פון א גויישער שטוב, אַ כוטאַר, טרעפן זיי אָן צוויי יידן אַרויסגיין פון וואַלד אָדער אויפן וועג. דאָס איז געווען מיין פעטער חיים קאַפּלאַן און דער צווייטער הערשל בלומענקראַנץ. מען לעגיטימירט זיי און גלייכצייטיק שיסט מען זיי. די זעלבע דייטשן גייען אַריין צום גוי און זיי גיבן אַ באַפעל ער זאָל באַהאַלטן די טויטע יידן. אין אַ שעה שפּעטער קערן זיך אום די דייטשן זען צו

דער גוי האָט אויסגעפירט זייער באַפעל. זיי זאָגן אים אז ער זאָל אין ערגעץ נישט ארויסגיין. די איבעריקע מענער וועלכע האָבן פארלאָזט דיווין קערן זיך אום צוריק אין שטעטל אריין און זיי דערציילן, יעדער באַזונדער, פארשידענע נסים ווי זיי זענען געראטעוועט געוואָרן, ווייל בשעת זיי האָבן פארלאָזט דאָס שטעטל איז קיינעם נישט איינגעפאַלן אז די דייטשן וועלן אויך גיין מיט די וועגן, דעריבער איז אומגעריכט אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט זיי. אַלע ווולקער קוקן אויס חיים׳ען מיט הערשלען און נאָר זיי פעלן. עס זענען פאריבער עטלעכע טעג און מען קלערט שוין שטאַרק איבער. אפילו ווען מען הרגעט זיי וואָלט אַ פייגעלע פון בוים אויך געקומען אָנזאָגן. דערנאָך קומט צוגיין דער זעלבער גוי צו דעם בעל עגלה אלטער, און דערציילט די גאנצע געשיכטע. ער האָט פשוט מורא געהאט פריער ארויסצוגיין פון זיין שטוב. מיין זיידע און נאָך איינער פאָרן אוועק און מען ברענגט זיי צו קבר ישראל. עס איז זייער שווער פאָרצושטעלן זיך אין יענע צייטן צו קריגן עמיצן, ווייל ווען די דייטשן טרעפן אפילו פירנדיק די טויטע קערפערס, שיסט מען גלייך אוועק. אין יענע צייטן איז דער דראנג צו לעבן געווען זייער שטאַרק.

דאָס גאנצע שטעטל טרויערט אויף די ערשטע קרבנות. דער יאָרצייט פון די צוויי אויבנדערמאַנטע קדושים איז — תשעה באב 1941. חיים קאפלאַן לאָזט איבער אַ פרוי מיטן נאָמען מלכה מארקוזי פון ראטנע און דריי קליינע קינדער, די עלטסטע טאָכטער פערל דאָס צווייטע קינד יוסף און דער דריטער מאָטל. הערשל בלומענקראנץ לאָזט אַ פרוי מיטן נאָמען רייזל קאגאן און צוויי יינגלעך, דער עלטער מענדל און דער צווייטער שמואל.

נאָך געציילטע וואָכן זיין אין דיווין, האָט מען אָנגעהויבן פילן דעם הונגער און מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי זיך אומקערן צו זיך אהיים. מען באשליסט ווענדן זיך צום קאָברינער יודענראַט נאָך אן עצה כדי אָפצוראמען דעם גזלן פון זאלאכאָווע. די דייטשן אליין זענען פאראינטערעסירט ווייל גזלנים וואָס ארבעטן אויף אייגענער האַנט האָבן זיי נישט ליב. מען שיקט ארויס צופוס מיין שוועסטער מייטע, וועלכע איז געבליבן לעבן פון די דייטשן און יעצט געפינט זי זיך אין רוסלאנד אין שטאָט ראָוונע און די צווייטע סימע קאפלאַן, וועלכע איז אומגעקומען אין לזבעשאָווער געטאָ. דער יודענראַט פון קאָברין זאָגט צו אַז זיי וועלן זיך סטארען עפעס צו טאָן אין דעם. גלייכצייטיק דער קאַמינער יודענראַט שוויגט אויך נישט, ווייל אין דער צייט האָט ער נאָך אַ סך יידן געהרגעט למשל אין סאדראוויטש. מען לאָזט זיך קאָסטן און די דייטשן הרגענען אַוועק דעם גזלן.

אַלע געבליבענע פון ווולקער יידן קומען צו זיך אהיים און יעדער אָרדנט זיך איין ביי זיך. עסן פעלט נישט אָבער שרעק און פחד אויך נישט. עס הויבן אָן צו קומען פארשידענע קלאנגען. חוץ דעם ווערט א פאָסטערונעק פון אוקראינישע פאָליציאַנטן נישט ווייט פון ווולקע אין דאָרף זאלאכאָווע און זיי הויבן אָן צו קומען יעדן מאָל צו די ווולקער יידן, יעדער ייד וואָס האָט עפעס פארמאָגט האָט זיי געגעבן, פון עסן און טרינקען און אויך מלבושים, מען האָט זיי איינגעשטילט. אין א קורצער צייט אַרום קומט אַ באַפעל אַז אַלע יידן פון ווולקע דאַרפן קלייבן זיך אין קאמינער געטאָ, חוץ בעלי מלאכות. דאן בלייבט אויפן אָרט זיצן מיין זיידע דוד קאַפלאַן מיט זיין שנור מלכה און דריי קינדערלעך, אויך יוסף לייזער מיט זיין פרוי רחל און טאָכטער סימע, צוויי פאמיליעס.

די איבעריקע יידן פארלאָזן אלץ און מען פאָרט אין קאמינער געטאָ. מיין מאמע מיט פינף קינדער קומען אין שטוב פון פעטער פסח הערש ז״ל. מיר קריגן א צימער און מען הויבט אָן אויפסניי דאָס לעבן. מיין מאמע צביה ז״ל גייט צום יודענראַט בעטן ארבעט. ווייל מען האָט געהערט אז ווער עס האָט ארבעט האָט גרעסערע שאנסן צום לעבן. און זי סטארעט זיך אויס פאַר מיר ביי דער באן ביי האָלץ ארבעטן. דאָס איז געווען א גאנצע „קבוצה״. פון מיידלעך. מירל קטן, פיניע ביבער, דאבע אברוך, טשערטאָק שרה, דוואָשקע מאראנץ, שרה מאראנץ און נאָך א סך אַנדערע. בראש איז געווען דערעסעוויטש. דאָרט ארבעט איך ביזן סוף פון דער ליקווידאַציע. די קלענסטע שוועסטער מיינע רייזל ארבעט ביי אויסנייען אין ארטעל. מיין ברודער שלמה ארבעט ביי תבואה, ביי דער באַן.

די עלטערע שוועסטער מיינע, וואָס איז געבליבן לעבן, מייטע, וואָס געפינט זיך אין רוסלאַנד, האָט געארבעט ביי אַ פאָליאטשקע אַלס דינסט און די פאָליאַטשקע האָט אויסגעארבעט א פראפוסק ווייל זיי האָבן געארבעט ביי די דייטשן. ארבעטנדיק דאָרט האָט מיין שוועסטער מייטע באקאַנט זיך מיט א שכנה פון דאָרט מיטן נאָמען פיסעצקא. זי האָט געפרווט איר פאָרלייגן אין פאַל ווען מען דאַרף, צו זי איז מסכים ארייננלאָזן איר פאַמיליע באַהאַלטן זיך. זי האָט איר גלייך געענטפערט: „פארוואָס נישט?״ און געוויזן אז אויפן בוידעם קען מען זיך באַהאַלטן און מען דאַרף ארויפגיין דורך דער קיך ווו מען באקט ברויט. מיין שוועסטער האָט דאָס גוט גענומען אין געדאַנק אריין און ווען עס איז פאָרגעקומען די ערשטע שחיטה אין קאמין זענען מיר אלע געווען אויפן בוידעם ביי איר און צוזאַמען מיט אונדז יעקב קצב. אויף

אונדזערע פּראָפּוסקן זענען אַרויס עטלעכע מיידלעך, האָבן מיר געהערט.

נאָך דער ערשטער שחיטה זענען מיר געבליבן לעבן און גלייכצייטיק קלערט מען ווער ווייסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען, דאָס פאַרקלענערט דעם גרויסן טרויער נאָך אונדזערע געפאַלענע, ווייל יעדע מינוט שטייט אונדז דער טויט פאַר די אויגן. דערפאַר איז דער דראַנג: צו לעבן גרויס אָן אַ מאָס. מיין מאַמע ז״ל זאָגט: „איין מינוט וויל איך לעבן, דערלעבן היטלערס מפּלה״.

אין געציילטע וואָכן אַרום קומט פאַר די לעצטע שחיטה אונדז אַלעמען געלינגט ווידער אַרויפגיין אויפן בוידעם צו פּיסעצקען. מען הערט אַז אויף אַלע בוידעמער זוכט מען און מען האָט אַ סך געפונען. ווי אויך די שכנה וווּ מייטע האָט געאַרבעט איז געקומען פרעגן פּיסעצקען, אפשר האָט זיך אַמאָל מייטע באַהאַלטן ביי איר. עס ווערט שלעכט דאָס צו הערן. עס איז ממש אַ רחמנות אויף אַ גוטער קריסטן און מיר באַשליסן מאָרגן פרי אַזייגער 4 פאַרטאָג אַרויסגיין פון שטאָט ווען די וואַך איז נאָך נישטאָ, און גיין אויפן וועג קיין ווולקע. מיר פאַרלאָזן איר. זי איז זייער אָרעם, קיין ברויט גיט זי נישט מיט.

מיר זענען אַרויס בשלום פון שטאָט, אָבער גלייך אַריינגיין אין וואַלד האָט מען נישט געקענט, פּאַסטעכער פּאַשען דאָרט בהמות, עס איז אויסגעקומען אַדורכצוגיין די אַלבלער גרעבליע און דאָרט האָט מען געכאַפּט דער מאַמע צביה מיט אַ שוועסטער און אויך דעם ברודער שלמה, דערווייל האָט מיך מיט מייטען געכאַפּט אַ שגץ און אונדז געהייסן אויסטאָן די שיך מיט די זאַכן, ווייל סייווי דאָרט כאַפּט מען אַלע און מען וועט זיי הרגענען. דערהערנדיק דאָס זענען מיר אַריין אין בלאָטעס ביז וואַנען מיר זענען צוגעקומען צו אַ שטוב, געבעטן אַ שטיקל ברויט און אויף ביינאַכט געלאָזט זיך גיין אין וועג אַריין. אַ גאַנצע וואָך זענען מיר געגאַנגען אין צווייען ביז וואַנען מיר זענען אָנגעקומען קיין ווולקע צו אונדזער גוי יאַפּטוך. ער האָט אונדז דערציילט אַז ער האָט געהערט אַז אונדז אַלע האָט מען געכאַפּט און געהרגעט. ביינאַכט, זיצענדיק דאָרט קומט מיין ברודער איסער, וועלכער געפינט זיך יעצט אין חיפה. ער איז אַנטלאָפן פון געטאָ אַליין מיט שמואל וואָליניעץ פון לישקע. מיר האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט אים.

מיר גייען אויף דער קאָלאָניע בעטן ברויט דאָרט הערן מיר, אַז פּאַרטיזאַנער געפינען זיך אין די וועלדער. מיר טרעפן אויך אַנדערע יידן אַנטלאָפענע פון געטאָ. עס דויערט וואָכן לאַנג. יעדע נאַכט גייען מיר אַרויס צו דער קאָלאָניע נעוויר, דאָס הייסט אַלע דריי קינדער, כדי צו זען און הערן וואָס עס טוט זיך. צופעליק האָט מען אונדז איבערגעגעבן, אַז איינער פון די אַנטלאָפענע יידן פרעגט זיך נאָך אויף מייטען. אויף דער קאָלאָניע איז געווען איינער אַ פּאָליאַק אַ קאָוואַל, וועלכער האָט אַלעמען אַריינגעלאָזט און ער טאַקע האָט אונדז דאָס דערציילט. מיר האָבן עטלעכע מאָל געפּרוווט טרעפן זיך און עס איז נישט געלונגען, ביז וואַנען מיר האָבן באַשלאָסן צו קומען זייער פרי אויף דער קאָלאָניע כדי צו זען ווער עס פרעגט זיך. פאַרנאַכט זענען מיר אַרויס פון ניעווינסקעס שייער, ווו מיר זענען געזעסן אַ גאַנצן טאָג, כדי עס זאָל זיין נענטער צוקומען צו דער קאָלאָניע. גייענדיק אויף דער גרעבליע טרעפט אונדז פונקט דער גזלן, רייטנדיק אויף אַ פערד מיט געווער. דער זעלבער גזלן וואָס האָט אין אַלבלע געכאַפּט אַלע יידן אַנטלאָפענע, ווי אויך מיין מוטער צביה ז״ל שוועסטער רייזל ז״ל און ברודער שלמה ז״ל. די דייטשן האָבן אים געהאַלטן דאָרט אָפּצוהיטן אַ מאַיאָנטעק. ער שטעלט אונדז אַלעמען אָפּ און פרעגט מיט די ווערטער: מאַזשע טאָ זשידאָווא? מיין שוועסטער מייטע ואָל געזונט זיין ענטפערט גלייך מיט די ווערטער: אַך, באַזשיעקא באַטיעיקא, טשערעז זשידיוו אי דאַראָהו ני מאָזשנא פּערעיטי. כטאָ טע? פרעגט ער

ענטפערט זי: אַקסעניאַ סטעפאַנאָווּנאַ.

דורך איר בלייבן מיר ביים לעבן. איינער אַ בחור יודל פון ליקעווע האָט זיך אויך דאָרט אויסבאַהאַלטן און דער זעלבער גזלן האָט אים געכאַפּט, אַוועקגעפירט קיין לישע און דאָרט געשאָסן אים. אַזוי האָט מען אונדז דערציילט, ער האָט באַמערקט ווי יודל קוקט אויף הינטן, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען אַז ער איז אַ ייד.

אויף דער קאָלאָניע טרעפן מיר זיך מיט איטשע אָרעמלאַנד, ער איז געווען דער מענטש וואָס האָט זיך נאָכגעפרעגט. ער דערציילט אונדז אַז בתיה זיין פרוי ווי אויך יוקל מיט יעקב׳ן זענען דאָ אין וואַלד. ער האָט אויך געהערט אַז אונדזער פאַמיליע האָט מען אויסגעהרגעט און נאָר יעצט דאָ זייענדיק האָט ער זיך דערוווסט פון מייטען פעסלן און איסרן. מיר האָבן זיך צוזאַמענגערעדט ווידער צו טרעפן. יעדער איז אַוועק אויף זיין אָרט ביז וואַנען איטשע האָט זיך געטראָפן מיט יוסף פּערטשיק ז״ל און ער האָט זיך דערעדט מיט אים וועגן מאַכן אַ שוץ־פּלאַץ אין וואַלד. דאַן האָט איטשע געזאָגט אַז אָן אונדז אַלע דריי קינדער, איז ער נישט מסכים צו גיין מיט אים. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען איז אונדז געלונגען צו זיין צוזאַמען מיט איטשעס פאַמיליע אין פּערטשיקס זיעמלאַנקע.

**אריה אייזן**

# יעזערקע, קאַמין־קאַשירסקער געטאָ, וואַלד און פּאַרטיזאַנער

פיל ענדערונגען זענען פאָרגעקומען אין סעפּטעמבער 1939 — ווען די סאָוויעטן האָבן צוזאַמען מיט דייטשלאַנד זיך איינגעטיילט מיט פּוילן. אויף איין זייט בוג די דייטשן, און מזרח פונעם טייך בוג, די סאָוויעטן. אויך אין יידישן לעבן זענען פאָרגעקומען ענדערונגען. נעכטיקע סוחרים זענען געוואָרן אַרבעטער, און פיל פאַכמענער זענען געוואָרן אָנגעשטעלטע אויף רעגירונגס־אַמטן.

יעזערקע, דאָס דאָרף וווּ איך בין געבוירן געוואָרן און דאָרטן געלעבט, האָט די אַלע ענדערונגען נישט אדורכגעמאַכט. אַלע יידן, 9 משפּחות, האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד אַרבעט. די יידן אין דאָרף האָבן געאַרבעט אַזוי ווי אַלע פּויערים: געאַקערט, געזייט און געשניטן די תבואה און געבאַקן ברויט פון אייגענעם קאָרן.

די געגנט איז געווען זייער אַ שיינע. דאָס דאָרף האָט זיך געפונען אין אַ וואַלד און צופוסנס די הייזער אַן אָזערע.

זומער פלעגן פיל יידן פון קאַמין־קאַשירסקי קומען צו אונדז אין יעזערקע זיך אָפּרוען; ווייל די לופט איז געווען אַ געזונטע, צוליב די סאָסנע בוימער אַרום און אַרום. אונדזער דאָרף יעזערקע איז געווען באַקאַנט אלס דאַטשע־אָרט.

קיינער האָט צו די יעזערקער יידן קיינמאָל קיין טענות ניט געהאַט. יעדער איינער האָט מקיים געווען דעם פּסוק „בזעת אפּיך תאכל לחם". די ענדערונגען אין דער יידישער סאָציאַלער סטרוקטור, האָבן זיך געפילט אין שטאָט; ביי אונדז — איז אַלץ פאַרבליבן ווי געווען.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז יולי 1941. ווי נאָר די סאָוויעטישע מאַכט האָט פאַרלאָזן קאַמין־קאַשירסקי — האָבן זיך תיכף אָרגאַניזירט באַנדעס, וואָס זייער איינציקער ציל איז געווען צו רויבן יידן. דער שנעלער מאַרש פון דער דייטשער אַרמיי און זייערע נצחונות, האָבן ניט איבערגעלאָזט קיין ספק ביי דעם גרעסטן טייל פון דער ניט־יידישער באַפעלקערונג, אַז די אמתע הערשער זענען די דייטשן, און זייערע לאָזונגען „ריין פון יידן", איז אַן הייליקער חוב וואָס יעדער איינער דאַרף אָנטיילנעמען דאָס צו פאַרווירקלעכן. בפרט, ווען דאָס גיט אַ מעגלעכקייט צום ראַבעווען.

אונדזער קליינער ישוב, די 9 משפּחות, האָבן געפילט און פאַרשטאַנען אַז מען וועט זיך רעכענען מיט זיי ווי מיט אַלע יידן. דער פאַקט וואָס זיי זענען ארבעטס־מענטשן פון דור־דורות וועט קיין זכות אָדער פּריווילעגיעס נישט ברענגען.

דערפאַר האָב איך פאָרגעלייגט מען זאָל אויסשטעלן אַ שמירה, בכדי זאָפאָרט צו וויסן געבן ווען עס וועט זיך באַווייזן אַ באַנדע וועלכע קומט ראַבעווען, אָדער הארגענען.

מיר האָבן אויסגעשטעלט אַזאַ שמירה יעדן טאָג, פון אָנהויב אוונט ביז פרי מאָרגן. די קינדער מיט די פרויען האָבן מיר צונויפגענומען אין איין הויז, בכדי עס זאָל זיין לייכטער זיי מודיע צו זיין. אין פאַל פון אומגליק, זאָלן זיי קענען זיך אויסבאַהאַלטן אָדער אַנטלויפן.

איינמאָל, אין אַ געוויסן אָוונט, ווען 4 מענער פון אונדז זענען געשטאַנען אויף דער שמירה, האָט זיך איינער פון זיי — ישראל בער — געבעטן מען זאָל אים באַפרייען פון דער וואַך, ווייל ער פילט זיך ניט גוט; ער וויל זיך אַביסל אָפּרוען. ער איז אוועק צו זיך אין וווינונג. (דער אויבנדערמאַנטער ישראל בער האָט אויך צייטווייליק געאַרבעט ביי די סאָוויעטן; ער איז געווען אָנגעשטעלטער אין קאָאָפּעראַטיוו).

באַלד נאָך ישראל־בערס אוועקגיין, האָבן מיר באַמערקט געשטאַלטן וועלכע דערנענטערן זיך צום דאָרף. געשטאַלטן מיט ביקסן אויף די אַקסלען. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז דאָס איז אַ באַנדע וועלכע איז געקומען איבערפאַלן. מיר האָבן גלייך צוּוויסן געגעבן אין דעם הויז וווּ די פרויען מיט די קינדער האָבן זיך געפונען, בכדי זיי זאָלן אַנטלויפן פון הויז און נאָכהער דאָס זעלבע איבערגעבן אין די איבעריקע הייזער.

דער איבערפאַל איז געווען אַ געפּלאַנטער. זיי האָבן ארומגערינגלט ישראל־בערס הויז, און אָנגעהויבן שלעפּן סחורות פון קאָאָפּעראַטיוו. זייענדיק באַהאַלטן ניט ווייט האָבן מיר באַמערקט ווי פיל זאַכן וואָס זיי קענען ניט מיטנעמען מיט זיך, רייסען זיי און טרעטן מיט די פיס.

ישראל־בער האָט שוין ניט באַוויזן ארויסלויפן פון הויז. ער איז ארויפגעקראָכן אויפן שטוב־בוידעם, אראָפּגענומען אייניקע צעראַפּיצעס פון דאַך און איז אַראָפּגעשפּרונגען בכדי צו אַנטלויפן. זיין פּרווו האָט זיך געענדיקט מיט זיין טראַגישן טויט. איינער פון דער באַנדע וואָס האָט זיך

געפונען אויסער דעם הויז האָט דאָס באַמערקט און האָט אים נאָכגעשאָסן.

זיין קערפּער האָבן מיר אויף צו מאָרגנ׳ס געפונען אין קאַרטאָפל־פעלד. אין זיין פעלד, וואָס ער האָט געאַקערט און געזייט ווי יעדער יידישער פּויער אין דאָרף יעזערקע.

איך און נאָך אַ ייד האָבן איינגעשפּאַנט אַ פערד־און וואָגן און אַוועקגעפירט דעם הרוג אויפן הייליקן אָרט וואָס האָט זיך געפונען אנדערהאַלבן קילאָמעטער פון קאמין־קאַשירסקי און דריי אַ האַלבן ק״מ פון אונדזער דאָרף.

אין אַ קורצער צייט ארום האָבן זיך באַוויזן „שכנים״ אין אונדזערע הייזער. דאָס זענען געווען קריסטלעכע פּויערים פון אונדזער דאָרף און פון דער געגנט, וואָס האָבן זיך אריינגעקליבן אין אונדזערע הייזער וועלכע זענען געווען שענערע און בעסערע פון זייערע.

זיי האָבן גע׳טענעט: מען וועט אייך ממילא אַלע אויסהאַרגענען; זאָלן אייערע הייזער בלייבן ביי אונדז.

קיינער האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט. עס וואָלט ממילא ניט געהאָלפן. כוח און מאַכט איז געווען אויף זייער זייט.

דאַמאָלט האָבן מיר באַשלאָסן איבערצוגיין קיין קאמין־קאַשירסקי. צו זיין מיט אַלע יידן. כאָטש אַזאַ פאַראָרדענונג איז נאָכניט אַרויסגעגעבן געוואָרן. יעדער פון די יעזערקער יידן האָט געהאט קרובים אין קאמין־קאַשירסקי, אזוי ארום האָט יעדע משפחה זיך אריינגעקליבן אין אַ קרוב׳ס הויז.

אייניקע מאָנאטן נאָך אונדזער איבערפירן זיך קיין קאמין קאַשירסקי האָט מען אָנגעהויבן צו שטעלן דעם געטאָ־פּלויט. דאָס האָט גענומען אַ קורצע צייט, ווייל מאַטעריאל ווי ברעטער א.א.וו. האָבן זיי ביי די יידן גענומען און אויך דעם פּלויט אַליין האָבן יידן געמוזט מאַכן.

די ערשטע שחיטה אין געטאָ

עס איז ניט פאַריבער קיין איין מעת־לעת וואָס עס זאָל עפּעס שלעכטס ניט פּאַסירן. דאָס אויספּרעסן פון די יידן גאָלד און פאַרשידענע ווערטפולע זאַכן האָט שוין ניט געהייסן קיין שלעכטס, ווייל מען האָט געגלויבט אַז מיטן געבן די דייטשן דאָס וואָס זיי פאַרלאַנגען, וועט מען קענען ביי זיי פּועל׳ן אָפּצושרייען א גזירה.

דאָס שלעכטס האָט זיך אויסגעדריקט וואָס אַלע מאָל פלעגן פאַלן קרבנות — אומשולדיקע מענטשן, פלעגן אָן אַ סיבה ווערן געטויט אויף פאַרשידענע אופנים.

אזעלכע פאַלן וואָס איך געדענק: ביינאַכט פלעגן אַלע זיך איינשליסן אין די הייזער און מורא געהאט אַ טריט ארויסצושטעלן. דורך אַ שפּיץ פון אַ שויב פלעגט מען ארויסקוקן וואָס אין גאַס טוט זיך. די גאַסן זענען געווען פינסטער אָן קיין באַוועגונג. ווען עס פלעגן זיך הערן טריט, פלעגט דאָס קיין גוטס ניט זאָגן. דאָס זענען געווען טריט פון די דייטשע הערשער־חיות וואָס פלעגן ביינאַכט אריינגיין אין געטאָ און טאָן דאָס וואָס אויפן מענטשלעכן זינען קאָן זיך נישט לייגן. די „פונקציעס״ פון הארגענען יידן זענען געווען צעטיילט אַזוי: די דייטשן פלעגן טויטן ביינאַכט און די אוקראַינישע פּאָליציי בייטאָג.

ווי באַוווסט האָבן אַלע געמוזט ארבעטן, ניט קוקנדיק אויף עלטער און געזונט־צושטאַנד. הינטער דער תרבות־שולע, אויף קאָוולער גאַס, איז געווען אַ גאָרטן פון גרינוואַרג וואָס יידן האָבן אים געפלאַנצט און איצט האָבן די יידישע פרויען געדאַרפט אים ווייטער באַאַרבעטן און טאָן די אלע מלאכות וואָס עס האָט זיך געפאָדערט. אין אַ געוויסן טאָג, ווען די פרויען האָבן געארבעט אין גאָרטן אונטער דער אויפזיכט פון אוקראַינישער פּאָליציי, האָט איינער פון די דאָזיקע פּאָליציאַנטן גענומען אַ בינטל גרינוואַרג, רעטעכלעך און אוגערקעס און דאָס אוועקגעלייגט לעבן פייגע שטיינקרוק, נאָכער האָט ער זיך אָנגערופן צו איר: „איך זע אז דו האָסט דאָס גענומען און באַהאַלטן נעבן זיך בכדי דאָס אוועקגנב׳ענען און דאָס ברענגען די יידן אין געטאָ אריין. זי האָט געקלערט אז דאָס שפּאסט ער זיכער, אָבער ער האָט אנגעשטעלט אויף איר די ביקס און איר גלייך געשאָסן. נאָכדעם ווי ער האָט דערשאָסן דער פרוי האָט ער נאָכאמאָל אָנגעשטעלט די ביקס און געשאָסן צו אַ מיידל, מלכה אייזן. דאָס איז געווען מיין קוזינ׳ס אַ טאָכטער 14 יאָר אלט געווען. זי איז תיכף ניט געשטאָרבן, מען האָט איר געבראַכט אין געטאָ און איר געוואָלט ראטעווען, אָבער קיין דאָקטאָר איז אין געטאָ ניט געווען און אזוי ארום האָט זי זיך געמאטערט אַ גאַנצן טאָג און אויפצומאָרגנס איז זי געשטאָרבן. באַהאַלטענערהייט, אז די דייטשן זאָלן ניט וויסן, האָט מען איר ארויסגעפירט מיט דעם וואָגן וואָס דער יודנראַט פלעגט נוצן אויף צו ארויספירן די מיסט פון געטאָ. אַזוי ארום האָט מען איר געבראַכט אויפן בית־עלמין. איינער פון יודנראַט איז מיר געקומען דאָס אנזאָגן. (איך האָב דאַן געאַרבעט ביים געביט־קאָמיסאַר; מען האָט פאר אים געשטעלט אַ נייע הויז וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון יידישן בית־עלמין). איך בין געגאנגען צום בית־עלמין און איר מקבר געווען לעבן קבר פון איר זיידן ישראל אייזן.

אין געטאָ איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן ענגער. ווייל פון אַלע ארומיקע דערפער האָט מען די יידן געבראַכט אין געטאָ. די יידן פון די דערפער האָט מען ניט דערלויבט מיטצונעמען קיין שפּייז פּראָדוקטן.

אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון דוד קלורמאַן און זיין ברודער יעקב יצחק קלורמאַן האָט מען געגרינדעט אַ קיך,

ווו מען האָט געקענט באַקומען עפּעס אָפּצועסן. די פּראָדוקטן פלעגן אַ טייל צוגעשטעלט ווערן דורך דוד קלורמאַן וואָס ער האָט געהאַט פאַרבאַהאַלטן, און אַ טייל פלעגט מען אריינ ברענגען דורך פאַרשיידענע וועגן פון אויסערן געטאָ.

עס האָבן גענומען אָנקומען טרויעריקע ידיעות אז אין קאָוולע, ראָוונע און אין אנדערע שטעט האָט מען שוין ליקווידירט די געטאָס. דאָס הייסט: אויסגעהאַרגעט די יידן. יעדער איינער האָט געפילט אז זיצן און גאָרניט טאָן איז אַ זיכערער טויט. דעריבער האָבן זיך געשאַפן קליינע גרופּעס פון יוגנטלעכע: דער ציל פון די דאָזיקע גרופּעס איז געווען צו אנטלויפן אין וואַלד אריין.

איך און נאָך אַ פּאָר חברה האָבן אויך געגרינדעט אַזאַ גרופּע. די גרעסטע טייל פון אונדזער גרופּע זענען געווען יידן וואָס האָבן געדינט אין פּוילישן מיליטער און האָבן געקאָנט זיך באַנוצן מיט געווער. פאַרשטייט זיך אז מיר פלעגן זיך אָפּט טרעפן אין א באַהאַלטן אָרט אז קיינער זאָל פון אונדז ניט וויסן.

די סיבה פון אונדזער אָפּלייגן דאָס אנטלויפן פון געטאָ איז געווען: די גרעסטע טייל זענען געווען פאַרהייראַטע און מיט פרויען און קינדער האָט מען דאָס ניט געקענט אזוי שנעל באַווייזן. ביז דעם אנטלויפן האָבן מיר געטאָן אַלץ בכדי צו שאַפן געווער. איין ביקס האָט אונדז געבראַכט לאה (לייצע) לייזערוק. זי האָט די ביקס ארויסגענומען פון דער קאָמענדאַנטור, ווו זי האָט געאַרבעט אלס קעכין. די ביקס האָט זי געבראַכט אונטער אַ פּלאַשטש (גרויסער רעגן מאַנטל). די ביקס איז געווען אַ קורצע אַזעלכע וואָס די רייטער נוצן, אזוי ארום האָט זי דאָס געקענט אריינשמוגלען אין געטאָ אריין.

אין מיטן אונדזערע צוגרייטונגען איז געשען די ערשטע שחיטה.

דאָס איז געווען אין חודש אב. איך געדענק אז דאָס איז געווען זונטיק. איך האָב דאַן געאַרבעט מיט נאָך פיל יידן אויסערן געטאָ ביים בנין, וואָס מען האָט געבויט פאַרן געביט־קאָמיסאַר. אַרום דעם בנין ווו מיר האָבן געאַרבעט איז געווען אַ פּאַרקאַן פון ברעטער. ניט ווייט פון דאָרטן האָט זיך געפונען דער יידישער בית־עלמין. דורך די שפּאַרונעס פון פּאַרקאַן האָבן מיר באַמערקט אז דייטשן, די ס.ס., דרייען זיך דאָרט ארום. דאָס זיין פון דייטשן אויפן יידישן בית־עלמין איז געווען ביי אונדז פאַרדעכטיק. מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט אַז עס גרייט זיך עפּעס שלעכטס פאַר יידן. אַ טייל פון די יידן וואָס האָבן געאַרבעט ביים בנין זענען פאַרבליבן אויפן פּלאַץ נעכטיקן, אַ טייל ווידער איז ביינאַכט פון דאָרטן אנטלאָפן ווו איינער האָט פאַרשטאַנען. ווער צו

אַ באַקאַנטן פּויער און ווער אין וואַלד אריין. איך און נאָך אַ גרופּע יידן האָבן זיך געלאָזט ווי שטענדיק נאָך דער ארבעט גיין צוריק אין געטאָ אריין. דאָס זענען געווען אממיינסטן פאַרהייראַטע מיט קינדער.

קומענדיק אין געטאָ אריין האָבן מיר שוין געהערט אז די דייטשע קאָמענדאַנטור האָט באַפוילן דורך דעם יודנראַט, אַז אלע יידן דאַרפן מאָרגן פרי זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ ניט ווייט פון יידישן בית־עלמין. איך בין דאַן אריין צום יודנראַט און זיי איבערגעגעבן אַז מיר האָבן היינט באַמערקט ווי דייטשן דרייען זיך אויפן יידישן בית־עלמין און דאָס איז ניט קיין גוטער סימן. דער יודנראַט האָט גענומען באַרויקן טענה׳נדיק: אז דער געביט קאָמיסאַר האָט זיי פאַרזיכערט אַז קיין שלעכטס וועט ניט געשען, מען נעמט בלויז די יידן אויפן פּלאַץ בכדי זיי צו ציילן אין צוזאמענהאנג מיט דעם וואָס מען דאַרף פאַרקלענערן דעם שטח פון געטאָ.

אויף צומאָרגנס, 5 אזייגער פרי, האָט מען באַמערקט ווי דער געטאָ איז ארומגערינגלט פון אַלע זייטן. תיכף נאָך דעם, אזייגער 7, זענען דייטשן אריין אין געטאָ און מען האָט אָנגעהויבן פון דאָרטן צו טרייבן אויסער דעם געטאָ, אַלע אָן אויסנאַם קליין און אלט, פרויען און מענער. קראַנקע וואָס האָבן ניט געקענט גיין האָט מען ארויפגעזעצט אויף וועגענער און זיי געפירט צוזאַמען מיט די געזונטע.

אַלע יידן האָט מען ארויסגעפירט אויפן פּלאַץ. דער פּלאַץ איז באַשטאַנען פון א גרויסן זאמדיקן שטח וואָס איז געווען פאַרצוימט מיט אַ פּאַרקאַן פון ברעטער. עס האָבן זיך דאָרטן געפונען באַראַקן געגראָבענע אין דער ערד, וואָס זענען געווען אונטערגעשפּאַרט מיט דרענגלעך און דער דאַך איז געווען אויך פון אזעלכע דרענגלעך און אויבן באַשאָטן מיט ערד.

די דאָזיקע באַראַקן האָבן אויך יידן געבויט. מען פלעגט זאָגן אז די באַראַקן זענען פאַר צוואַנג־ארבעטער.

אין מיטן פּלאַץ האָבן זיך געפונען דייטשן פון דער קאָמענדאַטור און לעבן זיי דער פאָרזיצער פון יודנראַט — בער. בער האָט געהאַלטן א פּעקל מיט קאַרטן וואָס אויף זיי זענען געווען אויפגעשריבן די נעמען פון די יידן וואָס האָבן געאַרבעט אלס פאַכמענער, און האָט לויט די קאַרטן גערופן ביי די נעמען. ווער עס איז אויסגערופן געוואָרן, פלעגט ארויס פון דער רייע און נעמען די קאַרטע. די וועלכע האָבן באַקומען די קאַרטעס האָט מען גלייך אריינגעשיקט אין א באַראַק וואָס האָט זיך געפונען רעכטס.

די מענטשן האָבן פאַרשטאַנען אַז די וועלכע האָבן באַקומען די קאַרטעס וועלן לעת עתה בלייבן לעבן, דעריבער זענען געווען פיל פאַלן ווען אַ צווייטער פלעגט אנלויפן

און נעמען די קאַרטע פון איינעם וואָס פלעגט זיך ניט אָפּרופן.

אַזייגער 2 נאָכמיטאָג איז צוגעגאַנגען צו בערן אַ הויכער געביט־מאַן און געפרעגט: אַזויפיל קאַרטן זענען נאָך פאַר־בליבן? און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט ער גענומען די איבעריקע קאַרטן וואָס מען האָט נאָך ניט באַוויזן זיי צו פונאַנדערטיילן און זיי צעריסן. די יידן וואָס האָבן קיין קאַרטן ניט באַקומען האָט מען אַריינגעטריבן אין אַ צווייטן באַראַק אין דער לינקער זייט. אַלע קינדער זענען אַריינגע־טריבן געוואָרן אין דעם לינקן באַראַק

מיין קאַרטע איז אויך צעריסן געוואָרן און אַזוי אַרום בין איך אויך מיט מיין פרוי און קינד אַריינגעטריבן געוואָרן אין דעם לינקן באַראַק.

ס׳איז געווען בערך 3 אַזייגער נאָכמיטאָג ווען איך בין געשטאַנען אין באַראַק לעבן דעם אַרויסגאַנג. איך האָב באַ־מערקט ווי דער געביט־קאָמיסאַר שפּאַרט זיך לעבן באַראַק. ער האָט מיר גוט געקענט ווייל איך האָב געאַרבעט ביי זיין בנין. איך האָב זיך דאַן אָנגערופן צו אים, אַז איך האָב קיין קאַרטע באַקומען — איך בין דאָך אַ פאַכמאַן.

ער האָט מיר באַפוילן אַרויסגיין פון דעם באַראַק און מיר געהייסן אַריינגיין אין אַ גרוב וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט און דאָרטן זיך לייגן מיטן פנים אַראָפּ. ווען איך בין צוגעקומען צו דעם גרוב האָב איך באַמערקט נאָך אייניקע יידן ליגן דאָרטן מיט די פנימער אַראָפּ. איך האָב דאָס זעלבע געטאָן ניט וויסנדיק וואָס דאָ וועט מיט אונדז פאָרקומען.

אין דעם גרוב האָבן זיך געפונען בערך אַ 20 מאַן. לעבן דעם גרוב איז געשטאַנען אַן ס.ס. מאַן מיט געווער אין האַנט. ס׳איז צוגעגאַנגען איינער אַ דייטש צו דעם סס.־מאַן און אים געפרעגט:

„ווער זענען די יידן וואָס געפינען זיך אין גרוב?”

„דאָס זענען „פאַכסלויטע און די בלייבן לעבן” — האָט ער געענטפערט.

ווען דער דייטש איז אַוועקגעגאַנגען האָב איך דערהערט אַ באַקאַנט קול, דאָס איז געווען דער קאָמענדאַנט פון דער אוקראַינישער פּאָליציי יאַשקע מאַזור האָט ער געהייסן ער איז געווען אַ גרויסער רוצח. אָבער מיך האָט ער גוט געקענט ווייל איך האָב געאַרבעט ביי זיין שווער אַלס סטאָ־לער נאָך ביי די סאָוויעטן. איך האָב געפּרוּווט מיין מזל און זיך אָפּגערופן צו אים:

„טו מיר אַ טובה, ברענג אַריבער אהערצו אין גרוב אַרייַ אויך מיין פרוי מיטן קינד”. ער האָט מיר גלייך גע־פרעגט ווי מיין פרוי הייסט און איז גלייך געגאַנגען אין באַראַק אַריין און פון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט מיין פרוי מיט מיין 4 יעריק מיידעלע. מיין פרוי האָט ניט געוווסט צו וואָס ער פירט איר פון באַראַק צוזאַמען מיטן קינד. ער האָט זיי צוגעפירט צום גרוב וווּ איך בין געלעגן אַזוי ווי די איבעריקע יידן מיטן פנים צו דער ערד און ער האָט איר מיטן קינד אויך געהייסן זיך אַוועקלייגן אין גרוב מיטן פנים צו דער ערד.

אַלע יידן פון לינקן באַראַק האָט מען אַרויסגעפירט גרופּנווייז אַ גרופּע איז באַשטאַנען פון 50 נפשות, און מען האָט זיי באַפוילן זיך אויסטון נאַקעט. דערנאָך האָט מען זיי נאַקעטערהייט געפירט צו גריבער וועלכע זענען שוין געווען צו דעם צוועק צוגעגרייט. די מערדער האָבן אויסגעשאָסן אַ גרופּע יידן און די קליינע קינדער אַריינגעשליידערט אין גרוב אַריין.

איך האָב געהערט ליגנדיק אין גרוב ווי מען באַפעלט מאָטל סטריערס פרוי זיך אויסטאָן. זי האָט זיך קעגנגע־שטעלט. איך האָב געהערט ווי דער אוקראַינישער קאָמענדאַנט יאַשקע מאַזור האָט זיך צו איר אָנגערופן: „גענוג אייך די הינטנס געפּאַשעט!” זי האָט אים געענטפערט אויף אוקראַיניש: „מיר ווערן געהרגעט אַלע צוזאַמען, אָבער אייך וועט מען יעדן באַזונדער הרגענען און הינט וועלן פרעסן אייער פלייש!”

לאַנג האָט זי זיך מיט אים ניט אויסגעטענה׳ט, ווייל אַ קלאַפּ מיט אַ שטיק האָלץ איבער איר קאָפּ האָט פאַרענדיקט אירע רייד.

ס׳איז דורכגעגאַנגען אַן ס.ס.־מאַן און באַמערקט אַז אין אונזער גרוב געפינט זיך אויך אַ קינד. דאָס איז דאָך געווען מיין קינד. די פרוי מיינע, ווי איך האָב שוין באַמערקט, האָט ניט געוווסט נאָך וואָס מען האָט איר געבראַכט אין דעם גרוב אַריין און זי האָט זיך געוויס ניט געקענט פאָרשטעלן אַז פון דער דאָזיקער גרוב וועלן מיר נאָך אַמאָל בלייבן לעבן, דעריבער האָט זי ניט פאַרשטעלט דאָס קינד אַז מען זאָל דאָס ניט באַמערקן. דער דייטשער מערדער האָט אַ כאַפּ געגעבן דאָס קינד און דאָס אַוועקגעשלעפּט צו די גריבער אויפן הייליקן אָרט.

מיר די עלטערן זענען לעבן געבליבן ניט וויסנדיק אַז מיר האָבן געקענט אויך אונדזער קינד ראַטעווען.

פאַרנאַכט האָט מען אונדז אַלע וואָס האָבן זיך געפונען אין גרוב געהייסן איבערגיין אין דעם רעכטן באַראַק.

איך האָב נאָך באַמערקט ווי אַ דייטש איז אַריין אין באַראַק און רעוווידירט צו מען האָט עפּעס ניט באַהאַלטן. איין קינד האָט מען דאָרטן אויסבאַהאַלטן. דאָס איז געווען בערך אַ 7 מאָנאַט אַלט. דער דייטש האָט דאָס אַ כאַפּ געגעבן ווי

אַ ווילדע חיה וואָס וואַרפֿט זיך אויפֿן קרבן. איך האָב געזען ווי ער טראָגט אַ קינד אָנגעטאָן אין רויטע הייזעלעך צו די גריבער אויפֿן בית עלמין. אַלץ איז געווען רויט אויך דער זאַמדיקער באָדן, רויט פֿון יידיש בלוט.

אַ גרופּע פֿון באַראַק וואָס מען האָט איבערגעלאָזט לעבן האָט מען אוועקגעשטעלט צום סאָרטירן דאָס אָנטועכץ און די זאַכן פֿון די טויטע. די עלטערן אָדער די קינדער האָבן זיך אָנגעשטויסן אין בגדים פֿון די אייגענע, פֿון זייערע טייערע, וואָס זענען מיט אייניקע שעה צוריק אַזוי מערדערלעך, געטויט געוואָרן.

1800 נפֿשות האָט מען אויסגעמאָרדעט. קיין איין קינד האָט מען לעבעדיק ניט געלאָזט. מיר די „לעבעדיקע מתים" זענען פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין דעם רעכטן באַראַק און אוק־ראַינישע פּאָליציי האָט אונדז געהיט, מיר זאָלן ניט אַנט־לויפֿן. קיינער האָט דאָן ממילא ניט געקלערט און געדענקט פֿון אַנטלויפֿן מען איז געווען גלייכגילטיק צו אַלץ. מען האָט ניט געוואָלט אפֿילו האָפֿן. ניט איינעם האָט באַנג געטאָן פֿאַר וואָס ער איז אויך ניט געגאַנגען צו די גריבער. דער טויט איז געווען פֿיל לייכטער.

אויף צומאָרגנס האָט מען אַרויסגענומען אַ גרופּע מענער פֿון באַראַק און מיר בתוכם און מען האָט אונדז אוועקגעפֿירט אין געטאָ אַריין. די גרופּע האָט געדאַרפֿט פֿאַרקלענערן דעם שטח פֿון געטאָ. מיר האָבן אָנגעהויבן צו שטעלן אַ פּאַרקאַן בכדי צו פֿאַרקלענערן מיט אייניקע גאַסן דעם געטאָ.

אויף בלאַטנער גאַס (צווישן מאיר פֿעלדמאַנ'ס הויז און קוסיע סאָקאָל'ס הויז) זענען געווען אָנגעלייגט אויפֿן שאָסיי קופּעס מיט זאַכן וואָס די פּאָליציי האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון די יידישע הייזער, אָנטועכץ, שוכוואַרג, בעטגעוואַנט און אַנדערע זאַכן. אויך די זאַכן פֿון די וועלכע מען האָט אויס־געמאָרדעט אויפֿן בית־עלמין האָט מען געבראַכט אין געטאָ אַריין.

אַלץ איז סאָרטירט געוואָרן. די בעסערע זאַכן האָט מען אָנגעלאָדן אויף וועגענער און אָפּגעפֿירט אין גמינע אַריין, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף דער לוביעשאָווער גאַס. דאָס איבעריקע האָבן די דייטשן פֿאַרקויפֿט פֿאַר גראָשנס דער אוקראַינישער באַפֿעלקערונג. די פּויערים האָבן געקויפֿט.

די עטלעכע הונדערט יידן וואָס זענען פֿאַרבליבן אין באַראַק האָט מען געהייסן אוועקגעבן אַלע זאַכן וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען. די יידן אין באַראַק האָבן דאָס צירונג און גאָלד וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען, פֿאַר־גראָבן אין זאַמד אין באַראַק.

אויפֿן דריטן טאָג האָט מען אַלע יידן פֿון באַראַק (600 בערך) געבראַכט צו פֿירן אין געטאָ אַריין. דאָס גיין איז געווען אויטאָמאַטיש, מען האָט ניט געפֿילט און געוווסט וואָס מען טוט. די טרערן זענען געווען פֿאַרטריקנט. דאָס וואָס מען האָט אַדורכגעמאַכט און איבערגעלעבט אין די 2 טעג איז אומעגלעך געווען אויסצודריקן אין וויינען און זיפֿצן.

אויפֿן פֿערטן טאָג האָבן אַלע ווידער געדאַרפֿט אַרבעטן. מיך און נאָך אַ צענדליק יידן האָט מען געשיקט אַרבעטן צום הויז פֿון געביט־קאָמיסאַר, וואָס האָט זיך געפֿונען ניט ווייט פֿון יידישן בית־עלמין. אייניקע הונדערט מעטער פֿון הויז האָבן זיך געפֿונען גריבער מיט די אויסגעמאָרדעטע יידן. מען האָט באַמערקט דורכן פּאַרקאַן ווי פּויערים פֿאָרן ווי שטענדיק מיט זייערע וועגענער אין שטאָט אַריין, בכדי צו מאָלן די תּבֿואה. ביי זיי איז אַלץ געווען נאָרמאַל.

איצט האָט שוין קיינער ניט געהאַט קיין אילוזיעס, אַז מען וועט נאָך לעבן בלייבן. יעדער האָט פֿאַרשטאַנען אַז דאָס איז בלויז אַ קורצע צייט פֿאַרבליבן בכדי זיך צו מוטשען און זיך צו פּייניקן. עס איז פֿאַריבער אַ וואָך, צוויי, מען איז אָנגעגאַנגען מיט דער צוואַנג־אַרבעט. פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגן ווידער פֿאַלן קרבנות אין געטאָ. מען פֿלעגט נעמען פּרוּוון צו סאָרטירן דאָס יידישע גוטס און בשעת מעשה שיסן אייניקע אונטערן אויסרייד אַז זיי האָבן גע־וואָלט „גנבֿענען" זאַכן. דאָס איז פֿאַרשטענדלעך, געווען אַ בעסטיאַלישע שפּיל, ווייל קיינער פֿון די יידן האָט אפֿילו ניט געטראַכט וועגן זאַכן. קיינער האָט דאָס ניט געדאַרפֿט

קליינע גרופּעס יידן פֿלעגן יעדעס מאָל נעלם ווערן — לויפֿנדיק אין די וועלדער אַריין. עס זענען אויך געווען פֿאַלן וואָס פֿאַמיליעס האָבן זיך אומגעקערט פֿון די וועלדער. איך געדענק אַז סרוליק דער לישקער מיט זיין זון, האָבן זיך אומגעקערט צוריק פֿון וואַלד אין געטאָ אַריין. נאָך וואָס זענט איר געקומען צוריק?" האָט מען אים געפֿרעגט.

„בעסער שוין זיין צוזאַמען מיט אַלע יידן אין געטאָ ווי זיך אַרומבלאָנקען אין די וועלדער און ניט האָבן וואָס צו עסן" — איז געווען זיין ענטפֿער.

אויך דער יידישער דאָקטער לעמפּעל, מיט זיין פֿרוי און קינד, וואָס זענען געראַטעוועט געוואָרן, ווייל זיי זענען ניט געגאַנגען אויפֿן פּלאַץ נאָר אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַריין, זענען אין אַ געוויסן טאָג געקומען צוריק אין געטאָ אַריין. זיי האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט אין די וועלדער אָן עסן און גיין צו די פּויערים בעטן עסן, האָבן זיי ווי פֿיל אַנדערע, מורא געהאַט אַז די פּויערים זאָלן זיי כאַפּן און איבערגעבן צו דער דייטשער פּאָליציי. דער דאָקטער האָט זיך געזעצט ביי זיך אין צימער לעבן טיש און אין עסן (אין די טעלער

אריין) אריינגעשאָסן יעדן איינעם אַ דאָזע סם. זיי, האָבן די דייטשן שוין פארשפּאָרט הרגענען...

עס איז געווען בערך צוויי און האַלבער מאָנאַט נאָך דער שחיטה, ווען מיין פרוי האָט זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן האָבן געגעבן אַ פאַראָרדענונג צום יודנראַט, אַז זיי זאָלן צושטעלן אַ רשימה פון די אַלע פאַרבליבענע, אונטער־צייכענענדיק זייער פאַך. די רשימה האָט גלייך געדאַרפט צוגעשטעלט ווערן.

מיין פרוי האָט פאַרשטאַנען אַז דאָ גרייט זיך ווידער אַ ליקווידאַציע זי האָט באַלד אָנגעטאָן אַ פעלצל אויף די אַקסלען און נעמענדיק אַן האַלב ברויט אין האַנט האָט זי געזאָגט די איבעריקע אַז זי גייט צו מיר צו דער אַרבעט בכדי צוזאַמען אַנטלויפן, ווייל ווי זי פאַרשטייט וועט נאָך היינט „עפּעס פאַרקומען". לאה גבאי, מיין שוועסטער האָט אַרויסגענ:מען גאָלד און צירונג דאָס אויסגעשאָטן אויפן בעט און זיך אָנגערופן: „ווער עס וויל זאָל נעמען, מעגלעך אַז מען וועט זיך קענען אויסקויפן מיט דעם". קיינער האָט דאָס צייַרונג ניט אָנגערירט, אַ ברויט איז וויכטיקער געווען פון דעם.

מיט מיין פרוי איז אויך מיטגעגאַנגען פסיה גורטנשטיין, ווייל איר מאַן יענקל גאַרטנשטיין האָט אויך געאַרבעט מיט מיר צוזאַמען. ווען ביידע פרויען זענען צוגעגאַנגען צו דעם טויער פון געטאָ, האָט זיי דער אוקראַינישער פאָליציאַנט געפרעגט: וואוהין זיי גייען. מיין פרוי האָט זיך אָנגערופן: „מיין מאַן אַרבעט ביים געביט קאָמיסאַר און ער איז אַביסל ניט געזונט, ווייל איך אים אָנועקטראָגן דאָס עסן צו דער אַרבעט. ער האָט זיי ווייזט אויס געגלויבט, בפרט ווען מען האָט אויך דערמאָנט דעם געביט־קאָמיסאַרס נאָמען. ביידע זענען אַרויס פון טויער אויסערן געטאָ.

מיין פרוי איז נאָך צוגעלאָפן צו לייביש גאָלדשטיינס שטאַל, ווייל דאָרטן האָט געזאָלט אַרבעטן סענדער אייזן מיין קוזין, ביי די דייטשע פערד. זי האָט פיל מאָל גערופן ביי זיין נאָמען, אָבער ער האָט זיך ניט אָפּגערופן, ווייל ער איז פונקט דאַן דאָרט ניט געווען. זיי האָבן אָראָפּגענומען פון זיך די געלע לאַטעס און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג ווו איך האָב געאַרבעט.

עס איז געווען מיטאָג־צייט און איך מיט נאָך יידן האָבן זיך געלאָזט גיין אין געטאָ אַריין בכדי מיטאָג עסן, און פלוצלינג נאָך 100—200 מעטער פון דעם אַרבעטס־פּלאַץ קומען אונדז אַנטקעגן מיין פרוי און פסיה גורטנשטיין און גיבן אונדז איבער אַז מען דאַרף שוין אַנטלויפן, ווייל אין געטאָ אַריין איז שוין ניטאָ קיין וועג. דער איינער וועג אין געטאָ אַריין איז געהרגעט צו ווערן. מען האָט אָנגעהויבן

זיך צעלויפן. עס זענען געלאָפן פאַמיליעס און איינציקע, ווייל איינציקע פרויען האָבן באַוויזן אַזוי ווי מיין פרוי, אויך קו־מען צו דער אַרבעט פון זייערע מענער בכדי זיי איבערגעבן אַז מען ליקווידירט דעם געטאָ און דער איינציקער וועג איז צו אַנטלויפן אין די וועלדער אַריין.

יענקל גורטנשטיין האָט ניט געוואָלט לויפן מיט אונדז צוזאַמען, ווייל ער האָט נאָך געוואָלט אַריינגיין אין געטאָ, בכדי אַרויסנעמען פון דאָרטן אַ וואַרעמען מלבוש פאַר זיין זון, איידער מען לויפט אין וואַלד אַריין. זיין פרוי פסיה גורטנשטיין איז פאַרבליבן וואַרטן אויף איר מאַן מיטן זון, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די געביידעס וואָס זענען נאָך ניט געווען געענדיקט פאַרן געביט־קאָמיסאַר. יענקל גור־טענשטיינען איז געלונגען אַריינצוגיין אין געטאָ אַריין און אויך אַרויס פון דאָרטן, אָבער זייענדיק שוין הינטער דער שטאָט איז ער געשאָסן געוואָרן לעבן שעכט־הויז מיט נאָך איינציקע יידן, דורך דער אוקראַינישער פאָליציי, וואָס האָט שוין באַוויזן צו פאַרשטעלן די וועגן. זיין פרוי, ווי מען האָט איבערגעגעבן, איז אויך ניט ווייט פון דאָרטן געשאָסן געוואָרן דורך דער אוקראַינישער פאָליציי.

איך האָב נאָך אויך געוואָלט פריער אַריין אין געטאָ בכדי נעמען פון דאָרטן געווער, וואָס איך האָב באַהאַלטן אין גאָלדשטיין'ס האָטעל, אָבער מיין פרוי האָט מיר בשום אופן ניט געלאָזט גיין אין געטאָ אַריין, ווייל דאָס אַרויסגיין פון דאָרטן איז שוין געווען אונטער אַ פראַגע־צייכן.

מיר האָבן זיך געלאָזט לויפן אין דער געגנט פון האַל־בלע. אויפן וועג האָב איך געטראָפן נאָך יידן לויפן אין דער זעלבער ריכטונג. מיר האָבן געהערט שיסערייען. דאָס האָט די אוקראַינישע פאָליציי געשאָסן אויף די אַנטלויפענדע יידן.

אַ גרופּע יידן וואָס האָט זיך געפונען הינטער אונדז איז באַשאָסן געוואָרן דורך דער פאָליציי. אין דער גרופּע האָט זיך אויך געפונען שמאי מייסטעל, וואָס האָט געהאַט ביי זיך אַ רעוואָלווער, ער האָט אָנגעהויבן שיסן פון רעוואָל־ווער צוריק אויף דער פאָליציי און זיי זענען געווען זיכער אַז ביי פיל יידן איז דאָ געווער און דאָס האָט זיי אָפּגע־שראָקן אַז זיי זאָלן נאָך זיי נישט נאָכלויפן.

פאַרנאַכט צו האָבן מיר זיך געטראָפן מיט שמאי מייס־טעל און מיט נאָך יידן וואָס זענען געלאָפן מיט אים צוזאַ־מען. אַלע האָבן מיר זיך געלאָזט גיין אויף די בלאָטיקע פעל־דער, ווייל דער וועג איז נישט געווען זיכער. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געגאַנגען דורך פעלדער און וועלדער ביז מיר זענען אָנגעקומען צו די קאַליוועצער וועלדער. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ 50 מאַן בערך, איינגעטיילט אויף קליינע גרופּעס. אַ טייל וואָס האָבן געהאַט באַקאַנטע פויערים פלעגן

ביינאַכט אוועקגיין אין די נאָענטע דערפער און ברענגען עפּעס צום עסן.

עס איז שוין געווען קאַלט, עס האָט גערעגנט, עס פלעגט זיך באַווייזן אַ דראָבנער שניי וואָס האָט אָנגעזאָגט אַז דער ווינטער איז ניט ווייט. מען האָט באַשלאָסן זיך לאָזן אין די נעווירער וועלדער, ווייל מיר האָבן געוווסט אַז דאָרטן דאַרפן זיך געפינען גרופּעס יידישע פּאַרטיזאַנער וואָס זענען נאָך פון דער ערשטער ליקווידאַציע פון געטאָ אהין אנטלאָפן. ביינאַכט פלעגן מיר גיין און בייטאָג נעכטיקן אין די וועלדער בכדי קיינער זאָל אונדז נישט באַמערקן. אויפן וועג צו די נעווירער וועלדער האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן אַ געוויסע צייט אין די וועלדער פון קליין־גלושא, ווייל שמואל וואָליניץ וואָס האָט געשטאַמט פון קליין גלושא און איז מיטגעגאַנגען מיט אונדז, האָט זיך געוואָלט אינפאָרמירן ביי באַקאַנטע פויערים, צו וועלכע ער האָט געהאַט צוטרוי, וועגן קויפן געווער.

אין אַ געוויסער נאַכט איז געקומען שמואל וואָליניץ (איצט געפינט ער זיך אין חיפה), און איבערגעגעבן אַז ביים פוילישן פויער בלאצקי געפונט זיך א רוסישער פלעגניק און ער האָט באהאלטענע געווער. מיר האָבן באַשלאָסן אַז דריי פערזאָן וועלן גיין צו בלאצקין בכדי זיך טרעפן מיטן רוסישן פלעגניק בכדי ביי אים צו קויפן געווער. די דריי פערזאָן זענען געווען: איך, שמואל וואָליניץ און איסער. מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך אָן אָנצוג און אויך 15 רובל גאָלד וואָס יאָסל פערציק האָט אונדז געגעבן. מיר האָבן געטראָפן דעם רוסישן פלעגניק און נאָך אַ קורצן דינגען זיך האָבן מיר באַקומען אַ ביקס מיט 15 קוילן.

האָבנדיק אַ ביקס האָבן מיר זיך שוין געפילט זיכערער און געלאָזט זיך גיין ווייטער.

די נעווירער וועלדער זענען אונדז ניט געווען באַקאַנט, דאָסזעלבע די געגנט, דעריבער האָבן מיר באשלאָסן אַז מען דאַרף זיך פארזיכערן מיט א ביסל פּראָוויאַנט. איך, שמואל וואָליניץ, איסער און בוזי קאשערס ברודערל, (שמואליק דעם נינערס זון), האָבן זיך געלאָזט גיין צוריק צו די לישקער כוטערס בכדי באַקומען עסן.

דאָס ערשטע הויז איז געווען פארשפּאַרט, אין צווייטן הויז האָט זיך געפונען בלויז אַ פויערטע, וואָס האָט געקלאָגט אַז אליין האָבן זיי ניט וואָס צו עסן. איך האָב באַמערקט אַז עס באַקן זיך „בולבעניקעס” (געריבענע קאַרטאָפל אויף בעקנס). איך האָב תיכף געכאַפּט אַזאַ בולבאָווניק און דאָס אריינגעשלונגען אויפן אָרט. דאָסזעלבע האָבן געטאָן די איבעריקע. מיר האָבן זיך געלאָזט גיין צו אַן אַנדער הויז, ווייל די פויערטע האָט אונדז איבערגעגעבן אז דאָרט וווינט אַ רייכער פויער. געגאַנגען זענען מיר אָן געווער ווייל די איינע ביקס האָבן מיר איבערגעלאָזט ביי דער גרופּע וואָס איז פארבליבן אין וואַלד. ווען מיר זענען צוגעגאַנגען צום פויערס הויז, זענען פון דאָרטן אין דעם זעלבן מאָמענט ארויס 4 אוקראַינישע פּאָליציאַנטן מיט ביקסן. די פּאָליציאנטן האָבן אונדז באַמערקט און געעפנט אויף אונדז אַ שיסעריי.

יעדער איינער פון אונדז איז געלאָפן אין אַן אנדער ריכטונג. אזוי האָב איך צו מיינע חברים אַ זאָג געטאָן, בכדי פאר די אוקראַינער זאָל זיין שווערער צו טרעפן. איך בין געלאָפן אין זיגזאַגן דורך די פארפראָרענע פעלדער. נאָכן אָפּלויפן פון אַ קילאָמעטער בערך האָב איך באַמערקט אַ סטויג היי. זייענדיק זיכער אז דורכן סטויג וועלן מיר די קוילן ניט טרעפן, האָב איך שנעל אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס פעלצל און די שיך און גענומען לויפן מיטן גאַנצן אימפעט. אין בין צוגעגאַנגען צו אונדזער גרופּע וואָס איז פארבליבן אין וואַלד און זיי דערציילט וואָס מיט אונדז האָט געטראָפן. דערנאָך איז פייוול בורשטיין ארויס מיט דער ביקס, בכדי ער זאָל שיסן אויף דער פּאָליציי אין פאַל ווען זיי וועלן דערגרייכן צו אונדז. די פּאָליציי איז אין וואלד אריין ניט געקומען, ווייל זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אז אין וואַלד וועלן זיי זיך אנשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד.

צוויי פון מיין גרופּע זענען צוריקגעקומען. דער דריטער, איסר, איז געהרגעט געוואָרן דורך די קוילן פון די אוקראַינישע פּאָליציי.

נאָכדעם האָב איך באַקומען קורטשן אין די הענט, פיס און פלייצע, און פשוט זיך ניט געקענט רירן. רייזל פערצ'יק, האָט אויפגעקאָכט וואַסער און דאָס מיר געגעבן טרינקען. דאס האָט מיר אביסל געהאָלפן און נאָך אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון די נעווירער וועלדער.

אין 2 טעג ארום זענען מיר אָנגעקומען אין די נעווירער וועלדער, אומיידנדיק אויף וויפל עס איז געווען מעגלעך הייזער און ישובים. קומענדיק אין וואַלד אריין האָבן מיר צעלייגט אַ פייער, בכדי זיך אביסל צו דערוואַרעמען און טרינקען אביסל הייס וואַסער. דעם פייער האָבן באַמערקט איניקע יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען נאָך פון פריער אין דער געגנט און זיי האָבן אונדז לאנגזאם אָבסערווירט, בכדי צו זיין זיכער אז דאָס זענען ניט קיין שונאים. ווען זיי זענען שוין געווען זיכער אז דאָס זענען יידן, זענען זיי צוגעגאַנגען צו אונדז. מיר האָבן זיי אָנגעהויבן אויספרעגן ווער פון די יידן געפינען זיך דאָ און ווו. האָבן זיי אונדז געזאָגט:

„ראשית כל פאַרלעשט דעם פייער, ווייל איר געפינט זיך ניט ווייט פון אַ ישוב און צווייטנס, רוקט זיך אביסל איבער טיפער אין וואַלד אריין. דריטנס, וואָס שייך די יידן וואָס געפינען זיך דאָ וועלן מיר אייך שוין טרעפן אין וואַלד און אייך אַלץ איבערגעבן". זיי האָבן פשוט מורא געהאַט אז אַזאַ גרויסע גרופּע מיט איין און איינציקע ביקס זאָל זיין צוזאַמען.

מיר האָבן אזוי ארום ארומגעקראָכן אייניקע טעג אין די וועלדער און זיך ניט אָנגעשטויסן אין יידן. מיר האָבן באַשלאָסן אַז אייניקע וועלן אוועקגיין צום גאַיאָווער מאַלינאָווסקי וואָס איז געווען באַקאַנט אלס אקטיווער ביי דער סאָוויעטישער מאַכט מעגלעך ביי אים וועלן מיר זיך דערוויסן ווו די יידן געפינען זיך.

צו ערשט האָט ער נישט געוואָלט דערציילן, אָבער דערנאָך ווען מען האָט אים אריינגעשטופּט אין האַנט אריין אַ מטבע פון 5 רובל גאָלד האָט ער געשיקט זיין זון ער זאָל אונדז פירן צו די יידישע פּאַרטיזאַנער.

מיר זענען געגאַנגען אין וואַלד בייַנאַכט מיטן גאַיאָוועס זון א 3 שעה, נאָכבער האָט ער אונדז געוויזן מיט דער האַנט אז מיר זאָלן ווייטער אַזוי גלייך גיין און דאָרטן וועלן מיר זיך שוין אָנשטויסן אין זיי. נאָך אַ קורצער צייט פון גיין האָבן מיר געטראָפן דעם לאַגער פון די יידן. דאָס זענען געווען יידן פון קאַמין און פון דער געגנט. א טייל האָבן זיך געפונען אין ביידלעך געמאַכט פון צווייגן און א טייל האָבן אויסגעגראָבן גריבער אין דער ערד און איבערגעדעקט מיט צווייגן שטרוי און ערד.

דאָס גאָלד און מלבושים האָבן זיך אויסגעלאָזט. בכדי צו באַקומען עסן זענען געווען צוויי וועגן: ארויסנעמען בייַנאַכט קאַרטאָפל פון די גריבער, אָדער פשוט אריין אין די דערפער, און אונטער דער דראָונג פון געווער, נעמען ביי די פּויערים ברויט, אָדער אנדערע פּראָדוקטן, אין פאַל ווען זיי וועלן פרייוויליק דאָס ניט געבן.

אין משך פון דער צייט האָבן זיך די פּויערים דערוווסט אז מיר זענען יידן און עס האָט זיי פאַרדראָסן וואָס יידן נעמען ביי זיי עסן מיט כוח. זיי, די פּויערים, האָבן זיך פאַרקלאָגט פאַר די רוסישע פּאַרטיזאַנער וואָס האָבן זיך אויך געפונען אין יענער געגנט אז די יידן „ראַבעווען" ביי זיי.

אין אַ געוויסער נאַכט האָט זיך געלאָזט אַ גרופּע פון די יידן גיין אין דאָרף שצשעטין בכדי פון דאָרטן ברענגען פּראָדוקטן. אין אַ הויז אין דאָרף שצשעטין, האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן מיט אן אוקראַינישן פּאָליציאַנט. משה קופּערשמידט האָט אים באַמערקט און אים גלייך דערשאָסן, צונעמענדיק זיין ביקס און זיין דייטשן שינעל. וועגן דעם פאַל האָבן אויך די פּויערים איבערגעגעבן די רוסישע פּאַרטיזאַנער.

די רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן געוואָלט ווייזן אַז זיי זענען די שיצער פון די פּויערים. אַ גרופּע פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער באַוואָפנט אַלע מיט געווער האָבן זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג ווו מיר האָבן זיך געפונען. פון זייערע פּלענער האָבן מיר פאַרשטענדלעך ניט געוווסט.

איך געדענק אז פאַרטאָג איז געקומען פון דער גרופּע וואָס איז געגאַנגען ברענגען פּראָדוקטן יאָסקע פוקס און איבערגעגעבן אז די חברה שלעפּן א סך פּראָדוקטן מיט זיך און מען דאַרף זיי גיין העלפן. איך און נאָך אייניקע פון דער גרופּע האָבן זיך געלאָזט גיין אנטקעגן בכדי העלפן צו ברענגען די פּראָדוקטן, אויפן וועג אין וואַלד האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אין די רוסישע פּאַרטיזאַנער. אלע וועלכע זענען געגאַנגען מיט מיר האָבן באַוויזן זיך צעלויפן, בלויז מיך האָבן זיי ארומגערינגלט און מיר געפרעגט צו איך בין דער פירער פון דער גרופּע? איך האָב זיי דערציילט, אז מיר גייען איצט אין דאָרף אריין בעטן עסן און איך בין ניט קיין פירער. איך האָב צוגעגעבן: „אויב איר ווילט קאָן איך רופן אויך די וועלכע זענען אנטלאָפן, ווייל זיי האָבן חושד געווען אין אייך אז איר זענט אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן". זיי האָבן געגלויבט אז איך וועל גיין ברענגען די יידן וועלכע זענען אנטלאָפן, דעריבער האָבן זיי מיר געלאָזט גיין און אָנגעזאָגט אז אויב איך וועל זיך אָנשטויסן אויף זייער א פּאַטראָל זאָל איך זיך באַנוצן מיט דעם פּאַראָל „סאָלאָוויעי", דאַן וועט מען מיר ניט פאַרהאַלטן.

אויפן וועג האָב איך זיך טאַקע אָנגעשטויסן אויף אַ גרופּע רוסישע פּאַרטיזאַנער און באַמערקט ווי משה קופּערשמידט שטייט לעבן אַ בוים געבונדן די הענט אויף הינטן.

איך האָב בלויז באַמערקט ווי משה קופּערשמידט וויינט און פרעגט זיי: „נאָך וואָס האַלט איר מיר?" זיי האָבן אים פאַרזיכערט אז אים וועט גאָרנישט געשען: „דו וועסט גיין צוזאַמען מיט אונדז קעמפן".

ווען זיי האָבן מיר פאַרהאַלטן האָב איך זיי דערציילט אז איך גיי ברענגען די איבעריקע יידישע פּאַרטיזאַנער און דערצו זיי געזאָגט דעם סימן „סאָלאָוויעי", זיי האָבן געגלויבט און מיך געלאָזן פריי. איך בין דאַן געלאָפן אנטקעגן דער גרופּע וואָס האָט געזאָלט ברענגען די פּראָדוקטן און זיי איבערגעגעבן די געפאַר וואָס דראָט אונדז פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער.

מיר האָבן אָנגעהויבן צו לויפן אין אַן אנדער ריכטונג אין וואַלד. פאַרנאַכט האָבן מיר פאַרזיכטיק, אז קיינער זאָל אונדז ניט באַמערקן, אָנגעקומען צו דער הייזקע ווו דער

וואלד־וועכטער האָט זיך געפונען און וואָס מיט אים האָבן מיר געהאט פאַרבינדונגען, בכדי זיך דערוויסן ביי אים ווו די איבעריקע זענען פאַרבליבן און ווייסן ניט אז די רוסישע פּאַרטיזאַנער ווילן אונדז אוסמאָרדן. ער האָט אונדז איבער־געגעבן אז משה קופּערשמידטן האָבן די פּאַרטיזאַנער דער־שאָסן און די וועלכע זענען פאַרבליבן אין וואלד זענען אנטלאָפן. ער האָט אונדז איבערגעגעבן די ריכטונג וווהין זיי זענען אנטלאָפן.

נאָך אין דער זעלבער נאַכט איז אונדז געלונגען זיך טרעפן מיט אונדזער גרופּע און מיר האָבן גענומען גיין טיפער אין וואַלד אריין בכדי זיך וואָס ווייטער דערווייטערן פון דעם פריערדיקן פּלאַץ.

מיר האָבן תיכף גענומען גראָבן בונקערס אין דער ערד און זיי פאַרמאַסקירן. די לאַגע אונדזערע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. צוליב די שנייען איז לייכט געווען זיך אָנשטויסן אויף די שליאַדן וואָס אונדזערע פיס, געווי־קלטע אין שמאַטעס האָבן איבערגעלאָזט. אומעטום האָט אויף אונדז געלאָקערט דער טויט. די פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז געזוכט אין די הייזער, צו פּויערים האָבן מיר מורא געהאט צו גיין. מיר האָבן דעריבער זיך דערנערט פון די קאַרטאָפל וואָס מיר פלעגן ביינאַכט גיין אַרויסנעמען פון די גריבער, און צוריק פאַרשיטן, מען זאָל ניש דערקענען.

מיר פלעגן אמאָל ברענגען אויך אנדערע „מציאות״: דאָס איז געווען בעבלאך וואָס מיר האָבן געפונען אין פאַר־לאָזטע שייערן, אזוי האָט זיך געצויגן ביז פעברואר 1943.

אין אָנהויב 1943 יאָר זענען געשיקט געוואָרן פיל דעסאַנ־טן דורך דער רוסישער רעגירונג בכדי איינפירן מער אָר־דענונג אין די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן. דאַן האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט דער פּרעסטיזש פון דער רויטער ארמיי, ווייל אויף פיל פראָנט־אָפּשניטן האָבן די דייטשן געליטן מפּלות. צוליב די סיבות האָט זיך אויך אָנגעהויבן פאַרבעסערן די באַציאונגען פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער צו די יידן וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. דערפאַר האָבן מיר באַשלאָסן אז מען דאַרף זיך אָנשליסן אין די רייען פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער אָטריאַדן.

אין אַ געוויסן טאָג ווען איך און מיין פרוי האָבן זיך געפונען ביי אַ פּויער האָבן מיר זיך צופעליק געטראָפן מיט אַן אָנפירער פון אַ רוסישן אָטריאַד. פרעגנדיק צו איך בין מסכים זיך אָנצושליסן אין די פּאַרטיזאַנער האָב איך גע־ענטפערט אז יאָ, אָבער מיטן באַדינג אז אויך מיין פרוי זאָל מען נעמען צוזאַמען מיט מיר.

צו ערשט איז ער ניט איינשטימיק געווען. אָבער נאָכדעם ווי איך האָב אים דערציילט וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט איז ער איינשטימיק געווען אז מיין פרוי זאָל אויך אריינ־גענומען ווערן אין די פּאַרטיזאַנער צוזאמען מיט מיר. איך בין צוגעשלאָסן געוואָרן צו אַ קאָמפּעטענדיקער אָפּטיילונג און מיין פרוי פלעגט ארבעטן בייטאָג אין קיך און ביינאַכט גיין אָפּט אויף דער וואַך.

זייענדיק מיט די פּאַרטיזאַנער איז אונדזער געפיל גע־ווען אנדערש ווי פריער. דאָ האָבן מיר געשפּירט אז מיר קענען אויך קעמפן און מיר זענען מענטשן גלייך ווי אַלע.

מיר פלעגן אָפּט ארויספאָרן אויף פאַרשידענע אָפּעראַ־ציעס און ניט איינמאָל פלעגן די דייטשן פליטה מאַכן און שרעקן זיך מער פאַר אונדז, ווי מיר פאַר זיי. די רוסן האָבן זיך אויך איבערצייגט אז יידן קענען קעמפן גלייך ווי זיי. מען פלעגט אָפּט שיקן יידן צום אויסשפּירן אין געפערלעכע זאָנעס, וויסנדיק אז די יידן וועלן ניט פאַרראַטן און אויך אויספירן וואָס מען דאַרף אויפן בעסטן אופן.

צום יום־טוב פון אָקטאָבער (אָקטאָבער רעוואָלוציע) זע־נען אַלע אָטריאַדן ארויס ביינאַכט און אויפגעריסן די באַן־ליניע אויף אַ שטח פון הונדערטער קילאָמעטערס.

פיל פון די פּאַרטיזאַנער זענען געפאַלן אין די קאַמפן. מיר יידן האָבן זיך געווונטשן אז הלוואי וואָלטן אַלע די וואָס זענען אומגעקומען אין די געטאָס — בעסער געווען אומגעקומען אויפן שלאַכט־פעלד, דאַן וואָלט אונדזער לאַגע פיל בעסער געווען.

אין אָנהויב 1944 האָבן די דייטשע ארמייען (נאָך דער מפּלה פון סטאַלינגראַד) זיך אָנגעהויבן צוריקציען און גלייכ־צייטיק געדריקט אויף די פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין זייער הינטערלאַנד און געשטערט זייער ריקצוג, מיט דעם וואָס זיי פלעגן אויפרייסן בריקן באַנען א.א.וו.

מיר פּאַרטיזאַנער האָבן אויך אָנגעהויבן אָפּטרעטן אונ־טערן דרוק פון דעם דייטשן מיליטער. מיר האָבן שוין גע־ווּסט ווו די רויטע ארמיי געפינט זיך און אין דער דאָזיקער ריכטונג האָבן מיר דורך פעלדער און וועלדער בייטאָג און ביינאַכט זיך געלאָזט אין וועג, אָנשטויסנדיק זיך יעדעס מאָל אויף דייטשע אָפּטיילונגען.

אין אַ געוויסן דאָרף (פינסקער געגנט) האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין אַ גרופּע יידן מיט זייערע פאַמיליעס, צווישן זיי פרויען און קינדער וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די ארומיקע וועלדער.

איך האָב פאַרשטאַנען אז אויב די יידן וועלן אליין גיין וועלן זיי אַלע אויסגעמאָרדעט ווערן דורך די דייטשן, דע־ריבער האָב איך זיי געראַטן אז זיי זאָלן אויף וויפל דאָס

איז מעגלעך נאָכגיין נאָך אונדז און אזוי ארום וועלן זיי מעגלעך לעבן בלייבן.

דער אָנפירער פון אָטריאַד האָט באַמערקט אז איך פאַרנעם זיך מיט די יידן און זיך געבייזערט אויף מיר און דערנאָך ווען איך האָב אים געוויזן אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער און אים געזאָגט אז אָן אונדז וועט זי מיט די קינדער אומקומען, איז ער מסכים געווען אז זיי זאָלן נאָכגיין נאָכן אָטריאַד. אזוי ארום זענען פיל יידישע משפחות ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

איידער מיר האָבן זיך נאָך געטראָפן מיט דער רעגולערער ארמיי פלעגן מיר זיך טרעפן מיט די רוסישע אויסשפּיר־גרופּן, וועלכע פלעגן אדורכגיין אומבאמערקט די דייטשע פּאָזיציעס. די פרויען האָט מען באַלד צונויפגעזאַמלט און זיי עוואַקואירט אויף מזרח אין טיף־רוסלאַנד. מיר די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך באַגעגנט מיט דער ארמיי אין דער געגנט פון סטאָלין.

מען האָט גלייך מאָביליזירט אַלע פּאַרטיזאַנער און מיך האָט דער קאָמאַנדיר פון אונדזער אָטריאַד געראָפן אין שטאָב אריין און באַשלאָסן אז איך און נאָך אייניקע וועלן פאָרן קיין פּינסק און דאָרטן ארבעטן אין דער ציווילער אָפּטיילונג אונטער זיין אויפזיכט. איך האָב אויך געדינט אלס איבערזעצער ווען מען האָט געדאַרפט אויספאָרשן דייטשע געפאַנגענע.

אין אייניקע מאָנאַטן ארום איז אויך מיין פרוי געקומען פון רוסלאַנד צו מיר און ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז עס זענען דאָ מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין פוילן האָבן מיר תיכף זיך פאַרשריבן, מיטן געדאַנק אז פון פוילן וועלן מיר קענען אמאָל אויך זיך אריינבאַקומען קיין ישראל.

אין פוילן האָב איך זיך געטראָפן מיט אייניקע קאַמינער יידן און איינער פון זיי יענקל מאַראַנץ האָט זיך פאַרנומען מיט איבערטראַנספּאָרטירן יידן פון פוילן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. מען האָט מיר איבערגעגעבן א גרופּע פון 16 מאַן, אז איך זאָל מיט זיי דורכשמוגלען די גרענעץ קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. נאָך לאַנגע וואָכן פון וואַלגערן זיך, זענען מיר מיט פיל נסים אָנגעקומען קיין בראַטיסלאַווא. פון בראַטיסלאַוואַ זענען מיר אַפּגעפאָרן קיין בודאַפּעשט. אין בודאַפּעשט האָבן מיר זיך ווידער פאַרבונדן מיט דער „בריחה" וועלכע האָט אונדז געשיקט קיין ווין (עסטרייך).

אין עסטרייך זענען מיר פאַרבליבן אַ לענגערע צייט אין די לאַגערן אין דער אמעריקאַנישער זאָנע. עס זענען אָנגעקומען פיל יידישע פּליטים קיין עסטרייך און פיל פון די האָבן גאַרנישט געטראַכט פון ישראל. מיר האָבן פיל פון זיי איבערצייגט, אז אונדזער וועג איז נאָר קיין ישראל, און אזוי ארום געפינען זיך פיל משפחות פון די וועלכע האָבן פריער פון דעם ניט געוואָלט טראַכטן, אין דער יידישער מדינה.

אין עסטרייך זענען געשאַפן און אָרגאַניזירט געוואָרן ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און עס האָט זיך געשאַפן דער פ"חח (פּרטיזנים, חלוצים, חיילים) פון ווין זענען מיר אָנגעקומען נאָך אַ לענגערע צייט קיין איטאַליע.

אין איטאַליע זענען מיר געווען בלויז אייניקע טעג און מיט דער ערשטער שיף „גלילה" זענען מיר אָנגעקומען אין מאי 1949 קיין ישראל. אזוי ארום האָב איך פאַרווירקלעכט דאָס צו וואָס איך האָב נאָך געשטרעבט אין מיינע קינדער יאָרן.

צו מיין גרויס ווייטאָג איז מיין טייערע טאָכטער אלט זייענדיק אינגאַנצן 3 יאָר און אויך א גרויסע און פאַרצווייגטע פאַמיליע אומגעקומען.

יהיה זכרם לעד.

**יפה פלאטניק**

# אליין

(אויסצוגן פון אַ טאָג־בוך)

נאָך אַ וואָך ארבעט אונטער דער אויפזיכט פון אָקראַינישער מיליץ און פון דייטשן, האָבן די יידן פון ליובעשאָוו אויפגעשטעלט אַ גרויסן צאָם פון ברעטער, וואָס האָט ארומגענומען צוויי גאַסן — דעם פּלאַנט מיט דער אַלטער שול און די מיל־גאַס. דער פּלויט צוויי מעטער הויך איז געווען ארומגענומען מיט א שטעכיקן דראָט. דאָס איז געווען דאָס געטאָ. — דער בית עולם ווו מיר האָבן אויף מאָרגן געדאַרפט איינגעשפּאַרט ווערן.

עס איז פאַר פסח, שטיל אין א באַהעלטעניש באַקט מען מצה פאַר דעם יום טוב פון אויסלייזונג און באַפריי־

אוגן. „יאָ, מיר וועלן אויך שוין באַלד אויסגעלייזט ווערן און היטלער וועט איבער אונדז מער נישט הערשן״ — האָב איך געטראַכט ארויסקוקנדיק דורכ׳ן פענסטער.

די נאַכט איז שטיל. איך זאַפּ איין, אָטעם איין אין זיך וואָס מער לופט. איך פיל אז מאָרגן וועט מיר שוין אויס־פעלן לופט. איך זע דורכ׳ן פענסטער דעם געטאָ־צאַם מיט דעם פּאָליציאַנט ביים טויער מיט א ביקס אויפן אקסל. ווארטנדיק אויף א קרבן. דער זייגער שלאָגט צוויי. פון מאָל צו מאָל דערטראָגט זיך צו מיר אַ שטיל זיפצן. דער פאָטער שלאָפט האַרט, נאָך א גאנצן טאָג שווערע ארבעט ביים פלויט. די מוטער ליגט מיט אָפענע אויגן. איר פּנים איז געל ווי פארמעט פון זאָרג וועגן די קינדער. מיינע צוויי שוועסטערלעך שלאָפן ביידע ארומגעפלאכטן מיט די הענטלעך. זיי זענען שטאַרק איינגעקלאַמערט איינע אין דער צווייטער. איך קוק אויף די קינדער, אויף די צוויי שיינע מלאכים׳לעך: אידיסל מיט די לאנגע בלאָנדע האָר, אראָפּגעפאלענע אויף אירע אקסלען און מרים׳קע „דאָס גאָלדן קינד״, אזוי רופט מען איר אין גאנצן שטעטל. מרים׳קע האָט זיך קיינמאָל נישט געבייזערט, שטענדיק מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּן, אָבער א שטאַרקער ווילן האָט תמיד ארויסגעגלאנצט פון אירע קוילן־שווארצע אויגן. איר טרוים איז געווען לערנען וואָס מער.

איך רייס אוועק דעם בליק פון מיינע ליבסטע און הויב אָן זיך צו געזעגענען מיט יעדער קלייניקייט אין צימער. היינט איז דאָך די לעצטע נאַכט... פלוצלונג ווערט די שטילקייט איבערגעריסן פון א שאָס, עס הערט זיך א שרעקלעכער „אוי״. דאָס דויערט עטלעכע סעקונדן און דערנאָך איז ווידער שטיל. עס איז זיכער געפאלן א ייד. מיר וועלן אים זיכער מאָרגן מקנא זיין, וואָס ער איז שוין איבערגעקומען...

אין מיין פענסטער שיינט אריין די לבנה, א גרויסע, אַ קיילעכדיקע און א ליכטיקע קוקט זי אראָפּ אויף דער בעסטיאַלישער ערד. מיר קוקן זיך ביידע אָן. מיין גאנץ וועזן איז געווענדעט צו דער לבנה, צום הימל און צו די מיליאָנען שטערן. מיין הארץ איז אזוי פארקלעמט און דאָך פול מיט גלויבן. א געלייטערטע פון ליידן פרעג איך: „פארוואָס? פארוואָס?״.

אריינגיין אין געטאָ? — לאָמיר זיך צעלויפן אין פעלד, אין געטאָ נישט גיין. אין ארטעל פון די שטריקערס און גלייכצייטיק אין ארטעל ווו מיין פאָטער האָט גענייט היטלען איז געווען געמאכט א באהעלטעניש אויפן בוי־דעם. אויב עס וועט פאָרקומען אן אקציע אין מיטן טאָג, וועט מען זיך דאָרט באהאלטן. איך בין געבליבן אין ארטעל, אָנזאָגנדיק אלע ארבעטער, אז ווען עס וועט ווערן א טומל אין געטאָ זאָלן זיי קומען צו מיר.

איך האָב דאַן איינגעשטעלט דאָס לעבן, ווייל פאר בלייבן אויסערן געטאָ, איז געקומען א קויל. נאָר איך האָב איבערהויפּט וועגן דעם נישט געטראַכט. כ׳האָב בלויז גע־טראַכט אז איך וועל קענען עמיצן ראטעווען, ווייל איך האָב געשפּירט א שחיטה.

איך ווייס נישט פארוואָס אונדזער רב ז״ל, פלעגט שטענדיק פאר אן אקציע, מיר זיך חלומען. עס האָט זיך מיר געחלומט אז ער האָט מיר עפּעס געבראכט א פּעקל, מיט וועלכן איך טראָג זיך ארום אָן אויפהער, נישט האָבנדיק קיין פלאַץ פאר דעם.

און ווירקלעך, איך באמערק היינט, אז דער הייליקער רב האָט מיר געבראכט א מתנה: דאָס לעבן מיט וועלכן איך טראָג זיך ארום ווי א לאַסט.

די נאַכט איז געוואָרן ארומגערינגלט דער געטאָ. איך האָב אומזיסט געוואַרט אויף עמיצן ווער עס זאָל קומען צולויפן — ווי מיר האָבן אָפּגערעדט — דאָס געטאָ איז געווען ארומגערינגלט מיט אַ שטאַרקער שמירה.

צום לעצטן מאָל האָב איך געזען מיין פאָטער — צום לעצטן מאָל מיין מוטער שטיין ביים קיך און פרעגלען לאַטקעס — די לאַטקעס האָב איך מער נישט געגעסן... קיינמאָל וועל איך נישט פארגעסן דעם אויסזען פון מיין פאָטער, ווען ער איז געקומען מיר רופן צוריק אין געטאָ, און איך האָב אים געוואָלט אויפצווינגען ער זאָל ארויס־קומען מיט דער פאמיליע אויסערן געטאָ. ליידער האָט זיך אָנגעפאנגען די שחיטה. איך בין געבליבן אויסערן געטאָ, און אנטלאָפן אין וואַלד, ווו איך האָב א פאָר וואָכן אליין געוואנדערט, אנטלויפנדיק פון מענטשלעכע קולות — אַנטלויפנדיק פון פאסטוכער; טראַכטנדיק אז אפשר מאָרגן וועל איך טרעפן עמיצן פון מיין שטעטל, אפשר גאָר עמיצן פון מיין פאמיליע?

דאָ האָט זיך אָנגעפאנגען א נײַ לעבן פאַר מיר. א קאַמף. איך האָב זיך געראַנגלט מיט די פאסטכער, וועל־כע האָבן מיר געוואָלט פירן צוריק אין געטאָ און געוואָלט שענדן מיין מיידלשן כבוד, האָב איך דאַן ווילדע קולות געמאכט, זיי האָבן זיך דערשראָקן און מיר געלאָזט צו רו. עס איז געווען שבת, אזוי האָב איך געדענקט, שבת נאָך סוכות. איך בין געזעסן אין געדיכטן וואַלד, אויף אַן אָפּגע־האַקטן בוים, און זיך צוגעהערט ווי די פייגעלעך פישטשען, איך האָב צוזאמען מיט זיי א תפילה געזאָגט, א תפילה שחרית צוגאָט, וואָס האָט מיר פארטריבן פון דער היים,

צוגערויבט ביי מיר די היים, און אלץ וואָס נעכטן האָט נאָך געלעבט. איך האָב געבעטן גאָט, אז איך זאָל נאָך עמיצן טרעפן פון דער היים, און שפּעטער וועל איך שטיל אין פרייען וואַלד שטאַרבן. דאָס האַרץ האָט געווייטאָגט פאַרוואָס די לעצטע מינוטן, האָב איך נישט געקענט זיין צוזאַמען מיט זיי — ליגן אין איין קבר מיט זיי — און זען דעם לעצטן אומקום. עס וואָלט דאַן לייכטער געווען צו שטאַרבן. האָט אָבער דעם פּאָליציאַנטס קויל נישט געטראָפן, ווען איך בין אינסטינקטיוו אין וואַלד אנטלאָפן.

אפשר איז מיין פאָטער און מוטער און ש־וועסטערלעך לייכטער געווען צו שטאַרבן — צו גיין אויף קדוש השם, ווען זיי האָבן געוווּסט אז איך בין געבליבן לעבן; אז אפשר וועט מיר געלונגען צו שפּינען די קייט, און דערציילן דער וועלט וועגן זייער אומקום.

עטלעכע וואָכן בין איך געווען אויסבאַהאַלטן ביי פויערים, דערלויבט מיר צו נעכטיקן הינטער א סטייגל היי און פאַר מיין שווערער טאָג־טעגלעכער ארבעט ביי זיי האָב איך באַקומען א שטיקל ברויט. איך האָב גענייט ד־טלען, פעלצן און שיך, אלץ האָב איך געקאָנט. דערפאַר האָבן זיי מיר געוואָלט אויסבאהאלטן, נאָר מיטן באדינג אז איך זאָל זיך שמד'ן, איך זאָל גלויבן אין יעזוסן, אויף דעם האָב איך נישט איינגעשטימט. דערפאַר האָב איך באשלאָסן פאַרלאָזן דעם דאָרף.

טאָג טעגלעך האָב איך געהערט גרוסן פון דעם געטאָ. גרוסן פון איינציקע געראַטעוועטע, וועלכע וואַלגערן זיך ערגעץ אין די וועלדער. פון מיין פאַמיליע האָב איך גאָרנישט געהערט, נישט געוווּסט. ווי אַזוי זיי זענען אומגעקומען, און ווו איז זייער קבר.

אין דאָרף האָב איך געטראָפן אן אלטן גוי פון 80 יאָר, איך האָב אים אויפגענייט א היטל, דערפאַר האָט ער מיר דערלויבט צו נעכטיקן א פּאָר נעכט אויף דער הארטער באַנק. אין שטיבל ביי אים איז געווען שטיל, די פויערטע האָט זיך געוואָרעמט ביים אויוון. דער אלטער איז אראָפּ פון אויוון, און אָנגעהאקט קליינע לוטשינקעס מיטן קליין העקעלע, צוגעלייגט צו פריפעטשאק און א שטארקע ווארעמקייט האָט געזעצט פון אויוון. איך בין געזעסן אויף א קלעצל לעבן רובע, און זיך צוגעקוקט ווי עס צינדן זיך די העלצלעך — אָט פלאַקערן זיי און אָט לעשן זיי זיך אויס, און צעפאלן זיך. דאָס הארץ איז פארשטיינערט. פון דרויסן הערט מען דאָס בילן פון די הינט און דאָס וואָיען פון ווינט. אין הארצן בין איך מקנא געווען דעם אלטן פויער מיט זיין אָרעם שטיבל. איך האָב דאַן פארשטאַנען וואָס הייסט נישט האָבן קיין פעסטן פונדאַמענט, צו זיין א פאָלק אָן א לאַנד. איך האָב פלוצלינג זיך דערמאַנט אז היינט איז שבת, פרייטיק צו נאכטס. פאַר די אויגן זענען מיר געפלויגן — ווי א לענטע פון א פילם — דאָס לעבן. די פרייטיק'ס שווערע, טרויעריקע, אין געטאָ. אין וואלד, און בשעת פּאָגראָם, אָבער תמיד ביי דער זייט פון די עלטערן, נאָך אויף קיין מינוט נישט אליין. פון מאָמענט ווען איך בין אוועק פון דער היים האָב איך נאָך נישט געוויינט — דאָס הארץ איז פארשטיינערט געוואָרן, אויסגעטריקנט און מער שוין נישט געשפּירט גאָרנישט...

ברוך מלמד, הרצליה

# א טראַגעדיע פון א קאַמין־קאַשירסקער משפחה

אַ שווערן פּעריאָד פון אונטערדריקונג און אָנמאַכט האָט די קאַמין קאָשירסקער יידישע באַפעלקערונג איבערגעלעבט. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די שטאָט צו ערשט פארזוכט דעם פּאָגראָם פון די צאַרישע קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיי באַרויבט און טייל־ווייז חרוב געמאַכט, אין דער צייט פון זייער ריקצוג פאַר דער דאַמאָלסדיקער דייטשער אינוואַזיע. דערנאָך זענען געקומען יאָרן פון הונגער און צוואַנגס־ארבעט, וואָס די דאַמאָלסדיקע דייטשע אָקופּאַנטן האָבן מיטגעבראַכט. צום סוף האָט קאַמין דורכגעמאַכט א פּאָגראָם פון בולאַכאָוויטשעס רוצחים, וועלכע האָבן געהרגעט איבער 200 יידישע נפשות, צערויבט און פאַרברענט די גרעסטע טייל פון יידישע הייזער אין שטאָט.

אביש קלאָרמאַן איז געווען נאָך גאָר אַ יונגער מאַן, ווען ער האָט זיך גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־קריג צוריקגעקערט פון דער רוסישער ארמיי אין זיין היים־שטאָט קאמין־קאָשירסקי. נאָכדעם ווי ער האָט געזען אין רוסלאַנד פון נאָך דער רעוואָלוציע און אין פּעטלוראס

אוקראַינע, ווי די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט אָן קיין שום סיבה, נאָר פאַר דער איינער זינד, וואָס זיי זענען יידן, זיי באַפאַלן און געהרגעט די מענער, פרויען און אויך קינדער און באַרויבט יידיש האָב און גוטס — איז זיין ערשטע טעטיקייט געווען צו העלפן אָרגאַניזירן אין קאַמין־קאַשירסקי אַ יידישע זעלבסט־שוץ, פון וועלכער ער איז געווען דער אָנפירער. די זעלבסט־שוץ האָט טאַקע פאַרהיט דאַן די שטאָט פון אָנפאַלן פון דער אָרטיקער קריסטלעכער פיינטלעכער באַפעלקערונג.

ווען די ניי־אַנטשטאַנענע פוילישע רעגירונג האָט זיך באַפעסטיקט, עס איז געוואָרן רואיקער און דאָס לעבן איז צוריק אריין אין זיין נאָרמאַלן וועג — האָט אביש קלאָרמאַן אָנגעהויבן בויען זיין אייגן פריוואַט לעבן. ער האָט חתונה געהאט מיט חיה קלאָרמאַן־גורטענשטיין, אַ טאָכטער פון איינע פון די אָנגעזעענע און ענערגיש טעטיקע פאַמיליעס אין קאַמין קאַשירסקי. זי איז געווען זייער אַ קלוגע און באַשיידענע ווי אויך א גוטע יידישע בעל־בתישע טאָכטער. ביי זיי זענען געבוירן געוואָרן 3 קינדער: שרה למה און ברכה. זיי האָבן געלעבט אַ שיין יידיש בעלבתיש לעבן.

אַביש איז געווען טעטיק אין פיל שטאָטישע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס, ער האָט אויך גענומען אָן אינטענסיוון אָנטייל און מאַטעריעל געשטיצט, דאָס בויען פון דעם שטיבל פון די טריסקער חסידים. ער איז אויך געווען פון די באַטייליקטע אין די שפענדונגען פאַר ציוניסטישע צוועקן. זיין פרוי חיה איז געווען אקטיוו אין די צוגרייטונגען פאַר די טראַדיציאָנעלע אָוונטן וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פלעגן איינאָרדנען אין שטאָט, ביי געוויסע געלעגנהייטן ווי חנוכה, פורים און אַנדערע, מיט דעם ציל אַז די הכנסות פון די אָוונטן זאָלן זיין פאַר קרן קימת לישראל, „תרבות״־שולע אָדער סאָציאַלע הילף. זייערע קינדער האָבן זיי געשטרעבט צו געבן אַ גוטע יידישע נאַציאָנאַלע דערציאונג. ווען אין קאַמין־קאַשירסקי איז דעם ערשטן מאָל געגרינדעט געוואָרן א העברעאישער „גן ילדים״ איז זייער טאָכטער שרה, געווען איינע פון זיינע ערשטע שילערינס. דערנאָך האָבן זייערע קינדער געלערנט אין דער „תרבות״ שולע. שפּעטער ווען די פאַמיליע האָט זיך אריינגעצויגן קיין קאָוועל, האָבן די קינדער פאָרגעזעצט זייער לערנען אין דער קאָוולער גימנאַזיע „תרבות״.

אַזוי אַרום האָט געלעבט אַ יידישע פאַמיליע, רואיק, בעלבתיש, דערצויגן קינדער אין נאציאָנאַלער ריכטונג, און מיט פיל מי אויך דערגאַנגען צו עשירות און אַ גוטן נאָמען.

אין יאָר 1937 האָט זיך פאַרשטאַרקט די אַנטיסעמיטישע טעטיקייט פון דער דאַמאָלסדיקער פוילישער רעגירונג. די רעגירונגס־אָרגאַנען אויף די ערטער האָבן אָנגעפאַנגען שטאַרק אונטערדריקן דעם יידישן האַנדל, וועלכער איז דאַן געווען כמעט דער איינציקער קוואַל פון יידישע פרנסות, אויסער האַנטווערקעריי. אין דעם שטעטל פשיטיק איז דאַן פאַרגעקומען אַ בלוטיקער פאָגראָם, אין וועלכן עס זענען אומגעקומען עטלעכע צענדליק יידן.

אין קאַמין־קאַשירסקי האָט די שטאָט מאַכט אויפגעבויט אין מיטן מאַרק, אַ גרויסע געביידע מיט א לאַנגע ריי קראָמען, פאַר פוילישע קאָאָפּעראַטיוון און פריוואַטע נישט־יידישע געשעפטן, כדי אָפּציען די נישט־יידישע קונדשאפט פון די יידישע קראָמען.

אין זומער 1937 אין קריסטלעכן גרינעם יום טוב, האָט דער קאַמין־קאַשירסקער סטאַראָסטע סקורעוויטש, געפירט אַ גרויסע אַנטיסעמיטישע פראָפּאַגאַנדע אין שטאָט און אין דער סביבה און עפענטלעך גערופן די קריסטלעכע באַפעלקערונג צו מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן. די זאַך איז באַצייטנס באַוווסט געוואָרן דער יידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אָנגענומען פאַרזיכערונגס־מיטלען, צווישן וועלכע עס זענען געווען: אַ טעלעפאָנישע ווענדונג פון דעם זעליקן ציוניסטישן עסקן יוסף אייזענבערג צום יידישן סיים־קלוב אין וואַרשע, מיט דער ביטע צו אינטערוועניר ביי דער צענטראַלער מאַכט. אַביש קלאָרמאַן, וואָס האָט דאַן געוווינט מיט זיין פאַמיליע אין קאָוועל, האָט זיך געווענדעט צום ליבעראַלן קאָוולער סטאַראָסטע, מיט דער ביטע ער זאָל זיך ווענדן צו דער העכערער מאַכט, זי זאָל נישט דערלאָזן אויספירן דעם געפלאַנטן פאָגראָם. אויך האָט אביש קלאָרמאַן וואָס האָט באַזעסן אין קאַמין־קאַשירסקי אַ גרויסן נאַפט־רעזערוואַר, פאַר דער שטאָט און איר סביבה, איבערגעגעבן טעלעפאָניש צו דער לאַנד־צענטראַלע פון דער נאַפט־פירמע אין פוילן, אַז דעם נאַפט־רעזערוואַר אין קאַמין־קאַשירסקי דראָט די געפאַר פאַרניכטעט צו ווערן, דורך די וואָס גרייטן זיך צעשטערן און פאַרברענען יידיש האָב און גוטס. ער האָט געבעטן זייער מיטהילף. די לאַנד צענטראַלע האָט געהערט צו אַ שווייצאַרישער פירמע, די לעצטע האָט דורך דעם שווייצאַרישן אויסערן־מיניסטעריום אינטערוועניערט בוו דער פוילישער רעגירונג וועגן דער זאַך, אַזוי אַרום איז דער גאַנצער ענין געוואָרן באַוווסט אין דער וועלט־פרעסע.

דער פאָגראָם איז טאַקע אויסגעמיטן געוואָרן, ווייל עס האָט זיך אריינגעמישט די צענטראַלע פוילישע רעגירונג פון בריסק, דער וואָיעוואָדע פון פאָליעסיע. עס זענען שנעל געקומען פאַרשטאַרקטע פאָליציייאישע קרעפטן, וועלכע

האָבן געהאַלטן די אָרדענונג אין שטאָט. דער פאַקט האָט אָבער שטאַרק אויפגערעגט דעם קאמין־קאשירסקער סטאַראָסטע סקורעוויטש, פאר צעשטערן זיינע פּלענער און ער האָט געזוכט אויף וועמען אויסלאָזן זיין ווילדן כעס. ער איז געקומען אין מאַרק מיט א בייטש אין דער האַנט און געשלאָגן עטלעכע יידן. דערנאָך איז ער אריין אין דער פירמע קלאָרמאַן און שותפים (ביי מאיר רויזן אין הויז) ער האָט געטראָפן דאָרט יוסף אייזענבערג, וועמען ער האָט צוויי מאָל געשלאָגן. ווען ער האָט געוואָלט שלאָגן אבישן, האָט אביש געדראָאט אים צו שיסן מיט זיין רעוואָלווער (וואָס ער האָט געהאט מיט אַ ערלויבעניש). האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן פון שלאָגן. ער האָט אָבער אָנגעקלאָגט אבישן אין געריכט, פאר באַשמוצן דעם כבוד פון דער פוילישער רעגירונג אין דער וועלט פּרעסע.

די ערשטע געריכט־אינסטאַנץ האָט פאראורטיילט אבישן צו אַנדערהאַלטן יאָר תפיסה, אָפּלייגענדיק דאָס אויספירן פון דער שטראָף אויף 2 יאָר. אַבישעס אַפּעלאַציע אין דער צווייטער געריכטס־אינסטאַנץ איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן, און דער אורטייל איז פארגרעסערט געוואָרן מיט אַ געלט שטראָף פון 5000 זלאָטעס. אביש האָט אַפּעלירט צום פוילישן העכסטן געריכט. די זאַך האָט זיך אַזוי געצויגן ביז זומער 1939.

דער איבנדערמאַנטער געריכטס־אורטייל אויך די אַלגעמיינע שפּאנונג אין דער וועלטס־פּאָליטיק, האָט דערנענטערט דאָס אויספירן פון זיין פּלאַן צו פארלאָזן פוילן, צו וועלן בויען אַ נייע היים פאר זיין פאמיליע. דאַן איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק אַן אלוועלטלעכע האנדלס־אויסשטעלונג צו וועלכע עס זענען געקומען סוחרים פון דער גאַנצער וועלט. (זעלבסטפארשטענדלעך אז די פירמע „קלאָרמאן און שותפים" האָט געהאט אינטערעס צו באַזוכן די אויסשטעלונג, פיליכט אויך געפינען מעגלעכקייטן פון אָנקניפּן האנדלס־באציאונגען מיט אויסלאַנד, עקספּאָרטירנדיק אָרטיקע רוי־שטאָפן און אימפּאָרטירנדיק סחורות, וועלכע פוילן האָט געדארפט). אביש קלאָרמאן האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין אמעריקע.

דער סטאראָסטע, וועלכער האָט געדענקט אַז אין אבישעס אָפּוועזנהייט וועט אים לייכטער זיין צו באַקעמפן די גרויסע האנדלס־פירמע, האָט אים גלייך אָן שוועריקייטן ארויסגעגעבן אַן אויסלענדישן פּאספּאָרט). אביש האָט אויך געוואָלט מיטנעמען זיין עלטערע טאָכטער אָבער פאר איר האָט שוין די אַמעריקאַנער רעגירונג נישט געוואָלט געבן קיין איינרייזע דערלויבעניש.

אין יאָר 1939 איז אביש געפאָרן קיין אַמעריקע. צו דער רייזע איז ער געווען באַגלייט פון זיין פאַמיליע, שותפים און גוטע פריינט, מיט ברכות און ווונטשן צו אַ גליקלעכער רייזע און דערפאלג אין זיינע פּלענער.

גאָר קורץ נאָך זיין אָפּפאָר איז אויסגעבראָכן די אומגליקלעכע פאר'ן יידישן פאָלק, די צווייטע וועלט־קריג. פוילן איז געוואָרן צעריסן אויף צוויי שטיקער און פארטיילט צווישן אירע מעכטיקע שכנים, דייטשלאַנד און רוסלאַנד. קאָוועל און קאמין־קאשירסקי פאלן אריין צו רוסלאַנד ווו עס איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאר פּריוואַטע האנדלס־אונטערנעמונגען.

באַלד נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע פאנגט אביש אָן צו טאָן אלץ, כדי צו דערמעגלעכן דאָס אריבערנעמען זיין פאמיליע אין דער פרייער מדינה אמעריקע, ווו עס לעבן אויך זיינע קרובים. ער הויבט אָן זיך באַמיען ביי דער אַמעריקאַנער רעגירונג, זי זאָל אים דערמעגלעכן דאָס רעאליזירן. צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע האָט ער געוואָלט אריבערנעמען קיין אַמעריקע אויך זיין שוויגער מלכה גורטענשטיין. ער ווענדעט זיך צו יידישע אינסטיטוציעס און פּערזאָנען, נאָך יורידישער הילף, צו דער שנעלער אויספירונג פון זיין פּלאַן. גלייכצייטיק בלייבנדיק אָן מיטלען, פארלירנדיק זיין גאנצן פארמעגן אין דער אלטער היים, ארבעט ער פיזיש, כדי צו דערמעגלעכן די עקאָנאָמישע עקזיסטענץ פון זיין דערוואַרטעטער פאַמיליע.

די אַמעריקאַנער עמיגראַציע געזעצן ערלויבן אריבערנעמען זייערע פאמיליעס נאָר פאר עמיגראַנטן, נישט פאַר טוריסטן, ווי אַביש איז געווען. אַביש ווענדעט אָן זיין גאַנצע ענערגיע, ער טוט אַלץ, כדי צו באַקומען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג די נויטיקע דערלויבעניש, צו פארווירקלעכן זיין שטרעבונג.

אָבער, דער שטורעם ברעכט אויס פּלוצלינג, כמעט אין דעם מאָמענט ווען די הילף איז שוין געווען ביי דער טיר. די דייטשע חיות באַפאלן רוסלאַנד. די יידן און די נייע רוסישע געביטן ווערן פארפייניגט און מערדערלעך פארטיליקט. די גאַנצע פאמיליע קלאָרמאַן איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קאמין־קאָשירסקער און קאָוועלער יידן.

יהושע שווארץ

# לזכר די קדושים פון מיין פאמיליע און פון די יידן אין לישע

לזכר מיין טאטן משה דעם פרומען,
כ׳געדענק, געווען אַ בלאַסער אַ מידער,
פון בית־המדרש שפעט פלעגט ער קומען,
אין האַנט זיין טלית מיטן אַלטן סידור.

מיין מאַמע חיה־יהודית עליה השלום,
אַ צדיקת געווען, אַ געטרייע און שטילע,
קיין ארץ־ישראל צו פאָרן איז געווען איר חלום
און אויף אירע ליפן איז שטענדיק געלעגן אַ תפילה.

מיין מאַמע די פרומע, וואָס האָט
גאַנץ תהילים און דאַווענען ניט קיינמאָל פארפעלט;
געגאַנגען צו סליחות פארטאָג בעטן גאָט,
געלייענט דעם טייטש־חומש און אויך ספירה געציילט.

לזכר פנחס מיין ברודער דעם גוטן,
איינער געבליבן אליין מיט דער מאַמען,
געהאָלפן געטרייסט און געהיטן;
און געווען ביזן אומקום אין געטאָ צוזאַמען.

אַ גרויסער למדן געווען איז ר׳ משה חיים:
אַ ייד אַ עניו און אַ ירא שמים.
געווען איז ער אין לישע דער רב,
ביז דעם חורבן פון כ״ז באב.

כ׳געדנעק זיין געלע באָרד מיטן בלאַסן געזיכט.
אַלע יאָרן געלערנט אין די ישיבות פון ליטע;
געלעבט אין דחקות פון אייוון אין ליכט,
און מיט אלע יידן צום סוף אוועק צו דער שחיטה.

מיינע קרובים: פעטערס און מומעס,
ווייטע און נאָענטע שכנים;
חברים, פריינט און קוזינעס,
פארגעסן וועל איך קיינמאָל קיינעם.

און אונדזערע גוים אויך אפילו די גוטע,
אוועקגעראבעוועט ביי יידן די לעצטע פרוטה.
זיי שטייען גוטמוטיג לעבן זייערע כאטעס,
קוקן אויף די יידן מיט די געלע לאַטעס.

די גוים אויסגעפרעסענע און פרישע,
אָן שום חרפה אָדער בושה,
זעען ווי דער שונא טרייבט די קדושים פון לישע;
יונגע און אַלטע, טף איש ואשה.

אַ קינד ברעכט אויס מיט אַ ביטער געוויין;
קען ניט פארשטיין וואָס דאָ איז געשען.
פאַר וועלכע זינד? — פרעגט דאָס קינד;
פאַרוואָס קומט אונז אזויפיל ליידן און וויען.

אַזוי זענען געגאנגען די יידן פון לישע והסביבה,
אויף קדוש השם אָן אַ פאַרוואָס און אָן א שום סיבה.
צונויפגעטריבן ווי שאָף אַלע קיין קאַמין,
אכזריות׳דיק אומגעקומען אַלע צוזאַמען.

ליגן זיי אין קבר אַלע קדושים צוזאמען.
נישטאָ מער אונדזערע נאָענסטע און טייערסטע
פאַרשטומט איז דער יידישער ניגון און רעש,
געבליבן איז צו זאָגן יתגדל ויתקדש...

אברהם רופא

# מיין וועג צו די פּאַרטיזאַנער

אין יאָר 1941 זענען די דייטשן אַריין אין קאַמין קאַשירסקי. זיי האָבן פאַרצויגן מיט שטעכל־דראָט און אָפּגע־טיילט איין טייל פון שטאָט פון צווייטן און געמאַכט אַ געטאָ, וווּ מען האָט אונדז אַלעמען גלייך אַהין אַריינגע־טריבן. מיין משפחה וואָס איז באַשטאַנען פון פינף פּערזאָן, מיין שווער, גרשון אייזנבערג און אריה דעקעלבוים מיט זיין משפחה, זענען מיר געווען ביי יעקב זעלצער אין שטוב, און דאָרט געוווינט ביז סוף 42־טן יאָר.

איך האָב געאַרבעט ביי דעם טאַרטאַק, און די איבע־ריקע פלעגן אַרבעטן ביי דער באַן. אין דער פרי פלעגט מען אונדז אַוועקפירן און אויף דער נאַכט פלעגט מען אונדז ברענגען צוריק אין געטאָ. מיר זענען געווען אַ גרופּע פון זעקס מאַן — נחום מאַנשיין, משה סינגאַל, בורשטיין און נאָך אייניקע, וואָס האָבן סאָרטירט די ברעטער און צונויפגעלייגט צום טריקענען.

מיט איין מאָל, אין חודש אב, האָט דער יודענראַט געגעבן אַ באַפעל צו דער באַפעלקערונג, אַז אַלע זאָלן זיך אָנגרייטן עסן אויף דריי טעג מיטצונעמען מיט זיך, און מען זאָל זיך צונויפקלייבן ביים טויער פון געטאָ. אַזוי ווי איך האָב דאָס דערהערט האָב איך געזאָגט צו מיין פרוי, רחל: לאָמיר נעמען י קינדער און אַנטלויפן. האָט מיין פרוי געפרעגט דעם שוואָגער אריה, ווייל ער איז געווען אין יודענראַט וואָס צו טאָן. ער האָט אונז געזאָגט, אַז אויב מיר וועלן אַנטלויפן וועט מען אונדז אַלעמען אויס־הארגענען. האָט מיין פרוי געזאָגט, אַז מיר גייען נישט, וואָס עס וועט זיין מיט אַלעמען וועט זיין מיט אונדז...

דאָס איז געווען פונקט מאָנטיק 27 טעג אין אב. אַזוי ווי מיר זענען געקומען צום טויער פון געטאָ האָבן מיר דערזען פאַר אונדזערע אויגן אוקראַינישע פּאָליציי און דיי־טשישע געסטאַפּאָ. מען האָט אונדז באַלד אויסגעשטעלט צו פיר מאַן אין אַ שורה, און מען האָט אונדז געפירט און־טערן שטאָט — קעגנאיבער בית־עולם איז געווען אַ פּלאַץ פאַרצוימט מיט שטעכל־דראָט, און אַהין האָט מען אונדז אַריינגעפירט און דאָרטן, האָבן זיי געזאָגט, וועלן זיי אונדז געבן פּעסער... אַזוי זענען מיר געזעסן און געוואַרט אויף די פּעסער... איך בין געזעסן אויפן גראָז, נעבן מיר דער שווער, פסח צבי אַרימלאַנד, און איסר לייזערוק מיט אַמאָל זעען מיר ווי אויפן בית־עולם שטייען גוים און גראָבן גריבער. מיין שווער האָט געגעבן אַ פרעג פסח צבי אַרימ לאַנד: — וואָס זאָגט איר אויף דעם? האָט ער אים גע ענטפערט: — כל זמן שהנשמה בקרבי דאַרפן מיר האָפן; פונדעסטוועגן לאָמיר זאָגן ודוי. האָבן זיי זיך גלייך אָנגע־טאָן די טליתים און האָבן אָנגעהויבן זאָגן ודוי. ביי מיר איז דאָס האַרץ געווען פאַרשטיינט; איך האָב נישט געוווּסט וואָס עס איז מיט מיר, איך האָב בלויז געקושט מיינע קינדער.

מיט איין מאָל הערט מען אַ געשריי, אַז מען טראָגט שוין פּעסער צו פאַרטיילן; דוד בער האָט געהאַלטן די פּעסער. צו ערשט האָט מען אויסגערופן דעם יודנראַט און מען האָט זיי אַלע אַדורכגעלאָזט נאָכער האָט מען מיר אויסגערופן; מיט מיר איז געווען מיין זון עקיבא און מיט מיין פרוי — אריה׳לע. האָט מען באַלד פון אונדז די קינ־דער אַרויסגעריסן און מען האָט זיי געשטעלט אין איין זייט און מיך מיט מיין פרוי באַזונדער געשטעלט. נאָכער זענען צוגעגאַנגען צו בערן די דייטשן, צוגענומען די דאָקומענטן און זיי צעריסן, און די געבליבענע יידן האָט מען צונויפגעטריבן אין איין זייט און אָנגעהויבן די טויט אַקציע. מען האָט גענומען פרויען מיט מענער, אין גרופּעס פון אומגעפעאַר צו 50 מאַן, נאַקעטע, און געטריבן צום גרוב אויפן בית־עולם. איך האָב נאָך געטראָפן מיין זון ניסלען, וואָס ער איז געראַטעוועט געוואָרן דורך דער משפחה גאָלדשטיין אונדז האָט מען נאָך געהאַלטן ביי דריי טעג און דערנאָך צוריקגעפירט אין געטאָ, אָפּגעצאַמט אַ פּאָר הייזער און דאָרט זענען מיר געווען די לעצטע דריי חדשים.

נאָך דער שחיטה בין איך געגאַנגען צו דער זעלבער אַרבעט ווי פריער איין מאָל זיצן מיר אַזוי, די גרופּע אַרבעטער, ביי מיטאָג און קלערן וואָס צו טאָן. מיר זעען דאָס, אַז מען וועט אונדז אַלצאיינס הארגענען. האָט נחום מאַנשיין געזאָגט: — חברה, איר ווייסט וואָס מיר וועלן טאָן? לאָמיר נישט וואַרטן לאַנג, אויפלעגן אַ גרויסן סטאָס מיט ברעטער, אין מיטן זאָל זיין פּוסט, כדי טאָמער מען וועט אונדז אַרומרינגלען צו הרגענען וועלן מיר זיך אַלע באַהאַלטן אינעווייניק. אַזוי האָבן מיר עס טאַקע גלייך געמאַכט.

ויהי היום, עס איז געקומען דער טאָג, איז געקומען

צו מיר מיין זון ניסן און דערציילט וואָס דער געביטסקאָמיסאַר האָט געזאָגט, אז מאָרגן פרי וועלן זיך די איבעריקע יידן צונויפקומען ביים טויער — און מען וועט שוין ווידער האַרגענען. בין איך גלייך אוועק פון דער אַרבעט אין געטאָ און געזאָגט צו מיין פרוי: — קום, לאָמיר לויפן, זאָגט זי, אז זי וועט וואַרטן אויפן שוואָגער און מיר וועלן גיין צוזאַמען. איך בין גלייך צוריקגעגאַנגען צו דער ארבעט, און וואַרט און וואַרט — (און מיין פרוי איז נישטאָ). אַזוי ווי איך וויל צוריקגיין, זע איך ווי אויפן וועג צום טאַרטאַק ליגט הערשל ווייסמאַן מיט זיין פרוי און טאָכטער טויט, פאָליצייַ־לייט לויפן און שיסן — און יידן אַנטלויפן. האָב איך מיך גלייך צוריקגעקערט. מיין פרוי האָב איך שוין מער נישט געזען. מיר זענען אַריין צווישן די ברעטער, איך און מיין זון ניסעלע, משה סינגאַל און קאָפּעל זאַפּראַן, און מיר זענען געבליבן דאָרטן צווישן די ברעטער אַ טאָג מיט אַ נאַכט. נאָכער זענען מיר אַרויס און געפרעגט דעם מעכאַניק וואָס הערט זיך, האָט ער געזאָגט: — אַנטלויפט, מען האָט שוין געהאַרגעט אַלע יידן, אַזוי זענען מיר אַוועק אין וואַלד. אין וואַלד האָבן מיר געטראָפן נאָך יידן, זענען מיר דאָרטן געווען אַ פּאָר טאָג ביז עס האָט זיך דערוווּסט וועגן אונדז די אוקראַינישע פּאָליציי. זיי זענען געקומען און געכאַפּט יצחק פלאַטן מיט חארפאקן דעם דרוקאַרניק — און מען האָט זיי געהאַרגעט. דער פּרעסידאַטעל פון ווידערט האָט צונויפגעקליבן אַלע יידן, און אוועקגעפירט אין נעווירער וואַלד. דאָרטן זענען געווען פּאַרטיזאַנער, ווי די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערוווּסט וועגן אונדז, זענען זיי געקומען און אונז באַזוכט, און צוגענומען ביי וועמען עס איז געווען געלט, און מען האָט אָנגעהויבן שלאָגן. האָט מען זיך באַלד אָנגעהויבן צעלויפן פון וואַלד. איך בין געבליבן אליין אין וואַלד און געמאַכט אַ פייערל. ביינאַכט קומט צו מיר ישראלקע בורשטיין און אברהם לייב בורשטיינס איידעם — זענען מיר געווען 6 מאַן: ישראל'קע בורשטיין, משה סינגאל בורשטיינס איידעם, קאָפּל זאַפּראָן, איך און מיין זון. זענען מיר אַוועק פון דאָרט און געקומען קיין פּאָדבעראַטשע, אין וואַלד, ווו מיר האָבן געטראָפן אַ שייער מיט היי, און מיר זענען אריין אין היי און געבליבן דאָרט זיבן טעג. ביז מען האָט זיך דערוווּסט וועגן אונדז.

מיט איין מאָל ביינאַכט, זעען מיר, ווי מען לייכט מיט לעמפּלעך אין דער טיר. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד, עס איז געווען דאָן אַ סך שניי, און איך בין אריינגעפאלן אין שניי. זענען צוגעגאַנגען צוויי אוקראַינישע פּאָליציאַנטן. איינער, מיט אַ רעוואָלווער, איז גלייך צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט: — לייג זיך מיט דעם פּנים צו דער ערד, איך וועל דיך שיסן. האָב איך זיך געלייגט מיטן פּנים צו דער ערד. נאָכער איז צוגעגאַנגען דער צווייטער, און געזאָגט: — לאָז אים ער זאָל גיין אויפוועקן אלעמען, און דאַן וועלן מיר זיי נעמען צו די דייטשן. בין איך אריין אינעווייניק און געזאָגט: — חברה, מיר זענען שוין אלצאַיינס טויט; זיי זענען צוויי און מיר זענען זעקס — איז לאָמיר זיך וואַרפן אויף זיי, און וואָס עס וועט זיין וועט זיין. זיי זענען געווען אַלע אָן מוט, נאָר איך בין נאָך געווען אביסל מוטיק, געזוכט וואָס צו נעמען אין האנט, און געפונען אין שייער אַ הענטל פון אַ וואָגן און גענומען אין האַנט און ווי נאָר זיי האָבן געעפנט דעם שייער, האָב איך דעם ערשטן אוקראַינער געגעבן אַ זעץ מיט דעם הענטל איבערן קאָפּ — און זיי זענען תיכף אנטלאָפן, און איך האָב אָנגעהויבן לויפן נאָך זיי. דערווייל באַמערק איך ווי אַלע מיינע חברים זענען שוין אַנטלאָפן, און מיין זון שטייט אַ באָרוויסער אין שניי און וויינט. איך האָב זיך אומגעקערט צוריק, איך האָב אים גענומען — און מיר זענען אַוועק.

מיר זענען געקומען קיין קאַליוויטש, צוגעקומען צו אַ שטאַל און גלייך אַרויף אויף אַ בוידעם פון אַ שטאל און געבליבן דאָרט ליגן. אין א צען מינוט אַרום קומט אַרויף אויפן בוידעם אַ קליין שייגעצל נעמען היי פאַר די בהמות, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל נעמען אַ לאָפּאַטע און פאַרשיטן דעם שניי, אז עס זאָל נישט זיין קענטיק, אונזערע טריט, ער האָט אַזוי געטאָן; דאַן האָב איך גענומען אַביסל היי, פאַרדעקט מיין זון און נאָכער זיך. אַזוי זענען מיר געלעגן ביי אַ שעה, ווי איך הער מענטשן גייען. עס זענען גלייך אָנגעקומען 12 דייטשן מיט אוקראַינישער פּאָליציי, זיי האָבן געטראָפן דעם בעל־הבית אין דרויסן און גיבן אַ זאָג צו אים: — ביי דיר זענען דאָ יידן. האָט ער געענטפערט אַז עס איז נאָך פרי, איך גיי איצט אַרויס פון דער היים געבן עסן די בהמות, ביי אים איז נישטאָ קיין שלאָס אויף דעם שטאל, און ווייס נישט וואָס ס'קען געשען ביינאַכט. זוכט ביטע — איז ער מוסיף — אפשר וועט איר געפונען, אזוי ווי ס'איז דאָרט געשטאַנען א לייטער, איז איינער גלייך ארויף אויפן בוידעם. און זאָגט צו זיי, אז עס איז נישטאָ קיין היי, איז אזוי ווי קענען זיך דאָרט באַהאַלטן יידן? און זיי זענען גלייך אַוועק.

ס'איז אריבער אַ האַלבע שעה ווי איך הער א שיסעריי, זיי האָבן געטראָפן מיינע חברים ישראל בורשטיין, זאפראן, משה סינגאל און בורשטיינס איידעם, און מען האָט זיי געהרגעט אויפן אָרט. דאַן איז צוגעקומען דער בעל־

הבית און זאָגט צו מיר — גיי שוין אַוועק פון דאַנען, ווייל יענע האָט מען שוין צושאָסן, און טאָמער נישט, וועל איך מעלדן די דייטשן. בין איך אראָפּ פון בוידעם און בין אַוועק.

איך בין געקומען קיין דאָמבראָווע, דאָרטן איז געווען אַ ציגעלניע און אַ שאפּע ווו מען טריקנט די ציגל, פול מיט שטרוי. איך האָב געמאַכט אַ לאָך אין שטרוי און בין דאָרט געזעסן, און דער גוי פלעגט מיר יעדן אָוונט ברענגען אַ שטיקל ברויט. אַלס וואַסער האָט אונדז געדינט דער שניי. דאָ בין איך געווען ביי אַ 10 טעג.

מיט איין מאָל קומט צו מיר דער גוי און זאָגט אַזוי:

איך וואָלט דיר נאָך געהאַלטן, נאָר ליידער אַזוי ווי אין דערעוואַק איז געווען באַהאַלטן סענדער לאַנדע מיט זיין משפחה, און נאָך איין משפחה זענען געווען ביי אַ פּאָלאַק, האָבן זיך די דייטשן דערוווסט און זיי ארומ־גערינגלט, סענדער לאַנדע איז אנטלאָפן, און די משפחה האָט מען אויסגעהאַרגעט, דעם פּאָלאַק מיט אַ זון האָט מען אויפגעהאָנגען אויפן מיטן וועג און אויפגעהאָנגען אַ מעלדונג, אז דאָס איז אַ שטראָף פאַר אויסבאַהאַלטן יידן... דאָס איז געווען אומגעפאַר דעם 10־טן יאַנואר 1943, דאַן האָט ער צוגעגעבן, אַז ער וויל נישט מען זאָל אים הענגען צוליב מיר. האָט ער מיר געגעבן צייט צוויי שעה, איך זאָל אַוועק. איך בין געווען זייער שטאַרק דערשראָקן, נישט געוווסט וואָס צו טאָן. האָב איך געפרעגט מיין זון, וואָס טוט מען ניסעלע? האָט ער מיר געענטפערט: — טאַטע, מיר וועלן אלצאיינס נישט לעבן, איז לאָמיר גיין צו די דייטשן זיי זאָלן אונדז האַרגענען. קיין אנדער אויסוועג האָבן מיר נישט, קיינער פון די פויערים וויל אונדז נישט געבן קיין שטיקל ברויט...

אַזוי זענען מיר גלייך אַוועק פון דאמבראָווע קיין קאָמין, גלייך מיטן וועג. מיר האָבן געוואָלט אַז מען זאָל אונדז האַרגענען אויפן וועג, אָבער מיר האָבן קיינעם נישט געטראָפן, אַרום צוויי אזייגער ביינאַכט זענען מיר אנגע־קומען קיין קאַמין. דאַן פרעג איך מיין זון וואָס טוט מען איצט, וווהין גייען מיר איצט? זאָגט ער צו מיר, אז אַזוי ווי פון דער ערשטער שחיטה האָבן זיך אַ סך מענטשן באַהאַלטן ביי לייזער קאַמינער אין בעקעריי ווו ס'איז דאָ אַ סכראָן, איז לאָמיר גיין אַהין, אפשר איז נאָך דאָרטן עמיצער דאָ.

מיר זענען צוגעקומען צום טויער פון געטאָ. דער טויער איז געווען אָפן. עס שטייען צוויי דייטשן פּאָסטנס. מיר זענען דורכגעגאַנגען, אפשר האָבן זיי זיך נישט גע־מאַכט זעענדיק... ווי מיר קומען־צו צו דער בעקעריי זעען מיר, אַז עס ליגן דאָרט אַ סך מענטשן, טויטע און די לבנה שיינט... מיין זון האָט זיך דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן לויפן, און איך בין געלאָפן נאָך אים, ביז מיר זענען געקומען צום טאַרטאַק. דאָרט איז געווען אַ סטרוזש און ער האָט אונדז אוועקגעטריבן. האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט כמעט ביז טאָג, און מיר האָבן שוין אָנגעהויבן גיין צו די דייטשן...

אָבער ווען מיר זענען דורכגעגאַנגען דעם שטיבל ווו ס'האָט געוווינט דער סטרוזש פון טארטאק, איז דעם סטרוזשס פרוי פונקט אַרויס אויף דער גאַס, האָט אונדז דערזען און געגעבן אַ געשריי:

— אברהמ'קע שטשע שזיוויעטיע? זאָג איך: יאָ.

— וווהין, גייט איר? זאָג איך, אַז איך גיי צו די דייטשן, זיי זאָלן מיך האַרגענען.

זאָגט זי: — איר האָט שוין איבערגעלעבט איבער דריי חדשים נאָך דער שחיטה, און איצט גייט איר?

זאָג איך, אז איך האָב נישט קיין אַנדער אויסוועג.

זאָגט זי: — קומט צו מיר.

זי האָט אונדז טאַקע אריינגענומען, באַהאַלטן אין אַ קעלער און געהאַלטן אונדז אכט טעג. מעגלעך, אז זי וואָלט אונדז נאָך געהאַלטן, נאָר איך בין געגאַנגען מאָנען די זאַכן וואָס איך האָב געגעבן צו באַהאַלטן, און די גויים האָבן זיך דערוווסט אז איך בין ביי דער פּאָליאַטשקע, און זיי האָבן איר געוואָרנט אז זי זאָל אונדז אַרויסטרייבן. דאַן האָט זי אונדז דערקלערט, אז זי קען אונדז מער נישט האַלטן. זי האָט אונדז געגעבן צוויי פּעקלעך מיט עסנוואַרג. איך האָב אויסגערעכנט אז איך וועל האָבן צו לעבן צוויי וואָכן. איך בין גלייך אַוועק צוריק צום גוי אין דאמבראָווע און איך בין אַריין אין שטרוי. דאָרט בין איך געבליבן 14 טעג און דער גוי האָט נישט געוווסט וועגן דעם. ווען עס האָט זיך געענדיקט דאָס עסן, זאָג איך צו מיין זון, אַז די נאַכט מוז איך גיין צו אַ פּאָליאַק בעטן עסן. אַזוי ווי איך גיי אַרויס ביינאַכט אין וואַלד הער איך שטאַרקע שיסעריי פון האַרמאַטן און ביקסן. איך קער זיך אום צוריק און זאָג צו מיין זון: — מיר וועלן שוין איבערהונגערן דעם טאָג, און דעם צווייטן אָוונט וועל איך ארויסגיין.

מיר האָבן איבערגעקומען דעם טאָג און אין אָוונט בין איך ארויס צו איינעם אַ פּאָליאַק, סאָקאָלאָווסקי. ווי נאָר ער האָט מיר דערזען, אַזוי האָט ער מיר געפרעגט: — דיין זון לעבט נאָך? האָב איך געזאָגט יאָ. זאָגט ער צו מיר: — איר וועט שוין איצט לעבן. פרעג איך אים וואָס איז געשען? האָט ער מיר געזאָגט, אַז די נאַכט זענען געווען ביי אים א סך פּאַרטיזאַנער און זיי האָבן אָנגעזאָגט

אַלע גוים, מען זאָל נישט טשעפּען קיין יידן וואָס באַהאַלטן זיך פון דייטש, ער האָט אונדז אַריינגענומען אין שטוב און געגעבן עסן.

אין קאַלאָניע דאָמבראַווע בין איך געבליבן ביזן 5־טן מערץ, 1943. פון דאָרט בין איך אַוועק אין וואַלד פון נעוויר, צו די פּאַרטיזאַנער.

ט. בערלינער — (ווייסגרוז)

# ביי די פּאַרטיזאַנער

מיינע צוויי ברודער, וועלכע זענען שוין געווען אין וואַלד, זענען צוריק מיט 2 טעג געקומען אין געטאָ בכדי מיר זאָלן אַלע אַנטלויפן אין וואַלד אַריין.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אין דער נאַכט — ערב דעם טאָג, ווען מען האָט זיך געדאַרפט צושטעלן — וועלן מיר אַנטלויפן פונ׳ם געטאָ.

די מערב׳דיקע זייט פונם געטאָ האָט זיך געפונען לעבן פעלדער, באַאַרבעטע דורך פּויערים (אין דער זייט פון לייביש גאָלדשטיינס האָטעל) און דורך דאָרטן איז לייכטער געווען זיך אַרויסבאַקומען אין דרויסן.

אַ זייגער 9 אין אָוונט האָבן 8 מענטשן: מיינע דריי ברודער, איך מיט מיין מאַן שלום שוכמאַכער מיט זיין ברודער יוסף שוכמאַכער, ווי אויך לאה און נחמה גרינ־שטיין, זיך אונטערגעגראָבן אונטערן פּלויט פונם געטאָ און איינציקווייז זיך אַרויסבאַקומען אויף דער צווייטער זייט. ווען מיר זענען בלויז אַפּגעגאַנגען עטלעכע צענדליק מעטער, האָט זיך געעפנט אויף אונדז א שיסעריי. דאָס האָט געשאָסן די פּאַרשטאַרקונגס־וואַך בכדי מען זאָל נישט קענען אַנטלויפן. מיינע דריי ברידער, נחמה גרינשטיין און מיין שוואָגער, האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן, מיין מאַן און לאה גרינשטיין האָבן צוריק אַריינגעקראָכן אין געטאָ דורך דעם וועג וואָס זיי זענען אַרויס. איך בין געבליבן א 10 מעטער פונם געטאָ־פּלויט ליגענדיק באַהאַלטן צווישן ביימער. די וואַך האָט גענומען זוכן און קאָנטראָלירן דעם שטח. זיי האָבן באַלויכטן מיט א טאַשן־לעמפּל און מיך געפונען.

„וואָס טוסטו דאָ?" האָט מען מיך געפרעגט. איך האָב זיי אויסגעקלערט א מעשה, אַז איך האָב געאַרבעט ביי דער באַן און דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז מען האָט שוין אויסגעהאַרגעט אַלע יידן פונם געטאָ. איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין בין איך דאָ געבליבן.

די צוויי אוקראַאינישע זשאַנדאַרמיסטן האָבן הנאה געהאַט, וואָס זיי האָבן געכאַפּט א יידן און געגעבן אָנצו־הערן, אַז קיין ייד וועט פון זייערע הענט נישט אַנטלויפן.

דער דריטער, א דייטש, האָט מיר געפרעגט צו איך ווייס אַז אין דער שעה טאָר קיין ייד נישט זיין אויסערן געטאָ? ער האָט נישט געוואַרט אויף קיין תשובה און מיר געהייסן גיין פאָראויס אַנשטעלנדיק די ביקס בכדי מיר שיסן. איך האָב אָנגעכאַפּט די ביקס און זיך גענומען בעטן ביי אים ער זאָל מיר דאָס מאָל שענקען. „לאָז מיר צוריק גיין אין געטאָ אַריין האָב איך אים געבעטן, זיכער פּאַרמאָגסטו אויך א פרוי און קינדער און דאַרפסט אויך רחמנות האָבן". ער האָט אויפגעהאָנגען די ביקס צוריק אויפן אַקסל און מיר צוגעפירט צום טויער פונ׳ם געטאָ און מיר באַפוילן שנעל זיך אָפּטראָגן אין געטאָ אַריין. ווען איך בין אַריינ־געגאַנגען אין שטוב ווו אונדזער פאַמיליע האָט זיך געפונען האָט מיר לאה גרינשטיינ׳ס מוטער איבערגעגעבן, אַז מיין מאַן מיט איר טאָכטער לאה גרינשטיין, זענען זיך געגאַנ־גען אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעמל פון א גאַניק אין קרוק־ווער׳ס הויז.

איך בין גלייך אַהין געלאָפן. דאָרט האָב איך געטראָפן אויך שיינדל קרוקווער. דאָס בוידעמ׳ל איז געווען געוואַלדיק קליין, א האַלבער מעטער די הויך. מיטנעמענדיק די 3 ברויט וואָס מיר האָבן געפונען אין שטוב און עטלעכע פלעשער וואַסער זענען מיר אַריינגעקראָכן אין דעם באַהעלטעניש.

מיר זענען אַזוי געלעגן דריי וואָכן, הערנדיק געוואַלדן און געשרייען פון די יידן, וואָס האָבן זיך אויך באַהאַלטן אין אַנדערע ערטער אין געטאָ) און מען האָט זיי געפונען. די דייטשן מיט די אוקראַאינער זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז זוכן באַהאַלטענע.

דאָס ברויט איז אונדז אויסגעגאַנגען, עס איז געווען פינסטער און שוואַרץ אויף דער נשמה. דער הערבסט איז שוין געווען ביים ענדע. מיר האָבן געציטערט פון קעלט, דערצו איז די וואַסער וואָס איז אונדז נאָך פאַרבליבן אין

אַ פלאַש פאַרפרוירן געוואָרן. מיר זענען געלעגן אַזוי אָן אָן ברויט און אָן וואַסער.

מיר האָבן באַמערקט דורך די שפּאַלטן פון אונדזער באַהעלטעניש, אַז די דייטשן גייען פון הויז צו הויז און „מאַכן אָרדענונג", דאָס הייסט פאַרברענען אַלטע זאַכן, נעמען צו זאַכן, וואָס האָבן פאַר זיי אַ ווערט. לויט ווי מיר האָבן איינגעזען, וועלן זיי זיכער מאָרגן אָדער איבערמאָרגן אויך באַזוכן דאָס הויז ווו מיר האָבן זיך געפונען. האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ.

אין מיטן דער נאַכט, זענען מיר אַלע פיר שטיל אַראָפּגעקראָכן פון אונדזער באַהעלטעניש. מיר האָבן זיך צעשיידט: לאה מיט שיינדל'ן האָבן באַשלאָסן אַוועקגיין אין אַ דאָרף אַריין צו באַקאַנטע פּויערים, איך און מיין מאַן האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ און אַוועק אין דאָרף בוזאַק. (10 קילאָמעטער פון קאַמין). אין בוזאַק האָבן מיר זיך געטראָפן מיט די צוויי שוועסטער און צוויי ברידער פאַמיליע זאַסק, מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. זיך באַזאָרגט מיט עטלעכע ברויט און אַוועק אין וואַלד. די פאַמיליע זאַסק זענען געווען געבוירענע פון דאָרף בוזאַק, און געקאָנט גוט די געגנט און אַרום די וועלדער. מיר האָבן אויסגעגראָבן אַ גרוב, פאַרדעקט מיט צווייגן, בלעטער און ערד. כדי קיינער זאָל נישט הערן און וויסן פון אונדזער באַהעלטעניש פלעגן מיר די גאַנצע צייט זיך געפינען אין דער זיעמלאַנקע. ביינאַכט פלעגן די בוזאַקער ייִנגלעך אַוועקגיין אין דאָרף בכדי אויסבעטן ביי באַקאַנטע פּויערים עפּעס עסן פאַר אונדז.

זייענדיק שוין בערך אַ מאָנאַט אין וואַלד, האָט אַ פּויער פון דאָרף, וואָס מיר האָבן געהאַט צו אים צוטרוי, איבערגעגעבן אַז ער האָט געטראָפן נאָך אַ בוזאַקער ייִד ברוך (דער בוזאַקער) פּינעס, אַז ער וויל זיך מיט אונדז טרעפן. אין 2 טעג אַרום האָבן מיר זיך געטראָפן מיט ברוך'ן וואָס זיין גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען, בלויז ער איז פאַרבליבן. אונדזער „פאַמיליע" אין דאָרף האָט זיך פאַרגרעסערט מיט נאָך אַ ייִד.

לאַנג זענען מיר אויף איין אָרט נישט געווען, ווייל יעדעס מאָל פלעג מען אונדז באַמערקן, נישט קוקנדיק וואָס מיר האָבן אַלץ געטאָן, אַז מען זאָל פון אונדז נישט וויסן. אַ מאָל האָט דער היטער פון וואַלד אונדז באַמערקט, אַ מאָל פּאַסטוכער, און יעדעס מאָל האָבן מיר געדאַרפט אַוועקגיין אויף אַ צווייטן פּלאַץ אין וואַלד, מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל נישט אויסגעבן דער פּאָליציי וועגן אונדזער באַהעלטעניש.

אַזוי האָבן מיר איבערגעווינטערט, בייטנדיק די ערטער גאַנצע זיבן מאָל. פרילינג־צייט זענען די בוזאַקער ייִדן אַוועק צו זייערע באַקאַנטע פּויערים אין דאָרף. יעדער איינער צו אַ באַקאַנטן, בכדי זיך ביי זיי אויסבאַהאַלטן. איך מיט מיין מאַן האָבן ממשיך געווען זיך אויסצובאַהאַלטן צווישן קשאַקעס, ווייל אין וואַלד האָבן מיר מורא געהאַט צו זיין צוליב די פּאַסטוכער וועלכע האָבן זיך אומעטום געדרייט. ביינאַכט פלעגן מיר זיך אַריינגנבענען אין אַ גאָרטן און מיטנעמען מיט זיך צוריק אין באַהעלטעניש גרינוואַרג און קאַרטאָפל. מיר פלעגן אַ מאָל אויך ברויט באַקומען פון אַ פּויער, וואָס פלעגט וווינען אַ ביסל ווייטער פון צענטער דאָרף.

אַזוי האָבן מיר „פאַרברענגט" דעם זומער. ווען דער זומער איז אַוועק און מער צווישן די קשאַקעס האָבן מיר זיך נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן צוליב דער קעלט, האָבן מיר זיך געטראָפן מיט די 5 בוזאַקער ייִדן און צוזאַמען באַשלאָסן אַוועקצוגיין קיין גלושאַ, ווייל מיר האָבן דערהאַלטן ידיעות אַז אין יענער געגנט זענען די „בעלי־בתים" פּאַרטיזאַנער און דאָרט איז די געפאַר פיל ווייניקער ווי דאָ

## אונטער דער מאַכט פון די פּאַרטיזאַנער

אין נאָוועמבער 1943 זענען מיר אָנגעקומען קיין גלושאַ. ביי דעם אַריינגאַנג האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן מיט אַ פּאַרטיזאַנער וואַך, נישט וויסנדיק מיט וועמען מיר האָבן צו טאָן, זענען מיר שטאַרק דערשראָקן געוואָרן ווען מען האָט אונדז געהייסן הויבן די הענט אין דער הויך, און מען האָט אונדז אַלע גוט קאָנטראָלירט און געפרעגט צו מיר באַזיצן נישט קיין געווער. שפּעטער האָט מען אונדז געלאָזט גיין ווו מיר ווילן. איך מיט מיין מאַן זענען דאַן אַריין צום ערשטן בעסטן פּויער, מיין מאַן האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַ סטאָלער, גראָד דאָס האָט יעדער פּויער געדאַרפט, און קיינער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט אונדז צו האַלטן, פאַרשטייט זיך, אַז נישט פאַר געלט, בלויז פאַר עסן און שלאָפן.

אַזויאַרום האָבן מיר פאַרבראַכט דעם גאַנצן ווינטער אין פּחד פאַר די דייטשן. עס פלעגן אָפט מאָל קומען ראַזוויעטקעס אָנזאָגן אַז דייטשן קומען אָן, אָבער די פּאַרטיזאַנער פלעגן דאַן עפענען אַ פייער און זיי פאַרטרייבן. מיר פלעגן גאַנץ רואיק זיין. אונדזערע פּאַרטיזאַנער פלעגן אונדז גאַנץ גוט באַשיצן. אַזוי זענען מיר געווען ביז מערץ 1944. ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, זענען די פּאַרטיזאַנער אָפּגעטרעטן פון דער טעריטאָריע און מאָביליזירט אַלע מענער ווי אויך מיין מאַן. דאַן האָבן זיך מיינע

לײדן פֿאַרשטאַרקט. איך בין געבליבן אין אַנדערע אומ־שטענדן נישט האָבנדיק פֿון וואָס צום לעבן ווייל גלושא האָבן מיר געמוזט פֿאַרלאָזן, זענען מיר געגאַנגען טאָג און נאַכט ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין ראַפּאַלווקע (ראָוונער פּאָוויאַט). דאָרט האָבן מיר זיך באַזעצט אַ פּאָר פֿאַמיליעס צוזאַמען, הינטערן וואַלד אין אַ שטיבל. בכדי זיך צו באַשיצן פֿון די שטאַרקע באָמבאַרדירונגען, וואָס זענען פֿאָרגעקומען סיי ביי טאָג, און סיי ביי נאַכט, פֿלעגן מיר לויפֿן אין וואַלד און זיך באַהאַלטן אין די אָקאָפּעס.

דעם 12־טן יולי 1944 האָב איך געבוירן מיין זון, זאָל לעבן. איך האָב זיך דאַן געפֿונען אין אַ שווערע לאַגע. ווער עס פֿלעגט כאַפּן אַ פּעקעלע און לויפֿן, איך פֿלעג שטענדיק שטיין גרייט מיט מיין לעבעדיק „פּעקעלע" אין האַנט, ביי דער טיר, בכדי איך זאָל זיין פֿון די ערשטע. דאָס האָט אַזוי געדויערט נאָך אייניקע וואָכן, ביז איך בין אָנגעקומען קיין קאַמין־קאַשירסקי. איך האָב זיך דאָרט באַזעצט מיט מיין קליין קינד, און געזוכט מיטלען צום לעבן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס לעבן איז נישט אַזוי לייכט געווען אין עלענדקייט מיט אַ קליין קינד, באָרוועס און אָפּגעריסן. האָב איך גענומען אַביסל האַנדלען מיט די פּויערים, בכדי צו קענען דערנערן מיין קינד, האָפֿנדיק, אַז איך וועל זיך צוריק טרעפֿן מיט מיין מאַן און פֿון דאָסניי אָנפֿאַנגען אונדזער לעבן. האָט אָבער דער גורל אַנדערש געוואָלט. אָפּזייענדיק בלויז 2 חדשים אין קאַמין, באַקום איך אַ ידיעה, אַז מיין מאַן איז אומגעקומען אין עסטאָניע. ערשט דאַמאָלס האָב איך דערפֿילט ווי מיין גורל איז ביטער.

קורץ נאָך דעם האָב איך באַשלאָסן צוזאַמען מיט נאָך יידן, צו פֿאַרלאָזן קאַמין און פֿאָרן קיין פּוילן. אין פּוילן בין איך געווען אַ גאַנץ יאָר, ווו איך האָב פֿאַרשטייט זיך זייער פֿיל מיטגעמאַכט מיט מיין קליין קראַנק קינד. מיין קינד איז קראַנק געוואָרן אויף פֿאַרשידענע קראַנקייטן. נאָך שווערער מי איז מיר געלונגען דאָס קינד צוריק שטעלן אויף די פֿיס.

אין יאָר 1946, האָב איך מיט מיין קינד פֿאַרלאָזט פּוילן, און אָנגעקומען קיין עסטרייך. אין עסטרייך האָב איך געהייראַט. אין 1948 זענען מיר געקומען קיין ישראל, ווו איך האָב שוין מיין לעבנס־וואַנדער פֿאַרענדיקט.

חיים גערשנאַבל

# דער לעצטער ייד פֿון קאַמין-קאַשירסקי

ענדע 1946 בין איך געקומען קיין קאַמין. וויסנדיק אַז אַלע אונדזערע אייגענע משפּחות, פֿריינט און באַקאַנטע לעבן שוין נישט מער. אָבער, עס איז נישט גלייך הערן צו זען. קומענדיק האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן מיט דער ווירקלעכקייט. קאַמין אָן יידן — האָט מיר שטאַרק צע־בראָכן. און, נישט האָבנדיק ווּהין צו פֿאָרן, האָב איך זיך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז דאָס איז די ווירקלעכקייט. אין שטעטל זענען געווען דריי און האַלבע משפּחות פֿאַרבליבענע יידן. שפּילבערג פֿון דאָרף סאָסיטשנע; זאַבעראָווסקאַ — פֿון וויבזיר; ווייסגרוז און חיה מיט קאַדירען.

ערגער פֿון אַלץ פֿלעגט אויפֿרעגן דער טאָג זונטיק, ווען איך פֿלעג זען אַלע גויים זענען דאָ, לעבן, און גייען זיך רואיק אין די קלויסטערס, און אונדזערע להבדיל, שולן, שטייען פֿאַרשעמט. אין טריסקער שטיבל איז אַ קינדער־הויז, אין סטעפּענער שטיבל אַ מאַגאַזין פֿון פֿעל.

איך פֿלעג אויך קומען זען דעם חורבן אויף דעם הייליקן אָרט. וואָס אונדזערע קאַמינער גויים האָבן אָפּגע־טאָן...

אין 1947 האָב איך חתונה געהאַט מיט זאַבעראָווסקעס טאָכטער און מיר האָבן געוווינט ביי שמוליק דעם מאַלער אין שטוב, אויף אַמאָליקער שקאָלנער גאַס, היינט איז דאָס שוין נישט מער קיין גאַס, עס זענען געבליבן נאָר דריי הייזער, דאָ ווו איך האָב געוווינט. ביי שטיינס שטוב, און אָרמלאַנדס מויער, אונטער פּרוזשאַנסקעס ראָג ביז דאָל־נעקעס — איז איצט אַ גרויסער פּאַרק, עס איז דאָרטן גע־בליבן נאָר דאָס אייניציקע טריסקער שטיבל.

די הייזער האָט מען חרוב געמאַכט, דערפֿאַר האָט מען שטאַרק פֿאַרבויט דעם מעחאַיאָווסקעס סאָד, און אַ גלייכע גאַס וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן פֿון סיראָטעס שטוב.

אויף די פרייע פלעצער נאָך אברהם מאיר סטריערס שטוב האָט מען אויפגעבויט צוויי שיינע גאַסן מיט נייע הייזער.

אין 1948 איז מיין שוויגער ע"ה געשטאָרבן, מיר האָבן איר געבראַכט צו קבר ישראל אויף דעם נייעם הייליקן



אַ אזכרה אויפן בית־עלמין אין קאַמין־קאַשירסקי אין יאָר 1946 ביים קבר פון די קדושים.

צווישן דער גרופּע געפונען זיך: ישראל ווייסגראז, הינדע און אהרן לינזן, סאנדיוק זייוועל, חיה חייט, זלאַטע מינדל טענענבוים און מאַשע גערשנאַבל.

אָרט. אָבער אויך איר האָט מען נישט געלאָזט רוען אין קבר און אַלע מאָל וואָס מיר פלעגן פאַרצוימען, האָבן מיר צומאָרגנס געטראָפן דעם צוים צעבראָכן. אין יאָר 1950 האָבן מיר נאָך גרויס מי באַשלאָסן צו מאַכן אַ מצבה פון צעמענט, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. אויף מאָרגן איז די מצבה אין פיל פלעצער געווען ארומגעהאַקט.

אויך האָט מען אָנגעהויבן פירן זאַמד צום בויען אויפן הייליקן אָרט. אין 1954 האָט זיך פאַרגלוסט דעם בירגערמייסטער פון זאסטאַוויער קאָלכאָז דרעגיל פון קאַצען, דוקא בויען דעם סילאָ (זייערען גרינס אויף ווינ־טער) פון די יידישע מצבות און ער האָט אָנגעהייבן אראָפּ־פירן אַלע מצבות וואָס זענען נאָך געווען פאַרבליבן ביז איצט.

מיר, די צוויי יידן, האָבן אָנגעהויבן צו לויפן אין די אַמטן און אויך געשריבן קיין לוצק. עס איז געקומען אַ קאָמיסיע און נאָך 2 חדשים האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס בויען. אָבער מיין ווייטאָק איז נאָך געווען גרויס, וואָס דער בירגערמייסטער איז נישט געשטאַנען צום משפט.

אין נאָוועמבער 1957 האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן קאַמין. איך בין צו קליין צו געפינען אין דער מענטשלעכער שפּראַך אַן אויסדרוק צו דעם וואָס גאָט האָט מיר געשטראָפט, אויב דאָס הייסט אַזוי, „דער לעצטער ייד פון קאַמין". איך קען מער נישט שרייבן וועגן קאַמין"...

אין נאָוועמבער 1959 פאַרלאָזן מיר פוילן און קומען קיין ישראל און באַזעצן זיך אין אַ מושב. מיר האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט.

**שלמה קאגאן**, ניו־יאָרק

# א הספד נאָך אונדזערע קדושים

קיין יאָרצייט ליכט נאָך אייך קען איך נישט צינדן,
אויף אייער קבר קען איך נישט גיין,
ווייל בלויז דער ווינט ווייסט וווּ ער האָט פאַרטראָגן,
דאָס אש פון אייער לעצטן געביין.

אָבער מיין הארץ איז געוואָרן אַ מצבה,
און הארטער פון הארטן שטיין,
מיט אותיות פלאַמיקע זענט איר דאָרט פאַרשריבן,
און לייכטן וועט איר דאָרטן ביז מיין פאַרגיין.

ווייל איך בין דער לעצטער שוין געבליבן;
דער לעצטער פון דעם פלאַם,
דער פלאַם וואָס האָט פאַרציכט, פאַרטיליקט,
מיין פאָלק, מיין שטעטל און מיין שטאַם.

י. פלאט

# דער נייער בית־עלמין

דער נייער בית עלמין, וועלכער איז שוין אויך עלטער פון 100 יאָר געפינט זיך אויף די זאַמדן הינטער דער שטאָט, נאָך די גוישע גאַסן פון זאַסטאַוויע, אויפן וועג קיין גרויס־גלושע. עס זענען דאָרטן פאַראַן גאַנץ אַלטע מצבות, ווו עס איז שוין שווער איבערצולייענען די יאָרן, ווען זיי זענען אויפגעשטעלט געוואָרן. אינמיטן געפונט זיך אַ גרויס הילצערן שטיבל, אַ אהל פון קאָברינער רבין ר׳ נח רבינוביץ ז״ל, וועלכער איז אין יאָר 1892 געקומען אויף שבת ר״ח אלול צו זיינע חסידים און איז דאָרט נפטר געוואָרן. עס זענען דאַן אָנגעקומען די קאָברינער חסידים פון גאַנצן לאַנד, מיט זיינע משפחה מיטגלידער און אים דאָרטן מקבר געווען. יעדעס יאָר, צום יאָרצייט, זענען זיי געקומען אויפן בית עלמין צום אהל, מיט קוויטלעך אויסצופילן אַלע זייערע בקשות. אויך פון דער אַרומיקער סביבה פלעגט מען קומען אַ גאַנץ יאָר מיט קוויטלעך צום צדיק אין אהל, אויסצובעטן זייערע פארלאנגען. אַזוי איז אויף דעם בית־עלמין שטענדיק געווען מענטשן און דער אהל פול מיט קוויטלעך.

אין 1920 ווען בולאכאָוויטשעס באַנדיטישע אַרמיי האָט געמאַכט ביי אונדז אין שטעטל אַ פּאָגראָם און געהרגעט 120 יידן, און מען האָט זיי באַדאַרפט מקבר זיין, איז נישט קוקנדיק וואָס מיר זענען געווען נאָר 12 יידן, און עס איז נאָך געווען א סכנה צו גיין אויפן בית עולם ווייט פון שטאָט, זענען געווען שטימען ה׳מען זאָל זיי קובר זיין אויף א נאָענטן פּלאַץ, האָט אָבער די גרעסטע מערהייט געפּאָדערט, אַז מען זאָל גיין נאָר אויפן בית עלמין און אזוי איז געשען. מיר האָבן אויסגעגראָבן צוויי גרויסע ברודער־קברים איינעם פאַר מענער און דעם צווייטן פאַר פרויען אין דער זייט פון אַריינגאנג צום בית־עולם און אַזוי האָבן מיר שוין מיט אונדזערע קדושי׳ם, צוגעגעבן און פאַראייניקט נאָך אַ שטיק פעלד צום בית עלמין.

אין די לעצטע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט די קהלה צוגעקויפט אַ גרויס שטיק פעלד (זאמד) און פאַראייניקט מיטן בית־עלמין. אויך די דייטשע באַנדיטן האָבן אין זייערע אויסראָטונגס־אַקציעס, אוועקגעפירט די יידישע קרבנות אויפן בית עלמין.

דעם 10 אווגוסט 1942, ווען די דייטשן האָבן איינגע־אָרדנט די „גרויסע שחיטה" פון בערך 2500 יידן, האָבן זיי דאָס געמאַכט אויפן בית עלמין. אויסגעגראָבן צוויי גרויסע גריבער, אריינגעלייגט גאַנצע משפחות צוזאַמען, מענער און פרויען, קינדער און עלטערן, איינעם אויפן צווייטן און זיי דאָרטן געטויט, פיל זענען לעבעדיקערהייט דערשטיקט געוואָרן און אַזוי איז דער בית־עלמין געוואָרן פאר אונדז אן „הייליקער אָרט".

אונדזערע טייערע און ליבסטע געפינען זיך דאָרטן אַלס קדושים. ריין בלוט איז דאָרטן פארגאָסן געוואָרן. עס איז קיינמאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק או אונדזערע ליבינקע קינדערלעך וועלן האָבן אַזאַ שרעקלעכן סוף.

מיר זענען געבליבן פאריתומט און פאַראיינזאמט. עס זענען שוין נישטאָ מער קיין טרערן צו באוויינען דעם שרעקלעכן חורבן און גרויסן אומגליק וואָס האָט אונדז געטראָפן. אונדזערע הערצער זענען שטאַרק אָנגעוויי־טאָקט און פול מיט בלוט. קיין שום רפואה קען אונדז נישט היילן און קיין שום טרייסט וועלן מיר נישט באַקומען אויף צו בארואיקן זיך.

מיר קענען קיינמאָל נישט פארגעסן, אז די וועגן פון קאמין־קאָשירסקי זענען פוסט און וויסט פון יידן און אין די גאַסן און געסלעך — ווערן מער נישט געהערט די זינגעבדיקע קולות פון אונדזער טייערער יוגנט און די קלינגענדיקע זיסינקע שטימעלעך פון די ליבינקע משה׳לעך און לאה׳לעך. זייערע יונגיטשקע קערפּערלעך געפינען זיך אין די גריבער אויפן הייליקן אָרט און די נשמה׳לעך פליען ארום אין די הימלען.

על זה בוכיה עיני.

יתגדל ויתקדש...

י. בן־משה

# דער לעצטער זכר פון אונדזערע קדושים ווערט פאַרניכטעט

אונדזערער אַ בן־עיר, וועלכער איז אין יאָר 1963 ספּעציעל געפאָרן קיין קאַמין כדי צו זיין אויף קבר־אבות פון אונדזערע קדושים, האָט צוריקקומענדיק, מיר איבער־געגעבן דעם טרויעריקן גרוס וועגן מצב פון יידישן בית־הקברות אין קאַמין.

מיר גיבן דאָ איבער אַ טייל פון דעם, וואָס ער דאָט דערציילט:

„...איך בין געקומען קיין קאַמין אויף קבר־אבות. עס איז אפילו נישט געווען מיט וועמען צו גיין אויפן הייליקן אָרט. אַלע קברים זענען איינגעפאַלן. נאָר צוויי גרויסע שטיינער שטייען פון איין זייט און פון צווייטן קיין איין מצבה אָדער דענקמאָל איז נישטאָ. מען האָט אַלעס צוגע־נומען. אומעטום איז צעגראָבן — פון גרעסטן טייל בית־עולם האָט מען געמאַכט אַ וועג אויף צום פאָרן...

עס איז מיר זייער שווער געווען צו קוקן אויף דעם, וויסנדיק, אַז דאָ ליגן מיינע נאָעסטע און טייערסטע. דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט פון ווייטאָק. כ'האָב געוויינט און געשריגן אויף אונדזער גרויסן חורבן, אָבער ליידער — עס איז נישטאָ ווער עס זאָל אונדז העלפן...

קאַמין זעט איצט אויס ווי אַ דאָרף, נישט צום דער־קענען. אַלע מענטשן, וועלכע לעבן דאָרט — זענען אַריינ־געפאָרענע, קיין אָרטיקע זענען נישטאָ. עס שטייען בלויז עטלעכע געציילטע הייזער, ווי אויך דער בית־המדרש איך בין דורכגעגאַנגען אַלע שטעטלדיקע וועגן און וועגעלעך און זיך דערמאָנט אין דעם אמאָל־ברויזנדיקן יידישן לעבן, וועלכעס עס איז אַזוי שרעקלעך פאַרשניטן געוואָרן... נישטאָ קיין זכר פון אָט דעם לעבן. אין איצט ווערט שוין אָפּגעווישט דער לעצטער זכר אפילו פון די אומגעקומענע!" — — —

מיר, די שארית־הפליטה פון די קאַמינער יידן אין מדינת ישראל, ווי אויך די צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט, זענען פול מיט שרעקלעכע יסורים און ווייטאָג איבער דער גרויסער עוולה, וואָס ווערט אָפּגעטאָן מיטן קאַמינער בית־עלמין. עס ווערן צעשטערט מצבות און צעגראָבן קברים פון הונדערטער יאָרן צוריק, פון אונדזערע עלטער־זיידעס, גרויסע רבנים און רביים, דיינים און שוחטים און בכלל אונד־זערע שטאָטישע, וועלכע זענען געווען פרומע און ערנסט־לעכע יידן. עס ליגן דאָרט די קדושים, וועלכע זענען דער־מאָרדעט געוואָרן אין 1930 דורך די באַנדעס פון בולאַק־באַלאַכאָוויטש. און דער עיקר — עס געפינען זיך דאָרטן די ברודער־קברים פון אונדזערע קדושים — עלטערן, מע־נער, פרויען און קינדער, שוועסטער און ברודער, פריינט און באַקאַנטע, וועלכע זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע באַנדיטן אין יאָר 1942.

דער איינציקער זכר פון דעם אַלעמען, וואָס עס איז פאַר אונדז אַזוי נאָענט און טייער — ווערט איצט סיסטע־מאַטיש פאַרניכטעט און אָפּגעווישט דורך דער איצטיקער מאַכט אין קאַמין־קאַשירסקי! — — —

די איינציקע מצבה נאָך דער חרוב־געוואָרענער יידי־שער קהילה בלייבט אונדזער יזכור־בוך, אין וועלכן מיר גיבן איבער זכרונות און בילדער פון אונדזערע משפחות און פריינט, וועלכע זענען אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן אוועק־געריסן געוואָרן פון אונדז אָבער — וועלכע וועלן פאַרבלייבן אין אונדזערע הערצער אויף אייביק.

א. קלאַרמאַן

# הרב פסח אהרון ווייסמאַן

הרב פסח אהרון ווייסמאַן, וועלכער האָט פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין קאַמין קאשירסקי, איז געבוירן אין יאָר 1860 אין דער שטאָט כעלם, אין איינער פון די חשובע יידישע פאַמיליעס. זיין זיידע, פון דער מוטערס צד, איז געווען דער קיסילינער רב. שוין אין זיין יוגנט איז ער באַוווּסט געוואָרן אַלס עילוי. ער האָט אויך געלערנט אַלגעמיינע בילדונג, זיינע חברים צום לערנען זענען געווען דער שפּעטערדיקער טריסקער רב, אויך דער שפּעטערדיקער קאָוולער רב, דער גראַבאָוויצער.

לויט דער המלצה פון טריסקער רבין הרב טווערסקי האָט ער אָנגענומען דעם כסא הרבנות אין דעם שטעטל אזיראַני נעבן קאָוועל, ווו ער האָט זיך ערוואָרבן זייער אַ גוטן נאָמען אין שטאָט, ווי אויך אין דער רבנישער וועלט. אין קאַמין קאשירסקי איז דאַן געזעסן על כסא הרבנות הרב משה גאָלדשמיד, וועלכער איז נישט געווען גענויגט צו די טריסקער חסידים, וואָס זענען געווען אַ בעדייטענדע טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

האדמו״ר טווערסקי האָט דאַן פאָרגעשלאָגן זיינע חסידים אין ק״ק זיי זאָלן איינלאַדן הרב ווייסמאַן פאַר אַ רב אין שטאָט. זיי האָבן דאָס געטאָן. די ערשטע צייט נאָך זיין קומען קיין ק״ק, זענען פאָרגעקומען מחלוקת׳ן צווישן ביידע צדדים. אָבער מיט דער צייט, ווען די באַ־פעלקערונג האָט דערקענט די גוטע מעלות פון הרב ווייס־מאַן, איז די מחלוקת פאַרשוווּנדן און ער איז געוואָרן באַליבט כמעט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג. זאָגאַר אויך ביי נישט יידן.

ער האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט אַלגעמיינע שטאָטישע ענינים, לויט זיין איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן אין שטאָט אַ גמילות חסדים קאַסע, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צו פאַרטיילן קאָנסטרוקטיווע הילף פאַר נויטיקענדע. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן וואָס האָט זיך גענויטיקט אין א גוטער עצה אין אַלע הינזיכטן, אויך אין געזונטהייטס פראַגן.

ווען אין שטאָט איז אין זיין צייט אויסגעבראָכן אַ שרפה און עס איז פאַרברענט געוואָרן אַ היפּשע טייל פון שטאָט, אויך 3 בתי מדרשים, האָט זיך הרב ווייסמאַן ז״ל געווענדעט צו די קריסטלעכע גוטבאַזיצער פון דער געגנט, און געבעטן פון זיי הילף אין געלט און בוי־מאַטעריאַל פאַר די בתי מדרשים און צוליב זייער אכטונג פאַר זיין פּערזאָן, האָבן אייניקע געשפּענדעט געוויסע סומען פאַר דעם צוועק.

ער פלעגט אויך פיל שרייבן אויף פאַרשידענע גע־ביטן, אָבער זיינע כתבים זענען פאַרניכטעט געוואָרן אין דער שרפה וואָס די באַלאַכאָוויטשעס באַנדיטן האָבן געמאַכט אין יאָר 1920.

הרב ווייסמאַן איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1917. צו זיין אייביקער רו האָט אים בעגלייט די גאַנצע באַפעלקע־רונג ווי יידן אַזוי אויך נישט יידן.

זיין יינגסטער זון יוסף איז יעצט אין ישראל.

ברוך מלמד

# הרב מרדכי פערלין

קאַמין־קאשירסקי האָט אַלע יאָרן געהאַט דעם כבוד צו האָבן רבנים, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סאַך גוטע מעלות. זיי זענען געווען גרויסע לומדים, שטאַרק פרומע און מיט זייער גוטע מידות. גלייכצייטיק זענען זיי געווען גוטע איבערגעגעבענע פירערס צו זייער קהלה, וואָס אַ סאַך גרעסערע יידישע קהלות וואָלטן זיך געבענטשט מיט זיי, ווי הרב גינזבורג, הרב ווייסמאַן און הרב גאָלדשמיד ז״ל, און אחרון אחרון חביב: איר לעצטער רב, הרב מרדכי פערלין ז״ל.

הרב פערלין האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטעלע אויפן גרענעץ פון ליטע און פּאָלעסיע, מיטן נאָמען פיעטריקאָוו. ווי געוויינלעך אין יענע צייטן האָט ער

געלערנט אין בריסקער ישיבה. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גוטע פעאיקייטן און גרויסער התמדה. ער האָט זוכה געווען געקרוינט צו ווערן מיטן בכבודיקן טיטל „דער פיעטריקאָווער עילוי". ווען ער איז געוואָרן מוסמך לר־בנות, האָט דער בריסקער גאון הרב סאָלאָווייטשיק, אים איינגעלאַדן צו זיך, האָט אים זייער מקרב געווען און ער איז געווען זיין רעכטע האַנט אין זיין בית דין.

אין יאָר 1921, ווען די רבנים הרב גינזבורג ז"ל און הרב ווייסמאַן ז"ל זענען נפטר געוואָרן און קאַמין־קאַ־שירסקי איז געבליבן אָן אַ רב, האָט די גאַנצע שטאָט יידן אין פולער איינשטימיקייט, באַפולמעכטיקט די צוויי חשובע שטאָט בעלי־בתים, ר' יצחק פרידמאַן און ר' יעקב יצחק קלאַרמאַן, זיי זאָלן פאָרן קיין בריסק און איינלאַדן הרב מרדכי פערלין אַלס רב אין קאַמין־קאַ־שירסקי.

צווישן קאַמין־קאַשירסקער יידן, האָבן אין פאַרשי־דענע צייטן געהערשט מיינונגס פאַרשידענהייטן, צווישן די באַזונדערע חסידים גרופעס, דאָס פלעגט ברענגען צו רייבונגען און צעטיילונגען אויך אין דער רבנים פראַגע — איין רב אין שטאָט האָט נישט אַלעמען צופרידן גע־שטעלט.

עס פלעגן טאַקע זיין אין דער קליינעם שטעטל צוויי רבנים. זינט הרב פערלין האָט באַזעצט דעם רבנות־שטול, האָט געהערשט אין שטאָט שלום און אחדות בנוגע רב־נות; אַלע האָבן אנערקענט די הויכע אויטאָריטעט פון הרב פערלין. ער איז געווען פון אַלעמען געליבט און רעספעקטירט.

הרב פערלין איז נישט געווען קיין חסיד פון אַ וועלכער עס איז חסידים־גרופע. ער האָט מקרב געווען צו זיך, און משפיע געווען מיט זיין הויכער מאָראַל, אויף אַלע איינוווינער פון שטאָט, אָן אונטערשייד פון גרו־פירונגען. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען שטאַרק פרום, האָט ער זיך באַצויגן מיט טאָלעראַנץ אויך צו נישט פרומע. ער פלעגט זאָגן: „יעדער ייד, אפילו נישט קיין פרומער, האָט גענוג מעלות און גוטע מעשים פאַר וועלכע ער איז ווערט, אַז מען זאָל אים דערנענטערן און ליב האָבן; עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער אייגענער באַוווסטזיין וועט ברענגען דעם מענטשן אויך צו פרומ־קייט".

ער האָט נישט געוואָלט זיך גריבלען אין קיינעמס נשמה. מיט זיין גוטער באַציאונג האָט ער געהאָפט באַ־איינפלוסן צום גוטן.

אַזוי איז טאַקע געווען. מענטשן וואָס האָבן אים נאָענט געקאָנט, פלעגן זיין באַגייסטערט פון זיין פערזענלעכקייט, און פלעגן וועלן אים צוליב טאָן, מיט רעליגיעזער אויפ־פירונג.

הרב פערלין איז געווען פאַר די קאַמין־קאַשירסקער יידן, נישט נאָר אַ רעליגיעזער און גייסטיקער פירער,



ציריל פערלין

נאָר אויך אַ גוטער פריינט און ראַטגעבער אין פיל ענינים. אַז א קאַמין־קאַשירסקער ייד איז געווען אין פאַרלעגנהייט און האָט זיך גענויטיקט אין אַן עצה, ער האָט געוואָלט זיך אָפריידן פון הארצן זיין שווערן געמיט, און הערן פון א גוטן און קלוגן פריינט א הארציקן טרייסט־וואָרט, פלעגט ער אריינקומען צו הרב פערלין. נאָך א שמועס מיט אים, פלעגט ער אַרויסקומען אַ מוטיקער און אַ זיכערער, געפינענדיק צוריק זיין ריכטיקן וועג.

הרב פערלינס שטוב איז שטענדיק געווען אָפן פאַר אַלע איינוווינער פון שטאָט. ער האָט נישט געהאַט קיין ספעציעלע אויפנאַם־שעהן, כדי אויפצונעמען די וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין זיין עצה און אין זיין באַרואי־קונגס־וואָרט. אויך נישט־יידן פלעגן זייער אָפט זיך אריינכאַפן צו הרב פערלין אויף אַ געמיטלעכן שמועס, וועלנדיק הערן זיין קלוגע מיינונג וועגן פאַרשידענע לעבנס־פראַגן.

הרב פערלין איז נפטר געוואָרן קורצלעך פאַרן דייט־שישן אָנפאַל אויף פוילן. ער האָט זוכה געווען אויסצ־צוגיין פון לעבן פאַר דעם גרויסן אומגליק, וואָס איז

אויסגעגאָסן געוואָרן אויפֿן יידנטום בכלל און אויף קאמין־קאשירסקער קהלה בפרט. אין זיין לויה האָבן זיך באַטייליקט, אויסער דער גאַנצער יידישער קהלה, אויך זייער פיל פון דער נישט־יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

כבוד זיין אנדענק!



הרב פערלין האָט געהאט אן איינציקע טאָכטער, צירל האָט מען זי גערופן. איר בילדונג האָט זי באַקומען אין דער קאָוולער מיטל־שול „תרבות". זי האָט געהערט צו דער ציוניסטישער יוגנט אין שטאָט. זי האָט זיך באַטייליקט אקטיוו ביי דער יוגנט און איז געווען פון אלעמען געאכטעט.

אין דער צייט פון גרויסן אומגליק, וואָס די דייטשן האָבן געבראַכט אויף דער יידישער קהלה אין קאמין־קאשירסקי, נאָך דער ערשטער גרויסער שחיטה האָט זי געפרוווט אנטלויפן פון שטאָט, וועלענדיק קומען אין וואלד צו די פארטיזאנער און צוזאַמען מיט זיי קעמפן קעגן די שונאים. אָבער אין דער לעצטער מינוט איז זי געפאלן פון א קויל פון אן אוקראינישן פאליציאַנט.

ערע איר אנדענק!

פנחס ארעמלאנד

# דער לעצטער רב אין קאמין-קאשירסקי

איך געדענק גאַנץ גוט ווי אונדזער שטעטל האָט איבערגעלעבט דעם גרויסן פּאָגראָם פון דעם גזלן בולאַק בולאכאָוויטש מיט זיין אַרמיי.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה תרפ"א, ווו עס זענען אומגעקומען 120 יידן אָן אונטערשייד פון עלטער. דאָס שטעטל איז געווען חרוב אויף אַלע געביטן. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאליזירן, יעדער ביי זיין פאַך, האָבן זיך געטראָפן יידן ווי יעקב יצחק קלאָרמאַן, און יצחק פרידמאַן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו זאָרגן, וועגן אַ רב אין שטעטל. מען קען נישט זיין אָן קיין רב.

אין אַ געוויסן שבת קומט אראָפּ אַ רב, אַ הויכער יונגער מאַן מיט אַ קליין שפּיציק בערדל, מיט נישט קיין גרויסע פּיאות און האַלט אַ דרשה אין גרויסן בית מדרש. די למדנים זענען צופרידן, דער פּשוטער עולם נישט אַזוי. פּשוט עס איז געווען שווער פאַר דעם פּשוטן עולם אַזאַ טיפע דרשה.

אויך די חסידים (און זיי זענען דאַן געווען די מערהייט), זענען נישט געוואָרן שטאַרק איבערראַשט, זיי האָבן זיך דערוווּסט, אז דער נייער רב וואָס דאַרף קומען איז גאַר אַ מתנגד.

נאָך לאַנגע סכסוכים האָבן די צוויי עסקנים (אויך עקשנים) גובר געווען, און געגעבן צו פאַרשטיין, אז עס איז גלייכער וואָס דער קומענדיקער רב איז אַ מתנגד וועט מען פאַרשפּאָרן קריגן זיך. דאָס הייסט עס וועט נישט זיין קיין צד, אָדער קלאָרער געזאָגט: אויס קריגערייען צווישן די חסידים.

דער רב קומט ערב פסח און שבת הגדול האַלט ער אַ געלונגענע דרשה (אויף יציאת מצרים) און ער בלייבט די ערשטע טעג פסח ביי יצחק פרידמאַן.

אין מיטן זומער 1921 איז דער רב מיט זיין קליינער משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון א פרוי מיט א בת יחידה, אָנגעקומען צו אונדז אין שטעטל. ער האָט געוווינט ביי אונדז אין שטוב. פרנסה האָט ער באַקומען פון הייוון און ליכט און פון די דין תורות און חופה וקדושין.

דאָס שטעטל איז געווען זייער צופרידן מיט דעם נייעם רב און דערצו האָט מען אָנגעהויבן זען זיין גרויסקייט אין תורה און חכמה און ער האָט אויך געטראָגן דעם נאָמען „פּיעטריקאָווער עילוי".

אונדזער פאַמיליע האָט אַ יאָר צייט געוווינט אין שטאַרקער ענגשאַפט, אָבער עס איז כדאי געווען צו ליידן, אבי צו הערן תורה און חכמה פון אונדזער גרויסן רב.

ער פלעגט זיצן גאַנצע טעג און נעכט און לערנען. אָפט־מאָל פלעגט טרעפן, אז די מאַמע ע"ה פלעגט אויפשטיין זומער פרי און דער רב פלעגט יעצט גיין שלאָפן אויף אַ פּאָר שעה...

במשך הזמן איז ער געוואָרן איינגעטאָן אין שטאָטישן לעבן, געזאָרגט פאַר אלץ און דער עיקר פאַר אָרעמע יידן. עס האָט געטראָפן פיל מאָל, אז ער פלעגט אריינרופן זיינע ידידים און זאָגן, אז דעם יידן דאַרף מען העלפן און פלעגט אויסלייען זיין געלט, נישט קלערנדיק ווען מען וועט דאָס אים צוריק געבן. דער עיקר — העלפן דעם נויט־באַדערפטיקן. אויך האָט ער שטאַרק ליב געהאט און

דרך ארץ געהאט פאר איידעלע מענטשן און לומדי־תורה. אָבער נישט פאר דעם תקיף. ער האָט איינגעפירט א חברה משניות און פלעגט מיט זיי אַליין לערנען, צווישן מנחה־מעריב. אויך אַ חברה ש״ס, וואָס איך אַליין האָב זיך משתתף געווען אַ שיינע פאָר יאָר — האָט דער רב איינ־געפירט. און שטענדיק צו דער צייט פון לערנען די בלאַט גמרא, פלעגט ער זיין. ביי די ערגסטע וועטערן. ווען קיין מענטשן פלעגן נישט זיין פלעגט ער זיך פארנעמען מיט שרייבן. ער האָט זייער א סאך געשריבן. מיין טאַטע האָט אים אַמאָל געפרעגט צו ער מעג דאָס לייענען האָט ער געענטפערט אַז עס איז נישט כדאי.

מיט צוויי יאָר שפּעטער ווערט ער „קאַזיאָנער רב״. די פוילישע מאַכט פירט איין אָרדענונג. נאָך דער ערשטער וועלט־קריג זענען מענטשן געבליבן אָן דאָקומענטן, און דער רב, נישט קענענדיק קיין וואָרט פויליש, אָרדנט איין אַ ביוראָ, ווו עס אַרבעטן 4 שרייבער און דער אַרטיסט כאַלאַט פון קאָוועל אַלס הויפּט סעקרעטאַר. די אַרבעט גייט נאָר־מאַל און במשך 2—3 חדשים לערנט זיך דער רב אויס פויליש און דאַן אַרבעט שוין מער כאַלאַט. דער רב אַליין האָט שוין געקענט לייענען און וויסן אויף וואָס ער שרייבט אונטער.

די צייט וואָס דער רב האָט געוווינט ביי אונדז, פלעגן עפּעס א געוויסע צייט קומען 2 יידן און אָפּזיצן אַ פּאָר טעג און ווידער קומען. קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס די יידן קומען. איינמאָל האָט דער רב דערציילט דעם טאַטן, אַז די יידן זענען פון דרוהיצין און זיי ווילן אים אַריבערנעמען קיין דרוהיצין, אָבער ער וועט שוין נישט בייטן. עס קען זיין אַז אין דרוהיצין זענען דאָ נאָך 200 משפחות, אָבער נישט מער למדנים ווי אין קאַמין, וואָס ווילן הערן דברי תורה.

דער טאַטע מיינער איז געווען פון זיינע ידידים און איך פלעג אויך אַריינקומען כמעט יעדן טאָג, נישט קוקנ־דיק אויף דעם שווערן טאָג אַרבעט, פלעג איך דאַרפן קומען הערן די בלאַט גמרא. און עס זענען געווען צייטן וואָס ווינטער פלעג איך פאָרן אין ווייטע וועגן און פאַר דעם פאָרן פלעג איך אַריינגיין צום רב זאָגן, אַז איך פאָר ערגעץ און דער רב פלעגט מיר זאָגן: „פאָר געזונט און קום געזונט״, בין איך געווען זיכער אַז איך וועל קומען בשלום.

אויך האָט ער געהאַט א גרויסן חוש פאַר פּאָליטיק און געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט. ער פלעגט זיך אויך צונויפשרייבן מיט אַלע גרויסע אין יענער צייט.

מיט דעם חפץ חיים, חיים עוזר גראָדזענסקי פון ווילנע, א.א. אין גרויסע סכסוכים און שווערע דין־תורות פלעגט מען אים אַרויסרופן און ער פלעגט זיך אָפט טרעפן מיט דעם מאַציעוועער רב און מיט דעם לוצקער רב הרב סאָראָצ־קין און נאָך אַנדערע.

מיט יאָרן שפּעטער ווען עס זענען אין אַלע פוילישע שטעטלעך די קהלות אַנערקענט געוואָרן דורך דער מאַכט, האָט דער רב באַקומען משכורות און געהאַט פרנסה בכבוד. די פינסקער ישיבה פלעגט אַריינשיקן אין יעדן שטעטל און דאָרף אין דער סביבה עטלעכע ישיבה־בחורים אויף א חודש זיך אָפּרוען. אויך קיין קאַמין פלעגן יעדן יאָר קומען 4 בחורים, האָט דער רב געזאָגט אַז עס איז נישט קיין כבוד התורה, אַז לומדי תורה זאָלן גיין עסן טעג. דער רב מיט יצחק דעם שוחט האָבן געזאָרגט, אַז די בחורים זאָלן אויף איין אָרט א חודש עסן, שלאָפן רוען און לערנען תורה בכבוד.

פאַר דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־קריג האָט ער געזאָגט אַז עס גייט א שוואַרצע כמאַרע אויף איראָפּע און גלייך דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה איז ער שוין געווען שטאַרק צעבראָכן. די מלחמה האָט לאַנג נישט געדויערט און מיר, ד.ה. אונדזער שטעטל איז אַריין אין חלק פון ראַטנפאַרבאַנד. עס איז געוואָרן אָרדענונג אַלץ איז זיך געגאַנגען אין זיין גאַנג. דער רב האָט זיך מאָראַ־ליש נישט געפילט גוט, כאָטש די מאַכט האָט אים גאָרנישט אוועקגענומען, ער איז געבליבן וווינען אין די זעלבע 3 צימערן ביי יאַנקלען דעם מאָלער, ווו ער האָט פריער געוווינט און אויך פרנסה האָט ער געהאַט, אָבער עפּעס האָט אים געפעלט וואָס ער האָט נישט געזאָגט פאַר קיינעם. אין אַ יאָר שפּעטער 1940 נאָך סוכות איז ער שלאַף געוואָרן. געוויינלעך זענען די ידידים געזעסן ביי אים טאָג און נאַכט און אויך איך. ער האָט מיר געזאָגט אַז מיר האָבן מער נישט וואָס צו מאַכן; אַז מיר האָבן געענדיגט. ער פלעגט מיר זאָגן אַז איך זאָל נישט זיצן אַזוי שפּעט ביי אים נאָר גיין זיך אָפּרוען, אָפּהיטן. האָב איך אים גלייך גע־פרעגט: „רבי, איר זאָגט דאָך אַז אַלץ איז געענדיקט?״

„יאָ, אַלץ איז געענדיקט פאַר אונדז, אָבער דו ביסט נאָך יונג; דו וועסט נאָך דערלעבן גוטע צייטן״.

נאָר אַלע באַמיאונגען אים געזונט צו מאַכן איז נישט געלונגען. אין כ״ב חשון 1940 איז אונדזער הייליקער רב נפטר געוואָרן. דאָס איז דאַן געווען פרייטיק צונאַכטס 11.30 ביינאַכט. זונטיק איז פאָרגעקומען די לויה.

אָבער ווי טרויעריק: עס איז נישט געווען ווער עס

זאָל אַזאַ מענטשן מספּיד זיין. אין נאָרמאַלע צייטן וואָלטן געקומען צו אונדז אין שטעטל הונדערטער רבנים און גדולי הדור און דאַן האָט מען זיך געמוזט באַגיין מיט דעם, וואָס דער לישער רב האָט געזאָגט אַ פּאָר קורצע ווערטער. איך האָב דאַן שטאַרק געוויינט און שטאַרקער, לצערנו, וויין איך איצט, ווען איך דאַרף שרייבן אַ פּאָר ווערטער וועגן אַזאַ גרויסן גאון.

ווען מען איז געקומען מיט דעם נפטר אויפן בית הקברות האָט זיך געשטעלט די פראַגע ווו מען דאַרף לייגן דעם צדיק. אייניקע האָבן געזאָגט אַז אויף דעם אַלטן בית־הקברות צווישן די רבנים, אַ טייל האָבן געזאָגט נעבן די קדושים פון פּאָגראָם תרפ״א און מיין פאָטער ז״ל האָט געזאָגט אַז מען דאַרף פרעגן דער משפּחה. די משפּחה האָט געענטפערט, אַז פאַר זיי איז שוין אַלץ פאַרלוירן און זיי ווילן נישט זאָגן. דאַן זאָגט מיין פאָטער ז״ל אויב אַזוי זאָג איך אַז מען דאַרף אים לייגן אויף דעם נייעם הייליקן אָרט. אַזוי ווי ער איז דאָך געווען רב ביי אונדז דאָ, וועט ער זיין ביי אונדז אויך דאָרט רב און מיר אַלע וועלן ליגן אַרום אונדזער רב. קיינער איז נישט געווען קעגן און דעם צדיק האָט מען מקבר געווען אויף דעם נייעם הייליקן אָרט.

דערנאָך ווען עס זענען אריין די דייטשן און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקציעס פון הרגענען יידן, האָט מען געזאָלט אַרויספירן 5 קילאָמעטער פון שטאָט און די גזרה איז בטל געוואָרן. און כ״ז אב 1942 האָט מען אַרויסגעפירט דאָס גאַנצע שטעטל אין צוויי גרויסע גריבער אַרום רב׳ס קבר. ליגט אַרום רב דאָס גאַנצע שטעטל; אין איינציקער פאַל אין גאַנץ אוקראַינע וואָס די דייטשן האָבן געהרגעט אויף א יידישן בית הקברות.

די טאָכטער פון רב האָט זיך דאַן געראַטעוועט פון דער ערשטער אַקציע זי האָט מיר געבראַכט אַלע שריפטן פון רב און געזאָגט צו מיר אַז איך זאָל זיי פאַרבאַהאַלטן, און ווען עס וועט עמיצער בלייבן זאָל מען אָפּנעמען ביי דעם דאָקטער ווילגאַצקי אַלע אירע זאַכן און לאָזן דרוקן אַלע שריפטן. איך האָב די אַלע שריפטן איינגעפּאַקט אין אַ ספּעציעלע פּושקע פון בלעך, גוט פאַרמאַכט און פאַרבאַהאַלטן אין סטעלע פון אונדזער נייעם מויער. אין 1945 נאָך דער קריג ווען איך בין געווען ביי אונדז אין שטעטל, האָב איך די שריפטן נישט געפונען.

# אליעזר פלאט—דער ערשטער משכיל אין קאמין־קאשירסקי

קאַמין־קאַשירסקי מעג באמת שטאָלצירן מיט איינעם פון אירע אַמאָליקע געשטאַלטן: דאָס איז אליעזר פלאַט, א „בן זקונים״ ביי זיין פאָטער ר׳ יאַנקל דער שוחט.

אליעזר פלאַט איז דערצויגן געוואָרן אין שטרענג רעליגיעזן גייסט. אָבער, ווי פיל יונגע בחורים האָט אים געצויגן צו דער השכלה. ער איז אַוועק פון קאַמין־קאַשירסקי אין דער ברייטער וועלט. אַנגעקומען קיין קישינעוו און איינגעזאַפּט אין זיך פיל תורה און חכמה. ער האָט גענומען שרייבן העברעאישע אַרטיקלען אין „המליץ״ און אין דער „הצפירה״ און געקומען צווישן געלערנטע מענטשן.

אויף זיין וואַנדער־וועג האָט ער געטראָפן אַ רייכן ייד, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אליעזר פלאַטן אַרויסגעגעבן אַ באַרימט ספר „גבעת שאול״, פון דעם מחבר שאול הלוי מורטירא, וועלכער האָט געהאַט א געשיכטע אינטער זיך, פאַרבונדן מיט אינקוויזיציע און שמד, וואָס די יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין אין פאַרשידענע טיילן פון אייראָפּע, אין דער צווייטער העלפט פון 16־טן יאָרהונדערט.

די ערשטע אויסגאַבע פון דעם ספר „גבעת שאול״ איז דערשינען אין יאָר 1645. די צווייטע אויפלאַגע פון די פאַרלעגער א. פלאַט און יוסף שיין, איז אַרויס אין וואַרשע אין יאָר 1901 אויף נאַלעווקעס 47 ביי ישראל אַלאַפין אין דער דרוקעריי. די פאַרלעגערס אליעזר פלאַט און יוסף שיין, האָבן באַקומען אַ בריוו געשריבן פון שמואל ווינער, אין נאָמען פון באַראָן גינזבורג (ווייזט אויס אַז דער שמואל ווינער איז געווען באַראָן גינזבורגס סעקרעטאַר) דער בריוו זאָגט: „אין נאָמען פון באַראָן גינזבורג טו איך אייך ענטפערן: דער ספר „גבעת שאול״ געפינט זיך נישט אין זיין ביבליאָטעק. ער איז פאַרלוירן געגאַנגען. אָבער אָן שום ספק דער בוך איז יאָ געווען אין דער ביבליאָטעק פון באַראָן גינזבורג.

„די קאַפּיע וואָס געפינט זיך ביי אייך איז זייער אַ ווערטפולע. דעריבער וועט איר טאָן אַ פיינע זאַך, אויב איר וועט לאָזן אָפּדרוקן דעם בוך פון דאַסניי. אַן עקזעמ־פּליאַר פון בוך געפינט זיך אין „אַזיאַטישן מוזעאום".

דאָ קען מען זען ווי מען האָט געשאַצט דעם ספר פון שאול הלוי מורטירא, וואָס א. פּלאַט און שיין האָבן טאַקע אַרויסגעגעבן אַ צווייטע אויפלאַגע. די פאַרלעגערס שרייבן אין זייער הקדמה:

„דאָס בוך וואָס מיר גיבן דאָ צו די לייענער, איז נישט נאָר אַ יקר המציאות, דער ספר איז אויך אַקטועל. וואָס עס ווערט אין אים געזאָגט, איז ראוי געזאָגט צו ווערן אין אַלע צייטן. די ווערטער וואָס האָט געזאָגט דאַמאָלט הרב שאול מורטירא אין די אויערן פון די אנוסים פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, וועלכע זענען צוריק געקומען צו זייער פאָלק, זענען ראוי מ'זאָל זיי אויך היינט זאָגן אונדזערע ברידער וועלכע זענען צוריק געקומען צום פאָלק ישראל".

„מיר האָבן אויך צוגעגעבן די ביאָגראַפיע פון מחבר, וועלכע איז אויך וויכטיק, נישט נאָר צוליב דעם ווייל זי איז פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון דער אינקוויזיציע, נאָר ווייל מיר געפינען אין איר פרטים וועגן פיל גרויסע לייט ווי מנשה בן ישראל א.א."

די ביאָגראַפיע איז געשריבן פון איינעם פון די צווייטע אַרויסגעבער אליעזר פּלאַט, וועלכער איז געווען א העברע־אישער לערער, און וויסענשאַפטלער.

עס איז אינטערעסאַנט צוצוגעבן: ביי דעם סוף פון ספר איז צוגעגעבן אַ ליסטע מיט נעמען פון מענטשן, וועלכע האָבן מאָראַליש און מאַטעריעל געשטיצט אַרויס־צוגעבן די צווייטע אויסגאַבע, עס זענען דאָ פּוילישע, ליט־ווישע שטעט און שטעטלעך מיט הונדערטער נעמען פון פּערזענלעכקייטן, אַזש פון טיפן רוסלאַנד, און טאַקע אויך פון המופלג ר' משה מאיר פּלאַט (שו"ב) פון קאַמין־קאַשירסקי.

**א. מ. א.**

**י. בן־משה**

# ר' אשר ערליך ז"ל

ער איז געבוירן געוואָרן אין קאָוועל, ביי א חשובער מיוחס'דיקער למדניש־סוחרישער משפּחה, און דערצויגן געוואָרן ביי זיין שטיף־פאָטער, דעם טריסקער דיין, הרב זכריהו, און האָט חתונה געהאַט קיין קאַמין־קאַשירסקי, וו ער האָט זיך איינגעאָרדנט אַ לעדער־געשעפט.

אַלס טיפער למדן, חריף אין תלמוד, ווי אויך אַ לעזער פון די העברעאישע און יידישע צייטונגען, האָט ער קאָנצענטרירט ארום זיך די חשובסטע למדנישע יונגעלייט פון שטעטל, וו מען האָט געפירט שאַרפע וכוחים, אין די הארבסטע גמרא סוגיות, ווי אויך ארומרעדן אַלע וועלטלעכע און פּאָליטישע ענינים פון יענע צייטן.

זיצנדיק אין געשעפט האָט ער ליב געהאַט צו אַנטלייען גמילות חסדים פאַר נויטבאַדערפטיקע. ער האָט אויך אין דער פרייער צייט געלערנט אין געשעפט אַ פּרק משניות, און קומענדיק אין אָוונט אהיים, געלערנט אַ בלאַט גמרא.

אַלס טריסקער חסיד, איז אין די יאָרן פאַר דער צוויי־טער וועלט־מלחמה ביי אים אין הויז איינגעשטאַנען דער טריסקער רבי הרב וועלוועלע טווערסקי ז"ל, און זיין פרוי שרה חנה האָט שוין די גאַנצע וואָך באַזאָרגט פאַרן רבין און די גבאים, פון אלעס בעסטן וואָס זיי האָבן נאָר גע־ברויכט.

צווישן די חשובסטע מענטשן פון שטעטל וואָס זענען תמיד צו אים געקומען אין הויז און אין געשעפט זענען געווען זיינע גוטע פריינט די ה' יצחק פרידמאַן, יעקב יצחק קלאַרמאַן, יעקב רופא און משה טשאַרנע ז"ל.

# צפורה ערליך - פלאַט

געבוירן אין קאַמין־קאַשירסקי אין יאָר 1906, ביי פאַרמעגלעכע עלטערן, שרה־חנה און ר׳ אשר ערליך. זי האָט באַקומען אַ גוטע יידישע דערציונג, און וועלטלעכע בילדונג. אלס קינד האָט זי שוין דורכגעמאַכט די ערשטע וועלט־מלחמה, מיט די אַלע יסורים און פייניקונגען, וואָס עס האָט געטראָפן אונדזערע יידן פון שטעטל: אויסבאַהאַלטן זיך אין די וועלדער צוליב די פּאָגראָמען און רויבערייען פון די קאָזאַקן און די אָרטיקע גויים. נאָכער די שחיטה



פון די באַלאַכאָוויצעס, ווי איר פאָטער איז פארוואונדעט געוואָרן.

אָבער פאַרמאָגנדיק אַ פעסטן כאַראַקטער און שטאַרקן ווילן, מיט פיל לעבנסלוסט, האָט זי די אַלע שוועריקייטן לייכט בייגעקומען. און ווען אין קאַמין האָט זיך געשאַפן די ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „החלוץ״, איז זי אַריין אלס מיטגליד, און מיטגעהאָלפן אַלע חלוצישע אַרבעטן צו פארווירקלעכן, און זייענדיק אַ חברה אין דער פּאַרטיי „פועלי ציון״ — (צ.ס.), האָט זי זיך אקטיוו באַטייליקט אין אַלע פּאָליטישע וואַל־אַקציעס, ווי אויך אין אַלע זאַמל־אַקציעס פאַר די ציוניסטישע פאָנדן.

נאָך איר חתונה מיט יעקב פלאַט איז איר הויז געוואָרן דער צענטער פון אלע ציוניסטישע עסקנים פון שטעטל, ווי אויך פאַר שליחים פון ארץ־ישראל, און פוילן, פון די ציוניסטישע פאָנדן, און פון די צענטראַל־קאָמיטעטן פועלי־ציון — (צ. ס.), פרייהייט, החלוץ, און ליגע פאַרן ארבעטנדן ארץ־ישראל.

זיי זענען אַלע אויפגענומען געוואָרן מיט פיל וואַרעמקייט און פריינטשאַפט. אַ לענגערע צייט האָט זי געהאַפט עולה צו זיין מיט דער משפחה קיין ארץ־ישראל, און געוואַרט אויפן סערטיפיקאַט וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט כסדר צוגעזאָגט צו שיקן און נאָך יעדער סערטיפיקאַטן־פּאַרטיילונג אויסגעטראַכט אַ אנדער תירוץ, און צוגעזאָגט שיקן ביים צווייטן מאָל, און דאָס האָט געדויערט ביז דעם מלחמה־אויסברוך אין יאָר 1939. די סאָוויעטן זענען געקומען, און איר מאַן האָט מען כסדר געזוכט אַלס ציוניסטישן עסקן אין — נ.ק.וו.ד., און מען איז געווען זיכער, אַז אין אַ געוויסער נאַכט וועט מען זיי פאַרשיקן קיין סיביר. איז טאַקע תמיד געווען פאַרפּאַקט אַ פּאַר זעק מיט די נויטיקסטע זאַכן פאַר די קינדער... עס איז שוין געווען אַ זיכערע ידיעה, אַז סוף וואָך וועט מען פון דעם געגנט אַוועקשיקן אַ טראַנספּאָרט קיין סיביר, און אַז אויך איר משפחה געפינט זיך אויף דער ליסטע.

פּלוצים, שבת ביינאַכט האָבן דייטשע עראָפּלאַנען געוואָרפן באָמבעס אין שטעטל, די סאָוויעטישע מאַכט האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל. און די דייטשן האָבן עס פאַרנומען. און ווען די היטלעריסטן האָבן אָרגאַניזירט ארבעטס־אַרטעלן, האָבן זיי איר באַשטימט אַלס פאַראַנטוואָרטלעכע דירעקטאָרין פון אַ אַרטעל. אין דער צייט פון דער גרויסער אַקציע צו ליקווידירן דעם געטאָ, ווען מען האָט די יידן אוועקגעפירט אויפן „בית־עולם״ צו דער שחיטה, האָבן זיי די פאַראַנטוואָרטלעכע ארבעטער געגעבן שיינען, אויף ארויסגיין צוריק פון בית־עולם, אָבער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו איבערלאָזן די טייערינקע און ליבינקע קינדערלעך — משה׳לע און לאה׳לע ז״ל. און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען אלס קדושים פון יידישן פאָלק, נישט קאָנענדיק פארווירקלעכן צו דעם וואָס זי האָט אַלע יאָרן געשטרעבט — קומען קיין ארץ־ישראל.

**י. בן־משה**

# דוד קלאַרמאַן

געבוירן אין 1897 אין קאַמין־קאַשירסקי. נאָך אין זיין יוגנט איז אים אָפּגעשטאָרבן זיין פאָטער, ר׳ לעמל, אַן אָנגעזעענער סוחר, און דער עול פון פרנסה איז געפאַלן אויף זיין מוטער שפרה, וועלכע האָט אים דערצויגן ביי די בעסטע מלמדים, און אין דער שולע פון מ. דאַדיוק. נאָך זיין חתונה האָט ער צוזאַמען מיט זיין ברודער אביש און דוד סעגאַל, געעפנט אין אונדזער שטאָט א גרויס הורט־געשעפט. אָבער, כאָטש אַ פאַרנומענער ביים האַנדל, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און ער איז געווען פון די איניציאַטאָרן און בויער פון סטעפּי־נער שטיבל, ווו ער איז געווען ווירטשאַפט־גבאי.

אין די יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען פאָרזיצער פון דער פאָלקס־באַנק און אויך פון דער רעליגיעז־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מזרחי.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה און בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע, איז ער געווען פון די הויפּט־גרינדער און איבערגעגעבענער טוער ביי דער פאָלקס־קיך אין געטאָ, פאַר וועלכער ער האָט געשפּענדעט זייער פיל פון זיין פאַרמעגן.

זיין סוף איז געווען ווי פון אַלע יידן אין קאַמין־קאַשירסקי, איז געהרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט זיין פרוי מנוחה, און מיט זייערע קינדער דורך די דייטשע מערדער. זיין זון אבא איז געראַטעוועט געוואָרן: אַ דאַנק דעם וואָס ער איז אַנטלאָפן אין וואַלד און איז געוואָרן איינער פון די אַקטיוויסטע קעמפער ביי די פּאַרטיזאַנער קעגן די דייטשע באַנדיטן און זייערע אוקראַינישע מיטהעלפער.

י. פ.

# ר׳ יצחק באַרג

ר׳ יצחק באַרג איז געבוירן אין קאַמין־קאַשירסקי. זיין פאָטער, ר׳ מרדכי, איז געווען א חשובער און אָנגעזעענער ייד אין שטעטל. מיט פרנסה — איז נישט געווען ביי זיי ווי אמבעסטן. זיין עלטערער ברודער, הערשל, איז אוועק קיין אמעריקע זוכן גליק. אָבער ער, יצחק האָט זיך גע־לערנט אַ פאַך און זיך איינגעאָרדנט און חתונה געהאַט אין שטעטל.

זייענדיק א טריסקער חסיד, האָט ער פיל פון זיין צייט אוועקגעגעבן אויף זיצן אין שטיבל און לערנען אַ פּרק משניות אָדער אַ בלאַט גמרא. פאַרשטייט זיך, אַז די פרנסה האָט אָנגעהויבן ווערן קלענער. זיין פרוי, מעניע, אַ פרומע יידענע, האָט אנגענומען אַלע שוועריקייטן פאַר ליב און איז געווען צופרידן פון זיין תורה לערנען. זיי האָבן זיך באַגנוגנט מיטן נחת פון זייערע 8 קינדער, וועלכע האָבן אויך, מיט דערצייט חתונה געהאַט. און אַלע שבת און יום־טוב האָבן זיך ביי ר׳ יצחק׳ן צונויפגע־זאמלט די קינדער און אייניקלעך און זייער הויז האָט זיך אנגעפילט מיט פרייד.

ער, ר׳ יצחק און זיין פרוי, האָבן נאָך זוכה געווען צו קומען צו קבורת־אבות פאַר דער מלחמה. כמעט די גאַנצע משפחה זיינע איז אומגעקומען אין שטעטל דורך די נאַצישע מערדער. געבליבן לעבן זענען נאָר די טאָכטער אסתר רחל, אין אמעריקע און דער יינגסטער זון, בנימין, אין ישראל.

י. פ.

# ר׳ איסר און לאה לייזערוק

ר׳ איסר איז געבוירן אין לובעשאָוו. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918, ווען זיין געבורטס־שטעטל איז כמעט אינגאַנצן חרוב געוואָרן — האָט ער זיך אריבערגע־צויגן צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע קיין קאַמין־קאַשירסקי.

ער האָט געהאַנדלט מיט וואַלד, געהאַט אַ טאַרטאַק און

אַ ציגל־פאַבריק און אַנדערע געשעפטס־אונטערנעמונגען. ער איז. געווען אַ פרומער און אָרנטלעכער ייד. אַ מענטש מיט אַ ברייט האַרץ גרייט צו העלפן א נויטבאַדערפטיקן מיט אַ גמילות־חסד אָדער מיט אַן אַנדער הילף, וואָס איז נאָר געווען אין זיינע מעגלעכקייטן.

צוגעהאָלפן אין דעם האָט אים זיין פרוי לאה, וועלכע שטאַמט פון אַ רבנישער פאַמיליע (אירע עלטערן זענען נאָך מיט פיל יאָרן צוריק געפאָרן קיין ארץ־ישראל און נפטר געוואָרן אין ירושלים). זי איז געווען אַ פרוי מיט גוטע מידות. זי האָט זיך באַמיט אַלעמען צו העלפן. אָפטמאָל האָט זי פונאַנדערגעטיילט אומזיסט מילך פאַר אָרעמע און קראַנקע! צוזאַמען מיט איר מאַן האָבן זיי זיך באַמיט, אַז זייער הויז זאָל זיין אַ הויז פון הכנסת־אורחים און צדקה.

י פ

פראדל גאלדשטיין—יפה

# געשטאלטן

## יהושע יפה

יהושע יפה איז געווען אַ זון פון קאָברינער רב און אן אײדעם פון הרב לייבל שטיינבערג פון טשאַרטשע, איינער פון די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייטן אין אונדזער געגנט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז נישט געווען קיין רב אין אונדזער שטאָט, האָט יהושע יפה צוזאַמען מיט זיין שווער, לייבל שטיינבערג פאַרנומען דעם פלאַץ פון א רב. זיי פלעגן פסקענען שאלות און פלעגן זיך פאַרנעמען מיט דין תורות. יהושע יפה פלעגט זאָגן אַ שיעור צווישן מנחה און מעריב און לערנען אַ בלאַט גמרא אין טריסקער שטיבל. אין יאָר 1920 האָט יהושע יפה מיטגעאַרבעט אין שטאָטישן קאָמיטעט. שפּעטער האָט יהושע יפה געעפנט אַ געשעפט פון פאַרטיקע קליידער און דערפון געצויגן זיין פרנסה. ער פלעגט פיל צייט אָפּגעבן פאַר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ער איז אויך געווען איינער פון די תלמוד־תורה גבאים. ר׳ יהושע יפה איז געשטאָרבן אין געטאָ, עטלעכע וואָכן פאַר דער גרויסער שחיטה.

## יעקב יפה

יעקב יפה איז געווען אַ זון פון יהושע יפה. ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער ביי דער מזרחי פאַרטיי אין קאַמין קאַשירסקי, זייער פאַרטרעטער אין קרן־קימת־קאָמיטעט. ער פלעגט זיך באַטייליקן אין זאַמל־אַקציעס און טאָן לטובת הכלל.

ער איז אַנטלאָפן מיט זיין פרוי פראדל גאלדשטיין־יפה אין וואַלד און זיי האָבן זיך ביידע פאַרלוירן. יעקב יפה איז אומגעקומען אין וואַלד.

ערע זיין אנדענק!

ברוך מלמד

# שמואל ווערבליע

שמואל ווערבליע איז געווען, ווי מען זאָגט, א ייד פון אַ גאַנץ יאָר. זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך מיט קיין זאַך נישט אויסגעצייכנט. מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָט ער זיך קיינמאָל נישט אינטערעסירט. ער האָט בכלל זייער ווייניק זיך באַגעגענט מיט מענטשן, אויסער מיט זיינע נאָענטע. ער איז שטענדיק געווען איינגעטאָן אין זיינע פּריוואַטע געשעפטן, זאָרגנדיק פאַר פרנסה פאַר זיין פאַמיליע, צו וועלכער ער איז געווען שטאַרק איבערגעגעבן ווי אַ גוטער פאַמיליע מענטש. אָבער אין אַ צייט פון געפאַר האָט ער אַרויסגעשיינט פון זיין גרויער געשטאַלט, זיין הויכע נאָבעלע נשמה און זיין גוט יידיש האַרץ, וועלכע באַשיינען ווי א פייער־זייל די יידישע קהלה אין קאַמין־קאַשירסקי, וואָס אפילו צווישן אירע געוויינלעכע פשוטע יידן, האָט זיך געפונען אזא געוויסנהאַפטער מענטש.

שמואל ווערבליע האָט געהאַט דעם אומגליק, גלייך פון אָנפאַנג, באַשטימט צו ווערן, דורך די דייטשן אַלס פאַרטרעטער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין קאַמין־קאַשירסקי. באַלד טאַקע האָבן זיי געפאָדערט פון אים ער זאָל צושטעלן 80 יונגע מענער, וועלכע זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי דאַרפן צו אַ געוויסער אַרבעט. נישט האָבענדיק קיין צוטרוי צו די דייטשן האָבן די יונגע מענער זיך באַהאַלטן. די דייטשן האָבן דאַן גענומען ווערבליען, ער זאָל מיט זיי מיטגיין פון שטוב צו שטוב זוכן יונגעלייט. אַריינקומענדיק אין אַ שטוב פלעגט ווערבלע אויסרופן אויף אַ פאַרשטעלטער שפּראַך — די דייטשן זאָלן נישט פאַרשטיין — אַז קיינער זאָל זיך נישט אָפּרופן, ווייל עס איז אַ סכנה.

די דייטשן האָבן, אָבער, ענדלעך, אים געצוווּנגען מיטגיין מיט זיי, צוזאַמענשלעפּן די געפאָדערטע 80 יונגע־לייט. דערוויסנדיק זיך, דערנאָך, אַז די מענטשן זענען געכאַפּט געוואָרן טאַקע צום טויט און האָבנדיק אויף זיין ריינעם מענטשלעכן און יידישן געוויסן, אַז נישט ווילנדיק, האָט ער דאָך אָנטייל־גענומען אין דעם פאַנג פון די יונגע לעבנס, האָט ער באַשלאָסן אויך מיטגיין צוזאַמען מיט די געפאַנגענע צום זיכערן טויט, הגם די דייטשן האָבן אים דערצו נישט געצוווּנגען.

ער האָט זיך געזעגנט מיט זיין פאַמיליע, געווּנטשן אַז זיי זאָלן דערלעבן נקמה נעמען פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט און ער איז פריינויליק מיטגעגאַנגען מיט די 80 יידישע יוגענטלעכע, וועלכע די דייטשן האָבן ארויסגעפירט 5 קילאָמעטער אויסערן שטאָט, ביים דאָרף יעזערע און זיי אַלעמען געהרגעט.

אזוי האָט שמואל ווערבליע זיך מוסר נפש געווען, מיט זיין אייגענעם ווילן, כדי ריינצוהאַלטן זיין אידעלע נשמה און יידישן האַרץ.

אַזעלכע גרויסע יידן און מענטשן האָט פאַרמאָגט די קאַמין־קאַשירסקער יידישע קהלה.

כבוד און אייביקער אָנדענק צו זיין הייליקן נאָמען.

יעקב גאָלדשטיין

# ר׳ אריה (לייבוש) גאָלדשטיין

לייבוש גאָלדשטיין איז געבוירן אין יאָר 1868 אין קאַמין־קאַשירסקי. ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מיר געוווינט אין דאָרף ראַקאָוו־לעס, 2 קילאָמעטער פון קאַמין־קאַשירסקי. מיטן אַנטשטיין פון דער פוילישער מדינה אין יאָר 1918, ווערט ער אויסגעקליבן אַלס פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס האָט זיך גערופן גמינע. ער האָט זייער פיל געדאַרפט קעמפן פאַר די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג וואָס די פוילישע מאַכט האָט פיל מאָל געוואָלט באַגרענעצן דורך פאַרשידענע גזירות, גרויסע שטראָפן און הויכע שטייערן.

נישט רעכענענדיק זיך, וואָס זיין משפחה איז געווען אַ גרויסע און ער האָט זעלבסט געדאַרפט שווער אַרבעטן פאַר זיין עקזיסטענץ, האָט ער דאָך אוועקגעגעבן גאַנצע טעג פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון שטעטל, און אויך פאַר יידן פון אומגעגנט, וועלכע פלעגן קומען און בעטן אַז ער זאָל גיין צו דעם סטאַראָסטע, וועלכער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער שטאָט און אומגעגנט (אַ פּאָליאַק) אַז מען זאָל זיי פאַרלייכטערן פאַרשידענע שטראָפן, וואָס זיי פלעגן פון צייט צו צייט באַשראָפט ווערן.

ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט פאַרשידענע קהל־זאַכן וואָס דאָס שטעטל האָט געדאַרפט. דעם אַמט האָט ער פאַרנומען ביזן יאָר 1939.

פון זיין גרויסער משפחה זענען אומגעקומען זיין זון שלמה מיט זיין פרוי שרה און טאָכטערל פעסיל. זיין טאָכטער מרים און אברהם רויטענשטיין. זיין טאָכטער שיינע מיטן מאַן יוסף באַקאַלטשוק מיט אַ טאָכטער און 2 זין מירעלע מאיר און יעקב, זיין טאָכטער לאה מיט איר טעכטערל חוה, זיין טאָכטער איטע מיט איר מאַן יוסף געלמאַן, און אַ זינעלע חיים׳קע, זיין טאָכטער חיה מיט איר מאַן וועווע געלמאַן, שיינע גיטל און אייזיקל מיט צוויי קינדער און אַ טאָכטער סימע גאָלדשטיין.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דאָס וואָס לייבוש גאָלדשטיין האָט אויפגעטאָן פאַר די יידישע הויזבאַזיצער פון שטעטל קאַמין־קאַשירסקי. דער גאַנצער באָדן פון שטעטל האָט געהערט צו אַ גוט־באַזיצער מיטן נאָמען זייצאָוו. דער פאַר־

וואַלטער פון זיין פאַרמעגן איז געווען סאָקאָלאָווסקי, זייער א שלעכטער מענטש און אַ גרויסער שונא ישראל. יעדער הויז־אייגנטימער פון דעם שטעטל האָט געדאַרפט איינצאָלן דעם גוט־באַזיצער ביז אַ געוויסן טערמין יעדעס יאָר אַ געוויסן אָפּצאָל וואָס דער גוט־באַזיצער האָט אים באַשטייערט.

יעדער הויז־אייגנטימער האָט גוט אָפּגעהיט די צייט, ווען ער האָט געדאַרפט צאָלן דעם אָפּצאָל פאַר זיין הויז. דאָך זענען געווען פיל יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַצאָלן פּינקטלעך דעם אָפּצאָל ביז דעם טערמין. פלעגן אַראָפּקומען אַ 10 פּויערים מיט העק, געשיקט פון דעם גוט־באַזיצער און האָבן מיט כוח אַראָפּ־געוואָרפן דעם דאַך פון דער שטוב און פאַרשאַפט די מענטשן גרויסע שאָדנס.

עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט לייבוש גאָלדשטיין מיט נאָך צוויי קריסטן, זיינע גוטע באַקאַנטע, מיטן נאָמען קאָוואַלעווסקי און דמאַכאָווסקי, אָפּגעקויפט ביי דעם גוט־באַזיצער זייצעוו דעם גאַנצן באָדן פון דעם שטעטל, און אויך דעם באָדן פון אַלע הויז־באַזיצער אין קאַמין, דערצו פאַרשידענע גרויסע פּלעצער וועלכע האָבן זיך געפונען אין שטאָט.

דערנאָך האָט לייבוש גאָלדשטיין און די צוויי קריסטן, וואָס האָבן צוזאַמען אָפּגעקויפט דעם באָדן פון דער שטאָט, געמאָלדן אַלע יידן, אַז זיי קענען, יעדער ווער עס וויל, אָפּקויפן דעם באָדן ווו זיין הויז שטייט, מיט זייער באַקוועמע ראַטעס אויסצאָלונגען. לייבוש גאָלדשטיין האָט פאַר זיך גענומען דעם גרעסטן חלק מגרשים פון די יידישע הייזער און ער האָט זיי פאַרקויפט אויף זייער באַקוועמע ראַטעס. אויך איז ער געווען טעטיק אין טריסקער שוהל — און איינער פון אירע גרינדערס.

בנימין בארג

# ר׳ יואל חיים כשר

(יואל חיים דער אליניעק) און זיין משפחה

ר׳ יואל חיים איז געווען אַ הויכער, דאַרער, ייד... ער האָט געהאַט אַ לענגלעך פּנים באַוואַקסן מיט אַ שיטערער, לענגלעכער באָרד און לאַנגע פּאות. אונטערן הויכן שטערן האָבן געלויכטן אויגן פול מיט יידישער פּקחות און תמימות.

געשטאַמט האָט ער פון דאָרף יאַלאָוואַטש׳ נעבן קאַמין קאַשירסקי און איז געווען איינער פון 5 ברידער כשר, אַלע ווי ער, הויכע און פעסט־געבויטע יידן. אין קאַמין האָט ער געהאַט אַן אַליניצע און דערפאַר האָט מען אים טאַקע גערופן: יואל־חיים דער אַליניעק.

כאָטש פון די גבירים איז ער ניט געווען, האָט ער זיך דאָך גערעכנט פאַר אַ וויכטיקן בעל־הבית אין שטאָט, און איז באַוווּסט געווען מיט זיין אָפענער האַנט און זיין גרייטקייט צו העלפן יעדן נויט־באַדערפטיקן. זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן. ער איז געווען באַוווּסט אלס גרויסער מכניס־אורחים. ס׳איז כמעט נישט געווען אַ טאָג, אַז ביי אים זאָלן זיך נישט אויפהאַלטן יידן פון די דערפער אַרום, וועלכע פלעגן קומען אין שטאָט צום דערליידיקן זייערע פאַרשידענע ענינים.

איבערהויפּט איז די שטוב פול געווען מיט אורחים, ימים־טובים־צייט. יידן פון ארומיקע קליינע דערפער פלעגן קומען מיט זייערע פאַמיליעס אין שטאָט אויף ימים־נוראים, כדי צו דאַווענען מיט אַ מנין, און בכלל צו זיין מיט יידן. זיי, די אַזוי גערופענע „יאַנטעוויניקעס״, פלעגן זיך איינאָרדענען ביי קרובים, אָדער באַקאַנטע. פלעגן טאַקע ביי יואל־חיים׳ען אין שטוב זיך צונויפפאָרן אויף ימים־טובים עטלעכע משפחות קרובים און סתם יידן און זיך דאָרט געפילט ווי אינדערהיים. געגעסן האָט מען צוזאַמען, וואָס גאָט האָט געגעבן און וועגן שלאָפן איז אויך קיין פּראָבלעם ניט געווען. אינעווייניקסטע טירן אַראָפּגענומען פון די קרוקעס און אַרויפגעלייגטע אויף שטילן האָבן געדינט פאַר געלעגערס, און אויב דאָס האָט אויך ניט געסטאַיעט האָט מען אויסגעבעט אויף די פּאָדלאָגעס.

פאַרשטייט זיך, אַז טראָץ זיין גוטהאַרציקייט וואָלט עס יואל־חיים ניט געקענט באַוויזן, ווען ניט זיין פרוי אסתר — אָדער אסתר יואל־חיים׳ס, ווי מען האָט זי גערופן.

אסתר האָט געשטאַמט פון די ווערבעס, א ברייט פאַרצווייגטע פאַמיליע אין שטעטל. אויסערלעך האָט זי געמאַכט אַ רושם פון א שטרענגער יידענע, אָבער זי האָט געהאַט אַ וואַרעם יידיש האַרץ. שטענדיק פאַרהאָרעוועט און פאַריאָגט,

(אין שטוב זענען געווען 8 קינדער) — האָט זי געפונען כח און צייט פאַר יעדן איינעם און דער טיש איז ביי איר געווען תמיד געגרייט פאַר יעדן. זי האָט אויך אָפּט ארויסגעהאָלפן אַן ארעמע משפחה מיט חלות אויף שבת, מיט אַ גמילות־חסד א.א.וו.

יואל־חיים און אסתר האָבן געהאַט, ווי דערמאָנט, 8 קינדער: 4 זין און 4 טעכטער. 6 פון זיי זענען געפאָרן קיין אמעריקע. אויך דאָרט האָבן זיי געפירט די טראַדיציע פון דער היים, טראָץ די שוועריקייטן פון איינאָרדענען זיך. האָבן זיי געהאָלפן באַקאַנטע אין אמעריקע און קרובים אין שטעטל. איבערהויפּט האָבן זיך אויסגעצייכנט דער עלטסטער זון שמואל־אהרן ע״ה און, יבדל לחיים, ישראל־יוסף, וועלכער איז געווען פון די גרינדער פון „קאַמינער סאָסייטי אין ניו־יאָרק״. ער האָט אויך אריבערגענומען אייניקע קרובים קיין אמעריקע און אַזוי־ארום ממש געראַטעוועט זייער לעבן (אין יאָר 1958 האָט ער באַזוכט ישראל).

יעקב כשר און זיין שוועסטער חיה־איטקע זענען געבליבן אין שטעטל און זענען אומגעקומען דורך די דייטשן צוזאַמען מיט אַלע קאַמינער יידן.

יעקב כשר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אָפענער האַנט פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. פאַרשטייט זיך, אַז אין טריסקער שטיבל איז ער געווען פון די ערשטע נדבנים און תורמים.

די הויפּט־שטריכן פון דער גוטהאַרציקייט און הילפסגרייטקייט פון ר׳ יואל־חיים׳ן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דער יינגסטער טאָכטער חיה־איטקע. זי איז ממש געווען אַ צדיקת. זי איז געווען די בעל־הבית׳טע אין דער גאַנץ פאַרמעגלעכער שטוב און די קאַסע איז געווען ביי איר. אירע גמילות־חסדים פאַר אָרעמע קרעמער, בעלי־מלאכות זענען געווען באַוווסט אין שטעטל, כאָטש זי האָט איר הילף דערלאַנגט ווי כלאחר־יד, אָן איבעריקע פרסומת.

**בנימין בארג**

# ר׳ יצחק ווערבע־יצחק דער לערער

אַלע האָבן אים געקענט מיטן נאָמען יצחק דער לערער. אַ שיינער, הויכער הדרת־פנים׳דיקער ייד מיט אַ גוטמוטיקן געזיכט־אויסדרוק. געבוירן אין קאַמין־קאַשירסקי אין דער ברייט־פאַרצווייגטער פאַמיליע ווערבע. חתונה געהאַט קיין ליובישאָוו, און זינט 1920 אריבער צוריק קיין קאַמין־קאַשירסקי, ווו ער איז געוואָרן אַ לערער. ער איז געווען פון די ערשטע מלמדים, וועלכע האָבן אריינגעפירט דאָס לערנען די אנפאַנג־קינדער מיט דער קלאַנג־מעטאָדע, אַנשטאָט דער טראַדיציאָנעלער שווערער אלף־בית־שיטה, און אַזוי־ארום געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן זיך גערופן „לערער״. קינדער האָבן ביי אים זיך אויסגעלערנט לייענען אין אַ דריטל צייט, ווי ביי אַנדערע מלמדים. די מערהייט קינדער פון שטעטל האָבן ביי ר׳ יצחק דער לערער זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן.

זיין באַציונג צו די יונגינקע תלמידים איז געווען אַ פאַטערלעכע. פיזישע שטראָף האָט ער אינגאַנצן נעגירט.

אין אָנפאַנג פון די צוואַנציקער יאָרן איז אים געגאַנגען זייער שווער, אָבער שפּעטער האָט זיך די לאַגע געבעסערט. זיין פרוי, רבקה, אַ קלוגע ענערגישע פרוי, פול מיט איניציאַטיוו, האָט אָנגעהויבן צוהעלפן מיט פרנסה עפנענדיק אַ קליין גאַלאַנטעריע־געשעפט, וואָס איז ביסלעכוויז געוואַקסן, און אין די דרייסיקער יאָרן — ווען די שווערע לאַנגיעריקע דערציונגס־ארבעט האָט אָנגעהויבן ווייזן אירע סימנים אויף ר׳ יצחק׳ס געזונט — האָט ער אויפגעגעבן דאָס לערעריי, און זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן צו די געשעפטס־ענינים.

ר׳ יצחק, וואָס איז געווען אויך דער לאַנג־יאָריקער בעל־קורא אין סטעפּעניער שטיבל — האָט זיך איצט אָנגעהויבן אָפּגעבן מער מיט צדקה ענינים. דאָס געשעפט איז שוין געפירט געוואָרן דורך דער פרוי און קינדער, און ביסלעכוויז איז דער הויפּט־געשעפט־פירער געוואָרן דער זון — מרדכי ווערבע.

טאַטע און מאַמע ווערבע האָבן אין דער ערשטער העלפט פון די פערציקער יאָרן דערלעבט נחת פון די קינדער — דריי טעכטער און אַ זון. אַלע שיין חתונה געמאַכט און גוט איינגעאָרדנט. דערלעבט אייניקלעך, און די משפחה איז געוואַקסן.

די אַכזריותדיקע היטלערישע בעסטיע האָט די משפחה פאַרטיליקט.

געבליבן לעבן איז נאָר זייער טאָכטער דבורה, וועלכע איז נאָך פאַר דער מלחמה עולה געווען קיין ישראל.



מאיר רויזן, ירושלים

# חבל על דאבדין

## הרב משה מרדכי פערלין

דאָס ערשטע וויל איך שרייבן וועגן אונדזער רב, הרב משה מרדכי פערלין. ער איז געווען ביי אונדז רב 21 יאָר, באַקאַנט אַלס „פּעטריקאָווער עילוי". אַז קאָוועל האָט געהאַט אַ גרויסע דין־תורה, פלעגט מען אַרויסרופן אונדזער רב.

תמיד ווען מען פלעגט פאָרן פון באַן צוויי אַזייגער ביינאַכט, פלעגט מען זען אים זיצן ביים לערנען. ער איז געווען פּאַסיק צו אַלע סאָרטן מענטשן: תלמידי־חכמים און מאָדערנע מענטשן, אַלע האָבן אים געשעצט. ווען איינער האָט געדאַרפט אַן עצה איז מען געגאַנגען צום רב, און וואָס ער האָט געהייסן, האָט מען אים געפאָלגט, און עס איז געווען גוט. אים האָט מען קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט, ווען ער האָט געבעטן פאַר הצטרכותן פון כלל.

איך בין געווען ביי אים צוויי טעג פאַר זיין פּטירה, דאָס איז געווען ווען די רוסן זענען געווען ביי אונדז אין שטאָט — האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס לעבן איז היינט אַזוי, אַז דאָס שטאַרבן שטייט ביי אים אַ סך מערער.

## ר׳ שלום קאַרש

דאָס איז געווען אַ ייד אַ חסיד, אַ מופלג בתורה, אַ גרויסער עסקן בצרכי צבור, גבאי פון תלמוד־תורה, בקור־חולים און דערצו אַ גרויסער בעל־הכנסת אורחים.

איך געדענק ווי אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1915, ווען גאַנץ שיינע בעלי־בתים האָבן מיט מאַטערניש געמאַכט פסח, האָט ער אויסגעהאַלטן ביי זיך אין שטוב פון 20 ביז 25 יידן אויף פסח. דאָס זענען געווען צומייסטנס עסטרייכישע סאָלדאַטן, און אַזוי איז געווען זיין שטייגער אויך שבת. ער פלעגט וואַרטן אין שול און וויפל אָרימע לייט עס זענען געבליבן — פלעגט ער זיי מיטנעמען צו זיך. פיש האָט געמוזט זיין אַלע שבת, עס איז נישט געווען קיין פּרייז וואָס זאָל שטערן, אויך ווען קיין פיש איז נישט געווען אין דער גאַנצער שטאָט.

ער האָט געהאַט די הצלחה, וואָס מען קען זאָגן אויף זיין ווייב רבקה, אַז זי איז געווען אַ אשת־חיל מי ימצא. עס איז גאָרנישט צו באַשרייבן איר גוטסקייט, געווען גרייט אָוועקגעבן דעם ביסן פון מויל פאַר אָרימע מענטשן, אַ פרוי אַן אַ גאַל, און וואָס ער האָט געטאָן איז געווען גוט.

צו באַשרייבן ר׳ שלום קאַרש דאַרף מען אַ גאַנץ בוך... אַזעלכע יידן זענען היינט ווייניק. ער איז אומגעקומען אין אַ פּאָגראָם פון די באַנדערעווצעס.

## ר׳ יצחק פלאַט

ביי אונדזער שוחט, ר׳ יצחק פלאַט, איז די שטוב געווען אָפן פון 6 אַזייגער אין דערפרי ביז 12 ביינאַכט, פאַר הכנסת אורחים; ווו אַ משולח פון דער גאַנצער וועלט — איז ער פאַרפאָרן צו אים. וויפל ער האָט פאַרדינט, איז אים שטענדיק אַוועק אויף אורחים. אויך האָט ער געזאָרגט תמיד פאַר יתומים, און אָרימע אַלמנות. זיין פרוי איז אויך געווען אַ אשת־חיל, זייער אַ גוטע, מיט די לעצטע כחות האָט זי געטאָן פאַר אָרעמע.

## ר׳ יעקב יצחק קלאָרמאַן

אַ ייד וואָס האָט עוסק געווען בצרכי צבור מיט אמונה. ווען ער האָט געבויט אַ שול האָט ער זיך באַמיט צו קויפן אַלע בוי־מאַטעריאַלן ביליק ביי דער ערשטער האַנט, כדי צו שפּאָרן קהלישן געלט.

ער איז געווען גבאי אין שול ביז דער לעצטער מינוט; זיך געוואָלט אָפּזאָגן, אָבער דער קהל האָט נישט מסכים געווען. געטאָן אַ סך טובות אַלע יידן. שטענדיק געווען אַן עושר, אָבער זיך געהאַלטן זייער פשוט, שטענדיק געזאָרגט פאַר אָרעמע און נויטבאַדערפטיקע.

## חיה רויזן

מיין פרוי האָט געקענט עטלעכע שפּראַכן און געהאָלפן אין געשעפט מיט גרויס פעאיקייט. ווען זי האָט געבוירן דעם יינגעלע יצחק׳ל ז״ל האָט זי באַשלאָסן אַז זי איז אַ מוטער פון אַ קינד. אין געשעפט האָט זי מער נישט גע־אַרבעט. זי האָט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו דערציען אַ קינד.

אונדזער קינד איז געווען כמעט אן אויסנאם. איך האָב נישט קיין ווערטער צו באַשרייבן די ווירטשאַפט פון שטוב, ווי עס האָט אויסגעזען. דאָס איז געווען א מוסטער. נאָר, ליידער, האָב איך דאָס אלץ פארלאָרן און יעצט איז מקוים געוואָרן דער פסוק „בעל כרחך אתה חי״.



מיין שוואָער ר׳ **אשר הערליך** ז״ל, איז געווען זייער אַ גרויסער תלמיד חכם, ער האָט זיך גערעכנט דער צווייטער פון דעם רב אין שטעטל. ער איז שטענדיק געזעסן און געלערנט, אפילו ווען ער איז געווען אין געשעפט.

ער איז געווען אַ ייד, וואָס קיין כבוד האָט ביי אים נישט פארנומען קיין אָרט. דערצו איז ער געווען א „ספרא רבא״, ער האָט געפירט די גאַנצע בוכהאַלטעריע פון דער באַנק, די ערשטע צייט, בלי שום שכר, נאָר אַלס טובה פאַר דער שטאָט. יהיה שמו וזכרו לנצח.



מיין ברודער **יעקב רויזן** ז״ל.

ווען מיין טאַטע ז״ל איז נפטר געוואָרן איז יעקב אלט געווען 20 יאָר ער איז געווען דער עלטסטער פון די ברידער, ער האָט איבערגענומען דעם גאַנצן געשעפט און ער האָט זייער מצליח געווען. ער איז געוואָרן פאָפולער אין דער גאַנצער געגנט. ער האָט זייער שיין געפירט די געשעפטן און ער האָט זיך גערעכנט פון די שיינע גבירים, מיט א גוטן נאָמען. ער האָט חתונה געהאַט מיט א מיידל פון ראַטנע, נישט פון קיין רייכער שטוב, נאָר פון זייער פיינע מענטשן. האָבן זיי נישט מער ווי צוויי יאָר געלעבט צוזאַמען: די באַלאַכאָוועצעס האָבן אים געהרגעט. די פרוי מיטן קינד, וועלכעס האָט געטראָגן דעם טאַטנס נאָמען, זענען נאָכדעם אַוועק קיין אַמעריקע. נאָר ליידער איז דאָס קינד אויף דער שיף געשטאָרבן.



## ר׳ משה אייזן ז״ל

ער איז געווען אַ שניידער, אַ גרויסער און ערלעכער ייד, גערופן האָט מען אים ר׳ משה אבראַמציעס. ער איז געווען אַ איש תם וישר, צו זיין פרומקייט איז גאָר נישט געווען קיין ערך. אַז מען האָט אים געגעבן סחורה עפּעס אויפצונייען איז וויפל עס איז געבליבן פלעגט ער שטענדיק אָפּגעבן צוריק. ער פלעגט שטענדיק זאָגן, אז ער וויל דאָס פון דעם דעק פון זיין טיש, אויף וועלכן ער אַרבעט זאָל מען אים מאַכן דעם ארון ווען ער וועט שטאַרבן.

שמחת תורה איז שוין געווען זיין חזקה, מנחה פלעגט ער דאַווענען אויפן נוסח פון ראש השנה, מיר פלעגן אים אַלע העלפן. געדאַוונט האָט ער די גאַנצע יאָרן אין טריסקער שטיבל און ער איז געווען טאַקע אַ שכן פון דעם שטיבל.

פון זיין גאַנצער ארבעט האָט ער נישט געהאַט צו פאַריכטן זיין דאַך. אַז עס איז געווען אַ גרויסער רעגן, איז זיין שטוב געווען פול מיט וואַסער. האָט ער איינמאָל זיך אויסגערעדט אין שול, ווען עס איז געווען אַ רעגן, אז ביי אים איז געוויס שוין דאָ וואַסער אין שטוב. האָט מיין פאָטער לייבצ׳יע ז״ל דאָס דערהערט, האָט ער גלייך אויף מאָרגן פרי אים צוגעשיקט אַ וואָגן מיט שינדלען אז ער זאָל צודעקן דעם דאַך.



ר׳ יצחק באַרינהאָלץ ז״ל, איז געווען אַ זון פון אן אָרעמער אלמנה, וואָס פלעגט ארומגיין אין די דערפער ביי די פויערים קויפן אייער. איר זון האָט זי געשיקט צו די בעסטע מלמדים. ער האָט זיך אַליין געסטאַרעט און צוגעקומען צו אַ שיין געשעפט.

ער איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן אויפגעשטעלט אין שטאָט אַ בית ספר און געזאָרגט שטענדיק אז עס זאָלן זיין גוטע לערערס. ער איז געווען א גרויסער ציוניסט און ער מיט דער פרוי שרה לערמאַן און מיט 2 שיינע קינדער זענען אומגעקומען פון די דייטשן, ימח שמם!

# געפאלן אין קאמף מיט די היטלעריסטישע באנדעס

## שלמה סאקאל בן גרשון ונחמה

געבוירן אין 1920 אין קאַמין־קאשירסקי. אַ חבר פון אַ ציוניסטישער יוגנט אָרגאַניזאַציע און מיטגליד פון דער אונטערגרונד אין געטאָ. אַנטלאָפן פון געטאָ ביי דער צווייטער שחיטה, מיט דער פאַמיליע. צוגעשטאַנען צום „אָרדזשעניקידזע״ אַטריאַד, פינסקער בריגאַדע „קאָמאַראָוו״ פּאַראייניקונג. גייענדיק אויף אַן אויפגאַבע פון אויפרייסן דייטשע עשאַלאָנען ביי דעם דאָרף זאַוווזירעץ, איז ער געפאַלן צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע פּאַרטיזאַנער. באַגראָבן אין דאָרף זאַוווזירעץ מיט זיינע געפאַלענע חברים צוזאַמען.

(ארויסגעצויגן פון פּאַרטיזאַנער בוך)

**חיים לייב סאקאל בן גרשון ונחמה**

געבוירן אין 1924 אין קאמין־קאשירסקי. אנטלאָפן פון געטאָ ביי דער צווייטער שחיטה מיט דער פאמיליע. מיט דער באפרייאונג פרייוויליק צוגעשטאַנען צו דער רויטער ארמיי, גייענדיק קעמפן קעגן שונא. געפאַלן אין קאמף ביי וואַרשע.

# דער ייִנגער ברוך שפירא איז געפאלן פאַר מדינת ישראל

דאָנערשטיק דעם 29־טן מערץ 1862, כ״ג אדר ב׳ איז פאָרגעקומען אַן אזכרה אויפן מיליטערישן בית עולם אין נחלת יצחק פאַר ברוך שפירא, דעם זון פון אליעזר שפיראָ און פרוי פעסיע, די טאָכטער פון יצחק פלאט. עס זענען געווען פארזאמלט משפחה מענטשן און מיליטער־כלי־קודש. דער הויפט חזן פון דער ארמיי, קאפיטאן כרמל,



ברוך שפירא

האָט געזאָגט א קאַפיטל תהילים. דער פאָטער פון געפאלענעם בחור האָט געזאָגט קדיש און דערנאָך איז געמאכט געוואָרן אַן „אל מלא רחמים״. די מוטער פון ברוך׳ן איז די גאַנצע צייט געזעסן ביים יונג פארשניטענעם קבר פון איר זון און געוויינט. די הונדערטער קברים פון די געפאלענע יידישע בחורים פאר דער יידישער מדינה, האָבן אין זיך ארייַנגעזאַפּט א געוויין פון א מאַמען. די נאַטור ארום איז געווען שטיל, דער הימל מיט טרויער פארוואָלקנט, אלץ האָט מיטגעוויינט...

דערנאָך פירט אונדז אַ מיליטערישער וואָגן אין קריה, ווו דער משרד הבטחון געפינט זיך. דאָ, צווישן פיל ביוראָען און פלעצער פאַר אָפיצירן געפינט זיך א קליינער צימער, אַ בית תפילה און ספריה, אויף ברוך׳ס נאָמען. דאָ זעט מען אין א ווינקל שטיין א שענקל מיט א ספר תורה און פיל שענק מיט ספרים. דער טאַטע פון ברוך׳ן, ר׳ אליעזר שפירא, האָט מנדב געווען פיל טייערע ספרים פון זייער באַרימטע גאונים פאר דעם טעמפל פון תורה. א פאָטאָגראַפיע פון יונגן ברוך קוקט ארונטער און זעט דאָס אלץ צו. די פאָטאָגראפיע קוקט מיט פרייַנטלעכקייט...

עס רעדט דער חשובער רב שלמה גורן, דער הויפט רב פון דער ארמיי. די פאַמיליע דערציילט אייַנצעלהייטן פון יונגן בחור ברוך שפירא, מען דאַוונט מנחה. דער פאָטער ווייזט אַן אלבום מיט פאָטאָגראַפיעס; מען זעט דעם קליינעם ברוך, אָט איז ער א קינד אין קאמין־קאָשירסקי; אָט אַ שי־לער אין דער גימנאזיע „הרצליה״, און דערנאָך אין דער ים־שולע „זבולון״, און דער בחור איז שוין נישטאָ — טאַטע־מאַמע זעען אים נישט מער פאַר די אויגן...

דער יונגער ברוך שפירא איז נאָך אין 1938, אלט זייענדיק נישט מער ווי 15 יאָר, פארמשפט געוואָרן אויף א יאָר הויז־ארעסט פאַר פאנאנדערקלעבן פלאַקאַטן קעגן דעם ווייס־בוך פון דער ענגלישער מאנדאטן־מאַכט.

אין יאָר תרצ״ט (1939) טרעט דער יונגער ברוך שפירא אריין אין דער ענגלישער לופט־ארמיי „אר. איי. עף.״ (לויט דעם באשלוס פון דער יידישער אַגענץ), און ער דינט אין מצרים, טוניס, גריכנלאַנד, אינזל קרעט, און איטאליע. ער קריגט פיל אויסצייכענונגען און ווערט באפרייט אין יאָר 1946, ווו ער דערפילט זיין דינסט אין דער הגנה פון תל־אביב און באַקומט זיין אויסבילדונג פאַר לאַנדווירטשאפט אין נהלל. ער איז געווען איינער פון די גרינדערס פון אַ גרופע אויסגעדינטע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט באַזעצן אין אַ פרישער קבוצה.

איז געקומען 1948; די אראבישע מדינות זענען אָנגעפאַלן אויף די יידן און ברוך שפירא איז געשיקט געוואָרן מיט אן אָפּטיילונג, וועלכע האָט געדאַרפט פאַרטיידיקן דעם וועג פון ירושלים קיין תל־אביב.

אין כ״ב אדר ב׳ תש״ח דעם 31־טן מערץ 1948, איז פאָרגעקומען אַ קאַמף ביים אראבישן דאָרף חולדה. דאָ זענען די יידישע בחורים געוואָרן ארומגערינגלט פון געפאנצערטע איראַקישע מאשינען, און די יידישע בחורים, וועלכע זענען געווען אין דער מינדערהייט, זענען געפאלן אין קאַמף. ברוכ׳ן האָט מען ערשט זיבן פארנאכט באוויזן ארויסצונעמען פון קאמפס־פלאַץ מיט שרעקלעכע וואונדן אין בויך. נעבן אים זענען געלעגן 12 טויטע אַראַבער. אין זיין ביקס האָט ברוך איבערגעלאָזט 2 קוילן, כדי דערמיט א סוף צו מאכן צו זיין לעבן און נישט אריינפאלן א לעבעדיקער צו די אראבער אין די הענט...

מען האָט ברוכן איבערגעפירט קיין ראשון לציון ווו דער דאָקטאָר שטיין האָט אים אָפּערירט. דערנאָך האָט מען אים איבערגעפירט אין שפיטאל הירקון אין תל אביב. דאָ איז ער געלעגן צוויי טעג ביז ער איז אויסגעגאַנגען.

עס איז כאראקטעריסטיש: אויף זיין טויטן בעט האָט ברוך געשריבן אַ בריוו צו זיין ברודער משה וועלכער איז דאַן געווען אין אמעריקע: „דו האָסט געוויס געהערט אז מען האָט מאָביליזירט אַלע מענער ביז 35 יאָר. איך האָב אנטייל גענומען אין דער באשיצונג פון ירושלים; דאָרטן איז א געפערלעכער פלאַץ. דאָס גאַנצע לאַנד ווערט ארומגעכאַפּט פון מלחמה פלאַמען. אלע יונגע מענטשן זענען אין די דינסט רייען. דיינע חברים זענען אין דער ארמיי. אויב דו לייענסט אין די צייטונגען אז די לאַגע איז ביי אונדז א שלעכטע, זאָלסטו נישט גלויבן. איך גלויב אז דער סוף וועט זיין מיט אונדזער זיג. מיר האָבן נישט קיין אנדערע ברירה: זיגן, אָדער שטאַרבן. יעדער פון יישוב ווייסט דאָס. עס איז געקומען די צייט אז דו זאָלסט דאָס וויסן „אם אין אני לי, מי לי״.

דאָס זענען אויסצוגן פון דעם בריוו, וואָס דער העלדיש־שטאַרבנדער בחור ברוך שפירא האָט געשריבן צו זיין ברודער קיין אמעריקע און אים גערופן צו קומען זיך אָנשליסן אין קאַמף פאַר מדינת ישראל. און צו זיין פאָטער וועלכער איז געזעסן ביי זיין טויטן בעט, האָט דער זון אָזוי געזאָגט: „טאַטע, דאַרפסט זיך שטאַרקן, איך האָב מיינס געטאָן״.

און ברוך האָט אויסגעהויכט זיין נשמה...

ערע זיין אנדענק!

פאַרצייכנט: א. מ. א.

יצחק בארנהאלץ

# אן אויסצוג פון א בריוו קיין אמעריקע



דערהאלטן די פאָטאָגראַפיע פון זיסלען. זי איז דאָך שוין קיין עין הרע א גרויסע און זייער א שיינע. זיי צופרידן וואָס דו האָסט געראטענע קינדער, און דער עיקר וואָס איר זענט נישט אין פוילן. ביי אונדז ווען מען האָט די גראָטנסטע קינדער איז נישטאָ וווהין זיך אהינטאָן מיט זיי. עס איז פשוט נישטאָ וואָס צו טאָן מיט די קינדער. די עלטערע האָבן נאָך וועלכע עס איז פרנסות, נאָר דאָס יונגוואָרג האָט נישט צו וואָס זיך צו נעמען. לערנען לאָזט מען נישט. אפילו די גאָר רייכע, וועלכע לערנען שוין יאָ, האָבן אויך נישט וואָס צו טאָן ווען זיי ענדיקן. א סך באקאנטע האָבן געלערנט אויף דאָקטער אָדער אַדוואָקאַט און האָבן אַלץ אַוועקגעוואָרפן און זיך געמאכט א געשעפט אָדער זיך פארדונגען צו יענעם אין געשעפט. וואָס קומט ארויס אז מען לערנט, אז מען לאָזט נישט צו צו פארדינען אויף פרנסה דורך פרייע פראָפעסיעס.

און צו אלע גליקן איז נאָך די צייט ביי אונדז זייער אן אומרואיקע מען ווייסט נישט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. די איינציקע טרייסט מיינע, איז וואָס איר זענט כאָטש נישט דאָ״.

יוסף אייזענבערג

# א בריוו צו פריינד אין קאַנאַדע



מריאמפאל 1940.27.5

ליבער קוזין לייבל און קוזינקע

איר וועט זיך ווונדערן ווי איך קום פון קאַמין־קאַשירסקי קיין מאַריאַמפּאָל, פון וואַנען דער בריוו קומט צו אייך. אלזא, איך וועל אייך אַ ביסל אויפקלערן. איר ווייסט גאַנץ גוט פון דער פרעסע וואָס איז געוואָרן פון דער פוילישער מלוכה. איר ווייסט אַז האַלב פוילן איז פאַרנומען דורך דער רוסישער מאַכט און אונדזערע שטעט זענען אריינגעפאַלן צו די רוסן. די שטאָט ראַזישטשע און אונדזער שטעטל קאַמין־קאַשירסקי האָבן נישט געליטן פון דער מלחמה, אונדזער מאיר אריה׳ס דעקעלבוים זון איז פאַרבליבן אין געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן. שטעל זיך פאָר די טראַגעדיע פון טאַטע־מאַמע און פון דער גאַנצער פאַמיליע אונדזערע, געוואָרן מאָביליזירט און געפאַנגען געוואָרן. אפשר וועט ער צוריקקומען מיר האָפן.

ווי איר וועט זען פון דעם אדרעס געפין איך זיך אין ליטע. ווען די רוסן זענען אַריין אין קאַמין, האָט מען מיר געוואָלט אַרעסטירן פאַר מיינע ציוניסטישע אַרבעטן, בין איך אוועק פון אונדזער שטאָט, דורך גרענעצן, צו פוס נישט האָבנדיק קיין ברויט, קיין שלאָף, קיין וואַרעם אָרט, ביז איך בין אָנגעקומען בשלום קיין ווילנע. איך בין געלעגן 3 וואָכן קראַנק אויף די פיס פון גיין אַזויפיל קילאָמעטערס אין שנייען, רעגנס און אַנדערע צרות. איך האָב אין ווילנע זיך געטראָפן מיט חברים ציוניסטן פון וואַרשע, לאָדזש, לובלין, פּינסק, ראָוונע א.א.וו. און מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין גרופן, געשאַפן קיבוצים פון יוגנטלעכע און זיך גענומען צוריק צו פּראַקטישער ציוניסטישער אַרבעט.

איך בין אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון אַ קיבוץ, וווּ איך פיר אָן מיט אַ גרויסער גרופּע, רעפערירט וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען, באַזאָרג דעם קבוץ מיט באַשפּייזונג און אַנדערע נויטיקע זאַכן. שטעלט זיך פאָר אַז איך מוז איצט זיצן אין אַ שטאָט וואָס הייסט מאַריאַמפּאָל, זייער אַ פיינע שטאָט מיט פיינע מענטשן. בכלל, ליטע בעציט זיך צו יידן און פּליטים זייער פיין.

פון דער היים האָב איך אָפּטע בריוו. פון 4 ביז 6 וואָכן דויערט אַ בריוו פון דאָרט צו מיר. שטעלט זיך פאָר די בענקשאַפט פון די עלטערן צו מיר. איר ווייסט דאָך, זיי האָבן מיר דאָך שטאַרק ליב און איצט איז געקומען די מלחמה און האָט פאַרטריבן זייער מיזיניק׳ל פון דער וואַרעמער זאַטער היים.

קומענדיק קיין ליטע האָב איך גערעכנט, אַז איך וועל קענען פאָרן גיך קיין ארץ ישראל. לײדער, צוליב דער מלחמה, מוז איך זיצן און וואַרטן. ווער ווייסט ווי לאַנג. אָבער, פאַרפאַלן, מען מוז ליידן. נאָך דערצו ווען מען ליידט פאַר עפּעס, פאַר אַן אידעאַל, דאַן מוז מען זיין צופרידן. איך וואַרט אויף דער גליקלעכער שעה ווען איך וועל קענען אָפּפאָרן קיין ארץ ישראל צו זיך אהיים: צו דער היים, נאָך וועלכער איך בענק שוין אַזוי פיל יאָרן.

איצט, מיינע ליבע, וואָס הערט זיך ביי אייך? האָט איר בריוו פון דער היים? וואָס שרייבט מען אייך? ווי לעבט איר? האָט איר פרנסה?

איך געפין זיך שוין 7 מאָנאַטן אין ליטע. 7 מאָנאַטן אָפּגעריסן פון דער היים, פון באַקאַנטע פון פריינד. בעט איך אייך, שרייבט מיר, זשאַלעוועט נישט קיין צייט. איך גריס אייך הערצלעך און אַ גריס פון אייערע פאַמיליעס אין פוילן, אייער קוזין וואָס געפינט זיך איצט אין צווייטן גלות, ליטע.

# ברוך מלמד ז״ל

געבוירן אין סלאָוועשנע (וואָלין) אין יאָר 1895 ביי פרומע עלטערן און האָט באַקומען א רעליגיעז־נאַציאָנאַלע דערציאונג. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געוועז לערער אין אָלעווסק. ווען עס איז אויסגעבראָכן די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד און די באָלשעוויקעס האָבן פארנומען דאָס שטעטל — איז ער אריבער קיין פוילן און איז געוואָרן לערער אין קאָסטאָפאָל.

אין יאָר 1922 איז ער איינגעלאַדן געוודרן דורכן „תרבות״־קאָמיטעט אין קאַמין־קאָשירסקי אַלס מנהל אין בית־ספר „התחיה״ ווו ער האָט אַלס פעדאַגאָג, אויסער די אַלגעמיינע לימודים, אויך איינגעפלאנצט ביי די קינדער דעם ציוניסטישן געדאנק און ליבע צו ארץ־ישראל. ווען ער האָט אין עטלעכע יאָר שפעטער פארלאָזט דעם לערער־פאָסטן — איז ער אָבער ווייטער פארבליבן אין שול־קאָמיטעט און האָט פאָרגעזעצט זיין זאַקטיווע מיטהילף דעם בית־הספר.

אַלס ציוניסטיש־געזעלשאפטלעכער טוער אין שטעטל איז ער געוועזן פון די אַקטיווע חברים אין די קאָמיטעטן פון די נאַציאָנאַלע פאָנדן: קרן־היסוד און קרן־קימת, האָט מיטגעהאָלפן און זיך באטייליקט אין די זאַמל־אקציעס צו שיקן וואָס מער געלט פאר ארץ־ישראל. אין יאָר 1935 איז ער עולה געוועזן, צוזאמען מיט זיין משפחה קיין ארץ־ישראל.

אויך דאָ אין לאַנד איז ער געוועזן פון די אקטיווע חברים אין ארגון יוצאי קאַמין־קאָשירסקי והסביבה, מיטגעהאָלפן ביים פאראייביקן דעם אָנדענק פון די קדושים דורך פלאנצן אַ וואַלד ביים ק.ק.ל. אין יער הקדושים און ביים ארויסגעבן דעם ספר־הזכרון פאר דער חרוב־געוואָרענער יידישער קהילה אין אירע קדושים; געשריבן מאמרים און אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער רעדאקציע־קאָמיסיע ביים דורכקאָנטראָלירן און באשטעטיקן דעם מאַטעריאַל, וואָס די לאנדסלייט פון קאַמין־קאָשירסקי אין סביבה האָבן געשריבן און צוגעשיקט פאַרן ספר־הזכרון.

יהי זכרו ברוך!

**יעקב פלאַט**



**צום אָפּפאָרן פון דער פאַמיליע מלמד פון קאַמין־קאָשירסקי קיין ארץ־ישראל.**
פון רעכטס צו לינקס. שטייען: ברעזער איטע, רוטנשטיין, יפה משה, קימעל פייגע, וואסערמאַן יונה, פראַדל און יעקב יפה, פלוס שמחה און רוטנשטיין א.
זיצן: קימעל זרח, מלמד חוה און ברוך, וואסערמאַן פרידע און קלאָרמאַן מנוחה.
פון אונטן: קימעל שולמית, קימעל זעליג, ווייסמאן מרים, מלמד רבקה, טאָראָוויטש סאָניע און קלאָרמאַן מאַשע.



פישל לייזערוק, רמת גן

# דער אנהויב פון דער קאמין־קאשירסקער לאנדסמאנשאפט און אומגעגענט אין ישראל

נאָך אויף דער בלוטיקער און פאַרשאָלטענער ערד פון דייטשלאַנד, האָבן יידן פון קאמין־קאַשירסקי געגומען טראַכטן וועגן אָרגאַניזירן זיך און שטיין אין פאַרבינדונג מיט די איבערגעבליבענע היימישע יידן. נאָך דאַמאָלט אין די יאָרן 1947 און 1948, האָבן מיר אין דייטשלאַנד איינגעאָרדנט אזכרות נאָך די אומגעקומענע און פאַרפייניקטע פון אונדזער באַליבטער שטאָט און אומגעגענט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אונדזערע נאָענסטע און טייערסטע. דערנאָך האָבן מיר קאמין־קאַשירסקער יידן, רעשטלעך פון אונדזער שטאָט, פאַרלאָזט דייטשלאַנד. די מערהייט פון אונדז זענען געפאָרן קיין ישראל.

אין ישראל האָבן די צוויי איניציאַטאָרן פלאָט יעקב און לייזערוק פישל, געגרופן א ברייטערע זיצונג אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט: יעקב גאָלדשטיין, ברוך מלמד, אליעזר שפירא, בארג בנימין, זיניוק יעקב, וואסערמאַן יונה, סאניא גורטענשטיין־בוראק און מנשה פערטשיק.

די זיצונג פון דעם 25־טן יולי 1951 האָט ארומגענומען און באהאנדלט די פראגע וועגן פאראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים און די חרוב געוואָרענע יידישע קהלה. מיר האָבן דאמאָלט אויף דער ערשטער זיצונג באשלאָסן צו רופן אן אזכרה־פאַרזאַמלונג, וועלכע איז טאקע פאָרגעקומען דעם 18־טן אויגוסט 1951 ד. ה. כ"ז מנחם אב, דעם טאָג ווען די דייטשע און אוקראַינישע מערדער האָבן אויסגעפירט די גרויסע שחיטה איבער אונדזערע ברידער אין קאמין־קאַשירסקי און אומגעגנט.

די טרויער־פאַרזאמלונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין „בית־החלוצות" אין תל אביב, האָט געמאַכט א טיפן איינדרוק. עס זענען געווען אנוועזנד ביז 150 יידן פון אונדזער שטאָט און אומגעגנט. עס זענען געקומען נייע עולים און ותיקים יעדער איינער האָט געפילט דעם ווייטאָק פון פאַרלירן די נאָענטסטע, דעם ווייטאָק פון דער פאַרניכטונג פון אונדזער גאנצער קהילה.

דער פאָרזיצער, ה' יעקב פלאָט, האָט געעפנט די פאַרזאמלונג מיט באַערן דעם אנדענק פון די קדושים. נאָכער האָט ער רעפערירט וועגן די אויפגאַבן פון די לעבן־פאַרבליבענע קאמין־קאשירסקער צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די אומגעקומענע און ווי אַזוי עס אדורכצופירן. עס האָבן אויך גערעדט: מלמד ברוך, שפירא אליעזר, און ארימלאנד יצחק. אַ חזן האָט געמאַכט אַ אל מלא רחמים.

אָט דער יזכור־אָוונט האָט געלייגט דעם פונדאמענט פאר דער לאנדסמאנשאפט. מען האָט אויסגעקליבן אַ ראָט פון 17 פערזאָן. דער ראָט האָט אויסגעטיילט א קאָמיטעט פון זיבן אקטיווע מענטשן, פון די פאָלגנדע פערזאָנען:

פלאָט יעקב — פאָרזיצער; קלורמאן שמואל אבא — סעקרעטאר; לייזערוק פישל — קאסיר. מלמד ברוך, אליעזר שפירא, ברכה בן יהונתן, פרוזשאנסקי זאב — מיטגלידער.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן די ארבעט. אן ארבעט גאָר אַ שווערע, ווייל אפילו פון די קאָמיטעט־מענטשן איז נישט לייכט געווען יעדן איינצושפאנען, לויפן, שרייבן בריוו און אויפרופן, זיך פארבינדן מיט אָרגאַניזאַציעס ווי „יד־ושם", „יידישער וועלט־קאָנגרעס", קרן קימת לישראל א.א.וו. מיר האָבן אויך געדאַרפט וועקן און שטיין אין קאָנטאַקט מיט אונדזערע לאנדסמאנשאַפטן און טוער אין אַמעריקע, ארגענטינע און קאַנאַדע. מיר האָבן אַלע רעשטלעך פון אונדזער שטאָט, פאַרוואָרפענע ווייט איבער אָקעאנען, דורכאויס געוואָלט פארבינדן אין איין איבערגעבליבענער קליינער משפחה.

פאר אונדז זענען געשטאַנען דריי וויכטיקע אויפגאבעס:

1. פלאנצן א וואַלד פון טויזנט בוימער אין „יער־הקדושים" אויף די בערג פון יהודה ביי ירושלים און אַ מצבה פון מאַרמאָרשטיין, צו פאַרייביקן אונדזער שטאָט און די אומגעגנט.

2. שאפן א גמילות־חסד קאסע, וואָס זאָל אויף א בכבודיקן אופן באַרגן געלט פאר נויטבאדערפטיקע לאנדסלייט אָן פראַצענט. הלוואות אויף קאָנסטרוקטיווע הילף.

3. אַרויסגעבן אַ יזכור בוך, א ספר, וואָס זאָל ארומנעמען די געשיכטע און אנטשטייאונג פון אונדזער שטאָט: דער וווקס, בליאונג און צוואוקסונג פון אונדזער יידישן יישוב אין קאמין־קאַשירסקי און דערנאָך — איר טראַגישן

# אויפן וועג קיין ארץ־ישראל



אויף אַ אזכרה נאָך די קאַמין־קאַשירסקער קדושים
אין דייטשלאַנד אין יאָר 1947

אויף אַ אזכרה אין בית־כנסת אין דייטשלאַנד
עס טרעט אַרויס פישל לייזערוק





אויף אַ אזכרה אין בית־כנסת אין דייטשלאַנד
עס טרעט אַרויס יעקב מיראַנץ



אויף אַ אזכרה נאָך די קאַמין־קאַשירסקער קדושים
אין דייטשלאַנד אין יאָר 1947

# אויפנאמען לכבוד אמעריקאנער געסט און ישראל



**אויף אַ קבלת־פנים לכבוד די געסט העני און איסער פלאַט** עס זיצן אין פרעזידיום (פון רעכטס צו לינקס): פועה פאַזנאַנסקי, העני פלאַט, שושנה פערטשיק, איסער פלאַט, יעקב פלאַט און רעדאקטער א. ש. שטיין.



אויף אַ קבלת־פנים לכבוד דעם גאַסט אַביש קלאַרמאַן.



**אַ קבלת־פנים לכבוד דעם גאַסט י. קאַשער־כהן** עס זיצן אין פרעזידיום (פון רעכטס צו לינקס): אַביש קלאַרמאַן, יעקב פלאַט, י. קאַשער־כהן, אליעזר שאַפירא און ברכה לערמאַן—בן־יהונתן.

אומקום. אַ ספר פאַר אונדז און פאַר אונדזערע קינדער. א ספר־זכרון פאַר דער יידישער געשיכטע.

די ערשטע אויפגאַבעס וואָס מיר, אַקטיווע מיטגלידער פון קאָמיטעט, האָבן זיך געשטעלט האָבן מיר גלייך פאַרווירקלעכט. אויף א זיצונג האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרפלאַנצן טויזנט בוימער, און נאָך 125 וואָס דער חבר קאַשער פון אַמעריקע האָט צוגעגעבן. צוזאַמען 1125 בוימער. די מאַרמאָר־מצבה איז אויך געשטעלט, אַלע חברים האָבן געהאָלפן דאָס פאַרווירקלעכן. א אַקטיוון אָנטייל האָבן גענומען די חברים ביבער אברהם, און שוסטער יעקב. אַלע קאַמינער און אומ־געגנט קומען זיך צונויף כ״ז ניסן צו דעם פּלאַץ און עס ווערט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסע טרויער־פאַרזאַמלונג אָנגעפירט פון „יד־ושם״ און קרן קימת לישראל. מען באַהעפט זיך מיט די קדושים, ווי די נשמות זייערע וואָלטן געווען מיט אונדז.

די צווייטע אויפגאַבע, א גמילות חסד־קאַסע איז אויך שנעל פאַרווירקלעכט געוואָרן. עס איז געקומען צו אונדז קיין ישראל אביש קלורמאַן אויף אַ באַזוך פון אמעריקע. פלאַט יעקב און לייזערוק פישל האָבן אים פאַרגעלייגט דעם פּלאַן פון א גמ״ח קאַסע, און אונדזער חשובער לאַנדס־מאַן האָט באַלד איינגעוויליקט צו געבן א גרעסערע באַ־שטייערונג. דעריבער רופן מיר אן די גמילות חסד קאַסע: „קופת גמילות חסד של יוצאי קמין־קושירסקי והסביבה בישראל מיסודו של אביש קלורמאן. לזכר אשתו חיה וילדיו שרה, למל וברכה״. זיין פרוי און קינדער זענען אומגעקומען צוגלייך ווי די מערהייט יידן פון אונדזער שטאָט. אזוי ארום האָט אביש קלורמאַן געשטעלט א ווירדיקע און נוצלעכע מצבה, די גמילות־חסד־קאַסע האָט אָנגעהויבן צו ארבעטן און פונקציאָנירט פּינקטלעך און גוט.

אין קאָמיטעט פון דער גמילות־חסד־קאַסע זענען אריין פאָלגנדע לאַנדסלייט: פאָרזיצער — פלאַט יעקב, סעקרעטאַר — קלורמאַן אליעזר, קאַסירער — לייזערוק פישל. קאָמיטעט מיטגלידער — ארימלאַנד יצחק, אליעזר שפּירא, שושנה פערטשיק, יוסף גנני (גורטענשטיין), בת שבע ראַבינער. אין דער רעוויזיאָנס קאָמיסיע — ביבער אברהם און דב עמית (דרוג). שפּעטער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סעקרעטאַר דב עמית; אויף דעם לעצטנס פּלאַץ אין דער רעוויזיאָנס־קאָמיסיע איז געוויילט געוואָרן: מענדל חזן.

די ארבעט פון פאַרגרעסערן און באַרייכערן די גמילות־חסד קאַסע גייט אָן, עס באַקומען הלואות פיל נויטבאַדערפ־טיקע לאַנדסלייט.

די דריטע און גאָר וויכטיקע אויפגאַבע, וועלכע מיר האָבן כסדר געהאַלטן אין געדאַנק, איז געווען דער יזכור בוך. דאָ האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף פיל שוועריקייטן, ווייל נישט אַלע האָבן צייט, געדולד און פעאיקייטן צו שרייבן וועגן אונדזער שטאָט און צונויפזאַמלען מאַטעריאַלן. ווידער איז די ארבעט געפאַלן אויף איינצלנע חברים. די חברים האָבן פּשוט די אנדערע נישט געלאָזט רוען. זיי זענען אויך כסדר געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט „יד־ושם״ און אנדערע אָרגאַ־ניזאַציעס, כדי צו קריגן הילף פאַר דער וויכטיקער ארבעט פון שטעלן א ווירדיקן מאָנומענט אונדזער יידישן יישוב פון קאַמין־קאַשירסקי און אומגעגנט.

אין יאָר 1957, ביי אן אזכרה פאַרזאַמלונג, האָבן מיר געמאַלדן וועגן דעם יזכור בוך און אַפּעלירט נאָך הילף. ד.ה. יעדער איינער זאָל שרייבן וואָס ער ווייסט און געדענקט. אויך זאָל מען שיקן בילדער, וואָס דאָס איז וויכטיק פאַרן יזכור בוך. מיר האָבן אויך באַשלאָסן זיך ווענדן צו א.ש. שטיין ז״ל א שרייבער, מיטאַרבעטער פון „דבר״, ער זאָל זיין דער רעדאַקטאָר פון עברית און יידיש. דער פריינט שטיין האָט די זאַך אונטערגענומען און מיר האָבן אָנגעהויבן שאַפן מאַטעריאַלן פאַרן בוך. מיר האָבן אַפּעלירט צו אַלע אונדזערע לאַנדסלייט אין לאַנד, און אין דער גאַרער וועלט, זיי זאָלן שרייבן זכרונות און צושיקן אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט אַזאַ ווערק.

אין 1960, איז דער רעדאַקטאָר א.ש. שטיין אָפּגעשטאָרבן אין מיטן פון רעדאַגירן דעם בוך, מיר האָבן געהאַט שווע־ריקייטן צו געפינען א קאָמפּעטענטע פּערזאָן פאַר דער ארבעט. צווישנצייט איז אָנגעקומען א ביסל מאַטעריאַל. די לאַנדסלייט האָבן זיך גענומען צו שרייבן וועגן זייערע טראַגישע איבערלעבונגען און וועגן אָרגאַניזאַציעס ביי אונדז אין שטאָט. (די אַקטיווע מענטשן, וועלכע ארבעטן היינט פאַר דעם יזכור בוך זענען: פלאַט יעקב, קלורמאַן אביש, מלמד ברוך, עמית דב, לייזערוק פישל און ביבר אברהם).

אין 1962 האָבן איבערגענומען דאָס רעדאַגירן דעם ספר די שרייבער יוסף כרוסט און א.מ. ארזשיצער.

די אמעריקאַנער לאַנדסלייט אונדזערע האָבן געשיקט די ערשטע געלטער און מאַטעריאַלן פאַרן בוך. די לאַנדסלייט אין ישראל 180 משפחות בערך, וועלכע זענען צעוואָרפן איבער דער מדינה, העלפן צו.

די 180 קאַמין קאַשירסקער משפחות און אומגעגנט באַשטייען פון ערד־אַרבעטער, האַנטווערקער, סוחרים בעאַמטע און ארבעטער.

דערביי איז ווערט צו באַצייכענען — אין באַפרייאונגס

# כ״ז ניסן ביי דער מצבה אין יער הקדושים








**אין יער הקדושים כ״ז ניסן 1955**
פון רעכטס צו לינקס: ז. רייטער, א. קלאָרמאַן, י. פלאָט, מ. דרייצן —וואָלפסטאל, פ. לייזערוק, א. ביבער, ב. מאַליק, א. סאנדיוק.

---

**אין יער הקדושים**
עס שטייען: מ. קאַרש־סאָלאָווייטשיק, א. ווײנער, מ. מאַליק, י. פלאָט, פ. לייזערוק.

---

**אין יער הקדושים אין יאָר 1961**
פרוי גאָרטנשטיין־גני, א. קלאָרמאַן, א. ביבער, י. גאָלדשטיין, מ. פערטשיק, י. גאָרטנשטיין, ב. קאַרש, פ. לייזערוק, בת־שבע ראַבינער, ש. פערטשיק, י. מילער, גרינשטיין, י. פלאָט.

**אין יער הקדושים אין יאָר 1954**
פון רעכטס צו לינקס: ז. וואַטון, פ. לייזערוק, מ. פערטשיק, ש. פער־טשיק, י. פלאָט, מ. פעלדמאַן, י. גאָלדשטיין, ז. רייטער.

---

**אין יאָר 1957**
עס שטייען איבער דער מצבה: מ. פערטשיק, מ. דרייצן־וואָלפסטאל.

---

**אין יער הקדושים אין יאָר 1958**
עס שטייען: ב. פרידמאַן, פ. לייזע־רוק, אַ. סאַנדיוק, ד. דרוג־עמית, י. פלאָט, י. גאָלדשטיין, א. ביבער, ב. קאַרש, י. כהן־קאָשער, כהן, י. מילער. עס זיצן: אומבאַקאַנט, יפה פלאָטניק.





קאַמף פאַר דער יידישער מדינה, זענען געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד דריי לאַנדסלייט אונדזערע: שפּירא ברוך, קלורמאַן לעמל און וואָליניעץ שמואל.

ווען עס קומט דער טאָג פון כ״ז אב, דער טאָג ווען עס זענען אומגעקומען כמעט אַלע יידן פון אונדזער שטעטל קאַמין־קאַשירסקי און פון דער אומגעגענט, קומען זיך צונויף אַלע לאַנדסלייט פון גאַנצן לאַנד צו דער אזכרה אין תל־אביב, וועלכע קומט שוין פאָר יאָר־יערליך פון 1951.

עס איז גוט צו האָבן א פאַרבינדונג מיט די רעשטלעך פון אונדזער שטאָט. פאַרן ניי־געקומענעם עולה דינט דער ארגון אלס ערשטער אדרעס פאַר אינפאָרמאַציע, הילף א.א.וו.

לייזערוק פישל

# שטריכן פון א געזעלשאַפטלעכן טוער

אַ זייער קאַליריטפול געשטאַלט פון אונדזער שטעטל קאַמין־קאַשירסקי, איז יעקב פלאָט. פון זיינע פריע יוגנט־יאָרן איז ער אריינגעצויגן אין געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן לעבן.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914 — נאָך אַלס יינגער בחור — נעמט אים ציען צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. דערוויסנדיק זיך, אז אין קיעוו געפינען זיך די אָנגעזעענסטע טוער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און דאָס יידישע געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע לעבן בליט דאָרט, באַשליסט ער, נישט קוקנדיק אויף די גרויסע שוועריקייטן, מיט וועלכע עס איז אין יענער צייט געווען פאַרבונדן אַזאַ רייזע — צו פאָרן קיין קיעוו. דאָרט נעמט ער אַ אַקטיוון אנטייל אין דער ארבעט פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי.

נאָך דעם, ווען די באָלשעוויקעס פאַרנעמען קיעוו, געלונגט אים, מיטן לעצטן צוג אָפּצופאָרן צוריק קיין קאַמין־קאַשירסקי. דורך זיין איניציאַטיוו ווערט אין שטעטל געשאַפן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, מיט אירע הויפּט־פאָנדן: קרן־קימת און קרן־היסוד; ער ווערט געוועלט אַלס מורשה פון קרן־קימת; ער העלפט די שליחים פון די ציוניסטישע פאָנדן זאַמלען געלט פאַר ארץ ישראל.

קומען אַריין די באַלאַכאָווצעס אין שטעטל. זיי מאָרדן, פאַרגוואַלדיקן און רויבן דער יידישער באַפעלקערונג. 120 יידישע קרבנות וואַלגערן זיך אין שטעטלדיקע גאַסן. יעקב פלאָט איז איינער פון די ערשטע, וועלכע ריזיקירן מיטן אייגענעם לעבן, און פאַרנעמען זיך מיטן צונויפזאַמלען און איבערפירן די קדושים צו קבר־ישראל. מען דאַרף פאָרן אין נאָענטן צענטער קאָוועל בעטן און באַקומען הילף פאַר די קרבנות און יתומים — יעקב פלאָט באַשליסט, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, צו פאָרן באַהאַלטן אין מיליטערישן וואַגאָן פאַרדעקט מיט פעקלעך היי. ער דערפאָרט טאַקע קיין קאָוועל און ברענגט די נויטיקע הילף. עס זענען פאַרבליבן קיילעכדיקע יתומים, וועלכע מען וויל ארויסשיקן קיין אמעריקע און קאַנאַדע, צו די יידן, וועלכע ווילן זיי אדאָפּטירן; מען דאַרף די קינדער איבערפירן פון קאַמין קיין וואַרשע — יעקב פלאָט פאָרט מיט זיי.

ווען די לאַגע בארואיקט זיך און עס הויבט זיך אָן אַ נאָרמאַל לעבן, מען דאַרף בויען און שאַפן. דאַמאָלסט הויבט זיך אָן פאַר יעקב פלאָט זיין ארבעטס־צייט. עס איז נישט פאַראַן קיין איין צווייג און אָפּשניט פון געזעלשאַפטלעך־קולטורעלן און פאַרטייאישן לעבן אין וועלכן ער זאָל זיך נישט באַטייליקן. ער העלפט שאַפן די העברעאישע שול „בית ספר התחיה" און ווערט גלייכצייטיק געשיקט אין צענטער זוכן און אַנגאַזשירן א מנהל און לערער פאַרן בית־הספר.

האָט מען געדאַרפט אין שטעטל שאַפן א ביבליאָטעק אָרגאַניזירן א פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, א דראַמאַטישן קרייז, אַ גמילות־חסד־קאַסע און אַנדערע פאָלקס־אינסטיטוציעס — אומעטום האָט איר געטראָפן יעקב פלאָטן אַלס איינער פון די אקטיווסטע טוער. שטיל און באַשיידן, האָט ער געטאָן אַלץ, וואָס עס איז נאָר נויטיק געווען.

אין יאָר 1939, ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען קאַמין־קאַשירסקי, האָבן זיי אים, אַלס אַקטיוון ציוניסטישן טוער, געוואָלט פאַרשיקן ערגעץ ווייט אויפן צפון. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט די יידישע ארבעטער פון קאַמין־קאַשירסקי אויסצוּוויילן דווקא אים אַלס זייערן אַ פאַרשטייער אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, כדי דערמיט אויסצודריקן אים זייער צוטרוי און אָנערקענונג.

נאָכן חורבן, פריער אין פוילן און נאָכער אין עסטרייך,

נעמט ער אַ אַקטיוון אַנטייל אין דער ציוניסטיש געזעל־שאַפטלעכער ארבעט, ווי אַלס פאַרשטייער און מיטגליד פון צענטראַל קאַמיטעט „פועלי ציון (צ. ס.) התאחדות״ העלפט ער מיט איינאָרדענען דער שארית הפליטה, וועלכע זענען אנטלאָפן פון פוילן, רומעניע, אונגארן, אז זיי זאָלן קאָנען ווי אמשנעלסטן עולה זיין קיין ארץ ישראל.

אויך דאָ אין ישראל, פאַרנעמט זיך יעקב פלאַט מיט ציוניסטיש־געזעלשאַפטלעכער ארבעט. גאַנץ באַזונדערס האָט ער פיל צייט און ענערגיע געווידמעט דער שארית־הפליטה פון זיינע קאַמין־קאַשירסקער יידן. ער איז געווען דער איניציאַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר פון ארגון יוצאי קאַמין־קאַשירסקי אין ישראל. זיין ווילן און ענערגיע — האָט מיטגעצויגן אנדערע אין דער אקטיווער ארבעט ביים אָר־גאַניזירן די גמילות־חסד־קאַסע, כדי צו קאָנען העלפן די קאַמין־קאַשירסקער, וועלכע נויטיקן זיך אין הילף. אַ חוץ דעם געפינט יעדער קאַמין־קאַשירסקער אין אים, אַ ברודער און א פריינט. אויף העלפן עמיצן — איז ער שטענדיק גרייט אוועקצולייגן די ארבעט און געפונען צייט. און איצט, ביים ארויסגעבן דעם יזכור־בוך האָט ער אין פאַרלויף פון אייניקע יאָר אַוועקגעגעבן זיין צייט ביים אויפזאַמלען און קאָנצענטרירן דעם מאַטעריאַל, זיצנדיק ביז אין די קליינע נאכט־שעהן ביי די רעדאַקטאָרן, העלפענדיק רעדאַגירן און קאָנטראָלירן דעם צונויפגעזאַמלטן מאַטע־ריאַל.

יעקב פלאַט איז פון די געציילטע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע זענען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן זייער געזעלשאַפטלעכער ארבעט, נישט טראַכטנדיק אויס־צונוצן עס לטובת פערזענלעכע צוועקן.

י. פלאַט

# צו דער געשיכטע פון קאַמין־קאַשירסקער לאַנדסמאַנשאַפטן

די עמיגראַציע קיין אַמעריקע פון אונדזער שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן לאַנג פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, די הויפט סבה איז געווען צוליב עקאָנאָמישע באַדינגונגען. פיל יידן, איבערלאָזנדיק זייערע פרויען און קינדער, זענען אוועקגעפאָרן אויף עטלעכע יאָר פאַרדינען געלט און קומען צוריק זיך איינאָרדנען. פיל האָבן ארויסגענומען זייערע משפחות קיין אמעריקע און דאָרטן זיך איינגעאָרדנט. כדי צו האָבן א היימישע סביבה האָבן זיי געפונען פאַר נויטיק צו שאַפן א לאַנדסמאַנשאַפט פון קאַמין־קאַשירסקי.

ווען די ערשטע וועלט מלחמה איז פאַרענדיקט געוואָרן און זיי האָבן געהערט אז אונדזער שטעטל איז שטאַרק צערויבט געוואָרן דורך די קאָזאַקן און פויערים, און אז פיל הייזער זענען פאַרברענט געוואָרן, האָט די אמעריקאַ־נער לאַנדסמאַנשאַפט געשיקט קיין קאַמין אין יאָר 1918 אַ דעלעגאַט ה' סענדער רופא. ער האָט מיטגעבראַכט פיל געלט פאַר די משפחות און קרובים פון די לאַנדסלייט, ווי אויך אַ גרעסערע סומע געלט אויף געזעלשאַפטלעכע צוועקן.

און ווען אין יאָר 1920 איז פאַרגעקומען דער פאָגראָם דורך באַטקא בולאַק באַלאַכאָוויטשעס סאָלדאַטן, זענען גע־קומען פון דער אמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט 2 דעלעגאַטן, ה' דוד קימעל און נאָך איינער. זיי האָבן געבראַכט פיל שטיצע פאַר די געליטענע, ווי אויך עפידייוויטס פאַפירן און שיפס־קאַרטן פאַר די משפחות פון אונדזערע לאַנדס־לייט אין אמעריקע. דאַן זענען אַפּגעפאָרן זייער פיל משפחות פון אונדזער שטעטל קיין אַמעריקע. די לאַנדסמאַנשאַפט איז דאָרטן געוואָרן גרויס און פיל פאַרשטאַרקט געוואָרן. זיי זענען געשטאַנען אין א שטענדיקן קאָנטאַקט מיט זייערע קרובים אין שטעטל און די לאַנדסמאַנשאַפט האָט פון צייט צו צייט געשיקט גרעסערע סומען געלט, פאַר אונדזער גמילות־חסד קאַסע, וועלכע פלעגט ארויסהעלפן מיט אַן אָן־פּראָצענטיקע הלואה, אויסצוצאָלן וועכענטלעך, אלע נויטבאַדערפטיקע פון אונדזער שטאָט. און אזוי זענען זיי געשטאַנען אין א שטענדיקן קאָנטאַקט מיט אונדזערע פאַר־שטייער, ביז די צווייטע וועלט מלחמה איז אויסגעבראָכן.

און איצט ווען אונדזער יידישע קהלה איז אינגאַנצן חרוב געוואָרן, ווען כמעט אַלע יידן זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן און זייערע אוקראַינישע מיטהעל־פער און פון דעם איבערגעבליבענעם קליינעם טייל, וועל־כער האָט זיך געראַטעוועט איז די מערהייט געקומען קיין

ישראל — האָבן זיי געשאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־פאַריין, און גענומען אויפשטעלן מצבות, אייביקע דענקמעלער פאַר אונדזערע טייערע קדושים. די ישראל לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיך פאַרבונדן מיט די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט און זיי דורך זייערע חשובע פאַרשטייער אונטער דער אָנפירונג פון ב. הייבעל האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן און שטייען מיט אונדז אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט.

מיט געמיינזאַמע כוחות און פיל מי און מסירת־נפש־דיקע איבערגעבנהייט פון אייניקע קאָמיטעט מיטגלידער, מיט דער מיטהילף פון אַלע אונדזערע לאַנדסלייט אין אַמעריקע און ארץ ישראל, איז געלונגען אויפצושטעלן די גראַנדיעזע דענקמעלער, אייביקע מצבות, וועלכע וועלן פאַרבלייבן צום אָנדענק פון אונדזערע טייערע הייליקע משפחות, וועלכע זענען אומגעקומען על קדוש השם.

מיר גלויבן, אַז דער ספר הזכרון וועט זיך געפינען ביי יעדן אונדזער לאַנדסמאַן אין הויז אויפן חשובסטן פּלאַץ, ווו ער וועט טעגלעך אין אים אריינקוקן און וועט זיך דערמאָנען אין זיינע נאָענטסטע און ליבסטע משפחות. און דאָס וועט אים אויך נענטער צובינדן דורך זיין לאַנדסמאַנשאַפט צו אַלע פאַרבליבענע פון אונדזער שטעטל און אומגעקומענע, אין וועלכן לאַנד זיי זאָלן זיך געפינען.

# קאמין-קאשירסקער לאנדסמאנשאפט אין אמעריקע

פון פּאָגראָמען, נויט און רעכטלאָזיקייט, זענען יידן מיט אַכציק, און מער יאָרן צוריק, געלאָפן פון רוסלאַנד, ליטע, פוילן און רומעניע — קיין אַמעריקע. דער ייד, נאָך מער ווי דער נישט־ייד, האָט געמוזט טוישן און זוכן אַ ניי לאַנד, כאָטש ער האָט אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע געלעבט און געשאַפן הונדערטער יאָרן.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען געפאָרן אַ מערהייט אַרבעטער און האַנטווערקער. די אַלע וועלכע האָבן נישט געקענט געפינען גענוג פרנסה אין די קליינע שטעטלעך. דערנאָך זענען שוין געפאָרן מער בעל־בתּישע מענטשן. דער וועג קיין ארץ ישראל, און די לאַגע אין יענער צייט, איז נישט געווען צו גרינג, און גוט, האָבן פיל יונגע מענטשן געמוזט זוכן אַ נייע היים ווייט, ווייט איבער אָקעאַנען.

די יונגע און אפילו מיטל־יעריקע יידן פון קאַמין־קאַשירסקי זענען אויך געפאָרן קיין אַמעריקע. קען זיין, אַז מיט פופציק און מער יאָרן צוריק, זענען זיי אַנגעקומען און מיט בענקשאַפט אין האַרצן געטראַכט וועגן זייער טייער שטעטעלע, ווו זיי האָבן איבערגעלאָזט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער און אַלע פריינט פון דער קינדהייט און יוגנט.

די ערשטע ידישע עמיגראַנטן פון קאַמין־קאַשירסקי אין אַמעריקע האָבן געהאַט אויסצושטיין און דורכגיין „קאַלטס" און „וואַרעמס". מען איז געקומען מיט, אָדער אָן פאַכן און מען האָט זיך געדאַרפט איבערשיכטן און אריינפּאַסן אין דעם שמעלץ־טאָפּ פון זיבעציק לשונות און געוואַלדיקן טעכנישן אימפּעט. די קאַמין־קאַשירסקער האָבן געמוזט דורכגיין און מיטמאַכן די סוועט־שעפּער פון ניו־יאָרק און פּרובירן זייער גליק ביי פּעדלערײַ. די פּעאיקע און ענערגישע, וועלכע האָבן געקריגן הילף פון משפּחה־מענטשן און לאַנדסלייט האָבן באַוויזן אויפצובויען ביזנעס און ווערן גלייכע מיט גלייכע אין דער נייער מדינה. מען האָט אריבערגעבראַכט משפּחה מענטשן און געשיקט דעלעגאַטן מיט הילף, צו לינדערן די נויט פון די קאַמין־קאַשירסקער, וועלכע זענען געווען אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן.

די קאַמין־קאַשירסקער, ווי אַנדערע יידן עמיגראַנטן אין אַמעריקע, האָבן גענומען זיך אָרגאַניזירן אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט. עס האָט געצויגן צו זיין מיט אייגענע פון זעלבן שטעטל. מען האָט צוזאַמען אָפּגענומען גרוסן פון דער היים און איבערגעציטערט און מיטגעלעבט מיט פריילעכע און שלעכטע ידיעות פון שטעטל.

אין יאָר 1913 איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון די קאַמין־קאַשירסקער מיט דעם נאָמען „קאַמין־קאַשירסקער פּראָגרעסיווע הילפס־געזעלשאַפט", וועלכע האָט גענומען אָנפירן מיט פאַרשידענע אָרגאַניזירטע אַרבעטן פאַר די לאַנדסלייט אין אַמעריקע און פאַר די לאַנדסלייט אין דער אַלטער היים. די לאַנדסמאַנשאַפט האָט געפירט אירע אַרבעטן אין ברוקלין, ווו אַ מערהייט יידן און קאַמין־קאַשירסקער האָבן געוווינט. מען האָט איינגעצאַלט געלט צו קענען האָבן אַן אייגענעם בית־עולם אין לאָנג־איילאַנד

און די לאַנדסמאַנשאַפט האָט איינגעפירט צו געבן מעדיצי־נישע הילף צו אירע מיטגלידער, און שטיצע אין פאַל פון קראַנקהייטן, און הונדערט דאָלאַר צו דער פרוי פון אַ פאַרשטאָרבענעם מיטגליד. אַזוי אַרום איז די אָרגאַניזאַציע



ישראל סילווערמאַן

שטאַרק געוואַקסן ביז 150 מיטגלידער, מענער און פרויען פון קאַמין־קאַשירסקי.

אין אַמעריקע איז יעדער מענטש, סיי אַן ארבעטער, סיי אַן האנדלס מענטש שטאַרק פאַרנומען. צו געפינען מענטשן, וועלכע זאָלן וועלן און קענען זיך אָפּגעבן מיט אָנפירן און אקטיוויזירן אַ לאַנדסמאַנשאַפט, איז נישט פון



קאָמיטעט פון קאַמין־קאָשירסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן

פון לינקס צו רעכטס. עס שטייען אין דער ערשטער שורה: מ. ווינטנער, ס. ביק, י. אַבעל, י. פלאַקס, ס. כץ.
אין דער צווייטער שורה: י. סילווערמאַן, ס. קירשנער, ב. אַבעל, י. פעלדמאַן, ס. דאוב.
זיצן: ה. לעווינסאָן, ב. ווינער, א. כץ י. דאַוב, י. פעלדמאַן.

די לייכטע זאַכן. צום גליק האָבן מיר געהאַט אין האָבן צווישן די קאַמין־קאָשירסקער לאַנדסלייט, אַזעלכע מענטשן וואָס קענען און ווילן טאָן די ארבעט. אונדזערע געוועזענע פּרעזידענטן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט ווי דוב קימעל, מאַקס גומער, לואיס רובין, אברהם פרימאַסט, איזידאָר פעלדמאַן און ישראל סילווערמאַן, דער געוועזענער קאַסירער, האָבן געטאָן זייער ארבעט מיט איבערגעבנהייט און פלייס.

היינט, ווען די קאַמין־קאָשירסקער אין ישראל גרייטן צו א יזכור־בוך וואָס דאַרף אוועקשטעלן א מאָנומענט נאָך אונדזערע טייערע קדושים פון אונדזער שטאָט, האָבן מיר אין אַמעריקע טוערס, וואָס העלפן צו אין דער הייליקער ארבעט. אונדזערע אָנפירערס וועלכע זענען איבערגעגעבן דער זאַך זענען: ב. הייבעל — אָרגאַניזאַטאָר, בנימין ווייַ־נער — פּרעזידענט, לואיס טענענבוים — וויצע פּרעזידענט, איזידאָר פעלדמאַן — קאַסירער, סמועל ה. בעק — פינאַנס סעקרעטאַר, לואיס קויפמאַן — פּראָטאָקאָלן־סעקרעטאַר.

דעלעגאַטן צום קאָנסול זענען: סאַמועל ה. בעק און מאַקס גומער, און דירעקטאָרן באָרד זענען פאָלגנדע:



איזידאָר פעלדמאַן

פאָרזיצער — דייוו קימעל, בנימין הייבעל, אלעקס קאַץ, מאָריס קירשנער, מאַקס גומער, ישראל סאָקאָלאָף, יעקב קאָהן.

בית עולם קאָמיטעט: לואיס קויפמאַן — פאָרזיצער, איזידאָר פעלדמאַן, אַלעקס קאַץ און דייוו קימעל.

אַראַנזשירונגס־קאָמיטעט: פאָרזיצער — בנימין הייבעל, סעמועל ה. בעק, איזידאָר פעלדמאַן, מאַקס גומער, דייוו קימעל, יעקב קאָהען, סאָל שעכטער, קאַרל שעכטער, לואיס טענענבוים, בנימין ווינער און ישראל סאָקאָלאָף.

מיר גיבן אַרויס אָנדענקונגס־זשורנאַלן, אין וועלכע מיר גיבן אָן די נעמען פון אונדזערע פירער און מיטגלידער. אין די זשורנאַלן קענען אונדזערע קאַמין־קאָשירסקער גע־פינען פיל לאַנדסלייט, וועלכע שטייען היינט מיט זייערע

געשעפטן און פאַבריקן, גאַנץ הויך אויפן עקאָנאָמישן לייטער אין אַמעריקע. די קינדער און אייניקלעך פון אונדזערע לאַנדסלייט קענען געוויס נישט פאַרשעמען זייערע טאַטעס און זיידעס. זיי זענען איינגעלידערט אין אַמעריקאַנער לעבן און ברענגען גרויס נוצן דער מדינה אַמעריקע. זיי האָבן אויך סענטימענטן פאַר דער אַלטער היים פון זייערע טאַטעס און זיידעס און שטיצן אונדזער מדינה ישראל.

מיר, די קאַמין־קאַשירסקער אין אַמעריקע, פילן אַז דער יזכור־בוך וועט נאָך מער פאַרבינדן און צעמענטירן די לאַנדסלייט אין ישראל. מיר די איבערגעבליבענע פון קאַמין־קאַשירסקי פילן זיך ווי איין משפחה. און טאַקע אַ דאַנק אונדזער טוער ב. הייבעל איז געלונגען פיל אויפצוטאָן פאַר דעם יזכור־בוך. ער איז כסדר געשטאַנען אין



פאַרבינדונג מיט די ישראל טוער ווי י. פלאַט און פ. לייזערוק און דאָס האָט זיי געגעבן מער זיכערקייט אָנצוגיין מיט זייער אַרבעט.

רייזל פּערטשיק, וועלכע איז געווען אין אמעריקע אין יאָר 1955, גיט איבער אַז דער קאָמיטעט פון די קאַמין־קאַשירסקער — מיט ב. הייבעל אַלס אָנפירער, ווי אויך לעווינזאָן, דייוו קימעל, קאופמאַן, ברידער שעכטער און ס. בעק — האָט זיך אָפּגערופן זייער ענטוזיאַסטיש פאַר דעם יזכור־בוך און פאַר די ביימער אין יער־הקדושים אין ירושלים. די אויפנאַמע וואָס זיי גיבן אַ לאַנדסמאַן איז באמת מיט פיל וואַרעמקייט און ליבע. זיי טוען גוטע אַרבעט מיטן קויפן ישראל באָנדס א.א.וו.

אברהם ביבער, וועלכער איז געווען אין אַמעריקע אין 1959, גיט איבער אַז אין אַ שניי־שטורעם זענען געקומען פיל לאַנדסלייט באַגריסן דעם גאַסט פון ישראל. צווישן זיי אויך אַביש קלאַרמאַן פון דענווער קאָלאָראַדע, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ תושב אין אמעריקע. נאָכן אויסהערן דעם באַריכט פון די לאַנדס־לייט אין ארץ ישראל, זענען די קאַמין־קאַשירסקער ענערגיש צוגעטראָטן צו אַרבעטן פאַר



קאָמיטעט פון קאַמין־קאַשירסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דעם יזכור־בוך. מען האָט זיך באַשטייערט מיט גרעסערע סומעס און מיט מאַטעריאַלן פאַר דעם פנקס. זיי האָבן אַפילו איינזינען צו געבן איבערזעצן דעם יזכור בוך אויף ענגליש, כדי זייערע קינדער און אייניקלעך זאָלן אויך וויסן פון אויפקום, שאַפן און אונטערגאַנג פון קאַמין־קאַשירסקי. ספּעציעל ווערן בעצייכנט די חברים: ישעיהו זריצקי, אהרן סוקול און מר אייבעל, וועלכע האָבן תורם געווען מיט אַ ברייטערע האַנט פאַר דעם יזכור בוך.



אין קאַנאַדע זענען אויך פאַראַן ביז 10 פאַמיליעס פון קאַמין־קאַשירסקי. אין מאָנטרעאַל און טאָראָנטאָ, ווי אויך אין אַנדערע שטעט פון דער גרויסער מדינה קאַנאַדע, קען מען אָנטרעפן קאַמין־קאַשירסקער, ווי למשל: ל. בערגער און מ. פרידמאַן, וועלכע האָבן פיל סענטימענטן פאַר זייער אַלטער היים און פאַר די געבליבענע לאַנדסלייט.

**א. מ. א.**



די פאַמיליע פון מאיר חיים פלאַט
(אַ זון פון ר' יהושע מלמד) אין ניו־יאָרק 1910.

אביש קלארמאן

# קאמין־קאשירסקער אין אמעריקע

אין אווגוסט 1939 בין איך געקומען פון קאמין־קאשירס־קי קיין אמעריקע. האָט מען געלאָזט וויסן די לאנדסלייט אין ניו־יאָרק אז איך קום צופאָרן מיט גרוסן. זיי האָבן אַראַנזשירט אַן אָוונט, געמאָלדן אין די צייטונגען און דער זאַל איז געווען פול מיט הונדערטער מענטשן. דער מיטינג איז געווען זייער פיין אָרגאַניזירט, ממש קאַלאָסאַל. מען איז געקומען פון ווייטע שטרעקעס ווי מאַין און טשעלס, ווייל זיי זענען געווען שטאַרק פאראינטערעסירט און צו־געבונדן צו זייערע משפחות אין דער אלטער היים.

מיט דעם מיטינג האָט אָנגעפירט זילבערפארב. איך האָב אָפּגעגעבן אַן אַלגעמיינעם באַריכט וועגן דער ביטערער לאגע, וועגן פאַגראָמען און אויסראָטונג פון יידן אין קאמין־קאַשירסקי, איך האָב אפעלירט נאָך הילף און די לאנדסלייט האָבן באַלד אויפן אָרט זיך אָפּגערופן מיט גרויסע סומעס. און צו זייערע אייגענע פאמיליעס האָבן זיי געגומען שיקן הילף אויף א גרעסערן מאסשטאב. יעדער איינער, וועלכער האָט אָפּגענומען מיין גרוס פון זיין פאַמיליע, האָט זיך פארפליכטעט אלץ צו טאָן בכדי צו העלפן זיינע אייגענע און דאָס שטעטל. לאנדסלייט האָבן מיר באלד אויפן אָרט געוואָלט געבן געלט איך זאָל טראנספּאָרטירן געלט צו זייערע מענטשן אין קאמין, ליידער איז אויסגעבראָכן די מלחמה און איך האָב נישט געקענט נעמען זייערע געלטער. אַזאַ וואַרעמקייט און נאָענטקייט פון קאָמינער צו זייערע אייגענע האָב איך ביי אנדערע לאנדסלייט נישט געזען.

איך בין געווען אין ניו־יאָרק ארום 14 וואָכן. די לאנדס־לייט האָבן זייער שטאַרק זיך פאראינטערעסירט מיט מיין פערזענלעכן גורל, ווייל איך בין געווען אין א שלעכטן מצב, איך האָב אלץ פארלוירן אין דער אלטער היים, און קומענדיק קיין אַמעריקע אָן אַ פּאַך איז מיר געווען ביטער. די לאנדסלייט האָבן מיר געוואָלט שטיצן מיט געלט, אָבער מיין נאטור איז נישט געווען צו נעמען שטיצע. בין איך געפאָרן צו לאנדסלייט אין טשעלס, זייענדיק דאָרטן 2 וואָכן און נישט געפינענדיק קיין פאַסיקע אַרבעט בין איך געפאָרן קיין שיקאַגאָ.

די קאמין־קאַשירסקער, וועלכע זענען געווען מיטגליד־דער פון נאַציאָנאַלן ארבעטער פארבאנד האָבן איינגעאָרדנט א מיטינג אין א גרויסן זאל. די אָנפירערס זענען געווען: פריד, ש. ענגעל, און לערנער. איך האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון קאמין ערב מלחמה און באריכטן פון געשעענישן אין מלחמה צייט אין אונדזער שטאָט, ווייל איך בין געווען פארבונדן מיט אונדזער שטאָט שריפטלעך.

נאָכן אָפּזיין 4 וואָכן אין שיקאַגאָ, נישט קענענדיק זיך איינאָרדנען, בין איך געפאָרן צו מיינעם אַ קוזין אין דענווער.

אין דענווער האָב איך געטראָפן עטלעכע משפחות פון קאמין־קאַשירסקי גוט איינגעאָרדנעטע ווי ר׳ יוסף ווייץ ז״ל (די אידעמס זיינע ברידער שווייצער, וואָס זענען די גרעסטע פאבריקאַנטן פון רייזע־טשעמאָדאנען, זיין זון איז אַ באַוווסטער רעפאָרם ראַביי ווייץ, ער איז אפילו געפאָרן קיין ישראל שאפן אַ רעפאָרם טעמפל).

די צווייטע גרויסע משפחה פון קאמין־קאַשירסקי אין דענווער איז די משפחה קוק (פון דער היים בארג) די משפחה פארנעמט זייער אַן אָנגעזעענעם אָרט אין געזעל־שאפטלעכן לעבן, זיי גיבן געלט פאַר ישראל און זייערע קרובים. די משפחה פון קאַמין־קאַשירסקער רב ר׳ ישראל דער דיין, געפינט זיך אויך אין געגנט אַרום דענווער. פון דער משפחה איז ארויסגעקומען דער באַוווסטער עסקן הארי זיען. וועלכער שטייט אין שפּיץ פון באַקעמפן דעם אנטיסעמיטיזם. ער העלפט יידישע און נישט יידישע אינס־טיטוציעס. (ער האָט אויך מיר געהאָלפן ווערן לעגאַל, צו פאַרבלייבן אין אַמעריקע) פון ר׳ ישראל דיין איז אויך אַרויסגעקומען די משפחה לערנער, באַקסער און וועבער.



ווינאָגראַד אברהם און רייזל

זיי טוען אַלע לטובת הכלל. אויך די משפחה פון כאצקל דוביצקער, זיינער אַ זון וועלכער איז געבליבן פ״ן אזא פאַרצווייגטער שיינער משפחה פון קאַמין איינער אַליין.

יהושע פלאט (מלמד) איינער פון די שענסטע פערזענלעכקייטן פין קאַמין־קאַשירסקי, וועלכער איז געהרגעט געוואָרן פון די בעלאכאָווצעס על קידוש השם אין 1920, פ״ן אים זענען דאָ אייניקלעך און אור־אייניקלעך אין דענווער. איינע פון דער משפחה, פון דער היים רייזל פלאט, די פרוי פון באַוווסטן כלל־טוער און פערזענלעכקייט אברהם ווינאגראד.

זייענדיק אויף אַ באַז״ך אין ניו־יאָרק אין 1949, אויף מיין וועג קיין ארץ ישראל, האָב איך ווידער געהאט אַ באַגעגעניש מיט מיינע לאנדס־לייט פון קאַמין־קאַשירסקי, וועלכע האָבן געטרויערט צוזאַמען מיט מיר אויף דעם פארלוסט פון אונדזערע אייגענע, ווייל מיר האָבן שוין געהאט צווישן זיך פרישע מענטשן פון אונדזער שטאָט, געראטעוועטע, וועלכע האָבן אין פרטים דערציילט פון אונדזער בראָך. די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן העלפן זייערע משפחות אין ישראל.

קומענדיק צוריק פ״ן ארץ ישראל אין יאָר 1958, אויסהערנדיק מיין באַריכט וועגן חורבן און די געראטעוועטע לאַנדסלייט, האָבן זיי אויפן אָרט געשאפן א גרעסערע סומע געלט. אין שפיץ איז דאַן געשטאַנען בערל הייביל, הערש לייזער לינזען־לעווינסאָן, ש. זארוצקי, סאקאל, קאשער, קאהען, וויינער, בעק. זיי האָבן צוגעזאָגט שטענדיק צו העלפן די לאנדסלייט ביים ארויסגעבן אַ יזכור בוך. זיי שטייען נישט אָפּ פון אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע.

יאָרן שפּעטער, נאָכדעם ווי איך האָב עטלעכע מאָל באַז״כט ארץ ישראל האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן מיין פערמאנענטע היים אין אונדזער מדינה, ווו איך בין ווידער צווישן לאנדסלייט פון קאמין־קאַשירסקי.

דוו׳ קימעל, ניו־יאָרק

# ביי די קאמין-קאשירסקער אין אמעריקע

מיין נאָמען איז דוד קימעל. מיין טאטנס נאָמען איז געווען שמואל קימעל. מיין מאַמעס נאָמען איז געווען שרה. איך בין געבאָרן געוואָרן אין קאַמין און דערצויגן געוואָרן אין קאַמין. ווען איך בין אַלט געווען 9 יאָר איז מיין טאַטע געשטאָרבן און ווען איך בין אַלט געוואָרן 12 יאָר איז מיין מאַמע געשטאָרבן. איך א״ן מיין שוועסטער חנה שיינדל, זענען געבליבן קיילעכדיקע יתומים. אונדזער באַבע חיה־אסתר האָט אונדז גענומען צו זיך און זי האָט אונדז געגעבן א היים, און עסן און טרינקען.

איך האָב געלערנט ביי חיים לייזער דעם מלמד, ביי פאטעקען, ביי חיים־איצען, ביי משה יענקלען און ביי פסח הערשן. אַלע מלמדים זענען געווען גוטע, זיי האָבן געקענט לערנען אָבער איך האָב זיך זייער ווייניק איסגעלערנט ווען מיין פאמיליע האָט געזען אַז לערנען וויל איך נישט, האָט זי באַשלאָסן מיך צו לאָזן לערנען אַ פאַך. איך האָב געלערנט צו ווערן אַ שניידער ביי משה פרעס דערנאָך ביי ניסל דעם שניידער און דערנאָך ביי הערש בערן. אָבער איך האָב זיך גאָרנישט אויסגעלערנט ווייל איך האָב געטרוימט צו ווערן אַ קצב. איך בין אַרויס אויף דעם מאַרק, אין געקויפט אַ קעלבל. דער שוחט האָט דאָס געקוילעט און מיין פעטער ישעיה האָט מיר געהאָלפן פארקויפן דאָס פלייש. נאָכדעם ווי אַלץ איז פארקויפט געוואָרן האָט מיר געפעלט 10 גילדן ארויסצונעמען מיין געלט.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז נאָך דער שריפה. צוויי יאָר נאָך דער שריפה בין איך אַוועק קיין אַמעריקע.

אין 1907 בין איך געק״מען קיין אַמעריקע. און דורכגעמאַכט פאַרשידענעס.

אין 1913 האָבן עטלעכע קאַמינער, איך בין געווען צווישן זיי, געגרינדעט אַ קאַמינער סאָסייטע. אין 1920, ווען מיר האָבן זיך דערוווסט אַז פיל קאַמינערליידן נויט, האָבן מיר באַשלאָסן צו העלפן אונדזערע לאַנדסלייט. מען האָט מיך דערווייל׳ט אַלס דעלעגאַט, און איך בין געפאָרן, מיטנעמענדיק געלט און אַפידייוויטס. דאָס געלט האָבן מיר צעטיילט לויט די איינזעענישן פון אַ קאָמיסיע פון אָנגעזעענע מענטשן פ״ן קאַמין־קאַשירסקי.

אונדזער סאָסייטע האָט געטאָן זער פיל פאַר די לאַנדס־

לייט, פון קאַמין־קאַשירסקי און אומגעגנט. מיר זענען ליבעראַלע מענטשן. מיר העלפן מיט געלט פאַר „יונייטעד דזשואיזש אפיל״, פאַר דער הסתדרות פאַר דעם „האיאַס״ א.א.וו.

דער יזכור־בוך איז ביי אונדז זייער וויכטיק. דאָס וועט שטעלן אַ מאָנומענט אונדזער שטאָט אין דער ארבעט האָט זיך אַריינגעוואָרפן בערל אייבעל; ער איז דער פאַרזיצער פון דער קאָמיסיע.

בערל אייבעל, ניו־יאָרק

# לאַנדסלייט אין אמעריקע

איך, בנימין קימעל, הערשל־לייזער לינזען און נאָך אייניקע האָבן געגרינדעט אַ קלוב. אַזוי פלעגן מיר זיך טרעפן זייער אָפט און מיר האָבן זיך שעה׳ן פאַרווײַלט. די לאַנדסלייט, וועלכע מיר האָבן געטראָפן אין אַמעריקע, האָבן זיך באַזונדער אָנגעפאַנגען אַרגאַניזירן אין איין לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייטע. מיר, יינגערע, האָבן זיך גלייך נישט אָנגעשלאָסן מיט זיי. די עלטערע לאַנדסלייט פלעגן זיך אַביסל ארומרייסן צווישן זיך. געווען מיינונגס פאַר־



הייבעל בערל און פרוי

שידענהייטן צווישן צוויי גרופּן, אַז עס האָט נישט געקענט קומען צו קיין טאָלק. האָבן זיך די צוויי גרופּן צעטיילט און יעדער איז אַוועק אין אַנדערע וועגן און זייער אַ סך לאַנדסלייט האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין גאַנץ אנדערע לאַנדס־מאַנשאַפטן. ביז איין טייל לאַנדסלייט האָבן זיך רעאָר־גאַניזירט און געוווּנען דעם רעספּעקט פון א מערהייט קאמין־קאשירסקער כמעט אַלע יונגע גרופּעס האָבן זיך אָנגעשלאָסן, די פּי־יערשאפט איז געוואָרן מער אייניק, מיט ברידערלעכקייט און פריינדלעכקייט.

אונדזערע יינגערע לאנדסלייט וועלכע זענען געקומען קיין אַמעריקע מיט 10 אָדער 15 יאָר צוריק, האָבן געדאַרפט נעמען אַן אַנטייל און אַרויסהעלפן אין דער פירערשאפט, אָבער צ״ם באַדויערן איז נישט אַזוי לייכט.

אונדזער מיטגלידערשאפט איז איצט נישט גרויס, מיר זענען אומגעפער 150 מיטגלידער, ווייל זייער אַ סך לאַנדסלייט וואָס זענען אַרויס פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, האָבן זיך צוריק נישט אָנגעשלאָסן, און די יוגנט רייסט זיך געוויס נישט אַנצושליסן. אָבער מיר קענען זיין שטאָלץ מיט אונדזערע מיטגלידער, ווייל אַ סך גרויסע סאָסייטעס זענען צום גרונט געגאַנגען צוליב אַזעלכע סיבות, וואָס די עלטערע שטאַרבן אויס און די גאַנצע יונגע שליסן זיך נישט אָן.

איך האָף אַז מיט אונדזער סאָסייטע וועט אַזוינס נישט פּאַסירן, מיר וועלן לעבן אייביק, ווייל אונדזער גאַנצע אַרבעט יעצט איז צו פאַראינטערעסירן יינגערע לאַנדסלייט זיך אַנצושליסן און עס טוט אונדז טיילוויז געלונגען.

יעצט צוריק צו אונדזער סאָסייטע. דעם 16־טן דע־צעמבער האָבן מיר געהאַט און געפייערט דעם פופציקסטן יובילעאום, דער באַנקעט איז געווען זייער אַ גרויסער סוקסעס. אַ סאַך לאַנדסלייט זענען געקומען צו דער פייע־רונג און מיר האָבן זיך זייער שיין פאַרווײַלט.

מיר האָבן אויך באַשלאָסן צו שטיין אין קאָנטאַקט מיטן קאָמיטעט פון אונדזערע לאַנדס־לייט אין ישראל און צוהעלפן ביים אַרויסגעבן דעם ספר־הזכרון פון קאַמין־קאַשירסקי.

סמואל בעק, ניו־יאָרק

# מיין אנקומען אין קאמין־קאשירסקער ארגאניזאציע אלס סעקרעטאר

אין יאָר 1941 בין איך געוואָרן אַן אבל נאָך מיין פאָטער, וועלכער איז געשטאָרבן אין מיין געבורטס־שטאָט ביאַליסטאָק. איך האָב באַשלאָסן אָפּגעבן דעם געהעריקן כבוד מיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַ



בעק סמואל

שטאַרק פרומער ייד, גיין טעגלעך אין שול און זאָגן קדיש.

קומענדיק אין ברוקלין אין אַ שול דאַווענען און לייגנדיק די תפילין, קומט צו מיר צו אַ ייד און אָפּגע־בענדיק דעם „שלום עליכם" איז ער פאַראינטערעסירט צו וויסן, וואָס איך האָב פלוצים אָנגעהויבן קומען אין שול. איך בין שטאַרק באַפריינדעט געוואָרן מיט אים. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען אביגדור דאוב, דער גבאי און דער „האָספּיטאַלער" פון שול פון דער לאַנדסמאַנשאַפט קאַמין־קאַשירסקי. מיר האָבן געמאָט אָפּטע באַזוכן איינער ביים צווייטן אין די הייזער, ווי אויך ווען ער איז געגאַנגען באַזוכן קראַנקע מיטגלידער, האָט ער מיר אויך מיטגענומען. אַזוי אַרום האָב איך זיך באַקענט מיט אַ סך לאַנדסלייט פון קאַמין־קאַשירסקער סאָסייטע. מיט דער צייט האָט ער מיך באַקענט מיט מער לאַנדסלייט און אָנגעהויבן איינרעדן, איך זאָל אריינקומען אין דער אָרגאַניזאַציע.

אַזוי האָב איך געטאָן. פון אַ ביאַליסטאָקער בין איך געוואָרן אַ קאַמין־קאַשירסקער לאַנדסמאַן. אַזוי בין איך פון 25־טן דעצעמבער 1943 אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע און איך באַטייליק זיך אין פאַרשידענע אַקציעס. מען האָט מיר אויסגעוויילט אַלס פינאַנסיעלן סעקרעטאַר און דעם אמט פאַרנעם איך ביז היינטיקן טאָג, שוין 19 יאָר. אין דער צייט פון מלחמה בין איך אויך געווען סעקרעטאַר פון רעליעף קאָמיטעט.

מרדכי זאפראן, אַרגענטינע

# פאראיין פון קאמין־קאשירסקער אין ארגענטינע

דעם 3־טן יוני 1932, דאָס איז געווען ערב שבועות האָב איך באַטראָטן די אַרגענטינער ערד. מיר איז געווען אַ ביסל קאַלאָמוטנע, ווייל איך האָב פאַרלאָזט אַזאַ טייערע היים מיט מיין פאַמיליע: מיין פרוי און קליינע קינדערלעך; עלטערן, שוועסטער, ברידער, חברים, פריינט. צו מיין גרויסן ווייטאָק און אומגליק, זענען די אַלע אויסגערעכנטע מיינע, אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשישע רוצ־חים. ווען איך בין אָנגעקומען קיין אַרגענטינע האָב איך זיך נישט פאַרגעסעלט, אז איך וועל דאַרפן זיין איינער פון די שרייבער צום יזכור בוך און זיי דערמאָנען. אַזעלכע טייערע, וואָס האָבן שטענדיק געאָפּפערט פאַר עם ישראל און אהבת ישראל.

איך האָב געמוזט שלום מאַכן מיט מיין גורל, און געמוזט בויען און שאַפן אַ נייע היים. כ'האָב זיך געמוזט צוגעוווינען צו די נייע געוווינהייטן פון אַרגענטינער לעבן שבועות, בין איך געגאַנגען אין שול דאַווענען די „שול",

איז געווען ביי אַ לאַנדסמאַן אין אַ שלאָפצימער. ביי די בעטן מען האָט געוואַרט ביז 10 אזייגער, ביז די מתפללים קימען צום דאַווענען. מען האָט די שול גערופן „מנין", ווייל עס איז מער נישט געווען ווי אַ מנין. און אויך די מערהייט אָן טליתים. אָבער, נישט קוקנדיק אויף די אַלע זאַכן בין איך געווען זייער צופרידן, זעענדיק אַז לאַנדסלייט אין אַרגענטינע האָבן נישט פאַרגעסן זייער טראַדיציע און מנהגים און געזאָרגט צו מאַכן אַ שול, אפילו אין אַ שלאָפצימער אויף צו דינגען דאָן אַ שול האָט נאָך די מאַטעריעלע לאַגע נישט דערלויבט.

איך האָב געזען אַז מען זאָל שאַפן אַ שולע פאַר די נישט גרויסע צאָל קינדער וואָס זענען דאָן געווען. די מאַטעריעלע לאַגע איז געווען זייער שווער, אָבער איך אין נאָך עטלעכע עקשנים האָבן געזען שאַפן פאָנדן און געבראַכט אַ לערער. זיכער איז דאָס נישט גרינג אָנגעקומען, אָבער אַ שולע האָבן מיר געהאַט און זי האָט זיך גערופן „ח.נ. ביאַליק"־שולע.

אין דער צייט האָט זיך דער ישוב פאַרגרעסערט. אייניקע זענען געוואָרן בעלי־משפחות. זעענדיק אַז אָן אַ שול צום דאַווענען קען עס נישט גיין, ווייל אַזוי אַז עס פלעגט קומען צו ימים נוראים האָט מען געדאַרפט דינגען אַ ספּעציעלן סאַלאָן צום דאַווענען, האָב איך פאָרגעשלאָגן צו טאָן עפּעס וועגן אַן אייגענעם בנין. מיין פאָרשלאַג האָט געהאַט דערפאָלג. איך האָב באַלד געהאַט אַ סך אָנהענגער וואָס זענען גרייט געווען מיר צו העלפן אין דער אַרבעט. איך בין געוואָרן דער ערשטער סעקרעטאַר אין אָנגעפירט אַ קאַמף, אויסצובויען אַן אייגענעם בנין, וואָס זאָל האָבן אַלע מעגלעכקייטן פאַר אַ שול צום דאַווענען און אַ שולע ווו קינדער זאָלן קענען קומען לערנען.

מיין פּלאַן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. מיט אַ ביסעלע גוטן ווילן און אַרבעט פון אַלע צוזאַמען, האָבן מיר אויסגעבויט אַ גרויסע אין באַקוועמע שול אויף צו דאַווענען און אַ פּלאַץ פאַר דער שולע, ווו די קינדער האָבן געהאַט אַלע באַקוועמלעכקייטן צו לערנען.

ווען איך בין אָנגעקומען האָט עקזיסטירט „אַ ציוניסטישער קולטור צענטער" בין איך אריין מיטאַרבעטן. דאָן האָבן נאָך אַלע צענטערס געאַרבעט צוזאַמען פאַרן ווייל זיין פון נאַציאָנאַלע אידייען אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי: מען האָט געאַרבעט פאַר „קרן קימת" און „קרן היסוד". עס האָט נישט לאַנג געדויערט און יעדער איינער האָט אָנגעהויבן ציען פאַר זיין אידעאָלאָגישער ריכטונג.

אונדזער קולטור־צענטער איז געוואָרן אָנגעשלאָסן אין דער אַרגענטינער ציוניסטישער פעדעראַציע. איך בין געווען עטלעכע מאָל דעלעגירט צו די יערלעכע צוזאַמענטרעפן פון סובקאָמיטעטן אין בוענאָס איירעס און פון די פּראָווינצען סובקאָמיטעטן.

אויך ביז היינט צו טאָג זע איך אַז אויף אַלע שמחות זאָל געזאַמלט ווערן פאַרן קרן קימת. איך אַליין און אויך מיין פרוי חוה זאַפראַן, זענען די זאַמלערס פאַרן קרן קימת אויף די שמחות. איך נעם אויך אָנטייל אין אַלע אַנדערע קאַמפּיינען ווי „קרן היסוד" און אַלע אַנדערע. מיין פרוי, חוה זאַפראַן, האָט געגרינדעט און געשאַפן אַ פרויען הילפס־פאַריין צו העלפן נויטבאַדערפטיקע אָרעמע מענטשן. אויך אונדזערע לאַנדסלייט ווי די ברידער זינאַוויעץ אברהם און ירחמיאל, זענען פאַרטראָטן אין די קאַמפּיינען, און זיי אַרבעטן מיט פאַרן „קרן היסוד". זיי זענען אויך קאָמיטעטס־מיטגלידער אין דער באַנק קאָאָפּעראַטיוו.

אויך די פרויען איטקע זינאַוויעץ, און העני זינאַוויעץ, זענען שטענדיק מיטאַרבעטערינס פאַר דער „וויצאָ" „חנה סענעש" און שטענדיקע קאָמיטעטס מיטגלידערינס אין די קאָמיטעטן. זיי נעמען אָן אָנטייל אין אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס.

אַזוי האָב איך און אַנדערע לאַנדסלייט מיטגעאַרבעט און געטאָן אַלץ אַז אונדזערע קאַמפּיינען זאָלן שטענדיק האָבן דערפאָלג.

נישט ווייסנדיק גענוי וואָס פון אונדזער היים איז געוואָרן האָבן מיר גערופן צו פּראָטעסטן און באָיקאָטן. אָבער וועגן אַזאַ שרעקלעכן אומגליק האָבן מיר נישט געוווסט. ווען עס איז אָנגעקומען די ערשטע ידיעה, וואָס היטלער מיט זיינע דייטשן ימח שמם האָט געמאַכט פון אונדזערע נאָענטסטע, איז אונדזער טרויער נישט געווען צו באַשרייבן. איך האָב באַלד גערופן אַ ברייטע פאַרזאַמלונג פון אונדזערע לאַנדסלייט. מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ טרויער־טאָג. דאָן איז נאָך געווען ישראל־הערש גאַרטענשטיין ע"ה. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ טרויער־זיצונג און נאָך דער זיצונג געזאָגט קדיש.

זיכער האָבן מיר זיך אויף אַזאַ חורבן נישט געגלויבט. מיר האָבן געשאַפן אַ פאַריין, וואָס האָט זיך גערופן „פאַריין פון קאַמין־קאַשירסקי און אומגעגנט".

די ערשטע ידיעות וואָס זענען צו אונדז אָנגעקומען פון אונדזערע לאַנדסלייט זענען געווען פון די וואָס האָבן זיך געפונען אין דייטשלאַנד און איטאַליע. אונדזער פאַריין וואָס האָט געשאַפן און מיטגעהאָלפן לויט זיינע מעגלעכקייטן. איך, די ברידער אברהם און ירחמיאל זינאַוויעץ, מיט זייערע פרויען איטקע און העני, און מיין פרוי חוה, האָבן באַלד געשאַפן די געהעריקע סומע, צו העלפן די לאַנדס־

לייט. מיר האָבן געמאכט אָפטע צוזאמענטרעפן און געזען שאפן מער מעגלעכקייטן צו העלפן די לאנדס־לייט. עס איז באלד ארויסגעשיקט געוואָרן די ערשטע הילף. מיר האָבן אויך געמאכט פאפירן מיט שיפס־קאַרטן פאַר אייניקע לאנדס־לייט און זיי אריבערגענומען צו אונדז. מיט זייער אָנקומען קיין ארגענטינע, האָבן מיר שוין געזען זיי זאָלן אונדז מיטהעלפן, אזוי האָבן מיר ארויסגעשיקט הילף פאר די פליטים וואָס געפינען זיך אין ישראל.

יעדעס יאָר, ווען עס פאלט אויס דער טאָג פון חורבן, מאַכן מיר א מנין אין שול. אלע לאנדס־לייט קומען זיך צונויף און זאָגן קדיש בצבור, בכדי אויסצודריקן זייער צער. מיר מאַכן אויך אַן אזכרה אויפן בית־החיים ווו עס איז דאָ א מאָנומענט פאר די קדושים. עס קומען זיך צונויף אַלע לאנדסלייט מיט זייערע פרויען. א חזן פירט דורך די רעליגיעזע טייל. אויך ישראל־הערש גורטענשטיין ע״ה, פלעגט ארומרעדן די גרויסקייט פון אונדזערע קדושים, וועלכע זענען אומגעקומען על קדוש־השם ועל קדוש־העם. אזוי האלטן מיר דעם טרויער־טאָג בכדי אויסצודריקן אונדזער צער נאָך אונדזערע ליבסטע. דעם יאָרצייט האַלטן מיר כ״ז אב און די אזכרה־אקטן פירן מיר דורך כ״ח אלול.

ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה אז די בני־עיר גייען ארויסגעבן אַ יזכור בוך, האָבן די לאַנדסלייט אברהם־דוד אווראך, די ברידער זינאווען, מיט זייערע פרויען איטקע און העני, און מיין פרוי חוה זאפראן, גענומען אַן אקטיוון אָנטייל פון צוהעלפן מיט מאטעריאל ווי אויך פינאנציעל.

צום באַדויערן, זענען מיר קאמינער זייער ווינציק אין צאָל. איך ווייס נישט פארוואָס, ווי מיר דוכט זיך איז אונדזער שטעטל שטענדיק געווען עקאָנאָמיש גוט, אזוי אַז מען האָט זיך נישט געריסן צו עמיגרירן, צוליב דעם זענען מיר דאָ זייער ווייניק. אָבער א ביסל האָבן מיר געשריבן. און אויך א ביסעלע מיטגעהאָלפן.

ירחמיאל זינאווען און אני הקטן מרדכי זאפראן, זענען די וואָס פירן אָן מיטן פאריין און זעען אז דער פאריין זאָל פארנעמען אַ פלאַץ ווי אַלע אַנדערע פאריינען אין אַרגענטינע.

# דער אלטער דור

לויטן אלף בית



אייזנבערג יצחק



אייזנבערג גרינע



גאָלדשטיין לייבוש



גאָלדשטיין רייזל



לייזערוק איסער



לייזערוק לאה


לעוו יצחק אביגדור


פעלדמאַן ישראל


קאַרש שלום


קאַמינסקי מרים


פעלדמאַן רחל


קאַשער אסתר און יואל חיים


קלאָרמאַן שפרה מיט אירע קינדער:
אביש, דוד, פייגל און איר מיידעלע


קויפמאַן שפרה און חיים בער

# שמחות און פארווייילונגען



די פאַמיליעס פון די ברידער אייזנבערג און געסט
אויף דער חתונה פון ל. בערגל און סאָניא אין
קאַמין אין יאָר 1939



אויף דער חתונה פון
גאָרטנשטיין צירל מיט דוד בער.



**אויף אַ אויפנאַמע ביי דער פאַמיליע דעקטער**
פון רעכטס צו לינקס: זיניוק דבורה, דעקטער
בצלאל און זיין פרוי מיניע שרה, לייזערוק אבא,
פועה רובינשטיין.



**צום אָפּפאָרן פון ליובע ווייסמאַן (קטן) קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1938.**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: ווייסמאַן שלום, אייזנבערג מאַשע, ווייסמאַן מירעלע, ווייסמאַן צבי, ווייסמאַן בעלא, ווייסמאַן אריה. זיצן: קאַרש רבקה, ווייסמאַן פריידע, ווייסמאַן (קטן) ליובע, דאָס יינגעלע פנחס, מיט זיין באָבע שרה ווייסמאַן און גאָרטנשטיין מלכה.



אויף אַ שמחה ביי דער פאַמיליע לערמאַן מרדכי.



**אויף אַ אויפנאַמע צום אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל פון דער פאַמיליע מלמד.**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: קימעל ראָדל, ווייסמאַן מרים און פריידע, מלמד רבקה, ווייסמאַן הערשל, מאַרשאַלקאָוויטש פעלאַ און טאַראָוויטש סאָניע. זיצן: קימעל זרח און פייגל, מלמד חוה און ברוך. קינדער: מאַרשאַלקאָוויטש לייבל, קימעל זעליג (שטייט) און שולמית, מלמד אברהם.



**צום אָפּפאָרן פון גיטל מאַליק און יחיאל שוסטער קיין ארץ־ישראל**

פון רעכטס צו לינקס. אין דער אונטערשטער רייע: מאַליק יידל, מאַליק רחל, מאַליק דינה, מאַליק בן־ציון, שוסטער יחיאל, מליק מינקע, מאַליק ברכה. אין דער פאָדערשטער רייע: גיוועריץ—מאַליק ברכה, מאַליק—טשערטאָק גרוניע, מאַליק פריידל, ווידרע פייגל, מאַליק—שוסטער גיטל.
דאָס קינד איז סאָניע מאַליק די טאָכטער פון רחל.



אויף אַ שמחה ביי דער פאַמיליע קרוין מתתיהו.



**אויף אַ שמחה ביי דער פאַמיליע סעגאַל.**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: סעגאַל יעקב, סעגאַל דוד, רובינשטיין—סעגאַל מייקע, לערנער גרשון. סעגאַל—פאַלקאָוו שרה, סעגאַל ישראל.
זיצן: קלאָרמאַן חיה, קלאָרמאַן שרה, סעגאַל—שטורם הינדע, סעגאַל לאה, לערנער מריט מיט איר מיידעלע שרה.

# פאמיליען-בילדער



**פאַמיליע ארמלאַנד.**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: שוסטער אהרן, קצב חיה, אָרמלאַנד יצחק, שוסטער ברכה, שוסטער יחיאל.
זיצן: שוסטער אסתר מיט איר קינד, אָרמ־לאנד פסח צבי מיט זיין פרוי שרה מלכה און אַ איניקל.



באַרנהאָלץ יצחק, לערמאַן זלמן, באַרנהאָלץ שרה און די קינדער: פייוול און בתיה.



אָרנשטיין דב און שושנה מיט זייער מוטער אסתר



**פאַמיליע באַרג.**

שטייען: בנימין, לאה און משה באַרג.
זיצן: מעניע און יצחק באַרג.



באַרג חוה מיט איר קינד.



געלמאַן יוסף און איטע



**פאַמיליע בערשט**

שטייען אין דער ערשטער רייע פון רעכטס צו לינקס:
חיה, פסח, לאה און טובה בערשט.
אין דער צווייטער רייע: ליכט חיים הערש, ליכט חיה
אסתר, בערשט רחל, בערשט ישראל.
קינדער: ליכט משה. ליכט חינקה.



גרינשפאַן יצחק, בתיה, שרה און אהרן.



געלמאַן אַבע, ראָזע, שפרה און שוואַרץ מנחם.



**פאַמיליע גאָלדשטיין**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: גאָלדשטיין הערשל, גאָלדשטיין מרים, ברעזער חיה, גאָלדשטיין שלמה.
זיצן: גאָלדשטיין איטע, רויטנשטיין אברהם, גאָלדשטיין—רויטנשטיין מרים, גאָלדשטיין פראַדל.



גאַרטנשטיין מלכה מיט אירע אייניקלעך: גאַרטנשטיין סאָניע, קאַצמאַן יעקב, קלאַרמאַן סאָניע און לעמל.



גאָלדשטיין שלמה און שרה מיט זייער קינד פעסעלע



גאָלדשטיין חיה מיט איר קינד



יפה יעקב און גאָלדשטיין פראַדל.



**פאַמיליעס גרינשטיין און ווײַנער.**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען אין דער ער־שטער רייע: גרינשטיין מרים, גרינשטיין זעלצער, גרינשטיין לאה, ווײַנער יוסף, ווײַנער יאָכע.
אין דער צווייטער רייע: גרינשטיין נחמה, גרינשטיין אברהם, ווײַנער חיה, ווײַנער פרנחס, גרינשטיין פערל.
זיצן: ווײַנער יעקב, גרינשטיין חנה־גאָלדע, **ווײַנער חנן.**



**פאַמיליע טשאָרני משה**

טשאָרני הערשל און טויבע מיט זייע־רע קינדער: יצחק, רייזל, מערילע, מאַ־ניע, בערעלע און דער זיידע משה מיט זיין פרוי שיינע גאָלדע און טאָכטער אסתר האָרנשטיין.



לעוו לייביש און רחל



דרייצן פריידל און זעליג



**פאַמיליע לערמאַן מרדכי**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: לערמאַן זלמן, באַרנהאָלץ יצחק.
זיצן: קאַמינער יקותיאל מיטן קינד יוסף, לערמאַן גיטל, לערמאַן מרדכי, לערמאַן פייגל און לערמאַן אברהם.



מאַליק־טשערטאַק גרוניע מיט איר קינד



**פאַמיליע סעגאַל**

פון רעכטס צו לינקס: חנה, אריה, יעקב און גיטל סעגאַל.

**פאַמיליע ערליך אשר.**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: רויזן חיה און מאיר, טענענבוים מינדל, פלאַט יעקב און צפורה.
זיצן: ערליך שרה חנה און אשר.
די קינדער: רויזן יצחק, פלאַט משה׳לע און לאה׳לע.





**פאַמיליע ענגיל אברהם יצחק**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: ענגיל יעקב, ענגיל־דע סענדיוק ליבע, ענגיל־דע פאַרטונאַי, טויבע, ענגיל דוד.
זיצן: ענגיל אברהם יצחק, חיה ריבע, און חנה.
די קינדער: הערשל, פערל, עני, משה און דאָבע.



**פאַמיליע פיינערמאַן.**

פון רעכטס צו לינקס שטייען: קאַגאַן ביילע און יפה.
זיצן: פיינערמאַן גיסע, קאַגאַן דינה, פיינערמאַן יוסף.
די קינדער: פיינערמאַן פנינה און שלמה־אהרן.



**פאַמיליע פלאַט יצחק**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: ברגמאַן שרה און יסכה שאַפירא משה און פעסל.
זיצן: ברעגמאַן שבח מיט זיינע קינדער רחל און אליעזר, פלאַט שיינע חיה און יצחק, שאַפּירא יגאַל.



**פאַמיליע פרייד פנחס.**

פון רעכטס צו לינקס שטייען: פרייד שרה און קלאַרמאַן פרומע.
זיצן: פרייד פנחס און רחל מיט זייערע אייניקלעך.



**פאַמיליע פערטשיק.**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: פערטשיק יהושע, יוסף און רייזל.
זיצן: פערטשיק ברוך, פעסל און חושה.



פלאָט צפורה און יעקב.



קויפמאַן אַלטער.



קויפמאַן שרה און טויבע



**פאמיליע קלאַרמאַן אַביש.**

פון רעכטס צו לינקס: ברכה, אַביש, חיה, שרה און לעמל.



פון רעכטס צו לינקס. אין דער אונטערשטער רייע: ברעגמאַן שרה, קלאַרמאַן מנוחה, שמואל אבא און לעמל.
אין דער פאָדערשטער רייע: ברעגמאַן יסכה, רחל און אליעזר, קלאַרמאַן, צבי, דבורה, יהושע און מאַשע.



**פאַמיליע קלאַרמאַן יעקב יצחק**

פון רעכטס צו לינקס. שטייען: קלאַרמאַן לעמל, פרומע, שלמה און בת־שבע פריד.
זיצן: קלאַרמאַן יעקב יצחק, זיין מוטער שפרה און זיין פרוי חנה.



קאַשער איסער און לאה



קלאַרמאַן שלמה און פרומע.



קופטשיק טויבע און יעקב מיט זייערע קינדער.



פון רעכטס צו לינקס:
קלאַרמאַן לעמל, שרה, חיה און ברכה.



קלאַרמאַן שמואל־אהרן, פרומע, לעמל און דוד.



דייטער שרה, אייזיק, בערל און זעליג

# יוגנט


אַוורוך דאָבע


וואָלק חנה


וואָלק ראָזע


צוקער מאַני דב


צוקערמאַן גוטשע


בער אברהם


סעגאַל דוד


קאָשער חיים


סעגאַל יעקב


באַקאַלטשוק מירעלע


סעגאַל יוסף און טעפּער


סאָקאָל ראָני


קטן מאַני און אייזנבערג יוסף


קרוין יצחק


קאַצמאַן יעקב און פּערטשיק יהושע


קרוין, שטריק און באַקאַלטשוק


שוסטער שלמה


וואַסערמאַן, אָרנשטיין און ווערבע



טויזנער, אָרמלאַנד און
פעלדמאַן משה



פישמאַן דבורה, פייגע און
רבקה



פון רעכטס צו לינקס:
וואַסערמאַן יונה, קאַמינסקי צבי, מאַליק
אפרים, גאָרטנשטיין יוסף און מייסטעל שמאי



פון רעכטס צו לינקס:
פרייד, באָב, גראַבאָוו, טשערטאָק און
לינזען



אַ יוגנט־גרופע צוזאַמען מיט
פעלדמאַן משה

# אין מיליטער־דינסט


טשערטאַק יצחק
פון קאַמין־קאַשירסקי
אין דער פוילישער אַרמיי


סאַנדיוק זבולין
פון קאַמין־קאַשירסקי
אין דער רויטער אַרמיי


שטיינקרוק ראובן
פון פניעווונע
אין דער פוילישער אַרמיי


גערשנאָבל חיים, קפּן אַבעל, פעלדמאַן משה פון קאַמין־קאַשירסקי
אין דער רויטער אַרמיי

# קינדער


קרוין שלמה׳לע


ווערבע יצחק הערשעלע


אָרמלאַנד יונה און חיה גיטעלע


געלמאַן שיינע גיטעלע


רייטער רינעלע



פלאָט לייבל



בוקלער משה



אַ גרופע קינדער פון קאַמין־קאָשירסקי



דוד סעגאַלס אַ יינגעלע



די קינדער פון ישעיהו אוןביילע קרוין



פרייד טוביהו



די קינדער פון דוד קלאָרמאַן
מאָשע (די צווייטע) און דבורה (די פערטע)



די קינדער פון שלמה קלאָרמאַן
שמואל אהרן און דוד



גאָלדשטיין פעסל און
רויטשטיין חיה



לעוו פייוול, פרישבערג מלכה
און מרים לעוו

# פניעוונע



גאָלדבערג מלכה



פאַמיליע ראַטנאָווסקי



פאָראָכעצקי שושנה



גאָבער גרשון



פאַמיליע וויינשטיין



גאָלדבערג סענדער

# גרויס-לישע



קרובים און פריינט אויף אַ שמחה ביים שוחט פון גרויס־לישע אהרן דוד פלאַט.



פלאַט־גרינבערג ברכה מיט איר ברודער משה פלטיאל.



קאַטלאַר שרה אוןביילע



אַ יוגנט־גרופּע פון גרויס־לישע

# קליין-לישע



גראַבאָוו מיכאל



גראַבאָוו יצחק צבי



**פאַמיליע קאַגאַן**

פון רעכטס צו לינקס: קאַגאַן חנה און ברכה, קאַנדעל אסתר מלכה, קאַגאַן אָשר, חיה שרה, יוסף, מרדכי און זעלדע.



גראַבאָוו זעליג



פון רעכטס צו לינקס שטייען: קאַגאַןביילע, פיינערמאַן גיטע
זיצן: קאַגאַן שרה, סטריער אליעזר, מילער יפה.



סטריער אריה

# לוביעשאוו



אויף אַ שמחה ביי דער פאַמיליע שקליאַר אין לוביעשאָוו

# מצבת-זכרון

## לקדושי קמין-קושירסקי והסביבה
## שנרצחו בשנת תש"ב (1942)

פה עמוד, קורא יקר; ברטט ובחרדת קודש הרכן ראשך. יעלו בפני עיניך קברות-האחים הגדולים אשר בבית-הקברות של קמין-קושירסקי, שבהם מצאו מנוחת עולמים הורים וילדים, אחיות ואחים וכל אלה שהיו כה קרובים ויקרים לך, אחרי שנרצחו באכזריות מחרידה על ידי הרוצחים הנאציים.

אוי לך כי נבצר ממך להשתטח על קברי-אבות ולחונן עפרם. הדפים המקודשים האלה — מצבת-זכרון תהיה להם. קרא אותם וחרות על לוח לבך את שמותיהם הקדושים והטהורים. העבר במחשבתך למצער חלק מיסורי-התופת שנפלו בחלקם!...

ת. נ. צ. ב. ה.

# אנדענק-מצבה

## פאר די קדושים פון קאמין־קאשירסקי
## און אומגעגנט אומגעבראכטע
## אין יאר 1942

דא בלייב שטיין, ליבער לעזער! מיט א הייליקן ציטער בויג אן דיין קאפ. זאלן פאר דיינע אויגן אויפטויכן די גרויסע ברידער־קברים אויפן קאמין־קאשירסקער בית־הקברות, אין וועלכע עס האבן געפונען זייער אייביקע רו עלטערן און קינדער, שוועסטער און ברידער און אלע, וואס זענען דיר נאענט און טייער, נאכדעם ווי זיי זענען אויף א שוידערלעכן און אכזריותדיקן אופן דערמארדעט געווארן דורך די נאַציִשע מערדער.

ווי צו דיר, וואס דו קאנסט אפילו נישט גיין אויף קבר־אבות און קושן די הייליקע ערד. זאל די דאזיקע יזכור־רשימה — זייער מצבה זיין. לייען איר און קריך איין טיף אין דיין הארץ זייערע הייליקע אין ליידן געלייטערטע נעמען. לעב איבער אין דיין געדאנק כאטש א קליינעם טייל פון זייערע שווערע ליידן!...

ת. נ. צ. ב. ה.

# קמין קושירסקי

## א

אברוך אייזיק, שיינדל, דובה, דוד, ברוך, שמואל, חנה.

אברוך יעקב, מנוחה, אסתר־רחל, חיה־רייזל, מלכה, רבקה, מרים, חנה.

אברוך שרה (אשת יצחק) 2 ילדים.

אדרעס ברוך, פייגה, יעקב, סנדר, משה.

אורמלנד פסח, צבי.

אורמלנד יונה, חיה, גיטל.

אורנשטיין אסתר.

אייזנברג יצחק, גרינה, אבא.

אטלס יצחק, רייזל, זינה.

איזנברג אריה, מלכה, ילדה.

איזנברג יעקב, מאשה, ילדה.

איזנברג גרשון, מינדל.

איזנברג עקיבא, סימה, רייזל, סוסיה, ילד.

איינבינדר זליג, יהודית, 2 ילדות.

אלטווארג משה, עלקה, דוד, שבתאי, זליג.

ארליך שרה־חנה.

## ב

בוב משה, רייזל, 2 ילדים.

בוב רייזל.

בר דוד, הניה, צילה.

בר שלום זליג, נוח, אברהם זרח.

ביון משה, ליבה, 4 ילדים.

בוב יוסף, לאה, ילד.

בוים יצחק, חיה־בילה, 2 ילדים.

בומשטיין יצחק, עלקה, שלמה, 2 ילדים.

בורשטיין אברהם־יעקב, צביה, דניאל, 1 ילד.

בורשטיין (לייזרוק) פרדל, 2 ילדים.

בורשטיין חיים, אסתר, ילד.

בורשטיין ישראל, פייגל, מרדכי, 3 ילדים.

בורשטיין אברהם־אריה, עלקה, ישראל.

בייבע אברהם.

ביבר דוד, אסתר, עטל, פיניע, סימה, סנדר, דב, פייגה.

בומשטיין ישראל, עלקה, יצחק, שלמה, אשר, יהודה.

בינוק נח, יענטל.

בקלטשוק יוסף, שיינה, מאיר, מירל, יעקב.

בורשטיין צ׳רנה, (אשת יעקב) חנה, יצחק.

בקרמן יהושע, בתיה, חסיה, יעקב.

ברג ליבה.

ברג יצחק, מניה.

ברג משה, חוה, מניה, איטקה.

ברגמן שבח, שרה, יסכה, רחל, אליעזר.

ברגל שרה.

ברט פייגל, דוד.

ברנהולץ יצחק, שרה, פייבל, בתיה.

ברש פסח, חיים־צבי, ישראל־יהודה, חסיה.

ברש רחל, טובה, לאה.

## ג

גבאי איטה, חנה, גיטל, גדליהו, וולף.

גבאי מרדכי, לאה, ישראל, חיה, אריה, זלטה.

גורטנשטיין מלכה.

גלון ישראל, עלקה, יוסף, דוד.

גורטנשטיין יעקב, פסיה, יוסף.

גוז יצחק, חיים, לייזר, חסיה.

גלר נחמן, סוסיה, 2 ילדים.

גיוואנט ישעיהו, מאטל, חיה, ברכה, יעקב.

גלבורד עטקה.

גרינשטיין אברהם, מרים, לאה, חנה־גולדה, פריל.

גרינשפן יצחק, שרה, בתיה, רחל, שלמה.

גרובר זלטקה, מרים, שאול.

גולדשטיין לייביש, רייזל, סימה, עטיל.

גוטליבביילה, (טיגודרייך) יהודה, 2 ילדים.

גולדשטיין שלמה, שרה, פסיל, לאה, חוה (רוטנשטיין).

גלמן זאב, חוה, (גולדשטיין) שיינה־גיטל, אייזיק.

גולדשטיין מרים, חנה, שרה, דב.

גלמן יוסף, איטה, חיים.

## ד

דוב ניסן, אשתו.

דוב יהודה, אשתו, 2 ילדים.

דוב סנדר, טובה.

דוב יקותיאל.

דוברישקלנקה אברהם־יצחק, זלדה, מאיר, נחמה, חיים.

דיוינסקי מרדכי, פייגל, יעקב, זאב, ריזל.

דקטר פנחס, דבורה, פייגה, זוסיה, משה.

דקטר מאיר, דכה, זלדה, בונציה.

דקטר בצלאל, אשתו, 1 ילד.

דקטר חיים־לייזר, שרה, 2 ילדים.

דקטר משה.

דקטר צפורה .

דקטר עזריהו, אשתו.

דקטר ישראל.

דקטר מיניה־שרה, יצחק, ירוחם.

דקטר ראובן, ביילה, 1 ילד.

דיקטר יצחק־מאיר.

דקטר ישראל, שיינדל.

דקטר הרשל, (גבל) הדסה, ילדה.

דקלבאום אריה, חיה, שרה, מאיר, אסתר, צירל.

דרוק פסח, סטירה, משה, חנה־שרה.

דרוג משה, שרה, עטל.

דרייצן זליג, פרידה, משה, דבורה, ליפה.

## ו

וולק שלמה, ביילה, אברהם.

וולק יונה, פרל, מירל, שלום.

וואווק חיים־אשר, גילדה, דבירה, 1 ילד.

ווטון זלטה.

וינפערלאך מאיר, חסיה, 4 ילדים.

וינפערלאך רבקה, רחל, בערל.

וינר יוסף, יאכה, יעקב, חנן, ילדה.

ויסגרוס מנשה, דוד, ביילה, חיים, אליהו.

ויסגרוס אליעזר, זלדה.

ויסגריס צירלה, פרדל, אלי, חיים, פייבל.

ווינר פנחס, חיה.

ויסמן צבי, פרידה, שלום, מרים.

ויסמן בריינדל.

ויסמן שרה, לייבל, בלה, ילד.

ויסמן יוסף־דב, מרים.

וסרמן מאיר, בתיה.

וסרמן רוזה, 2 ילדים.

ורבה אליהו־יצחק, רבקה.

ורבה מרדכי, בתיה, יעקב־צבי, ילדה.

ורבליה שמואל, רחל, חסיה, יוסף.

ורבה צבי, מלכה.

ורבה יצחק, ביילה, חנה.

ורבה ישראל, רייצה, דוואסי, ברכה.

ורבה הרשל, נחום, דוד, לייבל.

ורבה לייביל, מינדל, דבושה, בעריש, סלובה.

זברובסקי לייביש.

זברניק חנה, בתיה, אברהם.

זברניק מאיר, זלדה, 1 ילד.

זלץ אברהם, משה.

זלץ יעקב, חיה־גיטל.

זלצמן אברהם־אבא, אשתו.

זלצמן ישראל־אריה, אשה, יהושע, 2 ילדים.

זלצמן שמעון, אשה, 2 ילדים.

זלצר אריה, ברכה, געצל, זלדה, גיטה, חיה, דוד, שמעון.

זלצר יעקב, רודיה.

זלצר מלך, רבקה, דוד.

זלצר הינדה, פרל, דבורה, סימה.

זסק אברהם, אשתו, 2 ילדים.

זסק מתתיהו, שרה, דב, גיטל, 3 ילדים.

זסק (שניידר), אשה, 2 ילדים.

זפרן שבתאי, בתיה, שמעון, קופל.

זוידוביץ פריל, יהושע, יעקב.

זרוצקי לייבל, (זלצר) זלדע, סימה.

זיניוק נחמה, והילדים.

זלץ נטע, פיניע.

## ח

חייט מרדכי, לאה, עלקה, דובי, מרים.

חייט בן־ציון, אסתר, 2 ילדים.

חרפק גרשון, אשתו, 2 ילדים.

## ט

טויזנר ישראל, ויטקה, יצחק, 1 ילד.

טרסש בנימין, צ׳רנה, 3 ילדים.

טרמה דבורה, פסיה־רחל, בעלה, ילד.

טרמה חנן, טעמה.

טרנבליט וולף־לייב, שיינדל, 1 ילד, 1 ילדה.

טפר א. אשה 3 ילדים.

## י

יפה יהושע, ליבה, מלכה, משה.

יפה שרה ובעלה, 3 ילדים.

יפה יעקב, העניה.

יפה פיגה ובעלה, 3 ילדים.

ירוזדיצקי דב, פייגה, שרה, מאיר, זיסל.

ירודזיצקי אביגדור, צביה, טוביהו.

ירוזדיצקי זעליג, דונצה, חיה, בילה, מלכה, אביגדור, רבקה, שמריהו.

ירוזדיצקי שמואל, הינדה, 1 ילד.

## כ

כגן אביגדור, דבורה, מאיר, ראובן, שושנה.

כגן דוד, מלכה, חיה, ומשפחתו.

כץ ישעיהו, אשתו.

כץ חיים.

כץ יעקב, אשתו, ילדה.

כץ אליהו, רחל, יעקב, לייב, יצחק, מליה.

כצמן יעקב, סימה.

כשר חיים־אריה, אשתו, ישעיהו, איסר.

כשר ישעיהו, מרים, חנה, ישראל.

כשר יעקב, מלכה, חיים.

כשר איסר.

## ל

לב יצחק־אביגדור.

לב ליביש־אריה, רחל, פייביש, מרים.

לוי יוסף, אריה, פועה, 3 ילדים.

לוין דוד, רחל, 4 ילדים.

לופאטה יעקב, אשתו, 2 ילדים.

לוסטיג זלמן, חיה, נח, 2 ילדים.

לטקיע ברוך, חייקה, מאשה.

ליובוחינר מלך, חנה, רבקה.

ליטוור ישראל, גיטל, צירל, פייגל, 2 ילדים.

ליזרוק שמואל־יצחק, חסיה, יחזקאל, לאה, טייבל, פריידל, יעקב.

ליזרוק לאה, חנה, חיים דב, חנן.

לייזרוק, מרדכי, עקיבא.

לייזרוק אבא, לאה, רפאל.

לייזרוק חוה, שושנה, זליק.

לייזרוק איסר, לאה, יעקב.

ליכט אליהו, חיה, אסתר, חיים, צבי, חינקה.

לינזן אסתר, מענדל.

לינג שמואל, רבקה, 2 ילדים .

לינזין ראובן, ביילה, רחל, אברהם, בת נשואה עם 4 נכדים.

לינזן פייגע.

לינזן בוניע, רייזל, אהרון.

לנדאו אסתר, דב, זאב.

לרמן דינה, דוד, יצחק.

לרמן ישעיהו, לאה, 2 ילדים.

לרמן עמנואל, שרה, רוני, חסיה, 1 ילד.

לרמן לאה, משה, שרה, 2 ילדים.

לרמן מרדכי, פייגע, זלמן.

לרמן אברהם, הינדה, 1 ילד.

ד"ר לעפעל, אשתו.

## מ

מונשיין מנדל, אשתו, דב, רוזה.

מונשיין משה, זלדה, אשר.

מזור רייזל.

מיסטל יעקב, בתיה, שמאי.

מיסטל אברהם, אסתר.

מירצקי אברהם, ריווה, 2 ילדים.

מליק לייבל, רייזל, פייגה, יואל.

מליק פריידל, אפרים, דינה.

מליק מינקה, ברכה.

מליק יהודה, ברכה, פנחס.

מליק מרים, פריידל.

מלניק שלמה־דוד, רחל, אברהם, ילד.

מריידה נחמן, פרדל, יעקב, 3 ילדים.

מרנץ לאה, שרה, דבורה, יהודה.

מרשלקוביטש העניק, שרה, פייגה.

משרת לאה, מרדכי, אשתו, 1 ילד.

משרת יהושע, אשתו, 2 ילדים.

## נ

נימן רייזל.

## ס

סגל פייבל, חיה־גיטל.

סגל יוסף.

סגל מוניש, אסתר, שולמית, ילד.

סגל ביינישׂ, בת־שבע, חסיה, יחזקאל, ילדה.

סגל סנדר, שושנה, נחמה, גיטל.

סגל גדליהו, אשתו, 3 ילדים.

סגל חנה, גיטל.

סוסנה יצחק, חוה, פסל.

סוקול שלמה, חיים־אריה.

סוקול יקותיאל, חיה־איטקה, רוני, חיים, יצחק, סלובה.

